# קראפאטקין'ס
# לעבענס־בעשרייבונג.

געשריעבען פון איהם אליין.



איבערזעצט פון מ. קאהן.



ארויסגעגעבען

פון דער גרופע „פרייהייט".



לאנדאן, 1904.

דרוקעריי פון דער גרופע „פרייהייט".

# אַ בריעף פון גענ. קראָפּאָטקיו.

---

## אן דער גרופּע „פרייהייט.“

טהייערע קאַמעראַדען!

מיר פרעהט זעהר דער געדאַנק, דאָס איהר קליינט זיך אַרויסצוגעבען מיינע „מעמואַרען“ אין דער אידישער שפּראַך און אין אַ ביליגע אויסגאַבע, אום זיי זאָלען קענען דערגרייכען אַ גרויסען צירקעל לעזער. נאָך מעהר פרעהט עס מיר, דאָס איהר גיט מיינע „מעמואַרען“ אַ פּלאַץ צווישען דער רייהע פון אייערע גרויסאַרטיגע אויסגאַבען, וועלכע׳ס צוועק איז צו ווערען פאַרשפּרייט צווישען די אידישע אַרבייטער אין אייראָפּאַ און די פעראייניגטע שטאַאַטען.

אין דער גרויסער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַר די לעצטע יאָהרען אין רוסלאַנד, האָבען די אידישע אַרבייטער פאַרנומען אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ. אין אַ קורצע צייט האָבען זיי באַוויזען אַרויסצושטעלען אַ גאַנצע רייהע פון איבערגעגעבענע, דרייסטע, ענטשלאָסענע קעמפּפער — קעמפּפער, צו פערדאַנקען זייער אָפּפערוויליגקייט און גרענצלאָזער איבערגעבענהייט, האָט זיך אין אַלע צייטען באַוואויגען פאָרווערטס די זאַכע דער בעפרייאונג דער מענשהייט.

און ניט נור האָבען די יונגע העלדען אַרויסגעטראָטען מוטהיג, ניט שרעקענדיג זיך פאַר׳ן טויט און פאַרניכטונג אין די איינזאַמע קאַזעמאַטען, אין די שנעען פון קאַלטען סיביר, אָדער אין די וויסטעס פון שוידערהאַפטען סאַכאַלין, זאָנדערן, אויך אַ גרויסע צאָהל פון די אידישע אַרבייטער אין די גרויסע און קליינע שטעדט, האָבען ניט געפירכטעט אַרויסצוטרעטען מוטהיג און דרייסט געגען דער הונדערט-יעהריגער אונטערדריקונג, ערקלעהרענדיג פאַר דער גאַנצער וועלט אָפען און פריי זייערע פאָדערונגען אין האָפנונג אויף דער ענדליכער בעפרייאונג פון דער הונדערט-יעהריגער שקלאַפעריי.

פון מיין גאַנצען האַרצען ווינש איך אייך, אַז דיעזער בוך זאָל העלפען דער אידישער יוגענד צו לייזען די פאַרשיעדענע פּראָבלעמען פון דער געגענווערטיגער באַוועגונג געגען דער אַלעס-פאַרניכטענדער קראַפט פון׳ם יעצט-עקסיסטירענדען קאַפּיטאַליזמוס און הערשאַפט. און איך וועל זיך שעצען גליקליך, ווען איינער פון די אונטערדריקטע פון קאַפּיטאַל און הערשאַפט זייענדיג פאַרוואָרפען אין איינעם פון די ווייטע ווינקעלאַך פון רוסלאַנד, וועט דערפיהלען, לעזענדיג דיעזע צייל͏ען, דאָס ער שטעהט ניט גאַנץ אַליין אויף׳ן קאַמפּף׳ס-פּלאַץ, זאָל ער וויסען, דאָס אַרויסטרעטענדיג אין קאַמפּף פאַר די בעפרייאונג פון דיעניגע, וועלכע בעשאַפען אַלע רייכטהימער און באַקומען אַלס לאָהן נור די אַרמוטה — ווערט ער מיט דעם אַליין אַ בעטהייליגער פון דער גרויסער זאַכע — פון דעם גרויסען קאַמפּף, וועלכער ווערט אָנגעפיהרט איבעראַל פיר פרייהייט און גליק פון דער גאַנצער מענשהייט; דאָס ער טרעט אַריין אין דער פאַמיליע פון די אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע זיינען פעראייניגט אין איין גרויסען ברודער-באַנד, פאָדערענדיג פרייהייט און גלייכהייט פיר אַלע.

אייער

**פּעטער קראָפּאָטקין.**

מערץ, 1904.



# געאָרג בראַנדעס

* * *

איבער

# קראַפּאָטקין'ס לעבענס-בעשרייבונג.

די זעלבסט-ביאָגראַפיע האָט אין די פריהעריגע צייטען געהאַט איינעם פון דיעזע דריי טיפּען: „אַזוי בין איך אַראָב פון דעם ריכטען וועג, און אַזוי בין איך צוריק בעקעהרט געוואָרען" (סט. אַגוסטין). „אַזוי שלעכט בין איך געווען, ווער וועט אָבער האָבען די חוצפּה צו בעהויפּטען, אַז ער איז בעסער פאַר מיר?" (רוססאָ) „אַזוי האָט זיך לאַנג-זאַם ענטוויקעלט פון די אייגענע נאַטור און פון די אַרומרינגלענדע אומ-שטענדען אַ זשעניע." (געטהע).

אונטער אַלע דיעזע פאָרמען פון אַ לעבענס-בעשרייבונג איז דער פערפאַסער באַשעפטיגט מייסטענס מיט זיך זעלבסט.

אין דעם יעצטיגען יאַהרהונדערט פּלעגט מען שרייבען זעלבסט-ביאָגראַפיען נאָך די פאָלגענדע צוויי מוסטערן: „איך בין געווען אַזוי טאַ-לאַנטפול, אַזוי ליעבענסווירדיג, און אַלע האָבען מיך דאַרום אַזוי שטאַרק באַוואונדערט." אָדער: „איך בין געווען אַזוי פעהיג, אַזוי ליעבענס-ווירדיג, און דאָך קיינער האָט עס ניט געוואָלט צוגעבען. וועלכע שווערע קעמפפע איז עס מיר אויסגעקומען דורכצומאַכען, איידער איך האָב דערגרייכט די קרוין פון מיין איצטיגע בעריהמטהייט."

אין דיעזע צוויי סאָרטען לעבענס-בעשרייבונגען באַשעפטיגען זיך זייערע פערפאַסער דערמיט, וואָס זייערע מיטמענשען האָבען געזאָגט און געטראַכט וועגען זיי. קראַפּאָטקין אין זיין אויטאָביאָגראַפיע פאַרהילכט ניט דעם עולם'ס אויערען מיט זיינע גרויסע פעהיגקייטען, ער שילדערט אויך

גיט, וויעפֿיעל ער האָט עס דורכגעמאַכט, ביז זיי זיינען אַנערקענט געוואָרען; נאָך וויניגער צייגט ער אַרויס, אייב עס האַרט איהם גאָר פֿאַר די מיינונג פֿון דער וועלט. וואָס אַנדערע דענקען וועגען איהם, דאָס דער־מאָנט ער ניט מיט קיין איינציגען אות. ער געהערט ניט צו די, וועלכע האָבען אַזוי שטאַרק ליעב צו ריידען פֿון זיך. און ווען ער רעדט שוין פֿון זיך, טהוט ער עס מיט אַ מין סאָרט ווידער־ווילען. עס דוכט זיך אויס, דאָס אַזוי ווי ער איז צו שעמעדיג צו ריידען איבער זיך. מי געפֿינט ניט אין זיין ביאָגראַפֿיע קיין ווידוי, וואָס זאָל האָבען אַראָבגענומען דעם שלייער פֿון דאָס, וואָס איז געווען דונקעל, פֿאַרדעקט; קראַפּאָטקין רעדט ניט פֿון זיינע מעלות און ניט פֿון זיינע חסרונות. ער ווערט ניט מיט'ן לעזער צו פֿאַני־בראַט. ער דערצעהלט אונז אויך ניט, ווען ער האָט זיך פֿערליבט, און פֿון זיינע פֿערהעלטנים צום ווייבליכען געשלעכט רעדט ער אַזוי ווייניג, דאָס ער פֿערגעסט זיך אונז צומאָל צו דערצעהלען, ווען ער האָט חתונה געהאַט, און נור פֿון אַ בעמערקונג געמאַכט אגב אורחא דערוויסען מיר זיך, דאָס ער האָט אַ פֿרוי. דאָס ער איז אַ פֿאָטער (און דער בעסטער נאָך דערצו) געפֿינט ער נייטיג צו באַמערקען, אָבער אויפֿען קירצעסטען אופֿן, ווען ער רעדט פֿון די לעצטע זעכצעהן יאָהר פֿון זיין לעבען.

מי זעהט, אַז עס ווילט זיך איהם פֿיעל מעהר שילדערן דעם גייסטעס־צושטאַנד פֿון זיין צייט, אַלס זיין אייגענעם. אין דיעזע אויטאָ־ביאָגראַפֿיע געפֿינט איהר די פּסיכאָלאָגיע פֿון דעם אָפֿיציעלען רוסלאַנד, פֿון דעם אונטערדריקטען און געשונדענעם רוסלאַנד, פֿון דעם אַרבייטענדען רוסלאַנד, ווי אויך פֿון דעם פֿאַרשטיינערטען רוסלאַנד.

ער איז פּונקט אַזוי שטאַרק פֿעראינטערעסירט איבערצוגעבען די געשיכטע פֿון זיין צייט, ווי זיין אייגענע. ער דערצעהלט די געשיכטע פֿון רוסלאַנד, ווי ער אַליין האָט איהר דורכגעלעבט פֿון זיין קינדהייט אָן, ווי אויך די געשיכטע פֿון דער אייראָפּייאישער אַרבייטער באַוועגונג פֿון די לעצטע העלפֿט פֿון דעם פֿערשווינדענדען יאָהרהונדערט.

ווען ער פֿערטיעפֿט זיך אין זיין אינערליכע וועלט, זעהען מיר דאָרטען זיך אָבשפּיעגלען אונזער גאַנצע אויסערע וועלט.

אָבער אויך אין זיין ביאָגראַפֿיע, אין איינקלאַנג מיט דעם ציעל, נאָך וועלכען געטהע האָט געשטרעבט, שטעלט זיך אונז פֿאָר אַ גרויס־אַרטיגער בילד פֿון דעם, ווי אַזוי עס ענטוויקעלט זיך אַ גרויסער גייסט. איהר זעהט דאָרט זיך אָבשפּיעגלען אַלע די ענדערונגען, וואַנדלונגען, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען אין דעם גייסט פֿון דעם גרויסען מאַן, און גראַדע דיעזע אומוואַנדלונגען מאַכען דעם גאַנצען תוך פֿון דיעזען מערקווירדיגען בוך.

צו דער יעצטיגער צייט זיינען דאָ צוויי גרויסע רוסישע מענער, וועמעס דענקען און טראַכטען זיינען איבערגעגעבען צו דעם רוסישען פאָלק, און צום גוטען פון דער מענשהייט אין אַלגעמיין. דאָס זיינען טאָלסטאָי און קראַפּאָטקין. דער ערשטער האט אונז דערצעהלט אייניגעס פון זיין לעבען אין פּאָעטישער פאָרמע, דער אַנדערער גיט אונז, אָהן אירגענד וועלכע פּאָעטישע דיכטערישע קונסט, צום ערסטען מאָל, אַן איבערבליק איבער זיין לעבען.

דיעזע צוויי מענשען, ווי פערשיעדען זיי זיינען, דאָך לאָזט זיך צווישען זייער לעבענספיהרונג און זייערע גרונד־פּרינציפּען אַ געוויסער פּאַראַלעל אויפשטעלען. טאָלסטאָי איז אַ פּאָעט, קראַפּאָטקין איז אַ וויסענשאַפטס־מאַן. קיינער פון דיעזעביידע האָט אין קיין איינציגע מינוט פון זייער לעבען ניט געפונען אַ פולע בעפרידיגונג אין זיין בערוף, פאַר וועלכע די נאַטור האָט איהם בעשאָנקען מיט אַזעלכע גרויסע פעהיגקייטען.

טאָלסטאָי האָט זיך ניט איבערגעגעבען אויסשליעסליך צו זיין בערוף דורך רעליגיעזע פערטיעפונגען; קראַפּאָטקין—דורך טיעפע בעטראַכטונג פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. מענשענליעבע ערפילט זייערעביידענס הערצער. ביידע האַסען די גלייכגילטיגקייט, די גראָבקייט און די גרויזאַמקייט פון די העכערע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, און ביידע פיהלען זיך גלייך הינגעצויגען צו דעם ניעדערגעשלאָגענעם און געשענדעטען אָרימען פאָלק. ביידע דענקען, אַז דער אונגליק אין אונזער וועלט קומט מעהר דערפון, וואָס די מענשען זיינען פייג, אַלס דערפון, וואָס זיי זיינען דום. ביידע זיינען זיי אידעאַליסטען, געבאָרענע רעפאָרמאַטאָרען, ביידע פון דער נאַטור זעהר פריעדליך. דאָך קראַפּאָטקין, אין געגענזאַץ צו טאָלסטאָי, וועלכער פרעדיגט דעם פריעדען און פערדאַמט יעדע רעוואָלוציאָנערע האַנדלונג, שטעהט מיט די רעוואָלוציאָנערען זעהר ענג פערבונדען און געפינט יעדעס רעוואָלוציאָנערע אויפטרעטען פון די אונטערדריקטע פאַר בערעכטיגט. אָבער הויפּטזעכליך אונטערשיידען זיי זיך אין זייער שטעלונג צו אינטעליגענץ און וויסענשאַפט. טאָלסטאָי אין זיין רעליגיעזען פאַנאַטיזמוס האַלט זעהר ווענינ פון וויסענשאַפט, קראַפּאָטקין אָבער האַלט פון איהר זעהר פיעל, חאָטש ער איז זעהר ברוגז מיט דעם סאָרט וויסענשאַפטס־מענער, וועלכע פערגעסען אין זייער באַשעפטיגונג דאָס פאָלק און זיינע צרות.

מאַנכער מאַן, ווי אויך מאַנכע פרוי האָבען פאָלבראַכט אַ גרויסע זאַך, און האָבען דאָך ניט געפיהרט, וואָס מי קען רופען, אַ גרויסען לעבען. עס טרעפט אויך דאָס אַ געוויסע פּערזענליכקייט איז זעהר צוציהענד, חאָטש איהר לעבען איז פון זעהר קליינע וויכטיגקייט. קראַפּאָטקין אָבער איז ביידעס:

ער ציהט אייך צו צו זיך מיט זיין גוטסקייט, און איהר בעוואונדערט איהם פֿאַר זיין גרויסקייט.

אין זיין נייעסטען בוך „די אויטאָביאָגראַפֿיע“, וואו ער בעשרייבט זיין גאַנצע לעבענס־געשיכטע, וועט איהר געפֿינען די אַלע עלעמענטען, פֿון וועלכע אַ קאָבעדיגער לעבען פֿון אַ גרויסען מאַן בעשטעהט: אידיליע און טראַגעדיע, דראַמע און ראָמאַן.

דאָס ערסטע קומט די שילדערונג פֿון זיין קינדהייט אין מאָסקווע, פֿון זיין לעבען אויפֿ'ן לאַנד, מיט פֿיעלע פּאַטריארכאַלישע בילדער און אַזוי מייסטערהאַפֿט אויסגעפֿיהרט, דאָס עס איז ניטאָ אזאַ מענש, וואָס זאָל עס לעזען און עס זאָל ניט מאַכען זיין האַרץ אַ ביסעלע העכער, שנעלער קלאַפּען.

פֿיינע לאַנדשאַפֿט־בילדער זיינען אַריינגעוועבט אין דיעזע שילדערונג, פֿון וועלכע עס אָטהעמט מיט דער דופֿט פֿון אַ רוסישען דאָרף; פּאָרטרעטען פֿון טרייע גוטע דיענער, און אַ בילד פֿון אַ ברודער־ליעבע, וועלכע איז ווירקליך ערהאַבען — דאָס איז די אידיליע אַליין. דאָך פֿאַרגעסט ניט קראַפּאָטקין אונז אויך צו בעשרייבען, וואָס ער און זיינע ברידער האָבען זיך אָנגעליטען אַלס קינדער; מיט אַ זיכערע האַנד בעשרייבט ער די גרויזאַמקייטען, פֿון וועלכע די לייב־אייגענע האָבען געליטען, און שאַניוועט אויך ניט די ענגהערציגקייט און דומהייט פֿון די הערן, געוועלטיגענדיג איבער זייערע פּאַנשציזניקעס.

דראַמע: דער לעבען אין קייזערליכען הויף און געפֿענגניס. אַ לעבען מיט קעניגע און פֿירסטען און אַ לעבען פֿון אָרימקייט מיט די פּראָלעטאַריער פֿון לאָנדאָן און שווייצאַריען. דאָ קומען פֿאָר פֿערקליידונגען ווי אין אַ דראַמע. און איין און דעמזעלבען טאָג איז דער העלד, צוזאַמען מיט פֿירשטען אין ווינטער־פּאַלאַץ, און אָנגעטאָן אין די זשופּיצע פֿון אַ פּראָסטען מוזשיק, האַלט ער פֿאַר פּראָסטע אַרבייטער אַ פֿאָרלעזונג, אין וועלכע עס ווערען פּראָפּאַגאַנדירט די רעוואָלוציאָנערסטע אידעען.

איהר געפֿינט דאָרט אויך ראָמאַן. מי קען שוין, דאַכט זיך, ניט שרייבען איינפֿאַכער, ווי קראַפּאָטקין, און דאָך זיינען אין דער „אויטאָביאָגראַפֿיע“, צו געפֿינען שפּאַנענדע מאָמענטען, וועלכע זיינען פֿיעל אויפֿרעגענדער, ווי די מענסאַציאָנעלע קאַפּיטלען פֿון די פֿעליעטאָן־ראָמאַנען, וועלכע ווערען געשריעבען בלויז צו דיעזען צוועק. וואָס וואָלט געקענט איינעם נאָך מעהר אויפֿרעגען, ווי די שילדערונג פֿון דעם פּלאַן, ווי ער האָט זיך פֿאָרבערייטעט צו אַנטלויפֿען פֿון פּעטראָפּאַוולאָווסקאַיאַ קריעפּאָסט, און זיין ווירקליך העלדישע, געגליקטע אויספֿיהרונג?

נור וועניגע מענשען האָבען זיך בעוועגט צווישען אַזעלכע פֿערשיעדענע קלאַסען מענשען, און זיי אַלע אַזוי גוט געקענט, ווי קראַפּאָטקין. וועלכע בילדער! קראַפּאָטקין, אַלס קינד אין אַ מאַסקען־קאָסטיום, אויף דעם טהראָן פֿון ניקאָלאַי, דאַן אַלס פּאַזש פֿון אַלעקסאַנדער דעם 2־טען, לויפֿענדיג הינטער איהם, אום איהם צו בעשיצען פֿון אירגענד וועלכע געפֿאַהרען; דאַן אין געפֿענגניס, קאַלט, שטאָלץ, געגען דעם גרויסען פֿירסט ניקאָלאַי, וואָס קומט איהם בעזוכען. אָדער די גרויליכע סצענע, ווען קראַפּאָטקין הערט, ווי מען מאַטערט, שמייסט אַן אַ־ערמאַנט, וואָס געפֿינט זיך אין אַ פֿינסטער חדר'ל אונטער זיינע, און הערט צו, ווי דער אונגליקליכער פֿון טאָג צו טאָג פֿערליערט אַלץ מעהר און מעהר זיין פֿערשטאַנד! קראַפּאָטקין האָט געפֿיהרט דעם לעבען פֿון אַ קייזערליכען פּאַזש, אַ אָרימען שרייבער, אַ סטודענט, אַן אָפֿיציער, אַ וויסענשאַפֿטס־מאַן, אַן ענטדעקונגס־רייזענדען, אַדמיניסטראַטאָר, אַרעסטאַנט און פֿערפֿאָלגטען, פֿעריאָגטען אַגיטאַטאָר. אַלס פֿליכטלינג האָט ער צייטענווייז געמוזט לעבען אויף ברויט מיט טהיי, ווי אַ רוסישער מוזשיק, מי האָט נאָך איהם שפּיאָנירט, און מי האָט געזוכט איהם צו ערמאָרדען, אַקוראַט ווי ער וואָלט געווען דער רוסישער קייזער.

וועניגע, זעהר וועניגע בעזיצען אַזאַ מאַסע קענטניסע אויף אַלע געביטען פֿון דער וויסענשאַפֿט, ווי קראַפּאָטקין. פּונקט אַזוי ווי אַלס געלאָג פּאַסט אום זיין גייסטיגער אויג אַ פּאָר־היסטאָרישע פּעריאָדע פֿון הונדערטע טויזענדע פֿון יאָהרען, אַזוי פּאַסט אויך אום זיין גייסט די גאַנצע קולטור פֿון די צייט, אין וועלכע ער לעבט. צו די ליטעראַרישע און וויסענשאַפֿט־ליכע בילדונג, וועלכע ער האָט געקראָגען אין אוניווערזיטעט, צו דער ליטעראַטור, מאַטהעמאַטיק און פֿהילאָזאָפֿיע, בעזיצט ער אין אַ הויכען גראַד קענטניסע, וועלכע מי קען נור לערנען אין ווערקשטאַט, אויף'ן פֿרייען פֿעלד, אין לאַבאָראַטאָריום. נאַטור־וויסענשאַפֿט, קריעגס־וויסענשאַפֿט, מאַשינען־בוי, און פֿאַבריק־וועזען — קיין זאַך איז איהם ניט פֿרעמד, און מי קען זיך שווין פֿאָרשטעלען, וואָס דיעזער פֿייעריגער גייסט האָט עס געמוזט זיך אָנליידען, ווען ער איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צווייי מאָל אין לעבען צו אַ לאַנגיעהריגע אונטהעטיגקייט. וואָס פֿאַר אַ זעעלען־שטאַרקייט, וואָס פֿאַר אַן אויסדויערונגס־קראַפֿט, זיין מעכטיגע, רייכע נאַטור האָט אַרויסגעצייגט. קראַפּאָטקין אַליין בעמערקט ערגעץ־וואו, דאָס די זיטליך־ענטוויקעלטע אינדיווידואַליטעט מוז זיין דער פֿונדאַמענט פֿון יעדער אָרגאַ־ניזאַציאָן. ווי ריכטיג דאָס פּאַסט זיך אויף איהם אַליין. ער איז פֿון זיין לעבענס־שיקזאַל אויסגעהאַקט געוואָ־ען אַלס דער ווינקעלשטיין פֿאַר דעם געבוי פֿון דער צוקונפֿט.

אין קראָפּאָטקין'ס לעבען האָט פּאַסירט אַ צווייפאַכע אומוואַנדלונג, וועלכע, מיר שיינט, פֿערדיענט בעזאָנדערע אויפמערקזאַמקייט.

ער איז אַלט אַ יאָהר דרייסיג. ווי געוועהנליך, איז דאָס דער ענט־שיידענדער מאָמענט אין דעם מענשענס לעבען. מיט זיין לייב און לעבען איז ער אַ מאַן פון וויסענשאַפט, און ער מאַכט אַ גרויסע וויסענשאַפטליכע ענטדעקונג. ער האָט אויסגעפונען, דאָס די קאַרטען פון נאָרד־אַזיען זיינען ניט ריכטיג, דאָס ניט נור די אַלטע אויפפאַסונג פון דער געאָגראַפיע איז אַ פאַלשע, נור דאָס זאָגאַר די אַנשויאונג פון אַלעקסאַנדער הומבאָלד איז אין ווידערשפרוך מיט די ווירקליכע טהאַטזאַכען. מעהר ווי צוויי יאָהר איז ער בעשעפטיגט אין דיעזען שטודיום, און ענדליך איז ער גליקליך צו קענען זאָגען מיט בעשטימטהייט, אַז ער האָט רעכט געהאַט. ער געניעסט די פרייד פון אַן ענטדעקער אין פולער מאָס.

אָבער ניט אויף לאַנג. דיעזע פרייד ווערט איהם פערביטערט, דערמאָנענדיג זיך, אַז ניט פיעלע מענשען אין אונזער געזעלשאַפט קענען אַזוי גליקליך זיין, עס פרעגט זיך, אויב ער האָט גאָר אַ רעכט אַליין צו געניעסען אַזוי פיעל גליק. אַ העכערע פפליכט רופט איהם, צו פערברייטען דיעזע גרויסע ענטדעקונגען פון דער וויסענשאַפט צווישען פאָלק, אַנשטאָט צו מאַכען אַליין ווייטערע ענטדעקונגען, און דאָס פאָלק זאָל בלייבען אין אייביגע פינסטערניס.

און דיעזער געדאַנקען לאָזט איהם איינפאַך ניט מעהר רוהען. אין פינלאַנד, וואו ער געפינט זיך ביי דעם שוועל פון שוין ווידער אַ נייע גרויסע ענטדעקונג, ווערט זיין האַרץ ערגריפען פון אַזאַ מיטלייד מיט די עלענדע אונד ערניעדריגטע, דאָס ער וואַרפט אַלעס אַוועק, און בעשליעסט צו ווערען דער העלפער, דער לעהרער פון יענע הילפלאָזע, עלענדע מענשען. אַ נייע וועלט עפענט זיך פאַר איהם אויף. ער לערנט דערוויל אַליין פון די, וועלכע ער איז געגאַנגען לערנען. פינף, זעכס יאָהר שפּעטער קומט פאַר די צווייטע אומוואַנדלונג אין דעם לעבען פון דיעזען גרויסען גייסט.

שוין פיעל פריהער, וועהרענד קראָפּאָטקין'ס ערסטען מאָל זיין אין דער שווייץ, האָט ער זיך אָבגעטהיילט פון די שטאַאַטס־סאָציאַליסטען. ער האָט געזעהען, מיט זיין גייסט, וואָס פאַר אַן עקאָנאָמישע דעספאָטיע קען אַרויסוואַקסען אין אַ געזעלשאַפט, געגרינדעט אויף דעם פרינציפ פון צענטראַל־אָרגאַניזאַציאָן און אויף די אונטערדריקונג פון די פרייהייט פון דעם איינצעלנעם. דאָך ערסט נאָך זיין לאַנגער פערהאַפטונג אין רוסלאַנד, זייענדיג שוין אין דער שווייץ דעם צווייטען מאָל, ווערט ער זיך פאָלקאָמען קלאָר איבער דעם נייעם געזעלשאַפטס־צושטאַנד, וועלכען די מענשהייט געהט

ענטגעגען. עס צייכענט זיך איהם אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע בעשטעהט פֿון פֿרייוויליגע גרופען, אַלע צוזאַמען פֿעדערירט אין אַ ברידערליכען בונד, נאָך דעם מוסטער פֿון די באַהן־געזעלשאַפֿטען אָדער דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּאָסט־וועזען, וואו אַלעס געהט צו אַזוי גוט, און גראַדע אָהן אירגענד וועלכע צענטראַליזאַציאָן.

פֿון יענער צייט אָן זיינען זיינע גרונד־פּרינציפּען געבליעבען דיעזעלבע ביז אויף היינטיגען טאָג. ער ווייס, דאָס ער קען ניט פֿאָרצייכנען דעם וועג פֿון דער צוקונפֿט, ער איז דער מיינונג, דאָס אַלעס מוז אַרויסענטוויקלען זיך פֿון די טהעטיגקייט פֿון די מאַסען זעלבער.

קראַפּאָטקין רופֿט זיך אַליין אָן אַ רעוואָלוציאָנער. זעלטען איז אַ רעוואָלוציאָנער געווען אַזוי מילד, אַזוי פֿרידליך, טראָטץ זיין שטאַרקען האַס געגען דער בורזשואַזיע. ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין בעל נוקם, זעהר אָפֿט אָבער אַ מאַרטירער. ער האָט קיינמאָל ניט געמאַכט אַן אַנדערן צו ברייגגען אָפּפֿער, זיך אָבער האָט ער קיינמאָל ניט גישאַנעוועט. זיין גאַנצען לעבען האָט ער געהאַלטען אין איין מקריב זיך זיין פֿאַר די ליידענדע, אָבער אויף אַזאַ אופֿן דאָס מי זאָל מיינען, אַז עס איז איהם גאָר ניט שווער געווען דאָס צו טהאָן.

ער איז אַ רעוואָלוציאָנער, וועלכער האַלט ניט פֿון די אַלע שטאַרקע ווערטער, פֿלוכען, קאָנספּיראַציעס און אַלע אַנדערע צערעמאָניעס, וועלכע אַנדערע מיינען זיינען די רעוואָלוציאָן גופא; ער דאַרף ניט מורא האָבען צו פֿערגליכען ווערען מיט קיין פֿרייהייטס־מאַן פֿון דעם היינטיגען יאַהרהונדערט. קיינער האָט נאָך ניט אויפֿגעוויזען קיין גרעסערע פֿעהיגקייטען. קיינער האָט ניט בעוויזען אַ לעבען פון מעהר גאַנצקייט, מעהר אונאייגענניציגקייט, ווי עס איז דער לעבען פֿון פעטער קראַפּאָטקין.

גּעאָרג בראַנדעס.




# ערשטער טהייל.

## 1.

מאסקווע איז אַ שטאָדט, וואָס איז אויפגעוואַקסען היסטאָריש לאַנגזאַם; און ביז אויפ'ן היינטיגען טאָג זיינען נאָך אין איהרע פערשיעדענע קוואַרטאַלען דייטליך צו זעהען די סמנים, מיט וועלכע דער פאַמעליכער גאַנג דער געשיכטע האָט זיי געשטעמפעלט.

די געגענד פון די מאָסקווער טייך, מיט איהרע ברייטע, פערשלאָפענע גאַסען און די אומעדיגע גרוי־געפאַרבטע, ניעדריגע הייזקעס, מיט טויערן וואָס זיינען פעסט פערריגעלט, סיי ביי־טאָג, סיי ביי־נאַכט, — דיעזע טויט־שטילע געגענד איז פון תמיד אָן דער אָבגעזונדערטע וואוינונג־פלאַץ פון די מאָסקווער קופּצעס, די פעסטונג פון די פאָרמאַלנע, שטייפע און דעספאָטישע סטאַראָ־פאָוויערצעס. דער ציטאַדעל, קרעמל, איז נאָך איצט דער מיטעלפונקט פון שטאַאַט און קירכע; זיין אונגעהייער גרויסער מאַרק, בעדעקט מיט טויזענדער קראָמען און וועהרהייזער, איז פון הונדערטער יאָהרען אָן געווען אַ געפאַקטער ביהנשטאָק פון קאָמערציע, — דער סאַמע צענטער פון אַ גרויסען אינגערליכען האַנדעל, וועלכער פערשפרייט זיך איבער'ן גאַנצען שטח פון דער גרויסער אימפעריע. די טווערסקאַיאַ און די שמיעדען־בריק זיינען געווען די הויפּטפונקטען פון די מאָדע־געשעפטען פון דור דורות אָן, בעת אין די אַרבייטער

קוואַרטאַלען מערקען מיר נאָך איצט די סמנים, וועלכע האָבען כאַראַקטעריזירט זייער שטירמישען המון אין דער צייט פֿון די מאסקווער צאַרען. יעדע געגענד איז אַן עולם קטן פֿאַר זיך, יעדער קוואַרטאַל האָט זיך זיין אייגענעם פּנים, און לעבט זיך זיין אייגענעם, אָבגעזונדערטען לעבען. אפילו די אייזענבאַהנען, וואָס האָבען אַריינגעדרונגען אין דער אַלטער הויפּטשטאָדט האָבען אויך אָבגעזונדערט זייערע מאַשין־פֿאַבריקען אין גאַנץ בעזונדערע צענטערס פֿון די אַרומיגע פֿאָרשטעטלעך.

פֿון דעסטוועגען שטעלט מיט זיך קיין איינציגער שטאָדט־טהייל ניט פֿאָר אַזאַ ריכטיגען בילד פֿון דער אַלטער מאָסקווע, ווי גראַד דיעזער לאַבירינט פֿון רייִנע, שטילע, פֿערפּלאָנטערטע גאַסען און געסלעך, וואָס געפֿינט זיך הינטער דער קרעמל־פֿעסטונג, און וועלכע ווערט נאָך עד היום, גערופֿען דער שטאַלמייסטער־קוואַרטאַל, אדער סטאַראַיאַ קאָניושנאַיאַ מיט אַ פֿינפֿצעהן יאָהר צוריק האָט אין דיעזען קוואַרטאַל געלעבט און איז פֿאַמעלאַך אויסגעשטאָרבען די אַלטע מאָסקווער דוואָריאַנסטוואָ, וועמענס נעמען איהר בעגעגענט אַזוי אָפּט אויף די בלעטער פֿון די רוסישע היסטאָריע פֿון פּיאָטער דעם ערשטען. דיעזער אַדעלשטאַנד איז אָבער נאַכהער פֿערשוואונדען, מאַכענדיג פּלאַץ פֿאַר די ניי־אויפֿגעקומענע, אַ מין ערב־רב, וועלכער איז גערופֿען געוואָרען אין דיענסט פֿון דעם גרינדער פֿון דער רוסישער אימפּעריע.

זייענדיג פֿערדרענגט פֿונ׳ם רוסישען הויף אין פּעטערסבורג, האָבען זיך דיעזע אַלטע אַריסטאָקראַטען צוריקגעצויגען אָדער אין זייער אַלטער קאָניושנאַיאַ אַריין, אָדער אין זייערע רייכע גיטער אַרום מאָסקווע; מיט פֿעראַכטונג און בעהאַלטענער קנאה האָבען זיי געקוקט אויף דעם אָנגעלאָפֿענעם ערב־רב, וועלכער איז געקומען, דער רוח ווייס זיי פֿון וואַנען, צו פֿערכאַפּען די העכסטע שטעלען פֿונ׳ם קעניגרייך, אין דער נייער הויפּטשטאָדט, ביי די ברעגעס פֿון דער ניעוואַ.

אין זייערע אינגערע יאָהרען האָבען נאַטירליך אַלע דיעזע אַלטע דוואָריאַנעס זיך געסטאַרעט בעריהמט צו מאַכען אין זייער סלוזשבע, בעזאָנדערס אין דער אַרמעע, אָבער תמיד האָט זיך עפּעס געמאַכט אַזוי, אַז זיי האָבען אין קורצען אין גאַנצען געמוזט אויפֿגעבען די דיענסט, ניט האָבענדיג דערגרייכט קיין שום הויכען טשין. די מעהר ערפֿאָלגרייכע פֿון צווישען זיי האָבען אַפילו יאַ געקראָגען מאַנכע רוהיגע עהרענשטעלען אין זייער מוטערשטאָדט, — מיין פֿאָטער וואַר איינער פֿון זיי, — אָבער די מייסטע פֿון זיי האָבען זיך גאָר פּשוט צוריקגעצויגען פֿון דער טהעטיגער סלוזשבע. נו״, ווי מי זאָל זיי ניט האָבען פֿאַרדרענגט און גע׳רודף׳ט אין

פערלויף פון זייערע קאַריערעס, האָבען זיי אָבער תמיד, ווי עס איז, אויס־געמאַרקירט צו פערברייננגען זייערע אַלטע יאָהרען אין זייער אייגענער הויז, אין דער סטאַראַיאַ קאָניושנאַיאַ, אינ׳ם שאָטען פון דעם קלויסטער, וואו מען האָט זיי געטויפט, און וואו זיי האָבען געהערט די לעצטע תפילות ביי דער קבורה פון זייערע עלטערען.

נייע צווייגען האָבען אַרויסגעשפּראָצט פון די אַלטע פּיעניעס. אַ טהייל פון זיי איז געוואָרען בעריהמט אין פערשיעדענע טהיילען פון רוסלאַנד; מאַנכע האָבען זיך פערשאַפט לוקסוריעזע הייזער פון דער לעצטער מאָדע אין גאַנץ אַנדערע קווארטאַלען פון מאָסקווע אָדער פעטערסבורג, אָבער די וואָס זיינען געבליבען אין דער אַלטער קאָניושנאַיאַ, לעבען דעם גרינעם, געלען, רויטליכען אָדער ברוינעם קלויסטער, וועלכער איז אין זייער זכרון געבליעבען טיעף איינגעקריצט דורך די פאַמיליע־ערינערונגען, — דיעזער טהייל פונ׳ם אַדעלצווייג איז דאָך תמיד געהעכענט געוואָרען, אַלס דער אמת׳ער פאָרשטעהער פון דער משפחה, אַפילו ווען ער האָט ניט פער־נומען דעם ריכטיגען פּלאַץ אין איהר יחוס־בריעף. דער הויפּט־מיטגליעד פונ׳ם אַלטען דור איז תמיד בעהאַנדעלט געוואָרען מיט גרויס כבוד אַפילו פון די אינגערע פאָרשטעהער פון דעם פאַמיליען־שטאַם, פון די וואָס האָבען גאָר אין גאַנצען פערלאָזען די היילינע מוטער־שטאָדט, זוכענדיג הערליכע קאַריערען אין דער פעטערסבורגער לייב־גוואַרדיע אָדער אינ׳ם קייזערליכען הויף.

אין דיעזע שטילע גאַסען, ווייט אַוועק פון דעם ליאַרעם און גערודער פון דער קאָמערציעלער מאָסקווע, האָבען אַלע הייזער כמעט געהאַט דעם זעלבען פּנים. דאָס רוב זיינען זיי געווען געבויט פון האָלץ, בעדעקט מיט העל־גרינע בלעכענע דעכער, בעפּוצט מיט זיילען און גאַלעריעקעס פון פּאָרענט; אַלע זיינען זיי געווען געפּאַרבט מיט בליאַסקעדיגע פּאַרבען, און זיינען בעשטאַנען פון איינגאָרענדיגע בנינים מיט זיבען אָדער ניין שיינע גרויסע פענסטער אויף די גאַס אַרויס. וואו ניט וואו האָט מען אויך געקענט זעהען אַ צווייטען שטאָק, אָבער נור אין דעם הינטערסטען טהייל פון הויז, וואו עס וואַר אַ גרויסער הויף מיט פּיעלע קליינע געביידעס, ווי צום ב״ש, קיכען, שטאַלען, קעלערס און כאַמקעס פאַר די דיענערשאַפט. אַ ברייטער טויער האָט געפיהרט אין דיעזען הויף אַריין, און אויפ׳ן טויער איז געווען אַ בראָנזענער שילד, אויף וועלכען עס וואַר געוועהנליך צו לעזען: „דאָס הויז פון דעם און דעם ליוטענאַנט אָדער פּאָלקאָווניק און קאָמאַנדיר,״ — זעהר זעלטען: „מאַיאָר־גענעראַל״, אָדער אַן עהנליך הויכער ציוויל־טשין. אָבער ווען איהר האָט בעגעגענט אַ רייכערע הויז, מיט אַ בעגילטען

אייזערנעם טויער אין איינע פֿון יענע גאַסען, האָט איהר שוין בלתי ספק געקענט לעזען אויף דער שיינער טאַבעלע: „קאָמערץ־קאָנסול" אָדער „געעהרטער בירגער" דער און דער. די וואַרען שוין די איינדרינגער, די אונגעבעטענע געסט אין דיעזען קוואַרטאַל, און זיי וואַרען אויך דערפֿאַר גאַנץ איגנאָרירט פֿון זייערע אַדעליגע שכנים.

קיין קראָמען זיינען אין דיעזע אַלטע, אויסגעוועהלטע גאַסען ניט ערלויבט געווען ווי כיבע ערגעץ אין אַ הילצערנער קהל'עשער באַטקע האָט איהר נאָך יאָ געקענט געפֿינען אַ גראָפֿערקע, אָבער דאַן איז דעם גאָראָ־דאָוואָי'ס קעמערל תמיד געשטאַנען געגענאיבער, און דער פּאָליציסט גופא פֿלעגט זיך ביי־טאָג אַוועקשטעלען ביי זיין טויער, אום צו בעגריסען מיט זיין פּאַרצייטיגער פּיקע די פֿאָרביינגעהענדע אָפֿיציערען און פֿלעגט זיך אָבענד־צייט צוריקציהען אין זיין קעמערל און זיך ווידער נעהמען צו זיין אומנות לאַטענדיג שיך, אָדער פֿאַבריצירענדיג געוויסע סאָרטען שמעק־טאַבאַק, וועלכע וואַרען זייער פּאַטראָניזירט פֿון די עלטערע שכנים פֿון דער נאָכבאַרשאַפֿט.

אַזוי האָט עס זיך געלעבט בשלום ובשלוה — פֿון אויסענווייניג לכל הפחות — אין דיעזער פֿינפֿטע עווענוי פֿון מאָסקווע. אין דער פֿריה האָט מען ניט געקענט זעהען קיין איין לעבעדיגען נפש אויף'ן גאַס. אַרום מיטאָג־צייט פֿלעגען זיך יאַווען די קינדער מיט זייערע פֿראַנצויזישע לעהרער און דייטשע ניאַנעס, וועלכע האָבען אַרויסגעפֿיהרט זייערע תלמידים אויף די שנעע־בעדעקטע בולוואַרען. שפּעטער אַ ביסעל האָט איהר געקענט בעגעגנען די דאַמען אין זייערע צוויי־פֿערדיגע שליטענס, מיט אַ קוטשער וואָס פֿלעגט שטעהען אויף אַ ברעטעל פֿון הינטען; אָדער אַ ניט וואַרען דיעזע פֿאַרצערטעלטע אַריסטאָקראַטקעס איינגעטוליעט אין זייערע אַלט־מאָדישע קאַרעטען, מאַסיוו און הויך, אויף גרוים־געבויגענע שפּרונשינעס, געשלעפּט פֿון פֿיער פֿערד, מיט אַ פּאָסטיליאָן פֿון פֿאָרענט און צוויי קוטשערס פֿון הינטען. ביי דער נאַכט זיינען דאָס רוב הייזער געווען זעהר העל בעלויכטען, און אַזוי ווי די פֿאָרהאַנגען וואַרען קיינמאָל ניט אַראָב־געלאָזען, האָבען די פֿאַרבייגעהער תמיד געקענט בעוואונדערען די רייכע קאָרטענשפּיעלער, אָדער די לוסטיגע טענצער אין די הערליכע זאַלען.

„מייגונגען" זיינען נאָך דאַן ניט געווען אין דער מאָדע, און מיר וואַרען נאָך דאַמאַלס וויית פֿון די יאָהרען, בעת אין יעדען פֿון דיעזע הייזער איז געפֿיהרט געוואָרען אַ מלחמה צווישען אַלטען און נייעם דור,— אַ מלחמה וועלכע פֿלעגט זיך געוועהנליך ענדיגען אָדער מיט אַ פֿאַמיליען־סקאַנדאַל אָדער מיט אַ ביינאַכטיגען וויזיט פֿון דער פּאָליציי. מיט פֿופֿציג

יאָהר צוריק האָט מען נאָך פֿון אַזעלכע מעשיות ניט געהערט, פֿון אויס־ווענינ, לכל הפחות, האָט אַלעס אויסגעזעהען רוהיג און גלאַט.

אין דיעזען אַלטען קוואַרטאַל בין איך געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1842, און דאָ האָב איך פֿערבראַכט פֿופֿצעהן יאָהר פֿון מיין לעבען. אפילו בעת דער פֿאָטער האָט פֿערקויפֿט די הויז, אין וועלכע אונזער מוטער איז געשטאָרבען, קויפֿענדיג אַנאַנדער הויז, און בעת ער האָט אויך דיעזע הויז פֿערקויפֿט, און מיר האָבען פֿערבראַכט איינינע ווינטערס אין געדונ־גענע הייזער, ביז ער האָט געפֿונען אַ דריטע פּאַסענדע הויז, ניט ווייט פֿונ׳ם קלויסטער וואו מי האָט איהם אַלס קינד געטויפֿט, — זיינען מיר אַלץ פֿערבליבען אין דער סטאַראַיאַ קאָניושנאַיאַ, אַ חוץ זומער, בעת מיר פֿלעגען זיך איבערקלייבען אין אונזערע דאַטשעס אויף׳ן דאָרף.

## 2.

אַ הויכער, געררוימיגער צימער מיט אַ ברייטע בעט אויף וועלכער אונזער מוטער ליעגט, לעבען בעט אונזערע קינדער־בענקלעך און טישלעך, און די שיין־געדעקטע טישען פֿול מיט צוקערקעס, קיכלעך און איינגעמאַכץ אין פרעכטיגע גלעזערנע סלאָיעס, — אַ צימער אין וועלכען מי האָט אונז אַריינגעבראַכט גאַנץ אונערוואַרטעט, — דאָס איז די ערשטע, האַלב־דונקעלע עראינערונגען פֿון מיין לעבען.

די מוטער האָט דעמאָלט געהאַלטען ביי׳ן שטאַרבען פֿון שווינדזוכט. אין גאַנצען איז איהר בלויז געווען פֿינף און דרייסיג יאָהר. איידער זי האָט זיך מיט אונז אויף אייביג אָבגעזעגענט, האָט זי געבעטען, מיר זאָלען זיין לעבען איהר, אום, אונז לאַשצענדיג, זאָל זי זיך כאָטש אויף אַ רגע פֿיהלען גליקליך אין אונזער גליק; זי האָט דעריבער פֿאַר אונז מכין געווען דיעזע סעודה ביי איהר בעט, וועלכע זי האָט שוין מעהר קיינמאָל ניט געקענט פֿאַרלאָזען. איך געדענק איהר בלייכען, אויסגעדאַרטען פנים, איהרע גרויסע, דונקעל־ברוינע אויגען. זי האָט אויף אונז געקוקט מיט ליעבשאַפֿט, און האָט געבעטען מיר זאָלען עסען און אַרומקלעטערען אויף איהר בעט; דאַן, גאַנץ פלוצלונג, האָט זי זיך פֿאַנאַנדער געוויינט און האָט גענומען הוסטען; דערוויל האָט מען אונז געהייסען זיך אָבטראָגען.

אַ שטיקעל צייט דערנאָך, זיינען מיר, קינדער — דאָס הייסט, מיין ברודער אַלעקסאַנדער און איך — אריבערגעספראָוואַדזשעט געוואָרען פֿון גרויסען הויז אין אַ קליינע כאַטע אויף׳ן הויף אַרויף. די אַפריל־זון האָט אָנגעפֿילט אונזערע קליינע חדרים׳לעך מיט איהרע שטראַהלען, אָבער אונזער דייטשע אַמס, מאַדאַם בורמאַן און אוליאַנאַ, די רוסישע אַמס, האָבען אונז

געהייסען געהן שלאָפען. מיט פּנים׳ער, פייכט פון טרערען, האָבען זיי פאַר אונז גענעהט שוואַרצע העמדלעך, אַרומגעזוימט מיט ברייטע ווייסע טאַשמעס. מיר האָבען בשום אופן ניט געקאָנט אַנטשלאָפען ווערען, דאָס אונבעקאַנטע האָט אונז געשראָקען און מיר האָבען זיך צוגעהערט צו זייער פערשטיקטען געשפּרעך. גערעדט האָבען זיי עפּעס וועגען אונזער מוטער. וואָס, האָבען מיר ניט געקענט פערשטעהן. מיר זיינען אַרויסגעשפּרונגען פון בעט און האָבען געפרעגט: „וואו איז אונזער מאמאַ? וואו איז מאַמאַ?"ביידע פרויען האָבען זיך פאַנאַנדער געשלוכצט, און גלעטענדיג אונזערע געקרייזעלטע קעפּלעך האָבען זיי אונז גערופען: „אַרעמע יתומים נעבעך" ביז אוליאַנאַ האָט זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען און האָט אויסגערופען: „אייער מוטער איז אַוועק אַהין, אין הימעל אַריין, צו די מלאכים."

„וואָס? אין הימעל אַריין? פאַרוואָס עפּעס?" אומזיסט האָט אונזער קינדערשע פאַנטאַזיע געזוכט אַן ענטפער.

דאָס וואַר אין 1846. מיר איז דעמאָלט געווען דריי און אַ האַלב און מיין ברודעריל פינף יאָהר. וואו אַהין מיין עלטערער ברודער ניקאָלאַי און מיין שוועסטער העלענע זיינען געווען אַוועק, ווייס איך ניט. אפשר זיינען זיי שוין געווען אַוועק אין גימנאַזיע. ניקאָלאַי איז דעמאָלט אַלט געווען צוועלף יאָהר און העלענע עלף; זיי האָבען זיך נעחבר׳ט צוזאַמען, און מיר ביידע האָבען זיך וועניג־וואָס גיקענט. און אַזוי זיינען מיר געבליעבען אין דער כאַטקע אונטער דעם רשות פון מאַדאַם בורמאַן און אוליאַנאַ. די גוטע אַלטע דייטשקע, היימלאָז און גאַנץ פרעמד אין דיעזער גרויסער וועלט, האָט ביי אונז פערטרעטען די שטעלע פון אונזער מוטער. זי האָט אונז ערצויגען אַזוי גוט ווי זי האָט נור געקענט, אונז בעזאָרגענדיג פון צייט צו צייט מיט פּראָסטע שפּיעלגעצייג, און גאַנץ אָפט איבערשטאָפּענדיג אונזערע בייכלעך מיט פרישע קיכלעך, וועלכע אַנ׳אַנדער אַלטע, היימלאָזע דייטשקע פלעגט פערקויפען. אונזער פאָטער האָבען מיר זעלטען געזעהען, און די נעקסטע צוויי יאָהר זיינען אַוועק ניט איבערלאָזענדיג דעם מינדעסטען רושם אין מיין זכרון.

אונזער פאָטער האָט זעהר שטאָלצירט מיט דעם יחוס פון זיין משפחה, און ער פלעגט מיט הייליגקייט אָנווייזען אויף אַ שטיק פאַרמעט, וואָס איז געהאַנגען אויף׳ן וואַנד פון זיין לעזע־צימער. דיעזער פאַרמעט איז געווען בעציערט מיט אונזער וואַפען־הערב, און עס וואַר אויף איהם אָנגעשריעבען און בעשטעטיגט פון דעם יחוס־בריעף דעפּאַרטמענט, אַז אונזער משפחה שטאַמט אָב פון אַן אייניקעל פון ר א אַ ס ט י ס ל אַ װ מ י ס ט י ס ל אָ װ י ט ש דער סמיעלער (בעוואוסט אין דער רוסישער היס־

טאָריע אַלס אַ נאָמען פֿון אַ גרויס־פֿירסט פֿון קיעוו), און אַז אונזערע עלטערען זיינען געווען גרויס־פֿירסטען פֿון סמאָלענסק.

„עס האָט מיך געקאָסט דריי הונדערט רובל צו קריעגען אָט דעם שטיקעל פּאַרמעט", פֿלעגט אונזער פֿאָטער זאָגען. אַזוי ווי די מייסטע מענשען פֿון זיין עפּאָכע, אַזוי וואַר ער אַ גאַנץ קליינער בקי אין רוסישע היסטאָריע. און ער האָט געשעצט דעם דאָקומענט מעהר פֿאַר זיין גרויסען פרייז, ווי פֿאַר זיין היסטאָרישע בעדייטונג.

דער פֿאַקט איז, אונזער משפחה איז ווירקליך פֿון זעהר אַלטער אָבשטאַמונג; אָבער אַזוי ווי די מייסטע וואָס שטאַמען אַרויס פֿון רוריק, וועלכע ווערען גערעכענט אַלס די פֿאָרשטעהער פון דער פֿעאָדאַלע פּעריאָדע פֿון דער רוסישער היסטאָריע, אַזוי וואַר אויך אונזער משפחה פֿערטריבען מחוץ למחנה, ווען יענע עפּאָכע האָט זיך געענדיגט, און די ראָמאַנאָווס, געקרוינט אין מאָסקווע, האָבען אָנגעהויבען די אַרבייט פֿון פֿעראייניגען די רוסישע אימפּעריע. אין די שפּעטערע צייטען, ווייזט אויס, האָט קיינער פֿון די קראַפּאָטקין׳ס ניט געהאַט קיין שטאַרקען חשק פֿאַר די סלוזשבע. אי אונזער עלטער־זיידע, אי אונזער זיידע,ביידע, האָבען זיי זיך צוריק געצויגען פֿונ׳ם מיליטער יונגערהייט, זיך צוריקקעהרענדיג צו זייערע פֿאַמיליען־גיטער. און מען מוז צוגעבען, אַז די הויפּט אימעניע, מיטן נאָמען אורוסאָוואָ, אין ריאַזאַנער גובערניע, וועלכע ליעגט אויף אַ הויכען באַרג ביי׳ן ברעג פֿון גרויסע פֿרוכטבאַרע פֿעלדער, האָט געקענט צוציהען צו זיך יעדען איינציגען מיט די פּרעכטיגקייט פֿון איהרע שאָטענדיגע וועלדער, איהרע הערליכע טייכען און אונגעהייערע לאָנקעס.

מיין זיידע האָט פֿערלאָזען דאָס מיליטער אַלס לייטענאַנט און ער האָט זיך צוריקגעצויגען קיין אורוסאָוואָ, זיך איבערגעבענדיג אין גאַנצען צו זיין אימעניע, צו וועלכער ער האָט צוגעקויפֿט נאָך אַנדערע גיטער אין די שכנישע פּראָווינצען.

און אונזער דור וואָלט אויך אַוודאַי אַזוי געלעבט, ווען דער זיידע וואָלט ניט געווען חתונה האָבען מיט אַ פֿירסטין גאַגאַרין, וועלכע האָט בעלאַנגט צו אַ גאַנץ אַנדערע משפּחה.

איהר ברודער וואַר בעוואוסט אַלס אַ הייסער ליעבהאָבער פֿון דער ביהנע. ער האָט זאָגאַר געהאַט זיין אייגענעם טהעאטער, און דיעזע ליידענשאַפֿט זיינע האָט איהם געבראַכט אַזוי ווייט, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט זיינע אַ שקלאַפֿין, — די געניאַלישע אַקטריסע סעמענאָוואַ, וועלכע איז געווען איינע פֿון די גרינדער פֿון דער דראַמאַטישער קונסט אין רוסלאַנד, און אויך איינע פֿון די אינטערעסאַנטעסטע פֿיגורען. דער פֿאַקט, וואָס אויך

נאָך דער חתונה איז זי פֿערבליבען אויף דער ביהנע, האָט נאָך גרעסער געמאַכט דעם סקאַנדאַל פֿון „גאַנץ מאָסקווע".

איך ווייס ניט, צו אונזער גראָססמוטטער האָט אויך געהאַט דעם זעלבען אַריסטאָקראַטישען און ליטעראַרישען געשמאַק וואָס איהר ברודער, — איך געדענק זי שוין אַ פּאַראַליזירטע, מיט אַ גאַנץ הייזעריגער שטימע; אָבער זיכער איז, אַז אין דעם נעקסטען דור האָט זיך אין אונזער פֿאַמיליע ענטוויקעלט אַ טענדענץ צו ליטעראַטור. איינער פֿון פּרינץ גאַגאַרין'ס זיהן איז געווען אַ שטיקעל פּאָעט, און האָט אַרויסגעגעבען אַ היבשען בוך פֿון רוסישע פּאָעזיע, — אַ פֿאַקט מיט וועלכען מיין פֿאָטער האָט זיך שטאַרק געשעמט, און וועלכען ער פֿלעגט תמיד אויסמיידען אין געשפּרעך; פֿאַר מיין צייט, האָבען עטליכע פּלעמעניקעס מיינע, ווי אויך מיין ברודער און איך, געלייסטעט מעהר אָדער ווייניגער פֿיר די ליטעראַטור פֿון אונזער עפּאָכ

דער פֿאָטער איז געווען אַן עכטער אָפֿיציער פֿון ניקאָלאַי דעם ערשטען'ס צייטען. דאָס מיינט ניט אַז ער איז געווען בעטרונקען מיט אַ קריגערישען גייסט, אָדער פֿערליעבט אין דעם לאַגער-לעבען פֿון די סאָלדאַטען. איך צווייפֿעל זעהר צו ער האָט אפילו איין נאַכט אין זיין לעבען צוגעבראַכט אויף דער וואַך, אָדער צו ער האָט זיך כאָטש איין איינציגען מאָל בעטהייליגט אין אירגענד וועלכער מלחמה. אבער אין יענע צייטען איז דאָס געווען ניט וויכטיג. דער אמת'ער מיליטעריסט פֿון ניקאָלאַי דעם ערשטען'ס צייטען איז געווען דער אָפֿיציער, וועלכער איז געווען פֿאַר-בליאָקעט אין דעם מיליטערישען מונדיר, פֿעראַכטענדיג אַלע ציוויל-קליידער מיט זיין גאַנצען האַרצען; דער אָפֿיציער וועמענס סאָלדאַטען ס'האָבען געקענט בעווייזען די שווערסטע קונצען מיט זייערע פֿיס און ביקסען; און וועלכער ס'האָט געקענט ברייגגען צום פּאַראַד אַ ראָטע סאָלדאַטען, וואָס זאָלען שטעהן אַזוי גלייך און אונבעוועגליך, אַז קיינער זאָל זיי ניט קענען אונטערשיידען פֿון אַ שערענגע הילצערנע אָדער בלייענע שפּיעל-זעלנער. „זעהר גוט", האָט אַמאָל דער גרויס-פֿירסט מיכאאיל געזאָגט וועגען אַ פּאָלק סאָלדאַטען, וועלכע ער האָט געהאַלטען אַ שעה לאַנג מיט די ביקסען ביי זייערע שולטערן, — „זעהר גוט, נור זיי אָטהעמען!" אונזער פֿאָטער'ס אידעאַל וואַר אויך אָהן ספֿק זיך איינצולעבען אין דיעזען בעגריף פֿון אַ דאַמאַלסדיגען מיליטעריסט.

אמת, ער האָט זיך בעטהייליגט אין דער טערקישער מלחמה פֿון 1828; אָבער ער פֿלעגט תמיד אויסמאַרקירען צו בלייבען פֿון הינטען, מיט'ן גענעראַלשטאַב; און בעת מיר, קינדער, זיך בענוצענדיג מיט אַ שעת הכושר, ווען איהם איז געווען בעזאָנדערס גוט אויפֿ'ן האַרצען, האָבען

איהם אַ מאָל געבעטען, ער זאָל אונז עפּעס דערצעהלען פון דער מלחמה, פּלעגט ער שטענדיג איבערחזר'ן דיזעלבע מעשה פון די עטליכע הונדערט טערקישע הינד, וועלכע זיינען איהם און זיין געטרייען קנעכט, פּראָל, בעפּאַלען איינמאָל ביי נאַכט, אין אַ פוסטען טערקישען דאָרף, בעת זיי זיינען געריטען מיט וויכטיגע דעפּעשען צום שטאַב. זיי האָבען געמוזט פעכטען מיט זייערע שווערדען ביז זיי האָבען זיך געקענט בעפרייען פון די הונגעריגע חיות.

3.

ווען דער פאָטער וואָלט אונז געהאַט דערצעהלט מיט וואָס פאַר אַ העלדישקייט ער האָט גובר געווען די מחנות טערקען, און ניט אימער די זעלבע מעשה, ווי די טערקישע הינד זיינען איהם בעפּאַלען, וואָלט עס אודאי מעהר צופריעדענגעשטעלט אונזער פאַנטאַזיע; אָבער מיר האָבען אויך מקבל באהבה געווען די הינט, שטאָט די טערקען. ווען ער האָט אונז אָבער דערצעהלט, ווי אַזוי ער האָט פאַר זיין „העלדישקייט" בעקומען דעם אָרדען דער „הייליגער אַננאַ", און דעם גאָלדענעם שווערד, וואָס ער האָט געטראָגען, בין איך זיך מודה, אַז מיר האָבען זיך געפינען אמת ענטוישט. די מעשה איז שוין געווען גאָר צו וואָכעדיג. די אָפיציערען פון'ם גענעראַל־שטאַב זיינען איינגעשטאַנען אין אַ טערקישען דאָרף, אין וועלכען עס האָט פלוצים אויסגעבראָכען אַ פייער. אין איין מינוט זיינען אַלע הייזער געווען איינגעוויקעלט אין פלאַמען, און אין איין כאַטקע איז איבערגעלאָזען געוואָרען אַ קינד. דערהערענדיג די הערצרייסענדע געוואַלדען פון דעם קינד'ס מוטער, האָט זיך פּראָל אַריינגעוואָרפען אין די פלאַמען און האָט אַרויסגעראַטעוועט דאָס קינד. דער גלאַווני קאָמאַנדיר, וועלכער האָט דאָס געזעהען, האָט באַלד דערלאַנגט דעם פאָטער דעם אָרדען פאַר העלדישקייט.

„אָבער, פּאַפּאַ", האָבען מיר אויסגעשריען, „פּראָל האָט דאָך געראַטעוועט דאָס קינד!"

„נו, טאָ וואָס איז?" האָט ער געענטפערט נאַאיוו. „איז ער דען ניט געווען מיין מענש? עס איז אַלץ איינס".

ער האָט זיך בעטהייליגט אין דער רעוואָלוציאָן פון 1831, אין דער צייט פון דער פוילישער פּאָווסטאַניע, און אין וואַרשאָ האָט ער זיך עס פערליעבט אין דער אינגסטער טאָכטער פון אַ קאָרפּוס־קאָמאַנדיר, גענעראַל סוּלימאַ. די חתונה האָט שטאַטגעפונען אין דעם לאַזשענסקער פּאַלאַץ מיט גרויס פּאַראַד. פירסט פּאַסקעוויטש, דער וויצע־גובערנאַטאָר, איז

געוועזן דער אונטערפיהרער פון דער כלה'ס צד. „אבער אייער מוטער האט מיר קיין נדן ניט געבראכט", פלעגט ער צופיגען.

טאקי ניט. איהר פאטער, ניקאלאי סעמיאנאוויטש סולימא, איז ניט געוועזן קיין גרויסער בריה צו מאכען א קאריערע אדער א פארמעגען. ער האט וואהרשיינליך אין זיך געהאט די בלוט פון יענע קאזאקען פונ'ם דניעפער, וועלכע האבען פערשטאנען ווי צו קעמפפען מיט די גוט־בעוואפענטע קריעגערישע פאליאקען אדער טערקען, דריי מאהל אזוי פיעל ווי זיי, אין צאהל, אבער ווי אויסצומיידען די נעץ פון דער מאסקווער דיפלאמאטי האבען זיי ליידער גאר ווייניג פערשטאנען, און נאכדעם ווי זיי האבען בייגעקומען די פאליאקען אין דעם שרעקליכען מיאטעזש פון 1648, וועלכעס וואר דער אנהויב פונ'ם סוף פון דער פוילישער רעפובליק, האבען דיעזע קאזאקען אליין פערלוירען זייער גאנצע פרייהייט אונטער די הערשאפט פון די רוסישע צארען. איין סולימא האבען די פאליאקען גענומען אין פלען און ער וואר פון זיי אויף טויט געפאלטערט אין ווארשא, אבער די איבעריגע האבען נאך שרעקליכער געקעמפפט, און פוילען האט פערלוירען מאלאראסיא.

בעת נאפאלעאן דער ערשטער איז אריין אין רוסלאנד האט אונזער עלטער־זיידע מיט זיין פאלק בעפאנצערטע סאלדאטען זיך ארייגעווארפען אין אן אונגעהייערע מחנה פראנצויזישע פיעכאטנע, מיט אויסגעשטעלטע באיאנעטען, און נאכדעם ווי מי האט איהם געלאזען אלס טויט אויפ'ן שלאכטפעלד, מיט א שיעפער ראנע אין קאפ, איז ער דאך ווי עס איז געזונד געווארען. אבער ביי אלעקסאנדער דעם ערשטענס ליעבלינג, דעם אלמעכטיגען ארקאטשעעף, האט ער קיין טשין ניט געקענט קריעגען, און ער וואר פערשיקט אויף אן עהרווירדיגען גלות, אלס גענעראל־גובער־נאטאר אין סיביר.

אין יענע צייטען איז אזא שטעלע געוועזן איינטרעגליכער, ווי א גאלד־גרוב, אבער אונזער גרויס־פאטער איז צוריקגעקומען פון סיביר פונקט אזוי ארעם ווי ער איז אהין אוועק, און האט איבערגעלאזען א גאנץ ארעמע ירושה פאר זיינע דריי זיהן און דריי טעכטער.

ווען איך בין געוועזן אין סיביר, אין 1862, האב איך גאנץ אפט געהערט דערמאנען זיין נאמען מיט גרויס כבוד. די אגולנע גנבות, וואס זיינען אנגעגאנגען אין יענע מקומות, און וועלכע ער איז ניט געוועזן ביכולת צו סטאפען, האבען איהם פשוט געטריעבען צו פערצווייפלונג.

די מוטער אונזערע איז אונצווייפעלהאפט געוועזן איין מערקווירדיגעס פרויענצימער פאר די צייט, אין וועלכע זי האט געלעבט. פיעלע יאהרען

נאָך איהר טויט, האָב איך, אין אַ פּערוואָרפענעם ווינקעל פון אונזער לאַנד־וואוינונג, געפונען אַ גאַנצען פּאַק כתבים געשריעבען מיט איהר פעסטער, אָבער שעהנער האַנד־שריפט: טאָגע־ביכער, אין וועלכע זי האָט מיט ענטציקונג בעשריעבען די דייטשע לאַנדשאַפטען, און אין וועלכע זי האָט אויך גערעדט פון איהרע ליידען און פון איהר דורשט נאָך גליק; ביכער, וועלכע זי האָט פערשריעבען מיט רוסישע פּאָעזיע, וואָס וואַר דאַמאָלסט שטרענג פערבאָטען, — צווישען וועלכע עס האָבען זיך אויך געפונען די פּרעכטיגע היסטאָרישע פאָלקס־ליעדער פון ר י ל י ע ע ף, דער פּאָעט, וועלכען ניקאָלאַי דער ערשטער האָט געהאַנגען אין 1826; אַנדערע ביכער וואָס האָבען ענטהאַלטען מוזיק, פראַנצויזישע דראַמאַס, פּאָעזיע פון לאַמאַרטין און באַיראָן, וועלכע זי האָט קאָפּירט. אויך אַ גאַנצען פּאַק וואַסער־קאָליערטע בילדער.

הויך, שלאַנק, מיט אַ מאַסע העל־ברוינע האָר, מיט דונקעל־ברוינע אויגען, און אַ קליינינקען מויל, זעהט זי אויס כמעט ווי לעבעדיג אויף אַן אויל־פּאָרטרעט, וועלכען אַ גוטער אַרטיסט האָט געמאַכט. אימער לוסטיג און זאָרגלאָז, האָט זי זעהר ליעב געהאַט צו טאַנצען; און די פּויערטעס פון אונזער דאָרף פלעגען דערצעהלען, ווי זי האָט אָפט אַרונטערגעקוקט פון גאַניק און בעוואונדערט אונזער רעדעל־טאַנץ, ביז זי פלעגט זיך שוין ניט קענען איינהאַלטען און האָט זיך זעלבסט איינגעשלאָסען אין רעדעל. זי האָט געהאַט די נאַטור פון אַן אַרטיסט. פערקיהלט האָט זי זיך אויף אַ באָלל, און די לונגען־ענטצינדונג האָט איהר געבראַכט צו איהר יונגען קבר.

אַלע, וואָס האָבען איהר געקענט, האָבען איהר געליעבט. די דיענער־שאַפט האָט פּשוט פערגעטערט איהר נאָמען. צוליעב איהר אַנדענקונג האָט די מאַדאַם בורמאַן אונז געניאַנטשעט, און פון איהרעטוועגען האָט אונז די רוסישע ניאַנקע מיט ליעבשאַפט געלאַשצעט.

קעמענדיג אונזערע האָר, אָדער אונז איבערצייכענענדיג אויפ'ן געלעגער, פלעגט אוליאַנאַ אָפט זאָגען: „און אייער מאַמע קוקט איצט אודאי אַראָפּ פון הימעל און בעגיעסט זיך מיט טרערען, דערבליקענדיג איהרע אָרעמע יתומים". איהר אַנדענקען האָט דורכגעדרונגען און ערוואַ־רעמט אונזער גאַנצע קינדהייט. גאַנץ אָפט פלעגען מיר דערפיהלען אויף זיך די האַנד פון אונזערען אַ קנעכט, ערגעץ אין אַ דונקעלען קאָרידאָר, אונז גלעטענדיג; אָדער אַ פּויערטע, אונז בעגעגענדיג אויפ'ן פעלד, פלעגט אָפט אַ פרעג טהאָן: „וועסטו אויך זיין אַזוי גוט, ווי דיין מאַמע איז געווען? זי האָט תמיד געהאַט רחמנות אויף אונז. אַ יאָ, דו וועסט אויך אַזוי זיין, ווי זי?" מיט דעם וואָרט „אונז" האָט זי זעלבסטפערשטענדליך געמיינט

די פּאַנשטשיזניקעס. איך ווייס ווירקליך ניט, וואָס עס וואָלט פֿון אונז געוואָרען, ווען מיר וואָלטען ניט געווען האָבען אין דער היים אונזערער, צווישען די דיענערשאַפֿט, אָט די אַטמאָספֿערע פֿון ליעבשאַפֿט, וועלכע קינדער ברויכען אַזוי נייטיג.

מיר זיינען געווען איהרע קינדער, האָבען געהאַט איהר פֿיזאָנאָמיע און זיי האָבען אונז דאַרום געליעבט מיט זייער גאַנצען האַרצען, ווי איהר וועט עס קענען זעהען ווייטער.

דער מענש שטערבט ליידענשאַפֿטליך צו לעבען נאָכ׳ן טויט, אָבער ער שטאַרבט אָפֿט אַוועק, ניט מערקענדיג, אַז דער זכרון פֿון אַן אמת גוטען מענשען לעבט אייביג. דאָס שטעמפּעלט זיך אָפּ אויפֿ׳ן נעקסטען דור, און געהט איבער בירושה צו די קינדער. איז דאָס ניט אַן אונשטערבליכקייט פֿיר וועלכע עס לוינט צו שטערבען?

צוויי יאָהר נאָך דער מוטערס טויט האָט דער פֿאָטער ווידער חתונה געהאַט. ער האָט שוין געהאַט געוואָרפֿען אַן אויג אויף אַ שעהנע פֿרוי, דעם מאָהל פֿון אַ רייכע משפּחה, ווען אין מיטען דערינען האָט זיך דאָס בייזע מזל אַריינגעמישט. איין שיינעם פֿריהמאָרגען, ווען ער איז נאָך געווען אין זיין שלאָף־ראָק, זיינען די דענשטשיקעס אַריינגעלאָפֿען אין זיין צימער און האָבען איהם אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז דאָ איז אָנגעקומען דער גענעראַל טימאָפֿעעף, דער קאָמאַנדיר פֿון זעקסטען קאָרפּוס, צו וועלכען דער פֿאָטער האָט בעלאַנגט.

דיעזער ליעבלינג פֿון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען איז געווען אַ פֿורכטבאַרער מענש. ער האָט געקענט הייסען שמייסען אַ סאָלדאַט פֿאַר דעם קלענסטען פֿעהלער ביי׳ן פּאַראַד, אָדער ער האָט געקענט אַראָפּ־וואַרפֿען אַן אָפֿיציער פֿון זיין משין און איהם נאָך פֿערשיקען אויף סיביר, בלויז דערפֿאַר, וואָס ער האָט איהם געזעהען אין גאַס מיט אַן אָבגעשפּילעטען קאָלנער. ביי ניקאָלאַיען איז טימאָפֿעעף׳ס וואָרט געווען אַלמעכטיג.

דער גענעראַל, וועלכער איז בעפֿאָר נאָך קיינמאָל ניט געווען אין אונזער הויז, איז געקומען צו מיין פֿאָטער, איהם פֿאַרשדכ׳נען זיינע אַ פּלימעניצע, מאַדמואַזעל עליזאַבעט קאַראַנדינאַ, איינע פֿון עטליכע טעכטער פֿון אַ רוסישען אַדמיראַל; זי איז געווען אַ יונגע דאַמע מיט אַ קלאַסיש־גריכישער פֿיזיאָנאָמיע, און מ׳זאָגט, אַז זי וואַר אַמאָהל אַ גרויסע שיינהייט.

דער פֿאָטער איז בעשטאַנען אויפֿ׳ן שידוך, און זיין צווייטע חתונה איז אויך געפֿייערט געוואָרען מיט גרויס פּאַראַד.

„איהר, יונגע לייטלעך, פֿערשטעהט גאָר ניט אין אַזעלכע ענינים",

פּלעגט ער ענדיגען זיין ערצעהלונג מיט א זעהר פיינעם הומאָר. אָבער ווייסט איהר וואָס עס האָט בעטייט אין יענע צייטען, דער קאָמאַנדיר פון אַ קאָרפּוס? בעזאָנדערס, „יענער טייוועל מיט די בלינדע אויג", אַליין קומענדיג אַלס שדכן? פערשטעהט זיך, אַז פון קיין נדן איז שוין דאָ ניט געווען וואָס צו ריידען. זי האָט ניט געהאַט קיין צובראָכענע מטבעה; אַ חוץ אַ גרויסען קופערט אָנגעפּאַקט מיט ווייבערשע שמאַטעס, און מאַרטהאַ, איהר איינציגע שקלאַפין, וואָס וואַר שוואַרץ ווי טאָטער און איז זיך גאַנץ געמיטהליך געזעסען אויפ'ן קאַסטען, האָט זי קיין זאַך ניט מיטגעבראַכט.

פון דיעזער גאַנצער עראייגניס געדענק איך אַ האָר ניט. אַלעס וואָס איך געדענק, איז: אַ רייכער זאַאַל אין אַ רייך־געמעבלירטע הויז, און אַ יונגע פרוי, מיט אַ חנ'עוודיגען, אָבער אַ ביסעל צו שאַרפען בליק וואָס פּלעגט מיט אונז שפּאַסען און זאָגען: „איהר זעהט חברה, וואָס פאַר אַ לוסטיגע מאַמע איהר וועט האָבען". „אונזער מאַמע איז אַוועק אין הימעל", פּלעגען מיר בייז ענטפערן, דען מיר האָבען געהאַט אַ שטיקעל חשד אויף איהר געמאַכטע פריילכקייט.

4.

דער ווינטער איז אָנגעקומען, און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע לעבען פאַר אונז.

דאָס אַלטע הויז איז פערקויפט געוואָרען, און דאָס נייע הויז איז אין גאַנצען איבערגעמעבלירט געוואָרען. אַלעס דאָס, וואָס האָט אונז געקענט דערמאָנען אָן די מוטער, איז פערשוואונדען. — איהרע פּאָרטרעטען, איהר מאַלערייע און איהר קונסט־שטיקערייע. אומזיסט האָט זיך נעביך די מאַדאַם בורמאַן געבעטען, מי זאָל זי לאָזען בלייבען אין הויז. אומזיסט האָט זי צוגעזאָגט צו זיין אַ געטרייע מוטער צו דעם קינד מיט וועלכען די שטיף־מוטער האָט זיך גערעכט אין קינדבעט. זי איז אַוועקגעשיקט געוואָרען. „אין הויז טאָר קיין זאַך פון די סולימאָס ניט איבערבלייבען", האָט מען איהר געזאָגט. אַלע פערבינדונגען מיט די אָנקעלס, מומעס און מיט אונזער גרויס־מוטער זיינען אָבגעהאַקט געוואָרען. אוליאַנאַ האָט חתונה געהאַט מיט פראָלען, וועלכער איז געוואָרען הויפּט־דזשעניטאָר, ווערענד זי איז געוואָרען הויז־ווירטהין. פיר אונזער ערציהונג האָט מען ענגאַזשירט אַ רייך־בעלוינטען פראַנצויזישען לעהרער, און אַ שלעכט־באַצאָהלטען רוסישען סטודענט.

אַ סאַך קינדער פון די מאָסקווער דוואָריאַנעס זיינען ערצויגען געוואָרען פון פראַנצויזען, וועלכע האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט די חורבות

פֿון נאַפּאָלעאָנס גראָס־אַרמעע. אונזער לעהרער מאָסיע פֿ ו ל י ע ן, איז געווען איינער פֿון זיי. ער האָט דאַן געהאַט נאָר וואָס געענדיגט די ערציהונג פֿון דעם איינגסטען זוהן פֿון דעם ראָמאַנען־שרייבער זאַגאָסקין, און זיין תלמיד האָט אין אונזער אַריסטאָקראַטישער מאָסקווע געשפּיעלט די ראָלע פֿון אַזאַ גרויסען מושלם, דאָס מיין פֿאָטער, קיין וואָרט ניט ריידענדיג, איז גלייך בעשטאַנען דעם פֿראַנצויז צו צאָהלען די נישט־קשה׳דיגע סומע פֿון 600 רובל יעהרליך. פֿולעין האָט מיט זיך מיטגעבראַכט זיין הונד טרעזאָר, זיין קאַפּע קענדעל נאַפּאָלעאָן, און זיינע פֿראַנצויזישע לעזע־ביכער, און האָט אָנגעהויבען בעל־בית־עווען איבער אונז און אונזער באַדיענער מאַטוועי.

זיין ערציהונגס־פּלאַן איז געווען גאַנץ פּראָסט. נאַכדעם ווי ער האָט אויפֿגעוועקט אונז אין דער פֿריה, פֿלעגט ער זיך פֿערנעהמען מיט זיין קאַפּע, וועלכע ער האָט געטרונקען אין זיין אייגענעם צימער. בעת מיר האָבען פֿערפֿערטיגט אונזערע לעקציעס, פֿלעגט ער זיין פֿערנומען, מאַכענדיג זיין טואַלעטע מיט אַלע פּישטשעווקעס: אַפֿריהער פֿלעגט ער זיך גוט אויס־וואַשען זיינע גרויע האָר, סטאַרענדיג זיך צו פערדעקען דעם פּליך, דאַן פֿלעגט ער אָנטהאָן זיין פֿראַק, זיך איינוואַשען און טיכטיג אויסשפּריצען מיט אָדעקאָלאָן, און דאַן האָט ער אונז אַראָבגעפֿיהרט בעגריסען אונזערע עלטערן. דעם פֿאָטער און די שטיף־מוטער פֿלעגען מיר דאַן טרעפֿען ביי׳ן פֿריהשטיק, און צוקומענדיג צו זיי, האָבען מיר מיט אַ זעהר פֿאָרמאַלנע מינע דעקלאַמירט אונזער פֿראַנצויזישען „גוט מאָרגען, טייערער פּאַפּאַ" און „גוט מאָרגען, טייערע מאַמאַ", האָבען זיי געקושט די הענד, און נאַכדעם ווי מאָסיע פֿולעין האָט זיך זעהר עלעגאַנט פֿערנייגט אָבזאָגענדיג זיין „גוט מאָרגען, הערר פּרינץ" און „גוט מאָרגען, מאַדאַם פּרינצעסין" האָט זיך אונזער פּראָצעסיע אָבמאַרשירט צוריק פֿון וואַנען זי איז געקומען. דיעזע צערעמאָניע האָט זיך אָבגעשפּיעלט אַלע אין דער פֿריה.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען אונזער אַרבייט. פֿולעין האָט זיך איבערגעטהאָן, האָט אָנגעטהאָן אַ קאַפּעלע אויפֿ׳ן קאָפּ, און זיך אַוועק־זעצענדיג אין אַ פֿאָטעל, האָט ער אונז געהייסען איבערזאָגען די לעקציע.

איבערגעזאָגט האָבען מיר אַלץ אויסווענדיג, פֿון איין צייכען, וועלכער איז געמאַכט געוואָרען אין בוך מיט׳ן נאָגעל, ביז׳ן אַנדערן. פֿולעין האָט מיט זיך מיטגעבראַכט די גראַמאַטיקע פֿון נ אָ י ע ל אונד ט ש אַ פּ ס אַ ל, וועלכע איז געבליעבען איינגעקריצט אין דעם זכרון פֿון די רוסישע קינדער פֿון עטליכע דורות. ער האָט אויך געהאַט אַ פֿראַנצויזישען געשפּרעך־בוך; אַ וועלט־געשיכטע און אַן אַלגעמיינע געאָגראַפֿיע. מילא מיט דער גראַ־מאַטיק איז נאָך צוגעגאַנגען נישט־קשה׳דיג, דערפֿאַר איז אָבער מיט דער

היסטאָריע געווען גרויסענע צרות. צום אונגליק האָט דער בוך געהאַט אַן הקדמה, אין וועלכער עס איז געווען אויסגערעכענט אַלע נוצען וואָס מי קען האָבען ווען מען לערענט די וועלט געשיכטע. די ערסטע זעצע זיינען נאָך געווען צו דערליידען, מיר האָבען דעקלאַמירט: „דער פּרינץ, קען זיך אָבנעמען פון דער היסטאָריע אַ גרויסאַרטיגען מוסר, ווי צו רעגיערען איבער זיינע אונטערטהאַנען; דער קאָמאַנדיר קען פון איהר לערנען די נאָבלע קונסט פון קריעג־פיהרונג". אָבער קוים זיינען מיר צוגעקומען צו געזעץ, איז אַלעס געגאַנגען כאָדראָאָם. „דער יוריס־קאָנסול בעגעגענט אין דער היסטאָריע," אָבער, חאָטש צוריים זיך, האָבען מיר בשום אופן ניט געקענט געדענקען, וואָס דער געלערענטער יוריסט בעגעגענט אין דער היסטאָריע. יענער אימה׳דיגער וואָרט „יוריסקאָנסול", האָט קאַליע געמאַכט די גאַנצע חתונה. אַזוי שנעל ווי מיר זיינען צוגעקומען צו דיעזען וואָרט, האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט, ווי צודרומשקעט.

„שוין אויף די קניע!", און מיר זיינען געשטאַנען אויף די קניע און פערגאָסען ביטערע טרערען אַלץ איבער דעם פערפלוכטען „יוריסקאָנסול".

אַי האָבען מיר זיך עס נעבעך אָנגעליטען פון דער הקדמה! מיר האָבען שוין געהאַלטען ביי די רוימער, האָבען שוין געוואוסט פון ברעננוס מיט דער וואָגשאָל; נאָכמאַכענדיג דעם רוימישען פּאַטריאָט קורטיס, האָבען מיר שוין בעוויזען צו שפּרינגען איבער טישען און גריבער כלומרשט ראַטעווענדיג אונזער לאַנד פון דעם שונא; אָבער פּולעין פלעגט זיך נאָר אַלץ אומקעהרען צו דער הקדמה זיינער, ווידער אַמאָל אונז שטעלען אויף די קניע פאַר דעמזעלבען יוריסקאָנסול.

איז עס דען אַ וואונדער וואָס מיר זיינען שפּעטער געוואָרען אַזעלבע דם שונאים דער יוריספּרודענץ?

איך ווייס ווירקליך ניט וואָס עס וואָלט געוואָרען פון דער געאָגראַפיע, ווען פּולעין׳ס בוך זאָל געהאַט האָבען אַן הקדמה. אָבער צום גליק זיינען די ערשטע צוואַנציג זייטלעך פון דיעזען בוך געווען אויסגעריסען (סערגיי זאַגאָסקין האָט דאָס אונז אודאַי געטהאָן דיעזע גרויסע טובה) און אַזוי האָט זיך אונזער לעקציע אָנגעהויבען פון דער איינאונצוואַנציגסטער זייטעל, און דער ערשטער זאַץ איז געווען: „פון די טייכען וואָס טרינקען אָן פראַנקרייך".

איך מוז זיך מודה זיין, אַז ניט תמיד האָט זיך אונזער לעקציע געענדיגט אויף די קניע. פּולעין האָט זיך גאַנץ אָפט בענוצט מיט דער ווישקע, ווען מיר האָבען ניט געקענט אַרויסבראָדזען פון דער בעוואוסטער הקדמה, אָדער פון אַ געשפּרעך איבער טוגענד און עטיקעטע, אָבער איין מאָל האָט די שוועסטער העלענאַ דערהערט אונזערע קולות, און מיט

פּערוויינטע אויגען איז זי אַריינגעלאָפען צום פאָטער און האָט איהם מיט כעס פאָרגעוואָרפען, אַז ער האָט איבערגעגעבען זיינע עופה'לעך צו דער שטיף־מאַמען, וועלכע האָט אונז אין גאַנצען געלאָזען אויף הפקר ביי עפּעס אַן אַלטען פראַנצויזישען פייקלער.

„נאַטירליך", האָט זי געיאָמערט „עס איז ניטאָ קיינער וואָס זאָל זיך פאַר זיי אָננעהמען, אָבער איך קען ניט צוזעהען ווי מיינע ברידערלעך ווערען געפּייניגט!"

זייענדיג שטאַרק איבעראַשט, האָט דער פאָטער ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. לכתחילה האָט ער זי אָנגעהויבען זידלען, אָבער קומענדיג צו זיך, האָט ער איהר צוגעגעבען אַז עס איז ניט מעהר ווי רעכט וואָס זי איז אַזוי געטריי איהרע ברידערלאַך. פון דאַמאָלס אָן איז די וויטקע נור געברויכט געוואָרען צו לערנען טרעזאָרען די הלכות האָעטיקעט.

קוים האָט פולעין געהאַט אָבגעפּטרט זיין שווערע ערציהונגס־פפליכט, איז ער באַלד געוואָרען אַנאַנדער מענש, — אַ פריילייבער חבר, נישט אַ בייזער לעהרער. נאָכ'ן אָנבייסען איז ער מיט אונז אַרוים שפּאַצירען, און צו זיינע מעשיות איז גאָר קיינמאָל קיין סוף ניט געווען. מיר האָבען געפּלוידערט ווי די פייגעל אין וואַלד, כאָטש מיר האָבען קיינמאָל ניט געלערנט מעהר ווי די ערשטע פאָר בלעטלאַך פון סינטאַקסיס*) האָבען מיר פון דעסטוועגען זיך שנעל אויסגעלערנט, ווי „צו ריידען קאָרעקט". מיר פלעגען דאַנקען אין פראַנצויזיש; אַזוי האָבען מיר זיך אויך אויסגעלערנט „קאָרעקט שרייבען" כאָטש מיר האָבען אַליין ניט געוואוסט פאַר וואָס אַזוי און ניט אַנדערש. ערקלערען פאַר וואָס און פאַר ווען האָט פולעין אונז קיין מאָהל ניט ערקלערט.

נאָך מיטאָג האָבען מיר גענומען אונזער לעקציע ביי'ם רוסישען לעהרער, אַ סטודענט פון יוריסטישען פאַקולטעט אין דער מאָסקווער אוניווערזיטעט. ער האָט אונז געלערנט אַלע „רוסישע זאַכען" — גראַמאַטיק, אַריפמעטיקע, היסטאָריע און דער גלייכען. אָבער אין יענע יאָהרען האָט זיך נאָך דאָס ערנסטע לערנען ניט געהאַט אָנגעהויבען.

ער פלעגט אונז דיקטירען יעדען טאָג אַ בלעטעל געשיכטע, און אויף דיעזען פראַקטישען אופן האָבען מיר זיך גאַנץ שנעל אויסגעלערנט אַ גאָר ניט שלעכטע רוסיש.

אונזער בעסטער פערגניגען איז געווען דער זונטאָג, ווען די גאַנצע משפחה, אַ חוץ אונז, קינדער, זיינען אַוועק צו מיטאָג ביי דער מאַדאַם גענעראַלשאַ טימאָפעעף.

*) דער טהייל פון גראַמאַטיק, וועלכער לערענט ווי צוזאַמען צושטעלען ווערטער און זעצע.

דאַמאָלס איז עס ביי אונז געווען לוסטיג און לעבעדיג. מיר האָבען אויף גיך אַריינגעכאַפּט דעם מיטאָג, און זיינען אַריין אין אַ גרויסען זאַאַל, וואו די אינגערע דיענסט־מיידלעך זיינען אונז באַלד נאָכגעקומען. באַלד האָבען זיך אָנגעפאַנגען אַלערליי שפּילערייען: בלינדע גאַנז, קאָרשון און ציפּליאַטאַ, א. ד. גל.; אין פלוצלונג איז עפּעס, ווי פון דער ערד, אויסגעוואַקסען טיכאָן מיט זיין פידעל; חברה האָט אָנגעהויבען טאַנצען; ניט דאָס געמאָסטענע לאַנגווייליגע טאַנצען אונטער די אויפזיכט פון א פראַנצויזישען טאַנץ־מייסטער, ניט דאָס טאַנצען מיט יענעמס פיס, וועלכעס איז געווען אַ טהייל פון אונזער ערציהונג, זאָנדערן דאָס פרייע טאַנצען, אין וועלכען אַ צוואַנציג פּאָר פאָלק האָבען זיך געדרעהט סתם אין דער וועלט אריין, און אַפילו דאָס איז אויך נור געווען אַ הכנה צו דעם נאָך לעבעדיגערען און כמעט ווילדען טאַנץ — די רוסישע קאַזאַצקע. טיכאָן האָט דאַן איבערגעגעבען זיין פידעל צו אַן אַנדערן, און האָט אָנגעהויבען מאַכען אַזעלכע וואונדערליכע קונצען מיט זיינע פיס, אַז די טהירען זיינען באַלד געפּאַקט געוואָרען מיט קוכאַרעס און קעכינס, און אַפילו די קוטשערס פלעגען זיך שטופּען זעהען דעם טאַנץ, וועלכען דאָס רוסישע האַרץ האָט אַזוי ליעב.

אַרום ניין אַ זייגער איז די גרויסע קאַרעטע אַוועקגעשיקט געוואָרען נאָך די עלטערן. טיכאָן האָט געכאַפּט די באַרשט, האָט זיך אויסגעצויגען אויף די פּאָדלאָגע און האָט אַזוי לאַנג געפּוצט און געשייערט ביז זי האָט ווידער אָנגעהויבען צו בלישטשען מיט איהר פריהערדיגען אונשולדיגען גלאַנץ. אין הויז האָט ווידער געהערשט פאָלשטענדיגע אָרדנונג, גלייך ווי אַמאָל. און ווען אויף מאָרגען האָט מען אונזביידען גענומען אויספרעגען מכח די נעכטיגע חתונה — ניט איין וואָרט האָבען זיי פון אונז אַרויס־געקראָגען. מיר האָבען קיין מאָל ניט אויסגעזאָגט פון חדר אויף די בעדיענער, און זיי האָבען קיין מאָל ניט געמסר'ט אויף אונז. איינמאָל, זונטאָג, זיך שפּיעלענדיג אין קאָרידאָר, האָבען מיר צוגעראַזגעט אויף שטיקער אַ טייערן לאָמפּ. באַלד איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אַן אסיפה פון די דיענערשאַפט. קיינער האָט אונז אַ וואָרט ניט געזאָגט. עס איז אבגעמאַכט געוואָרען, אַז אין דער פריה זאָל זיך טיכאָן אַרויס'גנב'ענען פון הויז, זאָל אַוועק אין נעשעפט און קריגען פּונקט אַזאַ לאָמפּ. דאָס האָט זיי געקאָסט גאַנצע 15 רובל, — וואָס ביי זיי איז דאָס געווען אַ שלל מיט געלד. אָבער עס איז אָבגעטהאָן געוואָרען, און מיר האָבען קיין מאָהל ניט געהערט דעם מינדעסטען פאָרוואורף פאַר דעם.

ווען איך טראַכט דערפון איצט, און אַלע דיעזע סצענעס לעבען אויף איבער'ס ניי אין מיין זכרון, דערמאָן איך מיך, אַז מיר האָבען קיין

מאָל קיין שום גראָב וואָרט ניט געהערט פֿון זיי, און אויך אין זייערע טענץ האָבען מיר ניעמאלס געזעהען עטוואס עהנליכעס צו דעם, וואס קינדער בעוואונדערען יעצט אין די טהעאטערע. אין זייער חויז, צווישען זיך, האָבען זיי זיכער געברויכט גראָבע ווערטער; אָבער מיר זיינען געווען קינדער — איהרע קינדער, און דאס האָט אונז מציל געווען פֿון אירגענד וועלכע אויסגעלאסענהייט.

אין יענע ציימען פֿלעגט מען ניט נעהמען אַ קינד און עס צודולען מיט א באַרג שפּיעל־זאכען, ווי מע טהוט עס היינט. מיר האָבען כמעט גאָר קיין שפּיעלצייג ניט געהאַט, און האָבען געמוזט זעלבסט ערפֿינדען מיט וואָס צו שפּיעלען. אַ חוץ דעם האָבען מיר ביידע, אַלעקסאַנדער און איך, באַלד פֿון קינדהייט אָן ענטוויקעלט אַ גוסט פֿאַר׳ן טהעאַטער. די בורלעסקע רויבער־פֿאָרשטעלונגען האָבען אויף אונז ניט געמאַכט קיין שום דויערענדען איינדרוק, דען אין רויבער און זעלנער האָבען מיר זיך אַליין גענוג אָנגעשפּיעלט. אָבער דאַמאָלס איז גראַד אָנגעקומען אין מאָסקווע די בעריהמטע באַלעט־טענצערקע, פֿ ע נ נ י  ע ל ס ל ע ר, און מיר האָבען זי געזעהען.

ווען דער פּאַפּאַ האָט גענומען א לאָזשע, האָט זי שוין געמוזט זיין איינע פֿון די בעסטע אין טהעאַטער; אמת, באַצאָהלט האָט ער פאר איהר גאַנץ בעלי בית־יש, אָבער דערפֿאַר האָט זיך אונזער גאַנצע פֿאַמיליע געמוזט אַמוזירען, אויף וואָס די וועלט שטייט.

קליין, ווי איך בין דאַמאָלס געווען, האָט פֿון דעסטוועגען פֿענני עלסלער איבערגעלאָזען אַ שטארקען רושם אין מיין זכרון. יעדע באַוועגונג איהרע וואַר אזוי לייכט, אַרטיסטיש און פֿול מיט חן, אַז איך בין נאָך ביז היינטיגען טאָג גאַנץ אונפֿעהיג זיך צו פֿאַראינטערעסירען אין דיעזען מין טאַנץ, וועלכער בעלאַנגט סיי־ווי־סיי, מעהר צו גימנאַסטיקע, ווי צו קונסט.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז דעם באַלעט מיט ג י ט אַ נ אַ, אלס שפּאַנישע ציגיינערקע — האָבען מיר געמוזט נאָכמאַכען ביי זיך אין דער היים; ד.ה. ניט דעם טאַנץ, נור לכל הפחות דעם סוזשעט. אזוי ווי צווישען אונזער ספּאַלנע און דעם קלאַס־צימער איז קיין טהיר ניט געווען, נור אַ בלויזער פֿאָרהאַנג, האָבען מיר שוין געהאַט אַ פֿערטיגע סטיידזש. עטליכע בענקלעך צושטעלט אין אַ האַלבען צירקעל אַרום דעם פֿאָרהאַנג, מיט אַ פֿאָטעל פֿאַרן ה׳ פּולעין, — און אָט האָט איהר פֿערטיג דעם גאַנצען טהעאַטער־זאַל מיט דער קייזערליכער לאָזשע. אַ פּובליקום איז שוין פֿון די קלייניגקייטען: דער רוסישער לעהרער, אוליאַנאַ, און עטליכע דיענסט־מיידלעך און באַסטאַ.

אָבער וואָס פֿאַר אַן עצה גיט מען זיך מיט די צוויי סצענעס פֿונ׳ם

באַלעט? די ערשטע סצענע מוז פֿאָרשטעלען, ווי ג׳יטאַנאַ ווערט אַריינגעפֿיהרט אינ'ם ציגיינערשען לאַגער אין אַ טאַטשקע, און די צווייטע — ווי זי טרעט אַרויס אויף דער ביהנע, אַרונטערלויפֿענדיג פֿון אַ באַרג און אריבערגעהענדיג איבער אַ בריקעל, וועלכער ציהט זיך איבער אַ טייכעל, אין וועלכען עס שפּיעגעלט זיך אָב גיטאַנאַס בילד. דאָ האָט דאָס פּובליקום אויסגעבראָכען אין אַפּלאָדיסמענטען, וועלכע זיינען, לויט נאָך אונזער שכל נאָך, געקומען דערפֿון, וואָס זיי האָבען באַמערקט גיטאַנאַ'ס שאָטען אין וואַסער.

ביי אונז האָט די ראָלע פֿון גיטאַנאַ געשפּיעלט איינע פֿון אונזערע אינגסטע דיענסטמיידלעך. איהר פּראָסטע ציצענע קליידעל איז פֿאַר אונז קיין מניעה ניט געווען. אַ בענקעל אומגעדרייט מיט'ן קאָפּ אַראָב, האָט אונז געדיענט אַלס אַ טאַטשקע. אָבער ווי מאַכט מען נאָך דאָס טייכעל? ווי מיר האָבען זיך ניט געמאַטערט — עס געהט ניט. שליעסליך זיינען מיר געפֿאַלען אויף אַ פּלאַן אונטערצוקויפֿען אוליאַנען, זי זאָל אַפּלאָדירען, גלייך ווי זי זעהט אין אמת'ן גיטאַנאַ'ס בילד אין טייכעל. און אַלעס איז ווידער געווען כשר.

סאַשאַ האָט פּראַכטפֿאָל געזונגען דעם קופּלעט און איך בין מיר געזעסען ווי אַ קלאָץ, בעת מי האָט מיר אין אַ לאַנגען מאָנאָלאָג אָנגעזאָגט די שרעקליכע בשורה, אַז מיין זוהן איז מיר געשטאָרבען.

אָבער מערקווירדיג איז דער פֿאַקט, אַז וואָס מיר זאָלען ניט געווען פֿאָרשטעלען, האָט זיך תמיד יעדע „פּיעסע" אונזערע געענדיגט מיט'ן גיהנם. מיר פֿלעגען אויסלעשען אַלע ליכט, אַ חוץ איין קליין ליכטעל, וועלכע מי האָט אַוועקגעשטעלט הינטער אַ שטיק רויטע פּאַפּיער, עס זאָל אויסזעהען ווי אַ פֿלאַם פֿייער, — האָבען זיך בעהאַלטען ערגעץ אין אַ ווינקעל, און גענומען שרעקליך וואָיען, פֿאָרשטעלענדיג מיט זיך די פֿערשאָלטענע נשמות אין פֿייערדיגען גיהנם.

אוליאַנאַ, וועלכע האָט מורא געהאַט צו דערמאָנען אַ ניט־גוטען פֿאַר'ן שלאָף, פֿלעגט דאָן זיין צושראָקען אויף טויט; אָבער איך פֿרעג איצט ביי זיך אַליין, צו האָט ניט דיעזע זעהר מגושם'דיגע פֿאָרשטעלונג פֿון אַ העלע, פֿיעל בייגעטראָגען דערצו, אַז מיר זאָלען זיך באַלד פֿון קינדהייט אָן בעפֿרייען פֿון דער אימה, פֿון אַן אייביגען ברענען אין שאול תחתיה, ווי מי שטעלט עס ווירקליך פֿאָר אין אונזערע רוסישע תפילות. אונזער השגה פֿון אַ גיהנם איז געווען אַזוי רעאַליסטיש, אַז מיר האָבען, ווילענדיג ניט ווילענדיג, אָנגעהויבען צווייפלען אין די גאַנצע מעשה.

איך בין נאָך מסתמא געווען גאָר אַ קינד, יוען איך האָב געזעהען די גרויסע מאָסקווער אַקטיאָרען: שעפּקין, סאַדאָווסקי און שומסקי אין

גאָגאָל׳ס רעוויזאָר, און אין נאָך עפּעס אַ קאָמעדיע; פון דעסטוועגען, געדענק איך ניט נור די הויפּט־סצענעס פון די צוויי פּיעסעס, נור אפילו די פיגורען און די וויראַזשעניעס פון דיזע גרויסע אַקטיאָרען פון דער רעאַליסטישער שוהלע, וועלכע ווערט איצט אַזוי וואונדערבאַר פאָרגעשטעלט פון לענסקי, יושין, די לאַנאָראָדזו און דאַווידאָוו.

אַזוי טיעף האָבען זיי זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון, דאָס ווען איך האָב נאָכהער געזעהען דיזעלבע קאָמעדיעס וואָס בעלאַנגען צו דער פראַנצויזישער דעקלאַמאַטאָרישער שוהלע, האָב איך קיין שום הנאה ניט געהאַט פון זייער שפּיעלען, ווייל איך האָב עס תמיד פערגליכען מיט שעפּקין און סאַדאָווסקי, וועלכע האָבען, איין מאָל פאַר אַלע מאָהל, פעסטגעשטעלט מיין געשמאַק אין דער דראַמאַטישער קונסט.

דאָס ברענגט מיך אויפ׳ן רעיון, אַז עלטערן וואָס ווילען ענטוויקלען אַ דראַמאַטישען גייסט אין זייערע קינדער, מוזען זעהען, אַז זיי זאָלען פון צייט צו צייט, בייוואוינען אַן אמת גוטע פּיעסע, און ניט זיי תמיד קאָרמענען מיט קינדער־בורלעסקען.

5.

בעפאָר איך בין נאָך אַלט געוואָרען אַכט יאָהר, איז געמאַכט געוואָרען אַ גאַנץ אונערוואַרטעטער שריט אין מיין קאַריערע. גאַנץ מאָסקווע האָט זיך דאַמאָלסט מכין געווען צו אַ גרויסען יום טוב. איך דענק אַז דאָס איז געווען לכבוד דעם 25סטען יאַהרעספעסט פון ניקאָלאַי דעם ערשטענס מלוכה.

אין מאָסקווע האָט מען ערוואַרטעט די צאַרסקע פאַמיליע, און דוואָריאַנעס האָבען געהאַט בדעה צו פייערען דיזען יום טוב דורך אַ קאָסטיומען־באָלל, אין וועלכען קינדער זאָלען שפּיעלען אַ וויכטיגע ראָליע. עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז אַלע פערשיעדענע נאַציאָנאַליטעטען פון דער רוסישער אימפּעריע זאָלען פאָרגעשטעלט ווערען אויפ׳ן באָלל אין זייערע פערשיעדענע קליידער. אין אונזער הויז, אַזוי ווי אין אַלע הייזער פון דער נאַכבאַרשאַפט, זיינען געמאַכט געוואָרען גרויסע הכנות. פאַר אונזער שטיעף־מוטער האָט מען גענעהט עפּעס גאָר אַ משונה׳דיגען רוסישען קאָסטיום. דער פאָטער, זייענדיג אַ מיליטעריסט, האָט נאַטירליך געפּוזט טראָגען זיין יוניפאָרם; אָבער די פון אונזערע קרובים, וואָס וואַרען ניט אין דיענסט, זיינען געווען פונקט אַזוי פעריאַכמעט מיט זייערע רוסישע, גריכישע, קאַווקאַזישע און מאָנגאָלישע קאָסטיומען, ווי די פּרויענצימער גופא.

ווען די מאָסקווער עדעל־לייט, מאַכען אַ באַלל פאַר די קייזערליכע פאַמיליע, מוז עס שוין, זעלבסט פערשטענדליך, זיין עטוואָס גרויסאַרטיגעס.

מיין ברודער׳ל און איך וואָרען נאַטירליך נאָך צו יונג זיך צו בעטהייליגען אין אַזאַ וויכטיגער צערעמאָניע. און דאָך איז מיר דורך אַ צופאַל יאָ אויסגעקומען אַנטהייל צו נעהמען אין דיעזען באָלל.

אונזער מוטער איז נעמליך געווען אַ זעהר אינטימע פריינדין פון מאַדאַם נאַזימאָף, די פרוי פון גענעראַל נאַזימאָף, וועלכער וואַר גובערנאַטאָר אין ווילנא, אין דער צייט פון דעם פוילישען מיאַטעזש אין 1863. מאַדאַם נאַזימאָף, אַ בילד־שיינע פרוי, האָט געזאָלט ערשיינען אויפ׳ן באָלל אַלס הערליך געקליידעטע פערזישע פרינצעסין, מיט איהר צעהן־יעהריגען זוהן, אַלס פערזישער פרינץ, געקליידעט אין אַן אונגעהייער רייכען קאָסטיום, מיט אַ גאַרטעל פול בעזעצט מיט דיאַמאַנטען.

אָבער דער אינגעל איז גראַד פאַרן באָלל קראַנק געוואָרען און מאַדאַם נאַזימאָף האָט אָבגעמאַכט, אַז איינער פון די קינדער פון איהר הייס־געליעבטער פריינדין זאָל פערטרעטען די שטעלע פון איהר אייגען קינד. אַזוי ווי פאַר אַלעקסאַנדער׳ן איז דער קאָסטיום געווען צו קורץ, איז ביי איהר געבליעבען, אַז איך זאָל אויפטרעטען ביי׳ן באָלל אַלס דער „פערזישער פרינץ”.

דער אונגעהייער גרויסער זאַאַל פון דעם מאָסקווער אַדעל איז געווען געפּאַקט. יעדעס קינד האָט געטראָגען אַ פאָהן מיט דעם הערב פון איינע פון די זעכציג גובערניעס פון דער רוסישער אימפּעריע. איך האָב געטראָגען אַן אָדלער, וואָס האָט געשוועבט איבער אַ בלויען ים, וועלכעס האָט פאָרגעשטעלט, ווי איך האָב דערנאָך אויסגעפונען, דעם הערב פון אַסטראַכאַנער גובערניע, ביי׳ן קאַספּישען ים.

מי האָט אונז צושטעלט ביי׳ן טהיר פון זאַאַל, און לאַנגזאַם האָבען מיר אין דאָפּעלטע שערענגע צוגעמאַרשירט צו דער פלאַטפאָרמע, אויף וועלכער דער קייזער און זיין פאַמיליע זיינען געשטאַנען. צוקומענדיג צו דער פלאַטפאָרמע, האָבען מיר זיך אָבגעטהיילט אויף רעכטס און לינקס, אַזוי, אַז פון יידע שערענגעס איז געוואָרען איינע צושטעלט פאַר׳ן גאַנצען פראָנט פון דער ביהנע.

איין סיגנאַל, און אַלע פאָהנען האָבען זיך מיט איין מאָל אַראָבגעלאָזען בעפאָר׳ן קייזער. די פערגעטערונג פונ׳ם סאַמאָדערזשאַוועץ איז געווען פאָלשטענדיג, ניקאָלאַי איז געווען בעצויבערט. אַלע גובערניעס פונ׳ם לאַנד האָבען זיך געבוקט צום גרויסען הערשער.

דאַן האָבען מיר קינדער זיך לאַנגזאַם צוריקגעצויגען פון דער פלאַטפאָרמע.

אָבער פלוצלונג איז געוואָרען עפּעס אַ מישינינע. די קאָמערדיענער

מיט די געגילדעטע ליווּרעען זיינען אַרומגעלאָפֿען פֿאַרסמייעט, און אין מיטען דעריגען האָט מען מיך אַרויסגעכאַפּט פֿון דער רייהע. מיין אָנקעל, פֿרינץ גאַגאַרין, האָט מיך גענומען אויף די הענד, און האָט מיך אַוועקגעשטעלט אויף דער קייזערליכער פּלאַטפֿאָרמע.

צו איז דאָס געווען דערפֿאַר וואָס איך בין געווען דער קלענסטער צווישען די קינדער, אָדער וויל מיין קיילעכדיגער פּנים'על, אַרומגערינגעלט מיט קרייזלען, האָט עפּעס מאָדנע אויסגעזעהען אין דעם גרויסען פּעלצענעם מיטץ, — ווייס איך ניט, נור ניקאָלאַי האָט מיר געוואָלט האָבען אויף דער פּלאַטפֿאָרמע; און אָט בין איך מיר געשטאַנען דאָרטען צווישען גענעראַלען און דאַמען, וועלכע האָבען אַרונטערגעקוקט אויף מיר נייגיעריג.

מי האָט מיר דערנאָך דערצעהלט, אַז ניקאָלאַי, וועלכער האָט תמיד ליעב געהאַט אַ קאַזאַרמע־וויץ, האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנד, און מיך צוגעפֿיהרענדיג צו מאַריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ (דעם צאַרעוויטש'עס פֿרוי), וועלכע וואַר שוואַנגער מיט'ן דריטען קינד, האָט ער דערלאַנגט אַ זאָג אויף זיין מיליטערישען שטייגער: „אָט אַזאַ מין אינגעל מוזט דו מיר האָבען,“— אַ וויץ פֿון וועלכען זי איז רויט געוואָרען ביז איבער די אויערען.

דאָס ניקאָלאַי האָט מיך געפֿרעגט צו איך וויל צוקערקעס, געדענק איך גוט; אָבער איך האָב געענטפֿערט, אַז איך וויל ליעבער די קליינע סוכאַרקעס (איבערגעגעסען האָבען מיר זיך אין דער היים קיין מאָל ניט,) און ער האָט גערופֿען אַ לאַקיי און האָט מיר אַריינגעשאָטען אַפֿולע טאַץ סוכאַרקעס אין מיין גרויסער מיץ אריין. „איך וועל זיי ברענגען סאַשאַ'ן“ האָב איך איהם געזאָגט.

דאָך האָט ניקאָלאַי'ס סאָלדאַטסקער ברודער, וועלכער איז געווען אַ בעריהמטער וויצלינג, מיך ווי עס איז געמאַכט וויינען. „אַז מי פֿאָהרט באַרג אַראָב,“ האָט ער געזאָגט, „טהוט מען אַזוי,“ און איז מיר דערוויל אַראָבגעפֿאָהרען מיט זיין גרויסע לאַפּע איבער'ן פּנים; „אָבער ווען מי פֿאָהרט באַרג אַרויף, טהוט מען אַזוי,“ און איז מיר אַרויפֿגעפֿאָהרען מיט דער האַנד באַרג אַרויף, מיר אָברעכענדיג דעם נעזעל, וועלכער איז אַזוי אויך געווען אַ ביסעל צופֿיעל פֿעררייסען.

די אויגען זיינען מיר פֿערלאָפֿען מיט טרערען, וועלכע איך האָב מיט אַלע כוחות געטרייט איינצוהאַלטען. די דאַמען האָבען זיך גלייך אָנגענומען פֿאַר מיר, און די גוט־הערציגע מאַריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט מיך גענומען אונטער איהר השגחה. זי האָט מיך אַוועקגעזעצט לעבען זיך אין אַ סאַמעטענעם קינדער־בענקעל, און מי האָט מיר דערנאָך דערצעהלט, אַז איך האָב זיך גאַנץ בעל־בית'יש אַוועקגעלייגט מיין קעפּעל אין איהר

שוים, און בין מיר טאַקי גאָר אָן שהיות איינגעשלאָפֿען. די גאַנצע צייט פֿון באַלל האָט זי זיך פֿון איהר שטוהל ניט געריהרט.

אויך געדענק איך, אַז וואַרטענדיג אין קאָרידאָר אויף אונזער קאַרעטע, האָבען מיך מיינע קרובים געפּעשטשעט און געקושט, מיט די ווערטער: „פּעטיאַ, מי האָט דיך געמאַכט פֿאַר אַ קייזערליכען פּאַזש,*) ווייסט דו?" אָבער איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין ניט קיין פּאַזש, אַז איך געה גלייך אַהיים, און האָב שטארק מורא געהאַט פֿאַר מיינע סוכאַרקעס, וואָס איך האָב אַהיים געטראָגען פֿאַר סאַשאַ׳ן.

צו סאַשאַ׳ן איז אָנגעקומען א סך פֿון די סוכאַרקעס, ווייס איך ניט; אָבער איך געדענק ווי ווארעם ער האָט מיך געהאַלזט און געקושט ווען מי האט איהם דערצעהלט ווי געטריי איך האָב אָבגעהיט זיינע סוכאַרקעס.

פֿאַרשריבען צו ווערען אַלס פּאַזש איז דעמאָלט געווען אַ גרויסער כבוד, וועלכען ניקאָלאַי האָט זעהר זעלטען דעם מאָסקווער אַדעל צוגעטהיילט. דער פֿאָטער מיינער וואַר פּשוט ענטציקט, און ער האָט שוין גענומען פֿאַנטאַזירען מכח זיין זוהן׳ס קאַריערע אין קייזערליכען הויף. און די שטיעף־מוטער, דערצעהלענדיג די מעשה, פֿלעגט זי קיין מאָל ניט פֿערגעסען צוצולייגען: „און, ווייסט איהר? דאָס איז אַלץ דערפֿאַר, וואָס איך האָב איהם מיטגעגעבען מיין ברכה בעפֿאָר ער איז אַוועק צום באַלל".

מאַדאַם נאַזימאָף איז אויך געווען מלא שמחה, און האָט געוואָלט ניט אַנדערש זיין צוזאַמען מיט מיר פֿאָטאָגראַפֿירט, זי אין איהר קאָסטיום, און וועלכען זי האָט אַזוי פּראַכטפֿאָל שעהן אויסגעזעהען.

אויך מיין ברודער אַלעקסאַנדערס׳ס קאַריערע איז געמאַכט געוואָרען באַלד נאָך דעם באַלל, און אָט אויף וועלכען אופן: דער יובילעאום פֿון דעם איזמאַילאָווסקי פּאָלק, צו וועלכען מיין פֿאָטער האָט געהערט אין זיין יוגענד, איז געפּייערט געוואָרען אַרום דיעזע צייט אין פּעטערסבורג. איין נאַכט, וועהרענד אונזער גאַנצע הויז־געזינד איז געווען פֿערזונקען אין טיעפֿען שלאָף, האָט אַ קאַרעטע איינגעשפּאַנט מיט דריי פֿערד, קלינגענדיג מיט די גלאָקען, וועלכע זיינען געווען צוגעטשעפּעט צום געשפּאַן, זיך אָבגעשטעלט לעבען אונזער טויער. אַ מאַן איז פֿון איהר אַרויסגעשפּרונגען, שרייענדיג אויפֿ׳ן קול: „עפֿענט! אַ באַפֿעהל פֿון זיין מאַיעסטעט, דעם אימפּעראַטאָר!"

מי קען זיך לייכט פֿאָרשטעלען, וואָס פֿאַר אַ שרעק דיעזער נאַכט־בעזוך האָט אַרויפֿגעיאָגט אויף אונזער גאַנצע הויז. מיין פֿאָטער, ציטערנדיג

*) אַ קעניגליכער דיענער פֿון עדעלען שטאַם.

אין אַלע זיינע אברים, איז אַרונטערגעגאַנגען צו זיך אין זיין קאַבינעט. „קריגס־געריכט, פֿערשיקען, אַוועקנעהמען דעם טשין אַלס אָפֿיציר, אַראָבברייסען די שליפּעס“, זיינען דאַן געווען די שרעקליכע ווערטער, וועלכע האָבען געקלונגען אין די אויערען פֿון יעדען, וואָס איז געווען אין די מיליטער. דאָס איז געווען אַ שרעקליכע צייט. אונזער גאַנצע שרעק האָט זיך אָבער דיעזעס מאָהל אויסגעלאָזען מיט גאָרנים. צאַר ניקאָלאַי האָט נור געוואָלט האָבען די נעמען פֿון די זיהן פֿון אַלע די אָפֿיצירען, וועלכע האָבען אַמאָל געדיענט אין איזמאַילאָווסקי פּאָלק, כדי זיי צו שיקען אין אַ מיליטער־שוהלע, אויב דאָס איז נאָך ניט געטהאָן געוואָרען. אַ ספּעציעלער שליח איז צוליעב דיעזען צוועק געשיקט געוואָרען פֿון פּעטערסבורג נאָך מאָסקווע, און סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט, האָט דיעזער שליח אָבגעשטאַט זיינע וויזיטען אין די הייזער פֿון די אָפֿיצירען, וואָס האָבען אַמאָהל געדיענט אין דעם איזמאַילאָווסקי פּאָלק.

מיט אַ ציטערנדע האַנד האָט מיין פֿאָטער אָנגעשריעבען, דאָס זיין עלטסטער זוהן ניקאָלאַי לערענט שוין אין קאַדעטסקין קאָרפּוס אין מאָסקווע, דאָס זיין אינגסטער זוהן פּיאָטער (מיינענדיג מיר) איז אַ קאַנדידאַט פֿאַר דעם קאָרפּוס פֿון די קעניגליכע פּאַזשען, און דאַרום בלייבט נור זיין צווייטער זוהן אַלעקסאַנדער, וועלכער האָט נאָך ניט אָנגעפֿאַנגען זיין מיליטער־קאַריערע. איינינע וואָכען שפּעטער איז אָנגעקומען אַ פּאַפּיער, מיטטהיילענדיג דעם פֿאָטער מיינעם פֿון דעם מאָנאַרך׳ס גנאַדע. עס איז בעפֿוילען געוואָרען, דאָס אַלעקסאַנדער זאָל אַריינטרעטען אין דעם קאַדעטסקין קאָרפּוס אין אָריאָל, אַ קליינע פּראָווינץ־שטאָדט. דאָס האָט אָבער געמאַכט מיין פֿאָטער פֿיעל זאָרג, און עס האָט אַהם אויך געקאָסט אַ שיין ביסעל געלד, אַז אַלעקסאַנדער זאָל ניט געשיקט ווערען נאָך אָריאָל, נור זאָל קענען איינ־טרעטען אַלס קאַדעט אין דעם מאָסקווער קאַדעטסקי קאָרפּוס. ענדליך איז דאָב איהם בעוויליגט געוואָרען, אַלס אַ גאָר פֿרישע קעניגליכע גנאַדע, און דאָס נור צוליעב דעם, ווייל אונזער עלטסטער ברודער איז שוין געווען אין די מאָסקווער מיליטער שוהלע.

און אָט אויף אַזאַ אופֿן, ווייל ניקאָלאַי דעם ערשטען האָט זיך אַזוי פֿערגלוסט, זיינען מירביידע, איך און מיין ברודער, געמאַכט געוואָרען צו קריעגען אַ מיליטערישע ערציהונג, און עס זיינען ניט אַוועק פֿיעלע יאָהרען, ווען מיר האָבען איינפֿאַך געהאַסט דיעזע אויפֿגעצוואונגענע מיליטער קאַריערע צוליעב איהר פּוסטקייט און נאַרישקייט. ניקאָלאַי האָט אָבער געהיט, אַז קיינער פֿון די קינדער פֿון אַדעל זאָלען ניט האָבען קיין אַנדער פּראָפֿעסיע אויסער די מיליטערישע, סיידען זיי זיינען געווען קראַנק און

אונפּעהיג צום מיליטער־דיענסט. אָט אַזוי איז בעשערט געווען, צו מיין פּאָטער׳ס גרויסע צופריעדענהייט, דאָס אַלע זיינע דריי זיהן זאָלען זיין אָפּיצירען.

6.

אין יענע צייטען איז איינעמס רייכטהום געשעצט געוואָרען נאָך די צאָהל פון די „דושעס" (נפשות) וועלכע אַ פּאָמיעשטשיק האָט געהאַט אַלס זיין אייגענס. אַזוי פיעל און אַזוי פיעל זעעלען האָט געמיינט: אַזוי פיעל לייב־אייגענע זכרים; פרויען זיינען ניט גערעכענט געוואָרען. מיין פּאָטער, וועלכער איז געווען דער אייגענטהימער פון ביינאַהע צוועלף הונדערט דושעס אין דריי פערשיעדענע פּראָווינצען, און וואָס האָט נאָך געהאַט צו די לאַנד פון זיינע בויערן גרויסע שטרעקען לאַנד, וואָס זיינען בעאַרבייט געוואָרען פון דיעזע בויערן, איז גערעכענט געוואָרען אַלס אַ גביר. און אום צו רעכט־פערטיגען זיין שם אַלס גביר, האָט ער אויך געפיהרט זיך אויף דעם שטייגער פון אַ גאַנץ רייכען מאַן. דאָס האָט געמיינט, דאָס זיין הויז איז געווען אימער אָפען, מאַכט ניט אוים פאַר וואָס פאַר אַנצאָהל פון געסט, און ער האָט געפיהרט זיין הויז אויף אַ זעהר גרויסען אופן.

מיר זיינען געווען אַ פאַמיליע פון אַכט, און אַמאָהל פון צעהן, צוועלף פּאַרשוין. אָבער פופציג דיענער אין מאָסקווע, און אַ העלפט פון דיעזע צאָהל אויפ׳ן לאַנד זיינען ניט בעטראַכט געוואָרען אַלס צופיעל. פיער קוטשערס, אום אויפצופּאַסען אויף אַ דוצען פערד; דריי קוכאַרעס פאַר די הערען פון הויז און צוויי פאַר די דיענסטלייט. אַ דוצען מענשען, וועלכע האָבען אונז בעדיענט ביי׳ן מיטאָג־עסען (אַ מענש, מיט אַ טעלער אין האַנד, שטייענדיג הינטער יעדע פערזאָן, וואָס איז געזעסען ביי׳ן טיש) און מיידלאַך אָהן אַ צאָהל אין דעם דיענסט־צימער — ווי האָט אימיצער געקענט גאָר אויסקומען מיט וויינינגער? אויסער דעם, די אַמביציע פון יעדען לאַנד־בעזיצער איז געווען, דאָס אַלעס, וואָס ווערט געברויכט פאַר זיין הויז־געזינד, זאָל געמאַכט ווערען אין דער היים, פון זיינע אייגענע מענשען.

„ווי שעהן אייער פּיאַנאָ איז אימער אָנגעשטעלט! איך דענק, אַז הערר שימעל איז עס, וואָס שטעלט אָן דעם טאָן אין אייער פּיאַנאָ".

צו זיין אין שטאַנד צו ענטפערן אויף אַזאַ בעמערקונג: „אָה, איך האָב מיין אייגענעם מענש, וואָס שטעלט מיר אָן די פּיאַנאָ", איז געווען בעטראַכט צו יענער צייט אַלס דאָס פּאַסענדסטע, דאָס ריכטיגסטע.

„וואָס פאַר אַ טהייערע צוקערקעס" פלעגען די געסט אויסשרייען, ווען דיעזע קונציגע שטיקעל אַרבייט פלעגט ערשיינען אויפ׳ן טיש צו די

ענדע פֿון מאַהלצייט, „זיים זיך מודה, פּרינץ, דאָס דיעזע טהייערע צוקער־געבעקס קומט פֿון טרעמבלע״ (דער צוקערקעס־מאַכער, וואָס איז געווען אין דער מאָדע צו יענער צייט).

„דאָס איז געמאַכט געוואָרען פֿון מיין אייגענעם צוקערקעס־מאַכער, אַ שיהלער פֿון טרעמבלע, און איך האָב איהם געגעבען די ערלויבניס צו ווייזען, וואָס ער קען״, איז געווען דער ענטפֿער, וועלכער האָט אַרויס־גערופֿען אַלעמענס בעוואונדערונג.

צו האָבען די שעהנסטע שטריקערייארבייט, געשפּאַנען, מעבעל — יאַ, אַלעס — געמאַכט ביי זיך צו הויז, פֿון די אייגענע מענשען, איז געווען דער אידעאַל פֿון דעם רייכען לאַנד־בעזיצער. אַזוי שנעל, ווי די קינדער פֿון די דיענערשאַפֿט פֿלעגען אַלט ווערען צעהן יאָהר, פֿלעגט מען זיי גלייך אַוועקשיקען אַלס לעהרלינגע צו פֿערשיעדענע בעלי מלכות, וואָס זיינען געווען אין דער מאָדע. ביי דיעזע מייסטערס פֿלעגען זיי געצוואונגען זיין צו פֿאַרברייגנען אַ יאָהר פֿינף און מעהר, מייסטענטהייל אין קערען דעם פּאָמאָסט, אין קריגען קלעפּ און קולאַקעס אָהן שיעור, און אין אַרומגעיאָגט ווערען איבער׳ן שטאָט פֿאַר פֿערשעדענע שליחות. איך מוז מודה זיין, דאָס זעהר ווענינע זיינען געוואָרען ריכטיגע בעלי מלכות. די שוסטער און שניידער האָבען זיך נור אַזוי ווייט אויסגעלערנט זייער אַרבייט, דאָס מעהר ווי פֿאַר די דיענערשאַפֿט האָט זייער אַרבייט ניט געטויגט. און ווען מי האָט ווירקליך געברויכט צו האָבען אַ גוטען צוקער־געבעקס, פֿלעגט מען איהם טאַקי בעשטעלען ביי טרעמבלע, וועהרענד אונזער אייגענער צוקערקעס־מאַכער האָט געטראַסקעט אין פויק אין אונזער מוזיק־קאַפּעליע. דיעזע מוזיק־קאַפּעליע איז געווען נאָך איינע פֿון מיין טאַטענס אַמביציאָנען, און כמעט יעדער איינער פֿון זיינע דיענער, צו אַלע אַרבייטען זיינע, האָט געמוזט זיין אויך אַ מוזיקער. מאַקאַר דער פּיאַנאָ־אָנשטעלער, אויך דער צווייטער פֿון דעם שר המשקים, איז אויך געווען אַ פֿלייטיסט. אַנדריי, דער שניידער, האָט געשפּיעלט פֿייפֿיאָל; דער צוקערקעס־מאַכער איז פֿריהער געווען אַ פויקער, אָבער ער האָט געטראַסקעט אין פויק מיט אַזאַ חשק, אַז מיר זיינען אַלע שיעור טויב געוואָרען פֿון איהם, און מי האָט פֿאַר איהם געקויפֿט אַ גרויסען טראָמפּייט, אין דער האָפֿנונג, דאָס זיינע לונגען וועלען ניט זיין בכוח צו מאַכען אַזאַ גערויש, ווי ער האָט עס געמאַכט מיט זיינע הענד. ווען ער האָט אָבער אויך די לעצטע האָפֿנונג פֿון מיין פֿאָטער צושטערט, האָט מען איהם גאָר אָבגעגעבען פֿאַר אַ סאָלדאַט. וואָס אָנבעלאַנגט דעם געשטופּעלטען טיכאָן, האָט ער צו אַלע זיינע קענטניסע אין דער הויז־ווירטהשאַפֿט, אַלס אַ לאָמפּענפּוצער, פּאָמאָסט־שייערער און ז. וו. זיך אויך

נוצליך געמאַכט אין דער קאַפּעליע—היינט האָט ער געשפּיעלט די באַנדורע, מאָרגען אויפ׳ן צימבעל און איבערמאָרגען גאָר אויפ׳ן פֿידעל.

די צוויי ערסטע וויאָלינּיסטען זיינען געווען די אויסנאַהמע צו דיעזער רעגעל. זיי האָבען צו קיין אַנדער זאַך, ווי צו די פֿידעל, זיך ניט צוגעריהרט. דער פֿאָטער האָט זיי, מיט זייערע גרויסע פֿאַמיליען, אָבגעקויפֿט פֿאַר אַ היבשע סומע פֿון זיין שוועסטער. (פֿון פֿרעמדע פֿלעגט ער קיין מאָל קיין לייב־אייגענע ניט קויפֿען און זיי אויך קיין מאָל צו פֿרעמדע ניט פֿערקויפֿען.)

דעם אָוועגד, וואָס דער פֿאָטער פֿלעגט ניט פֿערברייגגען אין קלוב אָדער ווען ביי אונז איז געווען אַ שטיקעל אונטערהאַלטונג, האָט מען צוזאַמענגערופֿען די צוועלף, פֿופֿצעהן פּערזאָן פֿון אונזער קאַפּעליע. זיי האָבען גאַר נישט־קשה׳דיג געשפּיעלט, און פֿלעגען גאַנץ אָפֿט איינגעלאַדען ווערען צו אונזערע שכנים, ספּעציעל אוי׳פֿ׳ן לאַנד. פֿערשטעהט זיך, אַז דער פֿאָטער פֿלעגט שעפּען פֿיעל נחת, ווען מי איז געקומען בעטען ביי איהם ערלויבנים אָבצולאָזען זיין קאַפּעליע אויף איין אָוועגד.

דער פֿאַקט איז, אַז קיין זאַך האָט מיין טאַטען ניט פֿערשאַפֿט אַזוי פֿיעל פֿערגניגען, ווי בעת מי פֿלעגט ביי איהם בעטען אַ טובה; צו מי האָט איהם געבעטען אום זיין קאַפּעליע, צו אום אַ סטיפּענדיע פֿאַר אַן אָרעמען גימנאַזיסט, אָדער גאָר אום אַרויסצונעהמען אַ מענשען פֿון תפיסה,—איז געווען ביי איהם עגאַל. כאָטש ער איז געווען אַ בעל כעס׳ן, וואַר ער פֿון דעסטוועגען זעהר מילד פֿון דער נאַטור, און ווען מי האָט איהם געבעטען אום הילף, פֿלעגט ער פֿאַנאַנדערשיקען מאַסען בריעף צו פֿערשיעדענע איינפֿלוסרייכע פּערזאָנען, אַבי צו קענען העלפֿען דעם מענשען, וועלכען ער האָט זיך אָנגענומען צו בעשיצען.

ביי אַזאַ געלעגענהייט פֿלעגט זיין קאָרעספּאָנדענץ, וועלכע איז אַזוי אויך געווען היבש גרויס, נאָך שווערער ווערען דורך אַ מאַסע ספּעציעלע בריעף, וועלכע זיינען געווען געשריעבען אין אַ האַלב אָפֿיציעלען, האַלב קאָמישען סטיל; יעדער בריעף איז זעלבסט־פֿערשטענדליך געווען פֿערחתמ׳ט מיט אונזער פֿאַמיליען־הערב, אין אַ גרויסען פֿיער־עקיגען קאָנווערט, אין וועלכען ס׳האָט געקלאַפּערט דער זאַמד,—פֿון קיין לעש־פּאַפּיער האָט מען נאָך דאַמאָלסט ניט געוואוסט.

וואָס שווערער עס איז צוגעגאַנגען, דאָס מעהרער ענערגיע פֿלעגט ער אָנווענדען, ביז ער האָט געקראָגען די טובה פֿאַר אַ פּערזאָן, וועלכע ער האָט גאַנץ אָפֿט אפֿילו אין די אויגען קיין מאָהל ניט געזעהען.

דער פֿאָטער האָט שטענדיג געגאַרט צו האָבען פֿיעל געסט ביי זיך אין הויז. אונזער מיטאַג־שטונדע איז געווען פֿיער אַ זייגער, און אַרום

זיבען פֿלעגען מיר זיך אַלע אַרומזעצען אַרום דעם סאַמאָוואַר. יעדער, וואָס האָט בעלאַנגט צו אונזער צירקעל, האָט זיך געמעגט אַריינקומען אין אָוועגד, און זייט דער צייט, וואָס די שוועסטער העלענאַ איז צוריקגעקומען אַהיים, האָט שוין קיין געסט ניט געפֿעהלט; אי אַלטע, אי יונגע האָבען זיך דאַן געפֿאָלזעוועט מיט דער פּריווילעגיע. קוים האָט מען געזעהען דורך די פֿענסטער, אַז אין הויז איז גוט ליכטיג, האָט מען שוין געוואוסט, אַז מיר זיינען אין דער היים און אַז פֿריינד זיינען ווילקאָמען.

און געסט האָבען מיר געהאַט כמעט יעדען אָוועגד. אין זאַאל פֿלעגט מען עפֿענען די גרינע טישען פֿאַר די קאָרטען־שפּיעלער, וועהרענד די פּרויען און דאָס יונגוואַרג האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אין די קלענערע צימער, אָדער אַרום העלענאַ'ס פּיאַנאָ. ווען די דאַמען זיינען שוין געהאַט אַוועקגעגאַנגען, פֿלעגען נאָך די קאָרטען־שפּיעלער בלייבען מאַנכעסמאָל ביז בעגינען, און היבשע סומען געלד פֿלעגען פֿערשפּיעלט און געוואונען ווערען. מיין פֿאָטער האָט תמיד פֿערשפּיעלט. הגם אין דער היים איז נאָך קיין סכנה ניט געווען, אין ענגלישען קלוב פֿלעגט אָבער חברה שפּיעלען גרויס, און נאָך ערגער איז עס צוגעגאַנגען צווישען די „זעהר אַנשטענדיגע" דוואָריאַנעס, אין איינע פֿון די „רעספּעקטאַבעלסטע" הייזער פֿון דער סטאַראַיאַ קאָניושנאַיאַ. דאָרט האָט מען געגעמבעלט די גאַנצע נאַכט, און מיין פֿאָטער פֿלעגט תמיד אַהיים קומען מיט אויסגעליידיגטע קעשענעס.

ניט זעלטען פֿלעגט מען ביי אונז כאַפּען אַ טענצעל סתם אַזוי זיך, אַ חוץ נאַטירליך די עטליכע בעלער, וועלכע יעדע אַריסטאָקראַטישע פֿאַמיליע וואַר פֿערפּפֿליכטעט צו געבען יעדען ליבען ווינטער־סיזאָן. ביי אַזאַ געלע־גענהייט האָט דער פֿאָטער תמיד ליעב געהאַט אַלעס צו האָבען אַראַנזשירט אויף דעם שעהנסטען אַרט, וויפֿיעל עס זאָל ניט געווען קאָסטען. דאָך אין הויז ביי אונז פֿלעגט מען לעבען מורא'דיג קאַרג.

מי דערצעהלט פֿון אַ משפּחה, וואָס האָט פּרעטענדירט אויפֿ'ן פֿראַנצויזישען טהראָן, און איז געווען זעהר בעריהמט מיט איהרע ווירקליך קעניגליכע יאַגד־אויסשטאַטונגען, אַז אין זייער טעגליכען לעבען זיינען זיי געווען אַזעלכע קנויזער, אַז אפילו די קליינע חלב'ענע ליכטלאַך האָבען זיי געזשאַלעוועט און צוגעצעהלט.

אָט אַזאַ מין קאַרגשאַפֿט האָט געהערשט ביי אונז אין הויז אין יעדער זאַך; אויף אַזוי פֿיעל, אַז ווען מיר, קינדער, זיינען אויפֿגעוואַקסען, האָבען מיר פֿעראַכטעט יעדע מין שפּאָרעניש און ציילעניש, אָבער אין דער אַלטער קאָניושנאַיאַ האָט אַזאַ'ן אַרט לעבען געשטעלט דעם פֿאָטער פֿיעל העכער אין דער עפֿענטליכער מיינונג. „דער אַלטער פּרינץ", פֿלעגט מען

זאָגען, „איז זיך אַפּילו נישט־קשה'דיג קאַרג ביי זיך אין הויז; אָבער פון דעסטוועגען פערשטעהט ער ווי אַן עדעלמאַן ברויך צו לעבען".

אין אונזערע שטילע און ריינע געסלעך איז אָט דיעזער סאָרט לעבען געווען זעהר אין דער מאָדע. איין שכן אונזערער, גענעראַל ד—, האָט זיך געפיהרט זעהר ברייט אין הויז; און דאָך זיינען צווישען איהם און זיין קוכאַר פאָרגעקומען די קאָמישסטע סצענעס יעדען אין דער פריה. נאָך פריהשטיק פלעגט דער אַלטער גענעראַל פעררויכערען די ליולקע און אַליין בעשטעלען דעם מיטאָג.

„נו, נו, מיין ליעבער", פלעגט ער זיך ווענדען צום קוכאַר, אין זיין שנעע־ווייסען אַנצוג, „היינט וועלען בלויז זיין עטליכע געסט. מאַך אַ זופּ, פערשטעהסטו מיך, מיט אַ ביסעל גרינע אַרבעס, פראַנצויזישע בעבלאַך, וכדומה. מיר האָבען נאָך דאָס דיעזען סיזאָן ניט געגעסען, און די מאַדאַם, פערשטעהסטו מיך, האָט זעהר ליעב אַזאַ ביסעל זופּ."

„יאַ, מיין הערר".

„אַלס אַ צושפּייז וויסטו שוין אַליין וואָס צו פערפערטיגען".

„יאַ, מיין הערר".

„נאַטירליך, שפּאַרגעל איז נאָך ניט אין סיזאָן, אָבער האָב איך עס נעכטען געזעהען שעהנע בינטלעך אין מאַרק".

„יאַ, מיין הערר, פיער רובעל אַ בינטעל".

„זעהר ריכטיג! און דיינע געבראָטענע הינדלעך און אינדיקעס זיינען אונז שוין אויך נמאס געוואָרען: פאַרוואָס מאַכסטו ניט אַמאָל עפּעס אַנדערש?".

„יונגע העזלעך, קוראָפּאַטקעס?"

„יאַ, יאַ, אַבי ניט תמיד דאָס זעלבע".

און ווען מען האָט שוין געהאַט געענדיגט מיט אַלע זעכס געריכטען, האָט דער גענעראַל אַ פרעג געטהאָן: „נו, און וויפיעל פערלאַנגסטו אויף היינטיגע הוצאות? איך רעכען, דו ועסט האָבען גענוג אַ רובעל דריי, וואָס?"

„צעהן רובעל, מיין הערר".

„ביזט משוגע, וואָס? נאַ, אָט האָסטו דריי רובעל; איך זאָג דיר, אַז דאָס איז גאַנץ גענוג".

„פיער רובעל פאַר'ן שפּאַרגעל אַליין, צוויי רובעל אויף גרינוואַרג".

„דרעה ניט קיין קאָפּ, מיין ליבער קערל. איך וועל דיר געבען אַזוי פיעל ווי דריי און אַ האַלב רובעל, דו מוזט זיין עקאָנאָמיש".

און אַזוי פלעגען זיי זיך אָבדינגען אַ האַלבע שעה, ביז ענדליך עס איז געבליעבען ביי זיעבען רובעל און צוואַנציג קאָפּיקעס, מיט דעם תנאי, אַז מאָרגענדיגער מיטאָג זאָל ניט קאָסטען מעהר ווי אָנדערטהאַלבען רובעל.

אַ צופֿריעדענער מיט דער גרויסער מציאה, וואָס ער האָט איינגעהאַנדעלט ביי'ן קונאַר, איז דער גענעראַל דאַן אַוועק מיט זיין רייכען שליטען איבער די מאַגאַזינען, און איז צוריקגעקומען מלא שמחה, ברענגענדיג פֿאַר דער מאַדאַם אַ פֿלעשעלע פּרעכטיגע פּערפֿיום, פֿאַר וועלכער ער האָט בעצאָהלט אַ היבשע סומע, און אָנזאָגענדיג זיין בת יחידה, אַז נאָכמיטאָג וועט מען איהר ברענגען אָנצומעסטען אַ נייעם סאַמעטענעם מאַנטעל — אַ גאַנץ איינפֿאַכער און זעהר קאָסטבאַרער בגד'על.

אַלע קרובים אונזערע, וועלכע זיינען צאָהלרייך פֿונ'ם פֿאָטער'ס צד, האָבען אויך אַזוי געלעבט; און אויב עס האָט זיך יאָ אַמאָל בעוויזען אַ נייער גייסט צווישען זיי, האָט ער זיך געוועהנליך אויסגעדריקט אין דער פֿאָרמע פֿון אַ רעליגיעזער ליידענשאַפֿט. אַ פּרינץ גאַגאַרין האָט, צום ביישפּיעל, זיך פּלוצים אָנגעשלאָסען אָן דעם יעזואיטישען אָרדען, אָנמאַכענדיג אַ סקאַנדאַל איבער „גאַנץ מאָסקווע"; אַנאַנדער יונגער פּרינץ איז געוואָר־ען אַ מאָנאַך, וועהרענד עטליכע עלטערע דאַמען זיינען סתם געוואָרען משוגענע פֿאַנאַטיקער.

איין אויסנאַהמע איז אָבער יאַ געווען. איינער פֿון אונזערע נאָהענטסטע קרובים, פּרינץ — לאָמיך איהם אָנרופֿען מירסקי, האָט פֿערבראַכט זיין יוגענד אין פּעטערסבורג אַלס אָפֿיציער אין דער גוואַרדיע. ער פֿלעגט שוין ניט האַלטען קיין אייגענע שניידער און סטאָליאַרעס, דען זיין הויז וואַר אויסגעמעבלירט נאָך דער לעצטער מאָדע, און זיינע גאַרדעראָבען וואַרען אַלע געמאַכט אין די רייכסטע פּעטערבורגער מאַגאַזינען. צום געמבלען האָט ער קיין שטאַרקען חשק ניט געהאַט, — געשפּיעלט אין קאָרטען האָט ער נור אום צו לייסטען געזעלשאַפֿט די דאַמען; זיין שוואַכע זייט איז געווען דער מיטאַג־מאָהלצייט: אויף דעם האָט ער געספּענדעט אונגעהייערע גרויסע סומען געלד.

איבערהויפּט וועהרענד דעם גרויסען פּאָסט און די פּאַסכע פֿלעגט צו זיין פֿערשווענדונג גאָר קיין שיעור ניט זיין. ווען עס איז געקומען די צייט פֿון ווע ליקי פּאָסט, און מי האָט ניט געטאָרט עסען ניט קיין פֿלייש, ניט קיין סמעטענע און ניט קיין פּוטער, האָט ער זיך געפֿאָלעוועט מיט דער געלעגענהייט און געמאַכט די שעהנסטע מעדנים'לעך פֿון אַלערליי פֿיש. דאַן פֿלעגט מען דורכזוכען די בעסטע פֿיש־מערק פֿון פּעטערסבורג און מאָסקווע; ספּעציעלע שלוחים זיינען צושיקט געוואָרען איבער די וואָלגאַ, און מיט דער פּאָטשט (קיין אייזענבאַהן איז נאָך דעמאָלט ניט געווען) צו ברענגען די זעלטענסטע און טהייערסטע פֿיש.

און ווען עס איז געקומען פּסח־צייט, איז שוין גאָר צו זיינע ערפינדונ־גען קיין סוף ניט געווען.

פּסח איז ביי׳ן רוס דער הייליגסטער און אויך דער פרייליכסטער פון אַלע יום־טובים זיינע. עס איז דער פריהלינג׳ס יום טוב. די גרויסע קופּעס שנעע, וואָס פאַרלייגען די מאָסקווער גאַסען אַם ווינטער, הויבען אָן צו צוגעהן, און רוישענדע שטראָמען וואַסער פאַרפליצען די גאַסען; ניט ווי דער גנב, וואָס קריכט אַריין אונבאַמערקט, זאָנדערן, פראַנק און פריי קומט דער פריהלינג, — יעדער טאָג ברייננט מיט זיך אַן אומענדערונג אין די קופּעס שנעע און אַ נאַיעם לעבען צווישען די פרישע קנאָספּען אויף די בוימער; נור דער נאַכט־פראָסט לאָזט נאָך ניט דעם שנעע אַזוי גיך צו געהן.

די לעצטע וואָך פון דעם גרויסען פאָסט, די מאַרטער וואָך (ווען יעזוס איז געמאַרטערט געוואָרען אויפ׳ן קרייץ), פלעגט מען פאַר מיין צייט אָבהיטען מיט דער פייערליכסטער הייליגקייט אין מאָסקווע; דאָס וואַר אַ צייט פון אַלגעמיינעם טרויער, און מאַסען מענשען האָבען אנגעפּאַקט די קלויסטערס און צוגעהערט זיך צו די טרויעריגע קאַפּיטלען פון דעם הייליגען טעסטאַמענט וואו עס ווערט דערצעהלט יעזוס׳עס ליידען. דאַן האָט מען ניט נור קיין פליש, קיין אייער און קיין פּוטער ניט געגעסען, נור אפילו פיש איז אויך געווען שטאַרק פערבאָטען; די גאָר פרומע פלעגען אין גאַנצען פאַסטען אַם הייליגען פרייטאָג. דערפאַר איז אָבער דער קאָנטראַסט נאָך שטאַרקער געווען, ווען דער לוסטיגער פּסח איז אָנגעקומען.

שבת האָבען אַלע בעזוכט די קלויסטערס; די תפילות זיינען דאַן געווען זעהר טרויעריג. אָבער צו חצות איז אונז פּלוצים אָנגעזאָגט געוואָרען די בשורה אז קריסטוס איז אויפגעשטאַנען תחית המתים. די קירכעס זיינען גלייך העלל בעלויכטען געוואָרען, פון הונדערטער קירכען האָבען זיך די גלאָקען מיט איין מאָל הערליך פאַנאַנדערגעקלונגען. ששון ושמחה האָט געהערשט אומעטום. אַלע האָבען זיך דריי מאָל געקושט איינער מיט׳ן אַנדערען, און די קלויסטערס, וועלכע וואַרען יעצט פאַרפלייצט מיט העללער ליכטיגקייט, האָבען געשיינט מיט די פּרעכטיגע פרויען קאָסטיומען. די אָרעמסטע פרוי האָט זיך געמאַכט אַ נייע קלייד אויף דיזען יום טוב; אויב זי האָט געהאַט איין נייע קליד אין יאָהר, איז דאָס געווען געמאַכט לכבוד דיזע נאַכט.

פּסח איז אָבער אויך געווען אין איז נאָך יעצט, דער יום טוב פון דער גרעסטער זולל־וסובה׳עריי. פאַסכאַלנע שמאַנט־קעזולאַך און פּסח ברויט (קוליטש) ווערען דאַן ספּעציעל געמאַכט; און יעדער איינציגער, ווי אָרעם ער זאָל ניט זיין, האָט געמוזט האָבען כאָטש איין קליין קעזעל און אַ קליינעם

קוליטש, מיט ווייניגסטענס איין רויט געפאַרבטע איי, וועלכע האָט געזאָלט געבענטשט ווערען אין דער קירכע, און וועלכע וואַר נאָכהער געברויכט אַלס דער ערשטער ביסען ביים ענדע פאָסט.

ביי דאָס רוב אַלטע רוסען האָט זיך דאָס מאָהלצייט אָנגעהויבען ביי נאַכט, נאָך אַ קורצער תפילה, גלייך ווי מ׳ האָט געבראַכט דאָס גע־בענטשטע ברויט פון קירכע; אָבער אין די דוואָריאַנסקע הייזער האָט מען די צערעמאָניע אָבגעלייגט אויף זונטאג אין דער פריה; דאַן פלעגט מען ערשט דעקען אַ טיש מיט אַלערליי פליישען, אַלערליי סאָרטען קעז און געבעקס, און אַלע דיענער זיינען געקומען זיך צוקושען מיט זייערע הערען.

ווערענד די גאַנצע פסח־וואָך איז אין זאַאַל געשטאַנען אַ גרויסער טיש בעדעקט מיט אַלערליי פסח׳דיגע שפּייזען, און יעדער גאַסט איז איינגעלאַדען געווען צו געניעסען כאָטש עפּעס.

ביי אַזאַ געלעגענהייט פלעגט זיך פרינץ מירסקי זעלבסט איבער־טרעפען. צו ער איז געווען אין פעטערסבורג, צו אין מאָסקווע, האָט איהם אַ שליח תמיד געבראַכט פון זיין אייגענער אימעניע אַ ספּעציעל פערפאַר־טיגטען שמאַנט־קעז פאַר דער פאַסכאַ, פון וועלכען זיין קוכער פלעגט אויסאַרבייטען דערפון אַן אַרטיסטיש שטיק צוקער־געבעקס. אַנדערע שלוחים זיינען געשיקט געוואָרען קיין נאָווגאָראָד צו קריגען דאָס לענדען־פלייש פון אַ בער, וועלכעס מ׳ האָט געטריקענט פאַר׳ן פרינץ׳ס פסח׳דיגע סעודה.

און בעת די פרינצעסין, מיט איהרע צוויי טעכטער, האָבען מתפלל געווען אין די שטרענגסט אָרטאָדאָקסישע קירכען דריי, פיער שעה דורכ־אַנאַנד, און האָבען פאַרבראַכט די גאַנצע מאַרטער־וואָך אין שטרענגסטען טרויער, לעבענדיג מיט אַ שטיקעל טרוקענע ברויט, וועלכע זיי האָבען געכאַפּט געהענדיג פון איין קלויסטער אין אַנדערען, האָט דערוויל דער פרינץ יעדען אין דער פריה דורכגעקוקט דעם מיליוטין באַזאַר אין פעטערסבורג, וו־והין אַלע זעלטענסטע לוקסוס־שפּייזען ווערען געבראַכט פון אַלע עקען וועלט. דאָרטען פלעגט ער אויסקלייבען די געשמאַקסטע מאכלים פאַר זיין פסח׳דיגען מאָהלצייט. הונדערטער געסט זיינען צו איהם געקומען און יעדער האָט געמוזט טועם זיין וואָס עס איז פון די מעדני מלך וואָס וואַרען צושטעלט אויף זיינע רייכע טישען.

דער סוף איז געווען, אַז דער פרינץ האָט בוכשטעבליך אויפגעגעסען זיין היבשען פאַרמעגען. די רייך־געמע לירטע הויז און זיין פראַכטפאָללע אימעניע זיינען פאַרקויפט געוואָרען, און אויף דער עלטער האָט ער געמוזט אָנקומען צו די קינדער זיינע.

עס איז קיין חדוש ניט, וואָס כמעט אַלע דיעזע פאַמיליעס פון דעם

אַלטען קאָניושענני קוואַרטאַל וואַרען פֿאָלשטענדיג רואינירט, בשעת די פּאַנשטשיזנע איז אָבגעשאַפֿט געוואָרען אין רוסלאַנד. נור לאָמיך ניט כאַפּען די שפּעטערע בעגעבענהייטען פֿאָראויס.

7.

ווען מיר וואָלטען מוזען איינקויפֿען אונזער פּראָוויאַנט אין מאָסקווע גופא, וואָלט עס זיכער געווען אונמעגליך פֿאַר אונז אויפֿצוהאַלטען אַזוי פֿיעל בעדיענער; אָבער אין יענע צייטען האָט עס זיך געפֿיהרט גאַנץ איינפֿאַך. ווען דער ווינטער איז געקומען, האָט זיך דער טאַטע מיינע בריטליך אַוועקגעזעצט ביי׳ן טיש און האָט אָנגעשריעבען אַזאַ מין בריוועלע:—

„צו דעם עקאָנאָם פֿון דער אימעניע ניקאָלסקאָיע, קאַלוגער גובערניע, מעשאָווסקער אויעזד, ביי׳ן טייך סירענאַ, פֿון דעם פּרינץ אַלעקסעי פּעטראָוויטש קראַפּאָטקין, פּאָלקאָווניק און קאָמאַנדיר פֿון פֿאַרשיעדענע טשינען.

„אַזוי שנעל, ווי דו ערהאַלטסט דיזען דאָקומענט, און אַזוי שנעל ווי דער וועג איז אין אָרדנונג, בעפֿעהל איך דיר, מיר צוצושיקען אין מיין הויז, וועלכעס געפֿינט זיך אין דער שטאָדט מאָסקווע, פֿינף־און־צוואַנציג פּויערשע שליטענס, יעדער פֿון זיי געשפּאַנט אין צוויי פֿערד, אַ פֿערד פֿון יעדוועדער הויזגעזינד, און אַ שליטען און אַ פּאַראָבקע פֿון יעדער צווייטער הויזגעזינד; די דאָזיגע שליטענס זאָלען זיין געלאָדען מיט אַזוי פֿיעל און אַזוי פֿיעל טשוואַרטקעס ווייץ, האָבער און גערשטען, ווי אויך מיט אַלע עופֿות, גענז און קאַטשקעס, וועלכע מוזען דיזען ווינטער געקוילעט ווערען, אַלעס גוט געפֿרוירען, גוט געפּאַקט, און אונטער די השגחה פֿון אַ פֿעהיגען מענשען". — און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער, ביז׳ן סוף אוקאַז. דערנאָך פֿלעגט ער נעהמען אויסרעכענען די קאַרעס, מיט וועלכע ער וועט שטראַפֿירען, אויב דער פּראָוויאַנט וועט ניט אָנקומען פֿון דער־און־דער הויז, פֿון דעם־און־דעם נומער, פֿון דער־און־דער גאַס, פּונקט אין דער ריכטיגער צייט, און אין בעסטען צושטאַנד.

אַ שטיקעל צייט פֿאַר קריסטמעס זיינען טאַקי די פֿינף־און־צוואַנציג שליטענס אַריינגעפֿאָהרען אין אונזערע טויערען און האָבען פֿארנומען אונזער גאַנצען ברייטען הויף.

„פּראָל" האָט דער טאַטע אַ געשריי געטהאָן, אַזוי שנעל, ווי ער האָט דערהערט דיזע וויכטיגע בשורה. קיראַשקאַ, יעגאָרקאַ! וואו זיינט איהר אַלע? מי וועט אַלעס צו׳גנב׳ענען! פּראָל, געה, נעהם אָב דעם האָבער! אוליאַנאַ, שנעל נעהם צו די עופות! קיראַשקאַ, רוף אַראָב די פּירסטין!"

דאָס גאַנצע הויזגעזינד האָט זיך גענומען קאָכען, די דיענער זיינען אַרומגעלאָפען פאַרטומעלט אַהין און אַהער, פון קאָרידאָר אין הויף אַריין, און פון הויף צוריק אין קאָרידאָר, אָבער מיינסטענס אין דעם צימער פון די דיענסט-מיידלאַך זיי מיטצוטהיילען די נייעס פון ניקאָלסקאָיע: „דער איז געשטאָרבען, די געהט חתונה האָבען מיט דעם, די מיט יענעם", א.ז.וו. אויך בריעף פלעגען צו דיעזע צייט אָנקומען פון דער פראָווינץ, און באַלד גנב'עט זיך אַ מיידעל אַריין צו מיר אין צימער.

„ביסטו אַליין? איז דער לעהרער ניטאָ?"

„ניין, ער איז אין אוניווערזיטעט."

„נו, טאָ לייען מיר טאַקי איבער אָט דעם בריוועל פון דער מאַמען."

און איך לייען איהר דעם נאַאיווען בריוועל, וועלכער הויבט זיך תמיד אָן מיט די ווערטער:

„טאַטע—מאַמע שיקען דיר כל הברכות אויף אייביג און אייביג."

דערנאָך קומט די נייעס: „די מומע אופראַקסיע ליגט קראַנק, אַלע ביינער ברעכען איהר; און דיין פלעמעניק האָט נאָך ניט חתונה געהאַט, אָבער ער האָפט חתונה צו האָבען נאָך די פאַסכעס." נאָך די נייעס האָט זיך אָנגעהויבען די גריסעניש, אויף צוויי זייטלעך פאַפּיער: „ברודער פאַוועל לאָזט דיך גריסען, און די שוועסטער מאַריאַ און דאַריאַ לאָזען דיך גריסען, און דער פעטער דמיטרי לאָזט דיך הערצליך גריסען" א.ז.וו.

פון דעסטוועגען, כאָטש די פאָדראָבנע אויסרעכנונג איז ניט געווען אינטערעסאַנט פאַר מיר, האָט דאָס ביי דער מיידעל אויפגעוועקט גאַנצע בערג מיט עראינערונגען: „אַזוי, זי לעבט נאָך, הפנים, די אונגליקליכע נשמה, זי לאָזט דאָך מיך גריסען" פלעגט זי בעמערקען; „שוין ניין יאָהר ווי זי ליגט אויף איין אָרט, אַ פאַראַליזירטע נעבאַך." אָדער, „אַה, ער האָט נאָך אָן מיר ניט פאַרגעסען; איז ער דאָך הפנים אַהיים געקומען אויף קריסטמעס; אַזאַ שעהנער יונג. דו וועסט מיר אָנשרייבען אַ בריוועל? איהם טאָר איך ניט פאַרגעסען צו גריסען." איך האָב איה", נאַטירליך, צוגעזאָגט, און ווען עס איז געקומען דערצו האָב איך דעם בריף געשריעבען פונקט אין דעם זעלבען נוסח.

ווען מ׳ איז פאַרטיג געוואָרען מיט׳ן אויסלאַדעווען, איז דער קאָרידאָר געוואָרען פול מיט מושיקעס. אויף די פעלצלעך האָבען זיי אַרויפגעשלעפט אויף זיך די יום-טוב'דיגע בגדים זייערע, און זיינען געשטאַנען און געוואַרט, ביז דער טאַטע וועט זיי אַריינרופען צו זיך אין צימער און וועט זיך מיט זיי דורכשמועסען מכח דעם שנעע און מכח די קומענדיגע שניט-צייט. זיי האָבען קוים ביי זיך געפועלט אַרויפצוקריכען אויף דער פאָלירטער פאַדלאָגע

מיט זייערע שטיוואַליעס. מאַנכע פֿין זיי האָבעז זיך זאָגאַר געמאַכט מוטה און האָבען זיך אַוועקגעזעצט אויף׳ן ראַנד פון אַ דעמבאַוועך באַנק; אָבער זיי זאָלען זיך זעטצען אויף אַ שטוהל—דאָס שוין בשום אופן ניט. שטונ־דען לאַנג האָבען זיי אויסגעוואַרט, זיך שרעקענדיג פאַר יעדען איינציגען, וואָס איז אַריין אָדער אַרויס פֿין פאָטער׳ס צימער.

אויף דער נאַכט, אָדער אויף צו־מאָרגענס איז איינער פֿון די דיענער שטילערהייט אַרויפגעלאָפען צו מיר אין צימער.

„ביסטו איינער אַליין?"

„יא."

„טאָ לויף געשווינד אין קאָררידאָר. די מוזשיקעס ווילען דיך זעהען מסתמה עפּעס פֿין דיין ניאַנקע."

ווען איך בין אריין אין קאָררידאָר, האָט מיר אַ מוזשיק דערלאַנגט אַ פּעקעל מיט קיכלעך, האַרטע אייער און עפּעל, פאַרבונדען אין אַ קאָליר־טע ציצינע פאַטשיילקע. „נאַ, נעהם: דאָס שיקט דיר דיין ניאַנקע וואַס־ליסאַ. זעה נור צו די עפּעל זיינען ניט געפרוירען. איך האָף אַז ניט: דעם גאַנצען וועג האָב איך זיי געהאַלטען אין בוזים. אַזאַ שרעקליכען פֿראָסט האָבען מיר געהאַט." און דער ברייטער האָר־בעדעקטער פּנים דורכגעגע־סען פון פֿראָסט, פלעגט דערביי לייכטען פון שמחה, ארויסווייזענדיג צוויי שורות פּראַכטפֿאָלע ווייסע ציינער פֿון אונטער אַ גאַנצען וואַלד האָר.

„און דאָס איז פאַר דיין ברודער, פון זיין ניאַנקאַ אַננאַ," פלעגט זיך אַנאַנדער מוזשיק אָברופען, מיר דערלאַנגענדיג אַנאַנדער פעקעלע. „דאָס אָרעמע קינד קריגט אודאי ניט גענוג צו עסען אין גימנאַזיע, זאָגט אַננאַ תמיד, ווען זי דערמאָנט זיך אָן דיין ברודעריל."

בלייבענדיג שטעהן פאַרשעהמט און צומישט, פלעג איך אַ ברום טהון: „זאָגט וואַסיליסאַן אַז איך קוש זי אין אַננאַ׳ן אויך, פאַר מיין ברודער." דערביי האָבען זיך זייערע פּנים׳ער נאָך מעהר פארנאַנדערגעשטראַהלט פון שמחה.

„יא, אַודאי וועלען מיר עס טהאָן."

דאן האָט פלוצלונג קירילאַ, וועלכער פֿלעגט תמיד היטען דעם טאַטען׳ס טיהר, מיר אַ שושקע טאַהן אין אויער: „אַנטלויף שוין ארויף; דיין טאַטע קען יעדע רגע אַרויסקומען. פארגעס ניט די פאַטשיילקע; זיי ווילען זי מיטנעמען צוריק אַהיים."

צוזאַמענלייגענדיג די פאַטשיילקע זעהר פאָרזיכטיג, האָב איך מיט׳ן גאַנצען האַרצען געוואַלט באַטש וואָס עס איז צוריקצושיקען וואַסיליסאַ׳ן. אָבער איך האָב קיין זאַך ניט פאַרמאָגט, אפילו ניט אַ שפּיעלכעל, און

טאַשען-געלד האָבען מיר אויך קיין מאָל קיין גראָשען ניט געהאַט.

פאַרשטייט זיך, אַז אַם פריילינגסטען האָבען מיר פערבראַכט אונזער צייט אויף דער דאַטשע. באַלד נאָך שבועות האָבען מיר אָנגעהויבען טראַכטען מכח אונזער ניקאָלסקאָיע. פון דעסטוועגען איז ניט איין וואַסער אַוועק, —די מאַי-בלומען האָבען שוין אוודאי לאַנג אויפגעהערט בליהען אין ניקאָלסקאָיע,—און דער פאָטער איז נאָך אלץ ניט פאַרטיג געוואָרען מיט זיינע טויזענדער עסקים אין שטאָט. ענדליך זיינען אין הויף אַריינגעפאָהרען עטליכע בויערשע וועגען: דאָס זיינען זיי עס געקומען אָנלאָדעווען דעם באַגאַזש פאַר אונזער זומער וואָהנונג.

נאָך אַמאָל האָט מען גענומען רעוויזירען די גרויסע אַלטע קאַרעטע און אַלע דראָשקעס, אין וועלכע מיר האָבען געזאָלט מאַכען אונזער רייזע. מי האָט אָנגעהויבען פאַקען די קאַסטענס. מיט אונזערע לעקציעס האָט עס אָנגעהויבען געהן זעהר שלעפעריג; יעדע מינוט האָבען מיר איבערגעשלאָגען די לעהרער, דאָ מיט דער פראַגע, דאָ מיט אַנאַנדערער: זאָל מען מיטנעמען דעם בוך אדער יענעם? אין בעזאָר וואָס-ווען, האָבען מיר שוין געהאַט פאַרפאַקט די ביכער, די טאַבליצעס, און די עטליכע שפּיעלגעצייג אונזערע.

אַלעס וואַר פיקס און פאַרטיג: די וועגען זיינען געשטאַנען שווער בעלאַדען מיט מעבעל פאַר דער דאַטשע, מיט קאַסטענס פול מיט געשיר און אַ גרויסע מאַסע ליידיגע סלאָיעס, וועלכע האָבען געזאָלט צוריקגעבראַכט ווערען קיין מאָסקווע פול מיט איינגעמאַכטס. די בויערען האָבען אַלע אין דער פריה געוואַרט שטונדען לאַנג אין קאָררידאָר; אָבער דער אוקאַז אַרויסצופאָהרען איז נאָך אַלעס ניט געגעבען געוואָרען. דער פאָטער האָט געהאַלטען אין איין שרייבען, ביז די שטיעף-מוטער האָט זיך אָנגעהויבען אַריינצומישען; איהר קאַמער-מיידעל האָט זיך קוים אַמאָל אָדוואַזשעט איהר צו רעפאָרטען, אז די בויערען ווילען שטאַרק אַהיים פאָהרען, מחמת עס האַלט שוין ניט ווייט פון שניט-צייט.

אויף מאָרגען האָט מען געלאָזט אַריינרופען אין פאָטערס קאַבינעט דעם עקאָנאָם פראָל און דעם הויפט וויאָלינסט מיכאַאיל אַליעעף.

פראָל'ן האָט מען איבערגעגעבען אַ טאָרבע מיט „שפּייזע געלד“— צו עטליכע קאָפּיקעס אַ טאָג — פאַר יעטווועדען פון די פערציג, פופציג פויערען, וואָס האָבען אונז באַגלייט קיין ניקאָלסקאָיע. אויך האָט ער געקראָגען אַ גאַנצע ליסטע, וואו אַלע זיינען געווען פאַרראָכנע אויסגערעכענט: יעדער מוזיקאַנט פון אונזער אָרקעסטער, די קוכאַרעס, די וועשערקעס און זייער קליינוואַרג.

די ערשטע פֿידעל האט בעקומען דעם „בעפֿעהל צו מאַרשירען.״ איך האָב עס אַלעס געוואוסט, מחמת דער פֿאָטער, איינזעהענדיג, אַז ער וועט אַליין קיין מאָל ניט פֿאַרטיג ווערען, האָט מיך געלאָזט רופֿען איינצוציהען דיעזען „אָרדער״ אין בוך, אין וועלכען אַלע „ארויסגעלאָזענע פּאַפּירען״ האָבען געמוזט איבערקאָפּירט ווערען :—

„אַן מיין הויז־בעדיענער, מיכאַאיל אַליעעף, פֿון פּרינץ אלעקסעי פּעטראָוויטש קראָפּאַטקין, פּאלקאָווניק און קאָמאַנדיר.

„דו ווערסט בעפֿוילען אַרויסצומאַרשירען מיט מיין באַגאַזש, דעם 29־טען מאַי, זעקס אַ זייגער אין דער פֿריה, פֿון דער שטאָט מאָסקווע נאָך מיין אימעניע, וועלכע געפֿינט זיך אין קאַלוגער גובערניע, מעשאָווסקער אויעזד ביי'ן טייך סירענאַ, אַ מהלך פֿון איין הונדערט און זעכציג מייל פֿון זיין הויז: אויפֿצופּאַסען אויף אַלע מענשען וואָס ווערען איבערענטפּערט אונטער דיין השגחה, און ווען איינער פֿון זיי וועט זיך פֿאַרזינדיגען, צו מיט שכרות, אָדער מיט אונגעהאָרכזאַמקייט, זאָלסט דו איהם ברענגען פֿאַר דעם ראָטני־קאָמאַנדיר פֿון די פֿאַרשיעדענע קאָרפּוסען פֿון די אינלענדישע קרע־פּאָסטען, מיט דעם בייגעלעגטען בריעף, און זאָלסט בעטען אַז מ׳ זאָל איהם בעשטראָפֿען מיט היבשע שמיץ, בכדי אַז די אַנדערע זאָלען זיך אָבנעמען אַ מוסר דערפֿון.

„ווייטער ווערסט בעפֿוילען, אַכטונג צו געבען הויפּטזעכליך, אַז אַלע זאַכען זאָלען בלייבען גאַנץ, און צו מאַכען די רייזע פּונקט, וועדליג דיעזען מאַרשרוט: דעם ערשטען טאָג, זאָלסטו זיך אָבשטעלען אין דעם און־דעם דאָרף, צו פֿאַשען די פֿערד, דעם צווייטען טאָג, זאָלסטו נעכטיגען אין דער שטאָט פּאָדאָלסק;״ און אַזוי ווייטער פֿאַר די גאַנצע זיעבען אָדער אַכט טעג וואָס די נסיעה האָט געזאָלט דויערען.

דעם נעקסטען טאָג, אום צעהן אָנשטאָט אום זעקס אוהר,— פּינקט־ליכקייט איז ניט פֿון די רוסישע מעלות—זיינען די וועגען אַרויסגעפֿאָהרען. די פֿאַראָבקעס האָבען געמוזט געהען צו פֿוס; נור די קינדער האָט מען פֿערוואָרגט, דעם מיט אַ פּלאַץ אין אַ וואַגע, דעם אין אַ קאָשיק, איינעם האָט מען אַרויפֿגעזעצט אויף אַ הויך־געפּאַקטען וואָגען, און די ווייבער האָבען זיך אָנגעהאַנגען אָן דער בוכטע, ווען זיי זיינען מיעד געוואָרען פֿון וועג. די איבריגע האָבען געמוזט דורכמאַכען די גאַנצע הונדערט און זעכציג מייל צופֿוס, אַזוי לאַנג ווי זיי האָבען מאַרשירט דורך מאָסקווע גופֿא, האָבען זיי נאָך ווי־עס־איז אָבגעהיט די שטרענגע דיסציפּלינע: עס איז זיי געווען שטרענג פֿערבאָטען צו טראָגען לאַנגע שטיוועל אָדער זיך אונטערצוגאַרטלען מיט רימענס. אָבער בעת מיר האָבען זיי אין אַ פּאָר טעג אַרום אָנגעיאָגט

אויפ'ן וועג, און ספעציעל ווען עס איז בעקאַנט געוואָרען אַז דער פֿאָטער פֿערבלייבט נאָך עטליכע טעג אין מאָסקווע, האָט חברה גלייך פֿאַרגעסען אַלע אוקאַזען, די גאַנצע דיסציפּלינע. אָנגעטאָהן אין פֿערשיעדענערליי פלאַשטשען, אונטערגעגאַרטעלט מיט רויטע פּאַטשיילקעס, אָבגעבערענט פֿון דער זון און דורכגעווייקט פֿון שלאַקס־רעגען, מיט לאַנגע פּאַלקעס אין די הענד.—זיינען זיי געווען מעהר פּאָכאָזשע אויף אַ באַנדע וואַנדערענדע ציי־גיינער, ווי אויף אַ הויזגעזינד פֿון אַ רייכען בעל הבית.

אַזעלכע נסיעות פֿלעגען געמאַכט ווערען אין יענע צייטען אין יעט־ווידער דוואָריאַנסקע פֿאַמיליע, און ווען מען האָט געזעהען אַ שערענגע פוירען דורכמאַרשירען דורך איינע פֿון אונזערע גאַסען, האָבען מיר גלייך געוואוסט, אַז דאָס עמיגרירען עס די אַפּוכטינס אָדער די פּריאַנישקאָף'ס.

די וועגען זיינען שוין לאַנג געווען אָבגעפֿאָהרען, און די פֿאַמיליע האָט זיך ניט געריהרט. דאָס וואַרטען איז אונז אַלעמען שוין נמאס ומאוס געוואָרען. אָבער דער פֿאָטער האָט נאָך אַלץ ניט געענדיגט זיינע אונענדליך לאַנגע אוקאַזען צו די עקאָנאָמען פֿון זיינע אימעניעס, און איך האָב אויך נאָך גאַנץ פֿלייסיג געשוויצט ביין איבערצוקאָפּירען אין „גרויסען בוך" אַריין אַלץ, וואָס ער האָט אָנגעשריעבען.

ענדליך איז דאָך געגעבען געוואָרען דער בעפֿעהל אַרויסצופֿאָהרען. מיר זיינען אַרונטערגערופֿען געוואָרען אונטען. דער פֿאָטער האָט אין דער הויף פֿאָרגעלעזען זיין אוקאַז, אַדרעסירט צו דער פּירשטין קראַפּאַטקין, פֿרוי פֿון פּירשט אַלעקסעי פּעטראָוויטש קראַפּאָטקין, פּאַלקאָווניק און קאָמאַנדיר. ווייטער זיינען געשטאַנען גענוי אויסגעשטעלט אַלע סטאַנציעס פֿון איהר פֿינפֿטעגיגער נסיעה. אמת, דער אוקאַז איז אַפּילו געשריעבען געוואָרען פֿאַר מאַי דעם דרייסיגסטען און דאָס אַרויספֿאָהרען האָט געזאָלט שטאַטפֿינדען אום ניין אין דער פֿריה, און היינט איז שוין דער גאַנצער מאָנאַט מאַי געווען אַוועק, און די רייזע האָט זיך גאָר אָנגעהויבען נאָכמיטאָג, וואָס דאָס האָט נאַטירליך קאַליע געמאַכט דעם גאַנצען חשבון; אָבער, אַזוי ווי עס פֿיהרט זיך שוין תמיד מיט מיליטערישע מאַרשרוט־אוקאַזען, האָט מען דאָס אויך פֿאָראויסגעזעהען, און מי האָט עס פֿאַרזאָרגט אין פֿאָלגענדע פֿאַראַגראַפֿען:—

„אָבער אויב די אָברייזע פֿון אייער האָהייט זאָל ניט שטאַטפֿינדען אין דעם אויבען־דערמאָנטען טאָג און שטונדע, ווערט איהר ערזוכט צו האַנדלען לויט אייער בעסטען פֿערשטאַנד נאָך, אום דורכצומאַכען דיעזע נסיעה ווי אַם בעסטען."

דאַן האָבען זיך אַלע אַנוועזענדע, די פֿאַמיליע און די דיענער,

אַנידער־געזעצט אויף אַ רגע, האָבען זיך איבערגע׳צלמ׳ט אין זיך אָבגעזעגענט מיט׳ן פֿאָטער.

„איך בעט דיר, אַלעקסעי, געה ניט אין קלוב אַריין,” האָט איהם די שטיף־מוטער איינגערוימט אין אויער אַריין. די גרויסע קאַרעטע, געשפּאַנט אין פֿיער פֿערד, און אַ פּאָסטאַליאָן זיינען שוין געשטאַנען פֿאַר׳ן טהיר; די אַנדערע קאָליאַסקעס האָבען אויך שוין געוואַרט. אונזערע פּלעצער זיינען געווען ריכטיג אויסגערעכענט אין דעם מאַרשרוט־בעפֿעהל, אָבער די פֿירסטין האָט שוין באַלד ביין סאַמע אָנהויב געמוזט האַנדלען „נאָך איהר אייגענעם פֿערשטאַנד נאָך,” און מיר זיינען קוים אַ מאָהל צו אַלגעמיינער צופֿריעדענהייט אָבגעפֿאָהרען.

פֿאַר אונז קינדער, איז די רייזע געווען אַן אונענדליכע קוועלע פֿון פֿאַרגעניגען. די סטאַנציעס זיינען געווען קורצע, אַ חוץ יואָס צוויי מאָל אַ טאָג האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט אונטערפּאשען די פֿפֿערד. אַזוי ווי די פּרויענצימער האָבען געשריהען געוואַלט ביים מינדעסטען באַרג־הערונטער, האָבען מיר געמוזט אַראָבשטייגען ביי יעדען בערגעל, און דיעזע וואַרען כמעט אויף יעדען טריט; און מיר האָבען זיך דערוויל דערמיט געפּאָלזעוועט אַ קוק צו מאָהן אין די וועלדלאַך אריין, אָדער פֿערכייצולויפֿען נעבען די קריסטאַלענע טייכלעך.

דער פּראַכטפֿאָלער שאָסע צווישען מאָסקווע און וואַרשאָ, אויף וועלכען אונז איז אויסגעקומען צו פֿאָהרען אַ היבשען מהלך, איז געווען באַדעקט מיט אינטערעסאַנטע זאַכען: מאַסען געלאַדענע וועגען, מחנות פּיליגרימען, און אַלערליי סאָרטען מענשען. צווי מאָהל אַ טאָג האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט אין גרויסע, לעבהאַפֿטע דערפֿער, און, נאָכדעם, ווען מי האָט זיך גוט אָנגעדונגען וועגען די פּרייזען פֿון היי און האָבער, ווי אויך וועגען דעם פּרייז פֿאַר סאַמאָוואַרען, זיינען מיר אַריין אין דער קרעטשמע. דער קוכאַר אַנדרעי האָט געקויפֿט אַ הוהן און האָט אָבגעקאָכט די זופּ, און מיר זיינען דערווייל אַוועק אין דעם נעהנסטען וועלדעל אַריין, אָדער האָבען גוט דורכגעפֿאָרשט דעם הויף פֿון דער גרויסאַרטיגער אַכסאַניע.

געגעכטיגט האָבען מיר געוועהנליך אין מאַלאָיאַראָסלאַוועץ, וואו עס האָט שטאַטגעפֿונען דיא מלחמה אין 1812־טען בעת די גרויסע רוסישע אַרמעע האָט נעבאַך אומזיסט געטרייט צו פֿאַשטעלען נאַפּאָליאָנען דעם וועג ווען ער איז אַנטלאָפֿען פֿון מאָסקווע. הערר פּולעין וועלכער איז פֿערוואונדעט געוואָרען אין דער שפּאַנישער מלחמה, האָט געוואוסט, אָדער, ווענינגסטענס, האָט ער געזאָגט, אַז ער ווייס אַלעס וועגען די מלחמה ביי מאַלאָיאַראָסלאַוועץ. ער האָט אונז צו געפֿיהרט צום שלאַכטפֿעלד און האָט

אונז ערקלעהרט, ווי אַזוי די רוסען האָבען פּרובירט שטערען נאַפּאָלעאָן׳ס פּליטה, און ווי זיין אַרמעע האָט זיי צושמעטערט, זיך דורכברעכענדיג אַ וועג דורך רוסישע סאָלדאַטען. ער האָט עס געשילדערט פּונקט, ווי ער אַליין וואָלט דערביי געווען; דאָ האָבען די קאַזאַקען פּרובירט מאַכען אַ רונדבע־וועגונג, דער פּעלדמאַרשאַל אָבער דאַוואַי, האָט זיי אָבגעהאַקט דעם וועג. און האָט זיי נאָכגעיאָגט ווייט אַריבער איבער דיעזע בערג. דאָרט ווידער האָט נאַפּאָלעאָנס לינקער פליגעל צוקלאַפּט די רוסישע פּעכאָטע, און נאַפּאָלעאָן אַליין, אַן דער שפּיצע פון דער אַלטער גוואַרדיע, האָט אָנ־געגריפען קוטוזאָווס צענטער, זיך מאַכענדיג דערמיט אַן אונשטערבליכען שם איבער דער גאַנצער וועלט.

איינמאָל האָבען מיר זיך פאַרנומען אויף דער אַלטער קאַלוגער שאָ־סעע, זיך אָבשטעלענדיג אין טאַרוטינאָ, אָבער דאָ האָט פּורעין שוין ניט דערצעהלט אזוי פיעל גליקען, ווייל אויף דיעזען אָרט איז נאַפּעליאָן נעבאַך געווען געצוואונגען, נאָך אַ בלוטיגע שלאכט, אויפצוגעבען זיין פּלאַן צו אַנטלויפען דורך די דרום זייט, און האָט געמוזט נעהמען דעם סמאָלענסקער וועג, וועלכען זיין אייגענע ארמעע האָט חרוב געמאַכט, געהענדיג אויף מאָסקווע. אָבער דאָך—אַזוי האָט אונז פּוילעין געוואָלט איינרעדען—זיינען אין דעם שולדיג געווען נאַפּאָליאָנס פּעלדמאַרשאַל. ווען ניט זיי, וואָלט ער געווען גלייך געמאַרשירט אויף קיעוו און אָדעס, און זיינע פאָהנען וואָלטען געווען געפלאַטערט איבערן שוואַרצען ים.

אויף יענער זייט קאַלוגע איז אונז אויסגעקומען דורכצוגעהן אַ מהלך פון פינף מייל דורך אַ פּראַכטפאלען סאָסנע־וואַלד, וועלכער איז געבליעבען איינגעקריצט אין מיין זכרון אַלס איינע פון די גליקליכסטע ערינערונגען פון מיין קינדהייט. דער זאַמר אין יענעם וואַלד איז געווען אַזוי טיעף ווי אין דער מדבר סאַהאַראַ; דעם גאַנצען וועג זיינען מיר געגאַנגען צו פוס, בעת די פערד האָבען פּאַמעלאַך געשלעפּט די קאַרעטען דורך דעם זאַמד, זיך אַלע ווײַלע אָבשטעלענדיג.

אין מיינע קינדער־יאָהרען האָב איך תמיד ליעב געהאַט צו לאָזען אַלעמען פון הינטען, און אַליין אַוועקצומאַרשירען דעם גאַנצען וועג פאָר־אויס. גרויסע, רויטע סאָסנע בוימער, הונדערטער יאָהרען אַלט, האָבען זיך באַוויעזען אויף אַלע זייטען, און א חוץ שטימען פון דיעזע הערליכע בוימער האָט מען דעם מינדעסטען שאָרך ניט געהערט.

אין אַ קליינעם גראָבען האָט זיך געהערט דער שטילער מורמלען פון אַ פרישען קריסטאָלענעם קוואַל, וועלכער האָט ניט איין מאָהל דערקוויקט די הארץ פון אַ מיעדען וואַנדערער. שטילערהייט האָט זיך אַ וועווערקע

אַרויפֿגעכאַפּט אויף אַ בוים און די יונגע בוימלעך וואַרען פּונקט אַזוי פֿול
מיט סודות, ווי די צווייגען פֿון די אַלטע גרויסע בוימער. אין יענעם וואַלד
איז אין מיר געבוירען געוואָרען מיין ערשטע ליעבע פֿאַר דער נאַטור און
מיין ערשטער דונקעלער בעגריף פֿון איהר אונאויפֿהערליכען לעבען.

אויף יענער זייט וואַלד, ווען מיר זיינען אַריבער מיט דעם פּאַראָם
איבער דעם טייך אוגראַ, האָט זיך געענדיגט דער שאָסעע און עס האָבען
זיך אָנגעהויבען קליינע, שמאָלע סטעזשקעס, וואו גרינע קאָרן־זאַנגען האָבען
צוגעבויגען זייערע קעפּלעך צו אונזער קאַרעטע און די פֿערד האָבען געדו־
שובעט דאָס פֿרישע גראָז ביי די זייטען פֿון וועג. ענדליך האָבען מיר באַ־
געגענט די דריי ווערבעס, וועלכע האָבען אָנגעציינט, דאָס מיר זיינען שוין
ניט וויים פֿון אונזער אייגענעם דאָרף, און אָט האָבען מיר דערזעהן דעם
פּראַכטפֿאָלען געלען טורעם־גלאָק פֿון דער ניקאָלסקאָיער קירכע.

פֿאַר דעם שטילען לעבען פֿון די פּאָמיעסטשיקעס פֿון יענע צייטען
איז ניקאָלסקאָיע געווען ווי צוגעמאָסטען. אמת, דעם לוקסוס פֿון אַנדערע
אימעניעס האָט מען דאָרטען ניט געזעהן, אָבער דערפֿאַר האָט איהר גע־
קענט דערקענען די קינסטלער האַנד אין די געביידעס און גערטנער, ווי
אויך אין דער אַלגעמיינער איינריכטונג פֿונ׳ם דאָרף.

אַ חוץ דער גלאַוונער הויז, וועלכע דער פֿאָטער האָט דאָ ניט לאַנג
געהאַט אויפֿגעבויט, זיינען נאָך געווען אַרום דעם גרוימיגען, ריינעם הויף
עטליכע קלענערע הייזלאַך, וועלכע האָבען געגעבען זייערע בעוואהנער מעהר
אונאַבהענגיקייט צווישען זיך, ניט צושטערענדיג אין דער זעלבער צייט די
אינטימע בעציהונגען פֿון זייער פֿאַמיליען־לעבען. דורך דעם אונגעהייער
גרויסען סאָד האָבען מיר געקענט דורך געהן ביז אין דער קירכע אַריין;
דאָס שטיק דרום לאַנד, צום טייך צו, איז אין גאַנצען געווען איבערגעגעבען
פֿאַר אַ שפּאַציער־גאַרטען, וואו בלומען בייטען האבען בעציערט די פּרעכטיגע
אַלעען פֿון די שענסטע בוימער, פֿון דעם גאַניק פֿון דער גלאַוונער הויז
האָט זיך געזעהן אַ גרויסאַרטיגע לאַנדשאַפֿט. און דער גאַנצער טייך, מיט
די רואינען פֿון אַן אַלטער ערדענער פֿעסטונג, וואו די רוסישע האָבען זיך
אַזוי העלדיש פֿאַרטהיידיגט געגען די מאָנגאָלען; און נאָך ווייטער האָט דאָס
אויג געמערקט אַ גרויסע שטרעקע פֿון געלע תבואה־פֿעלדער, וועלכע וואַרען
אַרומגערינגעלט מיט וועלדלעך.

אין די ערשטע יאָהרען פֿון מיין יגענד האָבען מיר מיט פֿולעין געהאַט
אַ גאַנצע הייזעל פֿאַר זיך, און נאָך דעם ווי זיין ערציהונגס־מעטאָדע איז
געוואָרען אַ ביסעלע ווייכער, דורך די אַריינמישונג פֿון אונזער שוועסטער־
העלענע, האָבען מיר צווישען זיך זעהר גוט געלעבט. דער פֿאָטער איז כמעט

קיין מאָל אין דער היים ניט געווען זומער־צייט; ער איז געווען פֿערנומען מיט מיליטערישע רעוויזיעס, און די שטיף־מוטער וויעדער האָט זיך גאַנץ וועניג געקימערט וועגען אונז, בעזאָנדערס נאָך דעם, ווי איהר אייגען קינד איז געבוירען געוואָרען.

אַזוי איז אונז אויסגעקומען צו זי'ן שטענדיג צוזאַמען מיט ה' פּולעין, וועלכער האָט אַליין שטאַרק ליעב געהאַט דאָס דאָרפֿס־לעבען, און האָט אויך אונז געלאָזען אַ ליעב טהאָן פֿון צי'ט צו צייט. די וועלדער, די שפּאַציער גענג ביי'ם טייך, דאָס קלעטערען איבער די בערג צו דער אַלטער פֿעסטונג, וועלכע פּולעין האָט לעבעדיג געמאַכט שילדערענדיג דאָס פֿאַר אונז, ווי אַזוי זי איז אַ מאָל פֿאַרטהיידיגט געוואָרען פֿון רוסען, און ווי אַזוי די טאַטערס האָבען זי איינגענומען; דאַן די קליינע סבות, אין וועלכער פּולעין איז געוואָרען אונזער העלד, אַרויסראַטעווענדיג איין מאָל אַלעקסאַנדערען פֿון וואַסער, אַ האַלב דערטרונקענעם,—אַלעס דאָס צוזאַמען האָט אין אונז געלאָזען די זיסעסטע עראינערונגען.

אויך האָבען מיר אָרגאַניזירט גרויסע פּאַרטיעס, אין וועלכע די גאַנצע פֿאַמיליע האָט זיך בעטהייליגט, מאַנכע מאָל קלייבענדיג שוועמלעך אין וואַלד, און דערנאָך מאַבענדיג דעם סאַמאָוואַר צווישען די בוימער, לעבען דעם הייזעל פֿון דעם הונדערט יעהריגען גרייז, וועלכער האָט געוואוינט מיט זיין אייניקעל גאַנץ אָבגעזונדערט פֿון מענשען, אַכטונגעבענדיג אויף די ביהנשטאָקען. מאַנכמאָל זיינען מיר וויעדער אַוועק אין איינעם פֿון פֿאָטער'ס דערפֿער, וואו עס איז געווען אויסגעגראָבען אַ גרויסע סאַזשעווקע, אין וועלכער מיר האָבען געכאַפּט גאָלדענע פֿישלאַך. אין יענעם דאָרף האָט געוואוינט מיין אַמאָליגע ניאַנקע, איהר משפחה איז געווען זעהר אַן אָרעמע; אויסער איהר מאַן האָט זי בלויז געהאַט אַ אינגעל, וואָס פֿלעגט איהר העלפֿען אין דער אַרבייט, און אַ מיידעל, וועלכע איז דערנאָך געוואָרען אַ מאָנאַשקע ביי די סטאַראָווערצעס, צו וועלכע זי האָט בעלאַנגט. איהר שמחה, ווען איך בין אַריין צו איהר אין הויז, איז געווען אונבעשרייבליך. שמאַנט, אייער, עפּעל און האָניג איז געווען אַלעס, מיט וואָס זי האָט מיך געקענט מכבד זיין. אָבער די אַרט און וויזע אין וועלכע זי האָט דאָס אַלס דערלאַנגט, אין ריינע האָלצערנע שיסעלאַך, דער טיש באַדעקט מיט אַ שנעע־ווייסען לייווענטענעם טישטוך (ביי דעם רוסישען סטאַראָווערעץ איז ריינקייט אַ רעליגיאָנס־זאַך) און די ליעבליעכע ווערטער, מיך בעהאַנדלענדיג ווי איהר אייגען קינד,—אַלעס דאס האָט אין מיין האַרצען איבערגעלאָזען די וואַרעמסטע געפֿיהלען. דאָס זעלבע מוז איך זאָגען וועגען די ניאַנקעס פֿון מיינע עלטערע ברידער, ניקאָלאַי און אַלעקסאַנדער, וועלכע

האָבען בעלאַנגט צו בעריהמטע משפחות פֿון צוויי אַנדערע סעקטעס סטאַ־ראָוויערצעס אין ניקאָלסקאָיע. גאַנץ ווייניג מענשען ווייסען וואָס פֿאַר אוצ־רות גוטסקייט ס'ליגען בעהאַלטען אין דעם האַרצען פֿון דעם רוסישען מוזשיק, אַפּילו נאָך גאַנצע יאָהרהונדערטער פֿון דער שרעקליכסטער אונטער־דריקונג, וועלכע האָט פֿון זיי געמעגט מאַכען די פֿאַרביטערסטע מענשען.

אין אַ רעגענדיגען טאָג האָט אונז פּולעין געהאַט צו דערצעהלען גאַנצע בערג מעשיות ספּעציעל וועגען די שפּאַנישע מלחמה. מיר פּלעגען איהם בעטען אָבער־און־ווידער אַמאָל צו דערציילען, ווי אַזוי ער איז גע־ראַניעט געוואָרען אין דער שלאַכט; און יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען דערצו, ווי ער האָט געפּיהלט דאָס וואַרעמע בלוט אַריינשטראָמען אין זיין שטיוועל, פּלעגען מיר אויף איהם אַרויפשפּרינגען, איהם קושען און האַלד־זען און איהם אָנרופען מיט אַלערליי ליעבלינגס־נעמען.

עס האָט אויסגענעהען, ווי אַלץ אין דער וועלט האָט בייגעטראָגען אונז פֿאַרצובערייטען צו מיליטערישע קאַריערען. די פֿאַר־ליעבע פֿון פֿאָטער, (די איינציגע שפּיעלזאַכען וואָס ער האָט אונז ווען געקויפט וואַרען אַ ביק־סעל און אַן עכטע וואַכבודקע;) די קריגס געשיכטען פֿון ה' פּולעין און אַפּילו די ביבליאָטהעק מיט וועלכע מיר האָבען זיך בענוצט. דיזע ביבלי־אָטהעק, וועלכע האָט אַמאָל בעלאַנגט צום גראַף ראַפּניסקי, אונזער עלטע־ריידע (פֿון דער מאַמעס צד,) אַ געלעהרענטער מיליטאַריסט פֿון דעם אַכט־צעהנטען יאָהרהונדערט איז בעשטאַנען אויסשליסליך פֿון ביכער איבער מיליטערישע קריגספֿיהרונג, באַפּוצט מיט רייכע גראַווירֿ־בילדער און פּראַכ־טפֿאָל געבונדען. אין אַ אַ שלעכטע פּאָגאָדע פּלעגט זיין אונזער גרעסטער פֿערגעניגען דורכצוקוקען די בילדער פֿון דיזע ביכער, אין וועלכע עס וואַרען געשילדערט אַלערליי כלי זיין פֿון דער צייט פֿון די אידישע מלוכות, און אין די פּלענער פֿון אַלע מלחמות פֿון אַלעקסאַנדער מוקדון'ס צייטען אָן.

דיזע ביכער האָבען אונז אויך געלערענט, ווי צו בויען שטאַרקע פֿעסטונגען, וואָס זאָלען קענען אויסהאַלטען די קלעפּ פֿון קאַנאָנען, ווי אויך פֿון אַן אַרכימעדישען שטיינער־שליידערער (וועלכער האָט אָבער דוקא גע־וואָרפֿען די שטיינער אין שויבען אַריין, און וואַר זאָפֿאָרט פֿאַרבאָטען.)

דאָך איז ניט אַלעקסאַנדער און ניט איך געוואָרען אַ מיליטאַריסט. די ליטעראַטור פֿון די זעכציגער יאָהרען האָט פֿאַלקאָממען צושטערט די לעהרען פֿון אונזער קינדהייט.

הערר פּולעין'ס אידעען וועגען רעוואָלוציאָנען זיינען געווען די זעלבע, ווי די פֿון דעם זשורנאַל „אילוסטראַציאָן פראַנסייז", פֿון וועלכען ער פּלעגט ערהאַלטען אַלע נומערען, און וועלכע האָבען אונז אינטערעסירט בלויז מיט

זייערע קאַרטינקעס. אַ צייט לאַנג האָב איך מיר ניט געקענט פֿאָרשטעלען אַ רעוואָלוציאָן אַדערש, ווי אין דעם געשטאַלט פֿון טויט, רייטענדיג אויף אַ פֿערד, די רויטע פֿאָהן אין איין האַנד און אַ קאָסע אין דער אַנדערער, שניידענדיג מענשען רעכטס און לינקס. אָבער איצט דיינק איך, אַז ה׳ פּור־לעי׳ןס גאַנצע שנאה איז געווען בלויז אויף די פּאָווסטאַניע פֿון 1848, מחמת איינע פֿון זיינע ערצעהלונגען וועגען די רעוואָלוציאָן פֿון 1789 האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפֿען איינדרוק.

דער טיטעל פּרינץ איז אין אונזער הויז געברויכט געוואָרען ביי דער מינ־דעסטער געלעגענהייט. אויף מאָסיע פּולעין האָט דאָס וואַהרשיינליך געמאַכט אַ ש־עקליכען אויינדרוק, ווייל ער האָט גלייך אָנגעהויבען אונז צו דערציילען וועגען די גרויסע רעוואָלוציאָן. אַלעס וואָס ער האָט געזאָגט, קען איך מיך ניט דערמאָנען, אָבער דאָס געדענק איך, אַז גראַף מיראַבאָ און אַנדערע פּירסטען האָבען זיך אָבגעזאָגט פֿון זייערע טיטולען. און, אום צו צייגען זיין פֿעראַכטונג צום פּוסטען שטאָלץ פֿון די אַריסטאָקראַטען האָט גראַף מיראַבאָ געעפֿענט אַ שאָפּ, אויף וועלכען ער האָט אַרויסגעהאַנגען אַ שילד: „מיראַ־באָ, דער שניידער“; (איך דערצעהל די מעשה פּונקט ווי פּולעין האָט זי דערצעהלט.) איך בין דערנאָך אַ לאַנגע צייט אַרומגעגאַנגען און געטראַכט, וואָס פֿאַר אַ מלאכה איך זאָל אַנערקענען, אום צו זיין אימשטאַנדע אויף צו שרייבען, „קראָפּאָטקין, אַזאַ און אַזאַ בעל־מלאכה“, שפּעטער אַ ביסעל האָט מיין רוסישער לעהרער סמירנאָוו, און דער אַלגעמיינער רעספּובליקאַ־נישער טאָן פֿון דער רוסישער ליטעראַטור, אויף מיר געהאַט דעם זעלבען איינפֿלוס. און ווען איך האָב אָנגעהויבען שרייבען ראָמאַנען—ד. ה. אין מיין צוועלפֿטען יאָהר— האָב איך מיך אונטערגעשריבען פּראָסט פּ. קראָפּאָטקין און איך האַלט זיך ביי דיעזען נאָמען מיין גאַנצען לעבען לאַנג, טראָץ דאָס, בעת איך וואַר אין מיליטער האָבען מיינע עלטסטע שטאַרק פּראָטעסטירט געגען אַזאַ חלול „השם“.

8.

אין דעם הערבסט פֿון 1852 איז מיין ברודער אַלעקסאַנדער אָב־געשיקט געוואָרען אין דעם קאַדעטען־קאָרפּוס, און פֿון דעמאָלסט אָן האָבען מיר זיך בלויז געזעהן אין דער צייט פֿון אַ יום טוב, אָדער טהייל מאָהל אין אַ זונטאַג.

דער קאָרפּוס איז געשטאַנען פֿינף מייל פֿון אונזער וואוינונג. און כאָטש מיר האָבען געהאַט אַ דוצענד פֿערד איז עפּעס אימער אַזוי אויסגע־קומען, אַז ווען מי האָט געברויכט שיקען אַ שליטען אין קאָרפּוס אריין,

זיינען אַלע פּערד גראַד געווען פּאַרנומען. מיין עלסטער ברודער ניקאָלאַי פּלעגט זעהר זעלטען אַהיים קומען.

די פּערהעלטניסמעסיגע פרייהייט וואָס אַלעקסאַנדער האָט געהאַט אין שולע, און ספּעציעל דער איינפּלוס, וואָס צוויי פּון זיינע לעהרער אין ליטעראַטור האָבען אויף איהם געהאַט, האָט זיין דיינקונגס־קראַפּט זעהר שנעל ענטוויקעלט; און שפּעטער אַביסעל וועל איך נאָך האָבען גענוג געלעגענהייט צו ריידען פּון דעם געזונטען איינפּלוס, וועלכען ער האָט אויסגעאיבט אויף מיין אייגענער ענטוויקלונג.

עס איז אַ גרויסער גליק צו האָבען אַ ליעבענדען ענטוויקעלטען עלטערען ברודער.

דערווייל בין איך געבליבען אין דער היים. איך האָב געמוזט וואַרטען אויף מיין רייהע ארייגצוטרעטען אין דעם פּאַזשען־קאָרפּוס, און זי איז ערשט געקומען, ווען איך וואַר שוין 15 יאָהר אַלט. ה׳ פּולעין איז אָבגעשאַפט געוואָרען, און אויף זיין פּלאַץ איז אָנגעקומען אַ דייטשער לעהרער. ער וואַר איינער פּון די אידעאַליסטישע מענשען, וועלכע מי טרעפט אָפט ביי די דייטשען; נור איבערהויפּט געדענק איך איהם דורך זיין ענטהוזיאַזטישעם דעקלאַמירען פּון שילער׳ס פּאָעזיען. דיעזע דעקלאַמאַציאָנען וואַרען בעגלייטעט מיט דער נאַאיווסטער אַקטיאָרסקע מימיקע, און האָבען מיך פּשוט ענטציקט. אָבער ס״ה איז ער מיט אונז געווען בלויז איין ווינטער.

דעם נעקסטען ווינטער האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אין די קלאַסען פּון אַ מאָסקווער גימנאַזיע, און ענדליך בין איך פּאַרבליבען מיט אונזער רוסישען לעהרער סמירנאָוו, מיט וועלכען איך האָב באַלד געשלאָסען אַן ענגע פריינדשאַפּט, ספּעציעל נאַבדעם, ווי דער פּאָטער האָט אונז ביידען מיטגענומען אויף אַ רייזע נאָך זיין ראַזאַנסקער אימעניע.

אויף דער רייזע האָבען מיר זיך זעהר גוט אונטערהאַלטען, און מיר פּלעגען אויסטראַכטען הומאָריסטישע מעשות וועגען די מענשען און די זאַכען וואָס מיר האָבען בעגעגענט אויפ׳ן וועג; און דער איינדרוק, וואָס די בערגיגע לאַנדשאַפּט האָט אויף מיר געמאַכט, האָט פּאַרשטאַרקט און אויפגעפרישט מיין וואַקסענדע ליעבע פּאַר די נאַטור.

אונטער סמירנאָף׳ס איינפּלוס האָט אויך מיין ליטעראַרישער געשמאַק אָנגעהויבען וואַקסען און צווישען 1854 און 1857 האָב איך געהאַט אַלע מעגליכקייטען איהם צו ענטוויקלען.

מיין לעהרער, וועלכער האָט דאַמאָלסט גראַד געענדיגט די אוניווערזיטעט, האָט געקראָגען אַ קליינע שטעלע אַלס שרייבער אין אַ קאַנצעליאַריע, וואו ער האָט פּאַרבראַכט זיינע פרימאָרגענס, אַזוי, אַז ביז מיטאָג

צייט בין איך געבליבען גאַנץ אַליין; און נאַכדעם ווי איך האָב געהאַט געמאַכט מיינע לעקציעס און האָב זיך אַביסעל דורכגעשפּאַצירט, האָב איך געהאַט גענוג צייט צו לעזען, און בעזאָנדערס שרייבען.

אין הערבסט, בעת דער לעהרער איז אַוועק צוריק אין זיין אָפּיס אין מאָסקווע און מיר זיינען געבליבען אויפ'ן דאָרף, בין איך ווידער געבליבען אַליין; און כאָטש איך האָב פאַרבראַכט פיעל צייט מיט דער פאַמיליע און זיך גאַנץ אָפּט אונטערגעשפּיעלט מיט מיין שוועסטערעל פּוילינע, האָב איך פונדעסטוועגען געקענט פאַרווענדען מיין צייט ווי איך האָב געוואָלט, סיי אין לעזען, סיי אין שרייבען.

פאַנשטשיזנע איז דאַן געווען אין די לעצטע יאָהרען פון איהר עקזיסטענץ.

דאָס איז נאָך גאָר פרישע היסטאָריע, — עס זעהט אויס, ווי עס וואָלט ערשט נעכטען פּאַסירט. און דאָך אפּילו אין רוסלאַנד גופא בעגרייפען בלויז געצעהלטע מענשען וואָס פאַנשטשיזנע וואַר אין דער ווירקליכקייט.

עפּעס האָבען מענשען יאָ אַ דונקעלען בעגריף, אַז די אומשטענדען, וועלכע די לייב־אייגענשאַפט האָט באַשאַפען, וואַרען זעהר שלעכט; אָבער אויף ווי ווייט יענע אומשטענדען האָבען געווירקט אויף די מענשליכע וועזען קערפּערליך און גייסטיג, פערשטייט מען געוועהנליך ניט. עס איז ווירקליך צו שטוינען, ווי געשווינד אַן אינסטיטוציאָן און איהרע סאָציאַלע פאָלגען ווערען פאַרגעסען, ווען די אינסטיטוציאָן גופא הערט אויף צו עקזיסטירען און מיט וואָס פאַר אַ שיינקייט מענשען און זאַכען ענדערען זיך. איך וויל פּראָבירען דורכלופטערען די פערהעלטניסע פון לייב־אייגענשאַפט איבערגעבענדיג ניט דאָס, וואָס איך האָב געהערט, זאָנדערן, וואָס איך האָב געזעהען.

אוליאַנאַ, די הויז פרוי, שטעהט אין קאָרידאָר, וואָס פיהרט צום פאָטער'ס צימער, און צוויילעמט זיך איבער, זי האָט ניט די העזה, ניט אַריינצוגעהען און ניט צוריקצוגעהן. ענדליך, נאָך דעם ווי זי האָט אָבגעזאָגט איהר תפלה צו גאָט, געהט זי אַריין אין מעלדעט, מיט אַ זעהר נידריגען קול, אַז דער זאַפּאַס פון טהעע האַלט זיך ביין ענדיגען, אַז צוקער איז נאָך דאָ קאַרגע צוואַנציג פונט און אַז דער איבריגער פּראָוויאַנט געהט שוין אויך באַלד אויס.

„גנבים, רויבער!" שרייט דער פאָטער. „און דו ביזט אויך מיט זיי יד אחת!" זיין קול דונערט דורכ'ן גאַנצען הויז. די שטיף מוטער לאָזט איבער אוליאַנען אַליין צו בעגעגענען דעם שטורם. אָבער דער פאָטער גיט באַלד אַ געשריי: „פּראל, רוף נור אַריין די פירשטין! וואו איז זי?" און ווען

זי קומט אַריין, קריגט זי דעם זעלבען „ברוך הבא.״ „דו האָסט אויך געמאַכט יד אחת מיט די בני עשיו. דו נעמסט זיך נאָך אָן פֿאַר זיי״ און אַזוי ווייטער, פֿאַר אַ גאַנצע האַלבע שטונדע אָדער נאָך לענגער.

דאַן הייבט ער אָן דורכצוקוקען די חשבונות, און בינו לבינו גיט ער אויך אַ טראַכט מכח די היי. מי שיקט אַרויס פּראָל׳ן איבערצו־וועגען וויפֿיעל היי עס איז נאָך דאָ, און די שטיעף־מוטער קריגט דעם בעפֿעהל צו שטעהן דערביי. בעת דער טאַטע חשבונ׳ט ווי פֿיל געברויכט צו בלייבען אין שפּייכלער. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז אַ שפּאָר ביסעל היי דערגעהט ניט און אַז אוליאַנאַ קען ניט אָבגעבען קיין גענויעם חשבון אויף אַזוי פֿיעל פֿונט פראַוויאַנט. דעם טאַטענס שטימע ווערט וואָס אַ מאָל אַלץ שרעקליכער. אוליאַנאַ ציטערט: אָבער אָט קומט אַריין דער קוטשער און קריגט די טייערע גאָב פֿון זיין בעל הבית. ער האָט בלויז איין ענטפֿער: „אייער עקסעלענץ האָט מסתמא געהאַט אַ טעות אין חשבון.״

דער טאַטע רעכענט נאָך אַמאָל איבער, און איצט שטעלט זיך אַרויס אַז אין שפּייכלער איז נאָך גאָר דא מעהר היי, ווי עס ברויך צו זיין. אָבער ער האַלט אין איין שרייען. איצט זידעלט ער דעם קוטשער פֿאַרוואָס ער האָט ניט געגעבען די פֿערד זייער פֿולע פּאָרציע היי. אָבער דער פֿאַרובאָק שווערט מיט הייליגע שבועות, אַז ער האט זיי געגעבען זייער פֿולען חלק יעדען ליעבען טאָג, און פּראָל שווערט ביי דער סוויענטאַ מאַריאַ, אַז דער קוטשער זאָגט אמת.

אָבער דעם טאַטענ׳ס צאָרן ווערט נאָך אַלץ ניט געשטילט. ער הייסט אַריינרופֿען מאַקאַר דעם פּיאַנאָ־רעגולירער און קעלנער, און דערמאָנט איהם אַלע זיינע חטאים: פֿאַרגאַנגענע וואָך איז ער געוועזן שכור, און איז אַודאי נעכטען אויך געוועזן בעזויפֿען, ווייל אַ ניט וואָלט ער דאָך ניט צוברעכען אַ האַלבען טוצען טעלער מיט איין זעץ. דער פֿאַקט איז, אַז די אמתע אורזאַכען פֿון דיעזער גאַנצער „חתונה״ זיינען געווען די צובראָכענע טעלער. אין דער פריה האָט דאָס די מאַמע איהם זאַיאַוועט, און דעריבער האָט ער זיך דאָס אַזוי געקאָכט אויף אוליאַנאַ׳ן; דעריבער האָט ער זיך געכאַפּט רעווידירען די היי, שרייענדיג, אַז די „בני המן״ פֿאַרדינען די גרעסטע שטראָף אין דער וועלט א. ז. וו.

גאָר פּלוצלונג הערט דער פֿאָטער אויף צו שטורמען. ער זעצט זיך אוועק ביים טיש און שרייבט אָן דיעזען אוקאַז: „נעמט מאַקאַר׳ן מיט דיעזען פּאַפּיער אין דער פּאָליציי און זאָל ער קריגען הונדערט ריטער״.

אַ שרעקליכע אימה און אַ טוידטע שטילקייט הערשען אין הויז.

דער זייגער שלאָגט פֿיער; מיר גייען אַלע אַרונטער צו מיטאָג;

אָבער קיינער האָט קיין אַפּעטיט ניט, און די זופּ בלייבט אין די טעלער אונבערירט. ביין טיש זיינען מיר זאַלבע־צעהנט, און לעבען יעדען פֿון אונז שטעהט אַ פֿיעדלער אָדער אַ צימבלער מיט אַ ריינעם טעלער אין דער לינקער האַנד, אָבער מאַקאַר איז צווישען זיי ניטאָ.

„וואו איז מאַקאַר"? פֿרעגט די שטיפֿ־מוטער. „רופֿט איהם אריין".

מאַקאַר קומט ניט; און זי שיקט איהם נאָך אַ מאָהל רופֿען. ער קומט ענדליך אַריין בלאַס מיט אַ צושויבערטען פנים, פֿאַרשעמט, די אויגען אַרונטער געלאָזען צו דער ערד, דער פֿאָטער איז שטאַרק פֿאַרטיעפֿט אין זיין טעלער, און די שטיף־מוטער, זעהענדיג אַז קיינער ריהרט זיך ניט צו צו די זופּ, פּרובירט אונז אַריין געבען קוראַזש.

„דענקט איהר ניט, קינדער, אַז די זופּ איז היינט זעהר געשמאַק?" גיט זי אַ פֿרעג.

די טרערען שטיקען מיך, און באַלד נאָך מיטאָג לויף איך אַרויס, כאַפּ מאַקאַר'ן אין אַ דונקעלען קאָרידאָר און וויל איהם אַ קוש טאָהן אין האַנד; אָבער ער רייסט זי אַרויס, און זאָגט, אַלס פֿאָרוואורף, צו אַלס פֿראַגע: „לאָז מיך צורוה; דו אַליין, ווען דו וועסט אויפֿוואַקסען, וועסטו ניט טהאָן דאָס זעלבע?"

„ניין, ניין, קיין מאָל ניט!"

און דאָך איז דער פֿאָטער ניט געווען דער ערגסטער פֿון די פּריצים. אדרבא, די דיענער און די פּאַראָבקעס האָבען איהם געהאַלטען פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע. דאָס וואָס מיר האָבען צוגעזעהען אין אונזער הויז, איז אויך פֿאָרגעקומען אומעטום, אָפֿט נאָך פֿיעל גרוויזאַמער. דאָס שמייסען פֿון די פּויערים איז געווען גערעכענט אַלס איינע פֿון די רעגולערע פֿליכטען פֿון דער פּאָליציי און פֿון דער פּאָזשאַרנער קאָמאַנדע.

איין פּריץ האָט אַמאָהל געמאַכט אַ בעמערקונג צו אַן אַנדערען: „ווי קומט עס וואָס די צאָהל דושעס אויף דיין אימעניע פֿאַרגרעסערט זיך אַזוי פּאַמעלאַך? דו גיסט מסתמה ניט אַכטונג, אַז זיי זאָלען זיך מתחתן זיין".

אין עטליכע טעג אַרום איז דער גענעראַל אַוועק אין זיין אימעניע, האָט זיך געלאָזט ברענגען אַ ליסטע פֿון אַלע איינוואוינער פֿונ'ם דאָרף, און האָט אויסגעקליעבען די נעמען פֿון די זכרים, וועלכע וואַרען שוין אַכצעהן יאָהר און אַריבער, און פֿון די מיידלאַך וואָס האָבען נור וואָס געענדיגט זייער זעכצעהנטען יאָהר,—וואָס דאָס זיינען די יאָהרען, ווען עס איז געזעצליך ערלויבט חתונה צו האָבען אין רוסלאַנד. דאַן האָט ער אויפֿגעשריבען; „איוואַן זאָל חתונה האָבען מיט אַננאַ'ן, פּאַוועל מיט פּאַראַשקען," א.ז.וו.

מיט פינף פאַר פאָלק, דיזע פינף חתונות, האָט ער צוגעפּיגט, מוזען שטאַטפינדען אין פערלויף פון די נעקסטע צעהן טעג.

אַן אַלגעמיינער פערצווייפלונגס געשריי איז ענטשטאַנען אין דאָרף. אַננאַ האָט געהאַפּט חתונה צו האָבען מיט גריגאָר'ן; פּאַוועלס עלטערען האָבען זיך שוין געהאַט דורכגערעדט מיט די פּעראָטאַפּ'ס מכוח זייער מיידעל, וועלכע וועט די צייטען פּאָלנאָליעטנע. און אַ חוץ דעם, איז גאָר איצט די צייט פון אַקערען און זייען, און ניט זיך צו פּאַרנעהמען מיט חתונות; און ווי קען מען עס פאַרטיגמאַכען אַ חתונה אין צעהן טעג? מאַסען פּויערים זיינען געקומען רעדען מיט'ן פּריץ; פויערטעס זיינען געשטאַנען קופּעסווייז ביים הינטערשטען טויער פונ'ם פּאַלווערק, מיט שטיקלעך פיינע לייוונד פאַר די פּריצטע, טאָמער וועט זי קענען מבטל זיין די גזרה. אומזיסט, דער האַרר האָט געזאָגט, אַז די חתונות מוזען זיין אין דעם טאָג, און אַזוי מוז עס זיין.

צו דער בעשטימטער צייט האָבען די חתונה־פּראָצעסיעס מאַרשירט אין קלויסטער אַריין. דעם מאָל איז די פּראָצעסיע געווען ענליכער צו אַ לויה, ווי צו אַ חתונה. די ווייבער האָבען געיאָמערט מיט שרעקליכע קולות, פּונקט ווי זיי וואָלטען בעקלאָגט אַ געליעבטען מת. איינער פון די קאַמערדיענער איז געשיקט געוואָרען אין תיפלה אַריין צו רעפּאָרטען דעם פּריץ אַזוי שנעל וויא די חתונה צערעמאָניעס וועלען זיין געקאָנטשעט; אָבער ער איז גלייך צוריק געקומען, מיט'ן היטעל אין האַנד בלאַס אין פאַרחושך'ט.

„פּאַראַשקאַ, שטעלט זיך אַנטקעגען," האָט ער געזאָגט. „זי ענטזאָגט זיך חתונה צו האָבען מיט פּאַוועל'ן. דער „הייליגער פאָטער" (דאָס הייסט דער גלח) האָט זי געפרעגט: „בעשטעהסט דו?" אָבער זי האָט געענטפערט אין דער הויך: „ניין, איך בעשטעה ניט"."

דער פּריץ איז געוואָרען מלא חמה. „געה און זאָג דעם פערדישען גלח, אַז אויב ער וועט ניט פּאַראַשקען זאָפאָרט חתונה מאַכען, וועל איך איהם רעפּאָרטען אַלס געמיינעם שכור צום ערץ־בישאָף. ווי שמעיעט ער, דער גלח'שער שטיק שמוץ, מיך ניט צו געהאָרכען? זאָג איהם, אַז מי וועט איהם אָוועקשיקען פוילען אין אַ מאָנאַסטיר, און פּאַראַשקאַ'ס גאַנצע משפחה וועל איך פאַרשיקען אין די סטעפּעס".

דער דיענער האָט איבערגעגעבען דעם אוקאַז. פּאַראַשקאַ'ס קרובים און דער גלח זיינען צוגעשטאַנען צו דער מיידעל; מיט אַ ביטערן געוויין האָט איהר מוטער געקניעט פאַר איהר, זי בעטענדיג זי זאָל ניט אונגליקליך מאַכען די גאַנצע פאַמיליע. די מיידעל האָט אַלץ געטענה'ט: „ניין," אָבער

וואָס אַמאָל, אַלץ מיט אַ שוואַכערען קול, דאַן שוין קוים וואָס מי האָט געהערט, ביז ענדליך זי איז געבליעבען אין גאַנצען שטיל. מי האָט איהר אָנגעטאָהן דעם כלה־קראַנץ אויפֿן קאָפּ; זי האָט זיך ניט געוועהרט, און דער דיענער איז געלאָפֿען הענדאָס פּענדאָס אין הויף אַריין אָנזאָגען די בשורה, אַז „מי האָט זיי חתונה געמאַכט".

אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט מען ביין הויף דערהערט די גלעקלאַך פֿון די חתונה־פּאַראַדען. די פֿינף פּאָר פּאָלק זיינען אַרויס פֿון די וואָגענס און זיינען אַריין אין זאַל אַריין. דער בעל הבית האָט זיי עמפּפֿאַנגען, זיי מכבד געוועזען מיט גלעזלאַך וויין, און די עלטערן שטעהענדיג הינטער זייערע וויינענדיגע טעכטער, האָבען זיי געשטורכעט, זיי זאָלען זיך בוקען ביז צו דער ערד פֿאַר דעם נאָבעלען לאָרד זייערען.

חתונות פּאָ אוקאַזו זיינען געווען אַזוי געוועהנליך, אַז צווישען אונזערע דיענער, יעדען מאָל ווען אַ יונגעס פּאָרעל האָט דערשמעקט, אַז מי געהט זיי חתונה מאַכען, סתם אַזוי, חאָטש זיי האָבען זיך ניט האָלט געהאַט, האָבען זיי זיך פֿאַרהיט דערמיט, וואָס זיי זיינען געשטאַנען בייזאַמען אלס טויפֿ־פֿאָטער און טויפֿ־מוטער, בעת מי האָט אַ נאָמען געגעבען אַ פּויער'ס אַ קינד לויט נאָך דעם דין פֿון דער רוסישער קירכע אָט אַזאַ פּאָרעל שוין קיין מאָל ניט געטאָרט חתונה האָבען. דיעזער שפּיצעל האָט זיך זיי דאָס רוב איינגעגעבען; אָבער איין מאָל האָט זיך עס אויסגעלאָזען זעהר טרויעריג.

אַנדרעי, דער שניידער, האָט זיך פֿאַרליעבט אין אַ שכן'ס אַ מיידעל. ער האָט גע֗האָפֿט, אַז דער פֿאָטער וועט איהם, אלס שניידער, אַרויסלאָזען פֿריי, פֿאַר אַ בעשטימטע יעהרליכע אָבצאָהלונג, און אַז אַרבייטענדיג פֿלייסיג ביי זיין אומנות וועט ער קענען אָבשפּאָרען גענוג געלד אויסצוקויפֿען די מיידעל פֿון דער פּאַנסטשיזנע. ווייל אַ ניט, הייראַטהענדיג מיט איינעם פֿון די לייב איגענע וואָלט זי זעלבסט געבליבען די לייב־איגענע פֿון איהר מאַנ'ס הערען. אָבער אַזוי ווי אַנדרעי און איינע פֿון אונזערע דיענסטמיידלאַך האָבען דערשמעקט, אַז דער פֿאָטער האָט בדעה זיי חתונה צו מאַכען, האָבען זיי זיך בעשלאָסען צו פֿעראייניגען אַלס טויפֿעלטערן ביי אַ קינד. דאָס, פֿאַר וואָס זיי האָבען מורא געהאַט, איז ווירקליך געשעהן; מי האָט זיי פּלוצלונג גערופֿען צום בעל הבית, און דער געפֿירכטעטער אוקאַז איז זיי געגעבען געוואָרען.

„מיר געהאָרכען אייביג אייער הייליגען רצון", האָבען זיי געענטפֿערט, „אָבער מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק האָבען מיר בייגעוואוינט אַ טויפֿונג". אַנדרעי האָט אויך ערקלעהרט זיין בעגעהר און זיין אַבזיכט. דער סוף איז געווען, אַז מי האָט איהם אָבגעגעבען פֿאַר אַ סאָלדאַט.

אונטער ניקאָלאַי דעם ערשטען איז די מיליטער־דיענסט ניט געווען קיין אַלגעמיינע, ווי עס איז איצט. פּריצים און סוחרים וואַרען פריי און ווען עס איז אַרונטערגעקומען אַן אוקאַז מען זאָל שיקען רעקרוטען, האָט יעדער פּריץ געמוזט צושטעלען אַ געוויסע צאָהל פון זיינע לייב אייגענע. אין די דאָרף־קאָמונעס פלעגען די פּויערים זעלבסט געוועהנליך היטען די רייהע צווישען זיך; אָבער די הויז־דיענער זיינען פאָלשטענדיג געלעגען אין די הענד פון זייערע הערען, און טאָמיר איז ער געווען אונצופרידען מיט אימעצען פון זיי, האָט ער איהם גלייך אַוועקגעשיקט אַלס רעקרוט און האָט אַרויסגענומען אַ רעקרוטען־קוויטאַנציע, וועלכע איז ווערטה געווען אַ היבשע סוממע געלד, אַזוי ווי מי האָט זי געקענט פאַרקויפען יעטוועדען, ווען ס'איז אויסגעקומען געהן דיענען.

די מיליטער־דינסט איז אין יענע צייטען געווען אַ אימה. פינף און צוואַנציג יאָהר האָט מען געמוזט זיין אין סלוזשבע, און דער לעבען פון אַ סאָלדאַט איז געווען אונגעהייער ביטער. אָבגעגעבען צו ווערען פאַר אַ סאָלדאַט האָט געהייסען אָבגעריסען צו ווערען אויף אייביג פון דעם דאָרף, וואו מי איז געבוירען און ערצויגען געוואָרען, און שטענדיג צו ליגען אונטער די פיס פון די מערדערישע אָפיצירען. ברוטאַלע קלעפּ, שמיץ מיט גע־ווייקטע ריטער פאַר די קלענסטע זאַך, זיינען געווען מעשים בכל יום. די גרויזאַמקייט אין יענע צייטען קען קיין מענש אין דער וועלט זיך ניט פאָר־שטעלען. אַפילו אין דעם קאַדעטען קאָרפּוס, וואו בלויז פריצישע קינדער וואַרען ערצויגען, האט מען אָפּט בעשטראָפּט מיט טויזענט ריטער פאַרן גאַנצען קאָרפּוס אין די אויגען, פאַר רויכערען אַ ציגאַרעטעל,—דער דאָק־טאָר, שטעהענדיג ביים געפייניגטען איגגעל, און געבענדיג דעם בעפעהל אָבצוהאַלטען נור דאַן, ווען דער פּולס האָט געהאַלטען ביים סטאָפּען. דער בלוטענדער קרבן איז דאַן אַוועקגעטראָגען געוואָרען אין שפּיטאָל אַריין אין אַן אונבעוואוסטען צושטאַנד.

דער קאָמאַנדאַנט פון די מיליטערישע שולען, דער גרויספירסט מי־כאַאיל, וואָלט גלייך אַראָבגעזעצט דעם דירעקטאָר, ביי וועלכען עס זאָל ניט פאָרקומען כאָטש איינע אָדער צוויי אַזעלכע פעלע יעדעם יאָהר. „קיין דיס־ציפּלינע,” וואָלט ער געזאָגט.

ווען אַ פּראָסטער סאָלדאַט איז געבראַכט געוואָרען פאַר אַ קריעגס־געריכט, איז דער געוועהנליכער אורטהייל געווען ווי פאָלגט: טויזענד מאַן זיינען געשטעלט געוואָרען פּנים לפנים אין צוויי שערענגעס, יעדער סאָלדאַט האָט געהאַלטען אַ פּאַלקע אין האַנד, און דער פאַר'משפט'ר איז געשלעפּט געוואָרען דריי, פיער, פינף און זיעבען מאָל, צווישען די צוויי רייהען,

ווערענד יעדער סאָלדאַט האָט אַראָבגעלאָזען די רוט מיט'ן גאַנצען כוח. דאַרויף האָבען שוין אַבטונג געגעבען די פעלדפעבעלס. נאָכדעם ווי מען האָט אָבגעצעהלט פון טויזענד ביז צוויי טויזענד שמיץ, איז דער אונגליקליכער קרבן, שפּייענדיג מיט בלוט, אַוועקגענומען געוואָרען אין שפּיטאָל, און דאָרט האָט מען איהם קורירט, אום מ'זאָל קענען ענדיגען זיין שטראָף, באַלד ווי ער ווערט עטוואָס שטאַרקער. אויב ער איז געשטאָרבען אונטער די רוט, האָט מען דאָך געענדיגט די שמיץ אויף'ן טוידטען גוף. פון רחמנות האָבען ניקאָלאַי דער ערשטער און זיין ברודער ניט געוואוסט. צו פאַרלייכטערן די שטראָף וואַר אונמעגליך. „מי וועט דיך שיקען דורך די שערענגעס סאָלדאַטען; די הויט וועט מען דיר שינדען מיט ריטער!" פלעגט מען זעהר אָפט סטראַשען דעם אונגליקליכען סאָלדאַט.

ווען עס איז בעקאַנט געוואָרען, אַז איינער פון אונזערע דיענער ווערט אָבגעגעבען אין רעקרוטען, איז ביי אונז אין הויז געוואָרען אַ שרעקליכע יללה. מ'האָט דעם מענשען אָנגעטהאָן אין קייטען און מען האָט איהם שטרענג בעוואַכט אין דער קאַנצעלאַריע. צווישען צוויי זשאַנדאַרען האָט מען איהם אַרויסגעשלעפּט אויף'ן וואָגען. אַלע דיענער האָבען איהם אַרומגערינגעלט; ער האָט זיך טיעף פאַרנייגט און האָט געבעטען מען זאָל איהם מוחל זיין אויף אַלע זיינע חטאים. אויב זיין טאַטע־מאַמע האָבען געוואוינט אין דאָרף זיינען זיי געקומען מיט איהם זיך געזעגענען. פאַר זיי האָט ער זיך פאַרנייגט ביז צו דער ערד, און זיין מוטער און די אַנדערע קרובות זיינע האָבען אויפגעהויבען אַ שרעקליכען געיאַמער, „אויף וועמען לאָזט דו אונז איבער? ווער וועט דיך מציל זיין פון די גרויזאַמע מענשען?" פונקט אַזוי ווי זיי וואָלטען איהם באַוויינט ביי זיין לויה, מיט'ן זעלבען ניגון און מיט די זעלבע ווערטער.

און דיעזער שרעקליכער שיקזאַל צו דיענען דעם קייזער פינף און צוואַנציג לאַנגע, ביטערע יאָהר, איז פאַרגעשטאַנען דעם אָרעמען שניידער, אַנדריי. אַלע זיינע פלענער פון גליק האָבען זיך געענדיגט אָט מיט אַזאַ מין שרעקליכען סוף.

דער סוף פון איינע פון די דיענסטען, פּאָלינאַ, אָדער פּאָליע, ווי מיר פלעגען איהר רופען, איז געווען נאָך פיעל טראַגישער. זי איז געווען אויף דער לעהרע ביי דער שטריקעריי אַרבייט און וואַר אַ קינסטלערין אין איהר פאַך. אין גיקאָלסקאָיע איז איהר ווערק־שטוהל געשטאַנען אין דער שוועסטער העלענע'ס צימער, און זי פלעגט זיך אָפט אַריינמישען, בעת העלענאַ האָט זיך אונטערהאַלטען מיט דער שטיעף־מוטער'ס שוועסטער. סך הכל, האָט מען געקענט זעהן פון איהר באַנעהמונג און איהר שפּראַך,

אַז זי איז מעהר עהנליך אויף אַ געבילדעטע יונגע דאַמע, ווי אויף אַ דיענסט־מיידעל.

אַן אונגליק האָט איהר אָבער געטראָפֿען: זי האָט זיך דערוואוסט, אַז באַלד ווערט זי אַ מוטער. זי האָט באַלד אַלעס דערצעהלט דער שטיעף־מאַמען, וועלכע האַט זיך שרעקליך פֿאַנאַנדערגעקאָכט: „איך וויל ניט מעהר האָבען אַזאַ בריאה ביי מיר אין הויז! אַזאַ שמאַך ערלויב איך ניט ביי מיר! אַך, דאָס אונפֿערשעהמטע ווזען!“ און אַזוי ווייטער. העלענעס טרערען האָבען דאָ גאָרניט געהאָלפֿען. פֿאָליע׳ן האָט מען אָבגעשאָרען די האָר, און מי האָט זי פֿאַרשיקט אויף דעד פֿאַכט מעלקען די קיה, אָבער אַזוי ווי זי האָט גראַד געהאַלטען אַ טייער אונטערקלייד אין דער אַרבייט, האָט מען איהר ערלויבט זי קאָנטשען אין אַ שמוציגער כאַטקע, ביי אַ פּיצינקען פֿענ־סטערעל. און זי האָט עס געקאָנטשעט. און האָט פֿיעלע טייערע אַרבייט אויפֿגעטאָן, און האָט אַלץ געהאָפֿט, אַז ענדליך וועט מען איהר דאָך מוחל זיין, אָבער אומזיסט.

דער פֿאָטער פֿון איהר קינד, אונזער שכן׳ס אַ דיענער, האָט געוויינט און געבעטען, מי זאָל איהם ערלויבען מיט איהר חתונה האָבען. נור אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט קיין געלד מיט וואָס זי אוים צו קויפֿען, האָט מען איהם פּשוט אויסגעלאַכט, די „צו איידעלע“ מאַניערען פֿון פֿאָליע דער „פּריצטע“, האָבען נאָך מעהר אויפֿגעפֿלאַמט דער שטיף מוטערס צאָרן אויף איהר, און איהר סוף איז געווען זעהר אַ גרויזאַמער.

אין אונזער הויז דאָט געדיענט אַ מאַן אַלס פּאָסטאַליאָן. ווייל ער איי געווען אַ זעהר שטשופּלער. פֿלעגט איהם רופֿען „פּילקאַ דער קרוי־מער“. אַלס אינגעל האָט איהם אַ פֿערד אַ שרעקליכען בריק געטאָהן, און ער האָט אויפֿגעהערט וואַקסען. די ביינער פֿון זיינע פֿיס וואַרען קרום און די פֿיס גופֿא זיינען געווען אויסגעדרייט איינער צום אַנדערען מיט די פֿינ־גער; זיין נאָז וואַר צובראָכען אויף אַ זייט; זיין מאָרדע האָט קיין שום געשטאַלט ניט געהאַט. און מיט דיעזע פֿאַרזעהעניש האָט מען עס בעשלאָ־סען פֿאָליען חתונה צו מאַכען,—און מי האָט זיי חתונה געמאַכט מיט גע־וואַלט און זיי אָבגעשיקט אַלס פֿאַראָבקעס אויף אונזער גוט אין ריאַזאַן.

קיין מענשליכע געפֿיהלען האָט מען ניט אַנערקענט; מען האָט זיי גאָר אַפֿילו ניט פֿאַרדעכטיגט ביי שקלאַפֿען, און ווען טורגעניעף האָט אַרויס־געלאָזען זיין קליינע ערצעהלונג „מומו,“ און ווען גריגאָראָוויטש האָט אַרויס־געלאָזען זיינע וואונדערבאַרע ראָמאַנען, וועלכע האָבען איבער׳ס געוואַלד אַרויסגעריסען טרערען פֿון דעם לעזערס אויגען מיט זיינע מעכטיגע שיל־

דערונגען פֿון דעם פֿינסטער־טראַגישען לעבען פֿון די לייב־אייגענע,—ערשט דאַמאָלס האָט מען פלוצלונג אויפֿגעכאַפּט זיך עפּעס ווי פֿון שלאָף. „זיי ליבען פונקט ווי מיר; קען עס דען געמאָלט זיין"? האָבען אויסגעשריען די נאָבעלע דאַמען, וועלכע פֿלעגען פֿאַרגיעסען טרערען לייענדיג די פֿראַנצויזישע ראָמאַנען פֿון די צרות, וואָס די פּירסטליכע העלדען און העלדינען זיינען נעבאך אויסגעשטאַנען.

נאָך אַ טיפֿער קוואַל פֿון יסורים פֿאַר די אונגליקליכע איז געווען די בילדונג, וואָס זייערע פּריצים האָבען זיי מאַנכעס מאָל געגעבען. למשל, דער פֿאָטער האָט אמאָל דערזעהען אַ קלוגען אינגעל ביי אַ מוזשיק אין הויז, און ער האָט איהם אַוועקגעשיקט לערנען פֿעלדשעריי. דער פֿלייסיגער אינגעל איז אין עטליכע יאָהר געוואָרען אַ פֿעהיגער פֿאַך־מאַן. ווען ער איז צוריקגעקומען אַ היים, האָט איהם דער פֿאָטער איינגעסטרויעט אַ דיספּענסערי אין איינע פֿון די ניקאָלסקאָיער הייזלאַך. סאַשאַ, דער דאָקטאָר—אַזוי פֿלעגען מיר דעם יונגען מאַן רופֿען—פֿלעגט זיין זעהר ביזי זומער צייט, צוזאַמעקלייבענדיג זיינע מעדיצינישע קרייטאַכער, און אין אַ קורצער צייט, איז ער געוואָרען זעהר באַריהמט אין ניקאָלסקאָיע. פֿון די אַרומיגע דערפֿער פֿלעגען צו איהם געהן אַלע קראַנקע מוזשיקעס, און דער טאַטע האָט געקליעבען נחת פֿון זיין דיספּענסערי. נאָר לאַנג האָט עס ניט אָנגעהאַלטען. איינמאָל, ווינטער, איז דער פֿאָטער געקומען נאָך ניקאָלסקאָיע, איז דאָרט אָב געווען עטליכע טעג און איז אַוועק. יענע נאַכט האָט זיך סאַשאַ, דער דאָקטאָר, דערשאָסען,—על פּי סיבה האָט עס כלומרשט געהייסען: אָבער אין אמתן האָט דאָ געשטעקט אַ ליעבעס-געשיכטע. ער האָט זיך נעמליך, געהאַט פֿאַרליעבט אין אַ מיידעל, מיט וועלכער ער האָט ניט געקאָנט חתונה האָבען, מחמת זי האָט בעלאַנגט צו אַנאַנדער גוט־בעזיצער.

די מעשה מיט געראַסים קרוגלאָף איז שיער ניט געווען אויך אַזוי טראַגיש. דער פֿאָטער האָט איהם אַריינגעגעבען אין מאָסקווער אַגראָנאָמישען אינסטיטוט, וואו ער האָט אויסגעהאַלטען דעם עקזאַמען אַזוי גלענצענד, אַז דער דירעקטאָר זעלבסט האָט זיך געסטאַרעוועט מיט אַלע זיינע כוחות צו פּועלן ביים טאַטען, ער זאָל געראַסים'ען בעפֿרייען, אום צו קענען אָנגענומען ווערען אין אוניווערזיטעט,—אַזוי ווי אַהין קען אַ לייב-אייגענער ניט אָנקומען.

„ער וועט זיכער ווערען אַ גרויסער מאַן", האָט דער דירעקטאָר געטענהט; „אפֿשר גאָר איינער פֿון די גרעסטע מענער פֿון רוסלאַנד. און עס וועט זיין אַ גרויסער כבוד פֿאַר אייך, וואָס איהר האָט אין איהם גלייך דערקענט זיינע פֿעהיגקייטען און וואָס איהר האָט איבערגעגעבען אַזאַ מאַן צו דער רוסישער וויסענשאַפֿט".

„איך ברויך איהם צו האָבען אויף מיין אייגענעם גוט", איז געווען דעם טאַטענס איינציגע תשובה אויף אַלע בקשות פון פיעלע געלערענטע מענשען. אָבער אין אמת׳ן האָט קרוגלאָף ניט געקענט ברענגען קיין שום נוצען ביי יענע פאַרצייטיגע אַגראָנאָמישע מעטהאָדען, פון וועלכע דער פאָ־טער וואָלט סיי ווי סיי קיין מאָל ניט אָבגעטראָטען.

נאָך דעם ווי גראַסים האָט אויסגעמאָסטען אונזער אימעניע, האָט ער צוריק פאַרנומען זיין אַמאָליגען פלאַץ מיט׳ן טעלער אין דער האַנד, סערווירענדיג ביים טיש, גלייך ווי קיין מאָל גאָר נישט. און דערמיט האָט זיך זיין וויסענשאַפטליכע קאַריערע געענדיגט. דעם אָרעמען מענשען האָט עס, נאַטירליך, שטאַרק געקרענקט. זיין פאַנטאַזיע האָט געשוועבט ביי דער וויסענשאפטליכער אַרבייט אין אניווערזיטעט. יעדער בליק זיינער האָט אַרויסגעוויזען זיין פראָטעסט, און די שטיעף־מוטער פלעגט האָבען אַ בע־זאָנדערן פאַרגעניגען איהם אויף יעדען שריט צו באַליידיגען. איין מאָל, אָבען־צייט, ווען דער ווינד האָט פלוצלונג אויפגעריסען דעם טויער, האָט זי דע־לאַנגט אַ געשריי: „גראַסקאַ, געה נאָר, מאַך צו דעם טויער!"

דאָס איז געווען דער לעצטער פונק. „אויף דעם איז דאָ אַ סטאָ־ראָזש," האָט ער געענטפערט און איז זיך געגאַנגען זיין וועג.

מיט אַ גרויס געוואַלט איז די שטיעף מוטער אַריין צום טאַטען: „סטייטש, דיינע דיענער באַליידיגען מיך אין דיין הויז!"

גראַסימען האָט מען גלייך אַרעסטירט, אָנגעטאָהן אין קייטען און אָבגעשיקט אין סאָלדאַטען. די סצענע, בעת ער האָט זיך געזעגענט מיט זיינע אלטע גרייז־גרויע עלטערען, איז געווען אַזוי הערצרייסענד, אַז איך וועל זי אויף מיין גאַנצען לעבען ניט פאַרגעסען.

דאָך האָט דעם מאָל דער שיקזאַל גענומען זיין נקמה. ניקאָלאַי איז געשטאָרבען, און די מיליטער־דיענסט איז געוואָרען עטוואָס לייכטער. גע־ראַסים׳ס גרויסע פעהיגקייטען זיינען באַלד דערקענט געוואָרען, און אין עטליכע יאָהר איז ער שוין געווען איינער פון די הויפט סעקרעטערע און די ווירקליכע קראַפט אין איינעם פון׳ם קריעגס־מיניסטערס דעפאַרטאַ־מענטען.

דער פאָטער וואַר עהרליך ביז גאָר, און אין אַ צייט, ווען כמעט יעדער איינציגער האָט גענומען לאַפּקע און איז געוואָרען רייך, האָט ער זיך געהאַלטען שטרענג ביי זיין דיסציפלינע, און ביי זיינע רעגעלען. אָבער איין מאָל, אום אַ טובה צו טאָהן דעם קאָמאַנדיר פון זיין קאָרפּוס, האָט ער דורגעלאָזען עטוואָס אונגעזעצליכעס. דורך דיעזען חטא האָט ער שיעור ניט פאַרלוירען די מעגליכקייט צו קריגען דעם גענעראַלסקען טשין; דער

איינציגער צוועק, וואָס האָט איהם געהאַלטען אין דער אַרמעע פינף און דרייסיג יאָהר איז געווען צו קריעגען דיעזען הויכען ראַנג, און איצט האָט ער איהם געזאָלט דורך אַ קלייניגקייט פון די הענד אַרויסלאָזען. די שטיעף-מוטער איז אַוועק קיין פעטערסבורג בלאָפּאָטשען און אין איין שעהנעם טאָג, קריגט זי די ידיעה, אַז דער איינציגער מיטעל צו עררייכען איהר צוועק, איז זיך צו ווענדען צו אַ געוויסען סעקרעטאַר אין דעם קריעגס-מיניסטעריום. דיעזער מאַן האָט געהייסען גראַסים איוואַנאָוויטש קרוגלאָף.

„שטעל זיך פאָר, אונזער גראַסקאַ!" האָט זי שפּעטער צו מיר געזאָגט. „איך האָב אימער געוואוסט, אַז ער האָט גרויסע פעהיג-קייטען. כ'בין צו איהם אַוועק און האָב מיט איהם גערעדט מכח דעם ענין און ער האָט געענטפערט: איך האָב גאָר ניט געגען דעם אַלטען פּרינץ און איך וועל זעהען טהאָן אַלעס מעגליכעס פאַר איהם".

גראַסים האָט געהאַלטען וואָרט: ער האָט געמאַכט אַ גינסטיגען ראַפּאָרט און דער פאָטער האָט געקראָגען דעם טשין. ענדליך האָט ער שוין געקענט אָנטהאָן די אַזוי לאַנג געגאַרטע רויטע הויזען, דעם שינעל מיט דעם רויטען אונטערשלאַג און די קוטשמע מיט די גרויסע קוטאַסען.

דיעזע אַלע זאַכען האָב איך אַליין געזעהען אין מיינע קינדער-יאָהרען.

ווען איך זאָל אָבער וועלען דערצעהלען, וואָס איך האָב געהערט אין יענע יאָהרען, וואָלט די געשיכטע געווען אַ פיעל שרעקליכערע: געשיכטעס פון מענער און פרויען, וואָס זיינען געוואָרען אַוועקגעריסען פון זייערע פאַמיליעס און זייערע דערפער און פאַרקויפט אָדער פאַרשפּיעלט אין קאָרטען, אָדער אויסגעטוישט אויף אַ פּאָאָר יאַכט-הינד און דאַן טראַנספּאָרטירט ערגעץ אין אַ וויטען פערוואָרפענעם ווינקעל אין רוסלאַנד, אום צו באַזעצען אַ נייע אימעניע; געשיכטעס פון קינדער, אַוועקגענומען פון די עלטערען און פאַרקויפט צו גרויזאַמע אָדער אויסגעלאַסענע מייסטערס; פון שמייסען „אין די שטאַלען", וועלכעס פלעגט פּאַסירען יעדען טאָג מיט אונערהערטע גרויזאַמקייט; פון אַ מיידעל, וועלכע האָט געפונען איהר איינציגע ישועה אין דערטרינקען זיך, פון אַן אַלטען מאַן, וועלכער איז גראָה געוואָרען אין זיין מייסטער'ס דיענסט און האָט זיך ענדליך אויפגע-האַנגען הינטער דעם מייסטערס פענסטער; און פון די בונטען פון די פּאַנסטשיזניקעס, וועלכע זיינען איינגעשטעלט געוואָרען פון ניקאָלאַי דעם ערשטען'ס גענעראַלען, טויטשמייסענדיג יעדען צעהנטען אָדער יעדען פינפטען בונטאָווטשיק און חרוב מאַכענדיג דעם דאָרף, טרייבענדיג די איינוואָהנער צו געהן בעטלען אין די שכנ'שע פּראָווינצען. וואָס אָנבעלאַנגט צו דער אָרעמקייט, וואָס איך האָב געזעהען פאָרביירייזענדיג געוויסע

דערפֿער, בעזונדערס די, וואָס האָבען געהערט צו דער קייזערליכער פֿאַמי־ליע,—וועט קיין פֿעדער ניט אים שטאַנד זיין צו באַשרייבען די פֿורכטבאַרע נויט, וועלכע האָט דאָרט געהערשט אין יעדען ווינקעל.

פֿריי צו ווערען—איז געווען דער שטענדיגער חלום פֿון די קנעכט, —אַ חלום, וועלכען מ׳ האָט ניט געקענט אַזוי לייכט פֿאַרווירקליכען, דען מ׳ האָט דעם פֿריץ געמוזט אַוועקלייגען אַ היבשע סומע געלד, בעפֿאָר ער האָט אָבגעגעבען אַ קנעכט זיינעם.

„ווייסט דו", האָט דער פֿאָטער צו מיר איין מאָהל געזאָגט, „אַז די מאַמע איז מיר געקומען צו חלום נאָך׳ן טויט? זי איז געקומען צו מיר, אנגעטאהן אין ווייסען, פֿרעגענדיג מיר, וואַרום איך ערפֿיהל ניט מיין צוזאָג און בעפֿריי ניט איהר גובערנאַנטין מאַשאַ און זי איז פֿערשוואונדען גע־וואָרען. איך האָב צוזאַמענגערופֿען די דיענער, אבער זיי האָבען קיין זאַך ניט געזעהען. אין דער פֿריה בין איך אַוועק אויף איהר קבר, האָב איהר געלאָזט מאַכען אַן „אל מלה רחמים", און האָב בעפֿרייט מאשאַ׳ן".

ווען דער פֿאָטער איז געשטאָרבען, איז מאַשאַ געקומען צו דער לויה און איך האָב מיט איהר גערעדט. זי וואַר שוין פֿאַרהייראַט, און האָט זיך געלעבט גאַנץ גליקליך. מיין ברודער אלעקסאנדער האָט איהר אין אַ שפּאַס דערצעהלט די גאַנצע מעשה, און מיר האָבען זי אַ פֿרעג געטאָהן, וואָס זי דענקט מכח דעם.

„דיעזע זאַכען האָבען פּאַסירט שוין לאַנג צוריק, און איך קען אייך שוין אויסזאָגען דעם אמת. איך האָב געזעהען דאָס דער פֿאָטער האָט גאָר אין גאַנצען פֿאַרגעסען זיין צוזאָג, איך האָב מיך דאַרום אנגעטאָהן אין וויי־סען און האָב גערעדט פּונקט ווי אייער מוטער. איך האָב איהם דערמאָנט אָן זיין וואָרט,—איהר וועט דאָך אויף מיר קיין פֿאַראיבעל ניט האָבען, וואָס?"

„אודאי ניט"!

צעהן אָדער צוועלף יאָהר נאָך די סצענעס צווישען דעם פֿאָטער און די באַדיענער, וועלכע וואַרען געשילדערט אין אָנהויב פֿון דיעזען קאַ־פּיטעל, בין איך געזעסען איין מאָהל ביי נאַכט אין דעם פֿאָטערס צימער און מיר האָבען געשמועסט מכח פֿאַרגאַנגענע זאַכען. לייבאייגענשאַפֿט איז שוין דעמאָלט געווען אָבגעשאַפֿט, און דער פֿאָטער האָט זיך באַקלאָגט אויף דעם נייעם צושטאַנד; אָבוואָהל ער האָט דוקא ניט אַזוי פֿיעל געגראַמ־בעלט.

„דו מוזט אַליין מודה זיין, פֿאָטער", האָב איך זיך אבגערופֿען, „אַז דו האָסט אָפֿט גרויזאַם באַשטראָפֿט דיינע שקלאַפֿען און אָהן אַ שום אורזאַכע".

„מיט'ן פֿאָלק האָט מען זיך ניט געקאָנט אַנדערש בעגעהן", האָט ער געענטפֿערט; און זיך פֿערנאַנדערלייגענדיג אין פֿאָטעל, איז ער געבליעבען זיצען פֿאַרטיעפֿט אין רעיונות. „אבער וואָס איך האָב געטאָהן איז נאָך גאָר ניט, האָט ער געזאָגט, נאָך אַ לאַנגע פּויזע. אָט איז מאַקיה. סאבלין גופא: ער זעהט זיך אויס אזא וויינינקער און רעדט זיך אַזוי בנעמות'דיג; אבער ער, זעהסטו, איז ווירקליך געווען שרעקליך צו זיינע קנעכט. וויפֿיעל מאָהל האָבען זיי ניט געפּלאַנעוועט איהם צו הרג'ענען! איך האָב זיך לכל הפּחות קיין מאהל ניט געפּאָלזעוועט מיט מיינע גובערנאַנטקעס, אבער דער אַלטער מייוועל—האָט זיך אויפֿגעפֿיהרט אַזוי שוידערהאַפֿטיג, אַז די פּויערטעס האָבען געהאַט ברעה איהם צו באַשטראָפֿען מיט דער שרעקליכער שטראָף.... גוטע נאַכט דיר, גוטע נאַכט"!

9.

די קרימער מלחמה געדענק איך גוט. אין מאָסקווע האָט זי אַ קליינעם רושם געמאַכט. פֿאַרשטייט זיך, אַז לייוועגט און באַנדאַזשען פֿאַר די געראַניטע האָט מען געמאַכט אין יעדען הויז. כאָטש פֿיעל פֿון דעם איז צו די רוסישע אַרמעען קיין מאָהל ניט אָנגעקומען, דען מאַסען האָט מען צו'גנב'עט אין פֿערקויפֿט אין אויסלאַנד. מיין שוועסטער העלענע און אנדערע דאַמען האָבען געזונגען פּאַטריאָטישע ליעדער, אבער דאָס אַלגעמיינע לעבען אין דער געזעלשאַפֿט איז גאַנץ וועניג בעריהרט געוואָרען פֿון דעם גרויסען קאַמפֿף, וואָס איז אנגעגאַנגען אין דער קרים. אבער דערפֿאר האָט די מלחמה ארויפֿגעוואָרפֿען אַ שרעקליכע אימה אויף די דערפֿער. איין פּריאָם נאָך'ן אַנדערען איז אוועקגעטריבען געוואָרען צום שלאַכטפֿעלד, און די פּויערטעס האָבען גאָר קיין מאָהל ניט אויפֿגעהערט צו זינגען זייער בית עולם נגון. דאָס רוסישע פֿאָלק האָט בעטראַכט די מלחמה אַלס א גזר דין, וועלכער איז אויף זיי אנגעשיקט פֿון הימעל, און זיי האָבען דאָס מקבל געווען מיט גרויס יראה. יונג ווי איך בין דאַמאָלס געווען, האָב איך פֿון דעסטוועגען פֿאַרשטאַנען יענעם געפֿיהל פֿון יאוש, וועלכער האָט באַהערשט אונזערע דערפֿער.

ווי אַ סך אַנדערע, איז אויך מיין ברודער ניקאָלאַי, באַפֿאַלען געוואָרען פֿון'ם קריגס־פֿיבער, און איידער ער האָט נאָך געהאַט געענדיגט דעם קורס אין קאָרפּוס, האָט ער זיך שוין אָנגעשלאָסען אן די קאַווקאַזער אַרמעע. מעהר האָבען איהם שוין מיינע אויגען קיין מאָל ניט געזעהען.

אין הערבסט פֿון 1854, האָט זיך אונזער משפּחה פֿאַרגרעסערט: ס'זיינען אָנגעקומען צוויי שוועסטער פֿון דער שטיעף מוטער. זיי האבען

געהאַט זייער אייגען הויז און וויינגאַרטענס אין סעוואַסטאָפּאָל, אָבער איצט איז דורך דער מלחמה אלעס חרוב געוואָרען, און זיי זיינען געקומען צו אונז. פריהער האָט מען די איינוואָהנער פאַרזיכערט אַז זיי האָבען ניט וואָס מורא צו האָבען און קענען בלייבען רוהיג אין שטאָדט, אבער נאָך דעם, ווי אַל־מאַ איז איינגענומען געוואָרען, האָט מען געגעבען אַ באַפעהל צו פאַרלאָזען די שטאָדט זאָפאָרט, ווייל יעדע מינוט קען זי בעלאַגערט ווערען. פוהרען זיינען געווען ווייניג, און דער וועג איז מייסטענס געווען פאַרנומען מיט די טרופּפען וואָס האָבען מאַרשירט צו דרום זייט צו. און די דאַמען האָבען זיך מיט שווערער מאַטערניס, קוים מיט צרות דערשלעפּט קיין מאָסקווא. דעם גאַנצען באַגאַזש זייערען האָבען זיי נאַטירליך געלאָזען אויף׳ן וועג.

איך בין באַלד געוואָרען גוט פריינד מיט דער אינגערער שוועסטער, אַ פרוי פון אַ יאָהר דרייסיג, וועלבע האָט געריוכערט סיגאַרעטלעך אהן אויפהער. זי האָט מיר דערציילט וועגען די פּראַכטפאָלע שיפען, וועלכע האָבען געמוזט פאַרזונקען ווערען אין דעם סעוואַסטאָפּאָלער האַפען, און זי האָט ניט געקענט בעגרייפען ווי אַזוי רוסלאַנד האָט זיך אונטערגענומען צו באַשיצען סעוואַסטאָפּאָל פון דער יבשה־זייט; ס׳איז אפילו ניט געווען קיין ריכטיגער מויער ארום דער שטאָדט.

איך בין געווען אין מיין דרייצעהנטען יאָהר, ווען ניקאָלאַי דער ערשטער איז געשטאָרבען. אין אַבענד פון צווייטען מערץ האָט דער גאָראָדאָוואָי אויסגעטהיילט צירקולאַרען אין אַלע הייזער, וועלכע האָבען מודיע געווען דעם עולם מכח דעם צאַר׳ס קראַנקהייט, און האָבען אַלעמען אויפגעפאָרדערט מתפלל צו זיין פאַר זיין געזונט. דער צאַר איז שוין דאַן געווען טויט, און די נאַטשאַלסטוואָ האָט עס געוואוסט, דען צווישען מאָסקווע און פּעטערסבורג איז געווען אַ טעלעגראַפּנע פאַרבינדונג; נאָר אזוי ווי מי האָט פריהער קיינעם קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגען זיין קראנקהייט, האָט מען זיי איצט געמוזט ווי עס איז פאָרבערייטען פאַר די פּלעצליכע נייעס פון דעם קייזערס טויט. מיר זיינען אלע אַוועק אין דער קירכע און האָבען מיט גרויס כונה מתפלל געווען צו גאָט.

אויף מאָרגען, שבת, און אפילו אם היילינען זונטאג, האָט נאָך אַלץ די פּאָליציי געטהיילט צירקולאַרען וועגען דעם צאַר׳ס קראַנקהייט. ערשט נאָכמיטאַג האָבען אונז די דיענער, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון מאַרק, אנגעזאָגט די בשורה פון ניקאָלאַי׳ס טויט. שרעק האָט געהערשט אין אונזער הויז און אין די הייזער פון אונזערע קרובים, ווען די נייעס האָט זיך פאַרשפּרייט. מי זאָגט אַז די מאַרקסלייט האָבען זיך זעהר קאָמיש אויפגעפיהרט, ניט אַרויסווייזענדיג דעם מינדעסטען געפיהל; פערקעהרט: זיי

האָבען נאָך געעפֿענט אַ מויל געגען דעם טויטען הערשער. דערוואקסענע מענשען האָבען גערעדט אין דער שטיל, און די שטיעף מאַמע האָט זיך אַלץ געבעטען: „רעד ניט אַזוי, אַז די מענשען זאָלען דערהערען;" ווערענד די דיענער האָבען זיך געשושקעט צווישען זיך, מסתמא וועגען זייער קוי־מענדע „בעפֿרייאונג." די פריצים האָבען יעדע מינוט ערוואַרטעט אַן אויפֿ־שטאַנד פֿון די קנעכט,—א בונט פֿון פוגאַטשאָוו'ן.

אין פעטערסבורג האָבען זיך די געבילדעטע לייט געהאַלזט אין די גאַסען, ריידענדיג פֿון די פֿרייליכע נייעס. יעדער האָט געפֿיהלט, אז ס'איז געקומען דער סוף פֿון דער שרעקליכער מלחמה און פֿון דעם אימה'דיגען צושטאַנד, וועלכער האָט געהערשט אונטער דעם "אייזערנעם דעספּאָט". מי האָט גערעדט פֿון פֿאַרגיפֿטונג, בעזונדערס דאַרום, ווייל דעם צאַר'ס קערפּער איז זעהר שנעל צופוילט געוואָרען, אָבער די אמת'ע אורזאַכע איז ביסלעכווייז בעקאַנט געוואָרען: ניקאָליי האָט געהאַט איינגענומען א בי־סעל צו פֿיעל פֿון זיין קרעפֿטיגונגס-מעדיצין.

אין דער פּראָווינץ, אין דעם זוממער 1855, האָט מען זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דעם פֿאַרצווייפֿעלטען קאַמפּף, וועלכער איז אָנגעפֿיהרט געוואָרען מיט אזא העלדישקייט ביי די סעוואַסטאָפּאָלער פֿעסטונגען. צוויי מאָל אַ וואָך האָט מען פֿון אונזער אימעניע געשיקט אַ שליח אין שטאָדט אַריין נאָך די צייטונגען; און בעפֿאָר ער האָט נאָך געהאַט צייט אַראָבצו־שטייגען פֿונ'ם פֿערד האָבען מיר שוין געהאַט ארויסגעריסען די צייטונגען פֿון זיינע הענד. העלענע און איך האָבען זיי געלייענט אין דער הויך פֿאַר דער פֿאַמיליע, און די נייעס איז באַלד אַוועק צו די דיענערשאַפֿט און פון דאָרט פריאַמאָ אין קוכניע אַריין, און פֿון דאָרט ווידער אין קאַנצעלאַריע אריין, אין גלח'ס הויז און אין די כּאַלופּעס פֿון די מוזשיקעס. די רעפּאָר־טען, וואָס זיינען אָנגעקומען אין די לעצטע טעג פֿון סעוואַסטאָפּאָלער קאַמפּף, פֿון דער שרעקליכער באָמבאַרדירונג, און ענדליך פֿון דעם אָב־טרעטען פֿון די רוסישע טרופּען, וואַרען עמפּפֿאַנגען מיט טרערען. אין יעדער הויז אויף דער פּראָווינץ האָט מען בעוויינט דעם פֿערלוסט פֿון סע־וואַסטאָפּאָל, פּונקט ווי מען בעוויינט אַ נאָהענטען קרוב, כּאָטש יעדער איי־נער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז איצט מוז זיך די מלחמה ענדיגען.

## 10.

אין אווגוסט, 1857, ווען איך בין געווען קנאַפּע פֿופֿצעהן יאָהר אַלט, איז געקומען מיין צייט אריינצוטרעטען אין דעם פּאַזשען קאָרפּוס און מי האָט מיר אַוועקגעפיהרט קיין פעטערסבורג. ווען איך בין אַוועק פֿון דער

היים, בין איך געוועזן נאָך כמעט א קינד; אבער דער מענשליכער כאַראַקטער ווערט געוויינליך געזעצט פריהער אין לעבען, ווי מי דענקט; און איך בין זיכער אַז שוין דאַמאָלסט, ווען איך בין נאָך געוועזן אין די קינדער יאָהרען, וואר איך שוין כמעט דאָס, וואָס איך בין דערנאָך געוואָרען. מיין געשמאַק, מיינע נייגונגען זיינען שוין דאַן געווען פעסטגעשטעלט.

ווי שוין געזאָגט, איז דער ערשטער אַנשטויס צו מיין אינטעלעקטועלער ענטוויקלונג מיר געגעבען געוואָרען פון מיין רוסישען לעהרער. עס איז א טייערער מנהג אין רוסישע פאַמיליעס—א מנהג, וועלכער האלט שוין איצט ליידער ביי אונטערגיין—צו האָבען אַזעלכע לעהרער אין הויז; דאָס הייסט א סטודענט, וועלכער העלפט די שילער אין זייערע לעקציעס, אפילו ווען זיי זיינען שוין אין גימנאַזיע. אַזאַ לעהרער העלפט די קינדער גרינדליך צו פערשטיין און פיעל טיעפער צו בעגרייפען דאָס, וואָס מי לערנט זיי אין די שולען. און אַ חוץ דעם, פיהרט ער אריין אן אינטעלעקטועלען עלעמענט אין דער פאַמיליע אריין, און ווערט אן עלטערער ברודער צום יונגוואַרג, און אָפט נאָך בעסער ווי אַ ברודער, ווייל ער האָט פאַר זיך אַ געוויסע פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם פאָרטשריט פון זיינע תלמידים; און אזוי ווי די לעהר־מעטהאָדען ענדערען זיך שנעל פון איין דור צום אַנדערען, קען ער זיינע שילער מעהר העלפען, ווי די געבילדעטסטע עלטערען וואָלטען דאָס קענען.

סמירנאָף האָט געהאַט א געשמאַק פון ליטעראַטור. אין יענע צייטען, אונטער דער ווילדער צענזור פון ניקאָלאַי דעם ערשטען, האָבען פיעלע ווערק פון די בעסטע רוסישע שרייבער ניט געטאָרט פערעפענטליכט ווערען; אַ סך זיינען אַזוי צוקאַליעטשעט געוואָרען, אַז פיעלע קאַפּיטלען זיינען פשוט געבליעבען אָהן אַ שום זינן, אין גריבאָיעדאָפ׳ס פראַכטפאָלע קאָמעדיע„ גאָרע אָט אומאַ״ (דער אונגליק פון פערנונפט), וועלכע שטעהט אזוי הויך, ווי די בעסטע קאָמעדיעס פון מאָליער, האָט דער קלוגער צענזאָר געמאַכט „הערר סקאַלאָזוב״ אנשטאַט „פאָלקאָווניק סקאַלאָזוב״. וואס דאַדורך פאַרליערט זיך אי דער זינן, אי דער גראַם פון די פערזע; נאָר פאָרצושטעלען אַ פאָלקאָווניק אין אַ קאָמישער געשטאַלט, וואָלט הייסען אַ בעליידיגונג פאַר דער אַרמעע. אפילו אַזאַ אונשולדיג בוך ווי גאָגאָל׳ס „מיאָרטוויע דושי״ (טוידטע נשמות) האָט מען פאַרבאָטען איבערצודרוקען, כאָטש די ערשטע אויסגאַבע איז שוין געווען לאַנג אויספאַרקויפט: און די צווייטע טהייל פון דיעזען בוך האָט קיין מאָהל גאָר די ליכטיגע וועלט ניט אָנגעזעהען. מאַסען פאָעזי פון פושקין, ליערמאָנטאָף, א. ק. טאָלסטאָי, ריליעעף און אַנדערע פאָעטען זיינען אויך אונטערדריקט געוואָרען. היינט ווער רעדט

שוין פֿון אַזעלכע פּאָעמען, וועלכע האָבען געהאַט אַ פּאָליטישע בעדייטונג, אָדער וואָס האָבען קריטיקירט די הערשענדע צושטענדע!

די אַלע ווערק זיינען אַרומגעגאַנגען אין מאַנוסקריפּט פֿון האַנד צו האַנד, און סמירנאָף פֿלעגט קאָפּירען גאַנצע ביכער פֿון גאָגאָל און פּושקין פֿאַר זיך און זיינע פֿריינד, אַן ארבייט אין וועלכע איך פֿלעג איהם אַמאָהל צוהעלפֿען. אַלס אַן אמת'ער „מאָסקוויטש" האָט ער שטאַרק פֿארגעטערט שרייבער, וועלכע האָבען געוואָהנט אין „אונזער מאָסקווע",—מאַנכע פֿון זיי טאַקי אין דער אלטער קאָניושנאַיאַ גופֿא. מיט רעספּעקט האָט ער מיר אנגעוויזען אויף'ן הויז פֿון דער גרעפֿין סאַליאַ (עווגעניע טור), וועלכע איז געווען א נאָהענטע שכנה אונזערע; די הויז פֿון דעם בעריהמטען און פֿאַרשיקטען אַלעקסאנדער הערצען, האָט מען תמיד דערמאהנט מיט אַ מין געהיימניספֿאָלען געפֿיהל. די הויז וואו גאָגאָל האט געוואָהנט איז פֿאַר אונז געווען אַ מין קדשי קדשים, און חאָטש איך בין אַלט געווען בלויז ניין יאָהר בעת ער איז געשטאָרבען (אין 1851), און האָב ניט געהאַט געלייענט קיין איינציגעם בוך זיינס, פֿונדעסטוועגען געדענק איך גוט דעם טרויער, וואָס זיין טויט האָט ארויסגערופֿען אין מאָסקווע. טורגעניעף האָט דיעזען געפֿיהל זעהר טרעפֿענד אויסגעדריקט אין אן אנמערקונג, פֿאַר וועלכע ניקאָלאַי האָט איהם געהייסען ארעסטירען און אַרויסשיקען פֿון מאָסקווע. פֿאַר וואָס האָט אייגענטליך קיינער ניט געוואוסט.

פּושקין'ס ערהאבענע פּאָעמע, „יעווגעני אָניעגין", האָט אויף מיר אַ קליינעם איינדרוק געמאַכט און עד היום באַוואונדער איך מעהר די איינפֿאַכקייט און שעהנקייט פֿון דעם סטיל, ווי דעם אינהאַלט פֿון דיעזע פּאָעזיע. אבער, גאָגאָלס ווערק, וועלכע איך האָב געלייענט, ווען איך בין אַלט געוואָרען א יאָהר עלף־צוועלף, האָבען געמאַכט אַ מעכטיגען איינדרוק אויף מיר און אין מיינע ערשטע ליטעראַרישע פּראָבען האָב איך געשטרעבט נאָכצומאַכען זיין הומאָר. זאַגאָסקין'ס היסטאָרישער ראָמאַן „יורי מילאָסלאַווסקי", וועגען די צייטען פֿון דער גרויסער פּאָוסטאַניע פֿון 1612, פּושקין'ס „קאַפּיטאַנסקאַיאַ דאָטשקאַ", וועגען פּוגאַטשאָף'ס בונט, און דומאַ'ס "קעניגין מאַרגאַריט" האָבען אין מיר אויפֿגעוועקט אַן אייביג דויערענדע אינטערעסע פֿאַר היסטאָריע. אַנדערע פֿראַנצויזישע ראָמאַנען האָב איך ערשט אָנגעהויבען לייענען, בעת דאָדע און זאָלאַ זיינען ערשינען אויף דער ליטעראַטורגער וועלט. ניעקראַסאָף'ס פּאָעזיע איז נאָך פֿון מיינע קינדער־יאָהרען אָן געוואָרען מיין ליעבלינג; אַ סך פֿון זיינע שירים האָב איך געקענט אויף אויסווענינ.

סמירנאָף האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַ מחבר גאַנץ פֿריה אין לעבען.

מיט זיין הילפֿע האָב איך אָנגעשריעבען אַ לאַנגע „היסטאָריע פֿון אַ גריי־וועניק״, פֿאַר וועלכע מיר האָבען באַשאַפֿען אַלערליי פּערזאָנען, וואָס האָבען אריינגעקראָגען דעם גריוועניק אין זייערע הענד אַריין. מיין ברודער אַלעקסאַנדער האָט דאַן געהאט אַ פיינעם געפֿיהל פֿון פּאָעזיע. ער פֿלעגט שרייבען „געוואַלדיגע״ ראָמאַנען און זאָגאַר פֿערזען. זיינע דיכטונגען האָט ער פֿאַרפֿאַסט מיט וואונדערבאַרע שנעלקייט, און זיי ווארען זעהר מוזיקאַליש און פֿליסיג. און ער וואָלט זיכער געוואָרען אַ גרויסער פּאָעט, ווען ער וואָלט זיך נאַכהער ניט איבערגעגעבען צום שטודיום פֿון נאַטור־וויסענשאַפֿט און פֿילאָזאָפֿיע.

אין יענע צייטען פֿלעגט ער אַוועקקריכען אונטערן דעכעל, ביים פֿענסטער פֿון אונזער צימער, אום צו קריגען די פּאָעטישע בעגייסטערונג. און איך האָב זיך תמיד מיט איהם גערייצט, מיט זיין מוזע, וואָס שלאָפֿט אונטערן דעכעל, ביז די מעשה האָט זיך איין מאָהל געענדיגט מיט אַ שרעקליכע הריגה. נאָר אַלעקסאַנדער׳ן איז דער געפֿיהל פֿון נקמה געווען אַזוי פרעמד, אַז ס׳איז תיכף געוואָרען שלום צווישען אונז און מיר האָבען זיך ווידער שטאַרק געליעבט איינס דאָס אַנדערע. צווישען אינגלעך געהן הפּנים מחלוקות און ליעבע האַנד אין האַנד.

שוין דאַמאָלס האָב איך מיך גענומען צו זשורנאַליזמוס. אין מיין צוועלפֿטען יאָהר בין איך געוואָרען רעדאַקטאָר פֿון א טעגליכע צייטונג. פּאַפּיער איז ביי אונז געווען ניט אַזוי לייכט צו קריגען, און מיין צייטונג האָט געמוזט געשריעבען ווערען אויף גאַנץ קליינע בלעטלאַך. אַזוי ווי דאָס איז געווען נאָך בעפֿאָר דער קרימער מלחמה, און די איינציגע צייטונג וואָס דער פֿאָטער האָט בעקומען, וואַר די מאָסקווער פּאָליציייסקי גאַזעטען, האָב איך נאַטירליך ניט געהאט קיין סך מאָדעלען פֿון וועלכע זיך צו מאַכען אַ מוסטער. און דאַריבער איז מיין גאַזעט אויך בעשטאַנען פֿון גאַנץ קורצע שטיקלעך נייעס: ווי למשל „בין אַרויס אין וואַלד. סמירנאָף האָט געשאָסען צוויי פֿויגלען״, און דעסגלייכען.

דאָס האָט מיך אָבער אויף ניט לאַנג צופֿריעדענגעשטעלט, און אין 1855 האָב איך אָנגעהויבען אַ מאָנאַטליכע אויסגאַבע אין גרעסערע בלעטלאַך, וועלכע האָבען ענטהאַלטען אַלעקסאַנדער׳ס פּאָעזיע, מיינע ערציילונגען און עפּעס א גאַנצען מישמאַש. די מאַטעריעלע עקזיסטענץ פֿאַר דיזע צייט־שריפֿט איז געווען פֿאָלשטענדיג געזיכערט, מחמת מיר האָבען געהאט גענוג אַבאָנענטען, נעמליך: דער רעדאַקטאָר זעלבסט און ניקאָליי פּאַוולאָוויטש סטירנאָף, וועלכער פֿלעגט אַנשטאַט אַבאָנעמענט געלד רעגעלמעסיג בייטראָגען עטליכע בייגעלאַך פּאַפּיער, אפילו נאַכדעם, ווי ער האָט אונזער

הויז פֿאַרלאָזען. דערפֿאַר פֿלעג איך פֿאַר מיין אַבאָנענט אָנשרייבען אַ צווייטע קאָפּיע פֿון דער צייטונג.

ווען סמירנאָף איז אַוועק און אַ מעדיצינישער סטודענט, נ. מ. פּאַוולאָף האָט פֿאַרטרעטען זיין פּלאַץ, האָט מיר דער לעצטער געפּלעגט צוהעלפֿען אין מיין עדיטאָריעלער אַרבייט. ער האָט געקראָגען פֿון אַ פֿריינד זיינעם אַ געדיכט, און—נאָך מעהר—די איינלייטענדע לעקציע איבער פֿיזישע געאָגראַפֿיע פֿון אַ מאָסקווער פּראָפֿעסאָר. פֿאַרשטעהט זיך, אז זי אין נאָך בעפֿאָר קיין מאָהל ניט געדרוקט געווען: אונזער זשורנאַל האָט קיין מאָהל ניט אָנגענומען קיין ניט אָריגינעלען אַרטיקעל.

אַז אַלעקסאַנדער האָט אַ שטאַרקען אַנטהייל גענאַמען אין דער שריפֿט איז איבריג צו דערצעהלען. איהר שם האָט באַלד דערגרייכט דעם קאַדעטען קאָרפּוס און עטליכע האַלב בעריהמטע שרייבערלאַך האָבען גלייך גענומען ארויסגעבען אַ קאָנקורענץ זשורנאַל. דאָס איז געוואָרען ערנסט: מילא אין פּאָעזיע און ראָמאַנען האָבען מיר נאָך געקענט בעשטעהען אונזער שטעטעל; אבער זיי האָבען געהאט א „קריטיקער", און אַ „קריטיקער" וואָס שרייבט אי איבער נייע ראָמאַנען, אי איבער דאָס לעבען און בעריהרט אַ חוץ נאָך טויזענד אַנדערע פֿראַגען, וועלכע קענען אַנדערשוואו ניט באַריהרט ווערען,—אַ „קריטיקער", זאָג איך, איז די סאַמע נשמה פֿון אַ רוסישען זשורנאַל! ער האָט אָנגעשריעבען אַן אַרטיקעל פֿאַר דעם ערשטען נומער און זיין שרייבאַכץ האָבען זיי געצייגט מיין ברודער. אַלעקסאַנדער האָט תיכף אָנגעשריעבען אַ געגען קריטיק אויף דער קריטיק, אָבלאַכענדיג און פֿאַרטילעגענדיג דעם קריטיקער מיט אַזאַ געוואַלדיגער קראַפֿט, אַז ווען יענע חברה האָבען דאָס דערזעהען, זיינען זיי געבליעבען געפּלעווט, עפּעס ווי די הענד וואָלטען ביי זיי פּלוצלינג אָבגענומען. פֿאַרשטעהט זיך אַז זיי האָבען גלייך אויפֿגעגעבען די אידעע אַרויסצוגעבען זייער זשורנאַל, זייערע בעסטע שרייבער זיינען אַריבער אין אונזער רעדאַקציע, און מיט טריאומף האָבען מיר אַנאָנסירט די „קינפֿטיגע איינציגע אַרויסגאַבע מיט פֿיעלע בעריהמטע מיטאַרבייטער."

אין אַווגוסט 1857, האָט דער זשורנאַל נעמווזט סטאָפּען, נאָך אַ קאַרגער צוויי יעהריגער עקזיסטענץ. נייע אומשטענדען און אַ גאַנץ נייער לעבען זיינען מיר פֿאָרגעשטאַנען. איך בין אַוועק פֿון דער היים מיט עגמת נפֿש, בעזאָנדערס דאַרום, ווייל צווישען מיר און אַלעקסאַנדערן איז געלעגען דער מהלך רב צווישען מאָסקווע און פּעטערסבורג, און איך האָב עס שוין דאַמאָלס געהאַלטען פֿאַר אַן אומגליק, וואָס איך וואַר געצוואונגען אריינצוטרעטען אין א מיליטער שולע.



# צווייטער טהייל.

---

1.

און אַזוי האָט דער פֿאָטער, ענדליך, ערדרייכט דאָס, צו וואָס ער האָט געגאַרט. אין דעם פּאַזשען קאָרפּוס איז געווען אַ וואַקאַנס און אַזוי ווי איך בין נאָך געווען אין די יאָהרען, ווען מי קען נאָך אָנגענומען ווערען אַלס פּאַזש, בין איך אוועקגעפֿיהרט געוואָרען קיין פּעטערסבורג און האָב אַריינגעטרעטען אין דער שולע. בלויז הונדערט און פֿופֿציג אינגלאַך—מייסטענס אַדעלקינדער, וואָס האָבען בעלאַנגט צום קייזערליכען הויף—האָבען געקראָגען זייער בילדונג אין דיזען פּריווילעגירטען קאָרפּוס, אין וועלכען עס וואַר פֿאַראייניגט דער כאַראַקטער פֿון אַ מיליטער שולע, צוזאַמען מיט ספּעציעלע פּריווילעגיעס, וואָס בעלאַנגען צו אַן אַנשטאַלט, וועלכער געפֿינט זיך אין דעם קייזערליכען הויף גופא. נאָך דעם ווי מי איז אָב געווען פֿיער אָדער פֿינף יאָהר אין דעם פּאַזשען קאָרפּוס, האָבען די, וואָס האָבען אויסגעהאַלטען די לעצטע עקזאַמענס געקענט אריינטרעטען אַלס אָפֿיצירען אין אירגענד וועלכען גוואַרדיע־פּאָלק, אָדער אין דער אַרמעע, וואָס זיי האָבען זיך אויסגעקליעבען ניט קוקענדיג אויף די צאָהל פֿון די וואַקאַנסען פֿון דעם פּאָלק, אין וועלכען זיי האָבען געוואָלט איינטרעטען. יעדעס יאָהר זיינען די העכסטע זעכצעהן שילער אָנגענומען געוואָרען אַלס קייזערליכע פּאַזשען, דאָס הייסט, זיי זיינען געוואָרען לייבדינער פֿון די מיטגליעדער פֿון דער קייזערליכער פֿאַמיליע. נאַטירליך, דאָס איז געווען פֿאַררעכענט אַלס אַ גרויסע עהרע, און אַ חוץ דעם זיינען די גליקליכע פּאַזשען בעקאַנט געוואָרען אין הויף און האָבען אַלזאָ שפּעטער געהאַט אַלע מעגליכקייטען צו ווערען אַדיוטאַנטען פֿון׳ם קייזער אָדער פֿון

די גרויספירשטען. מיט איין וואָרט, זייערע ברילייאַנטענע קאַריערעס אין דער סלאָווישע וואַרען געזיכערט. די עלטערען, וועלכע האָבען געהאַט אַ שייכות צום הויף האָבען דאַרום אַכטונג געגעבען, אַז זייערע זיהן זאָלען ווי עס איז אַריינקומען אין פּאַזשען קאָרפּוס, אפילו ווען אַנדערע קאַנדי־דאַטען זיינען געשטאַנען פריהער פאַר זיי אויף דער ליסטע. און איצט, אַז איך בין שוין געווען אין דעם מיחוס'דיגען קאָרפּוס, האָט דער פאָטער שוין געקענט ברייט פאַרנאַנדערלאָזען די פאַנטאַסטישע פליגעל פון זיין רייכער אַמביציע.

דער קאָרפּוס איז בעשטאַנען פון פינף קלאַססען. די העכסטע קלאַס איז געווען די ערשטע און די פינפטע איז געווען די נידריגסטע, און איך האָב געזאָלט אַריין אין דער פערטער. נאָר אַזוי ווי עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט ביים עקזאַמען, אַז איך בין געווען שוואַך אין אַריפמעטיק, און אַזוי, ווי די פיערטע קלאַס איז שוין אַזוי אויך געווען איבערגעפּאַקט, בין איך אַריין אין דער פינפטער.

מיט דיזען בעשלוס וואַר איך זעהר ניט צופריעדען. איך האָב איבערהויפט קיין חשק ניט געהאַט אנצוקומען אין אַ מיליטער שולע און ספּעציעל איצט, ווען מיר איז אויסגעקומען צו בלייבען פינף אנשטאַט פיער יאָהר, ווי איך האָב פריהער גערעכענט. וואָס האָב איך דען געזאָלט טאָהן אין דער פינפטער קלאַס, בעת איך האָב געקענט אַלעס וואָס מ'האָט דאָרט געלערענט? מיט טרערען אין די אויגען האָב איך מיך געווענדעט צום אינספּעקטאָר, אבער ער האָט מיך אבגע'פּטר'ט מיט אַ וויץ. „דו ווייסט דאָך" ענטפערט ער מיר, וואָס צעזאַר האָט אַ מאָל געזאָגט,—„ס'איז בעסער צו זיין דער ערשטער אין דאָרף, ווי דער צווייטער אין רוים". אויף דעם האָב איך מיט היץ בעמערקט, אַז איך וואָלט שוין ליעבער געווען דער לעצטער. ווען איך זאָל נור קענען אַזוי שנעל ווי מעגליך פאַרלאָזען די מיליטער שולע. „אפשר וועסטו שפּעטער א ביסעל ליעב קריעגען די שולע" האָט ער צו מיר געזאָגט, און פון יענעם טאָג אָן, איז ער צו מיר געווען פריינדליך.

דעם לעהרער פון אַריפמעטיק, וועלכער האָט אויך געפּרובירט מיך צו טרייסטען, האָב איך געגעבען מיין עהרענוואָרט, אַז איך וועל קיין מאָל אפילו ניט אַ קוק טאָהן אין לעהרבוך אַריין; „און דאָך וועט איהר מיר מוזען געבען די העכסטע אָטמיעטקעס".

איך האָב געהאַלטען וואָרט, אבער דענקענדיג וועגען יענע סצענע איצטער, רעכען איך, אַז דער תלמיד איז ניט געווען פון די גאָר געהאָרכ־זאַמע בנים'לעך.

און דאָך, ווען איך ווענד מיין בליק אויף די ווייטע פערגאַנגענהייט, מוז איך מיך מודה זיין, אַז איך פיהל דאַנקבאַר צו די, וואָס האָבען מיך אריינגעזעצט אין דער נידעריגסטער קלאַס. אַזוי ווי איך האָב בלויז געברויכט איבערצו׳חזר׳ן דאָס, וואָס איך האָב שוין פריהער געוואוסט, האָב איך מיך איינגעוואוינט אויסצולערנען מיינע לעקציעס בלויז פון צוהערען די לערערס; און דערנאָך האָב איך געהאַט גענוג צייט צו לערנען און שרייבען ווי פיעל די האַרץ האָט געגלוסט. צום עקזאַמען האָב איך מיך קיינמאָל ניט פאַרפערטיגט, און איך פלעג פאַרברייננגען די צייט וואָס איז געגעבען געוואָרען דאַפיר, לייענענדיג אין דער הויך, פאַר עטליכע פריינד, די דראַמאַ׳ס פון שעקספּיר און אָסטראָווסקי. אויך האָב איך געקענט בעסער אויסלערנען די העכערע קורסען און אַ חוץ דעם, האָב איך פאַרקריינקט דעם ערשטען האַלבען ווינטער אין שפּיטאָל. פּונקט ווי אַלע קינדער וואָס וואַרען ניט געבוירען אין פּעטערסבורג, אַזוי האָב איך אויך געמוזט אָבצאָהלען א שווערען חוב דער „הויפּטשטאָדט פון די זומפּען פון פינלאַנד״, אין דער פאָרם ע פון אַ לאָקאַלע כאָלערא, און אויפ׳ן סוף אויך פון מאָגען־טיפוס.

ווען איך בין אָנגעקומען אין דעם קאָרפּוס, איז אין זיין אינערליכען לעבען פאָרגעקומען אַ טיפע אומענדערונג. גאַנץ רוסלאַנד האָט אין יענער צייט אויפגעוואַכט פון דעם שווערען שלאָף און פון דעם שרעקליכען חלום פון ניקאָלאַי דעם ערשטענס הערשאַפט. אויך אונזער שולע האָט געפיהלט די ווירקונג פון דער ערוואַכונג. איך ווייס ווירקליך ניט וואָס פון מיר וואָלט געוואָרען, ווען איך וואָלט אַריינגעטרעטען אין דעם פּאַזשען־קאָרפּוס מיט א יאָהר אָדער צוויי פריהער. אָדער זיי וואָלטען מיין כאַראַקטער געבראָכען, אָדער אַ ניט וואָלט מען מיך מסתמא אַרויסגעוואָרפען פון דער שולע מיט ווער ווייס וואָס פאַר א סוף. גליקליכער ווייזע איז די איבערגאַנגס־פּעריאָדע שוין געווען אין פולען גאַנג אין דעם יאָהר 1857.

דער דירעקטאָר פון קאָרפּוס איז געווען אַן אויסגעצייכענטער אלטער מאַן, גענעראַל זשעלטוכין. אבער ער וואַר דירעקטאָר בלויז אין נאָמען. דער אמת׳ער בעל הבית איז געווען „דער פּאָלקאָווניק״,—פּאָלקאָווניק זשיראַרדאָ אַ פראַנצויז אין רוסישען דיענסט. מי האָט געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ יעזואיט, און איך דענק, אַז ער וואַר עס ווירקליך. לכל הפחות, זיין שניט איז געווען פון קאָפּ ביז די פיס דער שניט פון לאָיאָלאַ, *) און זיינע בילדונגס־מעטאָדען זיינען געווען די זעלבע, ווי אין די יעזואיטישע שולען פון פראַנקרייך.

*) דער גרינדער פון יעזואיטישען אָרדען און דער גרעססער פערברייטער פון יעזואיטיזמוס.

שטעלט זיך פֿאָר אַ זעהר אויסגעמאַגערטען מענשעל מיט שוואַרצע דורכדרינגענדע, גנבי'שע אייגלעך, מיט קורץ־געשוירענע וואָנסעס, וועלכע האָבען איהם געגעבען דעם אויסדרוק פֿון אַ קאַץ; זעהר רוהיג און פֿעסט; ניט בעזאָנדערס אינטעליגענט, אָבער אונגעהייער כיטרע; אַ דעספּאָט ביז אין דעם מאַרך פֿון די ביינער; ער איז געווען אימשטאַנדע צו האַסען—שטאַרק צו האַסען—דעם שילער, וועלכער האָט גראַדע ביי איהם ניט נושא חן געווען, און האָט אויך געקענט אַרויסווייזען דיעזע שנאה, ניט דורך נאַרישע פֿאַרפֿאָלגונג, זאָנדערן דורך זיינע אַלגעמיינע אויפֿפֿירונג.—דורך אַ ווערטעל, אַ וואונק, אַ שמייכעל, אַן אויסרוף. ער איז ניט געגאַנגען, ער האָט זיך גליטשענדיג געשאַרט, און די אויגלעך, וואָס ער פֿלעגט וואַרפֿען אַרום זיך, ניט אַרומדרעהענדיג דאָס קעפּעל זיינס, האָבען שוין גאָר אין גאַנצען פֿאָלקאָמען געמאַכט דאָס בילד. קאַלטע טרוקענהייט איז געווען אָבגעשטעמפּעלט אויף זיינע ליפּען, אפילו ווען ער האָט פּרובירט אויסזע־הען גוטמוטהיג; און דיעזער אויסדרוק איז געוואָרען נאָך פֿיעל האַרטער, בעת זיין מויל איז געווען פֿאַרדרייט מיט אַ שמייכעל פֿון אונצופֿריעדענהייט אָדער פֿעראַכטונג. דאָך איז אין איהם ניט געווען דער אויסדרוק פֿון אַ קאָמאַנדיר; אדרבה, מי וואָלט גאָר לחתכילה געקענט מיינען אַז דאָס איז אַ וואָהלטהעטיגער פֿאָטער, וואָס רעדט צו זיינע קינדער פּונקט ווי זיי וואָלטען געווען ערוואַקסענע מענשען. אָבער איהר האָט באלד דערפֿיהלט, אַז אַלע און אַלעס האָבען זיך געמוזט בויגען פֿאַר זיין ווילען. אַז אָך און אַז וועה איז געווען דעם אינגעל, וועלכער האָט זיך ניט געפֿיהלט גליקליך אדער ניט צופֿריעדען, נאָך דער שטופּע פֿון לייטזעליגקייט, וואָס דער „פֿאָלקאָווניק" האָט איהם צוגעטהיילט.

די ווערטער „דער פֿאָלקאָווניק" זיינען תמיד געווען אויף יעדענס שפּיץ צונג. אַנדערע אָפֿיצירען זיינען גערופֿען געוואָרען מיט זייערע צונעמען, אָבער קיינער האָט ניט געסמעיעט זשיראַרדאָ'ן אָנצורופֿען מיט אַ צונאָמען. עפּעס האָט איהם שטענדיג אַרומגערינגעלט עטוואָס געהיימניספֿאָלעס, גלייך ווי ער וואָלט געווען אומעטום און אַלוויסענד. אמת, אפילו ער פֿלעגט פֿאַרברענגען דעם גאַנצען טאָג און אַ שטיק אין דער נאַכט אין דער שולע, און אַפילו בעת מיר זיינען געווען אין די קלאַסען, איז ער אַרומגעקראָכען, זוכענדיג אין אונזערע שופֿלאָדלאַך, וועלכע ער פֿלעגט עפֿענען מיט אייגענע שליסעל. ביי דער נאַכט פֿלעגט ער זיצען גאַנץ שפּעט און פֿאַרשרייבען מיט ספּעציעלע צייכענס און מיט פֿערשיעדענע טינטען אַלע מעלות און חסרונות פֿון יעדען שילער באַזונדער און אין באַזונדערע ביכלעך אַריין.

דער שפּיעל, די שפּאַסען און דער געשפּרעך האָבען געסטאָפּט, בעת מיר פלעגען איהם דערזעהען ארומגעהענדיג לאַנגזאַם איבער אונזערע גרויסע חדרים, געאַרעמט מיט איינעם פֿון זיינע ליעבלינגע, שאָקלענדיג זיין קערפּער אויף פֿאָרענט און אויף הינטען, צוואוואַרפֿענדיג דעם אַ שמייכעל, דעם אַ שאַרפֿען בליק, קוקענדיג גלייכגילטיג אויף אַ דריטען און מאַבענדיג אַ קרומע מיענע אויף אַ פֿיערטען. און פֿון די בליקען זיינע האָט שוין יעטוויעדער פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט ליעב דעם ערשטען, איז גלייכגילטיג צום צווייטען, אַז דעם דריטען האָט ער אומישנע ניט באַמערקט און דעם פֿיערטען האָט ער סתם פֿיינט.

א קרומער בליק זיינער איז שוין געווען גענוג אַריינצוזיאָגען אַ שוידער אין דעם קרבן,—נאָך מעהר דאַרום, ווייל קיינער האָט ניט געוואוסט די אורזאַכע פֿון דער שנאה. די קרומע מינע און דער פֿאַרדעכטיגער קוק האָבען די איידעלע פֿון די שילער געבראַכט אין דער גרעסטער פֿערצווייפֿלונג; אין אַנדערע איז דער רעזולטאַט געווען אַ פֿאָלקאָמענע פֿאַרניכטונג פֿון דעם מענשליכען ווילען, ווי איינער פֿון די טאָלסטאָים—טהעאָדאָר, אויך אַ תלמיד פֿון זשיראַרדאָ—האָט אָנגעוויזען אין אַן אויטאָביאָגראַפֿישען ראָמאַן „די קראַנקהייטען פֿון דעם ווילען".

דער אינערליכער לעבען פֿונ'ם קאָרפּוס אונטער דער הערשאַפֿט פֿון דעם פּאָלקאָווניק איז געווען זעהר אַ פּאַסקודנער. אין אַלע פּאַנסיאָנען האָבען די אָקאָרשט אָנגעקומענע שילער אויסצושטעהען אַלערליי רדיפות. די גרינהאָרנס ווערען אַזוי אַרום אויסגעפּריווט פֿון וואָס פֿאַר אַ שטאָף זיי זיינען. און דער אַלטער חברה ווילט זיך שטאַרק ווייזען די מעלות פֿון אַ פֿעסטער ברודערשאַפֿט. אַזוי געהט צו אין אַלע שוהלען און געפֿענגניסע. אונטער זשיראַרדאָ'ס הערשאַפֿט זיינען דיזע רדיפות געוואָרען פֿיעל שאַרפֿער און זיי זיינען געקומען ניט פֿון די קאַמעראַדען פֿון דעמזעלבען קלאַס, זאָנדערן פֿון העכסטען קלאַס פֿון די פּאַזשען, פֿון דער לייב-גוואַרדיע, וועלכע זשיראַרדאָ האָט אויפגעהויבען ביז צו אַן אונגעוויינליך הויכער פּאָזיציאָן. זיי האָט ער געגעבען די פֿאָלמאַכט איבער אַלעס. אויף די שרעקליכסטע מעשים זייערע, האָט ער תמיד געקוקט דורך די פֿינגער, און דורך זיי האָט ער איינגעפֿיהרט אַן אייזערנע דיסציפּלינע. פֿאַר צוריקגעבען אַ פּאַטש אַ פּאַזש פֿון העכסטען קלאַס וואָלט מען אין ניקאָלאַי'ס צייטען אָבגעשיקט אַ פּאַזש פֿון אַ ניעדריגען קלאַס אין אַ באַטאַליאָן פֿון סאָלדאַטסקע קינדער, אויב דער פּאַקט וואָלט אַרויס אין דער עפֿענטליכקייט. און דער מינדעסטער ווידערשטאַנד געגען דעם קאַפּריז פֿון אַזאַ ערהויבענעם פּאַזש איז בעשטראָפֿט געוואָרען מיט שווערע דעמבאָווע ליניעקעס,

מיט וועלכע צוואַנציג קאַמער פּאַזשען פלעגען שלאָגען מכּת רצח דעם רע־בעלישען פּערברעכער. זשיראַרדאָ פלעגט זיך מאַכען ניט וויסענדיג. און אַזוי האָט זיך דער ערשטער קלאַס געטאָהן וואָס די האַרץ האָט געגלוסט. בלויז איין ווינטער פאַר מיין אנקומען איז איינע פון זייערע בעליעבטע זאַבאַוועס געווען, צוזאַמענצונעהמען די „גרינהאָרנס" ביינאַכט אין אַ צימער און זיי אַרומצוטרייבען אַרום און אַרום אַזוי ווי פערד אין אַ צירקוס, בעת די קאַמער־פּאַזשען מיט דיקע גומענע בייטשען אין די הענד פלעגען שלאָ־גען אונערבאַרעמליך. געוויינליך, איז דער סוף פון אַזאַ מין צירקוס געווען אַ זעהר אָבשייליכער. דער מאָראַלער בעגריף פון יענער צייט און דער שמוציגער ניבול פה, וועלכען מען האָט געהערט אין דער שולע, מכח דעם וואָס האָט זיך אָבגעטאָהן ביינאַכט נאָך'ן צירקוס, זיינען געווען אַזעלכע, אַז וואָס וויינינגער מ'רעדט פון זיי, דעסטאָ בעסער.

דער פּאָלקאָווניק האָט דאָס אַלעס גוט געוואוסט. ער האָט געהאַט פּאָלקאָם גוט אָרגאַניזירטע שפּיאָנען, און קיין זאַך איז פאַר איהם קיין סוד ניט געווען. אָבער כּל זמן מען האָט ניט געוואוסט אז ער וויים דערפון, איז אַלעס רעכט געווען. דער פונדאַמענט פון זיין דיסציפּלין־סיסטעמע איז געווען עבען דאָס, וואָס ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג מכח דער אויפפיהרונג פון דעם ערשטען קלאַס.

אבער דאָך האָט אַ נייער גייסט ערוואַכט אין דעם קאָרפּוס, און בלויז מיט אַ פּאָאָר מאָנאַט בעפאָר איך בין אָנגעקומען, איז דאָרט געווען אַ גאַנצע רעוואָלוציע. יענעם יאָהר איז דער דריטער קלאַס געווען ניט דאָס, וואָס ער איז געווען ביז דאַן. דאָרט זיינען גראַד געווען פיעלע שילער, וועלכע האָבען ווירקליך אַ מאַסע שטודירט און געלעזען, מאַנכע פון זיי זיינען נאַכהער געוואָרען בעריהמטע מענער. מיין ערשטע בעקאַנט־שאַפט מיט איינעם פון זיי איז געווען, בעת ער האָט געהאַלטען אין ליינען קאַנט'ס „קריטיק פון ריינעם פערנונפט". אָבער זיי האָבען אויך געהאַט צווישען זיך עבּליכע, וועלכע זיינען געווען גערעכענט אַלס די שטאַרקסטע פון קאָרפּוס.

דיזער דריטער קלאַס האָט ניט געוואָלט טראָגען אויף זיך דעם יאָך פון די קאַמער־פּאַזשען אַזוי רוהיג ווי די פריהערדיגע קלאַסען: עס האָט זיי פשוט אָבגעעקעלט דאָס אַלעס צו דולדען, און איבער אַ צופאַל, וועלכען איך וויל ליעבער ניט דערמאָנען, איז אַרויסגעקומען אַ מלחמה צווישען דעם דריטען קלאַס און דעם ערשטען, און געענדיגט האָט עס זיך דערמיט וואָס די שטאָלצע הערען פון ערשטען קלאַס האָבען נעבאַך געקראָגען אָנגעבראָ־כען די ביינער פון זייערע אונטערטהאַנען. זשיראַרדאָ האָט די מעשה

פּאַרשטיקט; אבער די אויטאָריטעט פון די הויכגעשטעלטע אָפּיצערען איז געבראָכען געוואָרען. די גומענע בייטשען זיינען געבליבען, אבער זיי וואַרען שוין קיינמאָהל מעהר ניט געברויכט. די צירקוסען און די אַנדערע מעשים תעתועים זיינען געוואָרען אַ זאַך דער פערגאַנגענהייט.

אַזוי פיעל האָבען זיי געוואונען. אבער דער ניעדעריגסטער קלאַס, דער פינפטער, וועלכער איז בעשטאַנען פון קליינע אינגלעך, וואָס זיינען נאָר וואָס אַריינגעטראָטען אין קאָרפוס, האָט נאָך אַלץ געמוזט אויסשטעהען אַלע קאַפּריזען פון די עלטסטע פאַזשען. דער קאָרפּוס האָט געהאט אַ פּראַכטפולען גאָרטען, פול מיט אַלטע בוימער. אבער די „גרינע" האָבען גאָרניט געקענט געניעסען פון איהם: זיי האבען געמוזט אַרומלויפען אין שליחות פאַר די קאַמער־פאַזשען, וועלכע זיינען זיך געזעסען ברייטלאַך פאַרנאַנדערגעלייגט אויף די בענק און האָבען זיך אונטערהאַלטען, אָדער ווען זיי האָבען געשפּילט אין קעגיל האָבען די גרינע, נעבאַך, געמוזט צוריקוואַרפען די באָלס. עטליכע טעג נאָך דעם, ווי איך בין אנגעקומען, צוזעהענדיג וואָס עס געהט פאָר אין גאָרטען, בין איך מיר ליעבער פאַרבליעבען ביי זיך אין צימער. איך בין געזעסען און האָב געלייענט, בעת אַ קאמער פאַזש, מיט רויטע האָר און אַ געשפּריינקעלטען פנים, איז אַריין און האט מיר באַפוילען גלייך אין גאָרטען צו געהען און צו לויפען דעם רינגעל לויף (אַזאַ מין שפּיעל).

„איך וועל ניט געהען; די זעהסט ניט אַז איך לעז?" וואַר מיין ענטפער.

זיין אַזוי אויך ניט שטאַרק אנגענעהמענער פנים איז נאָך געוואָרען שרעקליכער. ער איז געוואַרען בערייט אויף מיר אַרויפצושפּרינגען. איך האב מיך פאַרטהיידיגט. ער האָט געפּרופט מיך שלאָגען מיט׳ן היטעל איבער׳ן פּנים, אבער איך האָב מיך אויסגעדרעהט ווי ווייט איך האָב געקענט. דאַן האָט ער אַ וואָרף געטאָהן די היטעל אויף׳ן פּאָדלאָגע:

„הויב אויף".

„הויב אַליין אויף".

אַזאַ׳ן אַקט פון ווידערשטאַנד איז נעווען אונגעהערט אין דער שולע. פאַר וואָס ער האָט מיך באַלד אויפ׳ן אָרט ניט גע׳ממית׳ט, ווייס איך ניט. ער וואַר פיעל עלטער און שטאַרקער פאַר מיר.

אויף מאָרגען און פיעלע פאָלגענדע טעג האָב איך געקראָגען עהנליכע באַפעהלען, אבער איך בין געבליעבען איינגע׳עקשנ׳ט ביי מיר אין צימער. דאַן האָבען זיך אָנגעפאַנגען די שרעקליכסטע רדיפות וועלכע וואָלטען געקענט ברייגגען אין פערצווייפלונג יעדען אינגעל. צום גליק, האָב

איך תמיד געהאט א גוטמוטהיגע שטימונג׳ און פלעג אויף אַלעס ענטפערען מיט אַ וויץ אָדער זיך גאָר מאַכען ניט וויסענדיג.

נאָר דאָס אלעס האָט זיך אין קורצען געענדיגט. עס האָט זיך אָנ־געהויבען אַ רעגענדיגער וועטער, און מיר זיינען דאָס רוב געבליעבען אין הויז. אין גאָרטען האָט זיך דער ערשטער קלאַס גאַנץ פיין געדרויכערט; אָבער ווען מיר זיינען געווען אין הויז איז „דער טורעם" געוואָרען דער סי־גאַרעט קלוב. דאָרט איז אימער געווען שעהן און רייןָ, און דער אויווען האָט געברענט אַ תענוג. די קאמער־פאַזשען פלעגען אימער שרעקליך בעשטראָפען אונזערע חברה, ווען מי האָט אונז געכאַפּט מיט אַ סיגאַרע־טעל; אָבער זיי אַליין זיינען זיך שטענדיג געזעסען ביים אויווען פלוידע־רענדיג מיט די סיגאַרעטלעך אין מויל. בעזאָנדערס פלעגען זיי ליעב האָ־בען זיך אַוועקצוזעצען ביים קאַמין נאָך צעהן אַ זייגער אויף דער נאַכט, ווען אַלע, אייגענטליך, האָבען שוין געזאָלט ליעגען אין בעט. דיעזען קלוב האָבען זיי געפלעגט אויפהאַלטען ביז האַלב צוועלף, און מורא האָבענדיג פאַר זשיראַרדאָ, האָבען זיי אונז אַוועקגעשטעלט אויף׳ן קאַראַאול. די קליינע אינגלעך פון פינפטען קלאַס פלעגען אַרויסגעשלעפּט ווערען פון די בעטען פאָאָר־ווייז און האָבען געמוזט ליעגען אויף די טרעפּען און היטען, טאָמיר קומט אָן דער פאָלקאָווניק.

מיר האָבען בעשלאָסען צו מאַכען א סוף צו דיעזען קאַראַאול. לאַנג האָבען מיר דיסקוטירט מכח דעם, און מי האָט זיך אויך מיט די העכערע קלאַסען שואל עצה געווען —ענדליך איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז מיר אַלע זאָלען זיך איינפאַך ענטזאַגען צו שטעהען אויף דער וואַך: און ווען זיי וועלען נעהמען שלאָגען, זאָלען מיר אַלע לויפען צו זשיראַרדאָ און איהם אַריין רופען. אמת, ער וויים אַלעס, אבער דאַן וועט ער געצוואונגען זיין צו סטאָפען דעם קלוב. די פראַגע צו וועט דאָס הייסען גע׳מסר׳ט איז פון מבינים אין האָנאָר־זאַכען ערקלערט געוואָרען מיט „ניין". די קאַמער־פאַזשען האָבען אויך מיט אַנדערע ניט געהאַנדעלט ווי קאָלעגעס.

יענע נאַכט איז געקומען די רייהע פון אַ געוויסען שאַכאָווסקי, אַן אַלטען חברה־מאַן, און פון סעלאַנאָף, אַ פריש אנגעקומענעם, זעהר שרע־קעדיגען אינגעל, וועלכער האָט אפילו געהאַט דעם קול פון אַ מיידעל. פריהער איז שאַכאָווסקי גערופען געוואָרען, אבער ער האָט זיך ענטזאַגט, און זיי האָבען איהם צורוה געלאָזט. דאַן זיינען צוויי קאַמער־פאַזשען צו צום צאַפּעלדיגען סעלאַנאָף׳ס בעט. קוים האָט ער ענטזאַגט, זיינען זיי אויף איהם אַרויפגעפאַלען און האָבען אָנגעהויבען שמייסען מיט לעדערנע רי־מענס. שאַכאָווסקי האָט אויפגעוועקט עטליכע קאַמעראַדען און אַלע זיינען

זיי געלאָפּען מיט גרויס אימפּעט · אָנצוזאָגען ז ש י ר אַ ר ד אָ'ן.

איך בין אויך געווען אין בעט בעת די צוויי זיינען מיך בעפאַלען מיט די רימענס, אַזוי שנעל ווי איך האָב מיך ענטזאַגט צו געהן אויף דער וואַך. זיצענדיג אין בעט האָב איך מיך געוועהרט מיט די הענד, וויפיעל איך האָב געקענט, און האָב שוין געהאַט געקראָגען עטליכע שווערע קלעפּ, ווען פּלוצלונג איז געגעבען געוואָרען די קאָמאַנדאַ,—„דער ערשטער קלאַס צום פאָלקאָווניק!" די גרוויזאַמע שמייסער זיינען באַלד געוואָרען געפּלעווט, און האָבען אין דער גיך צוזאַמענגעלייגט מיינע זאַכען.

„זאָלסט ניט זאָגען קיין וואָרט", האָבען זיי מיר ארייננגעשושקעט אין אויער.

„דעם האַלוטוף לייגט מיר אַוועק אויפ'ן אָרט!" האָב איך זיי גע־געבען דעם באַפעהל, און מיינע פּלייצעס האָבען מיר דערווייל געברענט פון די פייערדיגע שמיץ.

וואָס זשיראַרדאָ האָט גערעדט מיט די שטאָלצע הערען, האָבען מיר ניט געוואוסט, אבער אויף מאָרגען אַזוי ווי מיר זיינען געשטאַנען אין דער רייהע בערייט אַרונטער צו מאַרשירען אין שפּייז זאַל אַריין, האָט ער זיך צו אונז געווענדעט מיט אַ שטילען קול, אונז דערצעהלענדיג ווי טרויעריג עס איז אַז קאַמער־־פּאַזשען זאָלען אָנפאַלען אויף אַ קליינעם אינגעל, וועל־כער איז געווען פאָלשטענדיג גערעכט זיך צו ענטזאַגען. און אויף וועמען? אַ פרישער, און אַזאַ שרעקעדיגען קינד ווי סעלאַנאָף. דיעזע יעזואיטישע רעדע האָט דעם גאַנצען קאָרפּוס פּשוט אָבגעעקעלט.

עס איז, פערשטעהט זיך, איבריג צו דערצעהלען, אז דאָס איז גע־ווען דער סוף פון אונזער קאַראַאולעווען, און אַז דאָס האָט אויך געגעבען דעם לעצטען טויט־קלאַפּ צו דער גאַנצער פלאָגעניש פון די גרינע: מעהר האָט מען פון אַזעלכע מעשות ניט געהערט.

אונזער בונט געגען די קאַמער־פּאַזשען איז אויך געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פאַר זשיראַרדאָ'ס אויטאָריטעט, און די מעשה האָט איהם הפּנים שטאַרק פאַרדראָסען. אונזער קלאַס האָט ער זייט דאַמאָלס זעהר פיינט געקראָגען; מיך מעהר פון אַלעמען; און דיעזע שנאה האָט ער אַרויסגע־וויזען ביי יעטווידער געלעגענהייט.

דעם ערשטען ווינטער בין איך געווען אַן אָפטער גאַסט אין שפּי־טאָל. נאָך דעם ווי איך בין פּטור געוואָרען פון'ם מאָגען טיפוס, האָב איך נאָך אַלץ שווער געליטען פון מאָגען. דער דירעקטאָר און דער דאָק־טאָר האָבען אויף מיר אַכטונג געגעבען ווי אויף זייער אייגען קינד. אבער בשעת זשיראַרדאָ פלעגט אָבשטאַטען זיין טעגליכען בעזוך אין שפּיטאָל און

פֿלעגט באַמערקען ווי אָפֿט איך געפֿין מיך דאָרטען, האָט ער צו מיר אַלע אין דער פֿריה אַ זאָג געטאָהן, אויף פֿראַנצויזיש, און מיט אַ כלומר'שט שפּאַסענדען טאָן: „אָט איז אַ יונגער מאַן, וועלכער איז געזונד ווי אַ בער און שלעפֿט זיך אַרום אין שפּיטאָל". איין מאָהל, צוויי מאָהל, האָב איך איהם געענטפֿערט מיט אַ שפּאַס, אָבער ענדליך זעהענדיג די בייזקייט זיינע, בין איך אַרויס פֿון די כּלים.

„ווי אָדוואָזשעטע איהר זיך זאָ וואָס צו זאָגען?" האָב איך אויסגע־שריען, איך וועל בעטען דעם דאָקטאָר, אז ער זאָל אייך ניט אַריינלאָזען אין דעם צימער אַריין."

זשיראַרדאָ איז אָבגעשפּרונגען אויף הינטען; זיינע דונקעלע אויגען האָבען געבלישצעט, זיין דינע ליפּ איז געוואָרען נאָך דינער. ענדליך האָט ער אַרויסגעשאָסען: „איך האב דיך בעליידיגט, וואָס? נו, אָט שטעהען אין קאָרידאָר צוויי קאַנאָנען: זאָלען מיר האָבען אַ דועל?"

„איך מאַך קיין שפּאַס ניט, און איך זאָג אייך, אַז איך וועל מעהר ניט דולדען אייערע שטעכווערטלעך", האָב איך איהם געענטפֿערט.

מעהר האָט ער זיך ניט געשטעכעלט, אבער זיין שנאה צו מיר איז געוואָרען נאָך שטאַרקער ווי פֿריהער.

יעדער איינער האָט גערעדט וועגען זשיראַרדאָס כעס אויף מיר. אבער איך האָב מיך אויף איהם גאָר ניט אומגעקוקט, און מיין גלייכגילטיגקייט האָט איהם אוודאי נאָך מעהר געקרענקט. פֿולע אַכצעהן מאָנאַט האָט ער מיך אָבגעהאַלטען מיט די עפּאָלעטען, וועלכע אַלע נייע שילער פֿלעגען געוויינליך קריגען די ערשטע צוויי מאָנאַט, אַזוי שנעל ווי זיי האָבען געקראָגען אַ שטיקעל בעגריף אין דעם אלף בית פֿון מיליטערישען דריל; אָבער מיך האָט די ציערונג געהאַרט ווי די קאַץ. שליסליך, האָט זיך אַן אָפֿיציער, דער בעסטער מושטיר־לעהרער פֿון דער שולע, אַ מאַן, וועלכער וואַר פּשוט פֿאַרליעבט אין דרילען—פֿרייוויליג אָנגענומען מיך צו לערנען, און ווען ער האָט געזעהען ווי איך מאַך דורך אַלע קונצען אויסגעצייכענט גוט, האָט ער מיך געוואָלט פֿאָרשטעלען פֿאַר זשיראַרדאָ. דער פּאָלקאָווניק האָט זיך ענטזאַגט צוויי מאָהל נאָך דער רייהע, אזוי אז דער אָפֿיציר האָט עס בעטראַכט אַלס אַ פּערזענליכע בעליידיגונג, און ווען דער דירעקטאָר פֿון'ם קאָרפּוס האָט איהם איינמאָהל אַ פֿרעג געטאָהן פֿאַרוואָס איך האָב נאָך קיין עפּאָלעטען ניט, האָט ער גאַנץ פּראָסט געענטפֿערט: „דער אינגעל איז אָלל ראַיט, אָבער דער פּאָלקאָווניק האָט איהם פֿיינט;" באַלד נאָך דעם צופֿאַל, און מסתמא נאָך דעם דירעקטאָרס אַ פּאָר ווערטער האָט זשיראַרדאָ גופא ווידער אַ מאָהל מיך גערופֿען צום עקזאַמען,

אוּן האָט מיר נאָך דעמוּעלבען טאָג געגעבען די ע פּ אָ ל ע ט ע ן.

אבער דעם פּאָלקאָווניק׳ס איינפֿלוס האָט אָנגעהויבען שנעל פֿאַר־שווינדען. דער נאַנצער כאַראַקטער פֿון דער שולע האָט זיך געהאַלטען אין ענדערען. גאַנצע צוואַנציג יאָהר האָט זשיראַרדאָ פֿאַרווירקליכט זיין אידעאל, און פֿלעגט אונזערע אינגלעך האַלטען אין איין קעמען און קרייזלען, אום צו קענען שיקען די „מ י י ד ע ל ש ע" פּאַזשען אין הויף אַריין, פֿאַרפּוצט ווי די שעהנסטע דיענער פֿון לואי דעם פֿערצעהנטען. צו זיי האָבען געלערנט, צו ניט, איז ניט געווען זיין דאגה. זיינע ליעבלינגע זיינען געווען די וואָס האָבען געהאט די גרעסטע קופֿערטס מיט קליידער, בערשטלאַך און קאָלאָן־פֿלעשלאַך, וועלכע האָבען געהאט די עלעגאנטסטע פּריוואַט אוניפֿאָרמען, און וואָס האָבען זיך געקענט פֿאַרנייגען ווי אן עכטע קאָקעטקע. פֿריהער, ווען זשיראַרדאָ פֿלעגט מאַכען רעפּעטיציעס פֿון הויף צערעמאָניעס, איינוויקלענדיג אַ פּאַזש אין א רויטען ציצענעם ליילעך אום פֿאָרצושטעלען די קייזערין, זיינען די שילער מיט גרויס הכנעה צוגעגאַנגען צו דער פֿארשטעלטער מלכה, האָבען ערנסט דורכגעמאַכט די צערעמאָניע קושענדיג איהר די האַנד, און האָבען זיך צוריקגעצויגען מיט דער עלע־גאַנטסטער פֿערנייגונג. אבער איצט, כאָטש אין הויף גופא האָבען זיי זיך זעהר העפֿליך אויפֿגעפֿיהרט, האָבען זיי אָבער ביי די רעפּעטיציעס געמאַכט אַזעלכע היגטישע שטיק, אַז מי פֿלעגט זיך האַלטען ביי די זייטען פֿאַר געלעכטער, און זשיראַרדאָ פֿלעגט שיער ניט פּלאַצען פֿאַר רציחה. פֿריהער ווען די יונגע שילער זיינען געבראַכט געוואָרען אין הויף אריין און וואַרען עקסטרא געפּוצט און געקרייזעלט צוליעב דעם עהרווירדיגען קבלת פּנים, פֿלעגען זיי זיך אומטראָגען מיט זייערע לאָקען אַזוי לאַנג, ווי זיי האָבען נאָר געקענט. איצט, צוריקקומענדיג פֿון פּאַלאַץ, האָבען זיי גלייך אונטער־געשטעלט די קעפּ אונטערן קראַן קאַלטע וואַסער, אום זאָפֿאָרט פּטור צו ווערען פֿון די לאָקען זייערע. מי פֿלעגט שטאַרק אָבלאַכען פֿון די „מייד־עלשע" פּנים׳לעך. איצט, איז אַזאַ מין עמפּפֿאַנג אין קייזערליכען הויף שוין ניט בעטראַכט געוואָרען אַלס אַזאַ גרויסער כבוד, נאָר פֿאַרקעהרט, אַלס אַ לאַסט. און ווען די קליינע פּאַזשען, וועלכע פֿלעגען אָפֿט געשיקט ווע־רען אין הויף אַריין צו אַמוזירען די קליינע נאַסלעדניקעס, האָבען איינמאָל באַמערקט ווי אַ פֿירשטליכער חברה מאַן האָט אין אַ געוויסען שפּיעל צו־זאַמענגעדרעהט זיין טיכעל און האָט דערמיט געשלאָגען זיינע חברים, האָט אויך איינער פֿון אונזערע געפֿאָלגט דעם ביישפּיל, און האָט מיט אַזאַ מאָד־נעם בייטש אַזוי דורכגעשמיסען אַ נאַסלעדניק, אַז ער האָט זיך יעמערליך פֿאַרנאַנדערגעכליפּעט. זשיראַרדאָ איז געווען צושראָקען אויף טויט, אבער

דער אַלטער סעוואַסטאָפּאָלער אַדמיראַל, וועלכער איז געווען דעם נאַס־לעדניק׳ס לעהרער, האָט פֿאַרקעהרט, זעהר געליבט דעם כוואַטסקען אינגעל.

אַ נייער גייסט, אַן ערנסטער, פֿלייסיגער גייסט, האָט זיך גענומען ענטוויקלען אין קאָרפּוס, ווי אין אַלע אנדערע שולען. אַ מאָל, זייענדיג זיכער אז זיי וועלען אין פֿינף יאָהר אַרום ווערען אָפֿיצירען אין דער לייב־גוואַרדיע, פֿלעגען די פּאַזשען ניט אָנהייבען לערנען אין די ערשטע יאָהרען און נור אין די לעצטע צוויי קלאַסען האָבען זיי מעהר אָדער ווייניגער גע־לערענט; איצט האָבען אויך די ערשטע צוויי קלאסען פֿלייסיג געשטודירט. די מאָראַלישע זייט איז אויך פֿיעל געבעסערט געוואָרען. די אָריענטאַלישע אויסגעלאַסענהייט איז בעטראַכט געוואָרען מיט עקיעל און אַבשוי. זשיראַרדאָ איז אראָבגעזעצט געוואָרען פֿון זיין גדולה. נאָר וואוינען האָט מען איהם ערלויבט אין זיינע אַלטע צימערן אין דער קאָרפּוס געביידע און מיר האָבען איהם נאָכהער געזעהען איינגעהילט אין זיין לאַנגען מיליטערישען שינעל, שפּאַציערענדיג אַהין און צוריק, פֿאַרטיעפֿט אין געדאַנקען,—טרויעריג, מס־תמא, ווייל ער האָט מעהר ניט געקענט פֿאַרדראַמען דעם נייעם גייסט, וועלכער האָט יעצט געהערשט אין דעם קאָרפּוס פֿון די פּאַזשען.

2.

איבער גאַנץ רוסלאַנד האָט מען גערעדט פֿון בילדונג. אַזוי שנעל ווי שלום איז אין פּאַריז געשלאָסען געוואָרען (אין דער קרימער מל־חמה) און די צענזור האָט אַ ביסעל נאָכגעלאָזען, האָט מען זיך גענומען גאַנץ שטאַרק דיסקוטירען איבער בילדונגס־אַנגעלעגענהייטען. די אונוויסענ־הייט פֿון די מאַסען, די שטערונגען, וועלכע זיינען אימער געלייגט געוואָ־רען אין וועג פֿון די, וואָס האָבען געוואָלט לערנען די מאַסען דערפֿער וואָס האָבען גאָר קיין שולען ניט געהאַט, די פֿערשימעלטע מעטהאָדען פֿון אונטעררריכטען און די רפֿואות פֿאַר אַלע דיעזע איבלען, זיינען געוואָרען די לעבעדיגע טהעמאַ׳ס פֿאַר דיסקוסיאָן צווישען די געבילדעטע מענשען, אין דער פּרעסע און אַפֿילו אין די אריסטאָקראַטישע פּאַלאַצען. די ערשטע גימנאַזיע פֿאַר מיידלאַך איז ערעפֿענט געוואָרען אין 1857 מיט אַ פּראַכט־פֿאָלען פּלאַן און אויסגעצייכענטע לעהרער. ווי דורך אַ צויבער, האָט זיך גלייך געװיאַוועט א גאַנצע מאַסע מענער און פֿרויען, וועלכע האָבען ניט נור געווידמעט זייער גאַנצען לעבען צו בילדונג, זאָנדערן זיי האָבען זיך אַרויס־געוויעזען אַלס מערקווירדיג פּראַקטישע פּעדאַגאָגען: זייערע שריפֿטען וואָל־

טען פֿורנומען אַ עהרווירדיגען פּלאַץ אין יעדווידער ציוויליזירטער ליטעראַ־
טור, ווען זיי וואָלטען נאָר אַרויס אויף דער וועלט.

די נייע עפּאָכע האָט אויך געווירקט אויף דעם פּאַזשען קאָרפּוס. אַ חוץ
עטליכע אויסנאַהמען, איז דער אַלגעמיינער חשק פֿון די דריי נידריגע קלאַ־
סען געווען צו שטודירען. דער הויפּט פֿון דער בילדונגס־אבטהיילונג, דער
אינספּעקטאָר ווינקלער, וועלכער וואַר אַ בעוואוסטער ארטילעריע־
פּאָלקאָווניק, אַ מאַטהעמאַטיקער און אַ געבילדעטער פּראָגרעסיווער מאַן,
איז געפֿאַלען אויף אַ טייערען פּלאַן, ווי אזוי אויפֿצואוועקען אין אונז דעם
גייסט פֿון בילדונג. אַנשטאַט די פֿריהעריגע פּראָסטע לעהרער האָט ער
געשטרעבט צו קריגען די בעסטע פּעדאַגאָגען. נאָך זיין מיינונג, איז קיין
פּראָפֿעסאָר ניט געווען צו גרויס צו אונטערריכטען די אינגסטע
קינדער. און אַזוי האָט ער צ״ש. איינגעלאַדען אַ גרויסען מאַטהעמאַטיקער
צו לערנען אַלגעבראַ מיט דעם פֿיערטען קלאַס. דאָס וואַר קאַפּיטאַן סו־
כאָנין אַ געבאָרענער לעהרער, דורך וועלכען דער גאַנצער קלאַס האָט
זיך באַלד פֿלייסיג אַ נעהם געטאָהן צו מאַטהעמאַטיק. אגב, האָט עס
גראדע פּאַסירט אַז דיזער קאַפּיטאַן איז געווען לעהרער פֿון דעם נאַסלעד־
ניק (ניקאָלאַי אַלעקסאַנדראָוויטש, וועלכער איז געשטאָרבען זעכס און צוואַנ־
ציג יאָהר אַלט), און דער יורש העצר איז געבראַכט געוואָרען איין מאָל אין
וואָך אין קאָרפּוס אַריין צו הערען די לעקציעס פֿון קאַפּיטאַן סוכאָנין. די
קייזערין, מאַריאַ אַלעקסאנדראָוונאַ, וועלכע וואַר א געבילדעטע פֿרוי, האָט
געדענקט, אַז אפשר וועט די באַריהרונג מיט פֿלייסיגע שילער צוגעבען
איהר תנא ברא חשק צום לערנען. ער איז געזעסען צווישען אונז און האָט
געמווזט ענטפֿער׳ען אויף דעם לעהרערס פֿראַגען, פּונקט ווי יעדער פֿון אונז.
אָבער ער פֿלעגט זיך תמיד מאָלען קאַרטינקעס אָדער שושקענען זיך מיט
זיינע שכנים, בשעת דער לעהרער האָט גערעדט. ער וואַר גוטהערציג און
איידעל, אָבער זעהר פֿלאַך אין לערנען און נאָך פֿלאַכער אין זיינע ליעבעס.

פֿאַר׳ן פֿינפֿטען קלאַס האָט דער אינספּעקטאָר געקראָגען צוויי אויס־
געצייכענטע לעהרער. ער איז אַריין אין אונזער קלאַס־צימער מלא
שמחה און דאָט אנגעזאָגט די בשורה, אַז מיר וועלען האָבען אַ זעלטענע
געלעגענהייט. פּראָפֿעסאָר קלאַסאווסקי, אַ גרויסער קלאַסישער געלעהרטער
און א בקי אין רוסישער ליטעראַטור, האָט איינגעוויליגט מיט אונז צו לער־
נען גראַמאַטיק, און וועט מיט אונז דורכנעהן אַלע פֿינף קורסען פֿון יאָהר
צו יאָהר. נאָך אַן אוניווערזיטעטס־פּראָפֿעסאָר, הערר בעקער, ביבליאָטע־
קאַר פֿון דער קייזערליכער (נאַציאָנאַלער) לייברערי, וועט טאָהן דאָסזעלבע
מיט דער דייטשער שפּראַך.

דער אינספעקטאָר האָט אונז אָבער אָנגעזאָגט, אַז פּראָפעסאָר קלאַסאָווסקי איז ניט געזונט, און האָט געבעטען מיר זאָלען זיך אין זיין שטונדע פֿאַרהאַלטען רוהיג. פֿאַרשטעהט זיך, אַז מיר האָבען ניט געוואָלט פֿאַרלירען די געלעגענהייט צו האָבען אַזאַ לעהרער.

דער בילדונג אינספעקטאָר, ה. ווינקלער, האָט ווירקליך ניט געד האַט קיין טעות אין חשבון. מיר זיינען געוואָרען זעהר שטאָלץ מיט אונד זערע לעהרער, די פּראָפעסאָרען פֿון אוניווערסיטעט, און כאָטש עס האָבען זיך ערהויבען פּראָטעסטען פֿון „קאָמטשאַטקע" (אין רוסלאַנד, ווערען די הינטערשטע בענק פֿון יעדען קלאַס אָנגערופֿען מיט דעם נאָמען פֿון דיעד זען פֿאַרוואָרפֿענעם אונציוויליזירטען אינזעל) געגען דעם „וואורשטעל־מאַד כער"—דאָס הייסט, דעם דייטש—וועלכען זיי האָבען שטאַרק געוואָלט אונטערהאַקען די פֿליגעל, איז דאָך די עפֿענטליכע מיינונג פֿון אונזער קלאַס געווען ענטשיעדען אויף דער זייט פֿון די פּראָפעסאָרען. „דער וואורשטעל־מאַכער" האָט גלייך געפֿונען גרויס חן אין אונזערע אויגען.

אַ הויכער מאַן, מיט אַן אונגעהייערן שטערען און זעהר גוטע אינד טעליגענטע אויגען איז אַריין אין קלאַס און האָט אונז געזאָגט אין אַ צימד ליך גוטען רוסיש, אַז ער דענקט צו צוטיילען אונזער קלאַס אין דריי אַבד טהיילונגען. די ערשטע אבטהיילונג זאָל בעשטעהען פֿון דייטשען, וואָס קענען שוין די שפּראַך, און פֿון די וועט ער ערוואַרטען ערנסטע אַרבייט: מיט דער צווייטער אבטהיילונג וועט ער לערנען גראַמאַטיק און נאַכהער דייטשע ליטעראַטור, לויט נאָך דער בעשטימטער פּראָגראַמע; און די דריד טע אַבטהיילונג, האָט ער געענדיגט מיט אַ בעצויבערענדען שמייכעל, וועט זיין די „קאַמטשאַטקאַ". „פֿון אייך", האָט ער געזאָגט „וועל איך בלויז פֿאַרלאַנגען איהר זאָלט קאָפּירען פֿיער שורות, וועלכע איך וועל פֿאַר אייך אויסקלייבען פֿון אַ בוך. האָבענדיג אָבגעקאָפּירט די פֿיער שורות אייערע, קענט איהר זיך טאָהן ויאָס איהר ווילט; נאָר שטערט ניט די אַנדערע שילער. און איך זאָג אייך צו, אַז אין פֿינף יאָהר וועט איהר האָבען אויסד געלערענט עטוואָס דייטש און דייטשע ליטעראַטור. נו, און ווער שטעהט צו צו די דייטשען? דו, שטאַכעלבערג? דו, לאַמסדאָרף? אפשר אויך ווער פֿון די רוסישע? און ווער שטעהט צו צו „קאַמטשאַטקאַ?" פֿינף, אָדער זעקס אינגלעך, וועלכע האָבען ניט געקענט קיין וואָרט דייטש האָבען זיך באַזעצט אויף׳ן „אינזעל". זיי האָבען זיך זעהר געטריי געקאָפּירט זייערע פֿיער שורות,—אַ דוצען אָדער מעהר אין העכערע קלאַסען, — און פּראָפּ. בעקער האָט אַזוי קינסטליך געקליבען דיעזע שורות, און האָט זיך אַזוי פֿלייסיג אבגעגעבען מיט די קאַמטשאַטניקעס, אז צום סוף פֿון די פֿינף יאָהר

האָבען זיי ווירקליך געהאַט אַ טיכטיגען בעגריף אין דער דייטשער שפּראַך און אין איהר ליטעראַטור.

איך האָב מיך אָנגעשלאָסען אָן די דייטשען. מיין ברודער אַלעקסאַנדער פּלעגט מיר אַזוי אָפּט שרייבען, אַז איך זאָל אויסלערנען די דייטשע שפּראַך, וועלכע באַזיצט אַזאַ רייכע ליטעראַטור, און אין וועלכע יעדער אַנשטענדיגער בוך ווערט איבערזעצט, אַז איך האָב מיך זעהר פּלייסיג אַ נעהם געטאָהן דערצו. איך האָב איבערזעצט און גרינדליך אויסשטודירט איין זייטעל פון אַ ציםליך שווערער פּאָעטישער בעשרייבונג פון אַ דוננערשטורם; איך האָב אויסגעלערענט אויף אויסווענינג אַזוי, ווי דער פּראָפּעסאָר האָט מיר געראַטהען, די פּאָרמען פון די האַנדלונגס־ווערטער, די בעשטימונגס ווערטער, און האָב אָנגעהייבען לעזען. דאָס איז אַ פּראַכטפּאָלע מעטהאָדע צו לערנען שפּראַכען. אויך האָט מיר בעקער געראַטהען אויסצושרייבען אַ ביליגע אילוסטרירטע צייטונג, און איהרע בילדער און קורצע ערציילונגען פּלעגען מיך פאַראינטערעסירען גענוג איבערצולייענען עטליכע שורות אָדער אַ קאָלומנע. איך האָב די שפּראַך שנעל אויסגעלערענט.

צום סוף ווינטער האָב איך געבעטען הערר בעקער ער זאָל מיר לייהען אַ קאָפּיע פון געטהע׳ס „פּאַאוסט". איך האָב עס שוין געהאַט געלעזען אין אַ רוסישע איבערזעצונג; אויך האָב איך געהאַט געלעזען טורגעניעף׳ס פּראַכטפּאָלען ראָמאַן „פּאַאוסט"; און איצט האָב איך שוין שטאַרק געגאַרט צו לייענען דאָס ערהאַבענע ווערק אין אָריגינאַל. „דו וועסט דאָרט גאָר ניט פאַרשטעהן; עס איז צו פּילאָזאָפיש", האָט בעקער געזאָגט מיט זיין זיסען שמייכעל: אָבער ער האָט מיר פון דעסטוועגען געבראַכט אַ קליין פיער־עקיג ביכעל מיט אַלטע פאַרגילטע בלעטלעך, וועלכע האָבען ענטהאַלטען די אונשטערבליכע דראַמאַ. ער וואָלט זיך קיין מאָל ניט געקענט פאָרשטעלען די אונערגרינדליכע פרייד, וועלכע דאָס ביכעל האָט מיר פאַרשאַפּט. איך האָב פשוט אין זיך אַריינגעטרונקען דעם גאַנצען זינן און די מוזיק פון יעדער איינציגער שורה, אָנהייבענדיג מיט גאָר די ערשטע פערזען פון דער הערליך שעהנער ווידמונג. און איך האָב באַלד געקענט גאַנצע זייטליך אויף אויסווענינג. פּאַאוסט׳ס מאָנאָלאָג אין וואַלד, און בעזאָנדערס די ציילען אין וועלכע ער רעדט פון זיין אויפּפאַסונג דער נאַטור—

. . . . „דו!

ניט נור קאַלטע ערשטוינענדע בעקאַנטשאַפּט בריינגסט דו,

זאָנדערן דו מאַכסט, אַז אין איהר טיעפּסטער ברוסט

בליק איך, אַזוי ווי אינ׳ם בוזעם פון אַ פריינד",—

דיעזע ציילען האָבען מיך איינפאַך בעגייסטערט און עד היום האָט

דיזער מאָנאָלאָג נאָך זיין קראַפט איבער מיר, יעטווידער פערז איז מיר ביסלעכווייז געוואָרען אַ טייערער פריינד. און ווידער, גיט עס דען אַ גרעסערער עסטהעטישער פאַרגעניגען, ווי צו לעזען פּאָעזי אין אַ שפראַך וועלכע מי פאַרשטעהט נאָך ניט אַזוי גרינדליך? דאָס גאַנצע איז עפּעס אַזוי ווי איינגעהילט אין אַ מין דינעם נעבעל, וועלכער פּאַסט זיך צו צו פּאָעזי וואונדערבאַר. ווערטער, וועלכע שטערען מאַנכע מאָהל מיט זייערע איינפאַכע בעדייטונגען דעם, וואָס פאַרשטעהט די שפּראַך גענוג אום זיך אין איהר דורך צו ריידען אייף אַזוי פיעל אַז ער פאַרליערט דאָס עכטע פּאָעטישע בילד, וועלכעס זיי האָבען אייגענטליך געלאָזט איבערגעבען—אַזעלכע ווערטער בעהאַלטען אָבער נור זייער צאַרטעסטען, העכסטען זינן פאַר דעם וואָס פאַרשטעהט זיי ניט אַזוי גרינדליך, און אין דער זעלבער צייט מאַכט די מוזיק פון דער פּאָעזי נאָך אַ שטאַרקערען איינדרוק אויף אַ זעלכען.

פּראָפעסאָר קלאַסאָווסקי'ס ערשטע לעקציע איז פאַר אונז געווען אַן ענטפּלעקונג. ער איז געווען אַ קלייניצקער, אַרום פופציג יאָהר אלט, זעהר שנעל אין זיינע באַוועגונגען, מיט לעבעדיגע, קלוגע אויגען און האַלב סאַרקאַסטישען אויסדרוק, און האָט געהאַט דעם הויכען שטערען פון אַ פּאָעט. ווען ער איז אַריינגעקימען צו דער ערשטער לעקציע האָט ער אונז אין דער שטיל געזאָגט, אַז מחמת ער ליידט פון אַ לאַנגער קראַנקהייט, קען ער ניט ריידען הויך, און דאַרום בעט ער מי זאָל זיך צורוקען בעהנטער צו איהם. ער האָט אַוועקגעשטעלט זיין שטוהל לעבען דער ערשטער רייהע טישלעך, און מיר האָבען זיך אַרומגעפּאַקט אַרום איהם ווי אַ מחנה ביהנען.

ער האָט מיט אונז אייגענטליך געזאָלט לערנען רוסישע גראַמאַטיק' אָבער אַנשטאַט די טרוקענע גראַמאַטישע לעקציע האָבען מיר גאָר געהערט עפּעס אַזעלכעס, וואָס מיר האָבען גאָר ניט ערוואַרטעט. עס וואַר גראַמאַטיק אָבער אין מיטען האָט זיך גאָר אַריינגעכאַפּט אַ פערגלייך פון אַ אַלטען רוסישען לעגענדאַרישען אויסדרוק מיט אַ שורה פון האָמער אדער פון דער סאַנסקריט מאַהאַבהאַראַטאַ, און די שעהנקייט דערפון איז איבערגעגעבען געוואָרען אין רוסישע ווערטער; און אַמאָהל ווידער איז געבראַכט געוואָרען שילער'ס אַ פערז בעגלייטעט פון אַ בייסענדער בעמערקונג מכח אַן אבערגלויבען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, דאַן ווידער טרוקענע גראַמאַטיק און דערנאָך ווידער אַ הויך פּאָעטישער אָדער טיעף פילאָזאָפישער גרונדזאַטץ.

פאַרשטעהט זיך, אַז אַ סך דערפון האָבען מיר ניט אָנגעהויבען צו

פֿאַרשטעהן, און פֿון פֿיעלעס האָבען מיר דעם טיעפֿערען געדאַנקען דורכ־געלאָזען. אבער ליגט דען ניט די בעצויבערענדע קראַפֿט פֿון יעדען שטור־דיום עבען דאַרין, וואָס עס עפֿענט פֿאַר אונזערע אויגען אלע מאָל נייע, אונערוואַרטעטע האָריזאָנטען, וועלכע מיר פֿאַרשטעהען נאָך ניט, אָבער וועלכע בע'כשוף'ען אונז אריינצודרינגען אימער טיעפֿער און טיעפֿער אין דעם נעבעל, וועלכער האָט אונז לחתבילה אויסגעוויזען אַזוי דונקעל?

שטעהענדיג אָנגעלעהנט מיט די הענד פֿון איינעם אויפֿן אנדערענס אקסלען, אָדער אויף די טישען פֿון דער ערשטער רייהע, אָדער גאַנץ נאָ־הענט הינטער קלאַסאָווסקען, האָבען מיר אַלע מיט שטראַהלענדע אויגען געשלונגען זיינע ווערטער.

אַזוי ווי זיין קול איז געוואָרען וואָס אַמאָל שוואַכער ביין סוף פֿון דער לעקציע, האָבען מיר זיך אַלץ מעהר אָנגעשטרענגט איהם צו הערען. דער אינספעקטאָר האָט געעפֿענט די טיר פֿון אונזער קלאַס־צימער, אום צו זעהען ווי מיר פֿיהרען זיך אויף מיט אונזער נייעם לעהרער, אָבער דער־זעהענדיג די אונבאַוועגליכע מאַסע, האָט ער זיך צוריקגעצויגען אויף די שפּיץ פֿינגער. אפילו דאַדוראָף, אַ ווילדעס ווענזען, האָט געגאַפֿט אויף קלאַסאָווסקין, אַזוי יוי ער וואָלט זאָגען, „אָט אַזאַ מין מענש ביסטו דאָס"? אפילו פֿאָן קליינאָ, אַ האָפֿנונגסלאָזער טפּוש, אַ טשערקעס מיט אַ דייטשען נאָמען, איז אויך געזעסען שטיל. אין די מייסטע פֿון אונז האָט געזאָדען עטוואָס גוטעס און ערהאבענעס אין דער טיעפֿענעם פֿון אונזערע זעעלען, עפּעס אַזוי ווי אַן ערשיינונג פֿון אַן אונערוואַרטעטער וועלט וואָלט זיך באַוויזען פֿאַר אונזערע אויגען. אויף מיר האָט קלאַסאָווסקי געהאַט אַ מעכטיגען איינפֿלוס, וועלכער איז געוואַקסען פֿון יאָהר צו יאָהר. ווינ־קלערס נביאות, אַז נאָך אַלעס, קען איך נאָך אַמאָל ליעב קריגען די שוהלע, איז מקוים געוואָרען.

אין מערב אייראָפּאַ, איז וואַהרשיינליך דיעזער טיפּ פֿון אַ לעהרער ניט אַלגעמיין בעקאַנט, אָבער אין רוסלאַנד גיבט עס ניט קיין איין בע־ריהמטע פּערזענליכקייט, הן אין ליטעראַטור, הן אין פּאָליטישען לעבען, וועלכע זאָל ניט מיט רעכט צושרייבען איהר ערשטען אנשטויס צו אַ העכ־ערע ענטוויקלונג צו די לעהרער אין ליטעראַטור. יעדע שוהלע אין דער וועלט האָט געברויכט האָבען אַזאַ לעהרער. יעדער לעהרער פֿון אַ שולע האָט זיך זיין אייגענעם געגענשטאַנד, און עס פֿעהלט דער רינג וואָס עס זאָל צוזאַמענבינדען די אלע פֿערשיעדענע לעהרען אין איין גאַנצער קייט. נאָר דער ליטעראַטור לעהרער, געלייטעט פֿון דעם אַלגעמיינעם פּלאַן פֿון דער פּראָגראַמע און האָבענדיג די פֿרייהייט זי דורכצופֿיהרען אַזוי ווי ער

וויל, קען צוזאַמענקעמען די היסטאָרישע און ליטעראַטורנע וויסענשאַפטען, זיי פאַראייניגען דורך אַ ברייט־פֿהילאָזאָפֿישען און מענשען־פֿריינדליכען געדאַנקען, און ערוועקען העכערע אידעען און בעגייסטערונגען אין די מוחות און די הערצער פֿון די יונגע מענשען. אין רוסלאַנד פֿאַלט דיזע נייטיגע אַרבייט גאַנץ נאַטירליך אויפֿן לעהרער פֿון רוסישער ליטעראַטור. אַזוי ווי ער רעדט פֿון דער ענטוויקלונג פֿון דער שפּראַך, פֿון דעם אינהאַלט פֿון די פֿאַרציייטיגע העלדען פּאעזיע, פֿון פּאָפּולערע לידער און מוזיק, און דער־נאָך אויך פֿון מאָדערנע ראָמאַנען, פֿון דער וויסענשאַפֿטליכער, פּאָליטישער און פֿהילאָזאָפֿישער ליטעראַטור פֿון זיין אייגען פֿערשטאַנד און פֿון די פֿער־שיעדענע עסטהעטישע פּאָליטישע און פֿהילאָזאָפֿישע שטראָמען, וועלכע זי האָט אין זיך אָבגעשפּיגעלט, מוז ער, נאַטירליך, אויך אַריינברענגען דעם פֿעראַלגעמיינטען בעגריף פֿון דער ענטוויקלונג פֿונ'ם מענשליכען גייסט, וועלכער ליגט פֿיל העכער, ווי דער אינהאַלט פֿון די געגענשטענדען, וואָס ווערען געלערנט בעזונדער.

דאָסזעלבע האט געברויכט געטאָן צו ווערען מיט די נאַטור־וויסענ־שאַפֿטען.

עס איז נאָך ווייניג צו לערנען כעמיע און פֿהיזיקע, אַסטראָנאָמיע און מעטעאָראָלאָגיע (וויטטערונגס־לעהרע), זאָאָלאָגיע און באָטאַניקע. די פֿהילאָזאָפֿיע פֿון אַלע נאַטור־וויסענשאַפֿטען—אַן אַלגעמיינער בליק איבער די נאַטור אַלס עטוואָס גאַנצעס, אַ שטייגער, ווי דער ערשטער טהייל פֿון הומבאָלד'ס „קאָסמאָס"—האָט געברויכט אַריבערטראָגען צו ווערען צו די שילער און סטודענטען, מאַכט ניט אויס, וויפֿיעל נאַטורוויסענשאַפֿט עס ווערט אין דער שולע געלערנט. די פֿהילאָזאָפֿיע און די פּאָעזיע פֿון דער נאַטור, די מעטהאָדען פֿון אַלע פּאָזיטיווע וויסענשאַפֿטען און אַ בעגייסטער־רענדער באַגריף פֿון דעם גאַנצען נאַטור־לעבען מוזען אונבעדינגט זיין אַ טהייל פֿון בילדונג. מעגליך, אַז דער לעהרער פֿון געאָגראַפֿיע מוז לעת עתה איבערנעהמען דיזע אַרבייט; אָבער אויב אַזוי, האָט מען אייגענטליך געמוזט האָבען גאַנץ אַנדערע לעהרער און גאַנץ אַנדערע פּראָפֿעסאָרען פֿון געאָגראַפֿיע אין די אוניווערזיטעטען.

דאָס, וואָס עס ווערט יעצט געלערנט אונטער דיזען נאָמען מעג זיך זיין אַלץ וואָס איהר ווילט נאָר אַליין, אָבער געאָגראַפֿיע איז עס ניט.

אַ צווייטער לעהרער האָט וויעדער מנצח געווען אונזער צימליך וויל־דען קלאַס אויף אַ גאַנץ אַנדערען אופן, דאָס איז געווען דער לעהרער פֿון שרייבען, דער לעצטער פֿון דעם גאַנצען שטאַב לעהרערס. אויב די „גע־צענדינער"—דאָס הייסט, דער דייטשער און דער פֿראַנצויזישער לעהרער—

האָבען געהאַט ווענינ כבוד פֿון אונז, דאַן איז דער לעהרער פֿון שרייבען ע ב ע ר ט, וועלכער איז געווען אַ דייטשער איד, זיכער געווען אַ מאַר־טירער. געגען איהם אַרויסצואווייזען חוצפה האָט זיך גערעכענט פֿאַר אַ מין חכמה ביי די פּאַזשען. הפּנים, אַז נאָר זיין אָרעמקייט האָט איהם גע־צוואונגען אָנצוהאַלטען זיין לעקציע אין דעם קאָרפּוס. די אַלטע חברה לייט, וועלכע זיינען צוריק געבליבען צו צווייי, דריי יאָהר אין דעם פֿינפֿטען קלאַס, האָבען איהם זעהר שלעכט בעהאַנדעלט, אבער ער האָט עפּעס ווי געשלאָסען א מין קאָנטראַקט מיט זיי: „בלויז איין שטיפֿעריי ביי יעדער לעקציע און ניט מעהר“—אַ קאָנטראַקט, וועלכער איז, דעם אמת זאָגענדיג, אָפֿט געבראָכען געוואָרען פֿון אונזער צד.

איין מאָהל, האָט איינער פֿון די איינוואָהנער פֿון די „קאַמטשאַט־קאַ“ איינגעווייקט אַ שוואַם אין טינט און קרייט און האָט זי אַ שמוץ גע־טאָהן דעם שרייב מאַרטירער אין פּנים אריין. „נאַ דיר, עבערט!“ האָט ער אַ געשריי געטאָהן מיט אַ נארישעוואַטען שמייכעל. די טינט האָט באַ־שפּריצט עבערט׳ס פּנים און זיין ווייסע העמד.

מיר זיינען געווען זיכער, אַז דעם מאָל וועט דער לעהרער פֿאַרלאָ־זען דעם צימער און גלייך רעפּאָרטען די געשיכטע דעם אינספּעקטאָר. אָבער ער האָט בלויז אויסגערופֿען, אַרויסנעמענדיג זיין לייווענטענע טיכעל און זיך אָבווישענדיג דעם פּנים, „מיינע הערען, איין שפּאַס—ניט מעהר היינט! דאָס העמד איז קאַליע געמאַכט“, האָט ער צוגעפֿיגט מיט אַן אונטערדריקטען קול, און האָט זיך ווייטער גענומען קאָרעגירען אונזערע ביכער.

מיר האָבען זיך געפֿיהלט אומגעלומפּערט און שטאַרק פֿערשעהמט. געזעהען? אַנשטאַט אונז צו רעפּאָרטען, האָט ער זיך גאָר דערמאָנט אָן דעם קאָנטראַקט אונזערען! דער גאַנצער קלאַס האָט אָנגעהויבען קריגען אַ שטאַרקע סימפּאַטיע צו איהם. „וואס דו האָסט געטאָהן, איז זעהר דום“ האָבען מיר אונזער קאַמעראַד פֿאָרגעוואָרפֿען. ער איז אַן אָרעמער מענש, און דו האָסט קאַליע געמאַכט זיין העמד! שאַנדע!“ האָט אימיצער אויס־געשריען.

דער שולדיגער איז גלייך געלאָפֿען בעטען אום ענטשולדיגונג. „מען מוז לערנען, לערנען מוז מען, מיין הערר“, וואַר אַלעס וואָס עבערט האָט געענטפֿערט, און טיפֿע טרויערקייט האָט אבגעקלונגען אין זיין שטימע.

נאָך דיעזען צופֿאַל זיינען אַלע געוואָרען רוהיג און ביי דער נעקסטער לעקציע, עפּעס אַזוי ווי מיר וואָלטען געהאַט צווישען זיך פֿריהער אָבגערעדט, האָבען די מייסטע זיך געסטאַרעט שרייבען ווי אַם שענסטען,

און מיר האָבען ציגעטראָגען אונזערע ביכער צו עבערט זיי צו קאָרעגירען. ער האָט געשטראַהלט פֿון שמחה; ער האָט זיך געפֿיהלט גליקליך יענעם טאָג.

דיעזער פֿאַקט האָט אויף מיר געלאָזען אַ טיעפֿען איינדרוק און ער איז נאָך עד היום ניט אבגעמעקט פֿון מיין זכרון. איך וועל אייביג דאַנק-באַר זיין דיעזען מערקווירדיגען מענשען פֿאַר זיין לעקציע.

מיט אונזער לעהרער פֿון צייכנען, וועלכען מי האָט אַ נאָמען געגע-בען גאַנז, האָבען מיר זיך קיינמאָהל ניט אויסגעגלייכט. ער האָט שטענ-דיג גע׳מסר׳ט די וואָס האָבען זיך געשפּיעלט אין זיין קלאַס. דאָס האָט ער, נאָך אונזער מיינונג, קיין רעכט ניט געהאַט צו טאָהן, ווייל ער וואַר בלויז א צייכנונגס לעהרער און בעזאָנדערס דערפֿאַר, וואָס ער איז געוועזען ניט קיין עהרען מאַן. אין זיין שטונדע האָט ער זיך וועניג געקימערט אום אונז און האָט זיין גאַנצע צייט געספּענט אויסבעסערענדיג די ריסונקעס פֿון די, וואָס האָבען ביי איהם גענומע פּריוואַט לעקציעס, אָדער א ניט די וואָס האָבען איהם פּשוט בעצאָהלט דערפֿאַר, וואָס זיי וועלען קענען ווייזען אַ גוטע צייכנונג ביים עקזאַמען. אויף די קאַמעראַדען, וואָס האָבען דאָס געטאָהן, האָבען מיר גאָר קיין פֿאַראיבעל ניט געהאַט. אַדרבה, מיר האָבען עס געהאַלטען פֿאַר רעכט, אַז די וואָס האָבען ניט געהאַט קיין פֿעהיגקייט פֿאַר מאַטעמאַטיק, אָדער קיין זכרון פֿאַר געאָגראַפֿיע, און האָ-בען דארום ניט געקענט אויסהאַלטען דעם עקזאַמען, זאָלען פֿאַרבעסערען זייערע שאַנסען דורך אַ גוטען ריסונאָק אָדער א גוט געצייכענטע קאַרטע פֿאַר וועלכע זיי האָבען באַצאָהלט גוטע מזומנים. בלויז פֿאַר די בעסטע צוויי תלמידים פֿון קלאַס וואָלט אַזאַ זאַך ניט געפּאַסט, אבער אַלע אַנדערע האָבען זיך געמענגט באַנוצען מיט אַזעלכע מיטלען גאָר אָהן שום געוויי-סענסביסע. דאָך האָט דער לעהרער גופא ניט געהאַט קיין רעכט צו מאַכען אַזעלכע בעשטעלטע צייכנונגען: און אַז ער האָט עס שוין יאָ גע-טאָהן, האָט ער געברויכט געדולדיג אַריבערטראָגען דעם גאַנצען ליאַרם און אלע שטיפֿערייען פֿון די שילער זיינע. אבער ער האט דאס ניט געוואָלט ליידען און איז וואָס אַמאָהל געוואָרען חוצפה׳דיגער מיט זיינע מסירות געגען אונז.

קוים זיינען מיר אַריבער אין דעם פֿיערטען קלאַס און האָבען זיך אָנגעהויבען צו פֿיעלען אין קאָרפּוס מעשה תשוב, האָבען מיר באַ-שלאָסען אביסעלע שטרענגער איהם צו נעהמען אין די הענד אַריין. „עס איז אייער אייגענע שולד", האָבען צו אונז די עלטערע חברים געטענה׳ט „וואָס ער מאַכט אַזעלכע הויות מיט אייך, מיר האָבען איהם געפֿלעגט

האלטען אין צוויק" און מיר האבען אבגעמאכט דיעזען מחוצף פנים׳ניק די פליגעל אראבצוהאקען.

איין מאל, זיינען צוויי אויסגעצייכענטע שילער פון אונזער קלאס צוגעגאנגען מיט פאפיראסען אין מויל צו ה. גאנז און האבען ביי איהם געבעטען א שוועבעלע. נאטירליך, איז דאס בלויז געווען א שפאס,—אין קלאס גופא וואלט דאך קיינע׳ ניט געסמיעיעט רויכערען,—און ווערליג נאך אונזער געזעץ פון עטיקעט, האט גאנז בלויז געברויכט צו הייסען די צוויי חברה לייט אוועקגעהן; אבער ער האט זיי פארשריבען אין „ספר הזכרונות" און זיי ווארען שטרענג באשטראפט. דאס איז געווען דער לעצטער פונק אויפ׳ן פייער. מיר האבען באשלאסען איהם צו געבען א „בענעפיט נאכט." אין איין שעהנעם טאג, האבען מיר אלע מיט איין מאל געזאלט נעהמען באראבאניען מיט די ליניעס אין די טישען מיט אזא געוואלדיגען ליארם, אז דער לעהרער זאל מוזען ארויס פון קלאס. דיעזע פארשווערונג האט אבער געהאט ביי־צוקומען א סך שוועריקייטען. אין אונזער קלאס זיינען געווען א פולע כשר׳ע נשמה׳לעך, וועלכע וואלטען צוגעזאגט צו צושטעהען צו אונז, אבער ביי דער לעצטער מינוט וואלטען זיי געווארען נערוועז און זיך צוריקגעצויגען און דאן וואלט דער לעהרער געקענט פארקלאגען די איבריגע אלם בונטאוושטשיקעס. אין אזעלכע אונטערנעהמונגען איז תמיד וויכטיג אז אלע זאלען זיין יד אחת, ווייל די בעשטראפונג, וואס זי זאל ניט זיין, איז אימער לייכטער, ווען זי פאלט אויפ׳ן גאנצען קלאס, ווי בלויז אויף עטליכע.

מיט אן אמת דיפלאמאטישען קונץ זיינען מיר אלע הינדערניסע בייגעקומען. אויף א געוויסען סיגנאל האבען מיר זיך אלע געזאלט אויסדרעהען מיט די רוקענס צו גאנז און דאן זאלען מיר מיט איין מאל אנהויבען צו זעצען מיט די ליניעס אויף די שרייב־טישלעך. דאן וואלטען דאך שוין די שרעקענדע נשמות אויך קיין פחד געהאט, אזוי לאנג ווי זיי וואלטען ניט געהאט צו באגעגענען גאנז׳ס שטרענגען בליק. אבער דעם סיגנאל? פייפען, פונקט ווי אין די רויבער געשיכטען, שרייען, אדער אפילו ניעסען האט ניט געטויגט: גאנז וואלט געקענט אויסגיעסען זיין גרימצארן אויפ׳ן פייפער אדער ניעסער. דער סיגנאל מוז זיין א שטילער. איינער פון אונזערע צייכנער זאל צוטראגען זיין העפט צו גאנז און אין דעם מאמענט, ווען ער קומט צוריק אויף זיין פלאץ,—זאלען אלע מיט איינמאל אנהייבען שטורמען!

אלעס איז צוגעגאנגען כשורה. ניעסאדאף האט צוגעטראגען זיין צייכנונג און גאנז האט זי פאפראוועט אין עטליכע מינוטען, וועלכע

האָבען אונז אויסגעוויעזען יאָהרען. ער איז ענדליך צוריק צו זיין פּלאַץ. אויף איין רגע האָט ער זיך אבגעשטעלט, אַ קוק געטאָהן אויף אונז און זיך גלייך אַנידערגעזעצט... דער גאַנצער קלאַס האָט זיך מיט איינמאָהל אויסגעדרעהט מיט די רוקענס צו גאַנז'ן און די ליגיעיקעס האָבען געבאַראַבאַניעט אויף די טישלעך, בעת מאַנכע האָבען געשריען: „גאַנז, אַרויס! ניעדער מיט גאַנז!" דער גערויש וואַר שרעקליך. אַלע קלאַסען האָבען געוואוסט אַז דאָ קריגט גאַנז זיין „בענעפיט־נאַכט." ער איז געבליבען שטעהען מורמלענדיג עפּעס אונטער'ן נאָז און איז ענדליך אַרויס. און אָפּיציר איז אַריין, — מיר האָבען ווייטער געפּויקט. דאַן איז אַריין דער אונטער־אינספּעקטאָר, אַלע זיינען געוואָרען שטיל. ס'האָט זיך אָנגעהויבע אַ סדרה פון זידלעריי.

„ארעסטירט גלייך דעם עלטסטען!" האָט דער אינספּעקטאָר אויסגעשריען; און אזוי ווי איך בין געוועזען דער ערשטער אין קלאַס און דאַרום אויך דער פאָרשטעהער, בין איך אַלזאָ אבגעפירט געוואָרען אין דער פינסטערער צעלע. צוצוזעהען אבער וואָס דערנאָך איז פאָרגעקומען האָב איך שוין אבער פאַרשפּאָרט. דער דירעקטאָר איז געקומען. גאַנז איז אויפגעפאָדערט געוואָרען אויסצוגעבען די פיהרער, אבער ער האָט ניט געוואוסט. „זיי האָבען זיך אַלע אויסגעדרעהט צו מיר מיט די רוקענס און האָבען גענומען זעצען אין די טישען", האָט ער געענטפערט. מי האָט גלייך אבגעפיהרט דעם קלאַס אונטען און כאָטש דאָס שמייסען איז שוין לאַנג געוועזען פאַרוואָרפען ביי אונז אין קאָרפּוס, האָט מען דאָך דאָס מאָהל געשמיסען די צוויי, וואָס האָבען מיט אַ צייט פריהער געבעטען ביי גאַנז'ן א שוועבעלע, כלומרשט דאַרום, ווייל ער האָט גערעכענט, אַז די „בענעפיט־נאַכט" איז געוועזען אונזער נקמה פאַר זייער בעשטראָפונג.

דאָס האָב איך אויסגעפונען אין צעהן טאָג אַרום, ווען מען האָט מיר ערלויבט צוריקצוגעהען אין קלאַס. מיין נאָמען, וועלכער איז געוועזען אויפגעשריבען אויף'ן רויטען טאַפעל אין קלאַס צימער, איז אויסגעמעקט געוואָרען. דאָס האָט מיך גאָר ניט געהאַרט. אבער דעם אמת געזאָגט, האָבען די צעהן טעג אין דער צעלע, אָהן ביכער, זיך געצויגען זעהר לאַנג, אַזוי אַז איך האָב פאַרפאַסט (אין שרעקליכע גראַמען) אַ פּאָעמאַ, אין וועלכע איך האָב פאַרהערליכט די נאָבעלע טהאַטען פונ'ם פיערטען קלאַס.

פאַרשטעהט זיך, אַז אונזער קלאַס איז איצט געוואָרען דער העלד פון דער שולע. אַ גאַנצען מאָנאַט לאַנג האָבען מיר געמוזט דערצעהלען און איבערדערצעהלען אלע איינצעלהייטען פון די אַפּערע און אַלע קלאַסען האָבען אונז פאַרשאָטען מיט קאָמפּלימענטען פאַר אונזער אחדות און האַר־

מאָנישע האַנדלונג. און דאַן זיינען געקומען די זאָנטאַגען—אַלע זאָנטאַגען ביז קריסטמאַס — וועלכע דער קלאַס האָט געמוזט בלייבען אין קאָרפּוס. אַזוי ווי מי האָט אונז אַלעמען געהאַלטען צוזאַמען, האָבען מיר זיך פּראַכט־פאָל אַמוזירט אין אונזער „תפיסה.״ די מאַמעס פון די פאַרצערטעלטע זינ־דעלעך, האָבען זיי געבראַכט זיסוואַרג; די וואָס האָבען געהאַט עפּעס געלד האָבען עס געשפּענדט אויף קיכלעך און געבעקס און אויף דער נאַכט האָבען די פריינדע פון די אַנדערע קלאַסען אריינגעבראַכט פעק מיט פרוכט פאַר דעם בראַווען פיערטען קלאַס.

גאַנז האָט פון דאַמאָלס אָן קיינעם ניט גע׳מסר׳ט אבער געצייכענט האָט קיינער ניט אַ לעק. ווער וועט עס געהן לערנען ריסעווען פון אזאַ פאַרקויפטע נשמה?

3.

מיין ברודער אַלעקסאַנדער איז דאַמאָלס געווען אין מאָסקווע אין אַ קאַדעטען־קאָרפּוס און מיר האָבען געפיהרט אַ לעבהאַפטע קאָרעספּאָנדענץ אַזוי לאַנג ווי איך וואַר אין דער היים, וואַר דאָס אונמעגליך, מחמת דער פאָטער האָט דאָס געהאַלטען פאַר זיין פליכט דורכצוקוקען אַלע בריעף וואָס זיינען צו אונז אָנגעקומען אויף זיין אַדרעס און ער וואָלט גלייך גע־מאַכט אַ כוף צו אונזער גאַנצען ויכוח. אבער איצט האָבען מיר געקענט שרייבען וואָס די האַרץ האָט געגליסט. דער גאַנצער אָבהאַלט איז געווען דאָס, וואָס מיר האָבען ניט געהאַט גענוג געלד אויף סטעמפּס; אָבער מיר האָבען זיך שנעל אויסגעלערענט שרייבען מיט אַזעלכע קליינינקע אותיות אַז מיר האָבען געקענט אָנשרייבען זעהר פיעל אויף אַ קליין בייגעלע פּאַ־פּיער. אַלעקסאַנדער, וועלכער האָט געהאַט אַ פּראַכטפאָלע האַנדשריפט, פלעגט אַריינקוועטשען אויף איין זייטעל פּאַפּיער אַזוי פיעל, ווי עס וואָלט פאַרנומען פיער געדרוקטע זייטען. און זיינע מיקראָסקאָפּישע שורות זיינען געווען אַזוי דייטליך, ווי אָבגעדרוקטע. אַ שאָד, וואָס דיזע בריעף, וועלכע ער האָט געהיט אַלס אַ טייערען אַנדענקען, זיינען פאַרלאָרען געגאַנגען. די זשאַנדאַרמען האבען איהם ביי אַן אָביסק, אַפילו דיזען אונשולדיגען אוצר אַוועקגערויבט.

אונזערע ערשטע בריעף זיינען דאָס רוב געווען מכח די איינצעלה־הייטען פון מיין נייער אומגעבונג, אבער די קאָרעספּאָנדענץ איז באַלד געוואָרען גאַנץ ערנסט. מיין ברודער האָט ניט געקענט שרייבען וועגען קליי־ניגקייטען, אפילו אין געזעלשאַפט איז ער נאָר דאַן געוואָרען לעבעדיג,

ווען די דעבאטע איז געוואָרען אַן ערנסטע, און ער פֿלעגט זיך באַקלאָגען אויף אַ „שטומפּפֿען וועהטאָג אין מוח"—אַ פֿהיזישען שמערץ, ווי ער האָט עס אָנגערופֿען—ווען ער וואַר מיט לייטע וועלכע האָבען געפּלוידערט איבער קליינליכקייטען. ער וואַר פֿיעל פֿאָרטגעשריטענער ווי איך אין אינטעלעקטועלער ענטוויקלונג און ער האָט מיך תמיד געטריעבען פֿאָרווערטס בעריהרענדיג נייע וויסענשאַפֿטליכע און פֿהילאָזאָפֿישע פֿראַגען איינס נאָך דאָס אַנדערע און ער פֿלעגט מיר ראַטהען וואָס צו לעזען און וואָס צו שטודירען. וואָס פֿאַר אַ גליק עס איז פֿאַר מיר געווען צו האַבען אַזאַ ברודער!—א ברודער, וועלכער האָט מיך נאָך דאַצו ליידענשאַפֿטליך געליעבט. איהם האָב איך צו פֿאַרדאַנקען די בעסטע טהייל פֿון מיין ענטוויקלונג.

אַ מאָהל פֿלעגט ער מיר ראַטהען לייענען פּאָעזיע און פֿלעגט מיר שיקען אין זיינע בריעף מאַסען פֿערזען און גאַנצע פּאָעמעס, וועלכע ער האָט געשריעבען פֿון זכרון. „לייען פּאָעזיע" האָט ער געשריעבען: „פּאָעזיע מאַכט דעם מענשען בעסער". ווי אָפֿט האָב איך אין די שפּעטערע יאהרען געפֿלעגט אַנערקענען די וואַהרהייט פֿון דיזער עצה זיינער: לייען פּאָעזיע, זי מאַכט דעם מענשען בעסער. ער אַליין איז געווען אַ פּאָעט און האָט געהאַט אַ וואונדערבאַרע פֿעהיגקייט צו שרייבען העכסט מוזיקאַלישע פֿערזען. אַ שאָד, כ'לעבען, וואָס ער האָט אויפֿגעגעבען די פּאָעזיע. אבער די רעאַקציאָן געגען קונסט, וועלכע איז ענטשטאַנען אין דער רוסישער יוגענד אין די ערשטע זעכציגער און וועלכע טורגעניעף האָט פֿאָרגעשטעלט אין „באַזאַראָף'ן" (דער העלד פֿון זיין מערקווירדיגען בוך „פֿאָטערס און זיהן") האָט איהם געבראַכט דערצו, אַז ער האָט מיט פֿעראַכטונג אויעקגעוואָרפֿען די גאַנצע פּאָעזי זיינע. איך מוז אבער מודה זיין, אַז מיין ליעבלינגס פּאָעט איז ניט געווען איינער פֿון די, וועלכע זיין פּאָעטישער גייסט, זיין מוזיקאַלישער אויער און זיין פֿילאָזאָפֿישער שוואונג האָבען פֿאַרגעטערט. זיין בעליעבטער רוסישער פּאָעט וואַר ווענעוועטינאָף, וועהרענד מיינער וואַר ניעקראַסאָף; זיינע פֿערזען זיינען אָפֿט ניט מוזיקאַליש, אָבער זיי האָבען מיין האַרצען שטאַרק געריהרט מיט זייער סימפּאַטהי צום ערנידעריגטען און באַליידיגטען.

„מי מוז האָבען אַ געוויסען צוועק אין לעבען" האָט ער מיר א מאָל געשריבען. „אָהן אַ צוועק, אָהן אַ שטרעבען איז דער לעבען קיין לעבען ניט." און ער האָט מיר געהייסען אויסזוכען אַ צוועק פֿאַר וועלכען עס זאָל ווערט זיין צו לעבען. איך בין דאַמאָלס געווען צו יונג דיזען צוועק צו געפֿינען; אָבער עטוואָס אונבעשטימטעס, אונענטשלאָסענעס, אין גאַנ־

צען „גוטעס״, האָט זיך שוין דאַן ערהויבען אין מיין ברוסט, כאָטש איך האָב ניט געקענט אַקוראַט וויסען וואָס דאָס „גוטע״ וועט זיין.

דער פֿאָטער האָט אונז געגעבען זעהר וועניג טאַשען־געלד און איך האָב קיין מאָהל ניט געהאַט מיט וואָס צו קויפֿען אַ ביכעל. אָבער ווען אַלעקסאַנדער האָט געקראָגען עטליכע רובעל פֿון אַ מוהמען, פֿלעגט ער קיינמאָל ניט פֿאַרשווענדען קיין גראָשען דערפֿון אויף פֿאַרגעניגענס, זאָנדערן ער האָט געקויפֿט אַ בוך און האָט עס גלייך צו מיר צוגעשיקט. ער איז אבער געווען דאַגעגען מען זאָל לייענען סתם אין דער וועלט אַריין. מי מוז האָבען פֿאַרטיג אַ געוויסע פֿראַגע צו שטעלען דעם ביך, וועלכען מי געהט לעזען. הלואי וואָלט איך דאַמאָלס פֿאַרשטאַנען צו שעצען דיזע טהייערע עצה זיינע. איך וואונדער זיך איצט אַליין, ווען איך דערמאָהן זיך, וויפֿיעל נוצלאָזע ביכער איך האָב דאַמאָלס פֿאַרשלונגען, בעזאָנדערס היסטאָרישע. אויף פֿראַנצויזישע ראָמאַנען האָב איך מיין צייט ניט פֿאַר־ספענט, דען אַלעקסאַנדער האָט זיי נאָך מיט יאָהרען פֿריהער גאַנץ שאַרף פֿאַרדאַמט מיט איין שווערען וואָרט: „זיי זיינען שטומפּזיניג און פֿול מיט שלעכטע שפּראַך.״

די גרויסע פֿראַגען וועגען דעם בעגריף וואָס מיר ברויכען זיך צו בילדען פֿון דעם וועלט־אַלל—אונזער „וועלט־אנשויאונג״, ווי דער דייטש וואָלט עס אָנגערופֿען—זיינען, נאַטירליך, געווען די וויכטיגסטע טהעמאַס אין אונזער קאָרעספּאָנדענץ. אין אונזער קינדהייט זיינען מיר קיינמאָל ניט געווען רעליגיעז. מי האָט אונז גענומען אין תיפלה. אבער אין אַ רוסי־שער תיפלה, אין אַ קליינעם דערפֿעל, איז די עהרפֿורכטיגע האַלטונג פֿון׳ם פֿאָלק מעהר איינדרוקספֿאָל, ווי די תפילות גופא. בלויז צוויי זאַכען האָבען אויף מיר געלאָזען אַן איינדרוק פֿון אַלעם וואָס איך האָב געהערט אין דער קירכע: די צוועלף קאַפּיטלעך פֿון׳ם טעסטאַמענט, מכח די יסורים פֿון יע־זוס, וועלכע ווערען אין רוסלאַנד געלייענט אַם אָוענד פֿון „גוטען פֿרייטאַג״ און די קורצע תפלה וואָס פֿאַרדאַמט דעם גייסט פֿון הערשאַפֿט, וועלכע ווערט פֿאָרגעטראָגען אין דער צייט פֿון „וועליקי פּאָסט״ און איז ווירקליך זעהר הערליך, דורך איהרע איינפֿאַכע דייטליכע ווערטער און געפֿיהלען. פּושקין האָט דיזען געבעט איבערזעצט אין רוסישע פֿערזען.

שפּעטער אַ ביסעל, אין פּעטערבורג, בין איך עטליכע מאָל גע־גאַנגען אין אַ רוימיש קאַטוילישער תיפלה, אבער דער טהעאַטראַלישער כאַ־ראַקטער פֿון דעם גאָטעסדיענסט און די אבוועזענהייט פֿון אמת׳ן געפֿיהל דערביי, האָבען מיך אבגעעקעלט און ספּעציעל ווען איך פֿלעג זעהען מיט וואָס פֿאַר אַן איינפֿאַכער יראה מאַנכער אַלטער פּוילישער סאָלדאַט, אָדער

אַן אַלטע מוזשיטשקע פֿלעגען שטעהען ערגעץ אין אַ ווינקעל און אויסגיסען זייער פֿאַרביטערט האַרץ. איך האָב אויך געפֿלעגט אַריינגעהען אין אַ פּראָטעסטאַנטישע קירכע. אבער ארויסגעהענדיג פֿון דאָרטען האָב איך ניט ווילענדיג אונטערגעברומט געטהע'ס ווערטער:

„אבער גיעמאַלס וועסטו הערצער צוזאַמען־העפֿטען

אויסער ווען דאָס העפֿטען שפּריצט פֿון דיין אייגענעם הערצען"

אַלעקסאַנדער האָט דערוויל, מיט זיין געוועהנליכער ליידענשאַפֿט, אנגענומען דעם לוטהעראַנישען גלויבען. ער האָט געהאַט געלייענט מי־שעלעט'ס בוך איבער סערוועטוס און ער האָט פֿאַר זיך אַליין אויסגע־אַרבייט אַ רעליגיאָן עהנליך צו די פֿון יענעם גרויסען קעמפּפֿער. אונזערע בריעף זיינען דאַמאָלס געוואָרען פֿול מיט דיסקוסיאָנען מכח רעליגיעזע צע־רעמאָניעס מיט די הייליגע שריפֿטען פֿון די אַפּאָסטאָלען (קריסטליכע לעה־רער) פּאַוועל און דזשיימס. איך האָב נאָכגעפֿאָלגט אַלעקסאַנדער'ן, אָבער טהעאָלאָגישע וכוחים האָבען מיר ווייניג אינטערעסירט. זייט איך בין אויפֿ־געשטאַנען פֿון'ם טיפֿוס, האָב איך מיך גענומען צו גאַנץ אַנדערע ביכער.

די שוועסטער העלענע, וועלכע וואר שוין דאַן פֿאַרהייראַט, איז גע־ווען אין פּעטערסבורג און אַלע שבת־צו־נאַכט פֿלעג איך איהר אבשטאַטען אַ וויזיט. איהר מאַן האָט געהאַט אַ גוטע ביבליאָטעק, אין וועלכער עס זיינען געווען אַ מאַסע ביכער פֿון די פֿראַנצויזישע פֿילאָזאָפֿען פֿון לעצטען יאַהרהונדערט און די מאָדערנע פֿראַנצויזישע היסטאָריקער. אויף דיעזע בי־כער האָב איך מיך אַרויפֿגעוואָרפֿען ווי אויף אַן אוצר. אַזעלכע ביכער וואַרען אין רוסלאַנד פֿארבאָטען און האָבען ניט געטאָרט געבראכט ווערען אין די שולע אַריין. איך האָב דאַרום פֿאַרבראכט כמעט די נאַנצע נאַכט יעדען שבת, לייענענדיג די ווערק פֿון די ענציקלאָפּעדיסטען דעם פֿילאָזאָ־פֿישען ווערטערבוך פֿון וואָלטער, די שריפֿטען פֿון סטאָאיקער, הויפּטזעכ־ליך, מאַרקוס אורעליוס און א.ז.וו. די אונענדליכקייט פֿון'ם וועלט־אַלל, די אונגעהייערע טיעפֿקייט פֿון דער נאַטור, איהר פּאָעזי, איהר אייביג שלאָגענדעם לעבען, האָבען אויף מיר געהאַט וואָס אַ מאָהל אַלץ מעהר און מעהר איינפֿלוס. און יענער ניעמאַלס ענדיגענדער לעבען מיט זיין גאַנצער האַרמאָניע האָט אין מיר אַריינגעגאָסען די התלהבות פֿון בעוואונ־דערונג, נאָך וועלכע די יונגע זעעלע גאַרט, און אין דער זעלבער צייט האָבען מיינע ליבלינגס־פּאָעטען מיט זייערע שילדערונגען אין מיר אויפֿ־געוועקט יענע ערוואַכענדע ליבע צו דער מענשהייט און יענעם גלויבען אין איהר פּראָגרעס, וועלכע בילדען די בעסטע יאָהרען פֿון דער יוגענד און באַאיינפֿלוסען דעם מענשען זיין לעבען לאַנג.

אבער אַלעקסאַנדער איז זיך מיט דער צייט אזוי לאַנגזאַם איבער־געגאַנגען צו דער קאַנט׳ישער אפיקורסית און קאַנט׳ס פּילאָזאָפּיע האָט פֿאַרנומען גאַנצע בויגענס פּאַפּיער אין אונזערע בריעף און וואָס די טהעמאַס זיינען געוואָרען וויכטיגער און טיפֿער, דאָס קלענער זיינען געוואָרען די אותיות פֿון אונזער כתב. אבער ניט דאַמאָלס און ניט שפּעטער, ווען מיר פֿלעגען אָבזיצען גאַנצע שטונדען און דיסקוטירען איבער קאַנט׳ס פּילאָזאָפּיע, איז עס אַלעקסאַנדער׳ן געלונגען מיך צו מאַכען פֿאַר אַ חסיד פֿון׳ם קעניגסבערגער פֿילאָזאָף.

נאַטורוויסענשאַפֿט—דאָס הייסט: מאַטהעמאַטיק, פֿיזיקע און אַסטראָנאָמיע,—איז געווען מיין הויפּט שטודיום. אין 1858, איידער דאַרווין האָט געהאַט אַרויסגעלאָזען זיין אונשטערבליכעס ווערק, האָט רוליער, אַ פּראָפֿעסאָר פֿון זאָאָלאָגיע אין מאָסקווער אוניווערזיטעט, פֿאַרעפֿענטליכט דריי לעקציעס איבער די אומגעשטאַלטונג אין דער נאַטור און מיין ברודער האָט גלייך אנגענומען זיינע אידעען וועגען די פערענדערליכקייט פֿון די מינים. ער איז אבער ניט געווען צופֿרידען מיט האַלבע בעווייזע און האָט אָנגעהויבען לערנען ספּעציעלע ביכער איבער ירושה, אייגענשאַפֿטען און דעסגלייכען, מיר מיטהיילענדיג אין די בריעף די הויפּט פֿאַקטען, ווי אויך זיינע אייגענע געדאַנקען און זיינע צווייפֿעל. די ערשיינונג פֿון דאַרווין׳ס „אורשפּרונג פֿון די מינים" האָט איהם נאָך אויך אין פֿיעלע הינזיכטען ניט צופֿריעדענגעשטעלט און האָט, אדרבה, פֿיעלע נייע פֿראַגען ערהויבען אין זיין מוח. דאָס אַלעס האָט איהם געגעבען פֿרישען אַנשטויס ווייטער און מעהר צו שטודירען. נאַכהער האָבען מיר דיסקוטירט—און די דיסקוסיאָן האָט געדויערט אַ סך יאָהרען—פֿאַרשיעדענערליי פֿראַגען מכח דעם אורשפּרונג פֿון די מינים ענדערונג, אויף ווי ווייט דאָס ווערט איבערגעגעבען בירושה. בקצור, יענע פֿראַגען וועלכע זיינען ערשט ניט לאַנג ערהויבען געוואָרען אין דעם וויסמאַן־ספּענסער וכוח און גאַלטאָן׳ס נאַכפֿאָרשונגען און אין די ווערק פֿון די מאָדערנע ניי־לאַמאַרקיסטען. אַ דאַנק זיין פֿילאָזאָפֿיש־קריטישען גייסט, האָט אַלעקסאַנדער גלייך געזעהען די פֿונדאַמענטאַלע וויכטיגקייט פֿון דיזע פֿראַגען פֿאַר די טהעאָריע פֿון די מינים פֿערשיעדענהייט, אָבוואָהל אַ סך נאַטוראַליסטען האָבען דאָס דאַן גענצליך פֿערזעהען.

איך מוז אויך ניט פֿערגעסען אונזער קורצען וכוח איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע. אין די יאָהרען 1858 און 1859, האָט אין רוסלאַנד יעדער מענש געערדט פֿון פּאָליטישע עקאָנאָמיע. לעקציעס איבער פֿריי־האַנדעל און טאַריף, האָבען צוגעצויגען גרויסע מאַסען און אַלעקסאַנדער, וועלכער

איז נאָך דאַמאָלס ניט געווען פּערטיעפּט אין די מינים ענדערונג, האָט זיך אויף אַ קורצע צייט שטאַרק פֿאַרקאָכט אין עקאָנאָמישע פּראַגען און האָט מיר זאָגאַר צוגעשיקט די „פּאָליטישע עקאָנעמיע" פֿון דושאָן באַפּטיסט סיי, צום לעזען. איך האָב קוים דורכגעלייענט עטליכע קאַפּיטלעך: טאַריף און באַנק ספּעקולאַציעס האָבען מיך ניט אָנגעהויבען צו אינטערעסירען. אבער אַלעקסאַנדער האָט זיך גענומען צו דיעזע פּראַגען מיט אַזאַ התלהבות, אַז ער האָט אַפּילו אַוועקגעשריבען צו דער שטיף־מוטער, האָפּענדיג זי צו פֿאַראינטערעסירען אין די פֿאַרפּלאָנטערטע פּראַגען פֿון פּאָשלינע און צינ־זען. אין אַ צייט אַרום, אין סיביר, דורכלעזענדיג מאַנכע בריעף פֿון יענע צייטען, האָבען מיר געלאַכט ווי קינדער, ווען עס איז אונז אריינגעפֿאַלען אין די הענד אריין איינער פֿון יענע כתבים, אין וועלכע ער האָט זיך באַ־קלאָגט אויף אונזער מוטער'ס שרעקליכע גלייכגילטיגקייט צו אזעלכע ברע־נענדע פּראגען. ער וואר דאַמאָלס מלא חמה אויף אַ גרינס־הענדלער, וועלכען ער האָט אָנגעכאַפּט אין גאַס און נעהמענדיג ריירען מיט איהם מכח די טאַריף פּראַגען, האָט דיעַ ווילדע חיה אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען אויף מיר און האָט צומאָהל ניט געוואָלט הערען די מינדעסטע זאך מכח זיין אייגענע שטיקעל חינה!

יעדען זומער האָט מען גענומען אין לאַגער אַריין קיין פּעטערהאָף אַ האַלבען פּאַזשען־קאָרפּוס. אבער די נידריגערע קלאַסען וואַרען פֿריי פֿון דיעזען פֿאַרגעניגען און איך האָב די ערשטע צוויי זומערען פֿאַרבראַכט אין ניקאָלסקאָיע. צו פֿאַרלאָזען די שולע, צו נעהמען די באַהן קיין מאָסקווע און דאָרט צו באַגעגנען אַלעקסאַנדער'ן איז פֿאַר מיר געווען אַזאַ אונגעהייערעס גליק, אַז איך האָב פּשוט געצעהלט די טעג וואָס האָבען גע־מוזט פֿאַרבייגעהען ביז צו יענעם הערליכען טאָג. בלויז איינמאָהל האָב איך געהאַט אַ שרעקליכע ענטוישונג. אַלעקסאַנדער איז דורכגעפֿאַלען ביים עקזאַמען און איז געבליבען אויף נאָך אַ יאָהר אין דעם זעלבען קלאַס. ער איז, דעם אמת זאָגענדיג, געווען צו יונג אַריינגענומען צו ווערען אין די העכערע קלאַסען. אבער דער פֿאָטער איז געווען שטאַרק אין כעס אויף איהם און האָט אונז פֿאַרבאָטען זיך צו זעהען איינער מיט'ן אַנדערען. איך האָב ביי איהם געבעטען ערלויבניס צו געהען צו דער טאַנטע סולימאַ אום דאָרטען זיך צוזאַמענקומען מיט אַלעקסאַנדער'ן, אָבער ער האָט מיר שטרענג ענטזאַגט. נאָך דעם פֿאָטערס צווייטער חתונה, האָבען מיר קיינ־מאָהל ניט געטאָרט זעהען די מוטערס משפחה.

יענעם פֿריהלינג איז אונזער מאָסקווער הויז געווען פֿול מיט געסט. יעדע נאַכט איז דער זאַל געווען העל בעלויכטען, די קאַפּעלע האָט גע־

שפּיעלט, דער צוקערניק איז געווען פֿאַריאַכמעט, מאַכענדיג אייז־קרים און קובענס און די קאָרטען־טישלעך זיינען געווען אין פֿולען גאַנג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. איך האָב נעבעך אַרומגעבלאָנדזעט אין די ברילִיאַנטענע זאַלען צוועקלאָז און האָב מיך געפֿיהלט אומעטיג.

אַיין מאָהל, ביי נאַכט, האָט צו מיר אַ בעדיענער אַ וואונק געטאָהן אַרויס צו געהען אין קאָרידאָר. איך בין אַרויס. „קום גיך אין קוטשערס כאַטקע אריין", האָט מיר פּראָל איינגערוימט אין אויער אַריין. „אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש איז דאָ."

איך בין דורכגעלאָפּען דעם הויף, בין אַרויף אויף די טרעפּען, אַריין אין אַ ברייטען, האַלב פֿינסטערען חדר און ביי דעם גרויסען שפּייז־טיש פֿון די דיענער, האָב איך דערזעהען אַלעקסאַנדער׳ן.

„סאַשאַ, טהייערער, ווי אַזוי ביזטו געקומען?" און אין איין רגע זיינען מיר געלעגען איינער אויפ׳ן אַנדערענס האַלז, פֿעסט אַרומגענומען און אָהן לשון פֿון גליקליכער אויפֿרעגונג.

„שאַ, ששש! זיי קענען נאָך דערהערען" האָט אַ זאָג געטאָהן די קובאַרקע פּאַראַסקאָוויאַ, אָבווישענדיג איהרע טרערען מיט׳ן ברעג פֿאַרטוך׳ „אָרימע יתומים! ווען אייער מוטער וואָלט נאָך געלעבט"—

דער אַלטער פּראָל איז געשטאַנען מיט אַ אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ, מיט פֿולע אויגען.

„העך נור פעטיאַ, ניט אַ וואָרט קיינעם ניט!" האָט ער אויסגערופֿען און דערווייל האָט פּראַסקאָוויאַ דערלאַנגט אַ טאָפּ קאַשע צום טיש פֿאַר אַלעקסאַנדער׳ן.

בליהענדיג פֿון געזונדקייט, אין זיין קאַדעטען יוניפֿאָרם, האָט ער גלייך אָנגעהויבען ריידען מכח פֿערשיעדענע פֿראַגען, ניט פֿאַרגעסענדיג דערווייל אויסצולייידיגען גאָר די קאַשע פֿון ערדענעם טאָפּ. קוים מיט צרות האָב איך פֿון איהם ארויסגעקראָגען ווי אַזוי עס איז איהם געלונגען אַהער צו קומען אַזוי שפּעט אין דער נאַכט. מיר האָבען דאַן געוואוינט אויפ׳ן סמאָלענסקי בולוואַר און דער קאָרפּוס איז געווען גוטע פֿינף מייל וויים פֿון אונז.

ער האָט פֿון בעט־געוואַנד געמאַכט אַ גרויסען „מענשען" און האָט איהם אַוועקגעלייגט אין בעט אַריין, אונטער די קאָלדרעס. דאַן איז ער אַוועק צום טויער, איז אַראָפּ דורך אַ פֿענסטער, איז אַרויס אונבעמערקט און איז דעם גאַנצען מהלך צו פֿוס געגאַנגען.

„און דו האָסט ניט מורא געהאַט איינער אליין ביינאַכט אין די וויסטע פֿעלדער אַרום מאָסקווע?" האָב איך אַ פֿרעג געטאָהן.

„וואָס איז דאָ וואָס מורא צו האָבען? נור וואָס הינד זיינען מיך באַפֿאהלען מחנות־וויז. איך האָב זיי אַליין אָנגערייצט. מאָרגען וועל איך שוין מיטנעהמען דעם שווערד מיט זיך."

דער קוטשער און אַנדערע דינער זיינען אַריין און אַרויס. יעדער האָט אַ זיפֿץ געטאָהן, קוקענדיג אויף אונז, האָט זיך אַוועקגעזעצט פֿון דער ווייטענס, אַרום די ווענד, זיך שושקענדיג איינער מיט'ן אַנדערען, אַזוי אַז זייער ריידען זאָל אונז ניט שטערען, בשעת מירביידע זיינען זיך געזעסען ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין, ריידענדיג מכח די נעבעל־שטערען אין לאַפּלאַסעס היפּאָטהעזע, מכח דעם געבוי פֿון שטאָף, דעם קאַמפּף צווישען פּאַפּסטענטהום אונטער באָניפֿאַץ דעם אַכטען און דער קייזערליכער מאַכט און אַזוי ווייטער.

פֿון צייט צו צייט פֿלעגט איינער פֿון די דינערס געשווינד אַריינלויפֿען און אַ זאָג טאָהן צו מיר, „פּעטינקאַ, געה אויף אַ רגע'לע אַרויס אין קאָרידאָר, זיי קענען זיך נאָך אַ פֿרעג טאָהן אויף דיר."

איך האָב געבעטען סאַשאַ'ן ער זאָל מאָרגען קומען — און מיטנעהמען זיין שווערד זיינעם, מחמת ער האָט געמוזט דורכמאַכען אַ שווערע מלחמה מיט די בייזע הינד. אַזוי ווי אַ פֿייל פֿון בויגען בין איך געלאָפֿען אין קוטשערס הויז, ווען מ'האָט מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ער איז דאָ און נאָך פֿריהער ווי פֿאָריגען אָוועגד. אַ שטיקעל מהלך איז ער געפֿאָרען מיט אַן איזוואָזטשיק. מיט אַ נאַכט בעפֿאָר האָט איהם אַ בעדיענער אונזערער אַוועקגעטראָגען דאָס גאַנצע קליין געלד, וואָס די קאָרטען שפּיעלער האָבען צוגעוואָרפֿען. אַלעקסאַנדער האָט גענומען עטליכע קאָפּיקעס אויף אַן איזוואָזטשיק און איז דעריבער געקומען פֿריהער.

ער האָט געוואָלט קומען די נעקסטע נאַכט אויך, אבער איבער געוויסע אורזאַכען וואָלט עס געווען צו ריזיקאַליש פֿאַר די דיענער און מיר האָבען זיך געזעגענט ביז צום נעקסטען הערבסט.

אַ קורצער „אָפֿיציעלער" בריוועל האָט מיר אויף מאָרגען מודיע געווען, אַז זיינע ביינאַכטיגע וויזיטען זיינען אַריבער בשלום. ווי פֿורכטבאַר וואָלט געווען די בעשטראָפֿונג, ווען מ'וואָלט זיי אויסגעפֿונען! ס'איז שרעקליך אפילו צו טראַכטען דעריבער, שמייסען פֿאַר'ן גאַנצען קאָרפּוס ביז מ'וואָלט איהם אוועקגעטראָגען אין אַן אונבאַוואוסטען צושטאַנד, אין אַ ליילעך און דאַן פֿאַרשיקען אין אַ באַטאַליאָן פֿון סאָלדאַטסקע זיהן—אַלעס וואַר מעגליך אין יענע צייטען.

וואָס די בעדיענער וואָלטען געליטען דערפֿאַר, וואָס זיי האָבען אונז בעהאַלטען אויב דער פֿאָטער וואָלט זיך דערוואוסט, איז אויך שרעק־

ליך. אבער זיי האָבען געוואוסט ווי צו האַלטען מויל און ניט צו פּער־
ראַטהען איינער דעם צווייטען. אַלע האָבען זיי געוואוסט פון אַלעקסאַנ־
דערס וויזיטען, אבער קיינער פון זיי האָט ניט דערמאהנט אַ וואָרט וועגען
דעם. דער סוד איז געבליבען צווישען זיי און מיר—מעהר האָט קיין נפש
אין גאנצען הויזגעזינד פון דעם ניט געוואוסט.

4.

דעם זעלבען יאָהר האָב איך געמאכט דעם אָנהויב אַלס אַ פאָרשער פון
פאָלקס לעבען. דיעזע אַרבייט האָט מיך געבראַכט מיט אַ טריט נעהנ־
טער צום מוזשיק. איך האָב אָנגעהויבען אויף איהם צו קוקען מיט אַנדערע
אויגען. און אין סיביר האָט דאָס מיר שפּעטער פיעל געהאָלפען.

יעדען יאָהר, אין יולי, אין דעם טאָג „פון דער הייליגער יונגפרוי
פון קאַזאַן" איז געמאַכט געוואָרען אַ גרויסער יריד אין ניקאָלסקאָיע. סוח־
רים זיינען געקומען פון אַלערליי אַרומיגע שטעטלעך און טויזענדער מוזשי־
קעס זיינען זיך צוזאַמענגעפאָהרען פון דרייסיג מייל אַרום. אונזער דאָרף
האָט געקאָכט מיט לעבען. אקסאַקאָוו האָט דאָס יאָהר געהאַט ארויסגע־
געבען אַ מערקווירדיגע בעשרייבונג פון די דאָרפס־ירידים פון זיד רוסלאנד
און מיין ברודער, וועלכער איז דאַמאָלס געווען פאַרקאָכט אין דער פּאָלי־
טישער עקאָנאָמיע, האָט מיר געשריעבען איך זאָל מאַכען אַ סטאַטיסטישע
בעשרייבונג פון אונזער יריד אום אויסצוגעפונען וויפיעל סחורות עס ווערען
ארייגעפיהרט און פאַרקויפט.

איך האָב אָנגענומען דיעזע עצה און צו מיין גרויסער ערשטוינונג
איז עס מיר ווירקליך געלונגען. מיין אָבשאַצונג איז געווען פונקט אזוי
גענוי ווי פיעלע עהנליכע שאַצונגען אין סטאַטיסטישע ביכער.

אונזער יריד האָט געדויערט איבער א מעת לעת. גלייך אין אַבענד
איז דער אָפענער מאַרק פון׳ם יריד געווען פול מיט לעבען. לאַנגע שורות
מיט פּאַלאַטקעס, וואו מ׳ האָט אויסגעלעגט ציץ, טאַשמעס און פערשידענע
בגדים פאַר פויערטעס זיינען אויף גיך אויפגעשטעלט געוואָרען. די אכסניא
איז אויף גיך אויסגעמעבלירט געוואָרען מיט טישען, שטולען און בענק און
געלע זאַמד איז אויסגעשאָטען געוואָרען אויף דער פאָדלאָגע. דריי שענקען
זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען און פריש אבגעשניטענע בעזימער צוגעבונ־
דען צו הויכע דרענגלעך, האָבען זיך געלאָזען זעהען הויך אין דער לופט
אום צו צוציהען מוזשיקעס פון וויט אַרום. רייהען און רייהען פון קליינע
פּאַלאַטקעס מיט געשיר, שטיוועל, טעפּ, האַניג, לעקאַך און אַלע מיני קליי־

ניגקייטען האָבען זיך באַוויזען אַזוי ווי שוועמלאַך נאָך אַ רעגען. וועהרענד אין אַ בעזונדערן ווינקעל פֿון מאַרק זיינען אויסגעגראָבען געוואָרען טיעפֿע גריבער פֿאַר גרויסע קעסלען, אין וועלכע עס זיינען אָבגעקאָכט געוואָרען בושעלס הירזש, גרעטשיכע און גאַנצע שעפּסען אום צו באַזאָרגען די טויזענדע געסט מיט הייסע באָרשטש און קאַשע.

נאָך מיטאַג זיינען די פֿיער וועגען, וועלכע האָבען געפֿיהרט צום יאָהר־מאַרק, געווען געפּאַקט מיט הונדערטע פֿאָוואָזקעס און גאַנצע בערג ליימענע טעפּ, פֿעסלאַך סמאָלע, תבואה און בהמות זיינען אויסגעשטעלט געוואָרען אויף ביידע זייטען וועג.

אין אַבענד פֿון דעם יום טוב האָט מען אין אונזער קירכע מתפלל געווען מיט גרויס התלהבות.

אַ האַלב דוצען גלחים און אַנדערע כלי קודש פֿון די ארומיגע דערפֿער האָבען אַנטהייל גענומען. און ז י י ע ר ע ז י נ ג ע ר, אונטערגעהאָלפֿען פֿון יונגע קופּצעס, האָבען געזונגען הערליכע תפילות, וועלכע מען האָט נור געקענט הערען ביי׳ן קאַלוגער בישאָף. די קירכע איז געווען געפּאַקט. אַלע האָבען גערעוועט מיט גרויס כונה. די קופּצעס האָבען קאָנקורירט איינער מיט׳ן אַנדערען מיט די צאָהל ליכט, וועלכע זיי האָבען אָנגעצונדען פֿאַר די איקאָנעס, אַלס קרבן צו די הייליגע אום צו האָבען אַן ערפֿאָלג אויפֿ׳ן יריד. די מאַסע איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַ סך האָבען ניט געקענט צוקומען צום אַלטאַר. פֿערשידענע ליכט־ דיקע און דינע, ווייסע און געלע, יע נאָך דער רייכקייט פֿון מנדב—זיינען אָבגעגעבען געוואָרען מיט שטילע תפילות „צו דער הייליגער יונגפֿרוי פֿון קאַזאַן, אונזער באַשיצערין", „צו ניקאָלאַי דעם באַליבטען", „צו פֿראָל אין לאַווער" די פֿערד־הייליגע—דאָס וואַר פֿון די, וועלכע האָבען געהאַט צו פֿאַרקויפֿען פֿערד), אדער כתם „צו די הייליגע" אָהן ספּעציעלע נעמען.

קוים האָבען זיך געענדיגט די נאַכט תפילות, האָט זיך גלייך אָנגעהויבען „ערב יריד" און האָב מיך געמוזט אַריינוואַרפֿען מיט לייב און לעבען אין מיין אַרבייט אַריין, אויספֿרעגענדיג הונדערטער מענשען וויפֿיעל זייערע סחורות זיינען ווערטה. איך האָב מיך אַליין געוואונדערט ווי גלאַט אַלעס איז געגאַנגען. נאַטירליך, האָט מען מיך אויך געפֿרעגט „צו וואָס טהוט איהר עס? איז עס ניט פֿאַרן אַלטען פּרינץ, וועלכער וויל פֿאַרגרעסערען די מאַרק צינזען?" אבער קוים האָב איך זיי פֿאַרזיכערט אַז דער אַלטער פּרינץ ווייס גאָר ניט דערפֿון און וועט אויך ניט וויסען (ער וואָלט דאָס געהאַלטען פֿאַר אַן אונאַנשטענדיגע אַרבייט) איז ווידער אַלץ צוגעגאַנגען כשורה. איך האָב באַלד געכאַפּט דעם ריכטיגען גאַנג ווי צו שטעלען

די פֿראַגען און נאָכדעם ווי איך האָב אויסגעטרונקען אַ האַלב דוצען גלעזער טהעע אין קרעטשמע מיט עטליכע קופּצעס (אָה, שרעקליך, ווען דער אַלטער וואָלט עס געוועזן דערהערען!) איז אַלעס געגאַנגען ווי געשמירט. וואַסילי איוואַנאָף, דער פֿאָרשטעהער פֿון ניקאָלסקאָיע, אַ שעהנער יונגער מוזשיק, מיט אַ פֿיינעם אינטיליגענטען פּנים און אַ בלאָנד זיידענער באָרד, האָט זיך גענומען פֿאַראינטערעסירען מיט מיין אַרבייט. „נו, אויב דו ברויכסט דאָס צו דיין בילדונג, נעהם זיך דערצו. שפּעטער וועסטו אונז דערציילען וואָס דו האָסט אויסגעפֿונען." דאָס וואַר זיין שלום און ער האָט געזאָגט די מוזשיקעס אַז עס איז „אָלל ראַיט."

בקצור, די אימפּאָרטירטע סחורה איז זעהר גענוי געשאַצט געוואָרען. אבער אויף מאָרגען האָט דער פֿערקויף מיר געגעבען מאַנכע שוועריגקייטען, הויפּטזעכליך מיט די שניט סוחרים, וועלכע האָבען נאָך אַליין ניט געוואוסט וויפֿיעל זיי האָבען פֿערקויפֿט. די יונגע פּויערטעס האָבען פּשוט געשטורמט די קראָמען. ווען איינע האָט געהאַט פֿאַרקויפֿט אַ שטיקעל לייוועגד פֿון איהר אייגענע מלאכה, איז זי באַלד געלאָפֿען קויפֿען אַ שטיקעל ציצענע סחורה, אָדער אַ רויטע קאָפּטיכעל פֿאַר זיך, אַ קאָלירטע פֿאַטשיילקע פֿאַר'ן מאַן, א שטיקעל טול, אָדער באַנד און עטליכע קליינע מתנות פֿאַר דער באָבען, דעם זיידען און די קינדער וואָס זיינען געבליבען אין דער היים. די מוזשיקעס וואָס האָבען פֿאַרקויפֿט געשיר, האָניג לעקעך, בהמות אדער פֿלאַקס, האָבען גלייך געוואוסט וויפֿיעל זיי האָבען פֿאַרקויפֿט, בעזאָנדערס די אַלטע ווייבער. „אַ גוטער יריד, באַבושקאַ?" גיב איך אַ פֿרעג. „נישט קשה, מיין קינד. צו וואָס זינדיגען! אַלץ איז כמעט אויספֿערקויפֿט." און פֿון זייערע קליינע איננאַהמען איז אין מיין ביכעל אויסגעוואַקסען צעהנדליגער טויזענדער רובעל. בלויז איין פּונקט איז געבליבען אונבעשטימט. א גרויסער פּלאַץ איז אבגעגעבען געוואָרען פֿאַר הונדערטער פּויערטעס, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דער ברענענדער זון מיט שטיקלעך אייגען-געוועבטע לייוועגד, מאַנכעסמאָהל זעהר פֿיינע, וועלכע זיי האָבען געבראַכט צו פֿאַרקויפֿען. מאַסען קונים, מיט ציגיינערשע פּנים'ער און גנב'ישע אויגען, זיינען ארומגעגאַנגען אין מאַרק און האָבען געקויפֿט. פֿון דיעזע האָב איך קיין נענויען חשבון ניט געקענט דערגעהען.

איך האָב דאַמאָלס זעהר וועניג נאַכגעדענקט וועגען דיעזע נייע ערפֿאַהרונג מיינע. איך האָב מיך פּשוט געפֿיהלט גליקליך מיט מיין ערפֿאָלג. אבער דער ערנסטער געזונטער שכל פֿון דעם רוסישען מוזשיק, וועלכען איך האָב באַמערקט אין יענע עטליכע טעג, האָט אויף מיר געלאָזען אַן אייביגען איינדרוק. שפּעטער, ווען מיר האָבען פֿאַרשפּרייט סאָצי-

אַליסטישע אידעען „אין פֿאָלק“, האָב איך מיך ניט געקענט אבוואונדערען, פֿאַרוואָס מאַנכע פֿון מיינע קאמעראַדען, וועלכע האָבען, דאַכט זיך, געהאַט אַ פֿיעל מעהר דעמאָקראַטישע ערציהונג, ווי איך, האָבען ניט געוואוסט ווי אַזוי צו רײדען צו די מוזשיקעס, אדער צו פֿאַבריק־אַרבייטער. זיי האָבען געפּריוווט נאָכמאַכען דעם מוזשיק׳ס לשון, געברויכענדיג אַ מאַסע „פּאָפּור־לערע פֿראַזען“, אבער דערמיט האָבען זיי נאָך ערגער געמאַכט. דער מוזשיק האָט זיי פּשוט ניט פֿאַרשטאַנען.

מ׳ברויך דאָס גאָר ניט, ניט אין ריידען צו פּויערים און ניט אין שרייבען פֿאַר זיי. דער מוזשיק פֿון וועליקאָראָסיע פֿאַרשטעהט דעם געבילדעטענ׳ס שפּראַך אויסגעצייכענט גוט, אַזוי לאַנג ווי ער געברויכט ניט קיין פֿרעמדע ווערטער. וואָס דער פּויער פֿאַרשטעהט ניט, איז אַבסטראַקטע אידעען, וועלכע ווערען ניט ערקלעהרט דורך איינפֿאַכע ביישפּיעלע. מיין ערפֿאַהרונג איז, אַז ווען איהר רעדט צום רוסישען מוזשיק איינפֿאַך, אָנהייבענדיג פֿון לעבעדיגע פֿאַקטען—און דאָס נעמליכע איז מיט די דאָרפֿס־לייט פֿון אַלע אומות,—גיבט עס ניט קיין אַלגעמיינער געדאַנקען אין דער גאַנצער וועלט פֿון וויסענשאַפֿט, סאָציאַלע און נאַטור־וויסענשאַפֿט, וועלכע מ׳זאָל ניט קענען געבען צו פֿאַרשטעהען דעם דורכשניטליכען אינטיליגענטען מענשען, אַזוי לאַנג ווי איהר אליין פֿאַרשטעהט עס גרינדליך. דער הויפּט חלוק צווישען דעם אינטיליגענטען און ניט אינטיליגענטען מענשען, שיינט מיר, איז דאָס, וואָס דער פּראָסטער מענש קען ניט נאָכפֿאָלגען די גאַנצע רייהע שליסע. ער בעגרייפֿט דעם ערשטען שלוס און אפשר אויך דעם צווייטען, אבער ער ווערט מיעד ביי׳ן דריטען, ווען ער כאַפּט זיך ניט גלייך, צו וואָס אייער אַרגומענט פֿיהרט. אבער ווי אָפֿט בעגעגנען מיר די זעלבע שוועריגקייט אויך ביי אינטיליגענטע מענשען?

נאָך איין איינדרוק האָב איך געקראָגען פֿון יענער אַרבייט פֿון מיין יוגענד, אַן איינדרוק, וועלכען איך האָב דאַמאָלס ניט פֿאָרמולירט און וועלכער וועט פֿיליכט פֿיעלע ערשטוינען. און דאָס איז, נעמליך, דער גייסט פֿון גלייכהייט, וועלכער איז שטאַרק ענטוויקעלט אין רוסישען מוזשיק און, אין פֿאַקט, אין דער דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג אין אַלע לענדער. דער מוזשיק איז פֿעהיג צו זיין קנעכטזועליג אונטערוואָרפֿען צום לענדלאָרד און צום זשאַנדאַרם. ער וועט שקלאַפֿיש אָנבויגען דעם קאָפּ פֿאַר זיי. אבער ער האַלט זיי ניט פֿאַר העכערע מענשען און ווען דערזועלבער בעל הבית אָדער זשאַנדאַרם, זאָלען אין דער רגע אָנהויבען מיט איהם שמועסען מכח היי אָדער קאַטשקעס, רעדט שוין דערזועלבער מוזשיק, ווי מיט זיינס גלייכען. איך האָב קיינמאָהל ניט געזעהען אין דעם רוסישען פּויער די אונ־

טערטהעניגקייט, וועלכע איז אַ צווייטע נאַטור ביי׳ן קליינעם טשינאָווניק, ווען ער רעדט מיט אַ העכעריען בעאַמטען, אָדער ביין דיענער, ווען ער שטעהט פאַר׳ן בעל הבית. דער מושיק וואַרפט זיך לייכט אונטער אונטער דעם שטאַרקערען, אבער ער בוקט זיך צו איהם קיינמאָהל ניט ווי צו עטוואָס הייליגעס אדער העכערעס.

פון ניקאָלסקאָיע בין איך דאַמאָלס צוריקגעקומען קיין מאָסקווע אויף אַ נייַ־מאָדנעם אופן. אַזוי ווי קיין באַהן איז נאָך דאַן דאָרט ניט געווען, האָט אַ בעל עגלה, מיט׳ן נאָמען בוק געפיהרט די פּאַססאַזשירען אין ביידלעך, אונזערע האָבען נאַטירליך ניט געהאַט בדעה צו פאָהרען מיט דיזען בעל עגלה. זיי האָבען זיך געהאַט בדעה צו פאָהרען מיט אַביידעל אַהיים כדי צו שפּאָרען דער שטיף־מאַמען אַן עקסטראַ נסיעה, האָב איך מיט פערגעניגען דאָס אָנגענומען.

אַן אלטע, פעטע קופּטשיכע און איך זעלבסט פון הינטען און אַ קרעמער פון פאָרענט—דאָס וואַרען אַלע פּאַרשוינען פון ביידעל. מיר איז די רייזע זעהר געפעלען געווען,—קודם כל מחמות איך בין מיר געפאָהרען איינער אַליין (איך בין נאָך ניט אַלט געווען קיין זעכצעהן יאָהר) און דאַן ווידער האָט מיר די אַלטע געשטאָפּט מיט די בעסטע מאכלים פון איהר געוואַלדיג גרויסען קויבער. דאָס וואר אַ הערליכע יאַזדאַ. ספּעציעל איז מיר געבליבען איין געוויסער אבענד פריש אין מיין זכרון ביז אויף היינטיגען טאָג. מיר זיינען אָנגעקומען אין איינעם פון די גרויסע דערפער און האָבען זיך אָבגעשטעלט ביי אַ קרעטשמע. די אַלטע האָט זיך געהייסען דערלאַנגען דעם סאַמאָוואַר און איך בין מיר אַרויס דרויסען אַרומקוקען די געגענד. איין קליינע „ווייסע קרעטשמע", וואו מ׳קריגט בלויז צו עסען און קיין געטרענקע, האָט זיך מיר געוואָרפען אין די אויגען און איך בין דאָרט אַריין. אַ סך מושיקעס זיינען דאָרט געזעסען אַרום קליינע טישלעך געדעקט מיט ווייסע סערוועטקעס און האָבען זיך געמיטליך געטרונקען טהעע. איך האָב גלייך געפאָלגט זייער ביישפּיעל.

אַלץ איז דאָרט געווען ניי פאַר מיר. דאָס וואַר אַ דאָרף פון „קאַזיאָנע מושיקעס", דאָס הייסט, אַזעלכע, וואָס זיינען קיין קנעכט ניט געווען און זיינען געווען ניט שלעכט אָב, וואַהרשיינליך דאַרום, ווייל זיי האָבען זיך באַשעפטיגט מיט לייוונט־וועבעריי. לאַנגזאַמע ערנסטע געשפּרעכען און אַ לאַבעריי פון צייט צו צייט, האָבען זיך געהערט ביי די טישלעך און נאָך די געוועהנליכע פראַגען, האָב איך זיך גלייך אַריינגעלאָזען אין אַן ערנסטען שמועס מיט אַ דוצען מושיקעס מכוח דעם אוראָזשאַי אין אונזער געגענד און האָב געמוזט ענטפערען אַלעריי פראַגען זייערע. זיי האָבען

געוואָלט וויסען אלעס מעגליכע פֿון פעטערסבורג און בעזאָנדערס, וואָס עס הערט זיך מכוח דעם פּלאַן אָבצושאַפֿען פאַנשטשיזנע. אין יענער אכסניה האָט מיך דורכגענומען אַ מאָדנער וואַרעמער געפיהל פֿון הערצליכע גוט־מוטיגקייט, איינפֿאַכקייט און אַ נאַטירליכע שייכות פֿון גלייכהייט. אַזוי האָב איך נאַכהער תמיד געפֿיהלט בעת איך פֿלעג קומען צווישען מוזשיקעס אָדער ווען מיר איז אויסגעקומען צו פֿאַרברייגגען אין זייערע כאַטעס. דאַכט זיך, אין יענער נאַכט האָט אייגענטליך קיין שום אונגעוועהנליכע סבה ניט פּאַסירט; און דאָך יענע פֿינסטערע וואַרעמע נאַכט אינ'ם דאָרף, יענע קליינע קרעטשמע, יענער שמועס מיט די מוזשיקעס און די שאַרפֿע אינ־טערעסע וואָס זיי האָבען גענומען אין הונדערטער ענינים וועלכע זיינען געווען וועיט פֿון זייערע געוועהנליכע צושטענדע, האָבען געמאַכט די אָרעמע וויסע קרעטשמעלע פֿיעל מעהר אַנציהענד פֿאַר מיר פֿון דאַמאָלס אָן, ווי דער בעסטער רעסטאָראַנט אין דער וועלט.

ה.

שטורמיגע צייטען זיינען איצט געקומען אין דעם לעבען פֿון אונזער קאָר־פּוס. ווען זשיראַרדאָ איז אַוועק, איז אויף זיין פּלאַץ אָנגעקומען איינער פֿון אונזערע אָפיצירען, קאַפּיטאַן ב—. פֿון נאַטור איז ער אפילו ניט געווען קיין שלעכטער, אבער ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אריין די פֿיקסע אידעע, אַז מיר געבען איהם ניט אָפּ גענוג כבוד, אַז פֿאַר אַ מענשען מיט אַזאַ טשין ווי זיינער, מוז מען האָבען פֿיעל מעהר דרך ארץ, א.ז.וו. ער האָט זיך אָנגעהויבען אַרומקריגען מיט דעם העכסטען קלאַס איבער די מינדעסטע קלייניגקייט און—וואָס, נאָך אונזער מיינונג איז געווען נאָך ערגער—ער האָט אָנגעהויבען צו פֿאַרניכטען אונזערע פּריווי־לעגיעס, וועלכע זיינען געווען „אַזוי אַלט ווי די צייט זעלבסט", און וועלכע זיינען ביי אונז געווען זעהר טהייער, אפשר טאַקי דערפֿאַר אַליין וואָס זיי וואַרען אונבעדייטענד.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז עטליכע טעג לאַנג איז די גאַנצע שולע געווען אין אַ אָפֿענעם בונט, וועלכער האָט זיך געענדיגט דערמיט וואָס מי האָט אונז אַלעמען בעשטראָפֿט, און צוויי פֿון אינזערע בעליעבטע קאַמער־פּאַזשען אין גאַנצען אויסגעוויזען.

דאַן האָט דערזעלבער קאַפּיטאַן אָנגעהויבען אַריינצודרינגען אין אונזער קלאַס צימער אַריין, בשעת מיר פֿלעגען פֿאַרפֿאַרטיגען אונזערע לעקציעס בעפֿאָר די קלאַסען האָבען זיך געעפֿענט. מיר זיינען אַזוי תמיד

געווען אונטער דער השגחה פֿון די לעהרער און האָבען זיך געשעצט גליקליך וואָס לכל הפּחות אין יענע שטונדען האָבען אונז די מיליטערישע בעאַמטע צו־רוה געלאָזען. מיר האָבען געגען דעם קאַפּיטאַן שטאַרק פּראָטעסטירט און איין מאָהל האָב איך דיזע אונצופֿרידענהייט אויסגעדריקט בפרהסיא און האָב געזאָגט דעם קאַפּיטאַן, אַז דאָס בעלאַנגט צום א נספּעקטאָר, ניט צו איהם. וואָכענלאַנג בין איך פֿאַר די חוצפּה געזעסען אין קאַרצער און מי וואָלט מיך אודאי געווען אין גאַנצען ארויסגעוואָרפֿען פֿון קאָרפּוס, ווען ניט דער אינספּעקטאָר און דער אַלטער דירעקטאָר אַליין, וועלכע האָבען געאורטהיילט אַז נאָך אַלעם האָב איך נור געזאָגט הויך דאָס, וואָס אַלע האָבען שוין לאַנג צווישען זיך געמורמעלט.

קוים זיינען מיר פּטור געוואָרען פֿון די צרות, האָט זיך ווידער אריינגעמישט דער טויט פֿון ניקאָלאַי דעם ערשטענס אלמנה און אונזער שטודיום איז ווידער געבליבען אין מיטען.

די קבורה פֿון געקרוינטע קעפּ ווערט תמיד אזוי אַראַנזשירט, אַז זי זאָל מאַכען אַ טיפֿען איינדרוק אויפֿ׳ן פֿאָלק. דער קייזערינס גוף איז געבראַכט געוואָרען פֿון צאַרסקאָיע סעלאָ, וואו זי איז געשטאָרבען קיין פּעטערסבורג און דאָ, בעגלייט פֿון דער קייזערליכער פֿאַמיליע, פֿון די העכסטע יחסנים פֿון דער אימפּעריע און די צעהנדליגע טויזענדער טשינאָווניקעס און געזעלשאַפֿטען, מיט הונדערטע גלחים און כאָרען פֿאָראויס, האָט מען די מיטה געטראָגען פֿון וואָגזאַל דורך די הויפּט גאַסען פֿון שטאָדט. ביז מען איז צו צום פּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט און דאָ איז ערשט דער בר מנן געלעגען ענטפלעקט עטליכע וואָכען. הונדערט טויזענד גוואַרדייצעס זיינען צושטעלט געוואָרען אין די גאַסען און מאַסען מענשען, אָנגעטאָהן אין רייכסטע יום טוב׳דיגע אוניפֿאָרמען זיינען געגאַנגען בעפֿאָר און נאָך דעם ארון אין טרויעריגע פּראָצעסיעס.

תפילות זיינען געזונגען געוואָ־ען אין יעדען וויכטיגען ווינקעל און די טרויעריגע גלאָקען, די שטימען פֿון די אונגעהייערע כאָרען און די מוזיק פֿון די מיליטערישע קאַפּעלעס, האָבען זיך אַלע פֿעראייניגט אין איין טיעף איינדרוקספֿאָלען טרויער מאַרש, כדי דאָס פֿאָלק זאָל אין אמת׳ן מיינען אז די גאַנצע שטאָדט וויינט אויף דעם טויט פֿון דער קייזערין.

אַזוי לאַנג ווי דער גוף איז געלעגען אויף דער ביהנע פֿון קרעפּאָסט האָבען אויך די פּאַזשען איהם געמוזט היטען אי ביי טאָג און ביי נאַכט. דריי קאַמער־פּאַזשען און דריי הויף־דאַמען זיינען שטענדיג געשטאַנען נאָהענט ביי דער טרונע, וועלכע איז געווען אויפֿגעשטעלט אויף אַ הויכען פּיעדעסטאַל און אַ צוואַנציג פּאַזשען זיינען געשטאַנען אויף דער פּלאַטפֿאָרמע, וואו

הייליגע תפילות זיינען געזונגען געוואָרען צוויי מאָהל אין טאָג, בעת דער קייזער און זיין גאַנצע פאַמיליע זיינען געווען דערביי.

אַזוי אַרום איז אויסגעקומען, אַז יעדע וואָך האָט מען פאַרנומען כמעט אַ האַלבען קאָרפּוס אין שלאָס אַריין, דאָרט צו וואוינען. אַלע צוויי שטונדען האָט מען זיך געביטען און ביי טאָג איז אונזער עבודה ניט געווען קיין שווערע. אבער ווען מיר האָבען געמוזט אויפשטיין אין מיטען נאַכט, זיך אָנטאָהן אין די יוניפאָרמס און דאַן מאַרשירען דורך די פינסטערע און אומעדיגע קאָרידאָרען פון דער קרעפּאָסט צו דער קאַטהעדראַל, צום קלאַנג פון די מעלאַנכאָלישע גלאָקען פון שלאָס, פלעגט מיך דורכנעהמען אַ קאַלטער שוידער, בעת איך פלעג אַ טראַכט טאָהן פון די אַרעסטאַנטען, וועלכע ליגען איינגעמויערט ערגעץ־וואו אין דיזען רוסישען באַסטיל. „ווער וויים", האָב איך געטראַכט, צו עס וועט אמאָהל אויך מיר אַליין ניט אויס־פאַלען דער בייזער גורל מיט זיי פעראייניגט צו ווערען.

די לויה איז ניט דורך אָהן אַ סבה, וועלכע וואָלט זיך געקענט ענ־דיגען זייער טרויעריג. אן אונגעהויערע גרויסע חופה איז אויפגעשטעלט געוואָרען אונטער דעם געוועלב פון דער קאַטהעדראַל, איבער די טרונע. אַ גרויסע געגילטע קרוין האָט זיך ערהויבען איבער איהר און פון דיזער קרוין איז אַרונטערגעהאַנגען אַ קאָלאָסאַלער פורפור מאַנטעל ביז צו די פיער דיקע זיילען וואָס שפּאַרען אונטער די געביידע. עס וואַר איינדרוקס־פאָל, אָבער מיר, וויסע חברה'ניקעס, האָבען גלייך אויסגעפונען, אז די קרוין איז געווען געמאַכט פון געגילטע קאַרט־פּאַפּיער און האָלץ, דער מאַנטעל איז געווען פון סאַמעט בלויז אונטען, וועהרענד אויבען איז ער געווען פון רויטע מוסלין און דער אונטערשלאַג, אַנשטאַט הערמעלין־פעל איז געווען פון פלאַנעל מיט עקלעך פון שוואַרצע וועווערקעס. דער הער־בען שילד, וועלכער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם רוסישען אַדלער, איינגעהילט אין שוואַרצע טוך, איז געווען פשוט קאַרט־פּאַפּיער. אבער די מאַסע, וועלכע מי האָט אין געוויסע שטונדען, אויף דער נאַכט, ערלויבט פאַרביי צו געהען פאַרביי דער מטה און אויף גיך אַ קוש צו טאָהן די גאָל־דענע פרינגזען וואָס האָבען זי באַדעקט, האָט נאַטירליך ניט געהאַט קיין מעגליכקייט אויסצוגעפינען די פלאַנעלע הערמעלין־פעל אָדער די פאַפּירענע הערבען און די געוואונשטע טהעאַטראַלישע ווירקונג איז געמאַכט געוואָרען אפילו דורך אזעלכע וואָלוועלע מיטלען.

ווען מי זאָגט אַ מאָליטווע אין אַ רוסישער קירכע, האַלטען אַלע אַנוועזענדע אָנגעצונדענע וואַקסענע ליכט, וועלכע ווערען אויסגעלאָשען נאַכדעם, ווי געוויסע תפילות זיינען געענדיגט. די קייזערליכע פאַמיליע

האָט אויך געהאַלטען אַזעלכע ליכט און זעהענדיג ווי אלע לעשען אויס זייערע ליכט, איבערקעהרענדיג זיי מיט'ן פֿייער אַראָב, האָט דעם גרויס־פֿירשט קאָנסטאַנטינ'ס יונגער זוהן אויך דאָסזעלבע געטאָהן. די שוואַרצע טול, וועלכע האָט אַרונטערגעהאַנגען פֿון אַ זייל אונטער איהם, האָט זיך אָנגעכאַפּט און אין איין רגע איז די גאַנצע וואַטען־מאַכעריי געווען אין פֿלאַמען, וועלכע זיינען געשטיגען העכער און העכער.

די מאָליטוועס האָבען געסטאָפּט. אלע אויגען זיינען געווען גע־ריכטעט אויף די פֿייערדיגע צונגען מיט טויט שרעק. ס'האָט אָנגעהויבען צו פֿאַלען שטיקער ברענענדע געוואַנד, און אָט־אָט צינדען זיך אָן די שוואַרצע טולענע וואואַלען פֿון די אַנוועזענדע דאַמען.

אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז געשטאַנען אַ צודולטער בלויז עט־ליכע סעקונדען, אבער ער איז גלייך צו זיך געקומען און האָט געזאָגט אין אַ רוהיגען טאָן: „נעהמט צו די טרונע!" די קאַמער־פּאַזשען האָבען זיך גלייך בעדעקט מיט די דיקע גאָלדענע פֿרענזען און מיר זיינען אַלע צוגע־גאַנגען זי אויפֿהייבען. אבער דערווייל האָט זיך דער גרויסער פֿלאַם צו־בראָכען אויף עטליכע קלענערע, וועלכע האָבען גאַנץ פּאַמעלעך אויסגע־ברענט די טולען אַרום די וואַטען און האָבען זיך פֿאַרלאָשען.

צו וואָס איך האָב מיך מעהר צוגעקוקט, ווייס איך ניט: צום קריי־בענדען פֿייער, אָדער צו די הערליכע שלאַנקע פֿיגורען פֿון די דריי דאַמען וועלכע זיינען געשטאַנען לעבען דער טרונע, פֿאַרדעקענדיג מיט זייערע זעהר לאַנגע שלעפּעס די טרעפּען פֿון דער אויבערסטער פּלאַטפֿאָרם. זייערע שוואַרצע וואואַלען האָבען אַרונטערגעהאַנגען פֿון זייערע שולטערן. ניט איינע פֿון זיי האָט זיך דעם מינדעסטען ריהר געטאָהן. זיי זיינען געשטאַ־נען ווי דריי פּרעכטיגע אויסגעטאָקטע סטאַטועו. נור אין די שוואַרצע אויגען פֿון איינע פֿון זיי, פֿריילין גאַמאַליא, האָבען טרערען געבליש־צעט ווי פּערעל. זי איז געווען אַ קינד פֿון דער אוקראַאינאַ און די איינ־ציג'עווירקליך שעהנע פֿרוי פֿון אַלע הויף־דאַמען.

אין קאָרפּוס איז אַלעס צוגעגאַנגען כאָדאָראָם. די קלאַסען וואַרען צושטערט. די יעניגע פֿון אונז, וועלכע זיינען צוריקגעקומען פֿון דער פּעטער־פּאַוולאָווסקאַיאַ, האָבען דערווייל פֿאַרנומען אַנדערע קוואַרטירען און אַזוי ווי מי האָט ניט געהאַט וואָס צו טאָהן, האָבען מיר דעם גאַנצען טאָג פֿאַרבראַכט אין שטיפֿערייען. שטיפֿענדיג, האָבען מיר געעפֿענט אַן אַלמער וועלכער האָט ענטהאַלטען אַ קאָלעקציאָן פֿון מאָדעלען פֿון פֿערשיעדענע מינים חיות פֿאַר די בעלעהרונג פֿון נאַטור געשיכטע. דאָס איז געווען דער אָפֿיציעלער צוועק, אבער מיר האָבען דאָס אין די אויגען קיינמאָל ניט

אָנגעזעהען. און איצט אַז מיר האָבען דאָס געקראָגען אין די הענד אַריין, האָבען מיר געמאַכט אַ תכלית דערפֿון. פֿון אַ מענשליכען שעדעל וואָס מיר האָבען דאָרט דערטאַפּט, האָבען מיר געמאַכט אַ פֿירכטליכע פֿי־גור, מיט וועלכע מען זאָל דערשרעקען אונזערע חברה־לייט און די אָפֿיצי־רען אין מיטען נאַכט. די געשטאָפּטע חיות גופא האָבען מיר אַוועקגע־שטעלט אין די לעבערליכסטע פּאָזיציאָנען און גרופּען: מאַנקעס האָבען גע־ריטען אויף לייבען, שעפּסען האָבען זיך געשפּיעלט מיט לעמפּערטען, אַ פֿויגעל האָט געטאַנצט מיט אַ עלעפֿאַנט, א.ז.וו. שעהן איז געווען, ווען אין עטליכע טעג אַרום, בעת אַ פּייסישער פּרינץ (איך דענק, דאָס וואַר דער, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען קייזער פֿרידריך) איז געקומען צו דער לויה פֿון דער רוסישער קייזערין, האָט בעזוכט אונזער שולע און מ׳ האָט איהם געוויזען אַלעס מיט וואָס מ׳ בילדעט אונז. דער דירעקטאָר האָט זיך שטאַרק באַריהמט מיט די פּראַכטפֿאָלע בילדונגס־מיטלען, וועלכע די שולע פֿאַרמעגט און האָט איהם צוגעפֿיהרט צו יענעם אונגליקליכען אַלמער. ווען דער דייטשער פּרינץ האָט דערלאַנגט אַ קוק אויף אונזער זאָאָלאָגישער קלאַסיפֿיקאַציאָן, איז איהם פֿינסטער געוואָרען אין די אויגען און מיט אַ וויערן פּנים האָט ער גענומען שטעלען פֿיס נאַזאַד. דער דירעקטאָר האָט אויסגעזעהען שווידערהאַפֿטיג. דער לשון איז ביי איהם אבגענומען געוואָ־רען און ער האָט שיעור ניט געקראָגען די אַפּאָפּלעקציע אויף׳ן אָרט. דעם פּירשט׳ס סוויטע האָט זיך געמאַכט גלייך ווי זי וואָלט קיין זאַך ניט באַ־מערקט, ווערענד ווייסע׳חברה׳ניקעס האָבען באַלד ניט געפּלאַצט פֿאַר גע־לעכטער, זיך איינהאַלטענדיג מיט אַלע כוחות ניט אויסצושיסען אַלע מיט אַ מאָהל.

6.

די שול יאָהרען פֿון דער רוסישער יוגענד אונטערשיידען זיך אַזוי פֿיעל פֿון די שול־יאָהרען פֿון דער איסט־אייראָפּיאישער יוגענד, אַז איך מוז מיך לענגער אָבשטעלען אויף מיין שול־לעבען.

רוסישע קינדער הייבען זיך געוועהנליך אָן צו אינטערעסירען מיט פֿיעלע סאָציאַלע, פּאָליטישע און פֿילאָזאָפֿישע פֿראַגען, אפילו ווען זיי זיינען נאָך אין גימנאַזיע אָדער אין דער מיליטער שולע. אמת, דער פּאַזשען קאָרפּוס איז געווען דער ערגסטער פּלאַץ פֿאַר אַזאַ מין ענטוויקלונג. אבער אין יענע יאָהרען פֿון אַלגעמיינע לעבהאַפֿטיגקייט, זיינען הויכע אידעען אפילו אין איהר אריינגעדרונגען, מיט שלעפּענדיג מאַנכע פֿון אונז מיט זיך. אין דער

זעלבער צייט האָבען מיר זיך ניט צוריק געהאַלטען פון אַלערליי „בענעפיט נעכט" און אַנדערע שטוטשקעס.

בעת איך בין געווען אין פיערטען קלאַס, בין איך פאַראינטערעסירט געוואָרען אין היסטאָריע און מיט דער הילפע פון נאָטיצען געשריבען וועהרענד די לעקציעס און פון פערשיעדענע ביכער, האָב איך אָנגעשריבען אַ גאַנצען קורס פון היסטאָריע פון׳ם מיטעל אלטער פאַר מיין אייגענעם געברויך. נעקסטען יאָהר, איז מיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט געלענט געוואָרען אויף דעם קאַמפף צווישען פּאַבסט באָניפאַץ דעם אַכטען און דער קייזערליכער מאַכט און עס איז געוואָרען מיין גרעסטע אַמביציע אַריינגעלאָזען צו ווערען אין דער קייזערליכער ביבליאָטעק, אום דיעזע גרויסע מחלוקה צו שטודירען.

דאס איז געווען געגען די רעגעלען פון דער לייברערי. שילער פון די קלענערע שולען זיינען אַהין ניט צוגעלאָזען געוואָרען. אבער אונזער גוטער הערר בעקער האָט אַלץ פאַרגלעט און איך בין ענדליך אריין אין קדשי־קדשים און האָב מיך אַוועקגעזעצט ביי אַ קליין לעז־טישעל אויף א רויט סאַמעטענע שטוהל, וועלכע איז דאַמאָלס געווען א טהייל פון דעם מעבעל פון׳ם לעזע צימער.

פון פאַרשיעדענע טעקסט־ביכער, מאַנכע ביכער פון אונזער אייגענע ביבליאָטהעק, בין איך שנעל דורכגעגאַנגען צו די קוועלען. ניט קענענדיג קיין לאַטיין, האָב איך פון דעסטוועגען ענדעקט א גאַנצען אוצר מיט אָריגינעלע קוועלען אין אלט דייטשע און אַלט פראַנצויזישע ביכער און איך האָב געהאַט גרויס הנאה פון דער מאָדנער צוזאַמענשטעלונג און פון די שטאַרקע אויסדריקע פון דער אַלט פראַנצויזישער שפּראַך פון יענע צייט ביכער. פאַר מיר האָט זיך געעפענט א נייע געזעלשאַפטס־געביידע און אַ גאַנצע וועלט מיט קאָמפּליצירטע פאַרהעלטניסע. פון דאַן אָן בין איך געקומען צום שלוס, אַז די אָריגינעלע היסטאָרישע קוועלען זיינען פיעל בעסער ווי די ווערק פון די היינטוועלטיגע אַלגעמיינע כללים, אין וועלכע מי פאַקט אַריין די אַבערגלויבענס פון דער מאָדערנער פּאָליטיק, אָדער גאָר בלויזע אַלגעמיינע פאָרמולעס, אַנשטאַט איבערצוגעבען דאָס אמת׳ע לעבען פון די פעריאָדע. קיין זאַך גיט ניט דער אינטילעקטועלער ענטוויקלונג אַזאַ׳ן אַנשטויס ווי אַ געוויסע אונהאַבהענגיגע נאַכפאָרשונג און דיעזע שטודיומס מיינע האָבען מיר נאַכהער זעהר פיעל געהאָלפען.

צום אומגליק האָב איך זיי געמוזט אויפגעבען, ווען איך בין אַריין אין צווייטען קלאַס (דער קלאַס פאַר׳ן לעצטען). די פּאַזשען האָבען געמוזט אויסלערנען אין די לעצטע צוויי יאָהר אַזוי פיעל, ווי אין דריי באַ־

זונדערע קלאַסען אין אַלע מיליטער שולען און מיר האָבען געהאַט אַ מאַסע אַרבייט. נאַטורוויסענשאַפֿט, מאַטהעמאַטיק און מיליטער קענטניסע האָבען, זעלבסטפֿערשטענדליך, היסטאָריע אין גאַנצען פֿאַררוקט אין אַ זייט.

אין צווייטען קלאַס האָבען מיר זיך ערנסט גענומען צו פֿיזיקע. מיר האָבען געהאַט אַ אויסגעצייכענטען לעהרער, אַ זעהער געבילדעטען. מאַן מיט אַ סאַרקאַסטישען גייסט, וועלכער האָט פֿיינט געהאַט סתם לערנען אויף אויסווייניג און האָט געשטרעבט אונז צו לערנען דענקען, ניט מיר זאָלען אויסזוברעווען פֿאַקטען. ער וואַר אַ גוטער מאַטהעמאַטיקער און ער האַט מיט אונז געלערנט פֿיזיקע אויף אַ מאַטהעמאַטישען באַזיס, אין דער זעלבער צייט ערקלערענדיג אויסגעצייכענט גוט די הויפּט אידעען פֿון פֿיזישער פֿאָרשונג און פֿיזישע אפּאַראַטען. מאַנכע פֿון זיינע פֿראַגען וואַרען אַזוי אָריגינעל און די ערקלערונגען אַזוי קלאָהר, אַז זיי האָבען זיך מיר איינגעקריצט אין מיין מוח אויף אימער און אייביג.

אונזער טעקסט בוך איבער פֿיזיקע איז ניט געוועזן קיין שלעכטער, אבער עס איז שוין געוועזן צימליך אַלט און אונזער לעהרער, וועלכער פֿלעגט געבריכען זיין אייגענע סיסטעמע אין לערנען, האָט אָנגעהויבען צו פֿאַרפֿערטיגען אַ קורץ געפֿאַסטע צוזאַמענשטעלונג פֿון זיינע לעקציעס. אין עטליכע וואָכען אַרום איז עס עפּעס אַזוי אויסגעקומען, אַז דיעזע אַרבייט איז מיר איבערגעגעבען געוואָרען און דער לעהרער, אַלס אמת'ער פּעדאַגאָג האָט מיר אַנפֿערטרויט די גאַנצע פֿערפֿאַסונג, נאָר וואָס ער פֿלעגט מגיה זיין די קאָרעקטור. ווען מיר זיינען געקומען צו קאַפּיטלעך איבער היץ, עלעקטריציטעט און מאַגנעטיזמוס, האָבען זיי געמוזט אין גאַנצען אָריגינעל געשריעבען ווערען, מיט פֿיעלע ענטוויקלונגען און דאָס האָב איך געטאָהן און האָב אַזוי אַרום פֿאַרפֿאַסט כמעט אַ פֿאָלשטענדיגען טעקסט בוך איבער פֿיזיקע, וועלכעס וואַר אָבגעדרוקט פֿאַר די שולען.

אין צווייטען קלאַס האָבען מיר אָנגעהויבען לערנען כעמיע און פֿון דעם האָבען מיר אויך געהאַט אַן אויסגעצייכענטען לעהרער,—וועלכער האָט זיין זאַך היים געליעבט און ער האָט זעלבסט געמאַכט אָריגינעלע פֿאָרשונגען אין דיעזער וויסענשאַפֿט. אין די יאָהרען 1859—61 האָט זיך אין עולם דערוועקט אַ שטאַרקער חשק צו לערנען נאַטור־וויסענשאַפֿט. גראָוו, קלאַאוזאס, זשול און סעגין האָבען באַוויזען, אַז היץ און אַלע פיזישע קרעפֿטען זיינען בלויז פֿערשידענע אַרטען בעוועגונגען. העלמהאָלץ האָט צו יענער צייט אָנגעהויבען צו מאַכען זיינע עפּאָכאַ־מאַכענדע נאַכפֿאָרשונגען וועגען קלאַנג. טינדאַל, האָט אין זיינע פּאָפּולערע לעקציעס, כמעט געמאַכט דעם צוהערער אָנטאַפּען מיט די הענד די אַטאָמען און די מאָלע־

קולען און מענדעליעיעף, לאָטהאַר מייער און ניולאַנדס, האָבען ענדעקט די פּעריאָדישע געזעץ פֿון די עלעמענטען. דאַרווין מיט זיין „אורשפּרונג פֿון מינים", האָט רעוואָלוציאָניזירט אלע ביאָלאָגישע וויסענשאַפֿטען. וועהרענד קאַרל פֿאָכט און מאַלעשאָט, נאַכפֿאָלגענדיג קלאָהד בערנאַר, האָבען געלעגט דעם פֿונדאַמענט פֿון אמת׳ער פּסיכאָלאָגיע. דאָס וואַר א צייט ווען די וויסענשאַפֿט האָט ערוואַכט און קיינע־ האָט ניט געקענט ווידערשטעהען דעם שטראָם, וועלכער האָט מיטגעשלעפּט די מוחות אין דעם קוואַל פֿון נאַטור־וויסענשאַפֿטען. מאַסען פּרעכטיגע ביכער זיינען דאַן אַרויסגעגעבען געוואָרען אין רוסישער איבערזעצונג און איך האָב גלייך פֿארשטאַנען, אַז וואָס מי זאָל שפּעטער ניט שטודירען, דער פֿונדאַמענט מוז יעדענפֿאַלס זיין אַ שטודיום פֿון נאַטור־וויסענשאַפֿטען און זייערע מעטהאָדען. מיר האָבען זיך צוזאַמענגענומען זאַל׳בא פֿינפֿט אָדער זאַל׳באַ זעקסט, צוזאמענצושאפֿען א שטיקעל לאַבאָראַטאָריע פֿאַר זיך. מיט עלעמענטאַרע אפּאַראַטען, וועלכע שטעקלער׳ס פּראַכטפֿאָלער בוך רעקאָמענדירט פֿאַר אנפֿאַנגער, האָבען מיר אָנגעהויבען אונזער לאַבאָראַטאָריע אין אַ קליינעם שלאָף־צימער פֿון אונזערע צוויי קאַמעראַדען, די געברידער זאַסעצקי. זייער פֿאָטער, אן אַלטער אויסגעדינטער אַדמיראַל, איז געווען מלא שמחה וואָס זיינע זיהן האָבען זיך באַשעפֿטיגט מיט אַזאַ ניצליכע לעהרע און ער האָט גאָר ניט געהאַט דאגעגען וואָס מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען זונטאַג און יום טובים אין זיין הויז. מיט דער הילפֿע פֿון שטעקלער׳ס בוך, האָבען מיר געמאַכט אַלע עקספּערימענטען סיסטעמאַטיש. איך בין זיך מתודה, אַז איין מאָהל האָבען מיר שיעור ניט אונטערגעצונדען די הויז און פֿיעלע מאָהל האָבען מיר פֿאַרגיפֿטעט די צימערען מיט אַלערליי גיפֿטיגע גאַזען. אָבער ווען מיר האָבען דאָס ביי׳ן מיטאַג דערצעהלט דעם אַדמיראַל, האָט ער זיך גאַנץ גלייכגילטיג געענטפֿערט, אַז דיזעלבע סיבה האָט שיעור ניט געטראָפֿען איהם אַליין, בעת ער האָט מיט זיינע חברים געמאַכט פּונש זיך משמח צו זיין, וועהרענד די מוטער האָט בלויז געזאָגט, זיך שטאַרק פֿאַרהוסטענדיג: „פֿאַרשטעהט זיך, אויב עס איז נויטיג פֿאַר אייער שטודיום צו בעריהרען אַזעלכע שרעקליך ריעכענדע שטאָפֿען, טאָ וואָס קען מען זיך העלפֿען!"

נאָך מיטאַג פֿלעגט זי זיך אַוועקזעצען ביי דער פּיאַנאָ און מיר פֿלעגען זינגען דועטען, טריאָס און כאָרוס־שטיקער פֿון דער אָפּעראַ ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין. אַ ניט, פֿלעגען מיר גאָר דורכזינגען אַ גאַנצע איטאַליענישע אָדער רוסישע אָפּערא פֿון אָנהייב ביז׳ן סוף,– די מוטער און די טאָכטער אַלס פּרימאַדאָננאַס, און מיר האָבען ווי עס איז דורכגעגאַנגען די איבריגע ראָלען. כעמיע און מוזיק זיינען אַלזאָ געגאַנגען האַנד אין האַנד.

העכערע מאַטעמאַטיק האָט אייך פֿאַרנומען פֿיעל פֿון מיין צייט. עטליכע פֿון אונז האָבען שוין געהאַט אָבגעמאַכט ניט אַריינצוטרעטען אין גוואַרדיע אַריין, וואו אונזער גאַנצע צייט זאָל זיין פֿאַרנומען מיט מיליטער־רישע דרילען און פּאַראַדען און מיר האָבען געהאַט בדעה אָנצוקומען נאָכ'ן עקזאַמען אין איינע פֿון די מיליטערישע אַקאַדעמיעס:—אַרטילעריע אָדער אינזשיניערסטווע. אום דאָס אויסצופֿיהרען, האָבען מיר זיך געמוזט פֿאַר־פֿאַרטיגען אין העכערע געאָמעטריע און מאַטהעמאַטיק און צוליעב דעם האָבען מיר געמוזט נעהמען פּריוואַט לעקציעס און אַזוי ווי מי האָט אונז אונטעריכטעט אין עלעמענטאַרנע אַסטראָנאָמיע אונטער דעם נאָמען מאַ־טהעמאַטישע געאָגראַפֿיע, האָב איך מיך אַריינגעטאָן אין אַסטראָנאָמישע ביכער, בעזונדערס דעם לעצטען יאָהר וואָס איך בין געוועזן אין דער שולע. דאָס ניע־אויפֿהערענדע לעבען פֿון דער אַלל־וועלט, וועלכעס איך האָב פֿאַר־שטאַנען אַלס לעבען אין עוואָלוציאָן, איז פֿאַר מיר געוועזן אַן אונערשעפּ־ליכע קוועלע פֿון העכערען פּאָעטישען געדאַנקען און בּיסלעכווייז איז דער זין פֿון דעם מענשענ'ס איינהייט מיט דער נאַטור, די לעבעדיגע און די ניט לעבעדיגע—די פּאָעזיע פֿון דער נאַטור—געוואָרען די פֿילאָזאָפֿיע פֿון מיין לעבען,

אויב דאָס לערנען אין די שולען וואָלט בעשטאַנען בלויז פֿון די געגענשטענדע וואָס איך האָב דערמאָהנט, וואָלט אויך אונזער צייט געווען כמעט גענצליך פֿאַרנומען. אבער מיר האָבען אויך געמוזט לערנען היס־טאָריע, געזעץ—ד. ה. די הויפּט פּרינציפּען פֿון דעם רוסישען קאָדעקס,—און פּאָליטישע עקאָנאָמיע, ווי אויך אַ קורס אין סטאַטיסטיקע. און מיר האָבען געמוזט אויסלערנען היבשע קורסען איבער מיליטערישע וויסענ־שאַפֿטען,—טאַקטיק, מיליטער געשיכטע (די מלחמות פֿין 1812 און 1815) מיט אַלע איינצעלהייטען, איבער אַרטילעריע און די פֿאַרשטאַרקונג פֿון פֿעסטונגען.

וואַרפֿענדיג אַ ריק־בליק אויף דיזע בילדונג, דענק איך, אז אויסער די מיליטערישע שטודיום'ס, וואָלטען די אַלע געגענשטענדע, וועלכע מי האָט אונז געלערענט, ניט געווען צו פֿיעל פֿאַר דעם דורכשניטליכען שילער. די מייסטע פֿון אונז האָבען זייער אַרבייט ריכטיג דורכגעזעצט. מאַנכע לעה־רען זיינען דאָס רוב פֿאַרנאַכלעסיגט געוואָרען, בעזאָנדערס געזעץ, ווי אויך מאָדערנע געשיכטע, פֿאַר וועלכע מיר האָבען ליידער געהאַט אַן אַלטען שאַרבען אַלס לעהרער, ווענען מי האָט געהאַלטען אויף דער שטעלע נאָר אום איהם צו צאָהלען זיין פּענסיאָן אויף דער עלטער. און ווידער איז געווען גוט וואָס מי האָט אונז געגעבען די מעגליכקייט אויסצוקלייבען ד

לעהרען, וועלכע מיר האָבען געוואָלט און כאָטש מי איז זיך מיט אונז בע־גאַנגען זעהר שטרענג ביים עקזאַמען פון די פון אונז געוויילטע געגענ־שטענדע, האָט מען אבער דערפאַר גאַנץ ווייניג געקוקט אויף די איבריגע עקזאַמענס. אבער די הויפט אורזאַכע פון אונזער פאַרהעלטניסמעסיגען ער־פאָלג אין דיזער שולע איז געווען דאָס, וואָס דאָס לערנען איז צוגעגאַנגען אַזוי פראַקטיש און קאָנקרעט *) ווי מעגליך. קוים האָבען מיר געהאט אויס־געלערענט עלעמענטאַרע געאָמעטריע אויף פאַפיער, האָבען מיר דאָס גלייך איבערגע׳חזר׳ט אויפ׳ן פעלד, מיט דרענגלעך און אינזשענירסקע מאָסען און דאַן מיט׳ן קאָמפּאַס און אַנדערע אינסטרומענטען.

נאָך אַזאַ פראַקטישע ערציהונג, איז עלעמענטאַרנע אַסטראָנאָמיע לייכט צוגעגאַנגען, בעת די מעסטונגען גופא זיינען פאַר אונז געווען אַן אונענדליכע קוועלע פון פאַרגעניגען.

די זעלבע קאָנקרעטע סיסטעמע איז אָנגעווענדעט ביי די פעסטונגען, אין ווינטער האָבען מיר געמאַכט אַזעלכע אויפגאַבען ווי די למשל: האָ־בענדיג אַ טויזענד מאַן און אַ צוויי וואָכען צייט, בוי אויף די שטאַרקסטע פעסטונג וואָס דו קענסט נאָר, צו בעשיצען יענעם בריק פאַר אַן אַנטלויי־פענדע אַרמעע. און מיר האָבען שטאַרק דיסקוטירט אונזערע פלענער, ווען אונזער לעהרער האָט זיי קריטיקירט.

אין זומער האָבען מיר אָנגעווענדעט אונזערע קענטניסע אין פעלד. צו דיעזע פראַקטישע איבונגען שרייב איך צו דעם פאַקט, וואָס די מייסטע פון אונז האָבען אַזוי לייכט ערלערענט פיעלע וויסענשאַפטליכע זאַכען צו זיבעצען אָדער אַכצען יאָהר.

דאָך האָבען מיר געהאַט גענוג צייט צו אַמוזירען זיך און אויף אַלע מיני שטיפעריען. אונזער בעסטע צייט וואַר נאָכ׳ן עקזאַמען, בעת מיר האָבען געהאַט אַ דריי, פיער וואָכען צימליך פרייע, בעפאָר מי איז אַרויס פון לאַגער, אָדער ווען מי איז צוריק געקומען פון לאַגער און נאָך אַ דריי פרייע וואָכען בעפאָר די לעקציעס האָבען זיך אָנגעהויבען.

די עטליכע פון אונז וואָס זיינען דאַן פאַרבליעבען אין דער שולע, האָבען געקענט נעהן און קומען ווען זיי האָבען געוואָלט. עסען און שלאָ־פען האָבען זיי אימער געקענט אין קאָרפּוס. איך האָב געאַרבייט אין דער ביבליאָטעק, אָדער האָב בעזוכט די בילדער גאַלעריען, שטודירענדיג איינ־ציגווייז אַלע בעסטע בילדער פון יעדער שולע באַזונדער. אָדער איך בין

*) קאָנקרעט, פאַרקערפּערט, ניט אַבסטראַקט, נור אָנגעווענדעט מיט פראַקטישע ביי־שפּיעלע און אויף קערפּערליכע זאַכען. דער איבערזעצער.

אַרומגעגאַנגען אין די פֿאַרשיעדענע קאַזיאָנע פֿאַבריקען פֿון קאָטאָן, באַ־וועל, אייזען פּאָרצעליי און גלאָז, וועלכע זיינען אָפֿען פֿאַר אַלעמען. אַמאָל זיינען מיר אַרוים זיך שיפֿען אויף דער נעוואַ, פֿאַרברענגענדיג די גאַנצע נאַכט אויפֿ'ן טייך. אַמאָהל אויפֿ'ן פֿינלענדעשען זאַליוו מיט די פֿישערלייט —אַ מעלאַנכאָלישע צפון נאַכט, אין וועלכער עס קומען זיך צוזאַמען דער מאָרגענשטערען מיט דער גליהענדער רויטקייט פֿון'ס זונען אונטערגאַנג. דאַמאָלס קען מען לייענען אַ בוך אויף דער פֿרייער לופֿט אין מיטען נאַכט. אויף דעם אַלעם האָבען מיר געהאַט גענוג צייט.

נאָך דעם ווי איך האָב בעזוכט די פֿאַבריקען, האָב איך ליעב גע־קראָגען די שטאַרקע און פֿאָלקאָמענע מאַשינעריע. זיך צוקוקענדיג ווי אַ ריזיגע לאַפּע רוקט זיך אַרוים פֿון אַ הייזעל, גיט אַ כאַפּ אַריין אַ קלאָץ, וואָס עס שווימט אויף דער נעווא, שלעפּט איהם אַריין אינעווענינ און לייגט איהם אַרונטער אונטער אַ זעג, וועלכע צושניידט איהם אויף ברעטער. אָדער זעהענדיג, ווי פֿון אַ קאָלאָסאַלען פֿייערדיג־רויטען שטאַב אייזען ווערט אין דער מינוט געמאַכט אַ רעלסע, בלויז דורכגעהענדיג דורך צוויי צילינ־דערס,—האָב איך אָנגעהויבען פֿאַרשטעהען די פּאָעזיע פֿון מאַשינעריע. אין די היינטיגע פֿאַבריקען הרג'עט די מאַשינ־אַרבייט אַוועק דעם אַרבייטער דערפֿאַר, ווייל ער ווערט אויף זיין גאַנצען לעבען אַ קנעכט צו זיין מאַשין אַן עבד כנעני פֿאַרקויפֿט אויף אייביג. אין דעם איז נעמליך שולדיג די שלעכטע אָרגאַניזאַציאָן, און דאָס האָט להלוטין גאָר ניט צו טאָהן מיט דער מאַשין גופא. איבער אַרבייט און טהוענדיג תמיד דיזעלבע זאַך, איז אימער שלעכט, צו די אַרבייט ווערט געטאָהן מיט'ן האַנד, צו מיט פּראָסטע כלים, צו מיט דער מאַשין. אבער אַרבייטענדיג מעסיג און ביי פֿערשי־דענע מלאכות קען איך גאַנץ לייכט בעגרייפֿען דעם פֿערגעניגען, וואָס אַ מענש קען האָבען, וויסענדיג די מאַכט פֿון זיין מאַשין, דעם שכל פֿון איהר ווערק, די הערליכקייט פֿון איהרע בעוועגונגען און די פּינקטליכקייט, מיט וועלכער זי טהוט איהר זאַך. און איך רעכען, אַז דאָס וואָס וויליאַם מאָ־ריס האָט אַזוי פֿיינד געהאַט די מאַשין, איז עס געווען דערפֿאַר, ווייל זיין גרויסהר פּאָעטישער גייסט האָט דאָך ניט בעגריפֿען די הערליכקייט און די מאַכט פֿון דער מאַשין.

מוזיק האָט אויך געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין מיין ענטוויקלונג. פֿון איהר האָב איך געשעפּט נאָך מעהר נחת און ענטהוזיאַזמוס, ווי פֿון פּאָעזי. די רוסישע אָפּערע האָט נאָך דאַמאָלס קוים עקזיסטירט. אָבער די איטאַליענישע אָפּערע, וועלכע האָט געהאַט אַ סך בעריהמטע קינסטלער, איז געווען די פּאָפּולערסטע אינסטיטוציאָן אין פּעטערסבורג. ווען די פּרימאַדאָנאַ

באָסיאַ איז קראַנק געוואָרען, זיינען טויזענדער מענשען, בעזונדערס די יונגע לייט, געשטאַנען ביי איהר האָטעל ביז שפּעט ביי נאַכט, ווארטענדיג אויף די נייעס מכח איהר צושטאַנד. שעהן איז זי ניט געווען, אָבער בעת זי האָט געזונגען, האָט עס אויסגעזעהען אַזוי בעצויבערענד, אז הונדערטע יונגע לייט האָבען זיך אין איהר שטערבליך פֿאַרליעבט. און ווען זי איז געשטאָרבען, האָט זי געהאַט די גרעסטע לויה וואָס פּעטערסבורג האָט נאָך יע געזעהען. די שטאָדט איז דאַמאָלס געווען צוטהיילט אויף צוויי לאַגערן: די ליעבהאַבער פֿון איטאַליענישער אָפּערע און די ליבהאַבער פֿון דער פֿראַנצויזישער אָפּערע, וועלכע האָט שוין דאַן אָנגעפֿאַנגען אַרויסצואווייזען דעם פֿארפֿעסטעטען אָפֿענבאכישען שטרוים, וועלכער האָט מיט עטליכע יאָהר שפּעטער זאַראַזשעט גאַנ׳ן אייראָפּא. אונזער קלאַס איז אויך געווען צוטהיילט אויף צוויי טהיילען און איך האָב בעלאַנגט צו דעם איטאַליענישען לאַגער. אויף דער גאַליאָרקע און אויפ׳ן באַלקאָן האָט מען אונז פֿאַרוועהרט געהן, אבער אלע לאָזשען פֿון דער איטאַליענישער אָפּערע זיינען שוין געווען מיט מאָנאַטען צוריק פֿאַרקויפֿט און אַ סך פֿאַמיליעס פֿלעגען זיי גאָר איבערלאָזען בירושה צו זייערע קינדער. שבת־צו־נאַכט פֿלעגען מיר זיך אַרויפֿכאַפּען אויף דער גאַליאָרקע, וואו מיר האָבען געמוזט שטעהען און שוויצען ווי אין אַ שוויץ־באָד, אום צו בעהאַלטען אונזערע מונדירען, האָבען מיר געטראָגען אונזערע וואַטאָווע מאַנטלען, מיט פעלצענע קראַגענס, פֿעסט צוגעשפּילעט טראָץ דער שרעקליכער היץ. א חידוש וואָס מיר האָבען קיינער ניט געקראָגען קיין לונגען ענציגדונג, בעזאָנדערס נאָכדעם, ווי מיר האָבען זיך נאָך דערצו שטאַרק דערהיצט, אַפּלאָדירענדיג אונזערע ליעבלינגס־זינגער און נאָכדעם, ווי מיר פֿלעגען נאַכהער שטעהן ביים סטיידזשטיר, אום חאָטש נאָך איין קוק צו טאָהן אויף די פֿארגעטערטע ליעבלינגע אונזערע.

די איטאַליענישע אָפּערע איז עפּעס אין יענע יאָהרען אויסגעקומען ענג פֿאַרבונדען מיט דער ראַדיקאַלער בעוועגונג און די רעוואָלוציאָנערע דעקלאַמאַציאָנען פֿון „ווילהעלם טעלל" און די „פּוריטאַנער" זיינען אימער אזוי שטורמיש אַפּלאָדירט געוואָרען, אַז אַלעקסאַנדער דעם צווייטען פֿלעגט אַזש דורכלויפֿען אַ שוידער איבער די ביינער. אויף דער זעקסטער גאַליאָרקע און אין דעם רויך־צימער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די בעסטע פּעטערסבורגער יוגענד מיט אַן אַלגעמיין אידעאַליסטישער פֿארגעטליכונג פֿון אַ נאָבלער קונסט. דאָס אַלעס מעג זיך אייך אויסווייזען קינדעריש, אבער פֿיעלע העכערע אידעאַלען און ריינע בעגייסטערונג זיינען אין אונז אָנגעזונדען געוואָרען דורך דיזע פֿאַרגעטליכונג פֿון אונזערע ליבלינגס אַרטיסטען,

7.

יעדען זומער פֿלעגען מיר אַרויס אויפֿ'ן לאַגער אין פּעטערהויף צוזאַמען מיט די אַנדערע מיליטערישע שולען פֿון פּעטערסבורג. בכלל, איז דאָרט אונער לעבען געווען אַ זעהער אנגענעהמענער און עס איז זי־כער געווען אויסגעצייכענט פֿאַר אונזער געזונד. מיר זיינען געשלאָפֿען אין גרויסע פּאַלאַטקעס, האָבען זיך געבאָדען אין ים און פֿלעגען זעהר פֿיעל פֿאַרברייגגען אויף דער פֿרייער לופֿט.

אין מיליטערישע שולען איז נאַטירליך דער הויפּט צוועק פֿון דעם לאַגער־לעבען געווען דאָס מיליטערישע מושטירען, וועלכעס מיר האָבען אַלע פֿיינט געהאַט, אַ חוץ, וואָס די מאַנעווערס, אין וועלכע מיר האָבען זיך בעטיהיליגט פֿלעגען אונז אביסעל לעבעדיג מאַכען. איין נאַכט, גראַד ווען מיר זיינען זיך געגאַנגען לייגען שלאָפֿען, האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער פּלוצלינג איבעראַשט דעם גאַנצען לאַגער מיט אַלאַרם גלאָקען. אין עטליכע מינוט צייט איז דער גאַנצער לאַגער געווען אויף די פֿיס,—עטליכע טוי־זענט אינגלעך האָבען זיך פֿאַרזאַמעלט אַרום זייער פֿלאַג און די קאַנאָנען פֿון דער אַרטילעריע שולע האָבען געדונערט אין דער שטילקייט פֿון דער נאַכט.

דאָס גאַנצע מיליטערישע פּעטערהויף איז געקומען צו גאַלאָפּירען צום לאַגער, אָבער איבער אַ צופֿאַל איז גראַד דער קייזער געבליעבען אָהן אַ פֿערד. שלוחים זיינען צושיקט געוואָרען איבעראַל, אַרומלויפֿענדיג ווי די משוגעים און זוכענדיג אַ פֿערד פֿאַר איהם אָבער, עס איז ניט געווען און אַזוי ווי ער איז ניט געווען פֿון די גוטע רייטער, האָט ער ניט געוואָלט רייטען אויף אַ פֿרעמדען פֿערד. ער האָט געברענט פֿון כעס און האָט זיין גרימצאָרן גאַנץ אָפֿען אַרויסגעוויזען.

„דוראַק, דו איינער, האָב איך דען בלויז איין פֿערד?” האָב איך געהערט ווי דער קייזער האָט אַ געשריי געטאָהן אויפֿ'ן אָפֿיציער, וועלכער האָט איהם מודיע געווען, אַז זיין פֿערד איז אין אַן אַנדער לאַגער.

מיט דער אָנקומענדער פֿינסטערניש, דעם דונערען פֿון די קאַנאָנען, דער געקלאַפּעריי פֿון דער קאַוואַלעריע, זיינען מיר אינגלעך געוואָרען אַלץ מעהר אויפֿגערעגט און ווען אַלעקסאַנדער האָט געגעבען דעם באַפֿעהל: „מאַרש!” האָט אונזער רייהע גענומען געהן גלייך אויף איהם. ענג צו־זאַמענגעדריקט מיט אויסגעשטעלטע באַיאָנעטען, האָבען מיר וואַהרשיינליך מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ שרעקליכע מאַכט. און איך האָב געזעהען ווי

דער קייזער איז מיט שרעק אָבגעשפּרונגען אויף צוריק, מאַכענדיג אַ וואַרע פּאַר אונזערע באַיאָנעטען. איך האב דאַמאָלס בעגריפען די בעדייטונג פון אַן ענגע רייהע סאָלדאַטען מאַרשירענדיג אונטער די אויפפירעגונג פון מוזיק און דעם מאַרש גופא. אָט איז פאַר אונז געשטאַנען דער קייזער, אונזער קאָמאַנדירער, וועלכען מיר אַלע האָבען פאַרגעטערט. און פון דעסטוועגען האָב איך געפיהלט, אז אין דיעזער בעוועגענדער מחנה וואָלט קיין איינציגער פּאַזש אָדער קאָדעט ניט צוריקגעטרעטען אפילו ניט קיין איין טריט צו מאַכען פלאַץ פאַר איהם. מיר זיינען געווען די מאַרשירענדע רייהע, ער איז אונז בלויז געווען אַ שטערונג און מיר וואָלטען זיכער איבער איהם אַריבערגעמאַרשירט. „צו וואָס שטעהט ער אונז אין וועג?" האָבען די פּאַזשען דערנאָך געטענה׳ט. אינגלעך, מיט ביקסען אין די הענד, זיינען אין אַזאַ פאַל נאָך פיעל מורא׳דיגער ווי אַלטע סאָלדאַטען גופא.

נעכסטען יאָהר, בעת מיר האָבען זיך בעטהייליגט אין די גרויסע מאַנעווורעס פון דער פּעטערסבורגער פעסטונג, האָב איך בייגעוואוינט עטוואָס, וואָס איז עהנליך אויף אַ ריכטיגע מלחמה. צוויי טעג דורכאַנאַנד האָבען מיר געהאַלטען אין איין מאַרשירען אַהין און צוריק אַ שטח פון צוואַנציג מייל און האָבען ניט געהאַט דעם מינדעסטען בעגריף וואָס עס טהוט זיך אַרום אונז און צו וועלכען צוועק מי מאַרשירט אונז אַרום. עס האָבען זיך געהערט קאַנאָנען, אַמאָל נאָהענט און אַמאָל ווייט פון אונז. אָט הערען מיר אַ שטאַרקע שיסעריי אין די בערג און אין די וועלדער. אָפּיצירען לויפען אַרום ווי פערסם׳טע, אָט האָבען זיי געבראַכט אַ באַפעהל מאַרשירען פאָרווערטס און אָט באַפעהלען זיי שוין גלייך זיך צוריק צו ציהען און מיר האָבען מאַרשירט, און מאַרשירט, און מאַרשירט, ניט זעהענדיג דעם מינדעסטען זינען אין אַלע דיעזע קאָמישע באַוועגונגען. מחנות קאַוואַלעריע זיינען פאַרביי אויף דעם זעלבען וועג און האָבען נאָך טיפער געמאַכט די זאַמדיגע גריבער און מיר האָבען זיך אַלץ געמוזט שלעפּען דאָ אַהין, דא צוריק אויף דעם זעלבען שלאַך, ביז אונזער באַטאַליאָן האָט געבראָכען די גאַנצע דיסציפּלין און איז געוואָרען אַ צוואַוואָרפענע מאַסע פּילגרימער אַנשטאַט אַ מיליטערישע אייניגקייט. בלויז דער באַנער-טרעגער איז געבליבען אויפ׳ן וועג. די איבריגע זיינען זיך פשוט אַרומגעקראָכען ביי די זייטען וועג אין וואַלד. די בעפעלען און די בקשות פון די אָפּיצירען זיינען געווען אַרויסגעוואָרפען.

פלוצלינג האָט זיך פון הינטען געהערט אַ געשריי: „דער קייזער קומט! דער קייזער!" די אָפיצירען זיינען געלאָפען אַהין און אַהער, אונז בעטענדיג מיר זאָלען אַריין אין די רייהען. קיינער האָט זיי ניט געהערט.

דער קייזער איז אָנגעקומען און האָט באַפֿוילען זיך צוריק צו ציהען. „גאַזאַד!" האָט געדונערט דער באַפֿעהל, „דער קייזער איז אונטער אונז. דרעהט זיך אום", האָבען די קאָמאַנדירען זיך געבעטען שטילערהייט. אבער דער באַטאַליאָן האָט זיי געהערט ווי די קאַץ, מיט'ן קייזער, מיט אַלע צו־זאַמען. צום גליק, איז אַלעקסאַנדער דער צווייטער ניט געווען קיין פֿאַ־נאַטישער מיליטעריסט און אונז זאָגענדיג עטליכע ערמוטהיגענדע ווערטער אונז צוזאָגענדיג רוהע, איז ער אַוועקגאַלאָפּירט.

איך האָב דאַן ערשט פֿאַרשטאַנען וויפֿיעל עס הייגגט אָב, אין דער־צייט פֿון קריעגס־פֿיהרונג, פֿון דעם גייסטיגען צושטאַנד פֿון די טרופּען און ווי ווייניג די דיסציפּלינע קען אויפֿטאָהן, ווען די סאָלדאַטען זיינען מיעד און איבערגעאַרבייט. וואָס העלפֿט די דיסציפּלינע, ווען פֿאַרמאַטערטע טרופּען זיינען געצוואונגען צו מאַכען אַ מעכטיגע אַנשטרענגונג צו צוקומען צום שלאַכט פֿעלד אין אַ בעשטימטע שטונדע.

עס איז אומזיסט די אַרבייט; נור ענטהוזיאַזמוס און צוטרויען קענ־נען אין אַזעלכע מאָמענטען אַרויסרופֿען „דאָס אונמעגליכע" ביי די סאָלדאַ־טען און ס'איז תמיד דאָס אונמעגליכע, וועלכעס מוז אויפֿגעטאָהן ווערען אום צו האָבען ערפֿאָלג. ווי אָפֿט פֿלעג איך זיך דערמאָנען אָן דיזער לעקציע שפּעטער, זייענדיג אין סיביר, וואו מיר האָבען אויך געמוזט אויפֿטאָהן „אונמעגליכעס" אין דער צייט פֿון אונזער וויסענשאַפֿטלי־כער עקספּעדיציאָן.

אין דעם לאַגער האָבען מיר זיך אָבער זעהר ווייניג באַשעפֿטיגט מיט מושטירען. אונזער צייט האָבען מיר פֿאַרבראַכט מיט פּראַקטישע אַר־בייט, מעסטענדיג די געגענד און בויענדיג פֿעסטונגען. נאָך עטליכע לעק־ציעס האָט מען אונז געגעבען אַ ק אָ מ פּ אַ ס און מען האָט אונז געהייסען מאַכען אַ פּלאַן פֿון אַ געוויסע אָזערע, שאָסייען, אדער פּאַרקס, אויסמעסטענדיג די ווינקלען מיט'ן קאָמפּאַס און דעם וועג מיט די פֿוס־טריט. גאַנץ פֿריה, נאָך אַ שנעל אַריינגעכאַפּטען פֿריהשטיק, פֿלעגען מיר זיך אָנשטאָפּען די טיעפֿע קעשענעס פֿון די שינעלען מיט מוציא'ס ראַזעווע ברויט און פֿלעגען זיך אַוועקלאָזען אויף פֿיער, פֿינף שטונדען אין די פּאַרקס, מיילען וועיט, אויסלייגענדיג אויף אונזערע לאַנד־קאַרטען די שעהנע שאטענדיגע וועגען, די טייכלעך און די אָזערעס. דיזע אַרבייט האָט מען נאָכהער פֿערגליכען מיט ריכטיגע קאַרטען און די בעסטע האָבען געקראָגען מעדאַלען. פֿאַר מיר איז דיזע אַרבייט געווען אַ העכסט אַנגע־נעהמענע. די אונהאַבהענגיגע אַרבייט, די אָבזונדערונג אונטער די הונ־דערט־יעהריגע בוימער, דאָס לעבען אין וואַלד, וועלכעס איך האב געקענט

געניסען אונגעשטערט און אין דער זעלבער צייט די אינטערעסע אין דער אַרבייט גופא—אַלעס וואָס האָט זיך טיעף איינגעקריצט אין מיין זכרון און ווען איך האָב נאָכהער געמאַכט מיינע סיבירישע עקספּעדיציעס און עטליכע קאַמעראַדען מיינע האָבען אויסגעפּאָרשט צענטראַל אַזיען, זיינען דיעזע פּראַקטישע לעקציעס אונזערע, אונז זעהר גוט צונוץ געקומען.

ענדליך, אין דעם לעצטען קלאַס, האָט מען געפּלעגט נעהמען גרופּען פון פיער שילער און זיי אַרויספיהרען יעדען צווייטען טאָג אין די אַרומליגענדע דערפלאַך און דאָרט האָבען זיי געמוזט מאַכען גענויע מעסטונגען פון עטליכע קוואַדראַט מיילען. די אָפּיצירען פון דעם גענעראַל־שטאַב זיינען פון צייט צו צייט געקומען רעווידירען אונזער ארבייט און אונז אַרויסצוהעלפען. דיעזער לעבען צווישען די מוזשיקעס אין די דערפער האָט געהאַט די בעסטע ווירקונג אויף אונזער אינטעלעקטועלער און מאָראַלער ענטוויקלונג.

אויך געאָמעטריע האָבען מיר אויף אַזאַ פּראַקטישען אופן גרינדליך אויסגעלערענט.

מיר האָבען געהאַט גרויס הנאה פון דיעזער אַרבייט. און איין מאָל אין שטאָדט, געפונענדיג אַ קופּע לייס און שטיינדלעך אין אונזער גאָרטען האָבען מיר אָנגעהויבען בויען אַן אמת'ע קליינע פעסטונג מיט ריכטיג אויסגערעכענטע גלייכע און קרומע קאַנאָנען־פענסטערלעך. אַלעס איז זעהר נעט געמאַכט געוואָרען און מיר האָבען זיך זעהר געסטאַרעט צו קריגען עטליכע ברעטער און צוזאַמענצושטעלען אַ פּלאַטפאָרמע פאַר די קאַנאָנען, וועלכע מיר האָבען געהאַט אין אונזערע קלאַס־צימער. אבער לייד־ער. אונזערע הויזען האָבען אויסגעזעהען שרעקליך. „וואָס טהוט איהר דאָרט?" האָט אונזער קאַפּיטאַן אַ געשריי געטהאָן. „איהר קוקט דאָך אויס ווי ערד גרעבער" (מיט דעם זיינען מיר דוקא שטאָלץ געווען.) „וואָס וואָלט געווען ווען דער גרויס־פירסט זאָל אייך טרעפען אין אַזאַ צושטאַנד?"

„מיר ווען איהם וויזען אונזער פעסטונג און בעטען ער זאָל אונז געבען ברעטער פאַר פּלאַטפאָרמעס."

אונזער פּראָטעסטירען איז געווען אומזיסט. אויף מאָרגען האָט מען אַרויסגעשיקט אַ מחנה אַרבייטער צו צונעהמען אונזער הערליכע געביידע פונקט אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ פּראַסטע קופּע מיסט.

איך דערצייל אייך דאָס, כדי צו צייגען ווי ווייט קינדער און ער־וואַקסענע שילער גאַרען אויסצופיהרען פּראַקטיש דאָס, וואָס זיי לערנען אין די שולען טהעאָרעטיש. און ווי נאַריש עס זיינען די לעהרער, וועלכע קע־נען ניט זעהען, וואָס פאַר אַ מעכטיגע הילפע זיי וואָלטען געקענט געפי־

נען אין דיזען הינזיכט. ווי ווייט זיי וואָלטען געקענט העלפֿען זייערע שילער גרינדליך צו בעגרייפֿען דעם ריכטיגען זינן פֿון דעם, וואס זיי לערנען. אין אונזער שולע האָט מען זיך געסטאַרעט אונז צו ערציהען בלויז פֿיר קריעגס־פֿיהרונג. מיר וואָלטען געוויס געאַרבייט מיט דעם זעלבען חשק ביים אויסלייגען אַן אייזענבאַהן, ביים בויען אַ הויז אָדער פֿלאַנצענדיג אַ גאָרטען. אָבער דיזער גאַנצער חשק פֿונ'ם יונגוואַרג צו אמת'ער אַרבייט ווערט איגנאָרירט איינפֿאַך דאַרום, ווייל אונזער בעגריף פֿון דער שולע איז נאָך אַלץ די פּלפּולים־לעהרע און דאָס מאָנאַסטיר־לעבען פֿון די מיטעלע יאָהרהונדערטע.

די יאָהרען 1857—61 זיינען געווען זעהר רייך אין אינטעלעקטועלע קרעפֿטען אין רוסלאַנד. אַלץ וואָס מי האָט אין די לעצטע צעהן יאָהר זיך געשושקעט אין די אויערען, ביי סעקרעטנע פֿערזאַמלונגען, אַלע געדאַנקען פֿון יענעם דור, וועלכע האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אין דער רוסישער ליטעראַטור, דורך טורגעניעוו, טאָלסטאָי, הערצען, באַקונין, אָגאַריעף, קאַוועלין, דאָסטאָיעווסקי, גריגאָראָוויטש, אָסט־אָווסקי און ניעקראַסאָוו, האָבען זיך איצט אָנגעהויבען אַרויסצואווייזען אין דער עפֿענטליכער פּרעסע. אמת, די צענזור איז נאָך געווען זעהר שטרענג, אָבער דאָס וואָס מען האָט ניט געקענט זאָגען אָפֿען אין פּאָליטישע אַרטיקלען, איז אַריינגעשמוגעלט געוואָרען דורך ראָמאַנען, הומאָריסטישע סקיצען, אָדער דורך פֿאַרשטעלטע פּרושים אויף אייראָפּייאישע ערייגניסע. און יעדער איינער האָט געלייענט צווישען די שורות און האָט פֿאַרשטאַנען.

ניט האָבענדיג קיין בעקאַנטשאַפֿט אין פּעטערסבורג אויסער די שול חברים און די עטליכע קרובים מיינע, בין איך געווען גאַנץ אויסער דער ראַדיקאַלער באַוועגונג פֿון יענע יאָהרען—אין פֿאַקט מיילען ווייט פֿון איהר און דאָך איז דאָס פֿיליכט געווען דאָס כאַראַקטעריסטישע פֿון דער באַוועגונג וואָס זי האָט געהאַט די מאַכט אַריינצודרינגען אין אַזאַ „שטאַטעטשנער" שולע ווי אונזער קאָרפּוס איז געווען און צו געפֿינען אַן אָבקלאַנג אין אַזאַ מין צירקעל ווי דער, פֿון מיינע מאָסקווער קרובים.

צו יענער צייט פֿלעג איך פֿאַרברענגען מיינע זונטאַגס און די יום טובים אין דער הויז פֿון מיינע אַ מומע, די פּרינצעסין מירסקי. פּרינץ מירסקי האָט תמיד געטראַכט פֿון זעלטענע מאָהלצייטען. וועהרענד זיין ווייב און זייער יונגע טאָכטער האָבען געפֿיהרט אַ זעהר פֿרייליכען לעבען. מיין קוזינע איז געווען אַ שעהנע ניינצעניעהריגע מיידעל, זעהר ליבליך און זעהר גוטמוטהיג און כמעט אַלע איהרע פּלימעניקעס זיינען געווען פֿאַרליעבט אין איהר. זי ווידער איז געווען פֿאַרליעבט אין איינעם פֿון

זיי און האָט געוואָלט מיט איהם חתונה האָבען. אבער חתונה צו האָבען מיט א קאָזין איז ביי די פּראַוואָסלאַוונע אַ גרויסע עבירה. אומזיסט האָט נעבאַך די אַלטע פּרינצעסין געאַרבייט אַרויסצוקריגען אַ ספּעציעלע ערלויבנים פון די העכסטע בישאָפּען. זי האָט געבראַכט איהר טאָכטער קיין פּעטערסבורג מיט דער האָפענונג, טאָמער וועט זי זיך דאָ אויסקלייבען אַן אַנדערען געליבטען פאַר אַ מאַן. אבער אומזיסט. פון דעסטוועגען איז זייער רייכע הויז תמיד געווען געפּאַקט מיט בריליאַנטענע יונגע לייט פון דער גוואַרדיע און פון דיפּלאָמאַטישע טשינאָווניקעס.

ווער וואָלט עס געדיינקט, אַז אַזאַ הויז זאָל האָבען די מינדעסטע שייכות מיט רעוואָלוציאָנערע אידעען? און דאָך איז עס געווען גראַדע דיעזעס הויז וואו איך האָב מיך בעקענט מיט דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור פון יענער צייט. דער בעריהמטער דענקער הערצען, האָט אָקאָרשט געהאַט אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אין לאָנדאָן זיין זשורנאַל „פּאָליאַרנאַיאַ זוועזדאַ", וועלכער האָט געמאַכט אַ פורור אין רוסלאַנד, אפילו אין קייזערליכען צירקעל און איז אין געהיים שטאַרק פאַרברייטעט געוואָרען אין פּעטערסבורג. מיין קוזינע האָט איהם ערגעץ געקראָגען און מיר האָבען איהם געלעזען צוזאַמען. איהר האַרץ האָט רעבעלירט געגען די שטערונגען וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אויף דעם וועג פון איהר גליק און איהר גייסט איז דאַרורך געווען נאָך מעהר געניינט צו דער מעכטיגער קריטיק, וועלכע דער גרויסער שרייבער האָט געשליידערט געגען דער רוסישער סאַמאָדערזשאַוויע און געגען דעם גאַנצען צופוילטען סיסטעם פון רעגירונג. מיט אַ געפיהל, עהנליך צו פאַרגעטערונג, האָב איך געפלעגט קוקען אויפ׳ן מעדאַליאָן, וואָס איז געווען געדרוקט אויף׳ן טאָוועל פון זשורנאַל און וועלכער האָט פאָרגעשטעלט די נאָבעלע קעפּ פון די פינף דעקאַבריסטען, וועלכע ניקאָלאַי דער ערשטער האָט געהאַנגען נאָך דער רעבעליאָן פון 14 דעצעמבער, 1825,—בעזטמוזשעוו, קאָהאָווסקי, פּעסטעל, רילעעוו און מוראַוויאָוו־אַפּאָסטאָל.

די שעהנקייט פון הערצען׳ס סטיל,—אויף וועמען טורגעניעוו האָט מיט רעכט געזאָגט, אַז ער שרייבט מיט בלוט און טרערען און אַז קיין רוסישער שרייבער האָט נאָך ניט אַזוי געשריבען,—די ברייטקייט פון זיינע געדאַנקען און זיין פלאַמענדע ליעבע צו רוסלאַנד האָבען מיך ווי בכשוף׳ט און איך פלעג לייענען און ווידער לייענען יענע בלעטלעך, אפילו מיט מעהר האַרץ ווי קאָפּ.

אין 1859 האָב איך אָנגעפאַנגען צו רעדיזשירען מיין ערשטע רעוואָלוציאָנערע צייטונג. אין יענע יונגע יאָהרען, וואָס דען האָב איך געקענט

זיין, אויב ניט אַ קאָנסטיטוציאָניליסט? — און מיין צייטונג האָט אַגיטירט פֿאַר אַ קאָנסטיטוציאָן אין רוסלאַנד. איך האב געשריעבען וועגען די נאַרישע הוצאות פֿון קייזערליכען הויף, וועגען די מאַסען געלדער, וואָס זיינען געספּענט געוואָרען אין ניצא, אויסצוהאַלטען אַ גאַנצע מחנה מאַטראָזען און אָפֿיצירען אויף די שיפֿען, וואָס זיינען געשטאַנען צום דיענסט דער אַלטער קייזערין, וועלכע איז געשטאָרבען אין 1860; איך האָב געשריבען וועגען די גרוילטהאטען פֿון די טשינאָווניקעס, פֿון וועלכע איך פֿלעג תמיד הערען ריידען, און איך האָב ניט אנדערש געוואָלט, ווי נור אַ קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג. איך האָב אָנגעשריעבען דריי קאָפּיעס פֿון מיין צייטונג און האָב זיי אריינגערוקט אין די שרייבטישלאַך פֿון דריי קאַמעראַדען, וועלכע איך האָב גערעכענט, אינטערעסירען זיך אין עפֿענט־ליכע אַנגעלעגענהייטען. איך האָב געבעטען מיינע „אַבאָנענטען", זיי זאָלען אַזוי גוט זיין און אַוועקלייגען זייערע אַנמערקונגען הינטער דעם אַלטען זייגער פֿון אונזער ביבליאָטהעק.

מיט אַ קלאַפּענדע האַרץ בין איך אויף מאָרגען געגאַנגען זוכען הינטער'ן זייגער. יאָ, צוויי צעטלאַך זיינען דאָרט געלעגען. זיי האָבען אויסגעדריקט זייער פֿולע סימפּאַטהיע צו מיין צייטונג און האָבען מיר גערעאַטהען ניט צו ריזיקירען צו פֿיעל. איך האָב אָנגעשריבען די צווייטע נומער צייטונג, נאָך מעהר דרינגענד אויפֿאָרדערנדיג אַלעמען צו פֿעראייניגען אַלע קרעפֿטען אין'ם נאָמען פֿון פֿרייהייט. אָבער, דעם מאָהל האָב איך שוין קיין ענטפֿער ניט געפֿונען הינטער'ן זייגער. די צוויי קאַמעראַדען זיינען צו מיר געקומען פּערזענליך.

„מיר ווייסען גאַנץ גוט", האָבען זיי געזאָגט, „דאָס דו ביסט דער יעניגער, וועלכער שרייבט די צייטונג און מיר ווילען מכח דעם ריידען. מיר שטימען כמעט איין מיט דיינע מיינונגען און מיר קומען צו דיר און זאָגען: לאָמיר זיין גוטע פֿריינד, דיין צייטונג האָט געטאָהן איהר זאַך, — זי האָט אונז צוזאַמענגעבראַכט; אָבער מעהר ברויך מען זי ניט. אין דער גאַנצער שוהלע זיינען בלויז פֿאַרהאַנען נאָך צוויי, וועלכע וועלען זיך דערמיט אינטערעסירען, און ווען מען זאָל זיך דערוויסען פֿון אַזאַ צייטונג, וועט דער סוף זיין אַ שרעקליכער פֿאַר אונז אַלעמען. לאָמיר צונויפֿשטעלען אַ קרוזשאָק און ריידען וועגען אַלעס; פֿילייכט, וועלען מיר נאָך קענען אריינברענגען עפּעס אין די מוחות פֿון נאָך אַ פּאָאָר סטודענטען".

דאָס וואַר אַזוי פֿערנינפֿטיג, אַז מיר איז בלויז אויסגעקומען דערמיט איינצושטימען און מיר האָבען אונזער פֿעראייניגונג געשלאָסען מיט אַ שטאַר־קען תקיעת כף. פֿון דאמאָלס אָן, זיינען מיר דריי געווען די בעסטע פֿריינד.

8.

די אָבשאַפֿונג פֿון דער פּאַנשטשיזנע איז דאַמאָלס געווען די שטאַרקסטע פֿראַגע, וועלכע האָט פֿעראינטערעסירט אַלע דענקענדע מענשען.

די רעוואָלוציאָן פֿון 1848, האָט געהאַט א וױיטען אָבקלאַנג אין די הערצער פֿון די רוסישע מוזשיקעס און זייט 1850 זיינען די פּאָווסטאַניעס געוואָרען אלץ עפֿטער און ערענסטער. ווען די קרימער מלחמה איז אויסגעבראָכען און מ׳האָט גענומען שלעפּען רעקרוטען פֿון אַלע עקען פֿון רוסלאַנד, האָבען זיך די בונטען גענומען פֿערשפּרייטען מיט אַן אונערהערטער געוואַלט. פֿיעלע שקלאַפֿען־בעזיצער זיינען פֿון זייערע קנעכט דער׳הרג׳עט געוואָרען און גאַנצע רעגימענטען מיט אַרטילעריע האָבען געמוזט געשיקט ווערען געגען די בונטאָווטשיקעס, וועלכע מען האָט פֿריהער געקענט איינשרעקען מיט עטליכע צעהנדליג סאָלדאַטען.

דיעזע פּאָווסטאַניעס פֿון איין זייט, און פֿון דער אַנדערער זייט, די טיעפֿע שנאה צו די פּאַנשטשיזנע, וועלכע איז ארויסגעוואַקסען צוזאַמען מיט׳ן דור פֿון דער צייט פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, האָבען אַלץ מעהר און מעהר געטריעבען צו דער בעפֿרייאונג פֿון רוסישען מוזשיק. דער קייזער, זייענדיג זעלבסט אַ געגנער פֿון פּאַנשטשיזנע און אונטערשטיצט, אָדער ריכטיגער, בעאיינפֿלוסט פֿון זיין פֿרוי, זיין ברודער קאָנסטאַנטין און פֿון דער גרויספֿירסטין העלענאַ פּאַוולאָווְנאַ, האָט געמאַכט דעם ערשטען שריט אין דיעזער ריכטונג. ער האָט געוואָלט, אַז דער אָנהויב פֿון דיעזער רעפֿאָרמע, זאָל געמאַכט ווערען פֿון דעם אַדעל, די פּעאָדאַלאָרדען גופֿא. אָבער אין קיין גובערניע פֿון רוסלאַנד האָט זיך די דוואָריאַנסטוואָ ניט געלאָזען איינריידען צו שיקען אַזא מין פּראָשעניע צום רוסישען קייזער. אין מערץ 1856, האָט ער אַליין געהאַלטען אַ רעדע פֿאַר׳ן מאָסקווער אַדעל, וואו ער האָט ערקלעה־ט די נויטווענדיגקייט פֿון אַזאַ שריט. אויף זיין רעדע האָבען איהם די פּריצים געענטפֿערט מיט אַ טויטער שטילקייט. אַלעקסאַנדער, ווערענדיג גוט אין כעס, האָט געענדיגט דאָן מיט די בעריהמטע ווערטער פֿון אַלעקסאַנדער הערצען:

„מיינע הערען, עס איז בעסער, אַז די בעפֿרייאונג זאָל קומען פֿון אויבען, ווי צו וואַרטען, ביז זי וועט קומען פֿון אונטען".

און אפילו דיעזע ווערטער האָבען קיין פּעולה ניט געהאַט און מ׳האָט זיך ענדליך געמוזט ווענדען צו די אַלט־פּוילישע גובערניעס, גראָדנא, ווילנא און קאָוונא, — וואו נאַפּאָלעאָן דער ערשטער האָט שוין געהאַט

אָבגעשאַפֿט די לייבאייגענשאַפֿט (אויף׳ן פּאַפּיער) אין 1812. דער גענעראַל גובערנאַטאָר פֿון דיזע גובערניעס, נאַזימאָף, האָט קוים מיט צרות גע־קראָגען די געווינשטע ביטע פֿון דעם פּוילישען אַדעל.

אין נאָוועמבער, 1857, איז אַרויסגעלאָזען געוואָרען דער צאַרסקי פּריקאַז צו נאַזימאָף׳ן און אין דיזען בעריהמטען פּריקאַז דריקט דער צאַר אויס זיין באַגעהר, צו בעפֿרייען די לייבאייגענע. מיט טרערען אין די אויגען האָבען מיר דאַן געלעזען דעם בריליאַנטענעם ארטיקעל פֿון הערצען: „דו האָסט געזיעגט, אָה ריעז!", אין וועלכען די לאָנדאָנער ניהיליסטען האָבען ערקלעהרט, אַז זיי וועלען פֿון דאַן אָן ניט מעהר בעטראַכטען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען אַלס אַ שונא זייערען, נאָר זיי וועלען איהם אדרבה העלפֿען אין דער גרויסער בעפֿרייאונגס־ארבייט.

די שטעלונג פֿון די רוסישע מוזשיקעס איז געווען אַ מערקווירדיגע. קוים האָט זיך פֿערשפּרייט די נייעס, אַז די לאַנג־ערוואַרטעטע בעפֿרייאונג קומט, און די פּאָוסטאַניעס האָבען כמעט מיט איין מאָהל אויפֿגעהערט. דאָס פֿאָלק האָט איצט געוואַרט און ווען אַלעקסאַנדער האָט דורכגערייזט דורך צענטראַל רוסלאַנד, זיינען די פּויערים איהם אומעטום געפֿאַלען צו די פֿיס און איהם געבעטען, ער זאָל זיי בעפֿרייען; אָבער אויף דיזע בקשות האָט ער געקוקט מיט פֿעראַכטונג. עס איז מערקווירדיג — אזוי שטאַרק איז די קראַפֿט פֿון די טראַדיציע — אַז צווישען די מוזשיקעס האָט זיך פֿערשפּרייט אַ סלוך, אַז נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט דאָס געפֿאָדערט פֿון׳ם צאַר, אין זייער פֿריעדענס פֿערהאַנדלונג, אַז די לייבאייגענע זאָלען בעפֿרייט ווערען. דיזען סלוך האָב איך אָפֿט געהערט און כמעט ביי דער לעצטער מינוט, האָבען זי נאָך אַלץ ניט געוואָלט גלויבען, אַז זיי קענען בעפֿרייט ווערען אָהן די אויסלענדישע מעכטע. „זיי וועלען קיין זאַך ניט טהאָן סיידען גאַריבאַלדי זאָל קומען", האָט אַ מוזשיק אַ מאָהל אַ זאָג געטהאָן אַ קאַמעראַד מיינעם, וועלכער האָט מיט איהם געשמועסט מכח די „קומענדע בעפֿרייאונג".

אָבער נאָך דיזע מינוטען פֿון אַלגעמיינער שמחה, זיינען געקומען יאָהרען פֿון אונזיכערהייט און אונרוה. ספּעציעל ערוועהלטע קאָמיטעטען אין דער פּראָווינץ און אין פּעטערסבורג האָבען דיסקוטירט די פֿאָרגע־שלאָגענע בעפֿרייאונג פֿון די פּאַנשטשיזניקעס, אָבער אַלעקסאנדער דער צווייטער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקענט ענטשליעסען. אויף׳ן מויל פֿון דער פּרעסע האָט מען תמיד אַרויפֿגעלייגט אַ שלאָס, זי זאָל ניט בע־שפּרעכען קיין איינצעלהייטען. טרויעריגע סלוכען האָבען זיך געלאָזט הערען אין פּעטערסבורג און זיינען דערגאַנגען ביז צו אונזער קאָרפּוס.

ס׳האָבען ניט געפֿעהלט קיין יונגע מענשען פֿון צווישען די פּריצים,

וועלכע האָבען ערנסט געאַרבייט פאַר אַ פאָלשטענדיגע אָבשאַפונג פון דער אַלטער קנעכטשאַפט, אָבער די שקלאַפען־פּאַרטיי האָט זיך אַלץ ענגער און נעהענטער צוגעדרענגט צום קייזער און אַלץ מעהר מאַכט אויסגעאיבט אויף זיין גייסט. זיי האָבען איהם איינגעשושקעט אין אויער אריין, אַז דעם זעלבען טאג, ווען די פּאַנשטשיזנע ווערט אָבגעשאַפט, וועלען די מוזשיקעס אויס־קוילענען אַלע לאַנד־בעזיצער און רוסלאַנד וועט האָבען אַ נייעם פּוגאַטשאָוו בונט, פיעל שרעקליכער, ווי דער אין 1773. אַלעקסאַנדער, וועלכער איז זיך געווען אַ מענשעלע מיט אַ שוואַכען כאַראַקטער, האָט גלייך אָנגעהויבען צו פּלאָטערן פאַר דער צוקונפט, אָבער צו שפּעט. די גרויסע מאַשין, אויס־צואַרבייטען אַ בעפרייאונגס־געזעץ, האָט זיך שוין געהאַט גענומען ריהרען. די קאָמיטעען האָבען אָבגעהאַלטען זייערע זיצונגען; מאַסען בעפרייאונגס־פּלענער, וואָס וואַרען צוגעשיקט צום קייזער, האָבען צירקולירט אין מאַנו־סקריפּט אָדער וואַרען אָבגעדרוקט אין לאָנדאָן. הערצען, אונטערשטיצט פון טורגעניעוו׳ן, וועלכער פלעגט איהם מודיע זיין אַלעס, וואָס ס׳געהט פאָר אין די רעגיערונגס־קרייזען, האָט אין זיין „קאָלאָקאָל" און אין זיין „פּאָליאַרנאַיאַ זוויעזדאַ" גענוי בעשפּראָכען אַלע פערשיעדענע פּלאַנען און טשערנישעווסקי אין דעם „סאָווערעמעניק".

די סלאַוואָפילען, בעזונדערס אַקסאַקאָוו און בעליאַיעוו, האָבען זיך געפּאָלזעוועט מיט די ערשטע מינוטען פון דער כלומרשט׳דיגער פּרעס־פרייהייט און האָבען דעם ענין גענוי און גרינדליך דיסקוטירט אין דער גאַנצער עפענטליכער פּרעסע אין רוסלאַנד. דאָס גאַנצע אינטעלעקטועלע פּעטערסבורג האָט געהאַלטען מיט הערצען און בעזאָנדערס מיט טשערני־שעווסקי׳ן. איך געדענק, ווי גוואַרדיע־אָפיצירען פלעגען זיך קאָבען פאַר טשערנישעווסקי׳ן, דער פיהרער־ פון דער פּאָרטגעשריטענער פּאַרטיי פון׳ם בעפרייאונגס־קאַמפּף. די גאַנצע האַלטונג פון פּעטערסבורג, אין די פּאַלאַצען, ווי אין די גאַסען, איז געווען אַזעלכע, אַז צוריקגעהן וואַר שוין אונמעגליך. די פּאַנשטשיזנע האָט געמוזט אָבגעשאַפט ווערען. און נאָך אַ וויכטיגען פּונקט האָבען מיר געוואונען, — די בעפרייטע מוזשיקעס האָבען געזאָלט קריגען, אַ חוץ אַ הויס, אויך די לאַנד, וועלכע זיי פלעגען פריהער בעאַר־בייטען פאַר זיך זעלבסט.

פון דעסטוועגען, האָט די פּאַרטיי פון׳ם אַלטען אַדעלשטאַנד, דעם מוטה ניט פערלוירען. זיי האָבען אָנגעווענדעט אַלע כוחות אָבצולייגען די רעפאָרמע צו פערקלענערן די שטיקלאך ערד פון די מוזשיקעס און אַרויפ־צולייגען אויף די בעפרייטע אַזעלכע שווערע צינזען פאַר זייער גרונט, אַז פון זייער גאַנצער עקאָנאָמישער בעפרייאונג וואָלט זיך אויסגעלאָזען אַ

חלום; און דאָס איז זיי ווירקליך געלונגען. אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט ענטזאַגט די וויכטיגסטע פערזאָן פון דער גאַנצער בעוועגונג, ניקאָלאַי מי־ליוטין (דעם קריעגס־מיניסטער'ס אַ ברודער) מיט די ווערטער: „ס'טהוט מיר זעהר לייד זיך צו שיידען מיט דיר, אָבער איך מוז, די פריצים האַל־טען דיך פאַר איינעם פון די רויטהע".

די ערשטע קאמיטעס וואַרען אויך ענטזאַגט, און נייע קאָמיטעס האָבען רעווידירט די גאַנצע אַרבייט, האָבענדיג אין זינען די אינטערעסען פון די דוואָריאַנעס. די פרעסע האָט מען ווידער אַ מאָהל פאַרמאַכט דאָס מויל.

ס'איז געוואָרען אומעדיג אויפ'ן הארצען. מי האָט אָנגעהויבען פרעגען צי די בעפרייאונג וועט גאָר איבערהויפט שטאַטפינדען. פיבער־האַפט האָב איך פערפאָלגט דעם קאַמפף, און יעדען זונטאַג, ווען מיינע קאַמעראַדען זיינען געקומען פון דער היים, פלעג איך ביי זיי אויספרעגען וואָס זייערע עלטערען זאָגען. אויפ'ן סוף 1860, איז די נייעס געוואָרען אַלץ ערגער. „די וואַליועף" פאַרטיי האָט געקראָגען די אויבער האנד. זיי גע־העט איבערקוקען די גאַנצע אַרבייט. די קרובים פון דער פירסטין, (דעם צאַר'ס אַ פריינדין) אַרבייטען שטאַרק אויף איהם, די בעפרייאונג ווערט אָבגעלייגט: זיי האָבען מורא פאַר אַ רעוואָליוציאָן.

אין יאַנואַר, 1861, האָט מען אָנגעהויבען הערען בעסערע סלוכען, און אַלע האָבען געהאָפט, אז אין דעם טאָג פונ'ם קייזער'ס טראָהן־בע־שטייגונג, דעם 19 פעברואַר, וועט מען הערען פריילִיכע נייעס מכח די בעפרייאונג.

דער 19־טער איז געקומען, אָבער ער האָט מיט זיך קיין זאַך ניט מיטגעבראַכט. יענעם טאָג בין איך געווען אין פאַלאַץ. אַלס פּאַזש, בעגלייִ־טענדיג פון פאַלאַץ ארויס איינע פון די פרינצעסעס, בין איך געשיקט גע־וואָרען אויפזוכען איהר מאַן. מי האָט איהם ארויס גערופען פון צאַר'ס ביי־בליאָטעק, און איך האָב איהם גזואָגט וועגען די פאַרלעגענהייט פון זיין פרוי, ניט האָבענדיג דעם מינדעסטען חשד מכח די וויכטיגע ענינים, וואָס זיינען פיליִיכט אין צאַר'ס צימער גראַד דאַן בעשפראָכען געוואָרען. אויסער עט־ליכע געציילטע פערזאָנען האָט קיינער ניט געהאַט דעם מינדעסטען פער־דאַכט, אַז דער בעפרייאונגס־מאַניפעסט איז אונטער געשריבען געוואָרען דעם 19־טען פעברואַר, און אַז מי האָט איהם צוריק געהאַלטען צוויי וואָ־כען, נאָר ווייל דער קומענדער זונטאַג איז געווען דער אָנהויב פון דער מאַסליאַניצאַ וואָך, און מי האָט מורא געהאַט, אַז עס זאָל ניט קומען צו גרויסע אונרוהען, מחמת אין דער וואָך שכור'ן די מוזשיקעס מעהר ווי

אימער. אַפילו דער קאַרנאַוואַל יריד, וועלכער פּלעגט תמיד אָבגעהאַלטען ווערען לעבען ווינטער פּאַלאַץ אין פּעטערסבורג, איז דעם יאָהר איבער געפֿיהרט געוואָרען אויף אַנאַנדער פּלאַץ, אויף אַזוי פֿיעל האָט מען זיך געשראָקען פֿאַר אַ פֿאָלקס-אויפֿשטאַנד. שרעקליכע אוקאַזען זיינען עקסטראַ אַרויס געלאָזען געוואָרען צו דער אַרמעע זי זאָל וויסען ווי זיך צו באַגיין אין דער צייט פֿון די פֿויערשע פּאָווסטאַניעס.

צוויי וואָכען שפּעטער, מערץ דעם 5-טען, בין איך געווען אין קאָרפּוס, זיך פּאַרפּאַרטיגען צום מיליטער פּאַראַד אין דער רייט שולע. איך בין נאָך געבליבען אין בעט, ווען מיין דענשטשיק איוואַנאָף, איז ראַפּטאָם אַריין מיט דער טהעע-טאַס אין האַנד און האָט אויסגעשריען: „פּרינץ, פֿרייהייט! דער מאַניפעסט איז אויפֿגעקלעפּט אויף׳ן גאָסטינאַי דוואָר.״

„האָסטו איהם אליין געזעהן?״

„יאַ! מענשען שטעהן אַרום; איינער לייענט, די אַנדערע הערען, עס איז פֿרייהייט!״

אין אַ מינוט בין איך געווען אָנגעטאָהן און אַרויס. אַ קאַמעראַד האָט מיך בעגעגענט אין טיהר.

„קראַפּאָטקין, פֿרייהייט!״ האָט ער אַ געשריי געטאָהן, „אָט איז דער מאַניפֿעסט. מיין פֿעטער האָט נעכטען געהערט, אַז ער וועט פֿאָרגעלעזען ווערען ביים ערשטען קירכע-דיענסט אין דעם איזאַק-קלויסטער״. איך בין אַלזאָ אַהין געגאַנגען. קיין סאַך מענשען זיינען דאָרט ניט געווען; בלויז מוזשיקעס. דעם מאַניפֿעסט האָט מען געלייענט און דערנאָך פֿערטהיילט. זיי האָבען גוט פֿערשטאַנען זיין בעדייטונג. ווען איך בין אַרויס פֿון קלויסטער, האָבען צוויי פויערען, וועלכע זיינען געשטאַנען ביים טויער, צו מיר געזאָגט מיט אַ קאָמישע מינע: „נו, פּרינץ? איצט — אלעס פֿערטיג?״ און מיין קאַמעראַד האָט נאָך געמאַכט די מימיקע, מיט וועלכע די מוזשיקעס האָבען איהם געוויזען די טיהר. אין דיזען מאָך מיט דער האַנד, אוועק שייקענדיג זייער מייסטער, זיינען געלעגען בעהאַלטען לאַנגע יאָהרען פֿון האָפֿענונג.

איך האָב געלייענט און ווידער געלייענט דעם מאַניפֿעסט. ער וואַר געשריבען אין אַ זעהר הויכען סטיל פֿון פֿילאַרעט, דעם הויפּט בישאָף פֿון מאָסקוואַ. די געמישאַכץ פֿון רוסיש מיט אַלט-סלאַוויאַניש האָט פֿאַרדעקט דעם זין. ס׳איז געווען פֿרייהייט: אָבער עס איז נאָך ניט געווען פרייהייט. די פויערים האָבען געמוזט פֿערבלייבען קנעכט נאָך גאַנצע צוויי יאָהר, ביז דעם 19-טען פֿעברואַר, 1863, ניט קוקענדיג אויף דעם אלעס. איין זאַך איז דאָך געווען קלאָר: די פּאַנשטשיזנע וואַר אָבגעשאַפֿט, און די

בעפּרייטע פויערים וועלען קריגען זייער היים און זייער לאַנד. אמת, זיי וועלען מוזען בעצאָהלען פאַר דעם, אָבער דער אַלטער פלעק פון שקלאַ־פעריי איז אָבגעוואַשען געוואָרען. זיי וועלען מעהר קיין שקלאַפען ניט זיין, די רעאַקציאָן האָט ניט אויסגעפיהרט.

מיר זיינען אַוועק צום פּאַראַד; און ווען אלע מיליטירישע פאָר־שטעלונגען זיינען געווען געענדיגט, האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער, בלייבענדיג אין זאָטעל, אַ געשריי געטאָהן: „די אָפיצירען צו מיר!" זיי האָבען איהם אַרום גערינגעגעלט, און ער האָט אָנגעהויבען מיט אַ הויכען קול אַ רעדע וועגען די גרויסע עראייגניס פון טאָג.

„די אָפיצירען... די פאָרשטעהער פון דעם אַדעל אין דער ארמעע"— דיעזע שטיקלאַך פראַזען האָבען מיר קוים דערהערט—„אַ סוף איז גע־מאַכט געוואָרען צו יאָהרהונדערטע פון אונגערעכטיגקייט... איך ערוואַרט שטיצע פון דוואָריאַנעס... די לאָיאַלע פריצים וועלען געהן האַנד אין האַנד מיט דעם קייזער"... א. ז. וו. ס'האבען זיך געהערט פייערדיגע הוראַס, ווען ער האָט געענדיגט.

מיר זיינען ניט געגאַנגען, זאָנדערן געלאָפען צוריק אין קאָרפּוס אַריין,—זיך איילענדיג צו דער איטאַליענישער אָפּעראַ; דעם נאָכמיטאַג האָט נעמליך געזאָלט געגעבען ווערען די לעצטע פאָרשטעלונג פון סיזאָן: מיר האָבען ערוואַרטעט נאָך אַ שטיקעל שמחה אויך. אויף גיך, האָבען מיר פון זיך אַראָב געוואָרפען די יוניפאָרמס, און מיר האָבען זיך דערלאַנגט אַ לאָז אויף דער זעקסטער גאַלאָרקע אַרויף, ווי די האָזען. דער טעהאַטער איז געווען געפּאַקט.

נאָכ'ן ערשטען אַקט איז דער רויך־צימער פון דער אָפּערא געווען פול מיט אויפגערעגטע יונגע לייט, און אַלע האָבען גערעדט איינער מיט'ן אַנדערען, סיי בעקאַנטע, סיי ניט בעקאַנטע. מיר האָבען גלייך בעשלאָסען צוריק צו געהן און אָנצוהויבען זינגען צוואַמען מיט'ן פּובליקום „באָזשע צאַריאַ כראַני".

אָבער מיר האָבען דערהערט דעם קלאַנג פון מוזיק און מיר זיינען שנעל אַריין אין זאַאַל. די אָרקעסטראַ האָט שוין געהאַלטען אין שפּילען דיעזע נאַציאָנאַלע ליעד, און פון אַלע זייטען האָבען זיך געהערט געוואַלדיגע הוראַס. איך האָב געזעהען, ווי דער קאַפּעל־מייסטער באַוועריני האָט גע־אַרבייט מיט זיין שטעקעלע, אָבער פון דער מעכטיגער אָרקעסטראַ האָט זיך ניט געהערט דער מינדעסטער קלאַנג. דאַן האָט באַוועריני געסטאָפּט. אָבער די הוראַס האָבען נאָך אַלץ אָנגעהאַלטען. ווידער האָט דער שטעקעלע אָנגעהויבען וועהען אין דער לופט; די סמיקעס האָבען גענומען

ליופֿען איבער די פֿידלען און מיר האָבען געזעהען ווי די טרומפּייטער האָבען געבלאָזען אין זייערע טרובעס, אָבער די קולות האָבען זיי אַלעמען פֿאַרהילכט.

די זעלבע בעגייסטערונג האָט געהערשט אין די גאַסען. מאַסען מוזשיקעס און געבילדעטע לייט זיינען געשטאַנען פֿאַר׳ן פּאַלאַץ, שרייענדיג הוראַ, און ווי נור דער צאַר האָט זיך געוויזען, זיינען איהם די הוראַשרייערס נאָכגעלאָפֿען נאָך דער קאַרעטע. הערצען איז געווען גערעכט, ווען מיט צוויי יאָהר שפּעטער, בעת אַלעקסאַנדער האָט דערטרונקען דעם פּוילישען מיאַטיעזש אין בלוט, און „מוראַוויאָף דער תליון" האָט איהם געוואָרגען אויף׳ן תליה, האָט ער געשריבען: „אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש, פֿאַר וואָס ביסטו ניט געשטאָרבען אין יענעם הערליכען טאָג? דיין נאָמען וואָלט דאָך פֿערבליבען אין דער היסטאָריע אַלס דער נאָמען פֿון אַ העלד".

וואו זיינען אַהינגעקומען די מיאַטעזשען, פֿאַר וועלכע די שקלאַפֿישע נשמות האָבען מורא געהאַט? ערגערע אומשטענדען, ווי די, וועלכע זיינען אַרויסגערופֿען געוואָרען דורך דעם אונבעשטימטען בטפּרייאונגס מאַניפֿעסט, האָבען שוין ניט געקענט זיין. אַז דער אונקלאָהרער פּריקאַז האָט קיין אויפֿשטאַנד ניט אַרויסגערופֿען, איז ווירקליך אַ וואונדער. און דאָך איז רוסלאַנד געבליבען רוהיג, רוהיגער ווי פֿריהער. מיט זייער געוויינליכען געזונטען שכל האָבען די מוזשיקעס בעגריפֿען, אַז די שקלאַפֿעריי איז אָבגעשאַפֿט געוואָרען, אַז „פֿרייהייט קומט", און זיי האָבען אָנגענומען די קאָנדיציאָנען, וועלכע מי האָט אויף זיי אַרויף געלייגט, כאָטש זיי זיינען געווען זעהר שווער פֿאַר זיי.

איך וואַר אין ניקאָלסקאיע אין אַווגוסט, 1861, און אין זומער, 1862, און איך בין געווען ערשטוינט צו מערקען ווי רוהיג און קלוג די פּויערים האָבען עמפּפֿאַנגען די נייע קאָנדיציאָנען. זיי האָבען גוט געוואוסט, ווי שווער ס׳וועט זיי זיין צו צאָהלען די שווערע אויסכויף טאַקסע פֿאַר׳ן לאַנד, וועלכעס האָט אייגענטליך געהייסען אַ פֿאַרגעלטונג צו די פּריצים פֿון דער פֿריהעריגער פֿאַנשטשיזנע. אָבער זיי האָבען אויף אַזוי פֿיל געשעצט די אָבשאַפֿונג פֿון זייער פּערזענליכער שקלאַפֿעריי, אז זיי האָבען זאָפֿאָרט איינגעשטימט אויף די אונגעהייערע טאַקסע—ניט אָהן מורמלען, נאָר וואָס האָבען זיי זיך געקענט העלפֿען?

די ערשטע עטליכע מאָנאַטען האָבען זיי געהאַלטען יום טוב צוויי טעג אין וואָך, טעה׳נדיג, אַז עס איז אַ עבירה צו אַרבייטען פֿרייטאָג; אָבער ווען דער זומער איז געקומען, האָבען זיי זיך גענומען צו דער אַרבייט מיט מעהר ענערגיע, ווי אימער.

ווען איך האָב געזעהען אונזערע ניקאָלסקאָיער מוזשיקעס פּופּצעהן מאָנאַט נאָך דער בעפרייאונג, האָב איך זיי ווירקליך בעוואונדערט. זייער מיט געבוירענע גוטסקייט און ווייכהערציגהייט איז ביי זיי געבליבען, אָבער יעדער שפור פון קנעכטזעליגקייט וואָד פאַרשוואונדען. זיי האָבען גערעדט צו זייערע מייסטערס, ווי צו זייער גלייכען, פונקט ווי זיי וואָלטען גאָר קיין מאָל קיין פּריצים איבער זיי ניט געווען. און א חוץ דעם, האָבען זיך נאָך געיאַוועט צווישען זיי אַזעלכע, וועלכע האָבען געוואוסט, ווי צו קעמפּפען פאַר זייערע רעכטע. דער מאַניפעסט איז געווען אַ דיקער שווערער בוך, וועלכער איז מיר אַליין אַנגעקומען שווער צו פערשטעהן; אָבער, ווען וואַסילי איוואַנאָף, דער ניקאָלסקאָיער פאָרשטעהער, איז צו מיר איין מאָל געקומען. איך זאָל איהם ערקלערען עטליכע ניט קלאָרע שטעלען דאַרין, האָב איך אויסגעפונען, אַז ער, וועלכער האָט אפילו ניט געקענט ריכטיג לעזען, האָט דאָך ריכטיג פערשטאַנען די פאַרפלאָנטערטע פאַראַגראַפען פון דעם געזעץ.

די הויז־דינער האָבען נעבעך אָבגעשניטען צום ערגסטען. זיי האָבען קיין לאַנד ניט געקראָגען, און זיי וואָלטען גאָר ניט געוואוסט וואָס מיט דעם לאַנד צו מאַכען, ווען זיי וואָלטען עס געקראָגען. אין אונזער געגענד האָבען זיי כמעט אַלע פאַרלאָזען זייערע העררען; צום ביישפּיל, אין מיין פאָטער'ס הויז איז קיין איינציגער ניט פערבליבען. זיי זיינען אַוועק זוכען שטעלען אַנדערשוואו, און אַ סאַך האָבען געפונען ארבייט ביי די סחרים, די אויפגעקומענע, וועלכע האָבען שטאָלצירט מיט דעם און דעם פּרינץ'ס קוטשער, דעם און דעם גענעראַל'ס קעכין. די וואָס האָבען געקענט אַ מלאכה, האָבען געקראָגען ארבייט אין שטאָט: אונזער קאַפּעלע, למשל, איז זיך געבליבען אַ קאַפּעלע, און האָט זיך געמאַכט אַ נישקשה'דיגען לעבען אין קאַלוגאַ; מיט אונז זיינען זיי פערבליבען זעהר פריינדליך. אָבער די, וואָס האָבען קיין מלאכה ניט געהאַט, האָבען פיעל געליטען; און דאָך זיינען זיי דאָס רוב געווען צופרידען ווי ניט איז, אבי ניט בלייבען קנעכט ביי די פּריצים.

וואָס אָנבעלאַנגט די לאַנד־בעזיצער, האָבען די גרעסערע פון זיי געטרייעט אין פּעטערסבורג מיט אַלע כוחות צוריק צו ברענגען די אלטע צושטענדע אונטער אַזאַ אָדער אַזאַ נאָמען (ס'איז זיי געלונגען ביז אַ געוויסען גראַד אונטער אלעקסאַנדער דעם דריטען); וועהרענד די גרויסע מעהרצאָהל פּאָמיעסטשיקעס האָבען זיך אונטערוואָרפען אונטער דער אָבשאַפונג פון דער פּאַנשטשיזנע, ווי אונטער א מין אונפערמיידליכען אומגליק. דער יונגער דור האָט פערנומען פיעלע פון די שטעלען פון יענע מערק־

ווירדיגע סודיאַ׳ס און פֿריעדענס־ריכטער, וועלכע האָבען פֿיעל בייגעשטייערט דערצו, וואָס די בעפֿרייאונג האָט זיך אויסגעלאָזען אַזוי שטיל און פֿריעדליך. דער אַלטער דור ווידער, האָט, דאָס רוב פֿון זיי, גלייך גענומען חשבון׳ען, ווי פֿיעל געלד זיי וועלען אריינקריגען פֿון די מוזשיקעס פֿאַר זייער גרונד, וועלכען מ׳האָט געשעצט פֿיעל העכער ווי עס איז ווירקליך ווערטה געוועזען צו יענער צייט. זיי האָבען שוין געפּלאַנעוועט ווי אַזוי צו פֿערשווענדען די גרויסע סומען אין סאַלאָנען און ביי די גרינע טישען פֿון די גרויסע שטעט. און ווירקליך האָבען זיי כמעט אַלע דאָס געלד פֿערשווענדעט אַזוי שנעל, ווי זיי האָבען עס געקראָגען אין די הענד אריין.

פֿאַר פֿיעלע פּריצים איז די בעפֿרייאונג געווען אַ זעהר גוטער משא ומתן. צום ביישפּיעל, די לאַנד, וועלכע מיין פֿאָטער האָט אויספֿערקויפֿט, זיך דערוויסענדיג פֿון דער בעפֿרייאונג פֿון די מוזשיקעס, צו עלף רובל דעם רוסישען אַקער, איז איצט, נאָך דער בעפֿרייאונג, גערעכענט געוואָרען צו פֿערציג רובל, — ד. ה. דריי און אַ האַלב מאָהל איבער דעם מאַרק־פּרייז, — און אַזוי איז עס געווען אין דער גאַנצער געגענד און אין מיין פֿאָטער׳ס אימעניע פֿון טאַמבאָוו, אין די סטעפּעס, האָט דער „מיר", די דאָרפֿס־קאָמונע, געדונגען זיין גאַנצע לאַנד אויף צוועלף יאָהר, איהם צאָהלענדיג צוויי מאָהל אַזוי פּיעל, ווי ער האָט געפּלעגט קריגען פֿריהער דורך די שקלאַפֿען־ארבייט.

עלף יאָהר נאָך יענער מערקווירדיגער צייט, בין איך אַוועק אין טאַמבאָוו, וועלכע איך האָב גע׳ירש׳נט פֿון פֿאָטער. איך האָב מיך דאָרט אויפֿגעהאַלטען עטליכע וואָכען און פֿאַר מיין אָבפֿאָהרען, איז אונזער דאָרפֿס־גלח — אַן אינטעליגענטער מאַן מיט אונאַבהענגיגע אידעען—איין אָוועגד אַרוים אויף אַ שפּאַציער אַרום דאָרף. דער זאָנענאונטערגאַנג איז געווען אַ הערליכער; פֿון די סטעפּעס האָט זיך געטראָגען אין דער לופֿט אַ באַלזאַם ריח. דער גלח האָט בעגעגענט אַ מיטעל־יעהריגען מוזשיק — אַנטאָן סאַווועליעף — זיצענדיג אויף אַ בערגעל אויסערען דאָרף און לייענענדיג פֿון אַ תהלים־ביכעל. דער מוזשיק האָט קוים געקענט ריכטיג לייענען דאָס אַלט סלאַוויאַנישע און אָפּטמאָהל פֿלעגט ער אָנהויבען פֿון סוף און בלעטערן צום אָנהויב צו, ווייל אַזוי איז איהם דאָס לייענען בעסער געפֿעלען. איצט האָט ער גראַדע געלעזען די קאַפּיטלאַך, וואָס הויבען זיך אָן מיט די ווערטער: „פֿרייט זיך".

„וואָס לייענסטו?", האָט דער גלח אַ פֿרעג געטהאָן.

„נו, הייליגער, איך וועל דיר זאָגען", האָט עד געענטפֿערט „פֿערצעהן יאהר צוריק איז דער אַלטער פּרינץ אַהער געקומען. עס איז געווען אין

ווינטער. איך בין גראַד דאַמאָלס צוריקגעקומען אַהיים כמעט אַ דערפֿרוירענער. ס'איז געווען אַ שרעקליכער שניי־שטורם. קוים האָב איך מיך גענומען אויסטהאָן, ווי איך דערהער פּלוצים אימיצען קלאַפּען אין פֿענסטער: דאָס איז געווען דער וואָיט, וועלכער האָט אַ געשריי געטהאָן: „שנעל צום פּר׳נץ! ער ברויך דיך!" מי־ זיינען אַלע — מיין ווייב און די קינדער, — געבליבען אַזוי ווי דער דונער וואָלט אונז געטראָפֿען".

„וואָס קען ער דיר ברויכען?" האָט דאָס ווייב אויסגעשריען מיט אַנגסט. איך האָב מיר איבערגע'צלס'ט און בין אַוועק. דער שטורם האָט מיר כמעט די אויגען פֿון קאָפּ אַרויסגעשניטען, אַריבערגעהענדיג איבער'ן בריק. נו, געענדיגט האָט עס זיך נאָך מיט חסד. ווען דער אַלטער פרינץ האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון זיין אַבענד־שלאָף, האָט ער מיך געפֿרעגט, צו איך קען טינקעווען און האָט מיר געהייסען קומען מאָרגען און פֿערקלעפּען די וועגט. איך בין דאַן אַוועק אַהיים אַ גליקליכער און ווען איך בין צו צום בריק, האָב איך דאָרט געטראָפֿען מיין ווייב. זי איז דאָרט געשטאַנען די גאַנצע צייט אין שטורם מיט'ן קינד אויף די הענד, וואַרטענדיג אויף מיר אין היילע ציטערנים. „וואָס הערט זיך סאַוועליטש?" האָט זי אויסגעשריען, „גאָט זיי דאַנק, מיט חסד; מי מוז דאָרט פֿאַרריכטען די וואַנד". דאָס, פֿאָטער, איז געווען פֿאַר'ן אַלטען פרינץ און איצט איז דאָ ניט לאַנג אָנגע־קומען דער יונגער פרינץ. איך בין אַוועק זיך זעהען מיט איהם און האָב איהם געטראָפֿען אין גאָרטען מיט דיר, פֿאָטער, און מיט'ן וואָיט ביי'ם סאַמאָוואַר. „וועסט טרינקען טהעע מיט אונז?", גיט ער ביי מיר אַ פֿרעג און הייסט דעם אַלטען עקאָנאָם — אַי איז דאָס געווען אַ טערראָר בעת דער אַלטער פרינץ האָט געלעבט — דערלאַנגען אַ בענקעל און מיר זיצען אַלע ביי'ם טיש און פּלוידערען גאַנץ פֿריינדליך און דער פרינץ גיסט אָן פֿאַר אַלעמען טהעע. נו, הייליגער באַטיושקאַ, דער אָוועגד איז אַזוי שעהן, ס'שמעקט מיט באַלזאַם פֿון די סמעפּעס און איך זיץ מיר דאָ און לייען: „פֿרייט זיך! פֿרייט זיך!".

אָט דאָס איז געווען די בעדייטונג פֿון דער אָבשאַפֿונג פֿון לייב־אייגענשאַפֿט פֿאַר די מזושיקעס.

אין יוני, 1861, בין איך ערוועהלט געוואָרען וואַך־מייסטער פֿון דעם פּאַזשען־קאָרפּוס. אמת, מאַנכע פֿון אונזערע אָפֿיצירען האָבען זיך דערמיט ניט שטאַרק געפֿרייט, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אַז די דיס־ציפּלינע זאָל ניט צופֿיעל ליידען פֿון מיין וואַכמייסטערשאַפֿט! אָבער, וואָס האָט מען געקענט העלפֿען? אַלס וואַך־מייסטער האָט מען געוועהנליך ערוועהלט דעם בעסטען שילער פֿון קלאַס און איך בין געווען דער

בעסטער עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד. דיעזע שטעלע האָט זיך גערעכענט פֿאַר אַ זעהר ווינשענסווערטהע, ניט בלויז דערפֿאַר וואָס דער וואַך־מייסטער איז געווען אַ פּריווילעגירטע פּערזאָן אין דער שוהלע און איז געוואָרען בעהאַנ־דעלט ווי אַן אָפֿיציר, נאָר בעזאָנדערס דערפֿאַר, ווייל ער איז אויך געווען דעם קייזערס קאַמער־פּאַזש און צו זיין פּערזענליך בעקאַנט מיט׳ן קייזער, האָט בעדייטעט, אַ טריט נעהענטער צו אַ העכערען אַמט. פֿאַר מיר איז אָבער געווען אַם וויכטיגסטען דאָס, וואָס איך בין דאַדורך פֿריי געוואָרען פֿון דער שווערער אַרבייט, וואָס די פּאַזשען האָבען געמוזט טהאָן אין דער שוהלע גופא און אויך וואָס איך האָב בעקומען אַ בעזונדערעס צימער, וואו איך האָב מיר געקענט רוהיג שטודירען.

אמת, איין וויכטיגע שטערונג איז דאָ דערביי געווען: איך האָב מיך תמיד שרעקליך געלאַנגווייליגט, שפּרייזענדיג אַהין און צוריק איבער די צימער, ווי פֿיעל מאָהל אַ טאָג, און איך פֿלעג דאַרום לויפֿען אויף גיך, וואָס דאָס וואַר שטרענג פֿערבאָטען, און איצט, אַלס וואַכמייסטער, וועל איך מוזען געהן זעהר סטאַטעטשנע, מיט׳ן דיענסטבוך אונטערן פּאַכווע! איך האָב זאָגאַר אָבגעהאַלטען אַ קאָנסוליאום מיט עטליכע פֿריינד מיינע מכוח דיעזע וויכטיגע אַנגעלעגענהייט און ס׳איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז פֿון צייט צו צייט, וועל איך נאָך דאָך האָבען די געלעגענהייט צו לויפֿען אַזוי גיך, ווי די פֿיס וועלען מיך טראָגען. וואָס אָנבעלאַנגט צו מיין שייכות מיט אַלע אַנדערע שיהלער, דאָס האָט שוין אָבגעהאַנגען פֿון מיר גופא, זיי צו מאַכען פֿאַר אינטימע חברים, און דאָס האָב איך עבען געטהאָן.

די קאַמער־פּאַזשען האָבען אָפֿט געמוזט זיין אין פּאַלאַץ ביי גרויסע און קליינע שמחות, בעלער, גאַלאַ־מאָהלצייטען א. ז. וו. אין די וואָכען פֿון קריסטמעס, ניי־יאָהר און פּסח, זיינען מיר גערופֿען געוואָרען אין הויף אַריין כמעט יעדען טאָג און מאַנכע מאָהל צוויי מאָהל אין טאָג. און אַ חוץ דעם האָב איך נאָך געמוזט, אַלס וואַכמייסטער, רעפּאָרטען צום קייזער יעדען זונטאג, ביי׳ם פּאַראַד אין דער רייטשוהלע, אַז אַלעס געהט גוט אין דעם פּאָלק פֿון די פּאַזשען, אפילו ווען אַ דריטעל פֿון זיי האָט געליטען פֿון אַן אַנשטעקענדע קראַנקהייט. „זאָל איך ניט מעלדען היינט, אַז ניט אַלעס איז אין אָרדענונג?" האָב איך געפֿרעגט דעם פּאָלקאָווניק, ביי אַזאַ אַנגעלע־גענהייט. „נאָט איז מיט דיר", האָט ער געענטפֿערט, „אַזו וואָס זאָגט מען איהם נור, ווען עס איז א בונט".

דאָס הויף־לעבען האָט אָן ספק אין זיך ראָמאַנטישעס. די עלעגאַנטע מאַניערען, — ווי אָבערפֿלעכליך זיי זאָלען ניט זיין — די שטרענגע עטיקעטע און די בריליאַנטענע אומגעבונג מאַכען אויף אייך א שטאַרקען איינדרוק.

אַ קבלת פּנים אין הויף געהט צו זעהר פּאַראַדנע. און אפילו ווען די קייזערין עמפּפאַנגט עטליכע דאַמען, איז עס אויך אַנדערש בעת די אויפ־נאַהמע. פינדעט שטאַט אין אַ רייך פערפּוצטען זאַאל אין פּאַלאַץ, — די געסט ווערען אַריינגעפיהרט פון קאַמער־הערען אין גאָלד־געשטיקטע אוני־פאָרמען. נאָך דער בעל הבית׳טע געהען נאָך בריליאַנט־געקליידעטע פּאַזשען און אַ סוויטע דאַמען, און יעדע זאַך געהט צו מיט הייליגער ערנסטקייט אַנטהייל צו נעהמען אין די צערעמאָניעס פון הויף, בעדינענדיג די הויפּט־פּערזענליכקייטען, האָט בעדייטעט מעהר, ווי איינפאַכע נייגעריגקייט פאַר אַ אינגעל אין מיינע יאָהרען. און ווי־עדער האָב איך דאַן געקוקט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטען ווי אויף אַ מין העלד; אַ מענשען וועלכער האָט ניט געקעהרט פאַר די הויף־צערעמאָניעס און פלעגט אין יענער צייט אָנהויבען זיין טאָג אַרבייט, אום 6 אוהר אין דער פריה, קעמפּפענדיג זעהר שווער מיט אַ מעכטיגע רעאַקציאָנערע פּאַרטיי, אום דורכצופיהרען אַ סעריע רעפאָרמען, אָנהויבענדיג מיט דער אָבשאַפונג פון דער פּאַנשטשיזנע.

אָבער ביסלעכווייז, צוזעהענדיג אַלץ מעהר די הויף־ספּעקטאַקעלס און וואַרפענדיג אַ בליק פון צייט צו צייט אויף די סצענעס הינטער די קוליסען, האָב איך אויסגעפונען ניט נאָר די נוצלאָזיגקייט פון דיעזע סצענעס און די זאַכען וואָס זיי האָבען געזאָלט בעהאַלטען, זאָנדערן אויך, אַז דיזע קלייניגקייטען האָבען אויף אַזוי פיעל בעשעפטיגט דעם קייזערליכען הויף, אַז עס איז זיי פּשוט ניט איבערגעבליעבען קיין צייט פאַר די פיעל וויכ־טיגערע אַנגעלעגענהייטען. די ווירקליכקייט איז אָפט פערלאָרען געגאַנגען אין דעם פּאַראַדירען; און ווידער איז די שכינה, מיט וועלכע מיין כוח הדמיון האָט אַרומגערינגעלט אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, ביסלעכווייז פערשוואונדען, אַזוי, אַז בייַ׳ן סוף יאָהר האָב איך שוין אין גאַנצען אויפ־געהערט צו שעצען די פאַרבלענדענדע פאַנטאַזיע פון דער ניצליכער טהעַ־טיגקייט אין די קרייזען פונ׳ם קייזערליכען הויף.

ביי יעדען וויכטיגען יום טוב, ווי אויך אין די געבורטסטעג ביי דעם קייזער און די קייזערין, אין דעם קאָראָנאַציאָנס־טאָג און ביי אַנדערע עהנליכע געלעגענהייטען, האָט מען אין פּאלאַץ עמפּפאַנגען פיעל געסט. טויזענדער גענעראַלען און אָפיצירען פון יעדען ראַנג, ביז צום קאַפּיטאַן, ווי אויך ציווילע טשינאָווניקעס, זיינען געווען אויסגעשטעלט אין שורות אין די אונגעהייערע זאַלען פונ׳ם פּאַלאַץ, אום זיך צו בוקען ביי׳ם דורכגאַנג פון דעם קייזער און זיין פאַמיליע, בעת זיי זיינען אַוועק אין קירכע אריין. אַלע מיטגליעדער פון דער קייזערליכער פאַמיליע פלעגען קומען אין אַזעלכע טעג אין פּאַלאַץ אַריין, פלעגען זיך צוזאַמענקומען אין זאַאל און פלוידערן

געמיטליך, ביז דער מאָמענט איז געקומען אָנצוטאָהן אויף זיך די מאַסקע פון היילינגטהום. דאַן האָט זיך די קאָלומנע צוזאַמענגעשטעלט. דער קייזער דערלאַנגענדיג די האַנד דער קייזערין, האָט געעפענט דעם מאַרטש. נאָך איהם איז נאָכגעגאַנגען דער קאַמער־פּאַזש, נאָך איהם ווידער דער גענעראַל־אַדיוטאַנט, דער אַדיוטאַנט, וואָס איז געווען יענעם טאָג אויף פלוזשבע, און דער מיניסטער פונ׳ם קייזערליכען הויף. די קייזערין, אָדער ריכטיגער די אונגעהייערע שלעפּע איהרע, איז אַטענדעט געוואָרען פון איהרע צוויי קאַמער־פּאַזשען, וועלכע האָבען די שלעפּע אויפגעהויבען ביים אומדרעהען זיך, און ווידער נאַכהער אויסגעשפּרייט אין איהר גאַנצער שעהנהייט. דער נאַסלעדניק און אַלע אַנדערע גרויס־פירסטינס און פּרינצעסינס זיינען געווען אויסגעשטעלט לויט נאָך זייער יחוס נאָך, — נאָך יעדע גרויספירסטין איז נאָכגעגאַנגען א קאַמער־פּאַזש. דאַן איז געגאַנגען אַ גרויסע פּראָצעסיע פון הויף־דאַמען, אַלטע, יונגע, אַלע אָנגעטאָהן אין רוסישע קאָסטיומען. בעת די פּראָצעסיע איז דורך, האָב איך געקענט זעהען ווי יעדער פון די עלטסטע מיליטערישע און ציווילנע טשינאָווניקעס, איידער ער האָט זיך געבייגט פאַר׳ן קייזער, האָט זיך נעסטאַרעט באַמערקט צו ווערען, און ווען דער צאַר האָט איהם ווירקליך אַ שמייכעל געטאָהן, אָדער אַ ביסעל אַ נייג געטאָהן דעם קאָפּ, אָדער צופעליג אַ וואָרט געזאָגט, פלעגט ער זיך אַרומקוקען אויף זיינע שכנים פול מיט גאוה און גליק.

פון דער קירכע איז די פּראָצעסיע צוריקגעגאַנגען אויפ׳ן זעלבען אופן און דאַן האָט יעדער געהיילט צורי̇ק אין זיין געשעפט אַריין. אַ חוץ די עטליכע געצעהלטע פערעהרער און עטליכע יונגע דאַמען, האָט אפילו ניט איינער פון צעהן געקוקט אַנדערש אויף דעם, ווי אויף אַ לאַנגווייליגע פּפליכט. צוויי אָדער דריי מאָל ד׳רב׳ן ווינטער, זיינען גרויסע באַלען געגעבען געוואָרען אין פּאַלאַץ, און טויזענדער מענשען זיינען איינגעלאַדען געוואָרען. נאָכדעם, ווי דער קייזער האָט געעפענט דעם באַל, האָט מען געגעבען יעדען איינציגען די פולע פרייהייט זיך צו אַמוזירען ווי ער האָט געוואָלט. אין די גרויסע העל־אילומינירטע זאַלען איז געווען גענוג פּלאַץ פאַר יונגע מיידלאך ענטרונגען צו ווערען פון די עלטערן און פון די טאַנ־טעס זייערע, און אַ סך האָבען ווירקליך הנאה געהאַט פון די טענץ און פון דעם מאָהלצייט.



9.

מיינע פֿליכטען אויף דיעזע בעלער זיינען געווען אַביסעל שווערליך. אַלעקסאנדער דער צווייטער, ניט ער פֿלעגט טאַנצען, און ניט ער פֿלעגט זיך אַוועקזעצען; ער פֿלעגט האַלטען אין איין אַרומגיין צווישען זיינע געסט. און די פֿליכט פֿון זיין קאַמער־פּאַזש איז געווען נאָכצופֿאָלגען איהם אויף אַזאַ אופֿן, דאָס ער זאָל ניט זיין ניט צו ווייט פֿון איהם און ניט צו נאָהענט. אָט דיזעס צו ערגרייכען, איז גאָר ניט געווען אַזאַ לייכטע זאַך, און דער אימפּעראַטאָר האָט דאָס אויך גאָר ניט געפֿאָדערט. ער וואָלט פֿיעל בעסער געוואָלט, מי זאָל איהם גלייכער לאָזען אַליין, נור אַזוי איז שוין געווען דער מנהג, און ער, דער רוסישער צאַר, האָט זיך עס געמוזט אונטערוואַרפֿען איהם. דאָס ערגסטע פֿלעגט זיין, ווען ער פֿלעגט אַריינגעהן אין אַ געדיכטען צירקעל פֿון דאַמען. דאַן איז עס גאָר ניט געווען אַזוי גרינג זיך צו מאַכען אַ וועג דורך דיעזען לעבענדיגען גאָרטען, וועלכער פלעגט עפֿענען אַ דורכגאנג פֿאַר דעם אימפּעראַטאָר, אָבער פֿלעגט זיך גלייך צומאכען הינטער איהם. אָנשטאָט אַליין צו טאַנצען, פֿלעגען הונדערטער דאַמען און מיידלאַך שטעהן דאָרט, שטארק צוזאַמען געדריקט, יעדע פֿון זיי האָפֿענדיג און וואַרטענדיג מיט אַ קלאַפּענדע האַרץ, טאָמער וועט אייגער פֿון די גרויס־פֿירסטען איהר בעמערקען און איינלאַדען איהר צו טאַנצען אַ פּאָלקאַ אָדער אַ וואַלץ.

דער איינפֿלוס פֿון דעם קייזערליכען הויף אויף די פּעטערסבורגער געזעלשאַפֿט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ווען אַ גרויספֿירסט פֿלעגט וואַרפֿען אַן אויג אויף אַ מיידעל, פֿלעגען איהרע עלטערען אָנווענדען אַלע זייערע קרעפֿטען, אַז זייער טאָכטער זאָל זיך ביז צום וואַהנזין פֿארליבען אין דיזען פֿירסט, האָטש זיי האָבען גוט געוואוסט אַז דיזער פֿירסט קען קיין מאָל ניט חתונה האָבען געזעצליך מיט זייער טאָכטער—די רוסישע גרויס־פֿירסטען איז פֿאַרווערט חתונה צו האָבען מיט דעם צאַר׳ס אוגטערטהאַנען. דער געשפּרעך, וואָס איך האָב אמאָל געהערט אין אַזאַ יאָגענאַנטע אנשטענדיגע פֿאַמיליע איבער דעם, ווי דער נאַסליעדניק האָט געטאַנצט מיט זייער טאָכטער, זיבצעהן יאָהר אַלט, און איבער די האָפֿנונגען, וואָס איהרע עלטערען האָבען אויסגעדריקט ביי דיעזע געלעגענהייט, האָט איבערשטיגען אַלעס, וואָס איך האָב זיך אַמאָהל געקענט פֿאָרשטעלען.

יעדעס מאָהל, ווען מיר זיינען געווען אין פּאַלאַץ, האָבען מיר דאָרט געהאַט אַן איבערבייס אָדער אַ מיטאָג, און די דינער פֿלעגען אונז איבערגעבען שטיקלאַך נייעס פֿון דעם, וואָס גייט פֿאָר אין דווארעץ, גאָר ניט

פֿרעגענדיג ביי אונז, צו מיר ווילען עס וויסען אָדער ניט, זיי האָבען געוואוסט פֿון אַלעס, וואָס עס גייט פֿאָר אין די פֿערשידענע פּאַלאַצען.

דעם אמת געזאָגט, זיינען אין דעם יאָהר, פֿון וועלכען איך רייד דאָ, געווען פֿיעל וויי‎ניגער סקאַנדאַלעזע געשיכטען, ווי זיי זיינען עס געוואָרען אין די זיעבציגער יאָהרען.

די ברידער פֿון דעם צאַר האָבען דאַן נור וואָס חתונה געהאַט און זיינע זיהן זיינען נאך געווען אַלע זעהר יונג, אָבער די פֿערהעלטניסע פֿון דעם אימפּעראַטאָר זעלבסט צו אַ געוויסע פּרינצעסין, וועלכע טורגעניעוו האָט אַזוי וואונדערבאר גוט אָבגעמאָלט אין דעם ראָמאַן „דים״, אונטער דעם נאָמען אַירינאַ, זיינען געווען בעקאַנט צו די אַלע דינער אין דוואָרעץ און זיי האָבען איבער דעם גערעדט פֿיעל פֿרייער, ווי מי האָט זיך עס ערלויבט אין דער פעטערסבורגער העכערער געזעלשאַפֿט. דאָך איין שיינעם טאָג, ווען מיר זיינען אַריין אין צימער, וואו מיר פֿלעגען זיך אָנטאָהן, האָט מען אונז געזאָגט, דאָס יענע פרינצעסין איז גענצליך אויפֿגעגעבען געוואָרען פֿון דעם אימפּעראַטאָר. אַ האַלבע שטונדע שפּעטער האָבען מיר געזעהן דיזע דאַמע אין קירכע, מיט אויגען געשוואָלען פֿון וויינען און שלינגענדיג איהרע טרערען וועהרענד דעם גאָטעסדינסט. די אַלע אַנדערע דאַמען האָבען זיך אומישנע געהאַלטען אויף אַ געוויסע ווייטקייט פֿון איהר, כדי אַלע זאָלען זעהען איהר ערנידריגונג. די דינער האָבען דאָס אַלעס גלייך געוואוסט און האָבען געמאַכט זייערע אייגענע פירושים אויף דאָס, וואָס איז געשעהען. עס איז ווירקליך געווען עטוואָס עקעלהאַפֿטעס, אָבשטויסענדעס אין דעם געשפּרעך פֿון דיזע לאַקייען, וועלכע זיינען געווען מיט אַ טאָג פֿריהער פֿערטיג צו קריכען אויף די קניע פֿאַר דיזעלבע דאַמעס.

די סיסטעמע פֿון שפּיאָנסטוואָ, וועלכע איז איינגעפֿיהרט אין פּאַלאַץ, און איבערהויפּט ארום דעם אימפּעראַטאָר אַליין, וואָלט אויסגעזעהען כמעט אומגלויבליך פֿאַר די, וואָס זיינען ניט אײַנגעווייהט אין דיזען סוד. די פֿאָלגענדע פּאַסירונג וועט אייך געבען אַ בעגריף דערפֿון. איינער פֿון די גרויספירסטען האָט געקראָגען שטאַרק אָנגעלערענט פֿון אַ פעטערסבורגער הער. דיזער האָט פֿערבאָטען דעם גרויס־פירסט אריינצוגיין אין זיין הויז. אבער איינמאָל, קומענדיג צוריק אַהיים אונערוואַרטעט, האָט ער דעם תכשיט געפֿונען אין זיין סאַלאָן. ער האָט אויף איהם אויפֿגעהויבען זיין שטעקען. דער יונגער מאַן איז אראָבגעלאָפֿען, ווי אַן אָבגעפּאַרעטער פֿון אַלע טרעפּ, און ווען ער האָט שוין געהאַלטען ביים אַריינשפּרינגען אין זיין קאָטש, האָט דער נאָכיאָגער איהם געכאַפּט און האָט איהם אַראָבגעלאָזען אַ געזונדען לאַפּ מיט׳ן שטעקען. דער פּאָליציייסקער, וואָס איז געשטאַנען ביים טיהר

און האָט דאָס צוגעזעהען, האָט דאָס באַלד מיטגעטהיילט זיין טשיעף, גענעראַל טרעפּאָוו. דיזער ווידער איז גלייך אַוועקגעלאָפען צום אימפּעראַטאָר, אום צו זיין דער ערסטער צו רעפּאָרטירען דיזען „טרויעריגען צופֿאַל.“ דער אימפּעראַטאָר האָט געשיקט רופֿען דעם גרויס־פֿירסט, איהם דורך צו שטראָפֿען. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט אַן אַלטער טשינאָווניק, וואָס האָט געהערט צו די „דריטע אָטדיעלעניע“, און וועלכער איז געווען אַ פֿריינד אין אַ הויז פֿון איינעם פֿון מיינע חברים, האָט דערציילט דעם גאַנצען געשפּרעך, וואָס דער אימפּעראַטאָר האָט געהאַט מיט זיין זוהנ׳דל. „דער אימפּעראַטאָר“, האָט ער אונז דערציילט, איז געווען זעהר בייז און ביין סוף האָט ער געזאָגט צו דעם גרויס־פֿירסט: „דו זאָלסט אַביסעל בעסער פֿאַרשטיין, ווי צו פֿיהרען דיינע קליינע ליעבעס־געשעפֿטען.“

ווען מי האָט דעם טשינאָווניק געפֿרעגט, ווי אַזוי ער קען וויסען, וואָס עס האָט פּאַסירט אונטער פֿיער אויגען, צווישען צאַר און זיין זוהן, האָט ער געענטפֿערט זעהר חאַראַקטעריסטיש: „די ווערטער און די מיינונגען פֿון זיין מאַיעסטעט מוז אונזער דעפּאַרטאַמענט וויסען, און ווי אנדערש וואָלט אַזאַ דעליקאַטנע אינסטיטוציאָן, ווי די שטאַאַטס־פּאָליציי, געקענט געפֿיהרט ווערען? זייט זיכער, דאָס דער אימפּעראַטאָר איז די אם מייסטען שפּיאָנירטע פּערזאָן אין גאַנץ פּעטערסבורג“.

דאָ איז קיין בעריהמעריי ניט געווען אין דיזע ווערטער. יערער מיניסטער, יעדער גענעראַל־גובערנאַטאָר, איידער ער איז אַריין אין דעם אימפּעראַטאָר׳ס קאַבינעט מיט זיין רעפּאָרט, האָט געהאַט פריהער אַ געשפּרעך מיט דעם לייב־דינער פֿון דעם אימפּעראַטאָר, אום צו וויסען ווי דער צאַר איז אופֿגעלייגט, פֿיהלט יענעם טאָג. און וועדליג דעם געמיטה צושטאַנד פֿון דעם צאַר, פֿלעגט ער אָדער פֿאָרברייינגען פּאַר איהם זיין פֿאַרוויקעלטע, קאָמפּליצירטע אַנגעלעגענהייט, אָדער ער פֿלעגט עס גאָר ניט דערמאָנען, אָבלייגענדיג דאָס אויף אַ מזל׳דיגערן טאָג. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פֿון איסט סיביר, ווען ער פֿלעגט קומען נאָך פּעטערסבורג, פֿלעגט פֿריהער שיקען זיין אַדיוטאַנט, מיט אַ שעהנע מתנה פּאַר דעם אימפּעראַטאָר׳ס לייב־דינער. „עס זיינען דאָ טעג“, פֿלעגט ער זאגען, „ווען דער אימפּעראַטאָר קען אַריינקומען אין אַ ווילדען כעס, און באַפֿעהלען צו אונטערזוכען יעדען איינצעלנעם, מיר ניט אויסגענומען, ווען איך זאָל פֿאַר איהם אין אַזעלכע טעג פֿאָרלייגען מיינע דאקלאדען. און ווידער עס זיינען דאָ אַנדערע טעג, ווען אַלעס געהט אָב גאַנץ גלאַטלאַך. דאַרום איז דער לייב־דינער אַ מאַן, גאָר ניט אָבצושאַצען“.

צו וויסען פֿון טאָג צו טאָג, ווי דער אימפּעראַטאָר פֿיהלט, דענקט,

איז געוועז אַ וויכטיגער טהייל פון די קונסט, צו בלייבען ביי אַ הויכען טשין אָדער שטעלע—אַ קונסט, וועלכע שפּעטער, גראַף שואוואַלאָוו און גע־נעראַל טרעפּאָוו האָבען פערשטאַנען ביז צור פאָלקאָמענהייט. אויך דער גראַף איגנאַטיעוו, אורטהיילענדיג פון דעם, וואָס איך האָב פון איהם געזעהען, איז געווען דער באַזיצער פון דיעזע קונסט, און זאָגאַר אָהן די צו־הילפע פון דעם לייב־דינער.

אין דעם אָנפאַנג פון מיין דיענסט אַלס פּאַזש, האָב איך איינפאַך געשפּירט אין זיך אַ געפיהל פון פאַרגעטערונג צו אַלעקסאַנדער דעם צוויי־טען, דעם בעפרייער פון די פּאַנסטשיזניקעס. די פאַנטאַזי טראָגט אַמאָל אַוועק א יונגען מאַן פיעל ווייטער פון די ווירקליכקייט, וואָס איז אַרום איהם, און איך האָב צו יענער צייט אַזוי געפיהלט צו אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, דאָס אויב אימיצער וואָלט געמאַכט אַ פערזוך אויף זיין לעבען אין מיין אַנוועזענהייט, וואָלט איך איהם איינפאַך געשיצט מיט מיין קער־פּער. איך בין געווען פערטיג מיך מקריב צו זיין פאַר איהם, ווען נייטיג. איין טאָג, אָנפאַנג יאַנואַר, 1862, האָב איך איהם געזעהען פאַרלאָזען די פּראָצעסיאָן און אַוועק געהן שנעל אַליין צום פּלאַץ, וואו אַ טהייל פון אַלע רעגימענטען פון פּעטערסבורגער גאַריזאָן האָבען זיך אויסגעשטעלט פאַר אַ פּאַראַד. דיעזער פּאַראַד פלעגט געוועהנליך שטאַטפינדען דרויסען, אָבער יענעם טאָג צוליב דעם פראָסט, איז ער געהאַלטען געוואָרען אין האָל, און אַלעקסאַנדער דער צווייטער, וואָס פלעגט געוועהנליך גאַלאָפּירען מיט דער פולסטער שנעלקייט אין פראָנט פון די סאָלדאַטען, ווען ער האָט געהאַל־טען איבערזיכט איבער זיי, האָט בעדאַרפט מאַרשירען אין פראָנט פון די רעגימענטער. איך האָב געוואוסט, דאָס מיינע האָף־פפליכטען ענדיגען זיך אזוי שנעל, ווי דער אימפּעראַטאָר נעהמט אויף זיך די ראָליע פון דעם קאָ־מאַנדיר פון די טרופּען, און דאָס איך האָב בעדאַרפט נאָכגעהן נאָך איהם ביז דעם פּלאַץ, וואו ער נעהמט אויף זיך די קאָמאַנדע און ניט ווייטער. ארום קוקענדיג זיך, האָב איך דערזעהען, דאָס ער איז כמעט גאַנץ אַליין; זיינע אַדיוטאַנטען זיינען געווען אַוועק, און פון זיין גאַנצע סוויטע איז קיין איינציגער מענש ניט געווען. „איך וועל איהם ניט לאָזען אַליין", האָב איך בעשלאָסען ביי זיך און בין איהם נאָכגעגאַנגען.

צו אַלעקסאַנדער האָט זיך זעהר געהיילט יענעם טאָג, אָדער ער האָט געהאַט אַנדערע אורזאַכען צו ווינשען, אַז די פּאַראַדע זאָל שוין זיין פאָראיבער—איך וויים עס ניט, אָבער ער איז אזוי געלאָפען, ער האָט גע־מאַכט אַזעלכע גרויסע טריט—ער איז געווען אַ זעהר הויך געוואַקסענער מאַן—דאָס מיר איז זעהר שווער געווען ניט צו פערליערען איהם פון אויג,

ווי שנעל איך בין איהם נאָכגעלאָפֿען. ער האָט זיך געהיילט, אזוי ווי ער וואָלט אַנטלאָפֿען פֿון אַ געפֿאַהר. זיין אויפֿרעגונג איז אויך אויף מיר איבער געגאַנגען, און יעדען מאָמענט בין איך געווען פֿערטיג צו פֿערלויפֿען איהם אויף פֿריהער, בעדויערענדיג נור דאָס, וואָס איך האָב מיין אוניפֿאָרם שווערד, און ניט מיין אויגענעם, וועלכער האָט געקאנט דורך שניידען קופּער און איז געווען אַ פֿיעל בעסערע וואַפֿע. נור, ווען ער איז שוין פֿאַרביי געגאַנגען דעם לעצטען באַטאַליאָן, האָט ער אָנגעהויבען גיין לאַנגזאַמער, און אַריין גייהענדיג אין אַן אַנדער זאַל, האָט ער זיך אומגעדרעהט און האָט געטראָפֿען מיינע אויגען, וואָס האָבען געקוקט מיט די אויפרעגונג פֿון יענעם משוגענעם גײעג. דער יונגער אַדיוטאַנט איז געלאָפֿען מיט זיין גאַנצען כוח, און איז דאָך געבליבען צוויי זאַלען הינטער שמעליג. איך בין געווען פֿערטיג צו קריגען גוט אויסגעזידעלט: אָנשטאָט דעם אָבער, האָט דער אימפּעראַטאָר געזאָגט צו מיר, אַרויס ווייזענדיג פּילייכט זיינע אייגענע אינערליכע געדאַנקען, „דו דא? בראַווער יונג!" און ווי ער איז אזוי לאַנגזאַם אַוועק, האָט ער געקוקט אין די פּוסטקייט אויף קיינעם ניט און אויף קיין זאַך ניט מיט זיין צוטראָגענעם, רעזעלהאַפֿטען בליק, וועלכען איך האָב אָנגעהויבען אָפֿט צו באַמערקען.

דאַמאָלס האָב איך אַלזאָ שטאַרק געהאַלטען פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען. אָבער עטליכע קליינע צופֿעלע, ווי אויך דער רעאַקציאָנערער כאַראַקטער פֿון זיין שפּעטערער פּאָליטיק, האָבען מיר געמאַכט אַלץ מעהר און מעהר צווייפֿלען אין איהם. יעדען יאָהר, אם זעקסטען יאַנואַר, ווערט אין רוסלאַנד געפּראַוועט אַ האַלב קריסטליכע און האַלב געצענדינערישע צערעמאָניע צו הייליגען די וואַסערען. דאָס ווערט אויך געפּראַוועט אין פּאַלאַץ. אויף'ן נעוואַ ווערט אויפֿגעשטעלט אַ פּאַוויליאָן געגענאיבער דעם פּאַלאַץ, און די קייזערליכע פֿאַמיליע מיט די גלחים פֿאָראויס געהן אַרויס פֿון הייף, און געהן אריבער איבער'ן הערליכען ברעג טייך צום פּאַוויליאָן. דאַ זינגט מען אַ תפילה צו גאָט, און דער צלם ווערט אַריינגעשטאָכען אין טייך אריין. טויזענדער מענשען שטעהןביין ברעג און אויפ'ן אייז פֿון נעוואַ בייצו־וואָהנען די צערעמאָניע פֿון דער וויטענס. וועהרענד די תפילות, מוזען אַלע שטעהן מיט הוילע קעפּ. דעם יאָהר, אזוי ווי דער פֿראָסט איז געווען אַ ברענענדיגער, האָט אַן אַלטער גענעראַל געטראָגען אַ פּארוק, און אָנטהוענדיג דעם מאַנטעל, האָט ער דעם פּאַרוק אַריבערגערוקט איבער'ן סאַמע מיטען קאָפּ, ניט ווייסענדיג פֿון גאָרניט. דער גרויספֿירסט קאָנסטאַנטין האָט דאָס גראַד דערזעהען און האָט די גאַנצע צייט געכאַכאָטשעט; באַלד האָבען עס די יונגע פֿירסטען אויך דערזעהען און האָבע אויך גענומען

לאַכען, קוקענדיג אויף׳ן אַלטען גענעראַל, וועלכער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט, ניט וויסענדיג וואָס די שמחה איז. קאָנסטאַנטין האָט ענדליך אַ שושקע געטהאָן דעם קייזער, וועלכער האָט אויך געקוקט אויפ׳ן פּאַרוק און געלאַכט.

אין עטליכע מינוט אַרום, בעת די פּראָצעסיע איז געגאַנגען צוריק אין פּאַלאַץ אַריין, האָט זיך אַן אלטער מוזשיק, אויך מיט אַ היילע קאָפּ, דורכגעשטופּט דורך די טאָפּעלע רייהע פון די סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געגאַנגען אויף ביידע זייטען פּראָצעסיע, און איז געפאַלען אויף די קניע גלייך פאַר׳ן קייזער׳ס פיס, אויסשטרעקענדיג אַ פּראָשעניע און וויינענדיג מיט טרערען אין די אויגען: „באַטושקאַ, בעשיץ אונז!“ דורות פון אונטערדריקונג פון רוסישען פאָלק האָט מען געקענט הערען אין דיעזען געוויין; אָבער אַלעקסאַנדער דער צווייטער, וועלכער האָט נאָר וואָס געלאַכט פון אַ פּאַרוק אין דער צייט פון די הייליגע תפלות, איז זיך איצט פאַרבייגעגאַנגען פאַר׳ן מוזשיק און האָט צומאָל ניט אַ קוק געטהאָן אויף איהם. איך בין דאַן געווען גלייך הינטער איהם, און אלעס וואָס איך האָב אין איהם בעמערקט, וואַר, דאָס ער האָט אַ צאַפּעל געטהאָן פון שרעק ביין פּלוצליכען ערשיינען פון׳ם מוזשיק, אָבער זאָנסט האָט איהם די אַלטע ליידענדע מענשען־פיגור ניט געקימערט. די לייב־אַדיוטאַנטען זיינען דערביי ניט געווען; דעם גרויס־פירסט קאָנסטאַנטין האָט עס אויך אזוי פיעל געאַרט, ווי דעם ברודער זיינעם; ס׳איז אפילו ניט געווען קיין מענש, וואָס זאָל פון דעם אַלטען פויער צונעמען די פּראָשעניע, און איך האָב זי צוגענומען, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל קריגען געזידעלט דערפאַר. צונעמען פּראָשעניעס האָב איך קיין רעכט ניט געהאַט, אָבער איך האָב געוואוסט, מיט וועלכע יסורים ס׳איז אָנגעקומען דעם אונגליקליכען מוזשיק, איידער ער האָט זיך דורכגעשלאָגען ביז קיין פּעטערסבורג, און דורך די דייהען פון ד. סאָלדאַטען און זשאַנדאַרמען ביז צום סאַמע קייזער, ווי אַלע מוזשיקעס וואָס דערלאַנגען פּראָשעניעס דעם צאַר, וועט מען אויך איהם אַריינזעצען אויף ווער ווייס ווי לאַנג.

אין דעם טאָג פון דער בעפרייאונג פון די לייב־אייגענע, האָט מען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען פשוט פאַרגעטערט אין פּעטערסבורג. אָבער עס איז העכסט זאָנדערבאַר, אַז אַ חוץ אין יענעם מאָמענט פון אַלגעמיינער בעגייסטערונג, האט איהם די שטאָט ניט ליעב געהאַט. זיין ברודער ניקאָלאַי — קיינער ווייס ניט פאַרוואָס און פאַר ווען — איז מינדעסטענס געווען בעליבט ביי די קליינע סוחרים׳לעך און ביי די איזוואָזשטשיקעס; אָבער ניט אַלעקסאַנדער, ניט זיין ברודער קאָנסטאַנטין, דער פיהרער פון דער רעפאָרם

פּאַרטיי, און ניט זיין דריטער ברודער, מיכאַאיל, איז עס געלונגען בעליעבט צו ווערען ביי אירגעד וועלכע קלאַסע מענשען אין פּעטערסבורג. דער קייזער האָט אין זיך געהאַט צופּיעל פֿון זיין פֿאַטער'ס דעספּאָטישען כאַראַקטער, וועלכער פֿלעגט פֿון צייט צו צייט דורכדרינגען דורך זיינע געוועהנליך גוטמוטהיגע מאַניערען. ער פֿלעגט זעהר לייכט אין כעס ווערען און אָפֿט בעהאַנדעלט די הויף-לייט אויף דער שענדליכסטער אַרט. ער איז ניט געווען אַ מענש, אויף וועמען מי זאָל זיך קענען פֿאַרלאָזען, ניט אין פּאָליטיק און ניט אין זיינע פּערזענליכע געפֿיהלען, און ער איז געווען אַ נוקם ונוטר. איך גלויב קוים, אַז ער איז געווען עכט איבערגעבען צו דעם בעסטען פֿריינד זיינעם. עטליכע פֿון די לייט, וועלכע זיינען מיט איהם געווען אין ענגע שייכות, ווארען פֿון די ערגסטע מענשען, — פֿירסט אַדעלבערג, צום ביישפּיל, וועלכער האָט פֿון איהם איינגעמאָנט זיינע אונגעהייערע הובות, עטליכע מאָל איינס נאָכ'ם אַנדערע, און אַנדערע פּערזאָנען, וועלכע ווארען בעקאַנט פֿאַר זייערע שרעקליכע גנבות.

אין דעם אנהויב פֿון 1862 אָן, האָט ער אנגעהייבען אַרויסווייזען זיין פֿאָטערס דעספּאָטישע אַקטען. מי האָט געוואוסט, אַז ער רעכענט נאָך אלץ איינצופֿיהרען עטליכע וויכטיגע רעפֿאָרמעס אין דער געריכטליכער אָרגאַניזאַציאָן און אין דער אַרמעע, אַז די שרעקליכע קערפּערליכע בעשטראָפֿונגען האַלטען ביים אבגעשאַפֿט ווערען, און אַז ער געהט בעוויליגען אַ מין לאָקאַלע זעלבסט רעגירונג, און אפשר נאָך אַ מין קאָנסטיטוציאָן אויך. אָבער דער מינדעסטער אויפֿרוהר איז דורך זיין בעפֿעהל אונטערדריקט געוואָרען מיט דער שרעקליכסטער גרויזאַמקייט, יעדע בעוועגונג פֿלעגט ער בעטראַכטען אַלס א פּערזענליכע בעליידיגונג, אַזוי אַז מי האָט פֿון איהם יעדע רגע געקענט ערוואַרטען די רעאַקציאָנערסטע אוקאַזען. די אונרוהען וועלכע זיינען אויסגעבראָכען אין די אוניווערזיטעטען פֿון פּעטערסבורג, מאָסקווע און קאַזאַן, אין אָקטאָבער, 1861, זיינען אַלץ שטרענגער און שטרענגער אונטערדריקט געוואָרען. די אוניווערזיטעט פֿון פּעטערסבורג איז אין גאַנצען געשלאָסען געוואָרען, און אַפילו די פֿרייע קורסען וואָס דאָס רוב פּראָפֿעסאָרען האָבען געעפֿענט אין ראַטהויז, האָט מען אויך גלייך צוגעמאַכט, און מאַנכע פֿון די בעסטע פּראָפֿעסאָרען האָבען פֿאַרלאָזען די אוניווערזיטעט.

גלייך נאָך דער אָבשאַפֿונג פֿון דער פֿאַנסטשיזנע, האָט זיך אָנגעהויבען א גרויסע בעוועגונג צו עפֿענען זונטאַגס-שוהלען; זיי ווארען אומעטום געעפֿענט פֿון פּריוואַט פּערזאָנען און געזעלשאַפֿטען—אַלע לעהרער זיינען געווען פֿרייוויליגע—און די מוזשיקעס און די אַרבייטער, אַלט און יונג, זיינען געלאָפֿען אין דיעזע שוהלען מאַסענווייז. אָפֿיצירען, סטודענטען, אַפילו

עטליכע פּאַזשען זיינען געוואָרען לעהרער; און עס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען אַזעלכע פּראַכטפֿאָלע מעטהאָדען, אַז אין ניין אָדער אין צעהן לעקציעס האָבען מיר געהאַט אויסגעלערענט דעם מוזשיק לייענען. אָבער פּלוצלונג זיינען אַלע זונטאַגס-שוהלען, וואו די מאַסען וואָלטען זיך געקענט אויסלערנען אין עטליכע יאָהר לייענען אָהן שום הוצאות פֿון דער רעגירונג, צוגעמאַכט געוואָרען. אין פּוילען, וואו עס האָבען זיך אָנגעהויבען די פּאַט־ריאָטישע פּאָווסטאַניעס, זיינען די קאָזאַקען אַרויס געשיקט געוואָרען צו צוטרייבען די מאַסען מיט די נאַגייקעס, און צו אַרעסטירען הונדערטער מענשען אין די קירכען, מיט זייער געוויינליכער ברוטאַליטעט.

אָם ענדע פֿון 1861 זיינען פּאָליאַקען דערשאָסען געוואָרען אין די גאַסען פֿון וואַרשאָ, און אום צו אונטערדיקען די עטליכע בונטען פֿון די מוזשיקעס, האָט מען זיך בענוצט מיט דעם שוידערהאַפֿטען שמיי־סען דורך די דאָפּעלטע רייהען זעלנער — די בעליבטע שטראָף פֿון ניקאָלאַי דעם ערסטען. שוין אין 1862, האָט מען געקענט אַרויסזעהען דעם דעספּאָט, וואָס אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז געוואָרען אין די יאָהרען 1870—81.

---

פֿון דער גאַנצער קייזערליכער פֿאַמיליע, איז די קייזערינע מאַריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ זיכער געוועזען די סימפּאַטישסטע פּערזאָן. זי וואַר אויפֿ־ריכטיג, און ווען זי האָט געזאָגט עפּעס אַנגענעהמעס צו אַ מענשען, האָט זי עס געמיינט מיט׳ן גאַנצען האַרצען. ביי אַ געוויסע געלעגענהייט האָט זי מיר געדאַנקט פֿאַר אַ קליינע העפֿליכקייט מיינע, און איהר מינע האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיעפֿען איינדרוק. זי איז זיכערליך ניט געוועזען גליק־ליך אין איהר פֿאַמיליען לעבען. זי וואַר אויך ניט בעליבט ביי די האָף־דאַמען, וועלכע האָבען זי געהאַלטען פֿאַר צו שטרענג, און האָבען ניט געקענט פֿאַרשטעהן פֿאַרוואָס זי עסט זיך אַזוי פֿיעל אָפּ די האַרץ פֿון איהר מאַן׳ס לייכטזיניגע ליבעס, איצט וויים מען, אַז זי האָט געשפּיעלט א וויכ־טיגע ראָליע אין דער בעפֿרייאונג פֿון די לייב־אייגענע.

אָבער אין יענער צייט האָט מען דאָס גאָר ניט געוואוסט. דער גרויס-פֿירסט קאָנסטאַנטין און די גרויס-פֿירסטין העלענאַ פּאַוולאָוונאַ, וועלכע איז געוועזען די הויפּט שטיצע פֿון ניקאָלאַי מיליוטין אין הויף, וואַרען בע־טראַכט אַלס די צוויי פֿיהרער פֿון דער רעפֿאָרם פּאַרטיי אין פּאַלאַץ גופא. די קייזערין וואַר דאַמאָלס מעהר בעריהמט דערמיט, וואָס זי האָט אַזוי ענטשלאָסען געאַרבייט, אַז מי זאָל איינפֿירען גימנאַזיעס פֿאַר מיידלעך; און דיעזע גימנאַזיעס זיינען פֿון אָנהויב אָן אָרגאַניזירט געוואָרען עכט דעמאָ־

קראַטיש און מיט זעהר רייכע פּראָגראַמעס. איהר פּריינדשאַפּט צום גרויסען פּעדאַגאָג, אושינסקי, האָט איהם מציל געווען פון דעם גורל, וועלכער איז בעפאלען אַלע בעריהמטע מענער פּון יענער צייט—נעמליך: אויסווייזונג פּון רוסלאַנד.

זייענדיג זעלבסט גוט געבילדעט, האָט זי געזעהען מיט אַלע קרעפּ־טען איהר עלטסטען זוהן גרינדליך צו בילדען. די גרעסטע מענער פּון אַלע צווייגען פּון וויסענשאַפּט האָט זי אויסגעזוכט אַלס לעהרער פאַר איהם, און זי האָט זאָגאַר איינגעלאַדען צוליב דיעזען צוועק קאַוועלין, כאָטש זי האָט געוואוסט, אַז ער איז אַן אינטימער פריינד פּון אַלעקס. הערצען. ווען ער האָט איהר דערמאָנט פּון דיעזער פריינדשאַפּט, האָט זי געזאָגט, אַז זי האָט גאָר ניט צו הערצען, נאר וואָס ער געברויכט אַזאַ גוואַלטיגע שפּראַך געגען די אַלטע קייזערינע, די אלמנה.

דער נאַסלידעניק איז געווען אַ קראַסאַוועץ, ער איז ביי זיך גאָר ניט גרויס געוועזן, און פּלעגט זיך מיט אונז אָפט אונטערהאַלטען ווי דער בעסטער קאַמעראַד. (איך געדענק אַפילו ווי איך האָב איהם ביי דער אויפ־נאַהמע פון די דיפּלאָמאַטען אין דעם טאָג פּון ניי־יאָהר געטרייט צו ערקלערען ווי איינפאַך און שעהן עס זעהט אויס די אוניפאָרם פּון דעם אַמעריקאַנער געזאַנדטען אין פּערגלייך מיט די פּאָפּוגאַי־קאָלירטע אוניפאָר־מען פון די אַנדערע דעפּוטאַטען). פּון דעסטוועגען האָבען די נאָהענטע בעקאַנטע זיינע איהם בעצייכענט אַלס געפּעהרליכען עגאָאיסט, אַלס מענש, וועלכער וואָר ניט אימשטאַנד מיט קיינעם פּריינדשאַפּט צו שליסען. דאָס האָט מען געקענט אין איהם לייכט דערקענען, נאָך מעהר ווי ביי זיין פאָטער. וואָס אָנבעלאַנגט זיין בילדונג, איז אַלע מיהע פון זיין מוטער געווען אַרויס געוואָרפען. אין אויגוסט, 1861, איז ער זעהר מיאוס דורכגעפאַלען ביי זיינע עקזאַמענס, וועלכע דער צאַר האָט בייגעוואוינט, און איך געדענק, בעת אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט איינמאָל ביי אַ פּאַראַד, וועלכען דער צאַרעוויטש האָט אומגעלומפּערט קאָמאַנדירט, אַ געשריי געטאָהן אין דער הויך, כדי אַלע זאָלען הערען: „אַפילו דאָס האָסטו אויך ניט אויסגעלערנט!" ווי בעקאַנט, איז ער געשטאָרבען צוויי און צוואַנציג יאָהר אַלט פּון אַ רוקען־מארך קראַנקהייט.

זיין ברודער, אַלעקסאַנדער, וועלכער איז געוואָרען צאַרעוויטש אין 1865, און דערנאָך געקרוינט אַלס אַלעקסאַנדער דער דריטער, איז געווען פונקט דער הפוך פּון זיין ברודער ניקאָלאַי אַלעקסאַנדראָוויטש. ער האָט מיך שטאַרק דערמאָנט אָן פּאַוועל דעם ערשטען, מיט זיין פּנים, זיין פיגור און דעם שטאָלץ פּון זיין אייגענע גרויסקייט, און איך פּלעג זאָגען, אַז אויב

ער וועט אַ מאָל אַרויף אויף׳ן טהראָן, וועט ער זיין אַ צווייטער פּאַוועל אין דעם גאַטשינער פּאַלאַץ און וועט האָבען דעם זעלבען סוף וואָס זיין זיידע האָט געהאַט פון זייגע אייגענע הויפליים.

לערנען האָט ער ניט געוואָלט כאָטש צוהאַק איהם. מי האָט געזאָגט, אַז מחמת דעם, וואָס אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט געהאַט גרויסענע צרות פון זיין ברודער קאָנסטאַנטין, וועלכער איז געווען געבילדעטער פאַר איהם, האָט ער דאַרום זיין גאַנצע מיה אַוועקגעלייגט אויף׳ן נאַסלעדניק און האָט דערוייל פאַרנאַכלעסיגט זיינע איבעריגע זיהן. דאָך צווייפעל איך, אַז דאָס וואַר די אורזאַכע פון אַלעקסאַנדער דעם דריטען׳ס גראָבקייט. ער האָט ניט אַנדערש געמוזט זיין אַ גרויסער שונא צו בילדונג גלייך פון קינדהייט אָן: אין פאַקט, זיין ספּעלען, וועלכעס איך האָב געזעהען אין די טעלעגראַמען צו זיין כלה אין קאָפּענהאַגען, וואַרען אונבעשרייבליך שלעכט.

מי זאָגט, אַז די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען האָט ער זיך פיעל געבעסערט אין זיינע מאַניערען, אָבער אין 1870, און אויך פיעל שפּעטער, איז ער געווען אַן אמת׳ער קינד פון פּאַוועל דעם ערשטען. איך האָב אין פּעטערסבורג געקענט אַן אָפיציר פון שוועדישער אָבשטאַמונג, וועלכער וואַר געשיקט אין די פעראייניגטע שטאַאַטען צו בעשטעלען ביקסען פאַר רוסלאַנד. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער געמוזט רעפּאָרטען וועגען זיין שליחות צו אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש. אין פערלויף פון זייער געשפּרעך, ווערענדיג שטאַרק אין כעס, האָט ער געגומען שטאַרק זידלען דעם אָפיציר און ווען ער האָט איהם געענטפערט מיט ווירדע, איז דער קייזערליכער יורש אריין אין אַזאַ שרעקליכען צאָרן, אַז ער האָט דעם אָפיציר מיאוס בעליידיגט. דער אָפיציר, וועלכער האָט בעלאַנגט צו יענעם טיפּ זעלבסטבעוואוסטע, אָבער זעהר לאָיאַלע עדעל-לייט אין רוסלאַנד, איז באַלד ארויס פון פּאַלאַץ און האט געשריבען אַ בריף, אַז וויבאלד דער צאַרעוויטש וועט ניט אַריינשיקען זיין ענטשולדיגונג אין פערלויף פון 24 שטונדען, וועט ער זיך דערשיסען. דאָס וואַר אַ מין יאַפּאַנעזער דועל. אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש האָט קיין ענטשולדיגונג ניט געשיקט, און דער אָפיציר האָט געהאַלטען וואָרט. איך האָב איהם געזעהען ביי איין אינטימען פריינד מיינעם, בעת ער האָט ערוואַרטעט יעדע מינוט צו קריגען אַ בריף פון צאַרעוויטש. מאָרגען אין דער פריה וואַר ער טויט. דער צאַר איז געווען זעהר בייז אויף זיין זוהן און האָט איהם בעפוילען נאָכצוגעהן נאָך דער מטה ביז צום קבר. אָבער, אַפילו דיעזע שרעקליכע לעקציע האָט ניט אויסקורירט דעם יונגען פרינץ פון די ראָמאַנאָווּשע חוצפה און ווילדקייט.



# דריטער טהייל.

## סיביר.

אין מיטען מיי, 1862, עטליכע וואָכען פאַר אונזערע עקזאַמענס, האָט מען מיר געהייסען אויסמאַכען אַ ליסטע פון די רעגימענטען, אין וועלכע מיר האָבען געוואָלט אַריינטרעטען. מיר האָבען זיך געטעגט אויסקלייבען אייגענד וועלכען גוואַרדייסקען פאָלק. איך האָב גענומען אַ ליסטע פון אונזער קלאַס, און איך בין אומגעגאַנגען פון איין קאַמעראַד צום צווייטען. יעדער האָט שוין פריהער געהאַט אָבגעמאַכט ביי זיך, אין וועלכען פאָלק זיך אַנצושליסען, דאָס רוב האָבען שוין געטראָגען די אָפיצער־סקע היטעל פון יענעם פאָלק.

„איהר מאַיעסטעט'ס הוזאַרען", „די פּרעאָבראַזשענסקע לייב־גוואַרדיע", „די קאַוואַלערגאַרדיע גוואַרדיאַ", האָט מען מיר געהייסען פאַרשרייבען איינס נאָך'ם אַנדערען.

„און דו, קראָפּאָטקין? די אַרטילעריע? די קאַזאַקען?" האָט מען מיך פון אַלע זייטען געפרעגט; איך האָב שוין ניט געקענט מעהר פאַרטראָגען די אַלע פראַגען און איבערגעבענדיג די ליסטע צו אַ קאַמעראַד, האָב איך מיך בעגעבען אין צימער אום זיך נאָך אַמאָל צו בעדענקען וועגען מיין ענדליכען בעשלוס.

ניט אַריינצוטרעטען אין אַ גוואַרדייסקען פאָלק און אַוועק געבען מיין לעבען צו פאַראַדען און אויף באַלען, האָב איך שוין פריהער געהאַט בעשלאָסען. איך האָב געטרוימט פון אוניווערזיטעט,—שטודירען, פיהרען דעם סטודענט'ס לעבען. דאָס האָט געהייסען, פאַרשטעהט זיך, גענצליך

זיך אָבצורייסען פֿון פֿאָטער, וועלכער האָט געהאַט גאַנץ אַנדערע אַמביציעס, און זיך צו פּלאָגען מיט פּריוואַט לעקציעס אלס אַ לעבענסמיטעל; טויזענדער רוסישע סטודענטען לעבען אַזוי, און דאָס האָט מיך גאַנץ ווענינ געשראָקען. אָבער ווי אַזוי קומט מען איבער די ערשטע התכלה פֿון אזאַ נייעם אַרט לעבען? אין עטליכע וואָכען א מוזיךפֿאַרלאָזען די שולע, אָנטאָהן מיינע אייגענע קליידער, זיך פֿערזאָרגען מיט מיין אייגענע לאָזשי, און איך האָב ניט געוואוסט וואו מי נעהמט אַפּילו די פּאָר רובעל מיט וואָס אָנצוהויבען מיין סקראָמנע קאַריערע. דאַן, ווען ניט די אוניווערזיטעט האָב איך אַפּט געטראכט, אז איך וואָלט קענען אָנקומען צו די אַרטילערי אַקאַדעמיע. דאָס וואָלט מיך אויף צוויי יאָהר בעפרייט פֿון די בעלעסטיגענדע סלווזשבע און אַ חוץ די מיליטערישע וויסענשאַפֿטען, וואָלט איך קענען שטודירען מאַטהעמאַטיק און פֿיזיקע. אָבער דער ווינד פֿון רעאַקציאָן האָט זיך געהאַט פֿאַרנאַנדער געבלאָזען, און די אָפֿיצירען וואָרען אין די אַקאַדעמיעס בעהאַנדעלט ווי חדר־אינגלאַך. אין צוויי אַקאַדעמיעס האָבען זיי געהאַט רעוואָלטירט און פֿון איינער האָבען זיי געהאַט אַרויסגעטרעטען אַלע מיט איין מאָל.

מיינע רעיונות האָבען זיך מעהר און מעהר פֿאַרנומען מיט סיביר. די געגענד פֿון׳ם טייך אַמור האָט זיך דאָ ניט לאַנג אָנגעשלאָסען אָן רוסלאַנד. איך האָב געהאַט געלעזען אַ מאַסע וועגען דיזען מיסיסיפּי פֿון דעם מזרח, די בערג, וועלכע ער לעבערט דורך, די רייכע פּפֿלאַנצונגען פֿון זיין שכן דעם אוזורי טייך, און מיינע רעיונות זיינען אַוועק ווייטער,—אַזש אין די טראָפּישע געגענדען, וועלכע הומבאָלד האָט בעשריבען און ב׳יז צו די גרויסע סברות פֿון ריטטער, וועלכע איך פֿלעג האָלט האָבען צו לייענען. און האָב איך מיר געטראַכט: עס איז דאָ אין סיביר אַ גרויסער פֿעלד, וואו מי קען פֿילייכט דורכפֿיהרען די גרויסע רעפֿאָרמען, וועלכע זיינען שוין דאָ, אָדער די וואָס קומען ערסט אָן. רעפֿאָרמער איז דאָרט דאָ וועניג און איך וועל האָבען אַ פֿרייען פֿעלד, אויף וועלכען צו ארבייטען נאָך מיין געשמאַק נאָך. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס דאָס וואָלט מיך אָבגעטהיילט פֿון מיין ברודער אַלעקסאַנדער.

אָבער ער וואַר געצוואונגען צו פֿאַרלאָזען די מאָסקווער אוניווערזיטעט נאָך די לעצטע סקאַנדאַלען, און אין אַ יאָהר אָדער צוויי אַרום, האָב איך געטראַכט, (און אַזוי איז׳ס אויך געווען), וועלען מיר דאָך ווי עס איז צוזאַמענקומען. מיר איז נאָך אַלזאָ געבליבען אויסצוקלייבען אַ רעגימענט פֿון דער אַמור געגענד. די איזורי האָט מיך אַמיינסטען פֿאַראינטערעסירט; אָבער, לײדער! אויף דיזען טייך איז בלויז געשטאַנען איין פּיעכאָטנער

פאָלק קאָזאַקען, אַ קאָזאַק אָהן א פערד,—דאָס איז שוין געווען צו מיאוס פאַר אַזאַ אינגעל ווי איך בין נאָך דאַמאָלס געווען, און איך האָב בעשלאָסען אריינצוטרעטען אין „די רייטענדע קאָזאַקען פון דעם אַמור".

מיין בעשלוס זיך אָנצושליסען אָן די קאָזאַקען פון אַמור האָב איך אויפגעשריבען אויף דער ליסטע, און מיינע קאָלעגען זיינען געבליבען שטעהן ערשטוינט. „עס איז אַזוי ווייט", האָבען זיי געזאָגט, און מיין פריינד דאָאוראָף האָט אַ כאַפ געטאָהן דאָס אָפיצירסקע ביכעל און האָט פאָרגעלעזען: „די אוניפאָרמע שוואַרץ, מיט אַ פראָסט רויטען קאָלנער, אָהן לענטעס, די פוטערנע מיץ געמאַכט פון הינטישע אָדער אַגדערע פעל; הויזען, גרויע", אלע אָפיצירען זיינען געבליבען שטעהן געפלעווט.

„גיב נור אַ קוק אויף די אוניפאָרמע!" האָט ער אויסגעשריען. „מוחל די מיץ!—מי קען זי שוין פאַלאָזשים מאַכען פון וועלפענע אָדער בערענע פעל; אָבער די הויזען! גרוי, פונקט ווי די הויזען פון אַ פראָסטען סאָלדאַט!" די אַלגעמיינע שטימונג איז געוואָרען נאָך שרעקליכער.

איך האָב זיך געוויצעלט און בין אַוועק צום קאַפיטאַן.

„אודאי, קראָפּאָטקין מוז דאָך תמיד מאַכען שפאַס!" האָט ער אויסגערופען. „האָב איך דיר ניט געזאָגט, אַז די ליסטע מוז היינט אַוועקגעשיקט ווערען צום גרויס־פירסט."

ווען איך האָב איהם פערזיכערט אַז דאָס איז מיין ערנסטער בעשלוס און ניט קיין שפאַס, האָט זיך אויף זיין פנים בעוויזען דער אויסדרוק פון וואונדער און מיטלייד.

דאָך האָב איך שיעור ניט איבער געביטען מיין בעשלוס, ווען איך האָב אויף'ן צווייטען טאָג בעמערקט די ווירקונג, וואָס ער האָט געמאַכט אויף קלאַסאָווסקי'ן. ער האָט מיך געוואָלט זעהען אין אוניווערזיטעט, און האָט מיר צוליב דעם געגעבען לעסאָנס אין לאַטיין און גריכיש. און איך האָב ניט געסמייעט איהם דערצעהלען וואָס מיך האָט אייגענטליך צוריק געהאַלטען פון אוניווערזיטעט. איך האָב געוואוסט, אַז ווען איך זאָל איהם אויסזאָגען דעם גאַנצען אמת, וואָלט ער מיר אָנגעבאָטען צו טהיילען מיט מיר דאָס ביסעל, וואָס ער האָט געהאַט.

דאַן האָט דער פאָטער טעלעגראַפירט צום דירעקטאָר, אַז ער פאַרביט מיר צו פאָהרען אין סיביר; און די אַנגעלעגענהייט איז געמעלדעט געוואָרען צום גרויס־פירסט, וועלכער וואַר דער הויפט פון די מיליטערישע שולען. איך בין גערופען געוואָרען אין זיין ביוראָ אריין און האָב געפּראוווט זיין געהילפע איינריידען, אַז מיך אינטערעסירען די מאָדנע פפלאַנצונגען פון אַמור און די געגענד, ווייל איך האָב גערעכענט, אַז ווען איך

זאָל זאָגען אַז ווילען אַז וויל איך אריין אין אוניווערזיטעט, נאָר, אַז איך קען עס ניט ערפאָדערען, וואָלט מיר מסתמא אימיצער פון דער קייזערליכער פֿאַמיליע אָנגעבאָטען אַ סטיפּענדיום,—און דאָס האָב איך בשום אופן ניט געוואָלט.

עס איז אונמעגליך צו זאָגען, וואָס דער סוף וואָלט געווען פון דעם אַלעס, אָבער אַן עראייגניס פון גרויסער וויכטיגקייט—די גרויסע שרפה אין פעטערסבורג—האָט גאַנץ אינדירעקט אַן ענדע געמאַכט צו אַלע שוועריקייטען.

דעם מאָנטאַג נאָך דעם רוסישען שבועת—דער טאָג פון דעם היילינען גייסט, וועלכער איז יענעם יאָהר אויסגעקומען דעם 26-טען מאַי —האָט אויסגעבראָכען אַ אימה׳דיגער פייער אין דעם זאָגענאַנטען אַפּראַק-סין דוואָר. דיעזער דוואָר וואַר אַ גרויסער פּלאַץ, מעהר ווי אַ האַלבע קוואַדראַט מייל, וועלכער וואַר אין גאַנצען באַדעקט מיט קליינע קרעמלעך, —הילצערנע בודקעס—וואו אַלע מיני אַלטוואַרג איז פאַרקויפט געוואָרען. אַלטע מעבעל און בעט-געוואַנט, אַלטע קליידער און געניצטע ביכער, האָבען זיך געשאָטען אין דיעזען מאַרק אריין פון אַלע עקען שטאָט, און זיינען אַריין געפּאַקט געוואָרען אין די בודקעס, אין די דורך-גענג, אפילו אויף די דעכער. דיעזע זאַמלונג פון ברען מאַטעריאַל האָט הינטער זיך דעם מיניסטעריום דעם אינערען מיט זיינע ארכיווען, וואו אלע דאָקומענ-טען וועגען די בעפרייאונג פון די לייב-אייגענע זיינען געלעגען; אין פראָנט פון דיעזען אַלטען מאַרק איז ווידער געווען די שטאַאַטס-באַנק. אַ שמאָלע געסעל, וועלכע האָט אויך געהאַט אַ רייהע שטיינערנע סטאָרקעס, האָט אָבגעטהיילט דעם אַפּראַקסין דוואָר פון אַ פליגעל פון דער פאַזשען געביידע, וועלכע וואַר פאַרנומען מיט גראָסעריעס און אויל קראָמען אין איהר אונ-טערשטען עטאַזש, און מיט די אָפּיצערסקע דירות אין אויבערשטען עטאַזש אַנטקעגען דעם מיניסטעריום, אויף׳ן אַנדערען זייט קאַנאַל זיינען געווען אונגעהויערע האָלץ געשעפטען. אַלע דיעזע בודקעס און דאָס גאַנצע געהילץ פון געגענאיבער האָבען זיך אָנגעהאַפט כמעט אין דער זעלבער רגע, אום פיער אַ זייגער נאָכמיטאָג.

וואָלט געווען אַ ווינט אין יענעם טאָג, וואָלט אודאי אַ האַלבע שטאָט אָבגעברענט געוואָרען מיט דער שטאַאַטס-באַנק, דעם מיניסטעריום, דעם גאָסטינאי דוואָר (אויף נעווסקי פּראָספּעקט), די פאַזשען געביידע און דער נאַציאָנאַל-ביבליאָטהעק.

יענעם נאָכמיטאָג בין איך געווען אין קאָרפּוס, שפּייזענדיג אין׳ם הויז פון אַן אָפּיציר אונזערען, און מיר זיינען צוגעשפּרונגען צום פּלאַץ אַזוי

שנעל ווי מי האָט דערזעהען דורכען פֿענסטער די ערשטע וואָלקענס רויך אַרויסזעצענדיג גלייך נעבען אונזער הויז. די סצענע וואַר אַ שווידערהאַפֿטע. פּונקט, ווי אַן אונגעהייערע שלאַנג, קנאַקענדיג און פֿייפֿענדיג, האָט זיך דער פֿייער געוואָרפֿען אין אַלע זייטען, רעכטס און לינקס, האָט זיך אַרומגעוויקעלט אַרום די באַטקעס, און האָט זיך פּלוצלונג אויפֿגעהויבען אין אַ שרעקליכע הויכע זייל, און זיך ווידער אָ וואָרף צו טהאָן מיט זיינע פֿייפֿענדע צונגען אויף פֿרישע הייזלעך און זייער אינהאַלט. עס איז געוואָרען אַן עכטער שטורעם־ווינד פֿון פֿייער און רויך, און ווען די ברענענדע פֿעדערען פֿון די מאַסען אַלטע בעט־געוואַנט האָבען אָנגעהויבען פֿליהען אין אַלע זייטען, האָט מען שוין ניט געקענט מעהר פֿערבלייבען אויף דעם ברענענדיגען מאַרק. מי האָט איהם געזעליך געמוזט איבערלאָזען צו די פֿלאַמען.

די נאַטשאַלסטוואָ האָט גאָר אין גאַנצען פֿאַרלאָרען דעם קאָפּ. אין יענער צייט איז נאָך צום מאָל ניט געווען קיין איין פּאָזשאַרנע דאַמפּף־מאַשין אין גאַנץ פּעטערסבורג, און פּראָסטע אַרבייטס מענשען וואַרען עס, וועלכע האָבען פֿאַרגעשלאָגען, מי זאָל ברייגנגען די אינדזשין פֿון די אייזען־פֿאַבריקען פֿון קאָלפּינאַ, צוואַנציג מייל וויים פֿון דער הויפּט שטאָט. ווען די דאַמפּף־מאַשין איז אַריין אין וואָקזאַל, האָבען זי די אַרבייטער זעלבסט אַוועק געשלעפּט צום פֿייער. פֿון די פֿיער שפּריץ־רעהרען איז איינע צושניטען געוואָרען פֿון אַן אונבעקאַנטע האַנד, און די איבעריגע דריי האָבען געגאָסען אויף׳ן מיניסטעריום אָהן אויפֿהער.

די גרויס־פֿירסטען זיינען געקומען אַ קוק טהאָן און זיינען גלייך אַוועק צוריק. שפּעט אין אָוועגד איז אויך דער צאַר ערשינען, בעת די באַנק איז שוין געווען אויסער געפֿאַהר, און האָט געזאָגט, וואָס יעדער איינציגער האָט פֿריער געוואוסט, אַז איצט מוז מען זעהען צו רעטען דעם קאָרפּוס. עס איז געווען קלאָהר פֿאַר יעדען איינעם, אַז ווען דיזע געביידע זאָל זיך אָנכאַפּען, וועט די נאַציאָנאַל ביבליאָטעק און אַ האַלבער נעווסקי פּראָספּעקט אַוועק אין פֿייער.

עס וואַר די מאַסע, דאָס פֿאָלק גופא, וועלכע האָט אָבגעהאַלטען דעם פֿייער, ער זאָל זיך ניט פֿאַרשפּרייטען ווייטער און ווייטער. אין אַ געוויסען מאָמענט האָט מען געמיינט, אַז אָט צינד זיך אָן די באַנק. די זאַכען וואָס מי האָט אַרויסגעראַטעוועט פֿון די קראָמען האָט מען אַוועק געלייגט אין דער סאַדאָוואַיאַ גאַס, און גאַנצע בערג זיינען געלעגען ביי די ווענד פֿון דער באַנק. די הויפֿענס, וואָס זיינען געלעגען אין מיט׳ן גאַס האָבען זיך פֿיעל מאָל אָנגעצונדען, אָבער דאָס פֿאָלק, וועלכעס איז דאָרט געשטאַנען און האָט זיך געבראָטען אונטער דער אונערטרעגליכער היץ,

האָט תמיד אָבגעהאַלטען די פּלאַנען, זיי זאָלען ניט צוקומען צו די בערג זאַכען, וועלכע זיינען געלעגען אויף דער אַנדער־ער זייט. זיי האָבען געשאָל־טען די גאַנצע נאַטשאַלסטוואָ, ניט קריגענדיג אפילו קיין פּומפּ ערגעץ ניט. „וואס טהוען זיי דארט אַלע ביין מיניסטעריום, ווען אַט־אַט כאַפּט זיך אָן די באַנק און דאס פינדלינג הויז? זיי האבען אַלע פערלוירען די קעפּ זייערע!" „וואו איז דער פּאליציי־הויפּט? פאַרוואס שיקט ער ניט אַ פּאזשאַרנע ברי־גאַדע צו דער באַנק?" האבען זיי געשריען פון אַלע זייטען. איך האב געקענט דעם פּאליציי שעף פּערזענליך, דען איך האב איהם געהאַט געזעהען אין אונזער אינספּעקטאר'ס הויז, וואוהין ער פלעגט קומען מיט זיין ברודער, דעם בעקאַנטען ליטעראַטור קריטיקער, אַננענקאָף, און איך האב מיך זעלבסט פּארגעשלאגען איהם אויפצווזוכען. און איך האב איהם ווירקליך געפונען, זיך אַרומדרעהענדיג צוועקלאָז אין גאַס; און ווען איך האב איהם געמעל־דעט, ווי די זאך האַלט, אונגלויבליך ווי עס שיינט, האט ער מיר, אַ אינגלינג, געגעבען דעם זאַקאַז, אַריבערצוברייינגען אַ פייער בריגאַדע פון מיניסטעריום צו דער שטאַאטס־באַנק. נאַטירליך, האב איך איהם געזאגט, אַז אויף מיין בעפעהל וועט קיינער זיך ניט וועלען אַ ריהר טאהן, און איך האב איהם געבעטען ער זאל מיר געבען אַ געשריבענעם ארדער. אבער גענעראַל אַננענקאָף האט ניט געהאַט, אדער ער האָט געזאגט, אַז ער האט ניט קיין שטיקעל פּאַפּיער, און איך האָב געמוזט בעטען איינעם פון אונ־זערע אָפיצירען, ער זאָל מיט מיר געהן און איבערגעבען דעם בעפעהל פון'ם פּאָליציי שעף. ענדליך, האָבען מיר קוים מיט צרות איינגערעדט אַ קאַפּיטאַן פון אַ פייער בריגאַדע — וועלכער האָט געשאָלטען די גאַנצע וועלט און אַלע זיינע עלטסטע—ער זאָל אַריבער פיהרען זיינע לייט צו דער באַנק.

דער מיניסטעריום גופא האט ניט געברענט; אָבער די אַרכיוועןאון די פּאַפּירען האָבען יאַ געברענט; און פיעלע אינגלעך, מייסטענס פּאַזשען און קאַדעטען, ווי אויך אַ מאַסע שרייבערלעך, האָבען אַרויסגעטראָגען גאַנ־צע פּעק פון דער געביידע און האָבען זיי אריינגעפּאַקט אין דראָשקעס. אָפטמאָל פלעגט אַ פּעקעל אַרויספאַלען, און דער ווינד האָט צוטראָגען און צווייט די בלעטלעך איבער'ן גאַנצען מאַרק. אויף דער אנדערער זייט קאנאַל האָט מען געקענט זעהען אַ פאַרבאַהאַלטענעם פייער דורכזוצענדיג דורך די מאַסען געהילץ גאַנץ געמיטליך.

די שמאָלע גאַסען, וואס האבען אבגעטהיילט דעם פּאַזשען קארפּוס פון דעם אַפּראַקסין דוואר זיינען געווען אין א טרויעריגען צושטאַנד. די קרעמלעך זיינען געווען פול מיט שוועבעל, אויל, טערפּענטין און אַנדערע

ברענשטאפֿען, און אונגעהייערע פֿלאַמען האבען ארויסגעזעצט פֿון דארטען און האָבען זיך אָפֿט אַרויפֿגעכאַפּט אויף'ן דאַך פֿון דער קארפּוס געביידע. די פֿענסטער און געזימסען האָבען זיך שוין גענומען טלייען, ווערענד די פּאַזשען און די קאַדעטען, האָבענדיג אויסגערייניגט די צימער, האָבען געגאָסען וואַסער דורך אַ קליינע פּומפּ מאַשין, וועלכע מי האָט יעדען מאָל אָנגעפֿיהלט פֿון אַלט־פֿרענקישע פֿעסלאַך. עטליכע פֿייערלייט זיינען געשטאַנען אויף'ן גליהענדען דאַך און האָבען געשריען „וואַסער! וואַסער!" דאָס וואַר הערצרייסענד. איך האָב דאָס שוין מעהר ניט געקענט אַריבערטראָגען און בין אוועק אין דער סאַדאָוואַיאַ גאַס, וואו איך האָב מיט פּשוט'ער געוואַלט געצוואונגען דעם דרייווער פֿון איינעם פֿון די פֿעסער, וואָס בעלאַנגען צו אַ פּאָליציייסקער פֿייער בריגאַדע, אַריינצופֿאָהרען אין הויף אַריין און אנפֿילען אונזער פּומפּ מאַשין מיט וואַסער. אָבער, ווען איך האָב דאָס פּרובירט טאָהן אַ צווייטען מאָל, האָט זיך דער פֿוהרמאַן ענטשיעדען ענטזאַגט. „מי וועט מיך ברענגען פֿאַר'ן מיליטער געריכט", האָט ער געטענה'ט, „ווען איך וועל אייך האָרכען". פֿון אַלע זייטען האָט מען צו מיר געשריען: „געה און זוך אימיצען אויף,—דעם פּאָליציי שעף, דעם גרויספֿירסט, אַבי וועמען,—און זאָג זיי, אַז אָהן וואַסער איז דער קאָרפּוס פֿאַרלוירען." „אפשר זאָל מען דאָס גאָר רעפּארטען דעם דירעקטאָר אונזערען?" האָט זיך אימיצער געוויצעלט. „געהט שוין, געהט! איהר וועט זיי מיט ליכט ניט געפֿינען. נעהם און טהו עס אַליין".

איך בין ווידער אַ מאָל אַוועק אויפֿזוכען דעם גענעראַל אַנענקאָף, און ענדליך האָט מען מיר געזאָגט, אַז ער איז אודאי אויף'ן הויף פֿון דער באַנק. דאָרט זיינען עטליכע אָפֿיצירען געשטאַנען אַרום אַ גענעראַל, אין וועלכען איך האָב דערקענט דעם פּעטערסבורגער גענעראַל־גובערנאַטאָר, פּרינץ סואוואָראָף. אָבער דער טויער איז געווען פֿאַרמאַכט און אַ בעאַמטער פֿון באַנק האָט מיך ניט געוואָלט אַריינלאָזען. קוים מיט צרות בין איך אַריין אין הויף און גלייך צו צו סואוואָראָף'ן, וועלכער איז געשטאַנען און האָט געשריבען אַ צעטעל אויף זיין אַדיוטאַנט'ס פּלייצע.

ווען איך האָב איהם רעפּאָרטעט ווי עס האַלט, איז זיין ערסטע פֿראַגע געווען: „ווער האָט דיך געשיקט?" „קיינער ניט—די קאַמעראַדען," האָב איך געענטפֿערט. „אזוי זאָגסטו, דער קאָרפּוס האַלט שמאָהל?" „יאַ". ער איז גלייך אַרויסגעלאָפֿען און כאַפּענדיג אין גאַס אַ ליידיגע העט באָקס, האָט ער זיך מיט איהר צוגעדעקט דעם קאָפּ און איז גלייך אַריין אין געסעל. ליידיגע פֿעסלאַך, שטרוי, הילצערנע קעסטלאַך, און אַנדערע חפצים האָבען פֿאַרלייגט די געסעל. צווישען די פֿלאַמען פֿון די אויל קראָמען

אויף איין זייט און די געביידען פון אונזער קאָרפּוס אויף דער אַנדערער זייט. פּרינץ סואוואָראָף האָט געהאַנדעלט ראַש און ענטשלאָסען. „אין גאָר־טען געפינט זיך אַ ראָטע סאָלדאַטען", האָט ער זיך געווענדעט צו מיר, „נעהם דיר אַן אָבטהיילונג און זאָלען זיי אָברייניגען די גאַס—זאָפּאָרט. באַלד וועט מען אהער ברייגגען אַ וואַסער־קישקע פון דעם דאַמפף אינדזשין. שפּריץ דורכאַנאַנד. איך פערלאָז זיך אין גאַנצען אויף דיר".

די סאָלדאַטען אַרויס צו נעהמען פון גאָרטען איז ניט געווען אַזוי לייכט; זיי האָבען זיך דאָרט צוגעכאַפּט צו די פּעסלאַך און די קעסטלאַך, האָבען אָנגעשטאָפּט פולע קעשענעס מיט קאַווע און צוקער, און האָבען זיך גאַנץ געשמאַק פאַרבראַכט די שעהנע נאַכט אונטער די בוימער, קנאַקענדיג ניס. קיינער האָט זיך פון אָרט ניט גערוהרט, ביז אַן אָפיציר האָט זיי ניט באַפאָהלען. מי האָט ענדליך אָבגערייניגט די גאַס און די פּומפּ האָט גענומען גיעסען לעבעדיג. חברה איז געווען איבער גליקליך, און אַלע צוואַנציג מינוט האָבען מיר אומגעביטען אַנדערע מענשען ביי דער וואַסער־קישקע, דען די היץ איז געווען אונערטרעגליך.

אַ זייגער דריי אָדער פיער אין דער פריה האָט מען שוין געקענט זיין זיכער, אַז דער פייער האָט גענומען ווערען קלענער; דער קאָרפּוס וואַר אויסער געפאַהר, און נאָך דעם ווי מיר האָבען געהאַט געלאָשען אונזער דורשט מיט אַ האַלב דוצען גלאָז טהעע, אין אַ קליינע קרעטשמע דערביי, זיינען מיר אַוועק געלאָפען אויף דעם ערשטען בעסטען בעטעל, וואָס מיר האָבען געפונען לעער אין דעם שפּיטאָל פון קאָרפּוס.

איך בין אויף מאָרגען אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה און בין אַוועק זעהען דעם פּלאַץ פון דער שרפה. צוריקגעהענדיג אין קאָרפּוס אריין, האָב איך בעגעגענט דעם גרויס־פירסט מיכאַאיל, וועלכען איך האָב בעגלייט, ווי דאָס וואַר מיין פפליכט. די פּאַזשען מיט פּנים׳ער שוואַרץ פון רויך, מיט געשוואָלענע רויטע אויגען, מאַנכע מיט אָבגעסמאַליעטע האָר, האָבען אויפּ־געהויבען די קעפּ פון געלעגער. מי האָט זיי קוים געקאָנט דערקענען. אָבער זיי וואַרען שטאָלץ מיט דעם געדאַנק, אַז זיי האָבען ניט מורא געהאַט פאַר די ווייסע הענטלעך זייערע און האָבען געאַרבייט אַזוי שווער, ווי יעדער איינער.

דיעזער בעזוך פון׳ם גרויס־פירסט האָט אָבגעראַמט אַלע שוועריג־קייטען; ער האָט מיר געפרעגט פאַר וואָס מיר איז גראַד איינגעפאַלען די פאַנטאַזי זיך אַוועקצולאָזען אַזש קיין סיביר,—צי איך האָב דאָרט פריינד, צי דער גענעראַל־גובערנאַטאָר קען מיך; און זיך דערוויסענדיג, אַז איך האָב דאָרט קיין קרובים און קיין בעקאַנטע, האָט ער אויסגעשריען: „טו ווי

אַזוי פֿאַהרסטו אַהין? זיי קענען דאָך דיר אַוועקשיקען אין אַן איינזאַמען קאָזאַקען דערפֿעל. וואָס ווִעסטו דאָרטען טהאָן? איך וועל ליעבערסט שרייבען צום גענעראַל־גובערנאַטאָר און וועל דיך רעקאָמענדירען".

נאָך אַזאַ מין פֿאָרשלאַג בין איך געווען זיכער, אַז דער פֿאָטער וועט זיך שוין געוויס ניט שטעלען אין וועג—און אַזוי איז טאַקי געווען. מיר איז ערלויבט געוואָרען אָבצופֿאָהרען קיין סיביר.

דיעזע שריפה האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג ניט נאָר אויף דער פּאָליטיק פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, נאָר אויך אויף דער היסטאָריע פֿון רוסלאַנד פֿאַר יענעם טהייל פֿון'ם יאַהרהונדערט. אַז עס איז ניט געווען אַ בלויזער צופֿאַל, האָט יעדער פֿאַרשטאַנען. שבועות, און דער טאָג פֿון'ם הייליגען גייסט זיינען גרויסע יום טובים אין רוסלאַנד, און אין מאַרק איז קיין נפש ניט געווען צו יענער צייט אַ חוץ די וועכטער; און דאַן האָבען זיך די געהילץ־שטעלען גראד אָנגעצונדען אין דעם זעלבען מאָמענט ווי דער אַפּראַקסין מאַרק, און אין אַנדערע פּראָווינץ שטעט האָבען זיך אויך גלייך נאָך דעם פּעטערסבורגער פֿייער געטראָפֿען פֿיעלע גרויסע שריפות. די מעשה איז געווען אַ געמאַכטע, אָבער פֿון וועמען? דיעזע פֿראַגע בלייבט אונפֿערענטפֿערט ביז אויף'ן היינטיגען טאָג.

קאַטקאָף, וועלכער האָט געברענט מיט אַ פּערזענליכען צאָרן געגען אַלעקס. הערצען, און בעזאָנדערס געגען באַקונין, מיט וועלכען ער האָט שוין אַמאָל געמוזט געהען אויף אַ דועל, האָט גלייך אויף'ן צווייטען טאָג נאָך'ן פֿייער, בעשולדיגט די פּאָליאַקען און די רוסישע רעוואָלוציאָנערען, אַז זיי זיינען עס געווען די אונטערצינדער; און מיט דיעזע מיינונג זיינען די פּעטערסבורגער און מאָסקווער איינוואוינער געווען איינפֿערשטאַנען.

פוילען האָט זיך דאַן פֿאַרטיג געמאַכט פֿאַר דער רעוואָלוציאָן, וועלכע איז אויסגעבראָכען דעם קומענדען יאַנואַר, און די אונטעראירדישע רעוואָליציאָנערע רעגירונג האָט געהאַט געשלאָסען אַ בונד מיט די לאָנדאָנער ניהיליסטען; זיי האָבען געהאַט זייערע לייטע אין דעם רעכטען צענטער פֿון דער פּעטערסבורגער נאַטשאַלסטוואָ. ניט לאַנג נאָך דער שריפה האָט אַ רוסישער אָפֿיציר געשאָסען אויף'ן גענעראַל־גובערנאַטאָר פֿון פוילען, אויף אַ גרויס־פֿירסט; און ווען דער גרויס־פֿירסט קאָנסטאַנטין איז נאָמינירט געוואָרען אויף זיין פּלאַץ, האָט מען אויף איהם אויך גלייך געשאָסען (אַם 26 יוני). דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט אין אויגוסט מיט'ן מאַרקיז וויעלעפּאָלסקי, דער פּוילישער פֿיהרער פֿון דער רוסישער פֿעראייניגונגס־פּאַרטיי. נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט די פּאָליאַקען תמיד איינגעגעבען האָפֿנונג, אַז זיי קענען זיך בעפּרייען פֿון רוסישען יאָך דורך אַ בעוואָפֿענטען אויפֿשטאַנד

אורטהיילענדיג פון דעם געוועהנליך ענגהערציג מיליטערישען שטאַנדפונקט, וואָלט זיך די רעוואָלוציאָנערען געלוינט אָנצופיהרען אַ קאַמפף געגען דער רעגירונג מיט אַזעלכע מיטלען ווי אָנצוצינדען די באַנק פון רוסלאַנד און עטליכע מיניסטעריומס, און אַרויפצויאָגען אַן אימה אויף די הויפּט־שטאָדט; אָבער ס׳איז ניט געווען דער מינדעסטער ברעקעל בעוויז וואָס זאָל אונטערשטיצען אַזאַ מין ווילדע השערה.

די פאָרטגעשריטענע פאַרטייען האָבען דאַן איינגעזעהען, אַז יעדע האָפנונג אויף אַלעקסאַנדער׳ס רעפאָרמאַטאָרישע איניציאַטיווע איז אומזיסט. יעדער האָט געזעהען, ווי ער געהט אַלץ מעהר און מעהר אַריבער אין דעם לאַגער פון די רעאַקציאָנערען. מענער מיט געדאַנקען האָבען פאָראויסגעזעהען, דאָס די בעפרייאונג פון די מוזשיקעס, אונטער די בעדינגונגען פון אָבצאָהלונגען, וועלכע זיינען געווען אַרויפגעלייגט אויף זיי, האָט געמיינט זייער זיכערע פאַראָרמונג און רואינירונג. דאַרום זיינען רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציאָנען אַרויסגעלאָזען געוואָרען אין סט. פּעטערסבורג, אין וועלכע דאָס פאָלק און די אַרמיי זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרען צו אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד, וועהרענד די געבילדיטע קלאַסען זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרען צו פערלאַנגען דורכאויס אַ נאַציאָנאַלע קאָנווענציאָן. אונטער אַזעלכע אומשטענדען, קען זעהר זיין, איז עס געווען דער פּלאַן פון אייניגע רעוואָלוציאָנערען צו צושטערען די רעגירונג׳ס מאַשין.

ענדליך, דער אונבעשטימטער כאַראַקטער פון די בעפרייאונג האָט פערורזאַכט אַ גרויסע צוטומלעניש און קאָכעניש צווישען די מוזשיקעס, וועלכע בילדען אימער אַ בעטרעפטליכען טהייל פון דער בעפעלקערונג אין אַלע רוסישע שטעדט. און דורך די גאַנצע געשיכטע פון רוסלאַנד, יעדעם מאָל, ווען אַזאַ קאָכעניש האָט זיך אָנגעפאַנגען, איז דער רעזולטאַט געווען אַנאָנימע בריף, וואָס פלעגען פאָראויס זאָגען גרויסע פייערען, און וועלכע האָבען טאַקי אויך באַלד שטאַטגעפונען.

עס איז געווען מעגליך, דאָס דער געדאַנק אונטערצוצינדען דעם אַפּראַקסין מאַרק איז אַריינגעקומען אין די קעפּ פון די איינצעלנע מענער אין דעם רעוואָלוציאָנערען לאַגער, אָבער ניט די שטרענגסטע אונטערזוכונגען, ווי אויך ניט די מאַסען אַרעסטען, וואָס האָבען זיך אָנגעפאַנגען איבער גאַנץ רוסלאַנד, האָבען ניט אַרויסגעבראַכט דעם קלענסטען בעוויז, אַז עס איז טאַקי אַזוי געווען. וואָלט עטוואָס עהנליכעס אויסגעפונען געוואָרען, וואָלט די רעאַקציאָנערע פּאַרטיי זיכער ניט פאַרפעהלט אַרויסצושלאָגען גוטען קאַפּיטאַל דערפון. פיעלע מעמואַרען און גאַנצע ביכער פון קאָרעספּאָנדענצען פון יענער צייט זיינען אָבגעדרוקט געוואָרען, אָבער אין זיי

קען מען ניט געפֿינען אפילו אַ וואונק, וואָס זאָל אונטערשטיצען דיעזען פערדאַכט.

פונקט פֿאַרקעהרט, ווען אַזעלכע פֿייערען האָבען אויסגעבראָכען אין איינִיגע שטעט אויף די וואָלגאַ, און איבערהויפּט אין סאַראַטאָוו, און ווען אַ מיטגליד פון סענאַט, זשדאַנאָוו, איז געשיקט געוואָרען פֿון דעם צאַר צו מאַכען אַ שטרענגע אונטערזוכונג איז ער געקומען צוריק, פֿעסט איבער־צייגט, דאָס דער פייער אין סאַראַטאָוו איז די אַרבייט פֿון די רעאַקציאָנערע פאַרטיי. דיעזע פאַרטיי האָט גערעכענט, אַז עס איז נאָך מעגליך צו צווינגען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען אָבצולייגען די ענדליכע אַבשאַפֿונג פֿון פאַנ־שטשיזנע, וואָס האָט בעדאַרפֿט שטאַטפֿינדען דעם 19־טען פֿעברואַר, 1863. זיי האָבען געוואוסט די שוואַכקייט פֿון זיין כאַראַקטער, און גלייך נאָך דעם גרויסען פֿייער אין פעטערסבורג האָבען זיי אָנגעפאַנגען אַ גוואַלדיגען קאַמפף פֿאַר די אָבלייגונג און די רעוויזיע פֿון דעם בעפֿרייאונגס־געזעץ אין אַלע זיינע פראַקטישע אָנווענדונגען. מ׳ האָט גערעדט אין די קרייזען פֿון אַדוואָקאַטען, וואָס האָבען געוואוסט גענוי די גאַנצע אַנגעלעגענהייט, דאָס דער סענאַטאָר זשדאַנאָוו האָטווירקליך געבראַכט בעווייזע פֿון די שולד פֿון די רעאַקציאָנערען אין סאַ־אַטאָוו, אָבער דאָס ער איז געשטאָר־בען אויף׳ן וועג צוריק נאָך פעטערסבורג און דאָס זיין פּאָרטפֿעל איז פֿאַרשוואונדען געוואָרען. מ׳ האָט איהם קיינמאָהל ניט ווידער געפֿונען.

ווי די מעשה איז אָבער ניט געווען, ווער עס זאָל ניט זיין דער פֿעראורזאַכער פֿון דעם אַפראַקסין פֿייער, די רעזולטאַטען זיינע זיינען געווען זעהר טרויעריגע: אלעקסאַנדער דער צווייטער איז נאָך דעם איבערגעגאנגען אין די זייט פון די רעאַקציאָנערען—און וואָס איז געווען נאָך פיעל ערגער —די עפֿענטליכע מיינונג פֿון יענעם טהייל פֿון די געזעלשאַפֿט פֿון פעטערסבורג און איבערהויפט פֿון מאָסקווע, וואָס האָט געהאַט דעם גרעסטען איינפֿלוס אויף די רעגירונג, האָט מיט אַמאָל אַראָבגעוואָרפֿען פֿון זיך איהר ליבעראַליזמוס, און האָט זיך אומגעקעהרט מיט׳ן רוקען ניט נור געגען די זעהר ראַדיקאַלע סעקציאָן פֿון די רעפֿאָרם פאַרטיי, נור זאָגאַר געגען איהר זעהר געמעסיגטען פליגעל.

איינִיגע טעג נאָך דעם פֿייער, בין איך אַוועק זונטאַג זעהען מיין קאזין, דעם אַדיוטאַנט פֿון דעם אימפעראַטאָר. אין זיין הויז פֿלעג איך מיך אָפֿט טרעפֿען מיט אָפֿיצירען, טשינאָווניקעס, וואָס האָבען שטאַרק סימפּאַ־טיזירט מיט טשערנישעווסקי. ער אַליין איז געווען אַ פֿלייסיגער און אַ שטענדיגער לעזער פֿון דעם „סאָווֿרעמעניק", דער אָרגאַן פֿון די דאַמאָלס פֿאָרגעשריטענע רעפֿאָרם פאַרטיי. ער האָט געבראַכט איינִיגע נומערען

פֿון דעם „סאָווריעמעניק״, און אַוועקלייגענדיג זיי אויף׳ן טיש, ביי וועלכען איך בין געזעסען, האָט ער צו מיר געזאָגט: „פֿון היינט אָן און ווייטער האָב איך ניט מעהר צו טאָהן מיט דיעזען אויפֿרייצענדען, פֿאַרפֿיהרערישען זשורנאַל״. און דיעזע ווערטער האָבען אויסגעדריקט די מיינונג פֿון גאַנץ פעטערסבורג.

עס איז געוואָרען ניט אַנשטענדיג צו ריידען וועגען רעפֿאָרמען. די גאַנצע לופֿט איז פֿול געווען פֿון אַ רעאַקציאָנערען גייסט. דער „סאָוור־רעמעניק״ און עהנליכע זשורנאַלען זיינען אונטערדריקט געוואָ־רען; די זאָנטאַג׳ס סקולס זיינען צוגעשלאָסען געוואָרען, און מאַסען אַרעסטען האָבען זיך אָנגעפֿאַנגען. פעטערסבורג איז געווען אין אַ בעלאַגערונג׳ס צושטאַנד.

צוויי וואָכען שפעטער, דעם 25־טען יוני, די צייט, אויף וועלכע מיר, די פּאַזשען און קאַדעטען, האָבען אזוי לאַנג געוואַרט, איז ענדליך געקומען. דער אימפּעראַטאָר האָט אונז געגעבען אַ סאָרט מיליטערישען עקזאַמען—און מיר זיינען יענעם טאָג אויפֿגעהויבען געוואָרען צו דעם טשין פֿון אָפֿיצירען.

ווען דער פּאַראַד איז געווען פֿאָראיבער, האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער אויסגערופֿען אויף׳ן קול: „די נייע אָפֿיצירען צו מיר!״ און מיר האָבען זיך פֿערזאַמעלט ארום איהם. ער איז געבליבען זיצען אויף זיין פֿערד.

דאָ האָב איך איהם ערסט דערזעהען אין אַ גאַנץ נייע בעלייכ־טונג. דער מאַן, וואָס האָט דעם קומענדען יאָהר געשפּילט די ראָלע פֿון אַ בלוט דורשטיגען אונטערדריקער פֿון דעם אויפֿשטאַנד אין פּוילען, איז יעצט געווען קלאָר פֿאַר מיר אין זיין רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען פֿאַר אונז.

ער האָט אָנגעהויבען מיט אַ רוהיגען טאָן: „איך גראַטוליר אייך; איהר זייט אָפֿיצירען״. ער האָט גערעט וועגען מיליטער־פּפֿליכט, און וועגען לאָיאַליטעט, ווי מי רעט געוועהנליך ביי אַזעלכע פֿעלע. „אָבער, אויב אימיצער פֿון אייך״, האָט ער פֿאָרטגעזעצט, שאַרף אויסריידענדיג יעדען וואָרט, זיין געזיכט איז פּלוצלונג פֿול געוואָרען מיט צאָרען „אָבער אויב אימיצער פֿון אייך—פֿון וואָס גאָט זאָל אייך אויסהיטען—זאָל אונטער וועלכע עס איז אומשטענדען אַרויסווייזען אונטרייהייט צו דעם צאַר, צו דעם טראָהן און צו דעם פֿאָטערלאַנד, וויסט—איך זאָג עס אייך—דאָס ער וועט בע־האַנדעלט ווערען מיט די גאַנצע גרוייזאַמקייט פֿון געזעץ, אָהן די קלענסטע רחמנות״.

זיין שטימע האָט זיך ענטזאַגט מעהר צו ריידען. זיין געזיכט איז

געווען ווי אַנגעצונדען, פֿול מיט דיעזען בלינדען צאָרן, וועלכען מיר איז אויסגעקומען צו באַמערקען אויף די פּנים'ער פֿון די פּריצים, ווען זיי האָבען געהייסען די קנעכט צו שמייסען די מוזשיקעס, ביז בלוט זאָל שפּריצען. ער האָט פּלוצלונג אַ דריק געטאָהן מיט די שפּאָרען אין די זייטען פֿון זיין פֿערד און איז אַרויסגעפֿאָהרען פֿון אונזער צירקעל.

אויף מאָרגען, דעם 26־טען יוני, זיינען אויף דעם באַפֿעהל פֿון דעם איספּעראַטאָר דריי אָפֿיצירען דערשאָסען געוואָרען אין פּוילען און איין סאָלדאַט איז פֿאַרשמיסען געוואָרען אויף טויט.

„די רעאַקציאָן איז אין איהר פֿולען גאַנג", האָב איך גערעדט צו זיך אַליין, ווען מיר זיינען געגאַנגען צוריק אין קאָ־פּוס.

איידער איך האָב פֿאַרלאָזען פּעטערסבורג האָב איך נאָך איין מאָל געזעהען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען. עטליכע טעג נאָך די עקזאַמענס, זיינען אַלע ניי געמאַכטע אָפֿיצירען געבראַכט געוואָרען אין פּאַלאַץ אום פֿאַרגעשטעלט צו ווערען פֿאַר'ן קייזער, מיין זעהר ניט אנציהענדער יוני־פֿאָרם מיט די גרויע הויזען, האָט זיך יעדען איינעם געוואָרפֿען אין די אויגען, אַזוי ווי די אַמור קאַזאַקען זיינען דאַן געווען אין יונגסטען פּאָלק, איז מיר אויסגעקומען צו שטעהען גאַנץ צום סוף פֿון דער ליניע פֿון הונדערטער אָפֿיצירען, וואָס וואַרען דאָרט. אַלעקסאַנדער האָט מיך געפֿונען און געפֿרעגט: „דו געהסט אַלזאָ קיין סיביר? איז דער פֿאָטער ענדליך בעד־שטאַנען דערויף?" איך האָב איהם געענטפֿערט אַז יאָ. „און דו האָסט ניט מורא אזוי ווייט צו געהן?" איך האָב גאַנץ וואַרם ערווידערט: „ניין, איך וויל ארבייטען. עס מוז אין סיביר זיין פֿיעל צו טאָהן אום איינצופֿיהרען די גרויסע רעפאָרמען, וועלכע געהען דאָרט געמאַכט ווערען". ער האָט מיר געקוקט גלייך אין די אויגען, האָט זיך פֿאַרטראַכט און ענדליך האָט ער געזאָגט: „נו, געה; מי קען זיין ניצליך אומעטום!" און אויף זיין פּנים האָט זיך בעוויזען אַזוי פֿיעל מיעדקייט, אַזוי פֿיל פֿאַרצווייפֿלונג, אַז איך האָב גלייך ביי זיך געטראַכט: „ער איז אויסגעשפּיעלט; ער וועט עס אַלעס שנעל אויפֿגעבען".

פּעטערסבורג האָט אָנגענומען אַ פּינסטערען פּנים. זעלנער האָבען ארומגעמאַרשירט אין די גאַסען, קאזאַקען האָבען בעוואַכט דעם פּאַלאַץ, די פֿעסטונג איז געווען געפּאַקט מיט אַרעסטאַנטען. וואו איך בין געגאַנגען, האָב איך געטראָפֿען דעם זעלבען צושטאַנד—די רעאַקציאָן האָט טריאומ־פֿירט. איך האָב פֿאַרלאָזען פּעטערסבורג אָהן בעדויערען.

איך בין יעדען טאָג געלאָפֿען צו דער נאַטשאַלסטווא און זיי געבעד־טען מיר גיך איבערצוגעבען מיינע פּאַפּירען און אַזוי שנעל, ווי איך האָב

זיי באַקומען בין איך גלייך אָבגעפאָהרען קיין מאָסקווע זיך צוזעהען מיט מיין ברודער אַלעקסאַנדער.

2.

די פינף יאָהר, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין סיביר, וואַרען פיר מיר אַן אמת׳ע בילדונג אין לעבען און מענשליכען כאַראַקטער. איך בין צוזאַמען געקומען מיט די פערשיעדענסטע סאָרטען מענשען: די בעסטע און די ערגסטע; אַזעלכע וואָס זיינען געשטאַנען אַם העכסטען שטאַפעל פון דער געזעלשאַפט און אַנדערע ווידער, וואָס זיינען געלעגען אויף׳ן סאמע אָבגרונד,—די טרעמפּס און די ערגסטע פאַרברעכער. איך האָב געהאַט גענוג געלעגענהייטען צו בעאָבאַכטען די זיטען און מנהגים פון די מוזשיקעס און זייער טעגליכען לעבען, און נאָך מעהר געלעגענהייט האָב איך געהאַט איינצוזעהען ווי ווייניג דער שטאַאט האָט זיי געקענט העלפען, אפילו ווען ער זאָל ווירקליך זיין בעלעבט מיט׳ן ווילען. ענדליך, האָבען מיינע ווייטע רייזען, אין וועלכע איך האָב דורכגעמאַכט פופציג טויזענד מייל אין וואָגענס, אויף פאַראַכאָדען, שיפלעך, אָדער מיינסטענס רייטענדיג, געהאַט אַ וואונדערבאַרע ווירקונג, שטאַרקענדיג מיין געזונדהייט.

דאָס האָט מיך אויך געלערענט ווי ווייניג דער מענש ברויכט, אַזוי שנעל ווי ער קומט אַרויס פון דעם בעצויבערטען צירקעל פון אונזער „הייליגער״ ציוויליזאַציאָן. מיט עטליכע פונט ברויט און אַ פעקעלע טהעע אין סאַקוואָיאַזש, אַ קעסעלע און א העקעל הענגענדיג ביים זאָטעל, און אונטערען זאָטעל אַ בלענקעט, וואָס מי זאָל קענען אויסשפּרייטען, ביי אַ פייער געמאַכט פון שפענדלאַך, אויף אַ בעט פון פריש געשניטענע יאַלאָווע צווייגלעך, פיהלט זיך דער מענש מאָדנע אונאבהענגיג. אפילו בעת ער געפינט זיך איינער אַליין צווישען אומבעקאַנטע בערג, געדיכט באַדעקט מיט וועלדער אָדער מיט שנעע.

אַ בוך וואָלט מען קענען אָנשרייבען איבער דיעזען טהייל פון מיין לעבען, אָבער דאָ מוז איך דאָס אַלעס שנעל פאָרביי לויפען, אַזוי ווי עס בלייבט מיר זעהר פיעל צו זאָגען איבער די שפעטערע פעריאָדען.

סיביר איז ניט דאָס פאַרפרוירענע לאַנד, בעגראָבען אין שנעע און באַפעלקערט מיט בלויז פאַרברעכער, ווי מי שטעלט זיך עס פאָר, אפילו אין רוסלאנד גופא. צו דרום זייט איז זי אזוי רייך אין נאַטירליכע פראָדוקטען, ווי די זידליכע טהיילען פון קענעדע, צו וועלכע זי איז אין דער פיזישער געשטאַלט זעהר עהנליך; און אַ חוץ די האַלבע מיליאָן איינוואוינער

האָט זי אַ בעפֿעלקערונג פֿון איבער 4 מיליאָן רוסען. די זידליכע טהייל פֿון וועסט־סיביר איז אויך אַזוי פֿיעל רוסיש, ווי די פּראָווינץ וואָס ליגט צו צפון זייט פֿון מאָסקווע. אין 1862, איז די העכערע נאַטשאַלסטוואָ פֿון סיביר געווען פֿיעל מעהר אויפֿגעקלערט און אין אַלע הינזיכטען פֿיעל בעסער, ווי אין אירגענד וועלכער פּראָווינץ פֿון רוסלאַנד גופא. אַ היבשע פּאָר יאָהר האָט די שטעלע פֿון גענעראַל־גובערנאַטאָר פֿון מזרח סיביר פֿאַרנומען אַ מערקווירדיגע פּערזאָן, פֿירסט נ. נ. מוראַוויאָף, וועלכער האָט פֿאַראייניגט די אַמור געגענד מיט רוסלאַנד. ער וואַר זעהר אינטעליגענט, זעהר טהעטיג, העכסט ליעבליך, און האָט ווירקליך געשטרעבט פֿאַר דאָס וואוילזיין פֿון לאַנד. ווי אַלע טהעטיגע רעגירונגס מענשען, אַזוי איז ער אויך געווען אין האַרצען אַן עכטער דעספּאָט; אָבער ער האָט געהאַט פֿאָרטגעשריטענע אידעען, און אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק וואָלט איהם נאָך ניט אין גאַנצען צופֿרידען געשטעלט. ביז צו אַ געוויסען גראַד איז עס איהם געלונגען פּטור צו ווערען פֿון די פֿריהערדיגע טשינאַווניקעס, וועלכע האָבען געהאַלטען סיביר פֿאַר אַ שמאַלץ גרוב, פֿון וועלכען מי קען אין גיכען פֿעט ווערען, און ער האָט ארומגעקליבען א שטאַב יונגע אָפֿיצירען, גאַנץ עהרליכע, און פֿיעלע פֿון זיי בעלעבט מיט די זעלבע פּראַכטפֿאָלע געדאַנקען ווי ער גופא. אין זיין אייגענעם צימער, האָבען די יונגע טשינאָווניקעס, מיט דעם פֿאַרטריבענעם באַקונין אין מיטען (ער איז אַנטלאָפֿען פֿון סיביר אין 1861), דיסקוטירט מכח די שאַנסען צו שאַפֿען „אַ פּעראייניגטע שטאַאַטען אין סיביר, פּעדערירט איבער’ן פּאַציפֿישען אָקעאַן מיט די פֿאַראייניגטע שטאַאַטען פֿון אַמעריקאַ”.

ווען איך בין אָנגעקומען אין אירקוטסק, די הויפּט שטאָדט פֿון איסט־סיביר, האָט די חוואַליע פֿון רעאַקציאָן, וועלכע איך האָב געזעהען אויפֿהויבענדיג זיך אין פּעטערסבורג, נאָך ניט דערגרייכט דיעזע וייטע געגענד. איך בין זעהר גוט אויפֿגענומען געוואָרען פֿון דעם יונגען גענעראַל־גובערנאַטאָר קאָרסאַקאָוו, און ער האָט מיר געזאָגט, דאָס ער איז העכסט גליקליך צו האָבען ארום זיך מענער מיט פֿאָרטגעשריטענע מיינונגען. וואָס אָנבעלאַנגט דעם קאָמאַנדיר קיוקעל—אַ יונגער גענעראַל נאָך קיינע פֿינף און דרייסיג יאָהר אַלט, און ועמעס פּערזענליכער אַדיוטאַנט איך בין געוואָרען,—האָט ער מיך גענומען אין אַ צימער אין זיין הויז, וואו איך האָב געפֿונען, צוזאַמען מיט די בעסטע רוסישע זשורנאַלען, אַ פֿאָלשטענדיגע זאַמלונג פֿון די לאָנדאָנער רעוואָלוציאָנערע אויסגאַבען פֿון הערצען. מיר זיינען באַלד געוואָרען די וואַרעמסטע פֿריינד.

גענעראַל קיוקעל האָט צו יענער צייט פֿאַרנומען פֿאַר אַ קורצע

ווײלע די שטעלע פֿון גובערנאַטאָר פֿון טראַנסבאַיקאַליאַ. אין עטליכע וואָכען שפּעטער זײנען מיר איבער דעם שעהנעם טײך אָנגעקומען אין די קלײנע שטאָדט טשיטאַ, די הויפּט שטאָדט פֿון יענער פּראָווינץ.

קיוקעל, אונטערשטיצט פֿון אַן אינטעליגענטען און פּראַקטישען מאַן, פּאָלקאָווניק פּעדאַשענקאָ, און פֿון נאָך אַ פּאָר גוט מײנענדע טשינאָווניקעס, האָט געאַרבײט דעם גאַנצען טאָג לאַנג און זעהר אָפֿט אַ גוטע שטיק אין די נאַכט אַרײן. איך בין געוואָרען דער סעקרעטאַר פֿון צװײ קאָמיטעס— פֿאַר די רעפֿאָרם פֿון די געפֿענגניסע און די גאַנצע סיסטעמע פֿון פֿאַרשי־קונג, ווי אויך פֿאַר די אויסאַרבײטונג פֿון אַ פּלאַן פֿון מוניציפּאַלע זעלבסט־רעגירונג—און איך האָב זיך גענומען צו דער ארבײט מיט דעם גאַנצען ענטהוזיאַזמוס און חשק פֿון אַ יונגען מאַן פֿון נײנצעהן יאָהר. איך האָב געלעזען זעהר פֿיעל װעגען די היסטאָרישע ענטוויקלונג פֿון דיעזע אינסטי־טוציאָנען אין רוסלאַנד און פֿון זײער איצטיגען צושטאַנד אין אויסלאַנד; די מיניסטעריום׳ס פֿון אינערען און פֿון רעכט האָבען אַרויסגעלאָזען אויסגעצײכענ־טע אָבהאַנדלונגען איבער דיעזע געגענשטענדע; אָבער דאָס וואָס מיר האָבען געטאָהן אין טראַנסבאַיקאַליאַ איז ניט געווען נור טהעאָרעטישעס.

איך האָב ערשטענס דיסקוטירט די פֿראַגע אין אַלגעמײן און נאַכ־הער יעדע אײנצעלהײט מיט פּראַקטישע מענער, מיט די וואָס זײנען געווען גוט בעקאַנט מיט די ווירקליכע באַדירפֿניסע און די מעגליכקײטען פֿון יענער געגענד. צוליב דיעזען צוועק האָב איך מיך צוזאַמען געטראָפֿען מיט אַ גרויסע צאָהל מענשען. דאַן, די שליסע, צו וועלכע מיר זײנען געקומען, זײנען איבערדיסקוטירט געוואָרען מיט גענעראַל קיוקעל און פּעדאַשענקאָ. און ווען איך האָב די רעזולטאַטען געבראַכט אויף׳ן פּאַפּיער אין די ערשטע פֿאָרמע, איז יעדער פּונקט ווידער אַ מאָל דיסקוטירט געוואָרען אין די קאָמיטעס.

אײנע פֿון דיעזע קאָמיטעס, אום אויסצואַרבײטען דעם פּלאַן פֿאַר די מוניציפּאַלע זעלבסט־רעגירונג, איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פֿון די אײנוואָהנער פֿון טשיטאַ, וועלכע זײנען אויסערוועהלט געוואָרען פֿון די גאַנצע באַפֿעלקערונג מיט אַ ניט קלענערע פֿרײהײט, ווי די פֿון די פֿאַראײניגטע שטאַאַטען. אין קורצען, אונזער אַרבײט איז געווען זעהר ערנסט, און זאָגאַר נאָך איצט, צוריק בליקענדיג אויף אונזער דאַמאָלסדיגע ארבײט דורך די פּערספּעקטיווע פֿון אַזוי פֿיעל יאָהר, קען איך זאָגען מיט פֿולען פֿאַרטרויען, דאָס אויב די מוניציפּאַלע זעלבסט־רעגירונג וואָלט דאַן באַוויליגט געוואָרען פֿון דער רעגירונג, וואָלטען די שטעדט פֿון סיביר פֿיעל אַנדערש אויסגעזעהען, ווי זײ זײנען עס בײ היינטיגען טאָג. אָבער פֿון

דער גאַנצער האָראָוואַניע אונזערער איז גאָר ניט אַרויסגעקומען, וו איהר וועט עס באַלד זעהען.

צו דיעזע צוויי הויפּט־אַרבייטען זיינען נאָך צוגעקומען צופעליגע באַשעפֿטיגונגען. מי האָט בעדאַרפֿט זעהען, עס זאָל ווערען געלד פֿאַר פֿאַרשידענע וואָלטהעטיגע אַנשטאַלטען; עס איז נויטיג געווען צו געבען אַן עקאָנאָמישע בעשרייבונג פֿון דער פּראָווינץ צו אַ געוויסע אויסשטעלונג, אָדער אַן אַנדער אַרבייט. „עס איז אַ גרויסע עפּאָכע, אין וועלכע מיר לעבען; אַרבייט, מיין טהייערער פֿריינד! געדענק, דאָס דו ביסט דער סעקרעטאַר פֿון אַלע עקזיסטירענדע און צוקונפֿטיגע קאָמיטעס", פֿלעגט קיוקעל מאַנכעס מאָל צו מיר זאָגען — און איך האָב געאַרבייט מיט אַ דאָפּעלטען פֿלייס.

דאָרט, אין אונזער פּראָווינץ, איז געווען אַן אויעזדני נאַטשאַלניק— אַ פּאָליציי־טשינאָווניק, וואָס האָט זעהר פֿיעל רעכטע. פֿון אַ זעהר אונבעשטימטען חאַראַקטער—וואָס איז געווען אַן איינפֿאַכער טייוועל. ער האָט בערויבט די מוזשיקעס און האָט זיי געשמיסען רעכטס און לינקס—אפילו פֿרויען, וואָס דאָס איז געווען געגען געזעץ. און ווען מי פֿלעגט אַריינפֿאַלען אין זיינע הענד, פֿלעגט מען ביי איהם אָבליגען גאַנצע מאָנאַטען, און די מענשען פֿלעגט ער האַלטען אַזוי לאַנג אין געפֿענגניס, ביז זיי פֿלעגען איהם גוט אונטערקויפֿען. קיוקעל וואָלט שוין לאַנג געשלאָגען כפרות מיט דיעזען מענשען, אָבער דער געגעראַל־גובערנאַטאָר האָט עס ניט צוגעלאָזען, ווייל דיעזער קערל האָט געהאַט מעכטיגע פֿריינד אין פּעטערסבורג. נאָך פֿיעל אונענטשלאָסענהייט, איז ענדליך געבליבען ביי אונז, דאָס איך זאָל אַוועקפֿאָהרען אהין און מאַכען אַן אונטערזוכונג און צוזאַמענקלייבען בעווייזע געגען דיעזען מאַן. דאָס איז גאָר ניט געווען אַזוי לייכט, ווייל די מוזשיקעס, טעראָריזירט פֿון איהם, און וויסענדיג גוט דעם רוסישען שפּריכווארט, אַז „גאָט איז ווייט, וועהרענד דיין עלטסטער איז דיין נאָהענטער שכן", האָבען ניט געהאַט דעם מוטה אויפֿצוטרעטען אָפֿען געגען איהם. זאָגאַר די פֿרוי, וואָס ער האָט געשמיסען, האָט געציטערט צו געבען אַ געשריבענע ערקלערונג. נור נאַכדעם, ווען איך בין דאָרט אָבגעווען גאַנצע צוויי וואָכען, און האָב געוואונען דעם צוטרויען פֿון די בויערען, איז מיר געלונגען אויסצוגעפֿינען און צו קריגען בעשטעטיגט די אַלע גרוילטהאַטען פֿון דיעזען מאָנסטער. די בעווייזע געגען איהם זיינען געווען איינפֿאַך פֿערניכטענדע, און ער איז אַראָב געוואָרפֿען געוואָרען פֿון זיין שטעלע. מיר האָבען זיך איינע די אַנדערע גראַטולירט, דאָס מיר זיינען פּטור געוואָרען פֿון אַזאַ פּעסט. ווי גרויס איז אָבער געווען מיין וואונדער, ווען איניגע מאָנאַטען

שפּעטער, האָב איך מיך דערוואוסט, דאָס דער זעלבער מאַן איז באַרופען געוואָרען צו נאָך אַ העכערע שטעלע אין קאַמטשאַטקאַ. דאָרט האָט ער געקאָנט רויבען די בויערען פריי פון אירגענד וועלכע קאָנטראָלע, און האָט טאַקי אַזוי געטאָהן. איינינע יאָהר שפּעטער איז ער צוריק געקומען נאָך פּעטערסבורג אַ רייכער מאַן. די אַרטיקלען, וועלכע ער שרייבט פאַר די רעאַקציאָנערע פּרעסע ויינען, מוז איך צוגעבען, פול פון אַ הויכען „פּאַטריאָטישען" גייסט.

די כוואַליע פון די רעאַקציאָן, ווי איך האָב שוין אויבען געזאָגט, האָט נאָך ניט דערגרייכט סיביר, און די פּאָליטישע פאַרשיקטע זיינען נאָך אַלץ בעהאַנדעלט געוואָרען מיט דעם גרעסטען ריקזיכט, ווי אין מוראַוויאָף׳ס צייטען. אין יאָהר 1861, ווען דער פּאָעט מיכאַילאָוו איז פּערוּרטהיילט געוואָרען צו קאַטאָרזשנע אַרבייט פאַר אַ רעוואָלוציאָנערען אויפרוף, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזען, און איז אַוועקגעשיקט געוואָרען נאָך סיביר, האָט דער גובערנאַטאָר פון דער שטאָדט טאָבאָלסק געגעבען אַ מאָהלצייט צו זיין עהרע. אין דיעזען מאָהלצייט האָבען אַלע טשינאָווניקעס אַנטהייל גענומען. אין טראַנסבאַיקאַליאַ האָט מען איהם ניט געשטעלט צו דער אַרבייט, מי האָט איהם אָפּיציעל ערלויבט צו זיין קראַנק און בלייבען אין דעם האָספּיטאַל־געפענגניס פון אַ קליין דערפעל. זייענדיג זעהר שוואַך—ער האָט געהאַלטען ביין שטאַרבען פון שווינדזוכט, און איז ווירקליך געשטאָרבען מיט איינינע מאָנאַטען שפּעטער—האָט גענעראַל קיוקעל געגעבען איהם די ערלויבניס צו זיין אין דעם הויז פון זיין ברודער, אַ מינע־אינזשענער; ניט אָפּיציעל איז דאָס געווען בעקאַנט איבער גאַנץ סיביר. אָבער איין געוויסען טאָג האָבען מיר זיך דערוואוסט פון אירקוטסק, דאָס צוליב אַ געהיימע מסירה, קומט דער זשאַנדאַרמסקי־גענעראַל אַליין נאָך טשיטאַ, אום צו מאַכען אַ שטרענגע אונטערזוכונג אין דיעזע אַנגעלעגענהייט. אן אַדיוטאַנט פון דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט אונז געבראַכט די נייעס. מי האָט מיר אין גרויס איילעניש אַוועקגעשיקט, אום צו וואַרנען מיכאַילאָוו, דאָס ער מוז גלייך צוריק געהן אין האָספּיטאַל אַזוי לאַנג, ווי דער זשאַנדאַרמסקי־גענעראַל וועט בלייבען אין טשיטאַ. אַזוי ווי יענער הער האָט זיך יעדע נאַכט, וואָס ער האָט נעשפּיעלט אין קיוקעל׳ס הויז אין קאָרטען, געפונען אימער אַ געווינער, און אַזוי ווי עס האָט זיך איהם ניט געוואָלט מאַכען איצט אַ רייזע פון אַ נייינציג מייל אין אַזאַ קאַלטע געגענד, וואו מיכאַילאָוו איז געווען, איז ער פאַרבליבען מיט אונז נאָך אַ שטיק צייט, און שפּעטער איז ער צוריק געפאָהרען נאָך אירקוטסק.

דער שטורם האָט אָבער דאָך געהאַלטען אין קומען אַלץ נעהענטער

און ער האָט געמאַכט אַ תל פֿון אַלעם באלד נאָך דעם, ווי דער אויפֿ־שטאַנד האָט אויסגעבראָכען אין פוילען.

אין דעם יאָהר 1863, אין יאַנואַר, האָט פוילען רעוואָלטירט געגען רוסישען יאָך. רעוואָלוציאָנערע קאָמפּף׳ס אַרמייען האַבען זיך געבילדעט איבעראַל און עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ ביטערע בלוטיגע מלחמה, וועלכע האָט געדויערט אַכצעהן מאָנאַטען. די פּאָליטישע פּליכטלינגע אין לאָנדאָן האָבען זיך געבעטען ביי די פוילישע רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעס אָבצולייגען אויף אַ צייט דיעזע באַוועגונג. זיי האָבען פֿאָראויסגעזעהען, דאָס זי וועט דערטרונקען ווערען אין אַ ים פֿון בלוט, און דערמיט וועט אויך זיין אַן ענדע צו די רעפֿאָרם־פּעריאָדע אין רוסלאַנד, אָבער עס האָט קיין זאַך ניט געהאָלפֿען. די אונטערדריקונג פֿון די נאַציאָנאַלע מאַניפֿעסטאַציאָן, וואָס האָט פּאַסירט אין וואַרשוי, אין 1861, און די גרויזאַמע, גאַנץ ניט פֿער־דינטע ראַכע פֿון רוסלאַנד געגען די מאַניפֿעסטאַנטען, האָט געבראַכט די פּאָליאַקען אין אמת׳ע פֿערצווייפֿלונג. דער גורל איז געפֿאַלען.

נאָך קיין מאָל האָט פוילען׳ס בעפֿרייאונג געהאַט אַזוי פֿיעל סימ־פּאַטיזירער אין רוסלאַנד, ווי צו יענער צייט. איך רייד דאָ ניט נור פֿון די רעוואָלוציאָנערען, זאָגאַר צווישען די מעהר געמעסיגטע עלעמענטען פֿון דער רוסישער געזעלשאַפֿט האָט מען געטראַכט, און מי האָט עס אויך געזאָגט גאַנץ אָפֿען, דאָס עס וואָלט געווען אַ טובה פֿאַר רוסלאַנד, אַז פוילען זאָל זיין איהר פֿריינדליכער שכן אָנשטאָט אַ פֿיינדליכער אונטער־טהאַן. פוילען וועט קיין מאָל ניט פֿאַרלירען איהר נאַציאָנאַלען חאַראַקטער; ער איז צו שטאַרק ענטוויקעלט. זי האָט און וועט האָבען איהר אייגענע ליטעראַטור, איהר אייגענע קונסט, איהר אייגענע אינדוסטריע. רוסלאַנד קען האַלטען פוילען אין אונטערטהעניגקייט נור דורך געוואַלט און אונ־טערדריקונג, און דאָס מוז ברייגגען אונטערדריקונג אויך אין רוסלאַנד גופא. אפילו די פֿרידליכע סלאַוויאַנאָפֿילען זיינען געווען פֿון דיעזע מיינונג. און וועהרענד איך בין נאָך געווען אַ שילער אין קאָרפּוס, האָט די פּעטערס־בורגער געזעלשאַפֿט בעגריסט מיט פֿרייד דעם „חלום", וועלכען דער סלאַוויאַנאָפֿיל איוואַן אַקסאַקאָוו האָט געהאַט דעם קוראַזש צו דרוקען אין זיין צייטונג. זיין חלום איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס די רוסישע טרופּען האָבען פֿערלאָזען פוילען, און האָט גערעדט איבער די אויסגעצייכענטע רעזולטאַטען פֿון אַזאַ פּאַסירונג.

ווען עס האָט אויסגעבראָכען דער פוילישער מיאַטעזש אין 1863, האָבען אייניגע רוסישע אָפֿיצירען ענטזאַגט זיך צו מאַרשירען געגען פוילען, וועהרענד אַנדערע האָבען אָפֿען געשטעלט זיך אויף זייער זייט, און זיי

זיינען געשטאָרבען אָדער אויף דער תליה אָדער אויף׳ן שלאַכט־פּעלד. געלדער פֿאַר דעם אויפשטאַנד זיינען געזאַמעלט געוואָרען איבער גאַנץ רוסלאַנד—כמעט עפֿענטליך אין סיביר—און אין די רוסישע אוניווערזיטעטען האָבען די סטודענטען פֿאַרזאָרגט מיט אַלעם נויטהיגען די פֿון זייערע חברים, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערען.

דאַן, אין דיזע גאַנצע קאָכענעש, האָט מען פֿאַרברייט די נייעס איבער רוסלאַנד, דאָס אין די נאַכט פֿון דעם צעהנטען יאַנואַר, זיינען איינינגע רעוואָלוציאָנערע באַנדעס בעפֿאַלען די סאָלדאַטען, וואָס זיינען געווען איינ־געקוואַרטירט אין די דערפֿער, און זיינען ערמאָרדעט געוואָרען אין זייערע בעטען, האָטש מיט אַ טאָג פאַר דעם האָבען די פֿאַרהעלטניסע צווישען די רוסישע סאָלדאַטען און די פוילישע בעפֿעלקערונג אויסגעזעהען גאַנץ פֿריינדליכע. די נייעס איז געווען אַביסעל איבערטריבען, אָבער אונגליקליכער ווייזע, איז אויך געווען פֿיעל וואַהרעס אין דעם, און דער איינדרוק, וואָס דיזע נייעס האָט געמאכט אין רוסלאַנד, איז געווען אַ שרעקליכער. די אַלטע אַנטיפּאַטהיע צווישען די צוויי נאַציאָנען, אַזוי פֿערוואַנד אין זייער אָבשטאַ־מונג, אָבער אויך אזוי אונגלייך אין זייערע נאַציאָנאַלע חאַראַקטערע, האָבען זיך ווידער אויפֿגעכאַפּט.

ביסלעכווייז איז דער ביטערער געפֿיהל געגען זיי אין רוסלאַנד פאַרשוואונדען געוואָרען. דער העלדישער קאַמפּף פֿון די אייביג־בראַווע פּאָליאַקען און די אונבאַזיגבאַרע ענערגיע, מיט וועלכע זיי זיינען ענטגעגען־געשטאַנען אַזאַ גרויסע אַרמעע, האָט געוואונען סימפּאַטהיע פֿאַר דיזע העלדישע נאַציאָן. אָבער עס איז געוואָרען בעקאַנט, דאָס דער פוילישער רעוואָלוציאָנערען קאָמיטעט פֿאָרדערענדיג די פֿרייהייט פֿון פוילען האָט אויך געפֿאָרדערט, אַז מאַלאָראָסיע און די אוקריינאַ, וועמעס בעפֿעלקערונג האָט איינמאַל געהאַסט די פּאָליאַקען, אַז אויך דיזע זאָלען צוריקגעגעבען ווערען צו פוילען. נאָך מעהר, נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט אָנגעהויבען צו סטראַשען רוסלאַנד מיט אַ נייעם קריג—אַ פוסטער סטראַשונאָק, וועלכער האָט מעהר געשאַדט די פּאָליאַקען, ווי אַלע אַנדערע זאַכען צוזאַמען גענומען. און ענדליך, די ראַדיקאַלע עלעמענטען אין רוסלאַנד האָבען איינגעזעהען מיט פֿערדרוס, דאָס די בלויז־נאַציאָנאַלע פֿראַקציאָן אין פוילען האָט געקראָגען די אויבער־האַנד, דאָס די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג האָט ניט אָנגעהויבען דענקען גאָר פֿון צוריק צו געבען די לאַנד צו די פּאַנסטשיזניקעס—אַ געפֿעהרליכער טעות, מיט וועלכען די רוסישע רעגירונג האָט ניט פֿאַרפֿעהלט זיך צו באַ־נוצען, אום צו ווייזען זיך אין די ראָליע פֿון א בעשיצער פֿון די מוזשיקעס געגען זייערע פוילישע בעלי בתים. „געה נאָך פוילען; ווענד דאָרט אָן דיין

רויטע פראָגראמע געגען די פוילישע לאַנד־אייגענטהימער", האָט אַלעקס־סאַנדער דער צווייטער געזאָגט צו נ. מיליוטין. און מיליוטין מיט פרינץ טשערקאַסקי האָבען ווירקליך געטאָהן זייער בעסטעס אָוועקצונעהמען דאָס לאַנד פון די לענדלאָרדס און אַוועקצוגעבען איהר צו די בויערען.

די אונגליקליכע רעזולטאַטען פון דיעזער רעוואָלוציאָן פאַר פוילען זיינען בעקאַנט. זיי געהערען שוין איצט צו דער געשיכטע. וויפיעל טויזענ־דער זיינען אומגעקומען אויף די שלאַכטפעלדער, וויפיעל הונדערטע זיינען אויפגעהאַנגען געוואָרען, און וויפיעל צעהנדליגע זיינען פאַרשיקט געוואָרען נאָך פאַרשיעדענע פראָווינצען פון רוסלאַנד און נאָך סיביר, איז נאָך ביז איצט ניט בעקאַנט. נור אפילו די אָפיציעלע רעכענונג, וואָס איז געווען געדרוקט אין רוסלאַנד איניגע יאָהר צוריק, צייגט, דאָס אין די ליטווישע פראָווינצען אַליין — ניט רייערענדיג שוין פון סאַמע פוילען — האָט יענער שרעקליכער מאָנסטער, מיכאַאיל מוראַוויאָוו, צו וועלכען די רוסישע רעגי־רונג האָט ניט לאַנג אויפגעבויט אַ מאָנומענט אין ווילנא, אויפגעהאַנגען אויף זיין אייגענע אויטאָריטעט 128 פאַליאַקען און האָט פאַרשיקט אין רוסלאַנד און אין סיביר 9324 מענער און פרויען. די אָפיציעלע ליסטען, אויך פאַר־עפענטליכט ניט לאַנג אין רוסלאַנד, גיבען אָן די צאָהל פון 18672 מענער און פרויען, וואָס זיינען פאַרשיקט געוואָרען אין סיביר, פון וועלכען צעהן טויזענד פיער הונדערט זיעבען זיינען פאַרשיקט געוואָרען נאָך מזרח סיביר. איך האָב זיי דאָרט געזעהען, און בין געווען אַן עדות פון זייערע שרעקליכע ליידען. אַלעס צוזאַמען זיינע ביז אַ זיבצעהן טויזענד מענער און פרויען פאַרטריבען געוואָרען פון פוילען נאָך פאַרשיעדענע פראָווינצען פון רוסלאַנד.

פאַר רוסלאַנד זיינען די רעזולטאַטען פון דיעזע רעוואָלוציאָן געווען פונקט אַזוי טרויעריג. מיט איהר האָט גענומען אַן ענדע צו די רעפאָרם־פעריאָדע. אמת, דאָס געזעץ פון די זעמסטוואָס און די רעפאָרם פון די סודען זיינען אויסגעפיהרט געוואָרען אין 1864 און 1866. אָבער דיעזע גע־זעצע זיינען שוין געווען פערטיג אין 1862. און נאָך מעהר, אין דער לעצטער מינוט, האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער בעסער אָנגענומען דעם פלאַן פון זעלבסט רעגירונג, וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון דער רעאַקציאָנע־רער פאַרטיי, אַנשטאָט דעם פיעל בעסערען פלאַן, וואָס מיליוטין האָט אויסגעאַרבייט. און גלייך ווי דיביידע רעפאָרמעס זיינען אַריין אין קראַפט, איז זייער וויכטיגקייט פיעל פערקלענערט געוואָרען, און אין פיעלע פעלע גענצליך פאַרניכטעט געוואָרען דורך די שפעטערע געזעצע, וואָס זיינען צוגעגעבען געוואָרען צו זיי.

ערגער פון אלעם איז געווען, דאָס די עפנטליכע מיינונג האָט געמאַכט אַ שריט צוריק. דער טאַגעס העלד איז געוואָרען קאַטקאָוו, דער פיהרער פון די שקלאַפעריי־פּאַרטיי. ער האָט איצט געשפּיעלט די ראָלע פון אַ רוסישען פּאַטריאָט און האָט נאָך זיך נאָכגעשלעפּט די גאַנצע פּעטערס־בורגער און מאָסקווער געזעלשאַפט. נאָך יענער צייט, אַלע די, וואָס האָבען נור געהאַט דעם מוטה צו ריידען פון רעפאָרמען, זיינען פון קאַטקאָוו צוגעצעהלט געוואָרען צו די „פערעטהער פון רוסלאַנד".

די רעאַקציאָנערע כוואַליעס האָבען אויך אין גיכען דערגרייכט אונ־זערע וויטע מקומות. איין שעהנעם טאָג אין מאַנאַט מערץ, האָט אונז אַ ספּעציעלער שטאַפעט געבראַכט אַ פּאַפּיר פון אירקוטסק. אין דעם דאָקו־מענט האָט מען גענעראַל קיוקעל געגעבען אָנצוהערעניש, אַז ער זאָל תיכף ומיד פאַרלאָזען די גובערנאַטאָרסקי שטעלע זיינע אין טראַנסבאַיקאַליאַ און זאָל זיך בעגעבען קיין אירקוטסק, און דאָרט וואַרטען אויף ווייטערע בעפעהלע, און דאָס ער איז אויך אויס שטאַבס־קאָמאַנדיר.

פאַרוואָס? וואָס זאָל דאָס בעדייטען? קיין איינציגער וואָרט. אפילו דער גענעראַל־גובערנאַטאָר, אַ פּערזענליכער פריינד פון קיוקעל האָט מורא געהאַט צו צוגעבען די מינדעסטע ערקלערונג צו דיעזען זאָנדערבאַרען אוקאַז. איז עס מעגליך, אַז קיוקעל וועט געפיהרט ווערען צווישען צוויי זשאַנדאַרען קיין פּעטערסבורג און באַגראַבען ווערען אין יענעם שוידער־האַפט גרויסען קבר, די פּעטראָפּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט? מעגליך. און שפּעטער האָבען מיר ווירקליך אויסגעפונען, אַז אַזוי האָט דער אוקאַז גע־לויטעט. און דאָס וואָלט אויך דורכגעפיהרט געוואָרען, ווען ניט דאָס ענערגישע אויפטרעטען פון קניאַז ניקאָלאַי מוראַוויאָוו, „דער זיעגער פון אַמור", וועלכער האָט פּערזענליך געבעטען ביים צאַר ער זאָל דיעזען מאַן שוינען.

אונזער אַבשיעד פון קיוקעל און פון זיין בעצויבערענדער פאַמיליע איז געווען פּונקט ווי אַ לויה. מיר איז געווען זעהר שווער אויף׳ן האַרצען. איך האָב אין איהם ניט נאָר געהאַט פאַרלאָרען אַ טהייערען פּערזענליכען פריינד, נאָר איך האָב אויך געפיהלט, אַז מיט דיעזען אָבשיעד געהט צו איהר פריהצייטיגער קבורה אַ גאַנצע עפּאָכע פול מיט לאַנגע און הערצענס־געליבטע האָפנונגען,—„פול מיט חלומות", ווי ס׳איז דערנאָך געוואָרען די מאָדע זיך אויסצודריקען.

אַזוי איז געווען, אַ נייער גובערנאַטאָר איז אָנגעקומען,—אַ גוט־הערציגער, „לאָמיך געמאַכט" מענשעל מיט פרישער ענערגיע, זעהענדיג, אַז דאָ טאָר מען קיין צייט ניט פאַרלירען, האָב איך געקאָנטשעט אונזערע

פֿלענער, ווי צו רעפֿאָרמירען די סיסטעמע פֿון פֿאַרשיקונג און פֿון מוניצי־פּאַלער זעלבסט רעגירונג. דער גובערנאַטאָר האָט געמאַכט עטליכע ענדערונגען לפֿנים וועגען, און האָט ענדליך אַלעס אונטערגעשריבען און אַוועקגעשיקט. אָבער אין פּעטערסבורג האָט מען מעהר קיין רעפֿאָרמען ניט געברויכט. דאָרטען ליגען אונזערע פּראָיעקטען נאָך עד היום, ווי אויך הונדערטער אַנדערע פֿון אַלע טהיילען רוסלאַנד. עטליכע „געבעסערטע" טיורמעס, וועלכע זיינען פֿיעל שרעקליכער ווי די אַלטע ניט געבעסערטע, זיינען אויפֿגעבויט געוואָרען אין די הויפּט־שטעדט, מיט וועלכע מי זאָל זיך קענען בעריהמען פֿאַר די גרויסע לייט פֿון אויסלאַנד אין דער צייט פֿון די פּריזען קאָנגרעסען; אָבער די איבריגע, און די גאַנצע פֿאַרשיקונגס־סיסטעמע, האָט דושאָרדזש קענאַן געפֿונען אין דעם זעלבען צושטאַנד אין יאָהר 1886, ווי איך האָב זיי געלאָזען אין 1862. נאָך יעצט, נאַכדעם ווי 34 יאָהר זיינען אריבער, פֿיהרט די נאַטשאַלסטוואָ אין די רעפֿאָרמירטע קאָורטס איין אַ כלומרש'דיגע זעלבסט־רעגירונג אין סיביר, און קאָמיטעס זיינען בעאויפֿטראַגט געוואָרען צו מאַכען אַן אונטערזוכונג אין דער פֿאַרשיקונגס־סיסטעמע.

ווען קענאַן איז צוריק געקומען פֿון סיביר אין לאָנדאָן, האָט ער גלייך אויף'ן צווייטען טאָג נאָך זיין קומען אויסגעפֿונען סטעפּניאַק, טשאַיקאָווסקי, מיך און נאָך איינעם אַ רוסישען פּפֿליכטלינג. אָוועגד־צייט האָבען מיר זיך אַלע צוזאַמענגעטראָפֿען אין אַ קליינעם האָטעל, לעבען טשערינג קראָס. מיר האָבען געזעהען איהם פֿאַר'ן ערסטען מאָל, און ניט האָבענדיג צופֿיל פֿאַרטרויען אין די אונטערנעהמענדע ענגלענדער, וואָס האָבען זיך פֿריהער פֿאָרגענומען צו דערוויסען זיך וועגען די געפֿענגניסע אין סיביר אָהנע זאָגאַר צו לערנען אַ וואָרט רוסיש, האָבען מיר אויך אנגעהויבען צו עקזאַמינירען קענאַן. צו אונזער שטוינען, ניט נור האָט ער גערעדט אַן אויסגעצייכענטען רוסיש, נור ער האט געוואוסט יעדע זאַך וועגען סיביר, וואָס איז ווערט געווען צו וויסען. איינער אָדער דער צווייטער פֿון אונז איז געווען בעקאַנט מיט די גרעסערע טהייל פֿון אַלע פּאָליטישע פֿאַרשיקטע אין סיביר, און מיר האָבען פֿאַרוואָרפֿען קענאַן מיט פֿראַגען: וואו איז דער און דער? האָט ער חתונה געהאַט? איז ער גליקליך אין זיין פֿאַרהייראַטען לעבען? איז ער נאָך אימער יונג אין גייסט? מיר האָבען באַלד געזעהען, אַז קענאַן וויים פֿון יעדען איינעם פֿון זיי.

ווען דיזע פֿרעגנעניש איז געווען פֿאַריבער, און מיר זיינען שוין געווען פֿערטיג זיך צו צוגעהן, האָב איך איהם געפֿרעגט: „ווייסט איהר מר. קענאַן, אויב זיי האָבען שוין אויסגעבויט דעם וואַכט־טהורם פֿאַר די

פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע אין טשיטאַ?" סטעפּניאַק האָט מיר צוגעוואָרפֿען אַ בליק אזוי ווי ער וואָלט אויף מיר פֿאַריבעל געהאַט פֿאַר דעם מיסברויך פֿון קענאַן'ס גוטסקייט צו אונז. קענאַן אָבער האָט אָנגעפֿאַנגען צו לאַכען, און איך באַלד צוזאַמען מיט איהם. אין מיטען פֿון אונזער הערצליכען געלעכטער, האָבען מיר געוואָרפֿען איינער דעם אַנדערען פֿראַגען און ענטפֿערס: „וואָס ווייסט איהר וועגען דעם?" „און אויך איהר?" „אויפֿגעבויט?" און אַזוי ווייטער, ביז סטעפּניאַק האָט זיך דאָ אַריינגעמישט און מיט זיין בייזע גוטמיטהיגקייט האָט ער געזאָגט: „זאָגט דאָך אונז ווייניגסטענס, פֿון וואָס איהר לאַכט!" דאַן האָט אונז קענאַן דערציילט די געשיכטע פֿון דעם וואַכט-טהורם, וועלכע זיינע לעזער מוזען אודאי געדענקען. אין 1859, האָט די בעפֿעלקערונג געוואָלט בויען אַ וואַכט-טהורם; זיי האָבען געזאַמעלט געלד צו דיעזען צוועק, אָבער די אָבשאַצונגען וויפיל דאָס וועט דאַרפֿען קאָסטען האָבען געדאַרפֿט פֿריהער געשיקט ווערען קיין פּעטערסבורג. און אַזוי זיינען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרען נאָך דעם מיניסטעריום דעם אינערען. ווען זיי זיינען אָבער געקומען צוריק צוויי יאָהר שפּעטער, מיט אַ פֿולער הסכמה, איז דער פּרייז אויף די האָלץ און אַרבייט שטאַרק געשטיגען. דאָס איז געווען אין 1862, ווען איך האָב מיך געפֿונען אין טשיטאַ. נייע אָבשאַצונגען זיינען געמאַכט און ווידער אַוועק געשיקט געוואָרען נאָך פּעטערסבורג, און די זעלבע געשיכטע האָט פּאַסירט: מאַטעריאַל און אַרבייט איז ווידער טהייער געוואָרען. אַזוי האָט עס זיך געצויגען פֿאַר גאַנצע 25 יאָהר, ביז ענדליך, די בעפֿעלקערונג פֿון טשיטאַ, פֿאַרלירענדיג יעדע געדולד האָט אוועקגעשיקט אָבשאַצונגען פּונקט דאָפּעלט. אויך צו דיעזע האָט מען מסכים געווען אין פּעטערסבורג. און אויף אַזאַ אויפֿן האָט טשיטאַ ענדליך געקראָגען אַ וואַכט-טהורם.

מי האָט זעהר אָפֿט געזאָגט, אַז אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט בעגאַנגען אַ גרויסען פֿעהלער און האָט זיך אַליין רואינירט דערמיט, וואָס ער האָט געמאַכט, אַז פֿיעל האָפֿנונגען זאָל געבאָרען ווערען, וועלכע ער האָט שפּעטער ניט געוואָלט פֿאַרווירקליכען. פֿון דאָס וואָס איך האָב איצט דערצעהלט—און די געשיכטע פֿון די קליינע טשיטאַ, איז די געשיכטע פֿון גאַנץ רוסלאַנד—קען מען זעהען, אַז ער האָט געטאָהן נאָך פֿיעל ערגערעס. נאָכגעבענדיג אויף אַ רגע דעם שטראָם פֿון די עפֿענטליכע מיינונג, האָט ער געמאַכט אַלעמען אין רוסלאַנד זיך נעהמען צו דער אַרבייט אַרויס צו קומען פֿון דער וועלט פֿון חלומות און אָנצוריהרען מיט די פֿינגער די רעפֿאָרמען, וואָס זיינען נייטהיג געווען. ער האָט זיי געמאַכט פֿיהלען, וואָס מי קען טהאָן גלייך, און ווי לייכט דאָס איז צו טהאָן. ער האָט זיי געמאַכט

אויפֿאָפּפֿערען ווייערע אידעאַלען, וואָס האָבען ניט געקענט גלייך פֿאַרווירקליכט ווערען, און צו פֿאָדערען נור דאָס, וואָס איז געווען פּראַקטיש מעגליך צו יענער צייט. און ווען זיי האָבען שוין אויסגעדריקט ווייערע אידעען אין געזעצע, וועלכע האָבען נור געפֿאָדערט זיין אונטערשריפֿט אום זיי זאָלען ווערען אַ ווירקליכקייט, דאַן האָט ער דיזע אונטערשריפֿט ענטזאַגט. קיין רעאַקציאָנער האָט קיין מאָל ניט געקענט זאָגען, דאָס אַלעס, וואָס איז איבערגעבליבען — די ניט רעפֿאָרמירטע טריבונאַלען, די אַבוועזענהייט פֿון שטאַאַט־רעגירונג, אָדער די סיסטעמע פֿון פֿאַרשיקונג—איז גוט, און איז ווערט אויפֿגעהאַלטען צו ווערען. און דאָך אויס פֿורכט עטוואָס צו טאָהן, איז אַלעס געבליבען, ווי עס איז געווען; פֿאַר גאַנצע פֿינף און דרייסיג יאָהר זיינען די, וואָס האָבען געהאַט דעם מוטה צו ריידען פֿון די נויטווענדיגקייט פֿון אַן אומענדערונג, בעהאַנדעלט געוואָרען אַלס פֿאַרדעכטיג. און אינסטיטוציאָנען, איינשטימיג אַנערקענט אַלס שלעכטע, האָט מען געלאָזט בלייבען, נור מי זאָל ניט הערען דעם פֿאַרהאַסטען וואָרט „רעפֿאָרמען”.

זעהענדיג, אז אין טשיטאַ קען מען קיין זאַך מעהר ניט אויפֿטאָהן אויף'ן וועג פֿון רעפֿאָרם, האָב איך מיט צופֿרידענהייט אָנגענומען דעם פֿאָרשלאַג צו בעזוכען דעם טייך אַמור דעם זעלבען זומער פֿון 1863.

די שרעקליך גרויסע שטרעקע אויף דעם לינקען ברעג פֿון אַמור און פֿאַזע דעם ברעג פֿון דעם פּאַציפֿישען אקעאַן, אַזוי ווייט ווי דער זאַליוו פֿון וולאַדיוואָסטאָק איז פֿאַראייניגט געוואָרען מיט רוסלאַנד, פֿון גראַף מוראַוויאָוו, כמעט געגען דעם ווילען פֿון די פּעטערסבורגער נאַטשאַלסטוואָ, ווען ער האָט באַגריפֿען דעם סמיעלען פּלאַן צו פֿאַרנעהמען דעם גרויסען טייך, וועמעס זידליכע פּאָזיציאָן און פֿרוכטבאַרע לענדער האָבען פֿאַר די לעצטע צוויי הונדערט יאָהר אימער צוגעצויגען צו זיך די סיביריאַקעס; און גלייך בעפֿאָר יאַפּאַן האָט אויפֿגעעפֿענט איהרע טהירען פֿאַר אייראָפּאַ, ווען מוראַוויאָוו האָט בעשלאָסען צו פֿאַרנעהמען פאַר רוסלאַנד אַ שטאַרקע פּאָזיציאָן אויף'ן פּאַציפֿישען ברעג און זיך צו פֿעראייניגען מיט די פּעראייניגטע שטאַאַטען, איז גאַנץ פּעטערסבורג געווען געגען איהם: דער קריגס מיניסטעריום האָט ניט געהאַט קיין מענשען אהין צו שיקען; דעם פֿינאַנץ מיניסטער האָט געפֿעהלט געלד אויף אַזעלכע זאַכען. און ספּעציעל דער מיניסטעריום דער אויסערען איז איצט ווי תמיד געווען שטאַרק דאַגעגען אַזעלכע „דיפּלאָמאַטישע פֿאַרפּלאָנטערונגען”. מוראַוויאָוו האָט דאַרום געמוזט האַנדלען אויף זיין אייגענע פֿעראַנטוואָרטליכקייט, און זיך פֿאַרלאָזען אויף די קליינע מיטלען, וועלכע די שוואַך בעוואָהנטע מזרח סיביר האָט געקענט

צושטעלען פֿאַר דיעזע הערליכע אונטערנעהמונג. נאָך מעהר; אַלעס האָט געמוזט געטאָהן ווערען אויף גיך, און מיט דער מאַכט פֿון דער „אָבגעטאָהנענע זאַך” זיך צו שטעלען געגען די פּראָטעסטען פֿון די מעריב־אייראָפעאישע דיפּלאָמאַטען, וועלכע וואָלטען געוויס אויפֿגעהויבען געוואָרען.

סתם צו פֿאַרנעהמען די לאַנד אָהנע זי צו בעפֿעלקערען, וואלט ניט געטויגט, און זיין פּלאַן איז געוועזן צו באַזעצען איבער די גאַנצע לענג פֿון דעם גרויסען טייך און זיין זידליכע אָבטהיילונג, די אוזורי—פולע 2500 מייל—אַ גאַנצע מחנה פֿון זעלבסט־ערנעהרענדע קאלאָניעס, און אזוי אַרום צו גרינדען אַ רעגולערע פֿאַרבינדונג צווישען סיביר און דעם ברעג פֿון דעם פּאַציפֿישען אָקעאַן. פֿאַר דיעזע קאַלאָניעס האָט מען געברויכט מענשען, און אַזוי ווי די שיטערע באַפֿעלקערונג פֿון מזרח סיביר האָט זיי ניט געקענט צושטעלען, איז מוראוויאָוו געצוואונגען געוועזן אָנצונעהמען אונגעוועהנליכע מיטלען. בעפֿרייטע פֿאַרברעכער, וועלכע, נאכדעם ווי זיי זיינען געהאַט אָבגעזעסען זייער צייט, זיינען געוואָרען שקלאַפֿען אין די קייזערליכע מינען, האָט מוראַוויאָוו אָרגאַניזירט אַלס טראַנסבאַיקאַליאַנער קאזאַקען, וועלכע ער האָט באזעצט ביי די ברעגעס פֿון טייך אמור און אוזורי, בילדענדיג אזוי נייע געמיינדעס קאזאַקען. דאַן האָט ער אויסגעווירקט די באפֿרייאונג פֿון טויזענד קאטאָרזשניקעס, (מיינסטענס רויבער און מערדער), וועלכע האָבען געזאָלט באַזעצט ווערען אַלס פרייע קאָלאָניסטען אויף׳ן נידעריגען טהייל פֿון אַמור. ער איז זעלבסט געקומען זיך מיט זיי צו געזעגענען, און האָט צו זיי געזאָגט די פאָלגענדע ווערטער: „געהט, מיינע קינדער, זייט דאָרט פֿריי, בעאַרבייט די לאַנד, מאַכט פֿון איהר אַ טהייל פֿון רוסלאנד, הויבט אָן אַ נייע לעבען”, און זאָ ווייטער. די רוסישע מוזשיטשקעס געהן כמעט אימער מיט מיט זייערע מאַנען, וועלכע ווערען פֿאַרשיקט קיין סיביר אויף קאַטאָרגאַ. אַ סך פֿון די נייע קאָלאָניסטען האָבען דאַרום אויך מיט געהאַט זייערע פֿאַמיליען מיט זיך. אָבער די וואָס האָבען ניט געהאַט קיין ווייבער, האָבען זיך גאַנץ סמיעלאָ געווענדעט צו מוראַוויאָוו׳ן: „וואָס איז לאַנד אַרבייט אָהן אַ ווייב? מען האָט אונז געברויכט חתונה צו מאַכען”. מוראַוויאָוו האָט זאָפֿאָרט געגעבען אַ בעפֿעהל אַרויסצולאָזען אַלע קאַטאָרזשניצעס—אונגעפעהר הונדערט—און האָט זיי געהייסען זיך אויסקלייבען מאַנען. אָבער עס איז געוועזן זעהר ווייניג צייט. די הויכע וואַסערען פֿון טייך זיינען שנעל ארונטערגעגאַנגען. די פליטען האבען גלייך געמוזט אבגעהן. און מוראַוויאוו בעפֿעהלענדיג אַלעמען זיך צו צושטעלען פארענווייז ביים ברעג, האט ער זיי געבענטשט, זאגענדיג: „איך מאַך אייך אַלעמען חתונה, קינדער, זייט גוט איינער צום אַנדערען. מענער,

איהר זאָלט ניט בעהאַנדלען שלעכט אייערע ווייבער — און זייט גליקליך".

אַזוי ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, האָב איך מיך אַלץ ענערגישער גענומען צו וויסענשאַפֿטליכע ארבייטען און פֿאָרשונגען. אין דעם יאָהר 1864, בין איך אַוועק מיט אַ קאָמפּאַניע פֿון צוועלף אונבעוואַפֿענטע קאָזאַקען, וואָס האָבען זיך באַשעפֿטיגט מיט מסחר, אויסצוגעפֿינען אַ דירעקטע פֿערבינדונג צווישען טראַנסבאַיקאַליאַ און דעם מיטעל־אמור. אין דעם אָבמאַך צווישען רוסלאַנד און כינאַ זיינען נור געווען דערמאָנט סוחרים. איך האָב דאַרום זיך איינגעקויפֿט פֿאַרשידענע סחורות, און האָב מיך פֿאַרשטעלט אַלץ אַ סוחר. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט מיר געגעבען אַ פּאַספּאָרט אויף דעם נאָמען פֿון אַ „צווייטע גילדע קופּעץ, פּיאָטער אַלעקסעיעוו און זיינע חברים". און ער האָט מיר געוואָרענט, דאָס אויב די כינעזער זאָלען מיך אַרעסטירען און נעהמען מיך צו פּעקינג, און פֿון דאָרט איבער די וויסטע גאָבי צו דעם רוסישען גרענעץ—אין אַ שטייג, אויף אַ קעמעלס רוקען,—דאָס איז געווען דער שטייגער פֿון די כינעזער אין דעם פֿיהרען פֿון די אַרעסטאַנטען—טאָר איך זיי ניט זאָגען מיין ריכטיגען נאָמען. דער רייזע צו בעזוכען אַ לאַנד, וועלכע קיין אייראָפּעער האָט נאָך ניט געזעהען, איז ביי מיר געווען אַזוי גרויס, דאָס איך האָב אָנגענומען אַלע באַדינגונגען. מיר האָבען ענטדעקט אַ דירעקטען וועג און נאָך זעהר פֿילע אינטערעסאַנטע זאַכען, ווי צום ב"ש, די וואולקאַנען פֿון יואין האָלדנאָסט. אויף אַזאַ אופן זיינען מיר געווען די פּיאָנערען פֿון דער מאַנדזשוריער אייזענבאַהן. איך קען ניט זאָגען, דאָס איך בין געווען אַ שאַרפֿער ביזנעס־מאַן, ווייל איך האָב מיך איינמאָל איינגעשפּאַרט (אין אַ געבראָכענעם כינעזיש) צו פֿאָדערען פֿאַר אַ טאַשען־זייגער פֿינף און דרייסיג רובעל, פֿאַר וועלכע דער כינעזישער קויפֿער אַליין האָט מיר אָנגעבאָטען פֿינף און פֿערציג. דערפֿאַר אָבער האָבען די קאָזאַקען געמאַכט נישט־קשה'דיגע געשעפֿטען, און די אויסגאַבען פֿון אונזער רייזע זיינען גערעקט געוואָרען.

דערנאָך בין איך אַוועק מיט פּאָלקאָווניק טשערנאַיעוו'ס עקספּעדיציע אויף דעם ערסטען דאַמפּף־שיף, וועלכער האָט געשוואומען אויף די וואַסערען פֿון דעם גרויסען טייך מאַנדזשוריא, און באלד האָבען מיר דערגרייכט די הויפּט־שטאָדט פֿון מאַנדזשוריאַ, קירין. דעם קומענדיגען יאָהר האָב איך אויסגעפֿאָרשט די מעריב־געגענדען, וואו איך האָב מיך ווידער אָנגעשטויסען אויף אַ וויכטיגען וואולקאַנישען פּלאַץ לעבען דעם כינעזישען גרענעץ. ענדליך אין 1866, האָב איך אונטערגענומען אַ לאַנגע רייזע אום צו ענדעקען אַ דירעקטען וועג צווישען די גאָלד־מינען פֿון

דרום־סיביר אין די טראַנסבאַיקאַליאַ. פֿאַר פֿיעלע יאָהרען האָבען די מיט־גלידער פֿון די סיבירישע עקספּעדיציע געזוכט אַזאַ וועג. זיי האָבען גע־שטרעבט אַריבער צו געהן די שרעקליכע בערג; קומענדיג אַהינצו און זעהענדיג דיעזע בערג זיך ציהען פֿאַר הונדערטע פֿון מיילען, האָבען זיי זיך אַלע צוריק געקעהרט, אויסער איינעם, וואָס איז געטויטעט געוואָרען פֿון אַ גע־בירטיגען פֿון יענער געגענד. מיט מיר האָט פּאַסירט עטוואָס זעלטענעס: וועהרענד איך האָב געמאַכט פֿאָרבערייטונגען פֿאַר די רייזע, האָט מיר אימיצער געציינט אַ לאַנד־קאַרטע, וועלכע אַ געבירטיגער האָט אויסגעקריצט אויף אַ שטיקעל קאָרע. דיעזע קליינע לאַנד־קאַרטע האָט מיך אַזוי איבע־ראַשט מיט איהר וואַהרשיינליכע טרייהייט צום אמת, דאָס איך האָב באַשלאָסען אין גאנצען צו פֿאַרלאָזען זיך אויף איהר, און האָב נאָך איהר נאָך אָנגעהויבען מיין רייזע. דיעזעס מאָל איז דער וועג געפֿונען געוואָרען. גאַנצע דריי מאָנאַטען האָבען מיר געוואַנדערט אין כמעט אַ גענצליך אונבאַפֿעלקערטע געגענד פֿון בערג און וויסטענייען, ביז מיר האָבען ענדליך דערגרייכט טשיטאַ. מי זאָגט מיר, דאָס דיעזער וועג איז איצט פֿון גרויסען ווערטה פֿאַר דעם איבערפֿיהרען פֿון פֿיה פֿון צפֿון־זייט צו די גאָלד־מינען. וואָס מיר אָנבעלאַנגט, האָט די רייזע מיר זעהר פֿיעל געהאָלפֿען אויסצוגעפֿינען דעם שליסעל צו די פֿאָרמע און דעם בוי פֿון די בערג פֿון סיביר. אָבער איך שרייב ניט אַ רייזע בוך, און מוז מיך דאַרום דאָ אָבשטעלען.

די יאָהרען, וועלכע איך האָב פֿארבראַכט אין סיביר, האָבען מיר געגעבען פֿיעלע ניצליכע לעהרען, וועלכע איך וואָלט אַנדערשוואו ניט גע־קענט קריגען. איך האָב גלייך בעגריפֿען, אַז עס איז אונמעגליך צו ברענגען די מאסען פֿון פֿאָלק נוצען דורך דער רעגירונגס מאַשין. מיט דיעזער פֿאַנטאַזיע האָב איך מיך איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל אָבגעזעגענט. דאַן האָב איך אָנגעהויבען צו פֿאַרשטעהן דעם מענשען און זיין חאַראַקטער, און אויך די אינערליכע ספּרוזשינע פֿון דעם מענשליכען לעבען און פֿון דער מענ־שליכער געזעלשאַפֿט. די אויפֿבויענדע אַרבייט פֿון די אומבעוואוסטע מאַסען, וועלכע ווערען אזוי זעלטען דער־מאָנט אין ביכער, און די וויכטיגקייט פֿון דיעזער אויפֿבויענדער ארבייט אין דעם וואוקס פֿון די געזעלשאַפֿטליכע פֿאָרמען, זיינען פֿאַר מיר פֿאָלשטענדיג ענטפּלעקט געוואָרען. בייצו וואָהנען, למשל, די אַרט און ווייזע, ווי אַזוי די דוכאָבאָרצעס האָבען אויסגעוואַנדערט אין די אַמור געגענד, צו באַמערקען די גרויסע נוצען וואָס זיי האָבען גע־האַט פֿון זייערע קאָמוניסטישע ברידערליכע אָרגאַניזאַציאָנען, און צו בעגריי־פֿען, וואָס פֿאַר אַ וואונדערבאַרען ערפֿאָלג זייער קאָלאָניזאַציע האָט געהאַט,

אין מיטען פֿון דעם אונגעהייערען דורכפֿאַל פֿון די שטאַאַטליכע קאָלאָניזאַ־ציעס, דאָס קען מען פֿון ביכער ניט לערנען. דאָס מוז מען זעלבסט דורכלעבען. און דאַן ווידער צו לעבען צווישען די ווילדע אַזיאַטען, צו צוזעהען, ווי עס אַרבייטען זיך אויס קאָמפּלעצירטע פֿאָרמען פֿון דער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע זיי גופא האָבען געשאַפֿען ווייט פֿון דעם איינפֿלוס פֿון אירגענד וועלכער ציוויליזאַציאָן, איז געווען גלייך, ווי איך וואָלט צוזאַמענגעקליבען גאַנצע ימים מיט ליכטיגקייט, וועלכע האָבען שפּעטער בעלויכטען מיין לעבען. פֿון דירעקטער בעאָבאַכטונג איז מיר קלאָהר געוואָרען די ראָליע, וועלכע די אומבעוואוסטע מאַסען שפּיעלען אין אַלע וויכטיגע היסטאָרישע עראייגניסע, און אפילו אין מלחמות, און איך האָב גענומען קריגען אידעען עהנליך צו די, וועלכע טאָלסטאָי דריקט אויס איז זיין וועלטבעריהמטען ווערק „קריעג און פֿריעדען" מכח די פֿיהרער און די מאַסען.

זייענדיג ערצויגען אין אַ לייב-אייגענטהימער'ס פֿאַמיליע, האָב איך אָנגעהויבען מיין טהעטיגעס לעבען, ווי אַלע יונגע לייט פֿון מיין צייט, מיט דער פֿולער איבערצייגונג, אַז מי מוז שטענדיג בעפֿעהלען, קאָמאַנדעווען, זידלען, שטראָפֿען און דעסגלייכען. אָבער ווען מיר איז אויסגעקומען, גאַנץ פֿריה אין לעבען, צו פֿערוואַלטען וויכטיגע אונטערנעהמונגען און צו האָבען עסקים מיט מענשען, און בעת יעדער טעות וואָלט זיכער ברענגען ערנסטע פֿאָלגען, האָב איך אָנגעהויבען צו פֿערשטעהן דעם חלוק פֿון באַפֿעהלען און דיסציפּלינירען ביז דעם פּרינציפּ פֿון געגענזייטיגע איינפֿערשטענדניס. דיס־ציפּלינע ווירקט זעהר גוט אין א מיליטערישען פּאַראַד, אָבער אין ווירקליכען לעבען האָט עס קיין שום ווערדע ניט, און דער צוועק קען ערייכט ווערען נור דורך די גרעסטע אַנשטרענגונגען פֿון פֿיעלע צו דער זעלבער זאַך שטרעבענדע ווילענס. כאָטש אפילו איך האָב נאָך דאַן ניט געהאַט אויסגעדריקט מיינע בעאָבאַכטונגען אין ווערטער פֿון פּאַרטיי־קעמפּפֿע, פֿון דעסטוועגען קען איך יעצט בעהויפּטען, אַז אין סיביר האָב איך שוין גע־האַט פֿאַרלאָרען דאָס לעצטע ביסעל גלויבען אין שטאַאַט דיסציפּלין, וואָס איך האָב נאָך פֿריהער געהאַט. איך האָב שוין געהאַלטען ביין ווערען אַנאַרכיסט.

פֿון 19, ביז מיין 25סטען יאָהר האָב איך געהאַט אויסצואַרבייטען וויכטיגע רעפֿאָרם פּלענער, האָב געמוזט האָבען משא ומתן מיט הונדער־טער מענשען אויף'ן אַמור, פֿאַרפֿאַרטיגען און מאַכען ריזיקאַלנע עקספּעדי־ציעס מיט לעכערליך קליינע מיטלען, א. ז. וו., און אויב אַלעס דאָס האָט זיך געענדיגט מיט מעהר אָדער ווייניגער ערפֿאָלג, האָב איך עס צו פֿער־

דאנקען דעם פאקט, וואס איך האב גלייך פארשטאנען, אז אין וויכטיגע ארבייט איז דאס קאמאנדירען און דיסציפלינירען נוצלאז. אומעטום ברויך מען האבען מענשען מיט איניציאטיווע. אבער קוים איז דער אנהויב גע־מאכט געווארען, מוז די אונטערנעהמונג געפיהרט ווערען, בעזאנדערס אין רוסלאנד, אויף א קאמונאלער ארט, מיט אלגעמיינער צושטימונג. איך ווינש נור, אז אלע די, וואס ארבייטען אויס פלענער פון שטאאט דיסציפלינע, זאלען פריהער קענען דורכגעהן די שולע פון ווירקליכען לעבען, איידער זיי געהען פארפאסען זייערע אוטאפיעס. דאן וואלט מען פיעל וועניגער געהערט פון פלענער פון מיליטערישע ארגאניזאציאן אין דער גע־זעלשאפט.

דאך איז דאס לעבען אין סיביר מיר געווארען, וואס א מאל, אלץ לאנגווייליגער, חאטש מיין ברודער אלעקסאנדער איז געווען מיט מיר פון 1864, אין אירקוטסק, וואו ער האט קאמאנדירט א עסקאדראן קאזאקען. מיר זיינען געווען גליקליך צו לעבען צוזאמען; האבען א מאסע געלעזען און האבען דיסקוטירט אלע פילאזאפישע, וויסענשאפטליכע און סאציאלאגישע טאגעספראגען; אבער מיר האבען ביידע געגארט נאך אינטעלעקטועלען לעבען, און אין סיביר איז קיין סימן דערפון ניט געווען. ווען ראפאעל פומפעל און אדאלף באסטיאן זיינען אמאל דורכגעפאהרען אירקוטסק—און דאס וואַרען די איינציגע צוויי וויסענשאפט׳ס מענער, וואס האבען דיזע שטאדט בעזוכט פאר מיין צייט—איז דאס שוין געווען א גרויסער יום טוב. דאס וויסענ־שאפטליכע, און בעזאנדערס דער פאליטישער לעבען פון מזרח אייראפא, פון וועלכען מיר האבען געהערט דורך די צייטונגען, האט אונז שטארק צוגעצויגען, און איבער וואס מיר זאלען ניט ריידען, זיינען מיר רק צוריק־געקומען צו דער פראגע: ווי אזוי זיך צוריק צו קעהרען קיין רוסלאנד. ענדליך האט דער בונט פון די פוילישע פארשיקטע פון 1866, אונז געעפענט די אויגען, אין בעצוג צו דער פאלשער שטעלונג, וועלכע מיר האבען ביידע געהאלטען אלס אפיצערען אין דער רוסישער ארמעע.

איך בין געווען ווייט אוועק אין די וויטים בערג, בעת די פוילישע סיבירניקעס, וועלכע וואַרען באשעפטיגט אויסגראבענדיג א נייען וועג אין די פעלזען ארום דער אזערע בייקאל, האבען געמאכט א פערצווייפעלטען פערזוך צו צוברעכען זייערע קייטען, און צו אנטלויפען קיין כינא דורך מאנגאליא. טרופען זיינען געגען זיי ארויסגעשיקט געווארען, און א רוסישער אפיצער,—וועלכען איך וועל רופען פאטאלאף—איז דער׳הרג׳עט געווארען פון זיי. איך האב דערפון געהערט אויף מיין צוריקרייזע קיין אירקוטסק, וואו ביז 50 פאליאקען האבען געזאלט גע׳משפט ווערען אין מיליטער

געריכט. אַזוי ווי די מיליטער געריכטען זיינען אָפֿען אין רוסלאַנד, האָב איך זעהר גענוי נאָכגעפֿאָלגט די טרייעל, און גענומען פינקטליכע נאָטיצען פֿון דער פֿאַרהאַנדלונג, וועלכע איך האָב אַוועק געשיקט קיין פּעטערסבורג, און וועלכע וואַרען דאָרט פֿאַרעפֿענטליכט צו דער גרויסער אומצופֿרידענהייט פֿון אונזער גענעראַל־גובערנאַטאָר.

עלף טויזענד פּאָליאַקען, מענער און פֿרויען, זיינען איבער געשיקט געוואָרען אויף מזרח סיביר אַליין, אַלס פֿאָלגע פֿון דעם פּוילישען מיאַטעזש פֿון 1863. זיי וואַרען מיינסטענס סטודענטען, אַרטיסטען, עקס־אָפֿיצערען, נאָבעלייט, און ספּעציעל גוטע פֿאַך לייט פֿון דער אינטיליגענטער און הויך ענטוויקעלטער בעפֿעלקערונג פֿון וואַרשאָ און אַנדערע שטעדט. אַ מאַסע פֿון זיי האָט מען געהאַלטען ביי דער קאַטאָרזשנע אַרבייט, און די איבעריגע וואַרען באַזעצט איבער דאָס גאַנצע לאַנד און דערפֿלעך, וואו זיי האָבען קיין שום בעשעפֿטיגונג ניט געקענט געפֿינען, און זיינען דאַרום געשטאָרבען פֿון הונגער. די קאַטאָרזשניקעס האָבען געאַרבייט אין טשיטאַ, בויענדיג די שיפֿען פֿאַר'ן אַמור,—די וואַרען די גליקליכסטע—אָדער אין די קייזערליכע אייזען גיסערייען, אָדער אין די זאַלץ ווערקע. פֿון די לעצטע האָב איך באַגעגענט מאַנכע אויף דער לענאַ, שטעהענדיג נאַקעט אַרום אַן אונגעהייערען קעסעל, מישענדיג מיט לאַנגע שאָוועלס, אין אַ העלישער היץ, ווערהענד די טויערען פֿון דער הייזעל וואַרען גאַנץ אָפֿען, אום אַריינצולאָזען אַ שטאַרקען שטראָם פֿון אייז קאַלטער לופֿט. נאָך צוויי יאָהר אַרבייט זיינען דיעזע מאַרטירער געווען זיכער צו שטאַרבען פֿון שווינדזוכט.

אָט צו יענער צייט, ווען דער סטרייק פֿון די פּוילישע סיבירניקעס האָט אויסגעבראָכען, איז מיין ברודער אַלעקסאַנדער געווען אין אירקוטסק. זיין סקאַדראָן איז געשיקט געוואָרען צו מאַכען „רוהע" צווישען די אונגליקליכע סטרייקער. גליקליכער ווייזע האָט דער קאָמאַנדיר פֿון דעם רעגימענט, צו וועלכען מיין ברודער האָט געהערט, געקענט אַלעקסאַנדערען זעהר גוט, און האָט באַפֿוילען אַן אַנדער אָפֿיציר צו קאָמאַנדירען דעם סקאַדראָן. ווען ניט דאָס, וואָלט אַלעקסאַנדער זיך זיכער ענטזאַגט אויסצופֿיהרען דעם באַפֿעהל. און פֿאַר אַזאַ אונגעהאָרכזאַמקייט, וואָלט ער אָדער באַשטראָפֿט געוואָרען מיט'ן טוידט אָדער אין דעם גינסטינגסטען פֿאַל וואָלט מען איהם געמאַכט צו דינען אַלס אַ פּראָסטען סאָלדאַט. וואָלט איך צו יענער צייט געווען אין אירקוטסק, וואָלט איך געטאָהן דאָס זעלבע.

מיר האָבען דאַן דאַרום בעשלאָסען צו פֿאַרלאָזען דעם מיליטער דינסט און זיך צוריק קעהרען אין רוסלאַנד. דאָס איז ניט געווען אַזאַ

לייכטע זאַך, איבערהויפּט, ווייל אַלעקסאַנדער האָט חתונה געהאַט אין סיביר. אָבער ענדליך זיינען מיר אַלע געווען רייזע־פערטיג און אין אָנפאַנג פון דעם יאָהר 1867, זיינען מיר געווען אויף'ן וועג צוריק נאָך פעטערסבורג.

## פעטערסבורג.

אין'ם הערבסט פון דעמזעלבען יאָהר האָבען מיר: איך, און מיין ברודער און זיין פאַמיליע, זיך באַזעצט אין פעטערסבורג. איך בין אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט; איך בין געזעסען צוזאַמען מיט יונגע לייט, כמעט נאָך אינגלאַך, פיעל אינגער פאַר מיר, אויף איין בענקעל. דאָס, נאָך וואָס מיין האַרץ האָט אַזוי געגאַרט מיט פינף יאָהר פריהער, איז ענדליך ערפיעלט געוואָרען —איך האָב געקענט שטודירען. און ווייל איך האָב געדענקט, אַז אַ גרינדליכע קענטנים אין מאַטעמאַטיק איז דער פונדאַמענט פון אַלע אַנדערע וויסענשאַפטען, האָב איך מיך אָנגעשלאָסען אָן דעם פיזיקאָ־מאַטעמאַטישען פאַקולטעט. מיין ברודער איז אַריין אַלס סטודענט אין די מיליטערישע אַקאַדעמיע פון יוריספּרודענץ, ווערענד איך האָב פאַרלאָזען די מיליטער־דינסט גאַנץ און גאָר — צו די גרויסע אונצופרידענהייט פון מיין פאָטער, וועלכער האָט אמת געהאַסט דעם אנבליק פון אַ ציווילנעם מונדיר. איצט האָבען מיר ביידע געמוזט אַרבייטען פאַר אונזערע לעבענס־מיטעל.

דער שטודיום און וויסענשאַפטליכע אַרבייטען האָבען פאַרשלונגען מיין גאַנצע צייט פאַר די נעכסטע פינף יאָהר. אַ סטודענט אין דעם מאַטעמאַטישען פאַקולטעט האָט זעהר פיעל צו טאָהן, אָבער מיין פריהערדיגער שטודירען פון די העכערע מאַטעמאַטיק, האָט מיר געלאָזען גענוג צייט זיך אָבצוגעבען מיט געאָגראַפיע. איבערהויפט האָב איך אין סיביר ניט פאַרלאָרען די געוואוינהייט צו אַרבייטען פיעל און שווער.

דער רעפּאָרט פון מיין לעצטע עקספּעדיציע האָט זיך געהאַלטען אין דרוקען. אָבער צו דערזעלבער צייט האָט זיך פאַר מיין גייסט אויפגעהויבען אַ גאַנץ נייע גרויסע פראָבלעמע. די רייזען, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט אין סיביר, האָבען מיר איבערצייגט, דאָס די בערג, וועלכע זיינען צו יענער צייט געמאָלט געוואָרען אויף די לאַנד־קאַרטען פון נאָרד־אַזיען, זיינען געווען איינפאַך פאַנטאַסטישע. פון די גרויסע הויכע לאַנד־פלעכען, וואָס זיינען אַזאַ שטאַרקער כאַראַקטער־צוג פון גאַנץ אַזיען, האָבען די צייכנער פון די לאַנד־קאַרטען, ווי עס שיינט, ניט אָנגעהויבען צו וויסען. איך האָב מיר דאַרום געמאַכט עס צו מיין אויפגאַבע צו ענדעקען די אמת'ע

הויפּט־פּרינציפּען אין דעם געבוי פֿון די בערג אין אַזיען און זייער שיכות צו די טייכען. דיעזע אַרבייט האָט בעשעפֿטיגט מיין גייסט יאָהרען לאַנג. פֿאַר אַ גרויסע שטיק צייט האָבען די אַלטע לאַנד־קאַרטען און נאָך מעהר די שלוס־פֿאָלגונגען פֿון אַלעקסאַנדער הומבאָלדט, מיר איינפֿאַך געשטערט אין מיינע אונטערזוכונגען. ענדליך האָב איך געזעהען, אַז די פֿאַקטען זיינען געגען הומבאלדט׳ס טהעאָריען. אָנפֿאַנגענדיג דאַרום פֿון אָנפֿאַנג, קלייבענ־ד ג פֿאַקטען, איינעם נאָך דעם אַנדערען, נעהמענדיג די אַלע בעאָבאַכטונגען —:יט קיין טהעאָריען—פֿון פֿערשיעדענע רייזענדע, האָב איך געזוכט אויסצוגעפֿינען, וואָס פֿאַר אַ טהעאָריע וועט אַם בעסטען פּאַסען פֿאַר דיעזע אַלע פֿאַקטען. דיעזע פֿאָרברייטענדע אַרבייט האָט מיר גענומען מעהר, ווי צוויי יאָהר; און דאַן האָבען געפֿאָלגט מאָנאַטען פֿון שטאַרקען, אָנגעשטרענגטען דענקען, אום אויסצוגעפֿינען, צו וואָס דיעזע שרעקליכע מאַסע פֿון בעאָבאַכטונגען פֿיהרט, ביז, ענדליך, אין איין געוויסען טאָג, איז דאָס גאַנצע געוואָרען פּלוצלינג אַזוי קלאָר, אזוי פֿאַרשטענדליך פֿאַר מיר, אַזוי ווי דאָס וואָלט באַלייכט געוואָרען פֿון אַ בליץ, פֿול שיין, און אַ גאַנץ נייע טהעאָריע מיט אַלע איהרע וויסענשאַפֿטליכע פֿאָלגען איז מיר געשטאַנען קלאָר פֿאַר די אויג׳ען.

עס זיינען ניטאָ פֿיעלע פֿריידען אין דעם מענשליכען לעבען, וואָס קענען זיך פֿערגלייכען מיט די ענטציקונג פֿון די פּלוצלינגע געבורט פֿון אַ נייע טהעאָריע, וואָס באַלייכט דעם גייסט נאָך אַ לאַנגע צייט פֿון גערולדיגע פֿאָרשונג. וואָס עס האָט אויסגעזעהען אזוי אומפֿערשטענדליך, אזוי פֿול מיט ווידערשפּריכע, האָט מיט אַמאָל יעדער פֿאַקט באַזונדער פֿאַרנומען זיין ריכטיגען פּלאַץ אין דעם האַרמאָנישען גאַנצען. פֿון אַ ווילדען מיש־מאַש פֿון פֿאַקטען און פֿון הינטער דעם טומאַן פֿון בויך־סברות—וועלכע מוזען פֿאַרוואָרפֿען ווערען אזוי שנעל, ווי זיי ווערען געבאָרען - ערשיינט אַ גרויסאַרטיגעס בילד; ווי דער קייט פֿון די אַלפּען בערג, קומט ער אַרויס אין זיין גאַנצען פּראַכט פֿון די וואָלקענס, וועלכע האָבען איהם פֿאַר־שטעלט מיט אַ מינוט פֿריהער, גלענצענדיג אין דער זון אין זיין גאַנצער איינפֿאַכהייט און פֿערשיעדענהייט, אין זיין גאַנצער מאַכט און שעהנהייט.

און ווען די שלוס־פֿאָלגונג ווערט אויסגעפּרובירט דורך די אָנ־ווענדונג צו איהר פֿון הונדערטע פֿון בעזונדערע פֿאַקטען, וועלכע האָבען נאָך גאָר ניט לאַנג ווידערשפּראָכען איינע די אַנדערע, און יעדער פֿון זיי פֿאַרנעהמט אין דער נייער טהעאָריע זיין געוויסען פּלאַץ, ווערט דער איינדרוק פֿון דעם בילד נאָך פֿיעל וויכטיגער, פֿיעל פּאַסענדער; די שלוס־פֿאָלגונג געווינט אין מאַכט און ווירקונג. איהר פֿונדאַמענט ווערט פֿעסטער און דער

גייסטיגער אויג זעהט שוין די ווייטערע פאָלגען, וואָס דיעזע נייע טהעאָריע מוז מיט זיך ברייננען.

דער, וואָס האָט איינמאָל אין זיין לעבען פאַרזוכט די פרייד פון וויסענשאַפטליכע באַשאַפונג, וועט עס קיין מאָל ניט פאַרגעסען. ער וועט גאַרען מיט זיין גאַנצען האַרצען דאָס נאָך אַ מאָהל און נאָך אַ מאָהל דאָס דורך צו מאַכען; און עס מוז איהם גענוג זיין האַרץ וועה טאָהן צו פיהלען, דאָס דיעזער סאָרט פון גליק איז נור דער גורל פון איינינע פון אונז, וועהרענד דאָס האָבען געקענט פיהלען די מעהרסטע—אין אַ קלענערען אָדער גרעסערען מאַסשטאַב—ווען די וויסענשאַפטליכע מעטאָדען און די פרייע צייט וואָלטען ניט געוועזען באַגרענצט נור פאַר אַ קליין הייפעלע מענשען.

דיעזע ארבייט בעטראַכט איך אַלס מיין הויפט-בייטראַג צו דער וויסענשאַפט. מיין ערסטער וואונש איז געוועזען אַרויסצוגעבען אַ דיקען בוך, אין וועלכען די נייע אידעען פון די בערג און הויכע פעלזען פון נאָרד אזיען זאָלען באַוויזען ווערען דורך אַ פּאָדראָבנע אונטערזוכונג פון יעדע בעזונדערע געגענד. אָבער אין 1873, ווען איך האָב געזעהען, אז איך דאַרף באַלד אַרעסטירט ווערען, האָב איך בלויז פאַרטיג געמאַכט אַ לאַנד-קאַרט, וועלכע האָט ענטהאַלטען אין זיך מיינע אַנזיכטען צוזאַמען מיט אַן ארטיקעל, אין וועלכען איך האָב עס קורץ ערקלעהרט. ביידע זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען אין עפענטליכקייט פון דער געאָגראַפישער געזעלשאַפט אונטער דער אויפזיכט פון מיין ברודער, וועהרענד איך בין שוין געוועזען אַ געפאַנגענער אין די פעטראָפּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט. פּיטערמאַן, אַ געלעהרטער, וואָס האָט צו יענער צייט געהאַלטען און מאַכען אַ קאַרטע פאַר אַזיען, און האָט געוואוסט פון מיין אַרבייט, האָט אָנגענומען מיין פּלאַן פאַר זיין קאַרטע, און פון יענער צייט האָבען עס אָנגענומען אלע געאָגראַפען. די לאַנד-קאַרטע פון אַזיען, ווי זי ווערט פערשטאַנען איצט, ערקלערט, גלויב איך, די הויפּט פיזיקאלישע ציגע פון דיעזע וועלט-טהייל, ווי אויך די פאַרשיעדענהייט פון איהר קלימאַט, פפלאַנצונגען, חיות, און זאָגאַר איהר געשיכטע. זעהר יעניג געאָגראַפען וואָלטען איצט געקענט זאָגען, ווער עס איז געוועזען דער באַשעפער פון דיעזע נייע טהעאָריע. אָבער פאַר די וויסענשאַפט איז עס בעסער, אַז נייע אידעען זאָלען ערשיינען אהן אַ נאָמען צוגעטשעפעט צו זיי. די פיעלע פעהלער, וואָס זיינען אונפערמיידליך ביי די ערסטע שלוס-פאָלגונג, זיינען דאַן לייכטער צו פאַריכטען.

צו דער זעלבער צייט האָב איך זעהר פיעל געאַרבייט פאַר די רוסישע געאָגראַפישע געזעלשאַפט, אַלס דער סעקרעטאר פון איינע פון איהרע אַבטהיילונגען, פון פיזישע געאָגראַפי. אין 1869—71 האָבען די

מוטהיגע נאָרוועגישע זעע־לייט כמעט גאַנץ אונערוואַרטעט אויפגעמאַכט א וועג צו דעם קאַראַ־ים, צו אונזער גרויסע פאַרוואונדערונג האָבען מיר זיך דערוואוסט אין איין געוויסען טאָג, דאָס אין דעם ים, וואָס ליעגט צווישען דעם אינזעל נאָוואַיאַ זעמליאַ און דעם סיבירישען ברעג, און וועלכען מיר האָבען אימער געהאַלטען, אַלס אַן „אייז־קעלער״, אייביג פול מיט אייז, זיינען אַריין עטליכע קליינע נאָרוועגישע שיפען, און האָבען אונטערזוכט איהם אין אַלע זיינע געגענדען, זאָגאַר דער איבער־ווינטערונגס פּלאַץ פון דעם בעריהמטען האָלענדער באַרענץ, וועלכען מיר האָבען גערעכענט צו זיין פאַרבאַהאַלטען פון דעם מענשליכען אויג מיט אייז־פעלדער, אַלט הונדערטער יאָהרען, איז בעזוכט געוואָרען פון דיעזע מוטהיגע נאָר־וועגער.

אונזערע אַלטע מאַטראָזען האָבען ערקלערט דעם געלונגענעם פער־זוך פון די נאָרוועגער מיט דעם, וואָס די סעזאָנען זיינען געוועזען אויסנעהמליך גינסטיגע א. ז. וו. אָבער אַ קליינע צאָהל פון אונז האָט איינגעזעהען דאָס די נאָרוועגער מיט זייערע מוטהיגע מאַטראָזען, וואָס פיהלען זיך, ווי אין דער היים צווישען די אייז, האָבען איינפאַך געהאַט דעם מוטה דורך צו שטעכען דעם שווימענדען אייז, וועלכער פאַרצאַמט געוועהנליך דעם וועג צום קאַראַ־ים, וועהרענד די קאָמאַנדירען פון די גרויסע רעגירונגס־שיפען, געשטערט פון זייער פעראַנטוואָרטליכקייט, האָבען דאָס איינפאַך קיינמאָל ניט ריזיקירט.

אַן אַלגעמיינע אינטערעסע אין די פאָרשונגען פון דעם נאָרד־פאָל איז אויפגערעגט געוואָרען דורך דיעזע ענדעקונגען. אויך אונזער רוסישע געאָגראַפישע געזעלשאַפט האָט זיך אָנגעהויבען צו ריהרען, און עס איז בעשטימט געוואָרען אַ קאָמיטע אויסצואַרבייטען א פּלאַן פאַר אַן עקספּע־דיציע אין די אייז געגענדען און אָנצואווייזען די וויסענשאַפטליכע אַרבייט, וואָס וואָלט דערפון אַרויסקומען. ספּעציאַליסטען האָבען זיך אונטערגענומען צו שרייבען, יעדער פון זיין פאַך, קאַפּיטלען פון דיעזען רעפּאָרט, אָבער ווי עס פּאַסירט זעהר אָפט, זיינען נור איינינגע קאַפּיטלען—באָטאַניק, געאָ־לאָגיע און מעטעאָראָלאָגיע—געווען פערטיג, ווען מי האָט עס בעדאַרפט האָבען און דער סעקרעטאַר (ד. ה. איך אַליין) האָב געמוזט פערטיג מאַ־כען דאָס איבעריגע. איך האָב געהאַט צו שרייבען איבער זעהר פיעל זאַכען, וועלכע זיינען מיר געווען כמעט ווי אומבעקאַנט, אָבער די מאַסע אַרבייט, וואָס אַ יונגער געזונטער מאַן קען אויספיהרען אין א קורצע צייט, ווען ער שטרענגט נור אָן אַלע זיינע קרעפטען, איז גאָר ניט משער צו זיין—און אַזוי איז מיין רעפּאָרט געווען פערטיג.

ער האָט זיך געענדיגט מיט די זעהר וואַרים אויסגעדריקטע מיינונג פאַר אַ גרויסע אַרקטישע עקספּעדיציע, וועלכע זאָל אין רוסלאַנד אויפוועקען אַ שטענדיגען אינטערעס צו אַלעס, וואָס בעלאַנגט צו יענע אייז־געגענדען, און דערווייל איז רעקאָמענדירט געוואָרען אויסצוריכטען אַן עקספּעדיציע אויף אַ שיף, וואָס מיר זאָלען דינגען אין נאָרוועגען, און זעהען אונטערזוכען די געגענד, וואס עס ליגט צו נאָרד צו פון נאָוואַיאַ זעמליאַ. די וואַהרשיינליכע עקזיסטענץ פון אַזאַ לאַנד איז אָנגעדייטעט געוואָרען פון אַ רוסישען אָפיציר פון די פלאָטע, באַראָן שילינג, אין אַ קליינעם אָבער זעהר וועניג באַקאַנטען אַרטיקעל איבער די שטרעמונגען פון דעם אַרקטישען אָקעאַן. ווען איך האָב געלעזען דיעזען אַרטיקעל, ווי אויך ליטקעס רייזע צו נאָוואַיאַ זעמליאַ, און איך האָב מיך בעקאַנט געמאַכט מיט די אַלגעמיינע לאַגע פון דיעזע טהייל פון אַרקטישען אָקעאַן, האָב איך גלייך געזעהען, אַז עס מוז וואו צו נאָרד צו עקזיסטירען לאַנד; דיעזע לאַנד, ווי בעקאַנט, איז אויך אין אַ פּאָאַר יאָהר שפּעטער ענדעקט געוואָרען פון אַן עסטרייכישע עקספּעדיציע, און האָט געקראָגען דעם נאָמען פראַנץ־דזשאָזעף־לאַנד.

דער רעפּאָרט האָט פאַר מיר געבראַכט גאַנץ אונערוואַרטעטע רעזולטאַטען. מי האָט מיר פאָרגעשלאָגען די פיהרערשאַפט פון דיעזע פאָרגעשלאָגענע עקספּעדיציע. נאַטירליך וואָלט איך עס מיט פאַרגעניגען אָנגענומען, ווען אין מיט׳ן וואָלט זיך ניט אַריינגעמישט דער מיניסטער פון פינאַנסען מיט זיין פערבאָט. ער האָט געענטפערט, אַז די רעגירונגס־קאַסע קען איצט ניט אַרויס געבען די 50 טויזענד רובעל, וואָס די רייזע האָט בעדאַרפט קאָסטען. זייט יענער צייט האָט רוסלאַנד קיין אַנטהייל ניט גענומען אין די אויספאָרשונג פון די אַרקטישע ימים, חאָטש עס איז נאָך ביז איצט געבליבען פיעלעס צו ענדעקען.

אַנשטאָט זיך אַנצושליסען צו אַן עקספּעדיציע, האָט מיר די געאָגראַפישע געזעלשאַפט אַרויסגעשיקט אויף אַ טור נאָך פינליאַנדיען און שוועדען, אום צו מאַכען דאָרט געאָגראַפישע אונטערזוכונגען. אַלערליי ווערטפאָלע מאַטעריאַלען איבער די געאָגראַפי פון רוסלאַנד זיינען דורכגעגאַנגען דורך מיינע הענד, און גאַנץ לאַנגזאַם איז מיר געקומען דער געדאַנק צו שרייבען אַ געאָגראַפי פון רוסלאַנד. איך האָב מיר פאָרגענומען צו טאָהן אַן אַרבייט, וועלכע איז נאָך ביז איצט אין רוסלאַנד ניט אויסגעפיהרט געוואָרען, אָבער צו דעם מוז דער שרייבער האָבען גענוג צייט און זיין פריי פון אַלע זאָרג. און זעהר אָפט האָב איך געטראַכט, ווי גוט עס וואָלט געווען ווען איך וואָלט געקראָגען די שטעלע פון סעקרעטאַר פאַר די געאָגראַפישע,

געזעלשאַפֿט; און נון, אין 1871, ווען איך האָב געמאַכט מיינע אונטערזו־כונגען אין פֿינלאַנד, ערהאַלט איך פֿון די געאָגראַפֿישע געזעלשאַפֿט אַזאַ טעלעגראַמע: „די געזעלשאַפֿט בעט אייך אָנצונעהמען די שטעלע פֿון אַ סעקרעטאַר". צו דער זעלבער צייט האָט מיר דער אַוועקגעהענדער סעק־רעטאַר שטאַרק געבעטען אָנצונעהמען דיזען פֿאָרשלאַג.

מיינע האָפֿנונגען זיינען פֿאַרווירקליכט געוואָרען. אָבער דערווייל זיינען שוין גאָר אַנדערע געדאַנקען און אַנדערע ווינשע אַריין אין מיין מוח. איך האָב זיך ערנסט איבערלייגט, וואָס פֿאַר אַן ענטפֿער איך זאָל געבען, און האָב צוריק טעלעגראַפֿירט: „איך דאַנק אייך, אָבער איך קען די שטעלע ניט אָנעהמען".

עס פּאַסירט זעהר אָפֿט, דאָס מענשען שלעפֿען זיך אונטער אַ גע־וויסען פּאָליטישען, סאָציאַלען אָדער אַן עהנליכען יאָך נור איינפֿאַך דערפֿאַר, ווייל זיי האָבען קיינמאָל קיין צייט ניט זיך צו פֿרעגען, אויב די לאַגע אין וועלכע זיי געפֿינען זיך און די אַרבייט, וואָס זיי טהוען אויף, זיינען ריכטיג גוטע. זיי פֿרעגען זיך ניט, אויב זייערע באַשעפֿטיגונגען זיינען ווירקליך פּאַסענד צו זייערע אינערליכע ווינשע און פֿעהיגקייטען. און אויב זיי גיבען זיי דיזע באַפֿרידיגונג, וואָס יעדער האָט דאָס רעכט צו ערוואַרטען פֿון די אַרבייט, וואָס ער טהוט. מיט אַקטיווע מענשען, קען זיך עס איבערהויפּט טרעפֿען צו זיין אין אַזאַ לאַגע. יעדער טאָג בריינגט מיט זיך אַ פֿרישע הורבע אַרבייט, און דער מענש ווארפֿט זיך אַריין אין זיין בעט שפּעט ביי נאַכט, ניט האָבענדיג אויסגעפֿיהרט דאָס, וואָס ער האָט געדענקט אויפֿצו־טאָהן, און אויף מאָרגען אין דער פֿריה היילט ער זיך צו ענדיגען דאָס, וואָס ער האָט פֿאַרזאַמט צו טאָהן נעכטען. דער לעבען געהט, און עס בלייבט איהם גאָר קיין צייט ניט, זיך איבער צו לייגען, איבער צו דענ־קען די ריכטונג, וואָס זיין לעבענסגאַנג נעהמט אָן. אַזוי איז געווען מיט מיר.

אָבער איצט, וועהרענד מיין רייזע אין פֿינלאַנדיען, האָב איך גע־האַט אַ ביסעל פֿרייע צייט. ווען איך בין אַריבער געפֿאָהרען אין אַ פֿינלענ־דישען צוויי־רעדערדיגען וואָגען אַ פֿעלד, אַ וויסטע וואָס איז ניט געווען פֿון גרויסען אינטערעס פֿאַר אַ געאָלאָגיסט אָדער, ווען איך בין געגאַנגען צו פֿוס מיט'ן האַמער אויף'ן פּלייצע פֿון איין זאַמד־גרוב צו די צווייטע, האָב איך געקענט דענקען. און אין מיט'ן פֿון דיזע גאַנץ אונצווייפֿעלהאַפֿט־אינטערעסאַנטע געאָלאָגישע אַרבייט, האָט איין אידעע, וואָס האָט אַפּעלירט צו מיין אינערען „איך" פֿיעל שטאַרקער, ווי די געאָלאָגיע האָט געאַרבייט אין מיין געדאַנק.

איך האָב געזעהען, וואָס פאַר אַן אונגעהייערע מאַסע אַרבייט דער פינלענדישער בויער מוז אויפטאָהן, אום ריין צו מאַכען די לאַנד און אום אויף צו ברעכען די האַרטע ערד. און איך האָב געזאָגט צו זיך זעלבסט: „איך וועל שרייבען די פיזישע געאָגראַפיע פון דיעזען טהייל פון רוסלאַנד און וועל דערצעהלען דעם בויער פון די בעסטע מיטלען צו קולטיווירען די ערד. „דאָ וואָלט אַן אַמעריקאַנער וואָרצעל־אויסציהער געוועזען פון אַן אונשעצבאַרען ווערטה. געוויסע מעטאָדען פון פעט מאַכען דאָס לאַנד האָט שוין די וויסענשאַפט אָנגעצייגט... אָבער וואָס פאַר אַ זין האַט עס צו ריידען צו דיעזען בויער פון אַמעריקאַנער מאַשינען, אַז ער האָט קוים ברויט גענוג צו עקזיסטירען פון איין שניט ביז דעם צווייטען; ווען די רענט, וואָס ער האָט צו צאָהלען פאַר דיעזע האַרטע שטיקעל ערד, ווערט אַלץ שווערער, וואָס מעהר ערפאָלג ער האָט אַרויסצוקריגען עטוואָס פון דיעזע האַרטע ערד. ער בייסט זיין האַרטע קאָרן־ברויט, וואָס ער באַקט צוויי מאָל אַ יאָהר; צו דעם האָט ער אַ שטיקעל שרעקליך געזאַלצענע פיש און אַביסעל זויער־מילך. ווי אַזוי קען איך האָבען די חוצפה צו ריידען צו איהם פון אַמעריקאַנער מאַשינען, ווען אַלעס דאָס, וואָס ער קען פאַרקויפען, מוז ער פאַרקויפען אום צו באַצאָהלען טעקסעס און רענט? ער דאַרף מיר האָבען, איך זאָל לעבען מיט איהם, העלפען איהם צו קריגען די לאַנד פריי. דאַן וועט ער לעזען ביכער, און וועט דערפון נוצען ציהען. אָבער ניט איצט.

און מיינע געדאַנקען האָבען זיך איבער געטראָגען פון פינלאַנדיען צו אונזערע אייגענע בויערען פון ניקאָלסקאָיע, וועלכע איך האָב ניט לאַנג געזעהען. איצט זיינען זיי שוין פריי, און זייער פרייהייט האַלטען זיי זעהר טהייער. אָבער זיי האָבען ניט קיינע פעלדער. אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן האָבען די לאַנד אייגענטהימער געקראָגען אַלע פעלדער פאַר זיך. ווען איך בין נאָך געוועזען אַ קינד, פלעגען די סאַוואָוכינס אַרויסשיקען זעקס פערד צו פאַשען זיך ביי נאַכט און די טאָלקאַטשאָווס האָבען געהאַט זיעבען. איצט אָבער, האָבען דיעזע פאַמיליען בלויז דריי פערד. אַנדערע פאַמיליען וואָס האָבען פריהער געהאַט דריי, האָבען איצט איינעם אָדער גאָר קיין פערד. וואָס קען מען אויפטאָהן מיט אַ האַלב גע׳פגר׳טען פערדעל? קיינע פעלדער, קיין פאַשע, קיינע פערד! ווי קען איך ריידען צו זיי וועגען גראָז פאַרזייען? זיי זיינען אַלע שוין גאַנץ רואינירט, און אין עטליכע יאָהר וועט זיי אייננאַך אויסקומען צו געהן מיט דער טאָרבע צוליעב די נאַרישע און שווערע נאַלאָגען. ווי גליקליך זיינען זיי דאָס געוועזען, ווען איך האָב זיי געזאָגט, דאָס מיין פאָטער האָט זיי געגעבען די ערלויבניס אָבצושניידען די גראָז אין זיין

וואַלד! „אייערע ניקאָלסקע מוזשיקעס פֿרעסען אַרבייט מיט די אויגען", דאָס איז דער געוויינליכער ווערטעל וועגען זיי אין אונזער געגענד, אָבער וואָס איז די פּעולה? די לאַנד איז פֿון זיי אַוועקגענומען געוואָרען, און זיי האָבען ניט וואָס צו אַרבייטען. און דאָס זעלבע איז איבער גאַנץ רוסלאַנד, און מיר האָבען ניט אויפֿגעהערט צו האָבען הונגער־יאָהרען זייט יענער צייט.

וויסענשאַפֿט איז אַ טהייערע זאַך. איך האָב קענען געלערענט איהרע פֿריידען און האָב זיי געשעצט פֿיל'יכט מעהר, ווי פֿיעלע פֿון מיינע חברים. אָבער וואָס פֿאַר אַ רעכט האָב איך צו דיזע העכסטע פֿריידען, ווען אַלעס אַרום מיר איז אַזוי פֿול מיט עלענד און נויט און אַ שרעקליכער קאַמפּף פֿאַר אַ צו ווערימטע שטיקעל ברויט? ווי קען איך געניסען דיזע פֿריידען, וויסענדיג, אַז זיי ווערען גענומען געראַדע פֿון די מיילער פֿון די, וואָס פֿאַרזייען און שניידען דעם קאָרן און האָבען אַליין ניט קיין ברויט פֿאַר זייערע קינדער?

די וויסענשאַפֿט איז אַן אונגעהייערע קראַפֿט. אַ מענש מוז וויסען, אָבער מיר ווייסען שוין גענוג! ווי ווען נור דאָס, וואָס מיר ווייסען שוין, זאָל ווערען דעד אייגענטהום פֿון אַלע? וואָלט דען ניט די וויסענשאַפֿט פּראָג־רעסירט מיט ריזען־שריטע, און וואָלטען דען ניט געמאַכט געוואָרען אַזעלכע פֿאָרטשריטע אין די באַשאַפֿונג פֿון זאַכען, וועלכע מיר קענען זיך יעצט גאָר ניט פֿאָרשטעלען?

די מאַסען ווילען וויסען, זיי ווילען לערנען; זיי קענען לערנען. דאָרט אויף דעם שפּיץ פֿון יענעם גרויסען באַרג שטעהט אַ פֿינלענדישער בויער, פֿאַרטיפֿט אין בעטראַכטונג פֿון דיזע פּראַכטפֿאָלע סצענע, וואָס שפּרייט זיך אויס פֿאַר זיינע אויגען. ניט איינער פֿון דיזע בויערען, אָרעם און אונטערדריקט ווי זיי זיינען, וועט פֿאַרבייגעהן דיזען פּלאַץ, אָהנע זיך אָבצושטעלען אויף אַ מינוט צו באַוואונדערען דיזע סצענע. אָדער אָט דאָרט אויף'ן ברעג פֿון טייך שטעהט אַן אַנדער בויער און זינגט עטוואָס, וואָס איז אַזוי שעהן, דאָס דער בעסטער מוזיקער וואָלט איהם מקנא געווען זיין מעלאָדיע פֿאַר איהר זיסקייט און קראַפֿט. ביידע פֿיהלען טיף, ביידע טראַכטען, ביידע דיינקען, זיי זיינען פֿערטיג צו פֿאַרגרעסערען זייער וויסען, נור גיב זיי די מיטעל צו קריגען אַ ביסעל פֿרייע צייט. דאָס איז די ריכ־טונג, אין וועלכע איך מוז אַרבייטען! דאָס זיינען די מענשען, פֿאַר וועלכע איך דאַרף אַרבייטען. אַלע דיזע קלינגענדע פֿראַזען פֿון מאַכען די מענש־הייט פּראָגרעסירען, וועהרענד די פּראָגרעס־מאַכער אַליין האַלטען זיך ווייט פֿון די, וועמען זיי פּרעטענדירען צו בילדען, זיינען בלויז סאָפֿיזמען, וועלכע מענשען האָבען אויסגעטראַכט, אום צו בערוהיגען זייער געוויסען.

און אַזוי האָב איך טעלעגראַפירט „ניין" צו די געאָגראַפישע גע־זעלשאַפט.

---

פעטערסבורג האָט זיך שטאַרק אומגעביטען, זייט איך בין אַוועק פון דאָרט אין 1862, „אָה, יאַ, איהר קענט דעם פעטערסבורג פון טשער־נישעווסקי", האָט צו מיר איינמאָל געזאָגט דער פּאָעט מאַיקאָוו. אמת, איך האָב געקאָנט דעם פעטערסבורג, פון וועלכען טשערנישעווסקי איז געווען דער ליבלינג, אָבער ווי זאָל איך בעשרייבען די שטאָט, וואָס איך האָב געפונען ביי מיין צוריק קומען? פיליכט אַלס די שטאָט פון פרייליכע הייז־קעס, פון מוזיק־האַלס, ווען אונטער דעם וואָרט פעטערסבורג וואָלט מען נור פערשטאַנען די איבערשטע 400, וועלכע האָבען אין זייער אויפיהרונג נאָכגעקאָפירט די אויפיהרונג פון קייזערליכען הויף.

אין פּאַלאַץ און אין זיינע קרייזען זיינען ליבעראַלע אידעען געווען אין חרם. אַלע פּראָמינענטע מענער פון די זעכציגער יאָהרען, זאָגאר אַזעלכע מעסיגע ליבעראַלען, ווי גראַף מוראַוויאָוו און מיליוטין זיינען בעהאַנדעלט געוואָרען אַלס פערדעכטיגע. נור דמיטרי מיליוטין איז געבליבען ביי זיין שטעלע אַלס קריגס־מיניסטער, ווייל די רעפאָרמען, וועלכע ער האָט בע־דאַרפט דורכפיהרען אין דער אַרמיי, האָבען געמוזט נעדויערען, ביז זייער פאָלשטענדיגע פּאַרווירקליכונג, פיעלע יאָהרען. פון אַלע אַנדערע אַקטיווע רעפאָרמעס איז קיין זכר ניט געבליבען; די ריכטיגע רעגיערער פון רוסלאַנד זיינען יעצט געווען גענעראַל שואוואַלאָף, דער הויפט פון דער שטאַאַטס־פּאָליציי און גענעראַל טרעפאָוו, דער הויפט פון דער פעטערסבורגער פּאָליציי. אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז געווען זייער ווערקצייג; זיי האָבען געהערשט דורך שרעק. טרעפאָוו האָט אַזוי איבערגעשראָקען אַלעקסאַנדערן מיט די אויסזיכט פון אַ רעוואָלוציאָן, וואָס געהט אויסברעכען אין פעטערס־בורג, דאָס ווען דער אַלמעכטיגער פּאָליציי־שעף איז אַמאָל געקומען עטליכע מינוטען שפּעטער, ווי געוועהנליך, מיט זיין רעפּאָרט, האָט דער אימפּעראַ־טאָר געפרעגט מיט אַנגסט: „איז אַלעס רוהיג אין פעטערסבורג?"

באַלד נאָך דעם, ווי אַלעקסאַנדער האָט געגעבען אַ „טשיסטע אָטסטאַווּ־קע" אַ געוויסע פּרינצעסין, איז ער געוואָרען אַ גרויסער פריינד פון גענעראַל פלאָרי, דעם פליגעל־אַדיוטאַנט פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטען, פון דעם מאַן, וואָס איז געווען די נשמה אין דעם שטאַאַטס־שטרייך פון דעם צווייטען דע־צעמבער 1852. מי האָט זיי אימער געפונען צוזאַמען, און פלאָרי האָט איינמאָל דערציילט די פּאַריזער פון די גרויסע עהרע, וועלכע דער רוסישער צאַר האָט איהם איינמאָל געצייגט. ווען אַלעקסאַנדער איז אַמאָל געפאָהרען

איבער דעם נעווסקי פּראָספּעקט, האָט ער דערזעהען פלאָרי שפּאַצירענדיג, און ער האָט איהם אויפגעפאָדערט צו זעצען זיך מיט איהם אין קאָליאַסקע, וואָס האָט געהאַט פּלאַץ נור פאַר אַן איינציגע פּערזאָן. און דער פראַנצויזישער גענעראל האָט דערציילט די געשיכטע לאַנג און בּרייט, ווי ער און דער צאַר, האַלטענדיג זיך פעסט איינער ביין אַנדערן, האָבען אַ העלפט פון זייערע קערפּערס געהאנגען אין דער לופטען צוליב די שמאָלקייט פון דעם געזעס.

שוואוואַלאָף האָט זיך זעהר גוט באַנוצט מיט דעם גייסטיגען צושטאַנד פון זיין הער. ער האָט אַרויסגעלאָזען איין רעאַקציאָנערען געזעץ נאָכן צווייטען, און ווען אַלעקסאנדער האָט אמאָל געציינט אַביסעל ווידערווילען צו אונטערשרייבען זיי, פלעגט שוואוואלאָף אנהויבען ריידען פון די קומענדע רעוואָלוציאָן, פון דעם טרויעריגען שיקזאל פון לואי דעם זעכצעהנטען, און „אום צו רעטען די דינאַסטיע", פלעגט ער איהם בעטען צו אונטערשרייבען דיעזע געזעצע פון אונטערדריקונג. נאָך אַלעמען פלעגט אלעקסאנדער זעהר אָפט באַפאַלען ווערען פון טרויער און חרטה. ער פלעגט ווערען מעלאַנכאָליש, און אין אַ טרויעריגען טאָן פלעגט ער ריידען פון דעם בריליאנטענעם אָנפאַנג פון זיין רעגירונג, און פון דעם רעאַקציאָנערען כאַראַקטער, וואָס זי האָט יעצט אָנגענומען. דאַן פלעגט שוואוואַלאָף אָרגאַניזירען אַ בערען־יאַגד. יעגער, פריליכע האָף־לייט און קאָטשען, פול מיט באַלעטטענצערקעס פלעגען אַוועקגעשיקט ווערען צו די וועלדער פון נאָווגאָראָד. אַ פּאָר בערען פלעגען געטויטעט ווערען פון דעם אימפּעראַטאָר, וועלכער איז געווען אַ גוטער שיסער; ער פלעגט לאָזען די בערען צוקומען צו זיך גאַנץ נאָהענט, און דאָרט אין די אויפרעגונג פון די יאַגד, פלעגט שוואוואַלאָף קריגען זיין אונטערשריפט צו אירגענד וועלכען פּלאַן פון אונטערדריקונג אָדער רויב אין די אינטערעסע פון זיינע קליענטען.

אַלעקסאנדער דער צווייטער איז זיכער ניט געווען אַ גאַנץ געוועהנליכער מענש. אָבער צוויי פאַרשידענע מענשען האָבען אין איהם געלעבט.

דיעזע צוויי פאַרשידענע מענשען אין דעם אינערען פון אַלעקסאנדער דעם צווייטען זיינען געווען ביידע שטארק ענטוויקעלט, ביידע קעמפּפענדיג איינער מיט דעם אַנדערען. און דיעזער אינערליכער קאַמפּף איז געוואָרען אַלץ געוואלטיגער, וואָס עלטער ער איז געוואָרען. ער האָט געקאָנט זיין בעצויבערענד אין זיין האַלטען זיך איין מינוט; אין די נעקסטע מינוט אַרויסווייזען אַ שרעקליכע ברוטאליטעט. ער איז געווען אַ מענש פון אַ רוהיגען, פערנינפטיגען קוראַזש, ווען ער איז געווען פנים אל פנים מיט

אווירקליכע געפאהר, אָבער ער האָט געלעבט אין אייביגע ציטערניש פאַר געפאַהרען, וועלכע ער האָט זיך אויסגעמאָהלט אין זיין פאַנטאזיע. ער איז זיכער ניט געווען קיין פייגלינג, ער פלעגט באַגעגענען אַ בער געזיכט צו געזיכט. איין מאָל ווען דער בער איז ניט גלייך דעד׳הרג׳עט געוואָרען פון די ערשטע קויל, און דער מאַן, וואס איז געשטאנען הינטער איהם, לויפענדיג איהם העלפען, איז אומגעוואָרפען געוואָרען פון דעם צורייצטען און פאַרוואונדעטען בער, איז אלעקסאנדער געקומען איהם צו הילף, און האָט געטויטעט דעם בער, זייענדיג נור איינעגע טריט ווייט פון איהם; און דאָך איז ער זיין גאנצען לעבען פאַרפאָלגט געוואָרען פון די שרעקליכע בילדער פון זיין אייגענע פאַנטאזיע און פון אַן אונרוהיגען געוויסען. ער איז געווען זעהר גוט צו זיינע פריינד, אָבער זייט ביי זייט מיט דיעזע גוטסקייט האָט ער ארויסגעוויזען אַ שרעקליכע גרויזאַמקייט, אונטערדריקענדיג דעם אויפשטאנד אין פוילען, און שפעטער אין 1880, וואָס קיינער וואָלט עס ניט גע־האַלטען פאַר מעגליך. אַזוי האָט ער געלעבט אַ צוויי־פאַכען לעבען, און אין דער צייט פון וועלכע איך רייד, האָט ער לוסטיג אונטערשריעבען די רעאַקציאָנערסטע מאַסרעגעלען, און נאַכהער האָט ער געקראָגען חרטה און האָט ווירקליך געוויינט דאַריבער. צו ענדע פון זיין לעבען איז דיעזער אינערליכער קאַמפף געוואָרען נאָך שטאַרקער און האָט אָנגענומען אַן אמת טראַגישען כאַראַקטער.

אין 1872, איז שואוואַלאָף נאָמינירט געוואָרען אַלס געזאַנדטער, אָבער זיין פריינד, גענעראל פאָטאַפּאָוו האָט פונקט אזוי געהאַנדעלט, ווי זיין פאָרגענגער ביז דעם אָנפאַנג פון דעם רוסיש־טערקישען קריעג און 1877. וועהרענד דיעזע גאַנצע צייט איז אָנגעגאַנגען אויף א גרויסארטיגען שטייגער די באַרויבונג פון די שטאַאַטס־קאַסע, ווי אויך פון שטאַאַטס־לענדער. עטליכע אַזעלכע „געשעפטען" זיינען אויפגעדעקט געוואָרען און גע׳משפט געוואָרען עפענטליך פון דעם סענאט, נאָך דעם, ווי פאָטאַפּאָוו איז משוגע געוואָרען און טרעפאָוו האָט פערלאָרען זיין שטעלע, און זייערע געגנער אין קייזערליכען פאַלאַץ האָבען געוואָלט וויזען אלעקסאַנדערען, מיט וואָס פאַר א חברה־לייט ער האָט געהאַט צו טהאָן. אין איינעם פון דיעזע פראָצעסען האָט מען זיך דער־וואוסט, דאָס אַ פריינד פון פאָטאַפּאָוו האָט אויף׳ן שענדליכסטען אופן באַרויבט די בויערען פון אַ דאָרף אין דער ליטע פון זייער לאַנד, און נאַכהער, בעפאָלמעכטיגט פון זיינע פריינד און מיניסטעריום, האָט ער די בויערען, וואָס האָבען געמאַכט אנקלאַגען, אַרעסטירט, געשמיסען און פיעלע פון זיי געשאָסען. דאָס איז איינע פון די העכסט עקעלהאַפטע גע־שיכטען זאָגאַר אין רוסלאַנד, וואו עס איז פול מיט אַזעלכע רויבערייען

אַפילו נאָך אין דער יעצטיגער צייט. נור נאָך דעם, ווען וויעראַ זאַסוליטש האָט געשאָסען אין טרעפּאָוו, זיינען ערשט בעקאַנט געוואָרען זיינע און זיינע פריינדס רויבערייען. ווען ער האָט פאַרלאָרען זיין פּלאַץ, דענקענדיג, דאָס ער האַלט ביים שטאַרבען, האָט טרעפּאָוו געלאָזען אַ צוואה, פון וועלכע עס איז בעקאַנט געוואָרען, דאָס דיעזער מענש, וואָס האָט געמאַכט גלויבען אַלעקסאַנדערן, דאָס ער איז אָרים, חאָטש ער האָט געהאַט אַזאַ גוט באַ־צאָהלטע שטעלע יאָהרען־לאַנג, האָט אין דער ווירקליכקייט איבערגעלאָזען צו זיינע יורשים אַ געוואַלדיגען פאַרמעגען. איינינע הויף־לייט האָבען דאָס רעפּאָרטירט צו אַלעקסאַנדער דעם צווייטען און טרעפּאָוו האָט פאַרלאָרען זיין קרעדיט. אָט דאַן ערסט זיינען פאַרן סענאַט פאָרגעבראַכט געוואָרען איינינע פון די רויבערייען פון די שוואַוואַלאָף - פאָטאַפּאָוו - טרעפּאָוו באַנדע.

די רויבערייען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אין אַלע מיניסטעריומס, ספּע־ציעל אין פערבינדונג מיט די אייזענבאַהנען און מיט אַלערליי אינדוסטריע־לע אונטערנעמונגען, זיינען געווען ווירקליך שרעקליך; די פלאָטע, ווי אַלעקסאַנדער האָט אַמאָל אַליין געזאָגט צו איינעם פון זיינע זיהן, איז געווען „אין די קעשענע פון דעם־און־דעם". מי האָט קיין געשעפט ניט געקאָנט אויפנעהמען, אָהנע צו באַצאָהלען אַ גרויסען פּראָצענט צו די פאַרשידענע בעאַמטע פון פאַרשידענע מיניסטעריומס. צו אַ פריינד מיינעם, וואָס האָט געוואָלט מאַכען זיך אַ געשעפט אין פּעטערסבורג, האָט מען געזאָגט גאַנץ אָפען אין מיניסטעריום, דאָס ער וועט דאַרפען צאָהלען 25 פּראָצענט פון די פאַרדינסט צו אַ געוויסע פּערזאָן, פופצעהן צו אַ צווייטע, צעהן צו אַ דריטע און פינף צו אַ פערטע. דיעזער האַנדעל איז געמאַכט געוואָרען גאַנץ אָפען, און אַלעקסאַנדער האָט דאָס אַלעס געוואוסט. פון זיינע באַמערקונגען אויף די רעפּאָרטען פון דעם גענעראַל קאָנטראָלער, זעהט מען, אַז ער האָט אַלעס געוואוסט. אָבער אין דיעזע גנבים האָט ער געזעהען זיינע באַשיצער פון די רעוואָליוציאָן, און ער האָט זיי געהאַלטען, ביז זייערע רויבערייען זיינען געוואָרען אַן עפענטליכער סקאַנדאַל.

די יונגע גרויס־פירשטען, מיט די אויסנאַהמע פון דעם, וואָס איז נאַכהער געוואָרען אַלעקסאַנדער דער דריטער, האָבען נאָכגעטאָהן אין אַלעמען דעם טאַטען. זייערע הוליאַנקעס, וואָס זיי פלעגען מאַכען אין אַ קליינעם רעסטאָראַן אויף דעם נעווסקי פּראָספּעקט, זיינען געווען אַזעלכע שענדליכע און אַזוי אַלגעמיין בעקאַנט, דאָס איין נאַכט האָט טרעפּאָוו זיך שוין געמוזט אַריינמישען, און האָט געוואָרנט דעם אייגענטהימער פון דעם רעסטאָראַן, דאָס ער וועט איהם פאַרשיקען נאָך סיביר, אויב ער וועט

אַריינלאָזוען אין זיין רעסטאָראַן דעם גרויס־פּירשט. „שטעלט אייך פּאָר מיין לאַגע,״ האָט צו מיר איינמאָל געזאָגט דער רעסטאָראַטאָר, ווען ער האָט מיר געוויזען דעם צימער, וואו דער גרויס־פּירשט פּלעגט פאַרברייגגען; „פון איין זייט האָב איך געמוזט באַליידיגען אַ מיטגליד פון די קייזערליכע פאַמיליע, וועלכער האָט געקאָנט מאכען מיט מיר, וואָס ער האָט נור געוואָלט, און פון דער אנדערער זייט האָט מיר טרעפּאָוו געסטראַשעט מיט סיביר! נאַטירליך, האָב איך געפאָלגט טרעפּאָוו, ער איז דאָך, ווי איהר ווייסט, אַלמעכטיג יעצט!״ דער צווייטער זוהן איז משוגע געוואָרען און דער דריטער גרויס־פּירשט איז פאַרשיקט געוואָרען נאָך טורקעסטאַן, נאָך דעם ווי ער האָט גע׳גנב׳עט די דימענטען פון זיין מוטער.

די אימפּעראַטריצע מאַריאַ אַלעקסאנדראָוונאַ, פאַרלאָזען פון איהר מאַן וואַהרשיינליך פול מיט צאָרן און פאַרדרוס איבער די ריכטונג, וואָס דער לעבען אין פּאַלאַץ האָט אָנגענומען, איז געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר רעליגיעז, און באַלד איז זי גענצליך געווען אין די הענד פון אַ הויף־פּריס־טער, אַ פאָרשטייער פון כמעט אַ גאַנץ נייעם טיפּ אין רוסלאַנד — דעם יעזואיטישען. דיעזער נייער מין פון דעם שעהן־פּאַרקאַמטען, דורך און דורך פאַרדאָרבענעם אין יעזואיטישען פּריסטערטהום האָט געמאַכט זעהר שנעל־לען פאָרטשריט צו יענער צייט. שוין דאַן האָבען זיי געאַרבייט שווער און מיט ערפּאָלג צו ווערען אַ מאַכט אין שטאַאַט און ארויפּצולייגען זייערע לאַפּעס אויף די קינדער־שולען.

עס איז פיעלע מאָל באַוויזען געוואָרען, דאָס די דאָרף־פּריסטער אין רוסלאַנד זיינען אַזוי פערנומען פון זייערע פּפליכטען, דאָס זיי האָבען גאָר קיין צייט ניט צו באַשעפטיגען זיך אַלס לעהרער אָדער אויפפּאַסער אין די שולען. און דאָך האָט דער העכערער פּריסטערטהום, באַנוצענדיג זיך מיט די פיינדשאַפט פון אַלעקסאַנדערן געגען דעם זאָגענאַנטען רעוואָליוציאָנערען גייסט, אָנגעפאַנגען זיין טאקטיק אַריינצוקריגען די שולען אין זיינע הענד. „קיינע שולען, אויב ניט געפיהרט פון גייסטליכע,״ איז געוואָרען זייער מאָטאָ. גאַנץ רוסלאַנד האָט געשמאַכטעט נאָך וויסען, אָבער זאָגאר די לעבערליך־קליינע סומע פון אכט מיליאָן רובעל, וואָס איז באַשטימט געוואָרען פאַר קינדער־שולען, איז ניט אַוועק אויף דעם גאר, ווערענד אַ סומע צוויי מאָל אַזוי גרויס איז געגעבען געוואָרען דעם סינאָד, כדי ער זאָל גרינ־דען שולען אונטער די אויפזיכט פון די דאָרף גלחים—שולען די מיינסטע פון וועלכע האָבען עקזיסטירט — און נאָך ביז היינטיגען טאָג—נור אויף׳ן פּאַפּיר.

גאַנץ רוסלאַנד האָט געגאַרט נאָך אַ טעכנישע בילדונג, אָבער דער

מיניסטעריום האָט נור געעפֿענט קלאַסישע גימנאַזיעס, ווייל דאָס פֿיעל לערנען פֿון לאַטיין אין גריכיש איז בעטראַכט געוואָרען אַלס דער בעסטער מיטעל, וואָס זאָל אָבהאַלטען די שילער פֿון צו לעזען און דענקען. אין דיזע גימנאַזיעס האָבען נור צוויי אָדער דריי פּראָצענט פֿון די שילער אויסגעפֿיהרט צו ענדיגען אַן אַכט־יאָהריגען קורס—מי האָט אויסגעזיפּט די אַלע, וואָס האָבען געהאַט אין זיך צופֿיעל גייסט, און מי האָט זיי קיינ־מאָל ניט דערלאָזען צו ענדיגען די גימנאַזיע. צו דער זעלבער צייט האָט דער מיניסטעריום אָנגעפֿיהרט אַ קאַמפּף מיט אַלערליי פּריוואַט שולען. טעכנישע ערציהונג—אין אַ לאַנד, וואָס האָט זיך אַזוי גענויטיגט אין אינ־זשינערען, געבילדעטע לאַנד־אַרבייטער און געאָלאָגען—איז בעהאַנדעלט געוואָרען, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען דער רעוואָליוציאָנאַריזמוס אַליין. דאָס איז געווען פֿאַרווערט, פֿאַרפֿאָלגט. און נאָך ביז היינטיגען טאָג ווערען יעדען יאָהר צוויי, דריי טויזענד יונגע לייט ניט אויפֿגענומען אין העכערע טעכ־נישע שולען, ווייל עס איז ניטאָ קיין פּלעצער פֿאַר זיי. די אוניווערזיטעטען זיינען געווען אָנגעפֿילט מיט יונגע לייט, וואָס זיינען ניט פֿעהיג געווען צו אַ העכערע ערציהונג און זאָגאַר אין די קלאַסישע גימנאַזיעס זיינען פֿאַרשיעדענע מאַסרעגעלען אנגענומען געוואָרען, אום צו פֿאַרקלענערען דעם צאָהל פֿון די שילער.

אַ געפֿיהל פֿון פֿאַרצווייפֿלונג האָט באַהערשט אַלע די, וואָס האָבען געוואָלט זיין עפּעס ניצליך אין דעם עפֿענטליכען לעבען; די בויערען זיינען רואינירט געוואָרען פֿון די שרעקליכע טאַקסעס, און ווען זיי האָבען שוין איינפֿאַך גאָר ניט געהאַט, און האָבען רעבעלירט, האָט מען זיי איינפֿאַך געשאָסען. דאָס איז געווען דער אָפֿיציעלער פּעטערסבורג. דאָס איז געווען דער איינפֿלוס, וועלכען ער האָט געהאַט אויף רוסלאַנד.

---

ווען מיר האָבען געהאַלטען ביים פֿאַרלאָזען סיביר, פֿלעגען מיר אָפֿט ריידען, מיין ברודער און איך, פֿון דעם גייסטיגען לעבען, וואָס מיר וועלען געפֿינען אין פּעטערסבורג, און פֿון די אינטערעסאַנטע בעקאַנטשאַפֿ־טען, וואָס מיר וועלען מאַכען אין די ליטעראַרישע קרייזען. מיר האָבען ווירקליך געמאַכט אַזעלכע בעקאַנטשאַפֿטען אי צווישען די ראַדיקאַלע, אי צווי־שען די געמעסיגטע שרייבער; אָבער איך מוז מיך מודה זיין, אַז ניט דאָס האָבען מיר ערוואַרטעט. מיר האָבען געפֿונען גענוג אויסגעצייכענטע גוטע מענער—רוסלאַנד האָט אימער גענוג אַזעלכע מענער—אָבער זיי זיינען ניט געווען אין אָנקלאַנג מיט אונזער אידעאַל פֿון פּאָליטישע שרייבער. די

בעסטע שרייבער—טשערנישעווסקי, מיכאַילאָוו, לאַווראָוו—זיינען פֿאַרשיקט געוואָרען, אָדער אין פּעטראָפּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט, ווי פּיסאַרעוו. אַנדערע, זעהענדיג אַלעס אין פֿינסטערן קאָליר, האָבען אומגעענדערט זייערע אידעען, און האָבען זיך גענייגט צו אַ פּעטערליכען אבסאָליטיזמוס. וועהרענד די גרעסערע צאָהל, האָטש זיי זיינען נאָך געבליבען ביי זייערע אַלטע איבער־צייגונגען, איז געוואָרען אַזוי פֿאָרזיכטיג, אַרויסזאָגענדיג זיי, דאָס זייער פֿאָרזיכטיגקייט איז געוועזען כמעט עהנליך צו פּעראַטה.

ווען די רעפֿאָרם־פּעריאָדע איז געווען אויף איהר העכסטען שטאַ־פּעל, איז כמעט יעדער פֿאָרטגעשריטענער ליטעראַט געשטאַנען אין וועלכע פֿערבינדונג מיט גערצען, טורגעניעף. יעצט האַבען דיזע מענשען נור געטראַכט ווי טיעפֿער צו פֿאַרגראָבען זייערע פֿריעהערדיגע סימפּאַטיען, אום עס זאָל גאָר ניט מעגליך זיין צו פֿאַרדעכטיגען זיי אין עטוואָס. איינער אָדער צוויי פֿון די ליבעראַלע זשורנאַלען, וועלכע מי האָט נאָך געלאָזט אָטהעמען, ווייל זייערע רעדאַקטערע האָבען געהאַט בעזאָנדערע דיפּלאָמאַ־טישע טאַלאַנטען, האָבען געהאַט אויסגעצייכענטע אַרטיקלען, וואָס האָבען געצייגט קלאָהר דעם אימער וואַקסענדען עלענד און די פֿאַרצווייפֿעלטע לאַגע פֿון די גרויסע מאַסע בויערען. זיי האָבען אַזוי קלאָהר, ווי מעגליך אָנגעדייטעט אויף די שטערונגען, וואָס ליגען אין דעם וועג פֿון יעדען פּראָגרעסיווען אַרבייטער. די גרויסע מאַסע פֿון אַזעלכע פֿאַקטען איז געווען גענוג צו טרייבען איינעם צו פֿערצווייפֿלונג. אָבער קיין אייציגער האָט געהאַט דעם קוראַזש פֿאָרצושלאָגען אירגענד וועלכע רפואה אָדער אָנצו־דייטען אויף אירגענד וועלכע טהעטיגקייט, אויף אירגענד וועלכען אויסגאַנג פֿון די האָפֿנונגסלאָזע לאַגע. איינינע שרייבער האָבען נאָך געהאָפֿט, אַז אַלעקסאנדער דער צווייטער וועט נאָך ווידער אַמאָהל אָנעהמען אויף זיך די ראָליע פֿון אַ רעפֿאָרמער; אָבער ביי די מאַיאָריטעט פֿון די שרייבער, ציטערענדיג, אַז זייערע זשורנאַלען זאָלען ניט אונטערדריקט ווערען, אַז זייערע מיט אַרבייטער זאָלען ניט פֿאַרשיקט ווערען, איז דער געפֿיהל פֿון מורא געווען דער הערשענדער. פֿורכט און האָפֿנונג האָבען זיי גלייך פּאַראַליזירט.

וואָס ראַדיקאַלער זיי זיינען געווען מיט אַ יאָהר צעהן פֿריהער, דאָס מעהר האָבען זיי זיך יעצט געשראָקען. מיין ברודער און איך זיינען גאַנץ פֿריינדליך אויפֿגענומען געוואָרען אין אַ פּאָר ליטעראַרישע קרייזען, און מיר פֿלעגען פֿון צייט צו צייט זיין ביי זייערע פֿריינדליכע צוזאַמענקינפֿטע. אָבער אין דעם מאָמענט, ווען דער געשפּרעך פֿלעגט פֿארלירען זיין אויבער־פֿלעכליכען כאַראַקטער, אָדער ווען מיין ברודער, וואָס האָט געהאַט אַ

גרויסען טאַלאַנט אויפֿצוהויבען ערנסטע פֿראַגען, פֿלעגט אָנהויבען אַ מעהר ערנסטען געשפּרעך איבער דאָס, וואָס טהוט זיך אין דער היים אָדער אין אויסלאַנד, פֿלעגט אימער עטוואָס פּאַסירען, דאָס ער האָט געמוזט אויפֿהערען: „וואָס דענקט איהר, מיינע הערען, פֿון דער לעצטער דראַמע?“ אָדער „ווי שמעקט אייך די פֿיש?“ פֿלעגט פֿרעגען אין דער הויך אַ גאַסט אין עלטערע יאָהרען—און דער ערנסטער געשפּרעך האָט געקראָגען אָבגעשניטענע יאָהרען.

אויסער די ליטערארישע קרייזען, איז נאָך די לאַגע געווען פֿיעל ערגער. אין די זעכציגער איז רוסלאַנד און איבערהויפּט פּעטערסבורג, געווען פֿול מיט מענער פֿון פֿאָרמגעשטריטענע מיינונגען, וועלכע האָבען אויסגעזעהען צו זיין בערייט צו בריינגען וועלכען עס איז אָפּפֿער פֿאַר זייערע אידעען. „וואָס איז פֿון זיי געוואָרען?“ האָב איך מיר אליין געפֿרעגט. איך האָב אייניגע פֿון זיי אויסגעפֿונען. אָבער אַלעס, וואָס זיי האָבען מיר געהאַט צו זאָגען, איז געווען: „פֿאָרזיכטיג, יונגער מאַן!“ „אייזען איז שטאַרקער פֿאַר שטרוי“ אָדער „מיט'ן שטערן וועסטו אַ וואַנד ניט דורכברעכען“ און נאָך אַזעלכע שפּריכווערטער. דאָס איז געווען דער קווינטעסענץ פֿון זייער גאַנצע פֿהילאָזאָפֿיע יעצטיגע; „מיר האָבען עטוואָס געטאָהן אין אונזער לעבען, פֿאָרדער פֿון אונז ניט מעהר.“ אָדער „האָב געדולד, אַזוי קען עס לאַנג ניט אָנהאַלטען,“ פֿלעגען זיי אונז אימער זאָגען, ווען מיר, די יוגענד, זיינען געווען באַרייט ווידער אויפֿצונעהמען דעם קאַמפּף, צו זיין טהעטיג, צו ריזיקירען, אויפֿצואָפּפֿערן אַלעס, ווען נייטיג, און האָבען זיי נור געבעטען אום אַ ראַטה, אום אירגענד וועלכע גייסטיגע אונטערשטיצונג.

טורגענעוו האָט אויסגעמאָלט אין זיין ראָמאַן „דים“ אייניגע פֿון די געוועזענע רעפֿאָרמערס פֿון די העכערע געזעלשאַפֿט, און זיין בילד איז אַ טרויעריגע. איבערהויפּט האָט מאַדאַם קאָחאַנאָווסקי זיי זעהר גוט חאַראַקטעריזירט אין איהרע נאָוועלען. „די פֿרייד פֿון לעבען“—פֿילייכט די פֿרייד צו האָבען געבליבען ביין לעבען—איז געוואָרען זייער גאָט, אַזוי שנעל, ווי די נאַמענלאָזע מאַסע האָט זיך ענטזאַגט צו צו הערען „צו דיעזע גאַנצע סענטימענטאַליטעט.“ זיי האָבען זיך צוגעאיילט צו געניסען די רייכטהימער, וואָס האָבען זיך געשאָטען אין די הענד פֿון „פּראַקטישע“ מענשען.

פֿילע נייע וועגען צום רייכטהום האָבען זיך געעפֿענט זייט די אָבשאַפֿונג פֿון פּאַנשטשיזנע. אייזענבאַהנען זיינען שנעל געבויט געוואָרען אין רוסלאַנד. צו די ניט־לאַנג געעפֿענטע פּריוואַט־בענק זיינען די לאַנד־

אייגענטהימער געגאנגען פּאַר׳משכן׳ען זייער לאַנד. די ניי־געגרינדעטע געריכט־הייזער האָבען געגעבען רייכטהימער פּאַר פּיעלע אַדוואָקאַטען. קאָמפּאַניעס פּון פערשידענע אונטערנעהמונגען זיינען אויסגעוואַקסען, ווי שוועמלאַך. מענשען, וועלכע וואָלטען פריהער געלעבט אויף׳ן לאַנד און געווען צופרידען מיט ווייניג, האָבען מיט אַ מאָל אָנגעהויבען צו לעבען אַזוי רייך, ווי אין די פריהעריגע צייטען וואָלט עס נור מעגליך געווען פּאַר אַ גרויסען פּאָמעשטשיק.

אפילו דער געשמאַק פון דער „געזעלשאַפט" איז געזונקען אַלץ ני־דעריגער און נידעריגער. די איטאַלעגישע אָפּעראַ, פריהער אַ פּלאַץ פון ראַדיקאַלע דעמאָנסטראַציאָנען יעדעס מאָל, ווען מי האָט געשפּילט „ווילהעלם טעל", איז יעצט געווען גענצליך פּאַרלאָזען; די רוסישע אָפּעראַ איז בעזוכט געוואָרען פון בלויז איינינע ענטהוזיאַסטען. ביידע האָט מען אויסגעפונען צו זיין לאַנגוויליג, און די סמעטענע פון דער פּעטערסבורגער געזעלשאַפט האָט זיך געשפּאַרט אין סעקאָנד הענדיגע טהעאַטערע, וואו עס האָבען געשפּילט גאַנץ צווייפּעלהאַפטע „סטאַרס" פון פּאַריז.

עס מוז געזאָגט ווערען, דאָס די פּאָליטישע לופט איז געווען אַזעלכע, דאָס די בעסטע מענשען האָבען געהאַט אורזאַכען, אָדער ווענינסטענס, גאַנץ וויכטיגע פּרעטענזיעס, צו האַלטען זיך רוהיג. נאָכדעם, ווי קאַראַקאָ־זאָוו האָט געשאָסען אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטען אין אַפּריל 1866, איז די שטאַאַט פּאָליציי געוואָרען אַלמעכטיג. יעדער, וואָס איז נור געווען פּאַר־דעכטיגט אין „ראַדיקאַליזמוס", מאַכט נישט אויס, וואָס ער האָט געטאָהן אָדער ניט געטאָהן, האָט געהאַט צו לעבען אין די אייביגע פורכט אַרעס־טירט צו ווערען אין אַ וועלכע עס איז נאַכט פּאַר די סימפּאַטהיע, וואָס ער האָט אַרויסגעצייגט צו איינעם, וואָס איז געווען „פאַרמישט" אָדער פּאַר אַן אונשולדיגען בריף, וואָס מי האָט געפונען ביי אַ פערדעכטיגען, אָדער איינ־פאַך פּאַר זיינע געפעהרליכע מיינונגען. און די אַרעסטירונג פּאַר פּאָליטישע מיינונגען איז אַ זעהר ערנסטע זאַך; דאָס מיינט: יאָהרען לאַנג פאַרשפּאַרט צו בלייבען אין פּעטראָפּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט, פאַרשיקט צו ווערען נאָך סיביר, אָדער זאָגאַר געמאַרטערט צו ווערען אין די קאַזעמעטען פון קרע־פּאָסט.

דיעזע קאַראַקאָזאָוו בעוועגונג בלייבט נאָך ביז היינטיגען טאָג אַבי־סעל דונקעל אפילו אין רוסלאַנד. איך בין צו יענער צייט געווען אין סיביר און וויים נור פון דיעזע באַוועגונג פון הערען־זאָגען. ווי עס שיינט, זיינען אין דיעזע באַוועגונג געווען פאַראייניגט צווייערליי שטרעמונגען: איינע פון זיי איז געווען דער אָנפאַנג פון יענע גרויסע באַוועגונג צום פּאָלק, וועלכע

איז שפּעטער געוואָרען אַזוי וויכטיג און פאַרברייטעט. די צווייטע שטרעמונג איז געווען הויפּטזעכליך אַ פּאָליטישע. גרופּען פון יונגע מענער, אייניגע פון וועלכע עס זיינען געווען גאַנץ נאָהענט פון צו ווערען פּראָפעסאָרען אין אוניווערזיטעטען אָדער מענשען פון גרויסע בעדייטונג, אַלס געשיכטע־שרייבער און פעלקער־פאָרשער, זיינען צוזאַמענגעקומען אַרום 1864, האָ־בענדיג בדעה צו ברייגגען וויסען און קענטניסע צום פאָלק, טראָץ די אָפּאָזיציאָן פון דער רעגירונג. זיי זיינען אַוועק אַלס איינפאַכע בעלי מלאכות אין אינדוסטריעלע שטעט, און האָבען דאָרט געגרינדעט קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען און ניט פאָרמאַלע שולען, דענקענדיג דאָס מיט געדולד און פיל מאַקט וועט זיי געלינגען צו ערציהען דאָס פאָלק און אויף אזאַ וועג באַשאַפען די מיטעלפונקטען, פון וועלכע בעסערע און העכערע בעגריפע זאָלען איינדרינגען צווישען די מאַסען. זייער לוכט און פליים זיינען געווען גרויס; גרויסע רייכטהימער זיינען פאַרברויכט געוואָרען אין דיעזע אונטער־נעהמונג. און איך בין געניינט צו דענקען, דאָס אין פערגלייך מיט אַלע עהנליכע באַוועגונגען, וואָס האָבען זיך אָנגעפאַנגען שפּעטער, איז דיעזע געשטאַנען אויף דעם פּראַקטישען פונדאַמענט. די איניציאַטאָרס פון דיעזע באַוועגונג זיינען גאָר אָן ספק געשטאַנען זעהר נאָהענט צו די ארבייטענדע מאַסען.

פון דער אַנדערער זייט, האָט דיעזע באַוועגונג אָנגענומען אַן אויס־שליסליך פּאָליטישען כאַראַקטער, אין וועלכע עס האָבען געאַרבייט קאַראָ־קאָזאָוו, אישוטין און זייערע פריינד. צווישען די יאָהרען 1862 און 1866, האָט די פיהרונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען אָנגענומען אַ זעהר רע־אקציאָנערען כאַראַקטער. זיינע ראַטהגעבער זיינען געווען בעקאַנט אַלס די ביטערסטע פיינד פון יעדען פאָרטשריט; זיינע רעפאָרמען, וועלכע ער האָט געמאַכט אין אָנפאַנג פון זיין רעגירען, האָט ער נאַכהער פאַראַליזירט דורך די שפּעטערע געזעצע. דאָס אַלעס האָט געוויס געבראַכט קאַראַקאזאָוו און זיינע פריינדע אויף דעם געדאַנק, דאָס די וויטערע רעגירונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען קען נאָך ברייגגען אַ שטאַרקערע רעאַקציאָן און וועט פאַרניכטען דאָס ביסעלע, וואָס איז אַזוי שווער ערקעמפפט גע־וואָרען. אין דער זעלבער צייט האָט מען דאַמאָלס געלייגט גרויסע האָפנונ־גען אויף די ליבעראַלע נייגונגען פון זיין טהראָן־פאָלגער, און דער רעזול־טאַט איז געווען, דאָס אין אַ שעהנעם טאג האט קאַראַקאַזאָוו געשאסען אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, ווען ער איז ארויסגעקומען פון זיין זומער־גאַר־טען צו נעהמען זיין קאָטש. דער שאס האָט ניט געטראָפען און קאַראַקא־זאָוו איז אַרעסטירט געוואָרען אויף'ן שטעל.

קאַטקאָוו, דער פיהרער פֿון דער רעאַקציאָנערער פּארטיי און אַ גרויסער קינסטלער אַרויסצושלעפּען פֿאַר זיך גרויסע פּראָפֿיטען פֿון יעדען פּאָליטישען טומעל, האָט גלייך ערקלעהרט, אַז קאַראַקאָזאָוו איז בלויז איינער פֿון אלע אַנדערע ליבעראַלען און ראַדיקאַלען, וועלכע זיינען געווען מיט איהם אין איין פֿערשווערונג—וואָס דאָס איז געווען ניט וואהר—ער האָט געגעבען אָנצוהערעניש אין זיין צייטונג, מאַכענדיג גאַנץ מאָסקווע גלויבען אין דעם, דאָס קאַראַקאָזאָוו איז בלויז געווען אַ ווערקצייג אין די הענד פֿון דעם גרויס-פֿירסט קאָנסטאַנטין, דעם פֿיהרער פֿון דער ליבעראַלער פּארטיי אין די העכערע קרייזען. עס איז זיך לייכט פֿאָרצושטעלען, וויפֿיל געלד האָבען די צוויי הערשער—שואוואַלאָוו און טרעפּאָוו—געמאַכט ביי דיזע געשיכטע.

מיכאַאיל מוראַווייאָוו, וועלכער האָט געקראָגען וועהרענד דעם אויפֿשטאַנד אין פּוילען דעם נאָמען „תליון", האָט ערהאַלטען אַ בעפֿעהל צו מאַכען אַ זעהר שטרענגע און גרינדליכע אונטערזוכונג, און צו ענדעקען דורך אַלע מעגליכע מיטעל די פֿאַרשווערונג, וועלכע מי האָט גערעכענט, עקזיסטירט. ער האָט געמאַכט פֿערהאַפֿטונגען אין אַלע קלאַסען פֿון די געזעלשאַפֿט, האָט באַפֿוילען הונדערטע פֿון הויז-זוכונגען און האָט זיך באַריהמט, דאָס ער וועט „געפֿינען מיטעל צו מאַכען די פֿערהאַפֿטעטע ריידענדיג". ער איז געוויס ניט געווען דער מאַן, וואָס זאָל זיך פֿון עפּעס אָבשרעקען, אפילו ניט פֿון מאַרטערען געפֿאַנגענע, און פּעטערסבורג איז געווען כמעט איינשטימיג, דאָס קאַראַקאָזאָוו אי שרעקליך געקוועלט געוואָרען, אום אַרויסצוקריגען פֿון איהם עפּעס, אָבער עס איז ניט געלונגען.

שטאַאַטס-געהיימניסע ווערען זעהר גוט געהיט אין קרעפּאָסטען, איבערהויפּט אין יענע גרויסע מאַסע פֿון שטיין, וואָס איז אַנטקעגען דעם ווינטער פּאַלאַץ, וועלכע האָט זיך אָנגעזעהען אַזויפֿיל שוידערליכקייטען, וואָס זיינען נור ערסט ניט לאַנג אויפֿגעדעקט געוואָרען פֿון די געשיכטספֿאָרשער. ער היט נאָך אַלץ מוראַווייאָוו׳ס געהיימניסע. דאָך קען פֿילייכט דאָס פֿאָלגענדע וואַרפֿען אַביסעל ליכט אויף דעם געגענשטאַנד:

אין 1866, בין איך געווען אין סיביר. איינער פֿון אונזערע סיבירישע אָפֿיצירען, וואָס האָט געמאַכט אַ רייזע פֿון רוסלאַנד נאָך אירקוטסק צו ענדע פֿון יענעם יאָהר, האָט זיך אויף די פּאָסט-סטאַציאָן צוזאַמען געטראָפֿען מיט צוויי זשאַנדאַרען. אונזער אירקוטסקער אָפֿיציר, וועלכער איז געווען זעהר אַ פֿריינדליכער מענש, געפֿינענדיג די זשאַנדאַרען ביים טיי-טיש אין אַ קאַלטע ווינטער נאַכט, האָט זיך צוגעזעצט צו זיי און מיט זיי גע־

פלויידערט, וועהרענד מי האָט אומגעביטען די פערד. איינער פון דיעזע מע־נער האָט געקאַנט קאַראַקאָזאָוו.

„ער איז געוועזן חיטרע, דער קאַראַקאָזאָוו," האָט איין זשאַנדאַר געזאָגט. „ווען ער איז געוועזן אין פעסטונג, האָט מען צוויי פון אונזערע — מי האָט אונז אומגעביטען יעדע צוויי שטונדען — באַפוילען ניט צו לאָזען איהם שלאָפען. און אַזוי האָבען מיר איהם געהאַלטען זיצענדיג אויף אַ קליין ביינקעל, און אַזוי שנעל, ווי ער האָט אָנגעהויבען דרעמלען, האָבען מיר איהם אַ טרייסעל געטאָהן צו האַלטען איהם וואַכענדיג... וואָס קענט איהר טאָהן? אַזוי האָט מען אונז געהייסען... אָבער זעהט נור, ווי חיטרע ער איז געוועזן; ער פלעגט זיצען מיט פאַרלייגטע פיס, שאָקלענדיג איינע פון זיי, אום צו מאַכען אונז גלויבען, דאָס ער איז וואַכעדיג און אַליין, כּאַפּענדיג דערווייל אַ דרעמעל, אָבער מיר האָבען עס באַלד אויסגעפונען און דאָס דערציילט די, וואָס זיינען אונז געקומען איבערבייטען..." „און ווי לאַנג האָט דאָס אָנגעהאַלטען?" האָט מיין פריינד געפרעגט. „אָה, פילע טעג — מעהר, אַלס אַ וואָך!"

דער נאַאיווער חאַראַקטער פון דיעזע בעשרייבונג איז שוין אַ בעווייז פון איהר ריכטיגקייט: דאָס האָט ניט געקאָנט ווערען אויסגעטראַכט. און דאָס קאַראַקאָזאָוו איז געמאַרטערט געוואָרען איז כמעט קיין צווייפעל אין דעם.

ווען קאַראַקאָזאָוו איז געהאַנגען געוואָרען, איז איינער פון מיינע חברים פון דעם פּאָשען־קאָרפּוס געוועזן דערביי. „ווען מי האָט איהם ארויס־גענומען פון פעסטונג," האָט מיר מיין חבר דערצעהלט, „זיצענדיג אויף אַ הויכע פלאַטפּאָרמע אין אַ וואָגען, וואָס האָט זיך זעהר געטרייסעלט אויף דעם פראָסטען ברוק פון פעסטונג, איז מיין ערסטער איינדרוק געוועזן, אַז זיי האָבען אַרויסגעטראָגען אַ גומענע ליאַלקע אויפצוהענגען; דאָס קאַראָ־קאָזאָוו איז שוין לאַנג טוידט. שטעל דיך פאָר, דאָס דער קאָפּ, די הענד, דער גאַנצער קערפּער איז געוועזן אבסאָלוט לויז, אַזוי ווי קיינע ביינער וואָלטען ניט געוועזן אין קערפּער אָדער אַזוי ווי מי וואָלט איהם צובראָכען אַלע ביינער. דאָס איז געוועזן אַ שרעקליכע זאַך צו זעהן און צו דענקען, וואָס דאָס מיינט. ווען צוויי סאָלדאַטען האָבען איהם אַראָבגענומען פון וואָגען, האָב איך געזעהען, דאָס ער באַוועגט זיינע פיס, און דאָס ער מאַכט שטאַרקע אַנשטרענגונגען צו געהן אַליין און אַרויפצוגיין אויף די טרעפּ פון די תליה. אַלזאָ איז דאָס ניט געוועזן קיין ליאַלקע, און ער האָט אויך ניט געקאָנט זיין אין אָהנמאַכט. אַלע אָפיצירען זיינען געוועזן שטאַרק ערשטוינט איבער דעם, און זיי האָבען עס זיך ניט געקאָנט ערקלערען."

ווען איך האָב געזאָגט צו מיין פריינד: „פיליכט איז עס דערפון, וואָרום אי שעקליך געמאַרטערט געוואָרען?" האָט ער אונטערבראָכען, „יאָ, מיר האָבען אַלע געטראַכט ביי זיך דאָסזעלבע".

ניט שלאָפען פאַר וואָכען לאַנג—דאָס אַליין איז שוין גענוג צו ערקלערען דעם צושטאַנד, אין וועלכען דיעזער מאָראַליש-שטאַרקער מאַן איז געווען, ווערענד זיין עקזעקוציע. איך וועל נאָך צוגעבען, דאָס איך האָב די אָבסאָלוטע געוויסהייט, דאָס אַדריאַן מיכאַילאָוו איז געמאַרטערט געוואָרען אין די פעסטונג אין 1880. האָט זיך מוראַוויאָוו נור באַנוגענד מיט דיעזען איינציגען פאַל? האָט איהם ווער געשטערט ווייטער צו געהן אָדער ניט? איך ווייס עס ניט, אָבער אַזוי פיל ווייס איך, איך האָב אָפט געהערט פון הויכע בעאַמטע אין פעטערסבורג, דאָס אין קאַראַקאָזאָוו׳ס פאַל האָט מען געברויכט אַלע מיטלען, אום ער זאָל עפּעס מודה זיין. ער איז אָבער געבליבען שטום ביז צו זיין ענדע.

מוראַוויאָוו האָט פאַרשפּראָכען אויסצוראָטען אַלע ראַדיקאַלע עלעמענטען אין פעטערסבורג. און אַלע די, וואָס האָבען אַמאָל געהאַט אַ ראַדיקאַלע פערגאַנגענהייט, האָבען יעצט געלעבט אונטער דעם שרעק אַריינצופאַלען אונטער דעם דעספּאָטס קלויען. מעהר פון אַלעם האָבען זיי זיך ווייט געהאַלטען פון די אינגערע, אום ניט אַריין געשלעפּט צו ווערען אין אַ פּאָליטישען פּלאָנטער, און אויף אַזאַ אופן איז אויסגעגראָבען געוואָרען אַ גראָבען ניט נור צווישען די „פעטער" און „זיהן", ווי טורגעניעוו האָט עס בעשריבען אין זיין נאָוועלע—ניט נור צווישען די צוויי דורות, נור אויך צווישען מענער, וואָס זיינען אַלט געווען אַריבער דרייסיג און מענער, וואָס זיינען געוואָרען ערסט צוואַנציג. די רוסישע יוגענד איז דאַרום געווען געשטעלט אין די לאַגע ניט נור צו בעקעמפּפען אין זייערע „פאָטערס" די פערטהיידיגער פון פאַנשטשיזנע, נור זיי זיינען אויך אין גאַנצען פאַרלאָזען געוואָרען פון זייערע עלטערע ברידער, וועלכע האָבען ניט געוואָלט פעראייניגען זיך מיט זיי אין זייערע נייגונגען צום סאָציאַליזמוס, און האָבען זיך זאָגאַר ענטזאָגט צו העלפען זיי אין זייער קאַמפּף פאַר בלויז פּאָליטישע פרייהייט. איז דען אַמאָל געווען אין דער געשיכטע, פרעג איך מיך אַליין, אַזאַ יונגע פעראייניגטע מחנה, פאַרטאָהן אין אַ קאַמפּף געגען אַזאַ מעכטיגען שונא, פאַרלאָזען פאָלשטענדיג פון פאָטערס און זאָגאַר פון עלטערע ברידער, האָטש דיעזע יונגע מענער האָבען דאָך נור געזוכט צו פאַרווירקליכען אין לעבען די גייסטיגע ירושה פון די זעלבע פאָטערס און ברידער? איז דען אַמאָל אויפגענומען געוואָרען אַ קאַמפּף אין מעהר טראַגישע צושטענדע, ווי דיעזע?

דער איינציגער ליכטיגער פונקט, וועלכען איך האָב געזעהען דאַן אין פעטערסבורג, איז געווען די באַוועגונג, וואָס איז אָנגעגאנגען צווישען די יוגענד פֿון ביידע געשלעכטער. פֿאַרשידענע שטרעמונגען האָבען זיך פֿאראייניגט, אום צו באַשאַפען די מעכטיגע אַגיטאַציאָן, וואָס האָט באַלד אָנגענומען אַן אונטעראירדישען רעוואָלוציאָנערען חאַראַקטער, און האָט צוגעצויגען צו זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון גאַנץ רוסלאַנר פֿאַר די נעקסטע פֿינף יאָהר. איך וועל פֿון דעם ריידען אין אַ שפעטערען קאַפּיטעל, אָבער דאָ מוז איך דערמאָהנען די באַוועגונג, וועלכע איז אָנגעפֿיהרט געוואָרען. כמעט גאַנץ אָפֿען, פֿון אונזערע פֿרויען, אום צו קענען געניסען אַ העכערע בילדונג. פעטערסבורג איז צו יענער צייט געווען דער מיטעלפונקט פֿון דיעזע באַוועגונג.

יעדען נאָכמיטאָג האָט מיין ברודער'ס יונגע ווייב, צוריק קומענדיג פֿון די פֿרויענ'ס פעדאַגאָגישע קורסען, געהאט אונז עטוואָס צו דערציילען וועגען די לעבעדיגקייט, וואָס האָט דאָרט געהערשט. פלענער זיינען געמאַכט געוואָרען צו עפענען אוניווערזיטעטען און אַ מעדיצינישע אַקאַדעמיע פֿאַר פֿרויען. דעבאַטען זיינען אָנגעגאַנגען איבער פֿערשידענע ערציהונגס מעטאָדען, און הונדערטע פֿון פֿרויען האָבען גענומען אַ וואַרימע אינטערעסע אין דיעזע פֿראַגען. געזעלשאַפֿטען פֿון איבערזעצער, בוכדרוקער און בוכבינדער זיינען געגרינדעט געוואָרען. כדי עס זאָל געשאַפֿען ווערען אַרבייט פֿאַר דיא אָרמסטע פֿרויען, וואָס קומען נאָך פעטערסבורג צו קריגען אויך זייער חלק פֿון אַ העכערע ערציהונג, אַ שטאַרקער לעבען האָט געהערשט אין דיעזע פֿרויען־צענטערס, אין אַ מערקווירדיגען קאָנטראַסט מיט דאָס, וואָס איך האָב געטראָפֿען ערגעץ אַנדערס.

זייט די רעגירונג האָט געוויזען איהר ענטשלאָסענהייט ניט צו צולאָזען קיינע פֿרויען צו די עקזיסטירענדע אוניווערזיטעטען, האָבען זיי אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו עפֿענען זייערע אייגענע. אין מיניסטעריום האָט מען זיי ערקלערט, דאָס די מיידלאַך, וואָס האָבען געענדיגט אַ גימנאַזיע, זיינען נאָך ניט פֿערטיג צו לעקציעס פֿון אוניווערזיטעט. „זעהר גוט" האָבען זיי געענטפֿערט, „לאָזט אונז עפֿענען שולען, וועלכע זאָלען אונז פֿאַרפֿערטיגען צום אוניווערזיטעט, און מאַכט אונז די פראָגראַמע אַזוי שווער, ווי איהר ווילט אַליין. מיר בעטען אויך קיין געלד פֿון שטאַאַט, נור גיט אונז די ערלויבנים, און עס וועט שוין אַלעס געטאָהן ווערען". נאַטירליך, האָט מען זיי ניט ערלויבט. דאַן האָבען זיי אָנגעפֿאַנגען פריוואַט קורסען און לעקציעס אין פריוואַט־הייזער אין אַלע עקען פֿון פעטערסבורג. פֿילע פראָפֿעסאָרען, אין סימפאַטהיע מיט דיעזע באַוועגינג, האָבען פֿרייווויליג אָנגע־

נומען צו געבען לעקציעס. חאָטש זיי אַליין זיינען געווען אָרעמע לייט, דאָך האָבען זיי געוואָרנט די אָרגאַניזירער, דאָס מי זאָל זיי ניט דאַנקען פון באַצאָהלען זיי, אויב מי וויל זיי ניט באַליידיגען. נאַטור־וויסענשאַפט־ליכע עקסקורסיעס פלעגען געמאַכט ווערען יעדען זומער אין די נאַכבאַר־שאַפט פון פעטערסבורג אונטער די פיהרערשאַפט פון פראָפעסאָרען און די פרויען זיינען געווען די מעהרצאָהל פון זייערע שילער. אין די קורסען פון אַקושאָרקעס האָבען די פרויען פערלאַנגט, מי זאָל בעהאַנדלען יעדען געגענשטאַנד אויף אַ פיעל גרינדליכערען אופן, ווי עס איז געפאָדערט געוואָרען אויף דער פּראָגראַמע. זיי האָבען זיך באַנוצט מיט יעדע מעגליכקייט, מיט יעדע עפענונג אין דער פעסטונג צו שטורמען איהר. זיי האָבען נעקראָגען אַ צוטריט צו די אנאַטאָמישע לאַבאָראַטאָריע פון דעם אַלטען דר. גרובער און דורך זייער וואונדערבאַרע אַרבייט האָבען זיי געוואונען דיעזען ענטהוזיאַסט פון אַנאַטאָמיע אויף זייער זייט. ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט פון אַ פּראָפעסאָר, וואָס האָט ניט דאַגעגען צו לאָזען זיי אַרבייטען אין זיין לאַבאָראַטאָריע זונטאַגס און ביי נאַכט אין די וואָכען טעג, האָבען זיי זיך דערמיט באַנוצט, אַרבייטענדיג פיל און ערנסט. ענדליך, טראָץ די אָפּאָזיציאָן פון דעם מיניסטעריום, האָבען זיי אויסגעפיהרט, דאָס די פאַרפערטיגענדע קורסען צום אוניווערזיטעט, אונטער דעם נאָמען „פעדאַגאָגישע קורסען", זיינען אויפגעעפענט געוואָרען פאַר זיי.

אַזוי טריט ביי טריט, האָבען זיי אַלץ געקראָגען מעהר רעכט. אזוי שנעל, ווי עס איז באַקאַנט געוואָרען, דאָס אין אַן אירגענד וועלכען דייטשען אוניווערזיטעט ערלויבט אַ פּראָפעסאָר די פרויען צו הערען זיינע לעקציעס, האָבען זיי שוין געקלאַפּט אין זיין טיהר, און זיי זיינען אויפגענומען געוואָרען. זיי האָבען שטודירט געזעץ און געשיכטע אין היידעלבערג, מאַטעמאַטיק אין בערלין, וועהרענד אין צוריך האָבען מעהר ווי אַ הונדערט מיידלאַך געשטודירט אין אוניווערזיטעט און אין פּאָליטעכניקום. דאָרט האָבען זיי געוואונען עטוואָס, וואָס איז מעהר ווערט ווי אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם: זיי האָבען געוואונען די אַכטונג פון די העכסט־געלערנטע פּראָפעסאָרען, וועלכע האָבען עס געזאָגט גאַנץ עפענטליך עטליכע מאָל. איינע פון די רוסישע מיידלאַך, וועלכע האָט שטודירט מאַטעמאַטיק אין בערלין — סאָפיע קאָוואַלעווסקאַיאַ — איז געוואָרען אַ מאַטעמאַטיקער מיט אַ גרויסען נאָמען און איז נאַכהער געוואָרען פּראָפעסאָר אין אַן אוניווערזיטעט אין סטאָקהאָלם. זי איז געווען די ערסטע פרוי פון אונזער יאָהרהונדערט, וואָס האָט פאַרנומען אַ פּראָפעסאָר־שטעלע אין אַן אוניווערזיטעט פאַר מענער, זי איז געווען אַזוי יונג,

דאָס אין שווערען האָט קיינער איהר געוואָלט רופֿען אַנדערש, ווי סאָפֿיע, אָדער סאָניאַ.

טראָץ דעם אָפֿענעם האַס, וואָס אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט געהאַט צו געבילדעטע פֿרויען—ווען ער פֿלעגט טרעפֿען שפּאַצירענדיג אַ מיידעל אין ברילען און אין אַ רונדען גאַריבאַלדישען הוט, פֿלעגט ער אָנ־פֿאַנגען צו ציטערען, דענקענדיג, דאָס זי מוז געווים זיין אַ ניהיליסטקע, וואָס וויל איהם שיסען—טראָץ די ביטערע געגנערשאַפֿט פֿון די שטאַאַטס־פּאָליציי, וועלכע האָט בעטראַכט יעדע סטודענטקע אַלס אַ רעוואָלוציאָנער; טראָץ די געמיינע בעשולדיגונגען, וועלכע קאַטקאָוו פֿלעגט ריכטען געגען די גאַנצע באַוועגונג אין כמאַט יעדען נומער פֿון זיין גיפֿטינע צייטונג, האָבען די פֿרויען דאָך אויסגעפֿיהרט, אַז מי זאָל פֿאַר זיי עפֿענען קורסען פֿון העכערע בילדונג. ווען איניגע פֿון זיי האָבען געקראָגען אין אויסלאַנד דאָקטאָר־דיפּלאָמען, האָבען זיי געצוואונגען די רעגירונג אין 1872 צו לאָ־זען זיי עפֿענען אַ מעדיצינישע אַקאַדעמיע אויף זייערע אייגענע הוצאות. און ווען די רוסישע פֿרויען זיינען צוריק גערופֿען געוואָרען פֿון צוריך, כדי זיי זאָלען זיך ניט אָנשטעקען מיט די רעוואָלוציאָנערע אידעען פֿון די פּאָליטישע פֿליכטלינגע, האָבען זיי געצוואונגען די רעגירונג צו לאָזען זיי עפֿענען אין רוסלאַנד פֿיער פֿרויען־אוניווערזיטעטען, וועלכע האָבען באַלד געהאַט טויזענד סטודענטקעס. עס זעהט אויס כמעט אונגלויבליך, אָבער עס איז אַ פֿאַקט, דאָס אונגעאַכטעט אויף אַלע פֿערפֿאָלגונגען וואָס די מע־דיצינישע אַקאַדעמיע פֿאַר פֿרויען האָט געהאַט אויסצושטיין, און יעצטיגע צושליסונג, זיינען יעצט דאָ אין רוסלאַנד מעהר, ווי זעכס הונדערט און זיבציג פֿרויען, וואָס זיינען געענדיגטע דיפּלאָמירטע דאָקטוירים.

עס איז, אָהן צווייפֿעל, געווען אַ גרויסאַרטיגע באַוועגונג—ערשטוי־נענד אין איהר ערפֿאָלג און באַלעהרענד אין אַ הויכען גראַד. מעהר פֿון אַלעם, איז דאָס אויסגעפֿיהרט געוואָרען דורך די אונענדליכע איבערגעבענ־הייט פֿון אַ מאַסע פֿון פֿרויען פֿון פֿאַרשידענע מלאכות און פֿעהיגקייטען; זיי האָבען שוין געאַרבייט אַלס באַרמהערציגע שוועסטער אין דעם קרימער קריג, אַלס אָרגאַניזירער פֿון שולען שפּעטער, אַלס די איבערגעבענסטע לעהרערינען אין די דערפֿער; אַלס געבילדעטע אַקושערקעס און פֿעלד־שעריצעס צווישען די בויערען, דאַן זיינען זיי אַוועק אַלס נוירסעס און דאָקטאָרס אין די פֿיבער־האָספּיטאַלען אין דער צייט פֿון דעם טערקישען קריג אין 1878, און האָבען געוואונען די באַוואונדערונג פֿון די מיליטער־קאָמאַנדירען און פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען זעלבסט. איך קען צוויי פֿרויען, וועלכע די שטאַאַט־פּאָליציי זוכט זעהר שטאַרק, וועלכע האָבען

געדינט אַלס נויוירסעם אין דער צייט פֿון דער מלחמה אונטער פּאלשע נע־מען, האָבענדיג דערצו פֿאַלשע פּאַספּאָרטען, איינע פֿון זיי, דער גרעסערער „פּארברעכער״, איז זאָגאַר באַשטימט געוואָרען אַלס די הויפּט־נויירס פֿון אַ גרויסען האָספּיטאַל פֿאַר פֿאַרוואונדעטע סאָלדאַטען, ווערהענד איהר פֿריינדין איז שיעור ניט געשטאָרבען פֿון אַ טיפֿוס. אין קורצען, פֿרויען האָבען גענומען אירגענד וועלכע שטעלע, האָט עס געמעגט זיין ווי נידעריג, ווען זי האָט נור אויף וועלכען אופן עס איז געקענט ניצליך זיין צום פֿאָלק. ניט נור אייניגע האָבען עס געטאָהן, נור הונדערטע, טויזענדע. זיי האָבען ערקעמפּפֿט זייערע רעכטע אין דעם וואָהרען זין פֿון וואָרט.

אַ צווייטער כאַראַקטעריסטישער צוג פֿון דיעזע באַוועגונג איז געווען דער, דאָס דער גראָבען צווישען די צוויי דורות—צווישען די עלטערע און אינגערע שוועסטער—האָט ניט עקזיסטירט. די וועניגע, וואָס זיינען געווען די פֿיהרער פֿון די באַוועגונג אין איהר אָנפֿאַנג, האָבען קיינמאָל ניט אָבגעבראָכען די קייט, וואָס האָט זיי פֿאַראייניגט מיט זייערע אינגערע שוועסטער, חאָטש די אינגערע זיינען געווען פֿאָרטגעשריטענער אין זייערע אידעאַלען, ווי די עלטערע פֿרויען. די עלטערע שוועסטער האָבען פֿאַרפֿאָלגט זייערע צוועקען אין די העכערע ספֿערען. זיי האָבען זיך געהאַלטען גאַנץ ווייט פֿון אירגענד וועלכע פּאָליטישע אגיטאַציאָן; אבער זיי האָבען קיינמאל בעגאַנגען דעם פֿעהלער צו פֿאַרגעסען דאס זייער אמת׳ע מאַכט איז געווען אין די מאַסע פֿון די אינגערע פֿרויען, אַ גרויסע צאָהל פֿון וועלכע האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן די ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע קרייזען. דיעזע פֿיהרערינס זיינען געווען די אַנשטענדיגקייט זעלבסט—איך האָב זיי געהאַלטען נאָך פֿאַר צו אַנשטענדיג—אָבער זיי האָבען ניט אָבגעבראָכען זייערע פֿערבינדונגען מיט זייערע אינגערע שוועסטער—סטודענטקעס, וואָס האָבען זיך געקליידעט ווי אמת׳ע ניהיליסטקעס, מיט קורצע האָר אָהן קרינאָלינעס, און וואָס האָבען אַרויסגעצייגט זייער דעמאָקראַטישען גייסט אין זייער גאַנצע אויפֿיהרונג. די עלטערע פֿרויען האָבען קיין אַנטהייל גענומען אין זייערע אַנגעלעגענהייטען, עס פֿלעגט אויך אָפֿטמאָל קומען צו מיספֿערשטענדניסע, אָבער זיי האָבען זיך קיין מאָל ניט אָבגעוואָרפֿען פֿון זיי—אַ גרויסע זאַך, דענק איך, אין יענע צייטען פֿון שרעקליכע פֿערפֿאָלגונגען.

עס האָט אויסגעזעהען, אזוי ווי זיי וואלטען געזאָגט צו זייערע אינגערע און מעהר דעמאָקראַטישע שוועסטער: „מיר וועלען טראָגען אונזערע סאמעטענע קליידער און אונזערע מאַנטלען, ווייל מיר האָבען צו טהאָן מיט

נאַרען, וועלכע זעהען אין אַ סאַמעטענע קלייד אַ צייכען פון „פּאָליטישע זיכערהייט", אָבער איהר, מיידלאַך, בלייבט פריי אין אייערע געשמאַקען און נייגונגען". ווען די פרויען, וואָס האָבען שטודירט אין צוריך, האָבען גע-קראָגען אַ באַפעהל פון די רוסישע רעגירונג צוריק צו קומען, האָבען דיזע אַנשטענדיגע לײדים ניט געמאַכט קריג אויף די יונגע רעוואָלוציאָנערקעס. זיי האָבען איינפאַך געזאָגט צו די רעגירונג: „דו ווילסט עס ניט האָבען? נו, טו עפען אוניווערזיטעטען פאַר פרויען אין דער היים; אויב ניט, וועלען אונזערע מיידלאַך גיהן נאָך אויסלאַנד נאָך אין אַ גרעסערע צאָהל, און נאַ-טירליך וועלען זיי קומען אין באַריהרונג מיט די רוסישע פליכטלינגע." ווען מי האָט זיי פאָרגעוואָרפען, דאָס זיי פלאָדען רעוואָלוציאָנערען, און מי האָט זיי געסטראַשעט מיט דעם צומאַכען פון זייער אַקאַדעמיע, האָבען זיי גע-ענטפערט: „יאַ, פילע סטודענטען ווערען רעוואָלוציאָנערען, אָבער איז דאָס אַן אורזאַכע צו שליסען אַלע אוניווערזיטעטען?" ווי וועניג זיינען עס דאָ אַזעלכע פּאָליטישע פיהרער, וואס זאָלען האָבען דעם מאָראַלישען מוטה ניט אָבצוטרייסלען זיך און ניט צו קעמפּפען געגען דעם מעהר-פאָרטגעשריטע-נעם פליגעל פון זייער אייגענע פאַרטיי!

די הויפט-מאַכט פון זייער קלוגע און גאַנץ ריכטיגע שטעלונג איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס קיין איינצוגע פון די פרויען, וואָס זיינען געווען די זעעלע פון דער באַוועגונג, זיינען געווען בלויז באַשעפטיגט מיט זיך זעלבסט, מיט זייער אייגענע פראַגע, אַלס פרויען. די סימפּאַטהיען פון די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען מיט די מאַסען. איך געדענק די לעבעדיגע אינטערעסע, וואָס די פריילײן סטאַסאָוואַ, די אַלטע פיהרערין פון די אַגי-טאַציאָן, האָט גענומען אין די זונטאַג-שולען פון 1861, די פריינדשאַפטען, וועלכע זי און איהרע פריינד האָבען געמאַכט צווישען די פאַבריק-מיידלאַך; די אינטערעסע, וואָס זיי האָבען אַרויסגעוויזען פאַר דעם שווערען לעבען פון דיזע מיידלאַך, אויסערען שול; די קעמפּפע וועלכע זיי האָבען פאַר זיי דורכגעמאַכט מיט זייערע קאַרגע בעלי בתים. קורץ און גוט, די רעכטע, צו וועלכע די פרויען האָבען געשטרעבט, זיינען ניט נור געווען די אינדי-ווידועלע רעכטע צו אַ העכערע ערציהונג, נור אויך צו פיל מעהר—צו דאָס רעכט צו זיין ניצליך צווישען פאָלק, צווישען די מאַסען. און דאָס איז געווען דער סוד פון זייער מאַכט. דאַרום זיינען זיי אויך געווען ערפאָלגרייך אין אַזאַ הויכען גראַד!



# מיין רייזע נאָך וועסט-אייראָפּא.

פֿאַר די לעצטע עטליכע יאָהר איז מיין פֿאָטער׳ס געזונדהייטס-צושטאַנד געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער; און ווען איך און מיין ברודער אַלעקסאַנדער זיינען געקומען צו איהם צו באַזוך אין 1871, האָט אונז דער דאָקטאָר געזאָגט, אַז אונזער פֿאָטער וועט שוין לאַנג ניט אָנהאַלטען. ער האָט נאָך אַלץ געלעבט אויף דעם אַלטען שטייגער אין די „סטאַראַיאַ קאָנושענאַיאַ", אָבער אַלעס אַרום איהם האָט זיך שטאַרק אומגעענדערט אין דעם אַמאָליגען אַריסטאָקראַטישען געגענד. די רייכע פּאָמעסטשיקעס זיינען צופֿאָהרען, נאָך דעם, ווי זיי האָבען פֿאַרשאַלאַטאַנעוועט דאָס אוסלייז-געלד, וואָס זיי האָבען געקראָגען ביי די בעפֿרייאונג פֿון די לייב-אייגענע, און נאָך דעם, ווי זיי האָבען פֿאַרזעצט זייערע אימעניעס אין די נייע בענק, וועלכע זיינען רייך געוואָרען דורך זייער הילפֿלאָזיגקייט, האָבען זיי זיך ענדליך צוריקגעצויגען אָדער אויף׳ן לאַנד אָדער אין פּראָווינציעלע שטעדט, אום פֿאַרזונקען צו ווערען דאָרט אין גענצליכע פֿאַרגעסענהייט. זייערע הייזער זיינען פֿאַרנומען געוואָרען פֿון די ניי-אויפֿגעקומענע—רייכע קופּצעס, אייזענבאַהן-בויער און דאָס גלייכען,—וועהרענד כמעט אין יעדע איינע פֿון די רייכע פֿאַמיליעס, וואָס זיינען פֿאַרבליבען, האָט אַ נייער יונגער לעבען אָנגעהויבען צו ווייזען זיך אויף די חורבות פֿון דעם אַלטען. אַ פּאָר אַלטע גענעראַלען, וועלכע האָבען געשאָלטען דעם נייען לעבען מיט די נייע פּיהרונגען, און האָבען זיך לייכטער געמאַכט דערמיט, וואָס זיי האָבען פֿאָראויסגעזאָגט אַ שלעכטען סוף פֿאַר רוסלאַנד, אָדער אַזוי אַ ווייטער קרוב—דאָס איז געווען די גאַנצע קאָמפּאַניע וואָס, מיין פֿאָטער האָט געהאַט אין זיין הויז. פֿון די פֿיעלע, פֿיעלע פֿון אונזערע קרובים זיינען נור אַ פּאָר פֿאַמיליען געבליבען אין מאָסקווע, און אויך דיזע זיינען מייסטיינס צוגעשטאַנען צו דעם שטראָם פֿון נייעס לעבען; די מוטערס האָבען דיסקוטירט מיט זייערע טעכטער און זיהן איבער אַזעלכע געגענשטענדע, ווי שולען פֿאַר׳ן פֿאָלק און אוניווערזיטעטען פֿאַר פֿרויען. מיין פֿאָטער האָט געקוקט אויף זיי מיט פֿעראַכטונג. מיין שטיף-מוטער און מיין אינגערע שוועסטער, וועלכע האָבען זיך ניט אומגעביטען, האָבען געטאָהן זייער בעסטעס צו טרייסטען איהם; אָבער זיי האָבען זיך אַליין געפֿיהלט ווי ניט אין דער היים אין מיטען דעם שטראָם פֿון דעם נייעם לעבען.

מיין פֿאָטער איז פֿון אייביג אָן געווען אונפֿריינדליך און זעהר אונ-

גערעכט צו מיין ברודער אַלעקסאַנדער. אָבער אַלעקסאַנדער איז געוועןָ גאַנץ אונפֿעהיג צו האַלטען אַ כעס אויף אימיצען. ווען ער איז אַריין אין דעם קראַנקען צימער מיט דעם טיפֿען, פֿריינדליכען בליק פֿון זיינע גרויסע בלויע אויגען און מיט אַ שמייכעל, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף זיין אונענדליכע גוטסקייט, און ווען ער האָט גלייך אוסגעפֿונען, וואָס מי באַדאַרף טהאָן, אום צו מאַכען דעם קראַנקען אביסעל בעקוועמער אין זיין קראַנקען־שטוהל, און האָט עס געטאָהן אַזוי נאַטירליך, אַזוי ווי ער וואָלט ערסט אַ שטונדע צוריק פֿאַרלאָזען דאָס הויז, איז מיין פֿאָטער געוואָרען איינפֿאַך ערשטוינט. ער האָט איהם אָנגעקוקט, ניט זייענדיג פֿעהיג צו פֿאַרשטיין, אונזער בעזוך האָט געבראַכט לעבען אין די לאַנגווייליגע, פֿינסטערע הויז. מיין שטיף־מוטער, פּאַולינאַ, און אפילו די דינער אַליין זיינען געוואָרען עפּעס לעבעדיגער, און מיין פֿאָטער האָט געפֿיהלט די אומענדערונג.

איין זאַך האָט איהם דאָך געמאַכט אונרוהיג. ער האָט ערוואַרטעט אונז צו זעהען קומען אַלס זיהן, וואָס זאָלען זיך ערקלערען, אַז זיי האָבען חרטה, און וועלכע זאָלען איהם בעטען צו אונטערשטיצען זיי. אָבער, ווען ער האָט פּרובירט צו ברייננגען דעם געשפּרעך אויף דעם ענין, פֿלעגען מיר איהם אָבשטעלען מיט אַזאַ פֿרייליכען „וואָרג־זיך־ניט־טאַטע, מיר גייען־אָן גאַנץ־גוט", דאָס ער איז נאָך מעהר ערשטוינט געוואָרען. ער האָט ערוואַרטעט אַ סצענע פֿון דעם אַלטען שטייגער—זיינע זיהן איהם בעטענדיג פֿערציייהונג—און געלד; פֿילייכט האָט עס איהם אויך פֿערדראָסען, דאָס עס איז ניט געקומען דערצו, אָבער דערפֿאַר האָט ער אויף אונז געקוקט מיט אַ גרעסערע אַכטונג. מיר זיינען אַלע דריי געווען זעהר גערירהרט, נעהמענדיג אָבשייד פֿון איהם. ער האָט אויסגעזעהען אַזוי ווי ער וואָלט כמעט געציטערט צוריק צו קעהרען זיך צו זיין פֿינסטערע איינזאַמקייט צווישען די חורבות פֿון אַ סיסטעם, וועלכע ער האָט געלעבט און געשטרעבט אויפֿצוהאַלטען. אָבער אַלעקסאַנדער האָט געמוזט צוריק געהן צו זיין דינסט און איך בין אַוועק נאָך פֿינלאַנדיען.

ווען איך בין געוואָרען צוריק גערופֿען אַהיים, האָב איך געאיילט נאָך מאָסקווע, אום צו געפֿינען די בעגרעבניס צערעמאָניע איבער מיין פֿאָטער'ס קערפּער, נור וואָס אנגעפֿאַנגען אין די זעלבע אַלטע קירכע וואו מיין פֿאָטער איז געטויפֿט געוואָרען, און וואו די לעצטע תפילות זיינען געזאָגט געוואָרען איבער זיין מוטער. ווען די לויה איז אָנגעגאַנגען איבער די גאַסען, וואו יעדע הויז איז מיר געווען אַזוי גוט באַקאַנט פֿון מיין קינדהייט אָן, האָב איך באַמערקט, דאָס די הייזער אין דרויסען האָבען זיך

ווענינ וואָס געענדערט, אָבער איך האָב געוואוסט, דאָס אינעווענינ האָט זיך איבעראַל אָנגעפּאַנגען אַ נייעס לעבען.

קיינע צוועלף מאָנאַטען זיינען ניט אַוועק זייט מיין פּאָטערס טוידט און אין אַ הויז, אַ טריט פּון מיין פּאָטערס, האָב איך פּאַרבאַהאַלטען סטעפּניאַק אָנגעטאָהן, ווי אַ מוזשיק, און אַנטליופּענדיג פּון אַ דאָרף־פּריזאָן, וואו ער איז אַרעסטירט געוואָרען פּאַר סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווי־שען די בויערען. אַ פּאָר טיהרען ווייטער, האָבען מיר געהאַלטען אונזערע געהיימע פּערזאַמלונגען אין די הויז פּון נאַטאַליע אַרמפּעלד, די „פּאַרברע־כערין״ פּון קאַרע, וועלכע דושאָרדזש קענאַן האָט אזוי ריהרענד באַשריבען אין זיין בוך איבער סיביר.

---

דעם קומענדען יאָהר, אין אָנפּאַנג פּריהלינג, האָב איך געמאַכט מיין ערסטע רייזע נאָך וועסט־אייראָפּאַ. אַריבער געהענדיג דעם רוסישען גרענעץ, האָב איך געשפּירט נאָך פּיעל שטאַרקער, ווי איך האָב מיך עס פּאָרגעשטעלט, וואָס יעדער רוס פּיהלט, ווען ער פּאַרלאָזט זיין פּאָטערלאַנד. אַזוי לאַנג, ווי דער אַ יזענבאַהן לויפּט אויף׳ן רוסישען באָדען, דורך די זעהר קאַרג־באַפּעלקערטע פּראָווינצען, פּיהלט זיך, אַזוי ווי איהר געהט איבער אַ וויסטע. הונדערטע פּון מיילען זיינען באדעקט מיט נידריגע פּלאַנצונגען, וועלכע פּאַרדינען גאָר ניט דעם נאָמען, „וועלדער.״ דאָ און דאָרט געפּינט דער אויג אַ קליינעם, עלענדען דערפּעל, פּאַרגראָבען אין שנעע, אָדער אין אונפּראַקטישען, בלאָטיגען, שמאָלען און צודרייטען דאָרפּס־וועג. אָבער אַלעס ענדערט זיך פּלוצלונג אום, אזוי שנעל, ווי איהר געפינט זיך איבערן גרענעץ, אין פּרייסען, מיט זיינע ריינע, זויבערע דערפּער, גערטנער און געברוקירטע וועגען. דיעזער געפּיהל פּון קאָנטראַסט ווערט אַלץ שטאַרקער, וואָס טיפּער איהר קומט אין דייטשלאַנד. אפילו דער לאַנגווייליגער בערלין האָט אויסגעזעהען לעבעדיג אין פּערגלייך מיט אונזערע רוסישע שטעדט.

---

און דער קאָנטראַסט פּון דעם קלימאַט! ערסט צווי טעג, ווי איך האָב פּאַרלאָזען פּעטערסבורג טיף אין שנעע, און אין מיטען דייטשלאַנד, געה איך אַרום אָהן אַ אויבער־ראָק אונטער דעם וואַרעמען זונען־שיין, באַוואונדערענדיג די קנאָספּענדע בלומען. דאַן איז געקומען דער רהיין, און שפּעטער די שווייץ, באָדענדיג זיך אין די שטראַהלען פּון אַ ליכטיגע זון, מיט איהרע קליינע זויבערע האָטעלען, וואו מ׳ האָט דערלאַנגט אָנבייסען דרויסען, אין דעם אַנגעזיכט פּון די שנעע־באַדעקטע בערג. איך האָב קיינ־

מאָל ניט באַגריפֿען אזוי קלאָהר, וואָס מיינט די פּאָזיציאָן פֿון רוסלאַנד אויף דרום־זייט, און ווי די געשיכטע פֿון דער רוסישער נאַציאָן איז בעאיינפֿלוסט געוואָרען פֿון איהר קלימאַט. נור דאַן האָב איך ערסט ריכטיג פֿערשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ צו־ציהונגס־קראַפֿט די צפֿון־לענדער האָבען פֿאַר די רוסישע בעפֿעלקערונג און פֿאַר וואָס זי מאַכט אַזעלכע קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען צו דערגרייכען דעם שווארצען ים און דעם אונאויפֿהערליכען דרוק פֿון די סיבירישע קאָלאָניסטען צו צפֿון־זייט, ווייטער אין מאַנטשוריאַ.

---

צו יענער צייט איז צוריך געווען פֿול מיט רוסישע סטודענטען, פֿרויען און מענער. די באַריהמטע אָבער־שטראַסע, לעבען פּאָליטעכניקום, איז געווען אַ ווינקעל פֿון רוסלאַנד, וואו די רוסישע שפּראַך האָט געהערשט איבער אַלע אַנדערע. די רוסישע סטודענטען האָבען געלעבט, ווי די מייסטע רוסישע סטודענטען—איבערהויפּט פֿרויען—כמעט אויף גאָר ניט. טהיי און ברויט, אַביסעל מילך און אַ דינער פּענעץ פֿלייש, געקאָכט איבער אַ ספּיריט־לאָמפּ, צווישען היציגע דיסקוסיאָנען איבער די לעצטע נייעס פֿון דער סאָציאַליסטישער וועלט אָדער איבער דעם לעצטען געלייענטען בוך—דאָס איז געווען זייער געוויינליכע נאַהרונג. די, וואָס האָבען געהאַט מעהר געלד, וויפֿיל עס איז געווען נייטיג פֿאַר אַזאַ אַרט לעבען, האָבען עס אַוועקגעגעבען פֿאַר די „געמיינשאַפֿטליכע אַנגעלעגענהייטען"—די ביבליאָטעק, דער רוסישער זשורנאַל, וואָס מי האָט געהאַלטען ביין אַרויסגעבען און די אונטערשטיצונג פֿון פֿאַרשידענע אַרבייטער־צייטונגען פֿון דער שווייץ. וואָס אָנגעהערט זייער קליידונג, איז זי געווען אַזעלכע, דאָס ווייניגער האָט זי שוין ניט געקאָנט קאָסטען. פּושקין האָט געשריבען אין אַ גוט באַקאַנטען פֿערז: „וואָס פֿאַר אַ הוט פּאַסט דען ניט אַ מיידעל פֿון זעכצעהן יאָהר?" אונזערע מיידלאַך אין צוריך האָבען אויסגעזעהען צו שטעלען מיט שטאָלץ דיעזע פֿראַגע צו די באַפֿעלקערונג פֿון די אַלטע שטאָדט: „קען דען זיין אַן איינפֿאַכקייט אין קליידונג, וועלכע פּאַסט ניט אַ מיידעל, ווען זי איז יונג אינטעליגענט און פֿול מיט ענערגיע?"

ביי אַלעס דעם האָט דיעזע קליינע געמוינדע נעאַרבייט שווערער ווי אירגענד וועלכע אַנדערע סטודענטען האָבען אַמאָל געאַרבייט זייט אוניווערזיטעטען עקזיסטירען און די פּראָפֿעסאָרען פֿון צוריך זיינען קיינמאָל ניט מיעד געוואָרען, צייגענדיג דעם פֿאָרטשריט, וואס די רוסישע פֿרויען, סטודענטען האָבען געמאַכט, אַלס ביישפּיל פֿאַר די מענער־סטודענטען.

---

די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער אַסאָסיאַציאָן, אָדער קורץ: „די אינטערנאַציאָנאַלע" איז דאַמאָלס געווען אין איהר רעכטען בליהען. גרויסע האָפנונגען האָבען ערוואַכט אין די יאָהרען 1840—48 אין די הערצער פון די אייראָפּעאישע אַרבייטער. נור יעצט פאַנגען מיר אָן צו בעגרייפען, וואָס פאַר אַ גרויסע מאַסע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור איז פאַרשפּרייט געוואָרען אין יענע יאָהרען פון די סאָציאַליסטען פון אַלע שולען — די קריסטליכע סאָציאַליסטען, שטאַאַטס־סאָציאַליסטען, פוריעריסטען, סאַנט־סימאָניסטען, אָוועניסטען און אַנדערע. נור יעצט פאַנגען מיר אָן צו פאַרשטעהן די טיפקייט פון דיעזע באַוועגונג און מיר געפינען אויס, וויפיל דאָס, וואָס מיר האָבען געהאַלטען פאַר אָריגינעלעס, איז שוין געזאָגט און ענטוויקעלט געוואָרען— גאַנץ אָפט מיט אַ וואונדערבאַרע גרינדליכקייט—וועהרענד יענע יאָהרען. די רעפּובליקאַנער האָבען פערשטאַנען דאַן אונטער דעם נאָמען „רעפּובליק" עטוואָס גאַנץ אַנדערעס, ווי די דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציאָן פון די קאַפּי־ טאַליסטישע הערשאַפט, וועלכע געהט יעצט אונטער דיעזען נאָמען. ווען מ' האָט דאַמאָלס גערעט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען פון אייראָפּאַ, האָט מען אונטער דעם פערשטאַנען די ברודערשאַפט פון די אַרבייטער—אַז די קריגס־וואָפען זאָלען אומגעוואַנדעלט ווערען אין ניצליכע ווערקצייג, און דאָס דיעזע ווערקצייג זאָלען פאַרברויכט ווערען פון אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט פאַר דעם בענעפיט פון אַלע. מ'האָט ניט גערעט פון די הערשאַפט פון גלייכהייט בלויז אין פערהעלטניס צום געזעץ, נור הויפט־ זעכליך פון די עקאָנאָמישע גלייכהייט.

דער דורכפאַל פון דעם יוני־אויפשטאַנד אין פאַריז; די באַזיגונג פון אונגאַרען דורך די אַרמייען פון ניקאָלאַי דעם ערסטען און פון איטאַליען דורך די פראַנצויזען און עסטרייכער און די פירכטערליכע רעאַקציאָן, וואָס האָט זיך נאָכדעם פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּאַ, האָבען געענצליך פאַרניכטעט יענע באַוועגונג. איהר ליטעראַטור, איהרע ערפאָלגען, אפילו איהרע פּרינציפּען פון אַן עקאָנאָמישע רעוואָלוציאָן און אַן אַלוועלטליכע ברידערליכקייט זיינען איינפאַך פערגעסען, פאַרלאָרען געוואָרען, וועהרענד די נעקסטע צוואַנציג יאָהר.

דאָך, דער איינפערשטענדניס צו וועלכען עס זיינען געקומען די ענגלישע אַרבייטער און איניגע דעלעגאַטען פון די פראַנצויזישע אַרבייטער ביי די לאָנדאָנער אינטערנאַציאָנאַלע אויסשטעלונג אין 1866, איז געוואָרען גאַנץ אונערוואַרטעט דער אָנפאַנג פון אַ מעכטיגע באַוועגונג, וועלכע האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּאַ און האָט איינגעשלאָסען עט־ ליכע מיליאָן אַרבייטער. די האָפנונגען, וואָס זיינען געווען טויט פאַר גאַנ־

צע צוואַנציג יאָהר, האָבען מיט אַמאָל ווידער אויפֿגעוואַכט, ווען עס איז אַרויסגעלאָזען געוואָרען אַן אויפֿרוף צו די אַרבייטער זיך צו פֿאַראייניגען „אָהן אונטערשיעד פֿון גלויבען, געשלעכט, נאַציאָנאַליטעט, ראַסע אָדער פֿאַרב", צו ערקלערען, דאָס „די בעפֿרייאונג פֿון די אַרבייטער מוז קומען פֿון זיי אַליין" און דורך אַ שטאַרקע, פֿעראייניגטע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָן צו זעהן אָנטרייבען די ענטוויקלונג פֿון דער מענשהייט—ניט אין דעם נאָמען פֿון ליבע, נור אין דעם נאָמען פֿון גערעכטיגקייט, און דעם נאָמען פֿון אַ מאַכט, וואָס געהערט צו אַ קערפּערשאַפֿט פֿון מענשען, וועלכע ווערען געפֿיהרט פֿון קלאָרען בעוואוסטזיין איבער זייערע צוועקען און שטרעבונגען.

צוויי סטרייקס אין פּאַריז, אין 1868 און 1869, מעהר אָדער וועניגער אונטערשטיצט דורך קליינע בייטרעגע פֿון ענגלאַנד, דייטשלאַנד און שפּאַניען, קליין ווי זיי זיינען געוועזען אַן און פֿיר זיך, זיינען זיי דאָך געוואָרען דער אָנפֿאַנג פֿון אַ מעכטיגע באַוועגונג, וועלכע האָט ערקלערט די סאָלידאַריטעט פֿון אַלע אַרבייטער פֿון אַלע נאַציאָנען, טראָץ די קריגערייען צווישען זייערע רעגירונגען. די אידעע פֿון אַ אינטערנאַציאָנאַלע פֿעראייניגונג פֿון אַלע טריידס און פֿון אַ קאַמפּף געגען קאַפּיטאַל מיט די הילפֿע פֿון אַן אינטערנאַציאָנאַלע אונטערשטיצונג, האָט בעגייסטערט די גלייכגילטיגסטע אַרבייטער. די באַוועגונג האָט זיך פֿאַרשפּרייט מיט די שנעלקייט פֿון אַ פֿלאַקערענדען פֿייער איבער פֿראַנקרייך, איטאַליען און שפּאַניען, אַרויסרופֿענדיג אין לעבען אַ גרויסע צאָהל פֿון אינטעליגענטע, טהעטיגע און איבערגעגעבענע אַרבייטער און צוציהענדיג צו זיך פֿילע יונגע און אַלטע מענער פֿון די [illegible]ע און געבילדעטע קלאַסען; און דיעזע מאַכט, וועלכע האָט זיך פֿריהער גאָר קיינעם ניט גע'חלם'ט, איז געוואָרען שטאַרקער פֿון טאָג צו טאָג. ווען דיעזע באַוועגונג וואָלט מיט אַמאָל ניט אָבגעהאַלטען געוואָרען אין איהר ענטוויקלונג פֿון די אונגליק־ברענגענדע פֿראַנצויזיש־דייטשע מלחמה, וואָלטען וואַהרשיינליך פּאַסירט אין אייראָפּאַ גרויסע בעגעבענהייטען, וועלכע וואָלטען אומגעענדערט דעם גאַנצען אויסזעהען פֿון אונזער ציוויליזאַציאָן און וואָלטען אונצווייפֿעלהאַפֿט געגעבען אַ נוטצען שטויס פֿאָרווערטס דעם מענשליכען פּראָגרעס. אָבער דער פֿערניכטענדער זיג פֿון דייטשלאַנד איבער פֿראַנקרייך האָט מיט זיך געבראַכט גאַנץ אונאָרמאַלע פֿערהעלטניסע אין אייראָפּאַ, און זי האָט אָבגעשטעלט פֿאַר אַ פֿערטעל יאָהרהונדערט די נאַטירליכע ענטוויקלונג פֿון פֿראַנקרייך.

צו יענער צייט זיינען פֿאַרשידענע פּלענער איבער די לייזונג פֿון דער סאָציאַלער פֿראַגע געוועזען אין די קעפּ פֿון די אַרבייטער: קאָאָפּעראַציאָן,

פּראָדוקטיווע אַסאָסיאַציאָנען, אונטערשטיצט פון שטאַאַט, פאָלקס-באַנקען, אומזיסטע קרעדיט און נאָך און נאָך אַזעלכע פּלענער.

יעדער פון דיזע פּלענער איז פאָרגעבראַכט געוואָרען פאַר די סעקציאָנען פון די אַסאָסיאיישענס, דאַן פאַר די לאָקאַלע, נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען, וואו זיי זיינען גרינדליך דיסקוטירט געוואָרען. יעדער יעהרליכער קאָנגרעס פון אַ פערבאַנד האָט בעדייטעט אַ שריט פאָרוועהרטס אין די ענטוויקלונג פון די אידעען וועגען די גרויסע סאָציאַלע פראַגע, וועלכע שטעהט נאָך יעצט פאַר אונז אונגעלייזט.

די מאַסע געדאַנקען, וואָס זיינען אויסגעשפּראָכען און פאַרברייטעט געוואָרען אויף יענע קאָנגרעסען—אַלע דער רעזולטאַט פון דעם קאָלעקטיווען געדאַנק פון די אַרבייטער—איז נאָך ביז יעצט ניט גענוגענד אבגעשעצט געוואָרען. אָבער עס וועט גאָר ניט זיין איבערטריבען, ווען מיר וועלען בעהויפּטען, דאָס אַלע פּלענער פאַר די סאָציאַלע איבערבויאונג, וועלכע טראָגען יעצט דעם נאָמען: „דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזמוס" אָדער „אַנאַרכיזמוס" האָבען זייער אָנפאַנג אין די דיסקוסיאָנען און די רעפּאָרטען פון די קאָנגרסען פון די "אינטערנאַציאָנאַלע". די איינינע געבילדעטע מענער, וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צו די באַוועגונג, האָבען נור געבראַכט אין אַ טהעאָרעטישע פאָרמע די געדאַנקען און שטרעבונגען, וועלכע זיינען פריהער אויסגעדריקט געוואָרען פון די אַרבייטער אַליין אין די סעקציאָנען און נאַכהער אויף די קאָנגרעסען.

דער קריג פון 1870—71, האָט געשטערט די ענטוויקלונג פון דיזע פעראיינינונג, האָט איהר אָבער ניט אָבגעהאַלטען אין גאַנצען. אין אַלע אינדוסטריעלע מיטעל-פּונקטען אין דעם שווייץ האָבען עקזיסטירט פילע און זעהר לעבעדיגע סעקציאָנען פון די אינטערנאַציאָנאַל, און טויזענדע פון אַרבייטער פלעגען קומען צו זייערע פערזאַמלונגען, אויף וועלכע עס איז ערקלערט געוואָרען אַ קאַמפּף געגען די עקזיסטירענדע סיסטעם פון פּריוואַט אייגענטהום אין לאַנד, און אין פאַבריקען, און אויך דער באַלדיגער סוף פון די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעמע. לאָקאַלע קאָנגרעסען זיינען אָבגעהאַלטען געוואָרען אין פאַרשידענע טהיילען פון לאַנד און ביי יעדע אַזעלכע פערזאַמלונג זיינען דעבאַטירט געוואָרען די שווערסטע פּראָבלעמען פון די יעצטיגע סאָציאַלע איינריכטונג מיט אַזאַ זאַך-קענטניס, און מיט אַזאַ טיפען בעגריף, פאַר וועלכען די מיטעל-קלאַסע האָט זיך מעהר געשראָקען, ווי פאַר די גרויסע צאָהל אנהענגער, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו די סעקציאָנען פון די „אינטערנאַציאָנאַלע". עס זיינען פאַרשוואונדען געוואָרען די אייפערזיכטיגקייטען און די פאָראורטהיילע, וואָס זיינען ביז דאַן געווען אין

די שווייץ צווישען די איידעלע טריידס (די זייגער מאַכער, די גאָלד שמידען) און די גרעבערע (וועבער און אַנדערע) און וועלכע האָבען זעהר פיל גע־שטערט אַ פעראייניגטע טהעטיגקייט. די אַרבייטער האָבען באַהויפטעט יעדעס מאָל מיט אַלץ גרעסערע און אַ גרעסערע פעסטקייט, דאָס פון די אַלע שפּאַלטונגען, וואָס עקזיסטירען אין די היינטיגע געזעלשאַפט, איז די וויכטיגסטע די, וואָס איז דאָ צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, צווישען די, וואָס זיינען די אייגענטהימער פון אַל דאָס גוטס אין דער וועלט, און די, וואָס ניט נור, וואָס זיי ווערען געבאָרען אָרימע לייט, נור, וועלכע זיינען פערדאַמט אויף זייער גאַנצען לעבען צו פּראַצעווען פאַר די איינינע גליקליכע.

איטאליען, בעזאָנדערס מיטעל און נאָרד איטאַליען, איז געווען פול מיט גרופּען און סעקציאָנען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל; די פעראייניגונג פון איטאַליען האָבען זיי געהאַלטען פאַר אַ פוסטע פאַנטאזיע, חאָטש אפילו געאַרבייט דאַפיר האָבען די רעפאָרמער שוין אַ היבש שטיקעל צייט. די אַרבייטער וואַרען אויפגעפאָדערט צו מאַכען זייער אייגענע רעוואָלוציאָן — צו פאַרנעהמען די לאַנד פאַר די בויערען און די פאַבריקען פאַר די אַרביי־טער גופא, און צו פאַרניכטען די אונטערדריקענדע צענטראַליזירטע אָרגאַ־ניזאציאָן פון'ם שטאַאַט, וועמעס היסטאָרישע אויפגאַבען עס איז תמיד געווען צו בעשיצען און אויפצוהאַלטען די עקספּלאָאַטאַציאָן פון איין מענשען דורך'ן אַנדערען.

אין שפּאַניען האָבען עהנליכע אָרגאַניזאַציאָנען בעדעקט קאַטאַלאָ־ניען, וואַלענציא, און אַנדאַלוזיאַ; זיי וואַרען אונטערשטיצט און פעראיי־ניגט מיט די מעכטיגע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען פון באַרצעלאָנאַ, וועלכע האָבען שוין דאַמאָלס געהאַט איינגעפיהרט דעם אַכט-שטונדיגען אַרבייטס טאָג צווישען די בוי־אַרבייטער. דער אינטערנאַציאָנאַל האָט געהאַט ניט ווייניגער ווי 80 טויזענד גוט-שטעהענדע שפּאַנישע מיטגלידער; ער האָט אין זיך געהאַט אַלע טהעטיגע און דענקענדע עלעמענטען פון דער באַפעלקערונג; און דורך דעם, וואָס ער האט זיך ענטשיעדען ענטזאַגט זיך צו מישען אין די פּאָליטישע אינטריגען פון 72—1871, האָט זיך דער אינטערנאַציאָנאַל געוואונען אַ שטאַרקע סימפּאַטהיע צווישען דעם המון. פון די פערהאַנדלונגען פון זיינע פּראָווינציעלע און נאַציאָנאַלע קאָנגרעסען. און פון די מאַניפעסטען וועלכע זיי האָבען אַרויס געלאָזען, האָט מען גע־קאָנט דייטליך זעהען זעהר שטרענג לאָגישע קריטיק פון דער יעצטיגער געזעל־שאַפט, ווי אויך די וואונדערבאַרע קלאָהרע דאַרלייגונג פון דעם אַרבייטער'ס אידעאַלען.

אין בעלגיען, האָלאַנד, און אפילו אין פּאָרטוגאַל, האָט זיך דיזעלבע באַוועגונג פֿערשפּרייט אויף אַזוי ווייט, אַז עס זיינען שוין געווען אַריינגעטראָטען אין דיעזען פֿערבאַנד די גרויסע מעהרצאָהל און די בעסטע עלעמענטען פֿון די בעלגישע קוילען גרעבער און וועבער.

אין ענגלאַנד האָבען זיך אין דער באַוועגונג אָנגעשלאָסען די אייביג קאָנסערוואַטיווע טרייד־יוניאָנס, וועניגסטענס אין פּרינציפּ, און אָהנע זיך אויסצושפּרעכען פֿאַר׳ן סאָציאַליזמוס, וואַרען זיי יעדאָך בערייט צו שטיצען זייערע ברידער פֿון׳ם קאָנטינענט אין דירעקטען קאַמפּף געגען קאַפּיטאַל, ספּעציעל אין סטרייקס.

אין דייטשלאַנד, האָבען זיך די סאָציאַליסטען פֿעראייניגט מיט די היבש צאָהלרייכע אָנהענגער פֿון לאַסאַל׳ען און עס איז געלעגט געוואָרען דער ערסטער פֿונדאַמענט פֿאַר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. עסטרייך און אונגאַרען האָבען נאָכגעפֿאָלגט אויף׳ן זעלבען וועג; און אָבוואָהל קיין אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָן איז אין פֿראַנקרייך צו יענער צייט ניט מעגליך געווען, נאָך דעם פֿאַל פֿון דער קאָמונע און די רעאַקציאָן, וועלכע האָט נאָכגעפֿאָלגט (דראַקאָניש בלוטיגע געזעצען זיינען געמאַכט געוואָרען געגען די אָנהענגער פֿון אינטערנאַציאָנאַל), איז פֿון דעסטוועגען יעדער איבערצייגט געווען, אז דיעזע רעאַקציאָנערע פּעריאָדע קען ניט לאַנג אָנהאַלטען, און אַז פֿראַנקרייך וועט זיך אין קורצען ווידער אָנשליסען אָן דער אַסאָסיאַציאָן און וועט זיך שטעלען אין די פֿאָדערשטע רייהע.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין צוריך בין איך אַריין אין איינע פֿון די סעקציאָנען פֿון׳ם אינטערנאַציאָנאַל. איך האָב מיך אויך אָנגעפֿרעגט ביי מיינע רוסישע פֿריינד, וואו קען איך קריעגען גענויע אויסקינפֿטע וועגע דיעזע גרויסע באַוועגונג פֿון די איבעריגע לענדער. „לעז", האָבען זיי מיר געענטפֿערט, און מיין שוועגערין, וועלכע האָט דאַמאָלס שטודירט אין צוריך, האָט מיר געבראַכט אַ מאַסע ביכער און צייטונגען פֿון די לעצטע צוויי יאָהר. איך האָב פֿאַרבראַכט גאַנצע טעג און נעכט לעזענדיג, און דאָס האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ טיעפֿען איינדרוק, אז קיין זאַך וועט איהם ניט אויסמעקען פֿון מיין זכרון; דער שטרוים ניי־ערוואַכטע געדאַנקען איז אין מיין גייסט פֿערבונדען מיט אַ קליין, ריין חדר׳ל אין דער אָבערשטראַסע, פֿון וואַנען איך האָב דורך׳ן פֿענסטער געקענט וואַרפֿען אַ בליק אויף די בלויע אָזערע, און איבער די בערג אַריבער, וואו די שווייצאַרען האָבען געקעמפּפֿט פֿאַר זייער פֿרייהייט, און אויף די הויכע שפּיצען פֿון דער אַלטער שטאָדט, — יענע סצענע פֿון אַזוי פֿיל רעגיליעזע מלחמות.

די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור איז קיין מאָל אין ביכער ניט רייך געווען. זי ווערט געשריבען פאַר אַרבייטער, ביי וועמען אַ גראָשען איז אַ מ:בעה, און די הויפט קראַפט איהרע ליגט אין קליינע פאַמפלעטען און צייטונגען. נאָך מעהר, דער וואָס שטרעבט צו ערלערנען דעם סאָציאַליזמוס, קען אין ביכער ניט פיל אויסגעפינען; זיי ענטהאַלטען די טהעאָריעס און די וויסענשאַפטליכע אַרגומענטען צום גונסטען פון די סאָציאַליסטישע שטרעבונגען, אָבער זיי גיבען אייך קיין בעגריף ניט, ווי אַזוי די אַרבייטער נעהמען אויף די סאָציאַליסטישע אידעען, און ווי אַזוי דיעזע אידעען קענען פאַרווירקליכט ווערען. אַלעס, וואָס מי קען טאָהן, איז נעהמען גאַנצע פעק צייטונגען און זיי דורכזעהן, — די נייעס עבען אַזוי, ווי די לייט אַרטיקעל, די ערשטע נאָך פיליינכט בילכער, ווי די לעצטע. אַזאַ מין לעזען ענטפלעקט פאַר אייך אַ ציעמליך נייע וועלט פון סאָציאַלע פערהעלטניסע און מעטאָדען פון דענקען און טהון; עס גיט אייך אַ מעגליכקייט אויסצוגעפינען דאָס, וועלכעס מי קען אַנדערסוואו ניט געפינען, — נעמליך, די טיפקייט און די מאָראַלע קראַפט פון דער באַוועגונג, די שטופע, ביז ווי ווייט די מענשען זיינען אָנגעהויכט מיט די נייע טהעאָריעס, זייער בערייטוויליגקייט זיי מוציא מכוח על הפועל צו זיין אין זייער טעגליכען לעבען און צו ליידען פאַר זיי. אַלע דיסקוסיאָנען וועגען די אומפּראַקטישקייט פון'ם סאָציאַליזמוס און די נויטיגע לאַנגזאַמקייט פון עוואָלוציאָן האָבען אַ קנאַפּען ווערטה, ווייל די שנעלקייט פון עוואָלוציאָן קען נור דאַן געאורטהיילט ווערען, ווען מי שטודירט גענוי די מענשליכע וועזען פון וועמעס עוואָלוציאָן מי רעדט. ווי אַזוי קענען מיר זיך משער זיין אַ סומע ניט האָבענדיג קיין בעגריף פון די טהיילען, פון וועלכע זי איז צוזאַמענגעשטעלט?

וואָס מעהר איך לעז, אַלץ מעהר געפין איך אויס, אַז פאַר מיר איז דאָס אַלעס געווען אַ נייע וועלט, מיר אַליין אומבעקאַנט, און גענצליך אומבעקאַנט צו די געלערענטע פּראָפעסאָרען פון סאָציאָלאָגישע טהעאָריען, — אַ וועלט, מיט וועלכע איך האָב מיך געקענט בעקענען נור לעבענדיג אין דעם אַרבייטער פערבאַנד און זיך צוזאַמענקומענדיג מיט די אַרבייטער אין זייער טעגליכען לעבען. איך האָב מיך דאַרום ענטשלאָסען צו פאַרברייני־גען עטליכע מאָנאַט אין אַזאַ לעבען. מיינע רוסישע פריינדע האָבען מיר צוגעגעבען מוטה, און אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך אָבגעפאָהרען פון צוריך קיין זשענעוואַ, וועלכע איז דאַן געווען אַ גרויסער צענטער פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער בעוועגונג.

דער פּלאַץ, וואו די זשענעוואַ סעקציאָנען פלעגען זיך פאַרזאַמלען, וואַר דער גרויסער מאַזאָניק טעמפּעל אוניק. איבער צוויי טויזענד פערזאָן

האבען זיך געקענט צוזאַמענקומען אין דעם גרויסען זאַל, ביי די אַלגעמיינע פערזאַמלונגען, און יעדען אבענד פלעגען שטאַטפינדען מיטינגס פון סעקציאָנען און קאָמיטעס אין זייטיגע צימער, אָדער קלאַסען אין היסטאָריע, פיזיקע, אינזשיניערסטוואָ און דערגלייכען. דאָרטען וואַרען די אַרבייטער אונטעריכטעט פון די עטליכע, זעהר וועניגע מיטעל־קלאַס מענשען, וועלכע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין דער באַוועגונג, גרעסטענטהיילס פראַנצויזישע פּליכטלינגע פון דער פאַריזער קאָמונע. דאָס וואַר אַ פאָלקס אוניווערזיטעט און אַ פאָלקס מאַרק צוזאַמען.

איינער פון די הויפּט פיהרער פון דער בעוועגונג אין דיעזען טעמפּעל וואַר אַ רוסע, ניקאָלאַי אוטין,—אַ שאַרפזיניגער, טהעטיגער און פעהיגער מאַן; און די אמת׳ע זעלע פון דער בעוועגונג איז געווען אַ העכסט סימפּאַטהישע רוסישע דאַמע, וועלכע איז געווען בעקאַנט אומעטום צווישען די אַרבייטער אַלס מאַדאַם אָלגאַ, זי וואַר די אַרבייטענדע קראַפט אין אַלע קאָמיטעס. ביידע, אי אוטין, אי מאדאַם אָלגאַ האָבען מיר זעהר הערצליך אויפגענומען, האָבען מיר בעקאַנט געמאַכט מיט אַלע טהעטיגע מענשען אין די פראַקציאָנען פון די פערשידענע טריידס, און האָבען מיך איינגעלאַדען צו די קאָמיטע זיצונגען. איך האָב זיי בייגעוואוינט, אָבער איך האָב ליעבער געוואָלט צוזאַמענקומען מיט די אַרבייטער גופא. בעשטעלענדיג אַ גלאָז זויערען וויין ביי אַ טישעל אין׳ם גרויסען זאַל, פלעג איך דאָרט זיצען יעדען אָבענד צווישען די אַרבייטער, און איך האָב מיך באַלד בעפריינדעט מיט פילע פון זיי, און בעזאָנדערס מיט אַ מויערער פון עלזאַס, וועלכער איז אַוועק פון פראַנקרייך נאָך׳ן קאָמונע אויפשטאַנד. ער האָט געהאַט קינדער, אין דעם עלטער פון די צוויי קינדער, וועלכע מיין ברודער האָט מיט עטליכע מאָנאַט פריהער אַזוי פלוצלונג פאַרלאָרען, און דורך די קינדער בין איך שנעל געוואָרען אַ הויז פריינד אין דער פאַמיליע און איהרע פריינד. אַזוי אַרום, וואַר איך אימשטאַנדע זיך צו באַקענען מיט דער בעוועגונג פון אינעווייניג און אויסצוגעפינען דעם אַרבייטערס מיינונג איבער איהר.

די אַרבייטער האָבען געלייגט די גרעסטע האָפנונגען אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער בעוועגונג. יונג און אַלט פלעגען זיי אָנפילען דעם טעמפּעל אוניק נאָך זייער לאַנגען טאָג אַרבייט, אום צו כאַפּען עטליכע ברעקלעך פון דעם אונטעריכט, וואָס זיי האָבען דאָרט געקראָגען, אָדער צוהערען זיך צו די רעדנער, וועלכע האָבען זיי צוגעזאָגט אַ הערליכע צוקונפט, וואָס וועט זיין געגרינדעט אויף דעם אַלגעמיינעם בעזיץ פון אַלעם דעם וואָס דער מענש ברויכט אום צו פראָדוצירען רייכטהימער, און אויף

דער פערברידערליכקייט פון די מענשען, אָהן אונטערשיעד צו וועלכען לאַנד, צו וועלכער ראַסע אָדער נאַציאָנאַליטעט זיי בעלאַנגען. אַלע האָבען געהאָפּט, אַז אָט־אָט קומט אָן אַ גרויסע רעוואָלוציאָן, פּריעדליך אָדער ניט פּריעדליך, וועלכע וועט אין גאַנצען אומענדערען די עקאָנאָמישע לאַגע. קיינער האָט ניט געוואָלט קיין קלאַסען קריג, אָבער אַלע האָבען זיי געזאָגט, אַז אויב די הערשענדע קלאַסען וועלען דורך זייער בלינדע האַרטנעקיגקייט דאָס מאַכען אונפּערמיידליך, דאַן מוז דער קאַמפּף אויסגעקעמפּפט ווערען, אַבי דאָס זאָל ברענגען וואוילזיין און פּרייהייט פאַר די אונטערדריקטע מענשהייט.

מי האָט געמוזט לעבען צווישען די אַרבייטער אום צו קענען בעגרייפען די ווירקונג, וועלכע דער פּלעצליכער וואוקס פון דעם אינטערנאַציאָנאַל האָט געהאַט אויף זייער גייסט—דעם פּערטרויען, וועלכען זיי האָבען איהם געשענקט, די ליבשאַפט, מיט וועלכער זיי האָבען פון איהם גערעדט, די אָפּפער, וועלכע זיי האָבען פאַר איהם געבראַכט. יעדען ליבען טאָג, וואָך איין, וואָך אויס, יאָהר איין און יאָהר אויס, האָבען טויזענדער אַרבייטער אַוועקגעגעבען זייער צייט און זייער געלד, אָפט הונגערענדיג, אַבי נור אויפצוהאַלטען זייער גרופּע, צו פּערזיכערען די עקזיסטענץ פון די צייטונגען, צו דעקען די אויסגאַבען פון די קאָנגרעסען, צו אונטערשטיצען די קאַמעראַדען, וועלכע האָבען געליטען צוליב דעם אינטערנאַציאָנאַל—און אפילו אום אימשטאַנד צו זיין בייצוואוואָהנען די פּערזאַמלונג און די דעמאָנסטראַציאָנען. נאָך אַ זאַך, וועלכע האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק, וואַר דער ערהאַבענער איינפלוס, וועלכען דער אינטערנאַציאָנאַל האָט אויסגעאיבט אויף זיינע מיטגלידער, די מיינסטע פון די פּאַריזער אינטערנאַציאָנאַליסטען האָבען כמעט אין גאַנצען אויפגעהערט טרינקען און רויכערען: „צו וואָס זאָל איך האָדעווען דיעזע שוואַכקייט אין מיר?" האָבען זיי געטענה'עט. דאָס נידריגע און קליינליכע איז פּערשוואונדען אום צו מאַכען פלאַץ פאַר די גרויסאַרטיגע, ערהאַבענע בעגייסטערונג.

דער זייטיגער מענש קען קיין מאָל ניט באַגרייפען ווי ווייט דער אַרבייטער איז זיך מקריב אום אויפצוהאַלטען די אַרבייטער באַוועגונג. מי האָט געברויכט ניט וועניג מאָראַלען מוטה זיך אָפּען אָנצושליסען אָן אַ סעקציאָן פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, און אויסצושטעהן די אונצופרידענהייט פון'ם באָס, וועלכער האָט נור געזוכט אַ געלעגענהייט אייך אין גאַנצען ארויסצוזיאָגען פון שאפּ. נור אפילו שוין אונטער די בעסטע אומשטענדען, פּאָרדערט דאָס בעלאַנגען צו אַ טרייד יוניאָן אָדער צו אירגענד וועלכער פּאָרטגעשריטענער פּאַרטיי, פּיעלע אָפּפער. די עטליכע פענים, וואָס ער

גיט אַוועק פאַר די זאַכע, לאָזען זיך אויך שטאַרק פיהלען אין דער מאָגע־רער קעשענע פון דעם אייראָפּייעשען אַרבייטער, און פיעלע פענים האָבען געמוזט יערע וואָך אַוועקגעגעבען ווערען. בעזונדערס פערזאַמלונגען פאַלט דעם פאַרהאָרעוועטען אַרבייטער אויך ניט וועניג שווער. פאַר אונזער איינעם קען זיין איז עס אַ פאַרגעניגען צו פאַרברייגגען אַ פּאָר שעה ביי אַ פערזאַמלונג, אָבער פאַר אַ מענשען, ביי וועמען דער טאָג אַרבייט הויבט זיך אָן פון פינף אָדער זעקס אוהר אין דער פריה, מוזען אַזעלכע שטונדען אָבגעריסען ווערען פון זיין נויטווענדיגער רוהע.

איך האָב תמיד געפיהלט דיזע איבערגעבענהייט אַלס אַ פאָר־וואורף. איך האָב געזעהען ווי געגאַרט די אַרבייטער האָבען צו לערנען, און ווי וועניג עס וואַרען די, וואָס האָבען זיך פרייווילליג אונטערגענומען זיי צו העלפען. איך האָב געזעהען ווי נויטיג די אַרבייטער מאַסען האָבען גע־ברויכט די הילפע פון די מענשען, וועלכע האָבען געהאַט אי בילדונג אי פרייע צייט, און זייער שטרעבען צו פאַרשפרייטען און צו ענטוויקלען די אָרגאַניזאַציאָן; אָבער געצעהלט וואַרען די, וועלכע האָבען זיך אָבגערופען אויף דיעזען הילפס־רוף אויסער בעת זיי האָבען געוואָלט אַרויסשלאָגען פּאָליטישען קאַפּיטאַל פון דיעזער הילפלאָזיגקייט גופא! מעהר און מעהר האָב איך אָנגעהויבען פיהלען אַז איך בין געצוואונגען צו טהיילען מיין שיקזאַל מיט זיי. סטעפּניאַק זאָגט אין זיין „קאַריערע פון אַ ניהיליסט", אַז יעדער רעוואָלוציאָנער האָט אַ מאָמענט אין זיין לעבען, ווען אַ געוויסער אומשטאַנד, מעגליך גאַנץ אומבעדייטענד אין זיך זעלבסט, האָט איהם געבראַכט דערצו, אַז ער זאָל שווערען זיך איבערצוגעבען צו דער זאַכע פון רעוואָלוציאָן.

איך ווייס דיעזען מאָמענט; איך האָב איהם דורכגעלעבט נאָך איינער פון די פערזאַמלונגען פון׳ם טעמפּעל אוניק, בשעת איך האָב מעהר ווי תמיד דערפיהלט, ווי טרוסליווע עס זיינען די געבילדעטע מענשען, וועלכע קענען זיך ניט ענטשליסען צו טהיילען זייער בילדונג, זייער ענערגיע, זייער וויסען מיט די אומגליקליכע, וועלכע נויטיגען זיך אין דעם אַזוי שטאַרק. „אָט זיינען מענשען", האָב איך מיר געזאָגט, „וועלכע זיינען בעוואוסט אין זייער קנעכטשאַפט וועלכע שטרעבען זיך צו בעפרייען דערפון; אָבער וואו זיינען די העלפער? וואו זיינען די, וועלכע זאָלען קומען דינען די מאַסען—ניט זיי געברויכען פאַר זייערע אייגענע שמוציגע צוועקען?"

ביסלעכווייז אָבער האָט אין מיין קאָפּ זיך גענומען אַריינ׳גנב׳ענען אַ שטיקעל ספק אין בעצוג אויף די אַגיטאַציאָן, וועלכע איז אָנגעפיהרט גע־וואָרען אין׳ם טעמפּעל אוניק. איין אויף דער נאַכט, איז אַ בעוואוסטער

אַדוואָקאַט פֿון זשענעוואַ געקומען אויף'ן מיטינג און האָט ערקלערט, אַז די אורזאַכע פֿאַרוואָס ער האָט זיך שוין בעפֿאָר ניט אָנגעשלאָסען אין'ם אינטערנאַציאָנאַל וואַר, מחמת ער האָט אַפֿריהער געמוזט זיינע אייגענע עסקים אין אָרדנונג ברענגען; און יעצט אַזוי שנעל, ווי דאָס איז באזאָרגט געוואָרען, איז ער געקומען אנטהייל נעמען אין דער אַרבייטער באַוועגונג. דיזע ציניש ערקלערונג האָט מיר אַריינגעיאָגט אַ שוידער אין לייב, און ווען איך האָב מיך מכּח דעם דורכגערעדט מיט מיין פֿריינד, דעם מויערער, האָט ער מיר ערקלערט, אַז דיזער הער, דורכפֿאַלענדיג ביי די לעצטע וואַהלען, בעת ער האָט גערעכענט אויף די הילפֿע פֿון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי, האָפֿט יעצט ערוויילט צו ווערען מיט די הילפֿע פֿון די אַרבייטער. „דערוויל פּאָלזעווען מיר זיך מיט דעם, וואָס זיי קענען אונז לייסטען", האָט מיין פֿריינד געענדיגט, „אָבער, ווען די רעוואָלוציאָן קומט, ווערט אונזער ערסטע אַרבייט זיין מיט זיי צו שלאָגען כּפּרות".

דאַן איז געקומען אַ גרויסע פֿערזאַמלונג, צוזאַמענגערופֿען אויף גיך, צו פּראָטעסטירען געגען „די פֿערלוימדונגען" פֿון'ם „זשורנאַל דע זשענעוואַ," דיזער אָרגאַן פֿון די געלד־קלאַסע פֿון זשענעוואַ האָט זיך ערלויבט טרעפֿען, אַז אין'ם אַרבייט'ס טעמפּעל קומט פֿאָר עפּעס אַ טרעוואָגע, און אַז די בוי־אָרגאַניזאַציאָנען געהן ווידער אַמאָל אַרויסרופֿען אַן אַלגעמיינעם סטרייק, פּונקט אַזוי ווי זיי האָבען עס געטאָהן אין 1869. די פֿיהרער פֿון'ם טעמפּעל האָבען דיזע פּראָטעסט פֿערזאַמלונג איינבערופֿען. טויזענדער אַרבייטער האָבען אָנגעפֿילט דעם זאַאַל, און אוטין האָט זיי אויפֿגעפֿאָרדערט צו פּאַסען אַ רעזאָלוציאָן, וועלכע איז מיר פֿאָרגעקומען קאָמיש אין איהר צוזאַמענשטעלונג. זי האָט ענטהאַלטען אַ שטאַרקען פּראָטעסט געגען דעם זשורנאַל דערפֿאַר, וואָס יענער האָט געוואַגט „באַליידיגען" די אַרבייטער דערמיט, וואָס זיי ווילען אַרויסרופֿען אַ סטרייק. „וואו ליגט דאָ די פֿערלוימדונג?" האָב איך זיך אַליין געפֿרעגט. „איז עס דען אַ פֿאַרברעכען צו סטרייקען?" אוטין האָט אין גיכען געענדיגט זיין רעדע מיט דיזע ווערטער: „אויב איהר שטימט איין מיט דיזער רעזאָלוציאָן, בירגער, שיק איך זי גלייך אַוועק אין די פּרעסע." ער האָט שוין געוואָלט פֿאַרלאָזען די פּלאַטפֿאָרמע, אָבער אימיצער פֿון דער מאַסע האָט פֿאָרגעשלאָגען, אַז ס'וואָלט ניט געשאַדעט די פֿראַגע צו דיסקוטירען; און דאַן האָבען זיך אויפֿגעהויבען די פֿאָרשטייער פֿון די בילדינגס טריידס, איינער נאָך'ן אַנדערען, און האָבען ערקלערט, אַז דער אַרבייטס לוין איז אין דער לעצטער צייט אַזוי קליין, אַז מ'קען קוים מאַכען אַ לעבען; אַז מיט'ן אָנהויב פֿריהלינג איז דער סיזאָן פֿון זייער אַרבייט, און מיט דעם וואָלטען זיי זיך געברויכט

פאָלזעווען און פאָרדערען אַ העכערען לוין; און אויב מי ווער זייער פאָר־דערונג ניט נאָכגעבען, דיינקען זיי אַרויסצירופען אַן אַלגעמיינעם סטרייק.

מיך האָט עס געברענט, און אויף׳ן צווייטען טאָג האָב איך אוטין׳ען שטאַרק פאָרגעוואָרפען פאַר זיין אויפפיהרונג. „אַלס אַ פיהרער", האָב איך איהם געזאָגט, „האָסטו אייגענטליך געזאָלט וויסען אַז עס איז ווירקליך גערעדט געוואָרען מכח א סטרייק." אין מיין אונשולדיגקייט האָב איך גאָר ניט פאַרדעכטיגט די אמת׳ע כונה פון די פיהרערס, און טאַקי אוטין אַליין האָט מיר געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז אַ סטרייק צו יענער צייט וואָלט געווען אַן אומגליק פאַר די עלעקשען פון דעם אדוואָקאַט, דעם הערען א—.

ווי אַזוי עס ראַימען זיך די פאָליטישע דריידלאַך פון די פיהרער מיט זייערע ברענענדע רעדעס, וועלכע איך האָב געהערט פון דער פלאַטפאָרמע האָב איך בשום אופן ניט געקענט פאַרשטעהן. מיר איז גע־וואָרען אומעדיג אויף׳ן האַרצען, און איך האָב גערעדט מיט אוטין׳ען וועגען מיין בעגעהר בעקאַנט צו ווערען מיט דער צווייטער סעקציאָן פון׳ם אינטערנאַציאָנאַל אין זשענעוואַ, וועלכע האָט געהייסען די באַקוניסטישע; דער נאָמען „אַנאַרכיסט" איז דאַמאָלס נאָך ווייניג געברויכט געוואָרען. אוטין האָט מיר גלייך רעקאָמענדירט צו ניקאָלאַי זשוקאָפסקין, וועלכער האָט בעלאַנגט צו יענער סעקציאָן, און מיר קוקענדיג גלייך אין די אויגען אַריין, האָט ער מיט אַ זיפץ אַ זאָג געטאָהן: „נו, דו וועסט שוין צו אונז ניט צוריק קומען; דו וועסט שוין ביי זיי בלייבען".

גלייך די האַרץ וואָלט איהם געזאָגט.






# פֿערטער טהייל.

---

איך בין פֿריהער אַוועק אין נײַ־שאַטעל און דאַן האָב איך פֿערבראַכט אַן אַכט טאָג צווישען די זייגערמאַכערס אין די זשורא בערג. אַזוי אַרום האָב איך געמאַכט מײַן ערשטע בעקאַנטשאַפֿט מיט יענער באַריהמטער זשורא פֿעדעראַציאָן, וועלכע האָט פֿאַר די נעקסטע עטליכע יאָהר געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין דער ענטוויקלונג פֿון סאָציאַליזמוס, אַרײַנבריינגענדיג אין איהם די ניט רעגירונג, אָדער די אַנאַרכיסטישע טענדענץ.

אין 1872, האָט די זשורא פֿעדעראַציאָן רעבעלירט געגען די אויטאָריטעט פֿון׳ם אַלגעמיינעם פֿערוואַלטונגס־ראַטה פֿון׳ם אינטערנאַציאָנאַל. דער אינטערנאַציאָנאַל איז אין זיין תוך גופא געווען אַן אַרבייטער בעוועגונג; אַזוי האָבען איהם די אַרבייטער פֿאַרשטאַנען, ניט אַלס אַ פּאָליטישע פּאַרטיי. למשל, אין אָסט בעלגיע האָבען זיי געהאַט אַ ספּעציעלען פּאַראַגראַף אין זייער קאָנסטיטוציאָן, לויט וועלכען עס וואַר פֿאַרבאָטען אַרײַנצונעהמען אין די סעקציאָנען אַ מיטגליעד וואָס איז ניט קיין האַנד אַרבייטער; אפילו פֿאָרלייט זיינען ניט אַרייַנגענומען געוואָרען אַלס מיטגלידער.

נאָך מעהר, די אַרבייטער זיינען געווען אין פּרינציפּ פֿעדעראַליסטיש. יעטווידע נאַציאָן, יעדע געגענד, און אפילו יעדע לאָקאַלע סעקציאָן

האָבען געמוזט האָבען די פּאָלשטענדיגע פרייהייט זיך צו ענטוויק־לען לויט נאָך זייערע אייגענע אומשטענדען נאָך. אָבער די מיטעל־קלאַסע רעוואָלוציאָנערען פון דער אַלטער שוהלע, וועלכע זיינען אריין אין׳ם אינ־טערנאַציאָנאַל, זייענדיג אָנגעזאַפּט מיט די אידעען פון די צענטראַליזירטע, פּיראַמידאַלע סעקרעטנע אָרגאַניזאַציאָנען פון די פריהערדיגע צייטען, האָ־בען אַריינגעבאַפּט די זעלבע אידעען אין׳ם אינטערנאַציאָנאַל, גופא. אַ חוץ דעם פעדעראַלען און נאַציאָנאַלען פערוואַלטונגס־ראַטה, איז נאָך נאָמינירט געוואָרען אַן אַלגעמיינער ראַטה אין לאָנדאָן, וועלכער האָט געזאָלט דיענען אַלס אַ מין פאַרמיטלער צווישען די פערשידענע נאַציאָנען. מאַרקס, ענגעלס וואַרען זיינע לייטענדע גייסטער. עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויס געשטעלט, אַז שוין דער פאַקט אַליין, אַז ס׳איז פאַראַנען אַזאַ צענטראַלע קאָמיטע, איז געוואָרען די אורזאַכע פון אַ גרויסער אומבעקוועמליכקייט. דער אַלגעמיינער ראַטה האָט זיך ניט בעגנוגענט מיט זיין ראָלע אַלס קאָרעספּאָנדעניץ ביוראָ; ער האָט געשטרעבט צו בעהערשען די גאַנצע בעוועגונג, גוט צו הייסען אָדער צו פאַרדאַמען די טהעטיגקייט פון די לאָקאַלע פעדעראַציאָנען און סעקציאָנען, און אפילו פון איינציגע מיטגלידער. בעת דער קאָמונע אויפ־שטאַנד איז ענטשטאַנען אין פּאַריז — און „די פיהרער זעלבסט האָבען גע־מוזט געפיהרט ווערען", אָהנע צו וויסען וואו זיי וועלען לאַנדען די נעקסטע 24 שטונדען — האָט דער אַלגעמיינער פערוואַלטונגס־ראַטה ניט אַנדערש געוואָלט אָנפיהרען די קאָמונע פון לאָנדאָן אויס. ער האָט געפאָדערט טעג־ליכע בעריכטען מכוח די עראייגניסע, האָט געגעבען באַפעהלע, האָט גוט געהייסען דאָס און פאַרבאָטען דאָס אַנדערע, און האָט אַזוי אַרום קלאָהר געמאַכט פאַר דער וועלט דעם אונזין פון אַ הערשענדער קערפּערשאַפט, אפילו אין דער אַסאָסיאַציאָן גופא.

דיעזער ווידערשפּרוך האָט זיך נאָך דייטליכער אַרויסגעשטעלט ביי דער סעקרעטנער קאָנפערעניץ פון 1871, בעת דער אַלגעמיינער ראַטה האָט בעשלאָסען אָנצואווענדען די קראַפט פון׳ם אינטערנאַציאָנאַל אין׳ם וואַהל־קאַמפּף. דאָס האָט פיעלע געטריבען נאָכצודענקען מכוח די איבלען פון אירגענד וועלכע רעגירונג, ווי דעמאָקראַטיש איהר אורשפּרונג זאָל ניט זיין. דאָס איז געווען דער ערשטער פונק פון אַנאַרכיזמוס. די זשורא פעדעראַ־ציאָן איז געוואָרען דער הויפּט פונקט פון דער אָפּאָזיציאָן געגענאיבער דאָס אַלגעמיינע ראַטה־קאָמיטע.

די פרעמדקייט צווישען די פיהרער און די אַרבייטער וועלכע איך האָב באַמערקט אין זשענעוואַ אין׳ם טעמפּעל אוניק, האָט אין די זשורא בערג ניט עקזיסטירט. עס זיינען געווען מענשען וועלכע וואַרען אינטעליי־

גענטער, און ספעציעל, טהעטיגער פֿאַר די אַנדערע, אָבער קיינע פֿיהרער וואַרען זיי ניט. ושיימס גיליאַם, איינער פֿון די ברייט געבילדעסטע מענשען, וואָס איך האָב ווען באַגעגענט, איז געוועזן אַ בעל מגיה און דער מענעדזשער פֿון אַ קליינע דרוקעריי. ער האָט דערביי אַזוי וועניג פֿאַרדינט, אַז ער האָט געמוזט אויפֿזיצען נעכט און איבערזעצען דייטשע ראָמאַנען אין'ם פֿראַנצויזישען און דאַפֿיר האָט ער געקראָגען אַכט פֿראַנק פֿאַר זעכצען זייטלעך!

בעת איך בין אָנגעקומען אין ניישאַטעל, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער קען אפילו ניט אָבשפּאָרען קיין שטונדע צייט פֿאַר אַ פֿריינדליכען געשפּרעך. גראַד יענעם אָוונד האָט די דרוקעריי אַרויסגעגעבען אַ לאָקאַלע צייטונג, און אַ חוץ זיינע געוויינליכע אַרבייט אַלס בעל מגיה און מיט־רעדאַקטאָר, האָט ער נאָך געמוזט שרייבען די אַדרעסען, פֿון אַ עטליכע טויזענד פּערזאָן און אַליין אַרויפֿקלעפּען די ראַפּערס.

איך האָב געוואָלט העלפֿען שרייבען אַדרעסען, אָבער דאָס וואַר ניט מעגליך מחמת ער האָט זיי געשריבען אָדער פֿון זכרון, אָדער קאָפּירט פֿון שטיקלעך פּאַפּיער וועלכע קיינער אויסער איהם אַליין איז ניט געוועזן בריה גענוג איבערצולעזען. „ווייסטו וואָס?" האָב איך איהם געזאָגט, „איך וועל אַריינקומען צו דיר נאָכמיטאָג און אַרויפֿקלעפּען די אַדרעסען און דו וועסט מיר געבען דאָס ביסעל צייט, וואָס איך וועל דיר אַזוי אַרום איינשפּאָרען.

מיר האָבען זיך איינער דעם אַנדערען פֿערשטאַנען. גיליאָם האָט מיר וואַרים געדריקט די האַנד, און דאָס וואַר דער אָנהויב פֿון אַן איביגער פֿריינדשאַפֿט. מיר האָבען דעם גאַנצען נאָכמיטאָג פֿאַרבראַכט אין דער דרוקעריי, ער שרייבענדיג און איך קלעפּענדיג די אַדרעסען, און אַ פֿראַנצויזישער קאָמונאַר האָט מיטגעהאַלטען מיט אונז ביידען, בעת ער האָט געהאַלטען אין זעצען אַ ראָמאַן, אונטערהאַקענדיג זיין געשפּרעך מיט די שורות, וועלכע ער האָט אויסגעזעצט און וועלכע ער פֿלעגט איבערזאָגען אויף'ן קול.

„דער קאַמפּף אין די גאַסען", פֿלעגט ער זאָגען, „איז געוואָרען זעהר שטאַרק"... „מיין טהייערע מערי, איך ליעב דיך"... די אַרבייטער וואַרען ווילד פֿון כעס און האָבען געקעמפּפֿט ווי די לייבען ביין מאָנמאַרטר... „און ער איז פֿאַר איהר געלעגען אויף די קניע"... „און דאָס האָט אָנגעהאַלטען פֿיער טעג. מיר האָבען געוואוסט, אַז גאַליפֿע דערשיסט אַלע געפֿאַנגענע, — נאָך שווערהאַפֿטער וואַר דער קאַמפּף", און אַזוי ווייטער, דערציילענדיג און אַרויסהאַקענדיג דעם זאַץ פֿון קאַסטען אַרויס אין דערזעלבער צייט.

עס וואַר שוין שפּעט אין אָבענד, בעת גיליאַם האָט פון זיך אַראָב־געוואָרפען די אַרבייטער בלוזע און איז מיט מיר אַרויס אויף אַ שעה צוויי זיך דורכבריידען; נאַכהער האָט ער זיך גלייך ווידער געמוזט נעהמען צו דער אַרבייט אַלס רעדאַקטאָר פון׳ם „בולעטין" פון דער זשוראַ פעדע־ראַציאָן.

אין נייששאַטעל בין איך אויך באַקאַנט געוואָרען מיט מאַלאָן. ער איז געבוירען געוואָרען אין אַ דערפעל און אַלס קינד איז ער געווען אַ פּאַס־טוך. נאַכהער איז ער געקומען קיין פּאַריז, האָט זיך אויסגעלערענט אַ מלאכה,—קאָרב־פלעכטעריי, און ווי דער בוכבינדער וואַרלין און דער סטאָליאַר פינדי, מיט וועלכע ער איז געווען צוזאַמען אין׳ם אינטערנאַציאָ־נאַל, איז ער אויך בעריהמט געוואָרען אַלס איינער פון די פיהרער פון דער אַסאָסיאַציאָן בעת זי וואַר פערפאָלגט פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטען אין 1869. זיי אַלע דריי זיינען זעהר בעליעבט געוואָרען ביי די פּאַריזער אַר־בייטער, און ווען די קאמונע איז אויסגעבראָכען זיינען זיי ערווילט גע־ווארען צום קאמונע־ראַטה מיט אַ גרויסע צאהל שטימען. מאַלאָן איז אויך געווען מעיר פון איינעם פון די פּאַריזער דיסטריקטען. יעצט אין שווייצאַ־ריע האט ער זיך פאַרדינט זיין חיונה אַלס קארב־פלעכטער. פאַר עטליכע פענים אַ מאנאַט האט ער געדונגען אַ קליין שטיקעל שטעלכעל אויס׳ן שטאדט, אויף אַ באַרג, און זיצענדיג דא ביי דער אַרבייט, האט ער אין דערזעלבער צייט געקענט געניעסען דאס פּראַכטפאָלע בילד פון דער נייע־שאַטעל אזוערע. ביי נאַכט פלעגט ער שרייבען בריעף, אַ בוך איבער די קאמונע, קורצע אַרטיקלען פאַר די אַרבייטער צייטונגען, און אזוי אַרום איז ער געוואָר־ען אַ שרייבער.

איך פלעג איהם געהן זעהן יעדען טאָג, און אויסהערען, וואָס דיעזער ברייט־פּנים־דיגער, פלייסיגער, עטוואס פּאעטישער, רוהיגער און העכסט גוטהערציגער קאמונאַר, האט מיר געהאַט צו דערצעהלען מבוח דעם אויפ־שטאַנד, אין וועלכען ער האט אַ גרויסען אַנטהייל גענומען, און וועלכען ער האט נאר וואס בעשריבען אין אַ בוך, „די דריטע ניעדערלאַגע פון דעם פראַנצויזישען פּראלעטאַריאַט.

איין מאל אין דער פריה, אַזוי ווי איך האב אַרויפגעקלעטערט אויף׳ן באַרג און בין צוגעקומען צו זיין ווערקשטעל, איז ער מיר אנטגעגען געלאָ־פען מלא שמחה מיט דיעזע ווערטער: „איהר ווייסט, פּינדי לעבט! אָט איז אַ בריף פון איהם: ער איז דא אין שווייצאַריען". פון פּינדי׳ן האט מען קיין זאַך ניט געהערט זייט מי האט איהם געזעהען דעם לעצטען מאל ביי די טולעריען, דעם 25טען אדער דעם 26טען מאַי, 1871, און מי האָט

איהם געהאַלטען פֿאַר טויט, אָבער ער איז גאָר געלעגען פֿאַרבאַהאַלטען אין פּאריז, און בעת מאַלאָן׳ס פֿינגער האָבען פֿלינק געפֿלאָכטען די וויט־קעס און פֿאַרטיג געמאַכט דעם עלעגאַנטען קאָרב, האָט ער מיר מיט אַ רוהיגער שטימע, וועלכע האָט בלויז ווען ניט ווען אַ ציטער געטאָהן, דער־צעהלט וויפֿיעל מענשען די ווערסיילער טרופען האָבען דערשאָסען אויף דעם פֿערדאַכט, אַז זיי וואַרען פֿינדי, וואַרלין, ער (מאַלאָן) זעלבסט, אָדער אַנאַנדער פֿיהרער. ער האָט מיר דערצעהלט פֿון׳ם טויט פֿון וואַרלין—דער בוכבינדער, וועמען די פּאריזער אַרבייטער האָבען פשוט פֿאַרגעטערט— און פֿון׳ם אַלטען דעלעקלוז, וועלכער האט ניט געוואָלט איבערלעבען דיעזע נייע נידערלאַגע, און פֿון אַסאַך אנדערע; פֿון די שוידערהאַפֿטע סצענעס, וועלכע ער האָט בייגעוואָהנט אין דער צייט פֿון דער בלוטיגער האַכצייט, וועלכע די רייכע פֿון פּאַריז האָבען געפֿייערט צוריק קומענדיג פֿון ווערסייל, און אויך ווי דער גייסט פֿון נקמה האָט זיך פֿאַנאַנדער גע־פֿלאַקערט אין אַ מאַסע מענשען אונטער דער לייטונג פֿון ראַאול ריגאָל און האָבען געטויטעט די פֿערזאָנען, וועלכע די קאָמונע האָט געהאַלטען אלס משכון.

ויינע ליפּען האָבען געציטערט בעת ער האָט גערעדט פֿון די העל־דישקייט פֿון די קינדער; און ער איז כמעט אין גאַנצען צוזאַמענגעבראָכען ווען ער האָט מיר דערצעהלט פֿון יענעם אינגעל, אויף וועמען די סאָלדאַ־טען האָבען שוין געהאַט אויסגעשטעלט די ביקסען, און וועלכער האָט גע־בעטען דעם אָפֿיציר ער זאָל איהם בלויז ערלויבען עטליכע מינוט צייט אָבצוגעבען זיין מוטער, וועלכע האָט געוואָהנט דערביי, דעם זילבערנעם וייגערעל, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך. דער אָפֿיציר האָט רחמנות גע־האט אויף איהם און האָט איהם געלאָזען געהן, וואַהרשיינליך האָפֿענדיג, אז ער וועט מעהר ניט צוריק קומען, אָבער אין אַ פֿערטעל שעה ארום איז דער אינגעל צוריק געקומען, און זיך אַוועקשטעלענדיג צווישען די טויטע קערפּער לעבען וואַנד, האָט ער אַ זאָג געטאָהן: „אָט בין איך״. צוועלף קוילען האָבען דורכגעלעכערט דעם גוף פֿון דיעזען העלדישען קינד.

איך האָב, דענק איך, נאָך קיין מאָל ניט אַזוי פֿיעל געליטען, ווי בעת איך האָב געלעזען יענעם שרעקליכען בוך, „לע ליוור רוזש דע לאַ זשוס־טיס ריוואַל״, (דאָס רויטע בוך פֿון די דאָרפֿישע יוסטיץ) וועלכע האָט ניט ענטהאַלטען קיין זאַך אַ חוץ אויסציגע פֿון די בריעף, וועלכע די פּאַריזער קאָרעספּאָנדענטען פֿון די לאָנדאָנער צייטונגען האָבען צוגעשיקט אין די לעצ־טע טעג פֿון דעם מאָנאַט מאי 1871, בעשרייבענדיג די שוידערהאַפֿטיקיי־טען מיט וועלכע די אַרמעע, אונטער גאַליפֿע, האָט בעהאַנדעלט די פּאַריזער

העלדען, און אַ חוץ עטליכע אויסציגע פון דער פּאַריזער „פיגאַראָ", וועלכע האָט אַרויסגעוויזען דעם בלוטדורשטיגסטען גייסט געגענאיבער די קאָמונאַ־רען, אַ טיעפע פערצווייפלונג אין דער מענשהייט האָט מיך ערגריפען, ווען איך האָב געלעזען יענע בלעטלעך, און דיעזע פאַרצווייפלונג וואָלט אין מיר פערבליבען, ווען איך וואָלט ניט געזעהען, אַז אין דער בעזיגטער פּאַרטיי, און די, וועלכע האָבען דיעזע אַלע שרעקען דורכגעלעבט, איז נימאָ דער מינדעסטער האַס, נאָר אדרבא, זיי האָבען דעם גרעסטען פערטרויען אין דעם ענדליכען טריאומפף פון זייערע אידעען. זייער רוהיגער, ווען אויך טרויעריגער, בליק דורכדרינגענדיג די טיעפע צוקונפט, זייענדיג בע־רייט צו פאַרגעסען דעם אומא'דיגען חלום פון דער פערגאַנגענהייט. דיעזען בליק האָב איך געזעהען אין מאַלאָן, און, אין פאַקט, אין כמעט אַלע אַנטרונעגע קאָמונאַרען, וועלכע איך האָב בעגעגענט אין זשענעוואַ, און וועלכע איך זעה נאָך יעצט אין לואיזע מישעל, לעפראַנסיי, עליזעע רעקלו, און אַנדערע פריינד.

פון ניישאַטעל בין איך אַוועק קיין סאָנוויליער. אין א קליינעם טאָהל, צווישען די זשורא בערג, געפינט זיך אַ רייהע שטעטלעך און דער־פער, וואו די גאַנצע פראַנצויזיש־שפּרעכענדע בעפעלקערונג איז דאַמאָלס געווען באַשעפטיגט אין די פערשידענע צווייגען פון זייגערמאַכעריי; גאַנצע פאַמיליעס פלעגען אַרבייטען צוזאַמען אין קליינע ווערקשאָפּס. אין איינער פון זיי האָב איך געטראָפען אַן אַנדער פיהרער, אדהעמר צוויטצגעבל, מיט וועלכען איך בין אויך נאַכהער גוט בעפריינדעט געוואָרען, ער איז געזע־סען צוזאַמען מיט אַ דוצען יונגע לייט וועלכע האָבען געגראַווירט די קאָ־פּערטלעך פון גאָלדענע און זילבערנע זייגערלעך. מי האָט מיך איינגעלאַ־דען צו נעהמען פּלאַץ אויף אַ באַנק אָדער אַ טישעל, און מיר וואָרען גלייך פאַרטיעפט אין אַ לעבעדיגען געשפּרעך איבער סאָציאַליזמוס, רעגירונג אָדער ניט רעגירונג, און די קומענדע קאָנגרעסען.

איין אָווענד האָט געוועהט אַ שרעקליכער שנעע־שטורם; עס האָט אונז די אויגען פאַרשאַטען און פאַרגליווערט די בלוט אין די אָדערען, בעת מיר האָבען מיט מאַטערניש דורכגעבראָדזשעט אונזער וועג צום נעקסטען דאָרף. אָבער ניט קוקענדיג אויף'ן שטורם, זיינען ביז פופציג זייגערמאַ־כערס, מיינסטענס אַלטע לייט, אָנגעקומען פון די ארומיגע שטעטלעך און דערפלאַך,—מאַנכע פון זיי אַ מהלך פון זיבען מייל, – אַנטהייל צו נעהמען אין אַ קליינע געשעפטזיצונג וועלכע איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אויף יענעם אָבענד.

שוין די אָרגאַניזאַציאָנען גופא פון דעם זייגערמאַכער־פאַך, וועלכער

גיט אַרבייטער אַ מעגליכקייט זיך צו קענען איינס דאָס אנדערע און צו אַרבייטען ביי זיך אין דער היים, וואו זיי קענען זיך פריי דורכרעדען,— דאָס אַליין ערקלערט, פאַר וואָס זיי שטעהען אויף אַ העכערער אינטעלעקט־טועלער שטופע ווי די בעלי מלאכות, וועלכע פאַרברייננגען זייער גאַנצען לעבען פון קינדהייט אָן אין די פאַבריקען.

ביי די אַרבייטער, וואָס אַרבייטען פאַר זיך, געפינט מען תמיד מעהר אונאַבהענגיגקייט און אָריגינאַליטעט. אָבער אַ חוץ דעם איז נאָך געווען א צווייטע אורזאַכע פאַרוואָס יעדער פעדעראַציאָנס מיטגליעד באַזונדער האָט געשטרעבט צו בילדען אָן אייגענע אונאַבהענגיגע מיינונג אין יעטווידער פראַגע; נעמליך: דער פאַקט וואָס איז ניט געווען קיין אָבזונדערונג צווי־שען די פיהרער און די מאַסען פון דער זשורא פעדעראַציאָן. דאָ האָב איך געזעהען, אַז די אַרבייטער זיינען ניט געווען אַ בלינדע מאַסע, פון וועלכער עטליכע מענשען האָבען אַרויסגעשלאָגען פאליטישען קאַפיטאַל; זייערע פיהרער זיינען געווען די טהעטיגערע קאַמעראַדען, זייערע,—איניציאַטאָרס אָנשטאָט פיהרער. דער קלאָהרער איינבליק, דער געזונטער פאַרשטאַנד, די פעהיגקייט פאַנאַנדער צו פלאָנטערען קאָמפליצירטע סאָציאַלע פראַגען, וועלכע איך האָב באַמערקט צווישען דיזע אַרבייטער, בעזאָנדערס די מיטעליעהריגע מענשען, האָבען אויף מיר געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק; און איך בין פעסט איבערציינגט, אַז אויב די זשורא פעדעראַציאָן האָט געשפיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין דער ענטוויקלונג פון סאָציאַליזמוס, איז עס ניט בלויז צוליב די וויכטיגקייט פון די אידעען פון ניט רעגירונג און פעדעראַליזאַציאָן, פון וועלכע זי איז געווען די פאָרקעמפפערין, נאָר אויך דערפאַר, וואָס דער געזונדער פערשטאנד פון די זשורא איינוואָהנער האָבען דיזע אידעען אזוי שטאַרק אויסגעדריקט. אָהן זייער הילף, וואָלטען דיזע רעיונות אפשר געבליבען אונבעגרייפבאַר פאַר אַ צייט לאַנג.

אמת, די טהעאָרעטישע אַנזיכטען פון אַנאַרכיזמוס, לויט ווי זיי האָבען דאַמאָלס אָנגעהויבען ערקלערט צו ווערען אין דער זשורא פעדער־ראַציאָן, ספּעציעל פוי באַקונין; די קריטיק פון שטאַאַט סאָציאַליזמוס— די מורא פאַר אַן עקאָנאָמישען דעספּאָטיזמוס, וואָס איז פיעל געפעהרליכער פאַר'ן פאָליטישען דעספּאָטיזמוס—און דער רעוואָלוציאָנערער חאַראַקטער פון דער אַגיטאַציאָן, האָבען אַ שטאַרקען איינפלוס געהאַט אויף מיינע גע־דאַנקען. אָבער נאָך מעהר האָבען אויף מיר געווירקט דאָס ברידערליכע צוזאַמענלעבען פון די דאָרטיגע אַרבייטער, די אונאַבהענגיגקייט פון'ם געדאַנקען און זיין פרייער אויסדרוק, וועלכע איך האָב באַמערקט זיך ענט־

וויקלענדיג צווישען זיי און זייער אונבעשרייבליכע איבערגעבענהייט צו דער זאַכע. דאָס האָט אַפּעלירט צו מיינע געפּיהלען פּיעל שטאַרקער, ווי די קריטיק און די טהעאָריען צו מיין מוח. און ווען איך בין אַוועק פון די בערג, נאָכדעם ווי איך בין געווען צוזאַמען אַ וואָך מיט די זייגערמאַכערס, זיינען מיינע אַנשויאונגען איבער׳ן סאָציאַליזמוס געווען פאַרטיג. איך בין געווען אַן אַנאַרכיסט.

מיין שפּעטערדיגע רייזע קיין בעלגיום, וואו איך האָב ווידער אַמאָל געקענט פערגלייכען די צענטראַליזירטע פּאָליטישע אַגיטאַציאָן פון בריסעלס מיט דער עקאָנאָמישער און אונאַבהענגיגער אַגיטאַציאָן, וועלכע איז אָנגע־פיהרט געוואָרען אונטער די קליידער־ארבייטער אין ווערוויער, האָבען מיינע אַנזיכטען נאָך פעסטער געמאַכט. דיעזע אַרבייטער וואַרען פון די העכ־סטע סימפּאַטישע מענשען, וועלכע איך האָב ווען בעגעגענט אין מערב איירָאָפּאַ.

באַקונין וואַר דאַמאָלס אין לאָקאַרנא. איך האָב איהם ניט געזעהען, און יעצט פאַרדריסט עס מיך זעהר שטאַרק, דען בעת איך בין צוריק גע־קומען קיין שווייצאַריען, וואַר ער שוין טויט. ער וואַר עס, וועלכער האָט געהאָלפען דער זשורא פעדעראַציאָן קלאָהר צו מאַכען זייערע אידעען און צו פאָרמולירען זייערע שטרעבונגען; ער האָט עס זיי ערמונטערט מיט זיין מעכטיגען, ברענענדען, אונווידערשטאַנדבאַרען רעוואָלוציאָנערען ענטהוזי־אַזמוס. קוים האָט ער געזעהען, ווי אַ קליין צייטונגעל, אַרויסגעגעבען פון גילאָם פון די זשורא בערג (אין לאָקל), האָט אַרויסגעלאָזען אַ נייעם טאָן פון אונאַבהענגיגע געדאַנקען אין דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, איז ער גלייך געקומען קיין לאָקל, האָט גערעדט גאַנצע טעג, און אויך גאַנצע נעכט, צו זיינע נייע פריינד מכוח די היסטאָרישע נויטווענדיגקייט פון אַ נייער ווענדונג אין דער ריכטונג פון אַנאַרכיע; ער האָט פאַר דיעזע צייטונג אָנגעשריבען אַ סעריע טיעפזיניגע און בריליאַנטענע אַרטיקלען איבער דעם היסטאָרישען פאָרטשריט פון דער מענשהייט צו פרייהייט; ער האָט אַריינגעגאָסען נייעם ענטהוזיאַזמוס אין זיינע נייע פריינד, און ער האָט בעשאַפען יענעם צענטער פון פראָפּאַגאַנדא, פון וועלכען דער אַנאַרכיזמוס האָט זיך שפּעטער פאַרשפּרייט איבער אַנדערע טהיילען פון איירָאָפּאַ.

נאָכדעם ווי ער איז אַוועק קיין לאָקאַרנאָ—וואו ער האָט אָנגע־הויבען אַן עהנליכע באַוועגונג אין איטאַליען, און דורך זיין סימפּאַטישען און בעגאַבטען פריינד, פאַנעלי, אויך אין שפּאַניען—איז שוין די אַרבייט זיינע אין די זשורא בערג ווייטער געטריבען געוואָרען פון דער זשורא פעדעראַציאָן גופא. דער נאָמען „מיכעל" איז דאָרט זעהר אָפט דערמאָנט גע־

וואָרען—דאָך ניט אַלס פֿון אַן אָבגעפֿאָהרענעם הויפּט־מאַן, וועמעס וואָרט איז געזעץ—זאָנדערען, אַלס דער נאָמען פֿון אַ פּערזענליכען פֿריינד, פֿון וועלכען יעדער איינציגער האָט געשפּראָכען מיט ליבשאַפֿט, אין'ם גייסט פֿון קאַמעראַדענשאַפֿט. וואָס מיך האָט נאָך מעהר געוואונדערט, וואַר דער פֿאַקט, אַז באַקונין האָט זיך דאָ געלאָזט פֿיהלען מעהר דורך זיין מאָראַלישען איינפֿלוס, ווי דורך זיין אינטעלעקטועלע אויטאָריטעט. ריידענדיג פֿון'ם אַנאַרכיזמוס, אָדער מכוח די שטעלונג פֿון דער פֿעדעראַציאָן, האָב איך זיי קיין מאָהל ניט געהערט זאָגען, „באַקונין האָט אַזוי געזאָגט", אָדער „באַקונין דענקט אַזוי", גלייך ווי דאָס וואָלט ענטשיעדען די פֿראַגע. זיין שרייבען און זיינע רעדעס זיינען ניט געהאַלטען געוואָרען פֿאַר קיינע געזעצע—ווי עס איז ליידער אַזוי אָפֿט דער פֿאַל אין פּאָליטישע פּאַרטייען. אין אַלע אַזעלכע אַנגעלעגענהייטען. אין וועלכע דער אינטעלעקט איז דער איינציגער ריכטער, האָט יעדער איינציגער געברויכט זיינע אייגענע אַרגומענטען אין דער דיסקוסיאָן. דער אַלגעמיינער טאָן איז פֿילייכט געגעבען געוואָרען פֿון באַקונין, אָדער אפשר האָט איהם באַקונין אַליין געליהען פֿון זיינע זשורא פֿריינד. אַזוי צי אַזוי, האָט זיך דאָך אין יעדען אינדיווידיואום'ס אַרגומענטען געהערט זיין אייגענער אינדיווידועלער חאַראַקטער. נור איינמאָל בלויז האָב איך געהערט באַקונין'ס נאָמען דערמאָנט אַלס אַן אויטאָריטעט מיט זיך גופא, און דאָס האָט אויף מיר אַזאַ טיעפֿען איינדרוק געמאַכט, אַז אפילו יעצט געדענק איך נאָך גענוי דעם פּלאַץ, וואו דער נעשפּרעך האָט שטאַטגעפֿונען און אַלע אומשטענדען דאַביי. עטליכע יונגע לייט האָבען זיך אַריינגעלאָזען אין אַ שמועס, וועלכער וואַר ניט אַנשטענדיג פֿאַר'ן איידעלען געשלעכט, און איינע פֿון די פֿרויען האָט אויסגעשריען: „אַ שאָד וואָס מיכעל איז דאָ ניטאָ: ער וואָלט שוין דיך צורעכט געמאַכט!" די קאָלאָסאַלע פֿיגור פֿון דעם רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט אַלעס אויפֿגעאָפּפֿערט פֿאַר די רעוואָלוציאָן און האָט בלויז פֿאַר איהר אַליין געלעבט באָרגענדיג פֿון איהר בעגריף די העכסטע און זויבערסטע לעבענס־אַנשויאונגען, האָט זיי ניט אויפֿגעהערט צו בעגייסטערען.

צוריק געקומען פֿון דיעזער רייזע בין איך מיט קלאָרע סאָציאָלאָגישע אידעען, וועלכע איך האַלט נאָך ביז אויף'ן היינטיגען טאָג, שטרעבענדיג מיט אַלע מיינע קרעפֿטען זיי צו ענטוויקלען אין אַלץ מעהר דייטליכע, אַלץ מעהר פֿערשטענדליכע פֿאָרמען.

דאָך איז געווען איין פּונקט אין'ם אַנאַרכיזמוס, וועלכען איך האָב ניט געקענט פֿאַרשטעהן בעפֿאָר איך האָב ניט פֿאַרבראַכט אויף איהם פֿיעלע שלאָפֿלאָזע נעכט, נאָכדענקענדיג וועגען איהם. איך האָב דייטליך

געזעהען, אַז די אונגעהייערע אומוועלצונג, וועלכע וועט איבערליפערען אַלעם דאָס, וואָס איז נויטיג פאר דאָס לעבען אין די הענד פון דער געזעלשאַפט—צו דאָס זאָל זיין דער פאָלקס־שטאַאט פון די סאָצ. דעמאָקראַטען אָדער די יוניאָנס פון פרייוויליג צוזאַמענגעשטעלטע גרופען, וועלכע די אַנאַרכיסטען פרעדיגען—אַז אַזאַ געוואַלטיגע ענדערונג מוז קומען דורך אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט זיין פיעל גרינדליכער, ווי אירגענד וועלכע רעוואָלוציאָן אין דער היסטאָריע. און וואָס נאָך מעהר, איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אין אַזאַ און אַזאַ צוזאַמענשטויס וועט די אַרבייטער קלאַסע האבען געגען זיך ניט דעם צופוילטען דור פון אַריסטאָקראַטען געגען וועלכע די פראַנצויזישע פויערים און רעפובליקאַנער האָבען געקעמפפט אין׳ם לעצטען יאָהרהונדערט—און אפילו יענער קאַמפף וואַר אַ שרעקליכער פערצווייפעלטער—זאָנדערען די מיטעל קלאַסע, וועלכע איז פיעל מעכטיגער, אינטעלעקטועל ווי פיזיש, און וועלכע האָט אויף איהר זייט די גאַנצע העפטיגע מאַשינעריע פון דעם מאָדערנעם שטאַאט. נאָר איין זאַך האָב איך גלייך באַמערקט: אַז קיין רעוואָלוציאָן האָט ווען עס איז שטאַטגעפונען בעפאָר די נייע אידעאַלען האָבען ניט אַפריהער דורכגעדרונגען טאַקי די קלאַסען גופא, געגען וועמעס עקאָנאָמישע און פאָליטישע פריוויליגיעס דער קאַמפף האָט געזאָלט אויסברעכען. איך האָב בייגעוואָהנט די אָבשאַפונג פון פאַנשטשיזנע אין רוסלאַנד, און איך האָב געוואוסט, אַז ווען די פריצים גופא וואָלטען ניט אָנגעהויבען איינזעהען די גרויזאַמע אונגערעכטיגקייט פון זייערע פריווילעגיעס (אַלס אַ רעזולטאַט פון די פריהערדיגע עוואָלוציאָן און רעוואָלוציאָנען פון מעריב אייראָפאַ), וואָלט די בעפרייאונג פון די רוסישע קנעכט, ניט אזוי לייכט דורכגעפיהרט געוואָרען, ווי זי וואַר דורכגעפיהרט אין 1861. און איך האָב געזעהען, אַז דער אידעאַל צו בעפרייען די אַרבייטער פון׳ם היינטיגען לוין־סיסטעם האָט אויך אָנגעהויבען איינצודרינגען אין די מיטעל קלאַסען גופא. אפילו די היציגסטע פערטהיידיגער פון דעם יעצטיגען עקאָנאָמישען לעבען האָבען שוין אויפגעהערט צו געברויכען דאָס וואָרט רעכט, בשעת זיי האָבען גערעדט פון זייערע פריווילעגיעס. אדרבא, זיי האָבען ניט געלייקענט, אַז עפעס אַ מין ענדערונג איז נויטווענדיג; זיי האָבען בלויז געוואָלט וויסען צו די נייע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציאָן פון די סאָציאַליסטען וועט ווירקליך זיין בעסער, ווי די היינטיגע; צו אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער די אַרבייטער וועלען האָבען די אויבערהאַנד וועט זיין ביכולת צו אַראַנזשירען די פראָדוקציאָן בעסער ווי די איינציגע קאַפיטאַליסטען, געלייטעט פיר דעם בענעפיט פון זייערע אייגענע אינטערעסען, קענען זיי היינט צו טאָג אָנפיהרען.

איך האָב ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן, אַז רעוואָלוציאָנען —דאָס הייסט פעריאָדען פון צוגעאיילטער שנעלער עוואָלוציאָן און שנעלע ענדערונגען—ליגען עבען אזוי פיעל אין דער נאטור פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, ווי די לאַנגזאַמע עוואָלוציאָן, וועלכע געהט יעצט אונאויפהער־באַר פאָר צווישען די ציוויליזירטע ראַסען פון דער מענשהייט. און יעדעס מאָהל, בעת אַזאַ פעריאָדע פון צוגעאיילטער עוואָלוציאָן און רעקאָנסטרוק־ציאָן (איבערבויאונג) קומט פאָר אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב, קען אויסברעכען אַ ציוויל־קריג. די פראַגע איז דאַן ניט, ווי אַזוי אויסצומיידען רעוואָלוציאָנען, נאָר ווי אַזוי צו ערייכען די גרעסטע רעזולטאַטען מיט דעם מעגליכסט קלענסטען קריעג, מיט דער קלענסטער צאָהל אָפּפער, און מיט וואָס ווייניגער געגענזייטיגער ביטערקייט. אום דאָס צו ערייכען גיבט עס בלויז איין מיטעל נעמליך, אַז דער אונטערדריקטער טהייל פון דער געזעלשאַפט זאָל האָבען פאַר זיינע אויגען דעם קלאָהרסטען בעגריעף פון דעם צוועק, צו וועלכען ער שטרעבט, און ווי אַזוי איהם אויסצופיהרען, און ער מוז זיין דורכגעדרונגען מיט דעם ענטהוזיאַזמוס, וועלכער איז נויטיג אום צו ערייכען דיזען צוועק; אווף אַזאַ'ן אופן וועלען די מאַסען זיכערליך צוקריגען צו זייער זאַכע די בעסטע און די פרישעסטע אינטעלעקטועלע קרעפטען דער פריוויליגירטע קלאַסע.

די פאַריזער קאָמונע וואַר א שרעקליכער עקזעמפעל פון אַן אויפ־שטאַנד מיט ניט גענוג בעשטימטע אידעאַלען. ווען די אַרבייטער זיינען אין מערץ, 1871, געוואָרען די בעלי בתים פון דער גרויסער שטאָדט, האָבען זיי ניט אָנגעגריפען די אייגענטהומס־רעכטע פין די מיטעל קלאַסען. אדרבא, זיי האָבען נאָך דיזע רעכטע בעשיצט. די פיהרער פון דער קאָמונע האָ־בען מיט זייערע אייגענע קערפער געהיט די נאַציאָנאַלע באַנק, און ניט קוקענדיג אויף'ן קריזיס, וועלכער האָט פאַראַליזירט די אינדוסטרי און האָט דאַרום אָבגענומען דעם לעצטען ביסען ברויט פון אַ גרויסע מאַסע אַרביי־טער, האָבען זיי דאָך, פאַרטהיידיגט די רעכטע פון די פאַבריק אייגענטהי־מער, די וועהרהייזער און די פאַריזער וואָהנונגען. דאָך, ווען די בעוועגונג איז געבראָכען געוואָרען, האָבען די מיטעל קלאַסען ניט געאַכטעט אויף די סקראָמנע פאָרדערונגען פון די קאָמונאַרען. איבער ליעבענדיג די צווי מאָ־נאַט אין ציטערניש, טאָמער וועלען די ארבייטער אָנגרייפען זייערע אייגענ־טהומ'ס רעכטע, האָבען די רייכע פאַריזער זיך אָן זיי נוקם געווען, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען ווירקליך דעם אַנגריף געמאַכט. כמעט דרייסיג טויזענד פון זיי וואַרען אויסגעשלאַכטעט, ווי בעוואוסט—ניט אין קאַמפף, נור נאָכדעם, ווי זיי האָבען די מלחמה געהאַט פאַרשפיעלט. ווען זיי וואָלטען אָנגענומען

מיטעל אָבצושאַפֿען פּריוואַט אייגענטהום, וואָלט אויך די נקמה ניט געקענט זיין שרעקליכער, ווי זי איז געווען.

מיין שלום דערפֿון וואר אַלזא, אַז אויב עס גיבט פּעריאָדען אין דער מענשליכער ענטוויקלונג, ווען אַ צוזאַמענשטויס איז אונפֿערמיידליך, און ציוויל קריעג ברעכט אויס אונאבהענגיג פֿון דעם ווילען פֿון געוויסע פּער־זאָנען, זאָלען דיעזע צוזאַמענשטויסונגען, לכל הפחות, שטאַטפֿינדען ניט מיט אונבעשטימטע שטרעבונגען, זאָנדערען אויף פֿעסט בעשטימטע פֿראַגען. ניט אויף קליינליכע פּונקטען, וועמעס אונוויכטיגקייט פֿאַרקלענערט סיי־ווי־סיי ניט די געוואַלט פֿון׳ם קאַמפּף, זאָנדערען אויף ברייטע אידעען, וועלכע בעגייסטערען די קעמפֿער מיט דער ערליכקייט פֿון׳ם האָריזאָנט, וועלכען זיי בעלייכטען. אויף אַזאַ׳ן אופן וועט דער קאַמפּף אָבהענגען אַסאַך ווענ־גער פֿון דער ווירקזאַמקייט פֿון די קאַנאָנען און ביקסען, ווי פֿון דער קראַפֿט פֿון דער שאַפֿענדער זשעניע, וועלכע ווערט גערופֿען אין׳ם לעבען ביי דער אַרבייט פֿון דער איבערבויאונג פֿון דער געזעלשאַפֿט. דער רעזול־טאַט פֿון אַזאַ מלחמה וועט אָבהענגען הויפּטזעכליך פֿון די קאָנסטרוקטיווע קרעפֿטען דער געזעלשאַפֿט, וועלכע ווילען אין דעם מאָמענט אָנעהמען אַ פֿרייען וועג; פֿון דער בעגייסטערונג. וועלכע וועט זיין אַ פֿיעל ערליכערע און וועט אַזוי אַרום געווינען מעהר סימפּאַטהיע אפילו פֿון די, וועלכע זיינען, אַלס קלאַס, געגען אַזאַ ענדערונג. אַ קאַמפּף פֿאַר אַזעלכע אידעאַלען וועט רייניגען די סאָציאַלע אַטמאָספֿערע זעלבסט, און די צאָהל אָפּפֿער וועט זיכערליך זיין פֿיעל קלענער, ווי בעת דער קריעג איבער ווענינער וויכטינע אַנגעלעגענהייטען, ביי וועלכע די נידריגערע אינסטינקטען פֿון׳ם מענשען לאָזען זיך פֿאַנאַנדער.

מיט דיעזע אידעען האָב איך זיך צוריק געקעהרט קיין רוסלאַנד.

אין דער צייט פֿון מיין רייזע האָב איך אָנגעקויפֿט אַ מאַסע ביכער און קאָלעקציאָנען פֿון סאָציאַליסטישע צייטונגען. אין רוסלאַנד זיינען אַזעל־כע ביכער שטרענג פֿארבאָטען פֿון׳ם צענזאָר; און מאַנכע פֿון די קאָלעקצי־אָנען פֿון די צייטונגען און בעריכטען פֿון אינטערנאציאָנאַלע קאָנגרע־סען האָט מען ניט געקענט קריגען פֿאַר קיין געלד, אפילו ניט אין בעלגיאום. „זאָל איך זיי איבערלאָזען וועהרענד מיין ברודער און מיינע פֿריינד וואָלטען זיי געגארט האָבען אין פּעטערסבורג?" האָב איך זיך געפֿרעגט; און איך האָב בעשלאָסען, אַז איך מוז זיי אונבעדינגט אריינפֿיהרען אין רוסלאַנד.

קיין פּעטערסבורג בין איך געפֿאָהרען אויף וויען און וואַרשאָ. טויזענדער אידען מאַכען אַ לעבען אַלס מוליכערס ביי דעם פּוילישען

גרענעץ, און איך האָב מיר געטראַכט, אַז ווי באַלד איך זאָל נאָר פּאַטשאַפּען איינעם פֿון זיי, וואָלטען מיינע ביכער גאַנץ בשלום אַריבערגעקומען דעם גרענעץ. דאָך זיך אָבשטעלען אויף אַ קליינע סטאַנציע, בעת אַלע אַנדערע פּאַרשוינען פֿאָהרען ווייטער, און דאָרט צו זוכען מויליכערס, איז ניט געווען קיין פּלאַן; איך האָב דאַרום זיך אָבגעקירעוועט אָן אַ זייט מיט אַן אַנדער באַהן און בין אַריין אין קראַקאָוו. „די הויפּטשטאָדט פֿון אַלט פּוילען איז נאָהענט פֿון גרענעץ", האָב איך ביי זיך געטראַכט, „און איך וועל דאָרט אויפֿזוכען אַ אידעל, וואָס וועט מיר רעקאָמענדירען אַ מויליכער."

אָנגעקומען אין די אַמאָהל בעריהמטע און בריליאַנטענע שטאָדט בין איך אין אָבענד צייט און מאָרגען גאַנץ פֿריה, האָב איך זיך געלאָזען איבער'ן שטאָדט זוכען דעם סוחר. צו מיין ערשטוינען, האָב איך אָבער געזעהען אידען אומעטום אין אַלע ווינקלען פֿון די אַלטע גאַסען, ווי אין דעם זאָנסט פּוסטען מאַרק; וואו נאָר מיין אויג האָט אַ בליק געטאָהן האָב איך געזעהען ווי אידעלעך מיט לאַנגע זשופּעצעס און געקרייזעלטע פּואות, דרעהען זיך אַרום און זוכען אַ פּריץ'ל אדער אַ סוחר'ל, וועלכער וועט זיי אפּשר שיקען אויף אַ שליחות, פֿאַר וועלכע זיי ווילען כאַפּען א פּאָאָר קרייצער.

איך האָב געזוכט איין אידען, און אָט האָב איך צופּיעל פֿון זיי. צו וועמען זאָל איך מיך ווענדען? איך האָב אַרומגעוואַנדערט די גאַנצע שטאָדט, און דאַן אין מיין פֿערצווייפֿלונג, האָב איך בעשלאָסען מיך אָנצופּערטרויען דעם אידעל, וועלכער איז געשטאַנען ביים טויער פֿון מיין האָטעל — אַן אונגעהייערער אַלטער פּאַלאַץ, וואו יעדער זאַאַל האָט געפּלענט אַמאָהל, אין די אַלטע גוטע צייטען, געפּאַקט ווערען מיט עלעגאַנט געקליידעטע טענצער, אָבער וועלכער האָט יעצט געדינט דעם פּיעל פּראָזאַאישערען צוועק צו געבען עסען און אָבדאַך פֿאַר עטליכע פֿאַר־בייריווענדע.

„דאָס מאַכט מען גאַנץ לייכט, מיין הער", האָט ער מיר געענטפֿערט, „אָט וועל איך אַהערברייננגען דעם אַגענט פֿון די אוניווערזאַל קאָמפּאַניע פֿון'ם אינטערנאַציאָנאַלען עקסטשענזש פֿון (לאָמיך עס אָנרופֿען) שמאַטעס און ביינער. זיי פֿיהרען אָן די גרעסטע שמוגלער־געשעפֿטען אין דער וועלט. און ער וועט אייך אודאי ניט ענטזאַגען". אין אַ האַלבע שעה אַרום איז ער ווירקליך געקומען מיט'ן פֿאָרשטעהער פֿון דער קאָמפּאַניע—אַ העכסט עלעגאַנטער יונגערמאַן, וועלכער האָט גערעדט פּראַכטפֿאָל רוסיש, דייטש און פּויליש.

ער האָט אָנגעקוקט מיין פּעקעל, האָט עס אָבגעוואויגען מיט די הענד, געפרעגט וואָס פאַר אַ סאָרט ביכער דאָס זיינען.

„אַלע שטרענג פארבאָטענע פון דער רוסישער צענזור און דעריי־בער מוזען זיי איבערגעשמוגעלט ווערען".

„ביכער", האָט ער געזאָגט, „זיינען ניט אַקוראַט אין אונזער ליין האַנדעל, אונזער געשעפט איז טהייערע זיידען סחורה; אויב איך זאָל מיינע מענשען צאָהלען פון געוויכט, ווענדליג דעם טאַריף פון אונזערע סחורות, וואָלט איך מוזען פערלאַנגען אַ זעהר הויכען פרייז פון אייך. און דאַן גלייך איך איבערהויפּט ניט צו האָבען אַן עסק מיט ביכער, דעם אמת זאָגענדיג. דער מינדעסטער אונגליק, און באַלד מאַכען זיי דערפון אַ פּאָליטישע אַפּע־רע, און דאַן קאָסט עס אונזער קאָמפּאַניע אַ שלל מיט געלד בעפאָר מיר קענען זיך ריינוואַשען פון'ם עסק".

איך האָב וואהרשיינליך געמאכט אַ זעהר טרויעריגע מינע דערביי, דען דער יונגערמאַן, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט די וועלטליכע שמאַטעס און ביינער קאָמפּאניע, האָט גלייך אַ זאָג געטאָהן: „האָט קיין שברות הלב ניט. ער, דער האָטעל מעקלער, וועט עס שוין צורעכט מאַכען אויף אַן אַנדער אופן".

„אָה, יאַ, ס'איז דאָ צעהנדליגע מיטלען ווי אזוי צו באַזאָרגען אַזאַ קלייניגקייט, פון דעם פּריץ וועגען". האָט לוסטיג אונטערגעהאָפּט דער אידעל און איז אַוועק.

אין אַ שעה אַרום איז ער צוריק געקומען מיט אַנאַנדער יונגערמאַן. דיעזער האָט גענומען דעם פּעקעל, האָט איהם אוועקגעלייגט ביין טיהר. און האָט געזאָגט: „שוין רעכט. אויב איהר פאָהרט אָב מאָרגען, וועט איהר אייער פּעקעל קריגען אויף דיעזער און דיעזער סטאַנציאָן אין רוסלאַנד", און ער האָט מיר ערקלעהרט, ווי אַזוי דער עסק ווערט אַראַנזשירט.

„ווי פיל וועט עס מיך קאָסטען?"

„ווי פיל קענט איהר צאָהלען?" וואַר זיין ענטפער.

איך האָב אויסגעליידיגט מיין טייסטער אויף'ן טיש און האָב גע־זאָגט: „דאָס נעהם איך זיך אויף דער רייזע. דאָס איבעריגע איז דיינס. איך וועל פאָהרען דריטע קלאַסע."

„אָ וואַ! אָ וואַ!" האָבען ביידע אידען אויסגעשריען, „וואָס רעט איהר, מיין הער! אַזאַ פּריץ זאָל פאָהרען דריטע קלאַס! קיין מאָל ניט! ניין, ניין, ניין, דאָס, זעהט איהר געהט ניט... 5 טהאַלער איז גענוג פאַר אונז, און דאַן אַ טהאַלער פאַר'ן מעקלער, אויב איהר באַשטייט דאַרויף,—אַזוי פיעל ווי איהר ווילט אַליין. מיר זיינען ניט קיין ים גזלנים, זאָנדערען

עהרליכע סוחרים". און זיי האָבען זיך גאַנץ פּראָסט ענטזאָגט צו נעהמען מעהר געלד.

איך האָב אָפֿט געהערט וועגען די עהרליכקייט פֿון די אידישע מוילבערס ביי דער גרענעץ; אָבער איך האָב קיינמאָהל ניט ערוואַרטעט צו קריעגען אַזאַ בעוויז. שפּעטער בעת אונזער, קרוזשאַק האָט אימפּאָרטירט מאַסען ביכער פֿון אויסלאַנד, אָדער נאָך שפּעטער, בעת פֿיל רעוואָלוציאָנערען און אויסגעוויזענע זיינען אַריבער דעם גרענעץ, אַריינקומענדיג אָדער אַנטלויפֿענדיג פֿון רוסלאַנד, האָט ניט פּאַסירט קיין איין פֿאַל, אין וועלכען די מוילבערס זאָלען אונז פֿעראַטהען, אָדער זיך פּאָלזעווען מיט אַ גוטער געלעגענהייט צו רייסען אַ פּאַס פֿאַר אַ וויכטיגע שטיקעל אַרבייט.

אויף צומאָרגענס בין איך אַוועק פֿון קראַקאָוו. און אויף דער בעשטימטער סטאַנציע איז צו אַ שווייצאַר צו מיין וואַגאָן, און האָט אויסגעשריען אויף'ן קול, אַזוי אַז דער זשאַנדאַרם, וועלכער האָט אַרומשפּאַצירט אויף'ן פּלאַטפֿאָרם, זאָל קענען הערען, „אָט איז אייער פּעקעל, וואָס אייער עקסעלענץ האָט דאָ אַמאָהל איבערגעלאָזען", און האָט מיר דערלאַנגט מיין טהייער ביסעל סחורה.

איך בין אַזוי גליקליך געווען דערמיט, אַז איך האָב מיך אפילו אין וואַרשאָ ניט אָבגעשטעלט, און בין אַוועק גלייך קיין פּעטערסבורג צו צייגען מיין ברודער דעם אוצר, וואָס איך פֿיהר פֿאַר איהם.

אונטער די געבילדעטע יוגענד פֿון רוסלאַנד האָט זיך ענטוויקעלט אַ מעכטיגע בעוועגונג. פֿאַנטשטיזנע איז געווען אָבגעשאַפֿט. אָבער אין די צוויי הונדערט און פֿופֿציג יאָהר פֿון איהר עקזיסטענץ איז פֿערשפּרייט געוואָרען אַ גאַנצער נעץ פֿון מנהגים, פֿון הויזליכע שקלאַפֿעריי; מענשליכע אינדיווידואַליטעט האָט קיין ראָליע ניט געשפּיעלט. דער פֿאָטער איז געווען אַ דעספּאָט איבער זיין ווייב און קינדער, וועלכע האָבען היפּאָקריטיש געבויגען זייערע קעפּ מיט אונטערטהעניגקייט. אין גאַנץ אייראָפּאַ האָט ביי'ן אָנפֿאַנג פֿון דיעזען יאָהר־הונדערט געהערשט שרעקליכער דעספּאָטיזמוס אין דער פֿאַמיליע — די ווערק פֿון טהעקעריי און דיקענס זיינען גענוגענדע עדות דאַפֿיר. אָבער אין קיין פּלאַץ אין דער וועלט האָט דיעזע טיראַניי ניט ערגרייכט אַזאַ אונגעהייערע שטופֿע, ווי אין רוסלאַנד. דאָס גאַנצע רוסישע פֿאַמיליען־לעבען, די שייכות צווישען דעם קאָמאַנדירער און דעם אונטערגעאָרדענטען, דעם נאַטשאַלניק און דעם סאָלדאַט, דעם אַרבייטס־געבער און דעם אַרבייטער, האָבען אויף זיך געטראָגען דעם זיעגעל פֿון דיעזע טיראַניי. אַ גאַנץ בעזונדערער אַרט דענקען, בעזונדערע מנהגים, אַבערגלוי־

בענס און מאָראַלישע פֿייגהייט, ערצויגען דורך אַ פֿולע עקזיסטענץ, זיינען געראָפֿען געוואָרען אין׳ם לעבען. אפילו די בעסטע מענשען פֿון יענער צייט האָבען אָבגעגעבען כבוד דיעזע פּראָדוקטען פֿון דער פֿאַנטאַזיע.

דאָס געזעץ האָט גאַר גיט געקאָנט טאָהן דאַגעגען. נור א שטאַרקע סאָציאַלע בעוועגונג, אָנגרייפֿענדיג די כאָטע וואָרצלען פֿון דעם איבעל, האָט געקאָנט ענדערן די מנהגים פֿון אַלטעגליכען לעבען, און אין רוסלאַנד האָט דיעזע בעוועגונג — דער אויפֿשטאַנד פֿון דעם אינדיווידואום — אָנגענומען אַ פֿיעל מעכטיגערען כאַראַקטער און איז געוואָרען פֿיעל גרינדליכער אין איהר קריטיק, ווי אין אירגענד וועלכען לאַנד פֿון מערב אייראָפּא אָדער אַמעריקא. „ניהיליזמוס", האָט דאָס טורגעניעף אַ נאָמען געגעבען אין זיין עפּאָכע־מאַכענדען ראָמאַן „אָטצי אי דיעטי" (פֿאָטערס און זיהן).

אין מערב אייראָפּא ווערט דיעזע בעוועגונג שלעכט פֿערשטאַנען. די פּרעסע, צום ביישפּיעל, מישט צוזאַמען ניהיליזמוס מיט טעראָריזמוס. דער רעוואָלוציאָנערער אויפֿשטאַנד, וועלכער איז אויסגעבראָכען אין רוסלאַנד קורץ בעפֿאָר אַלעקסאַנדער דעם צווייטען׳ס טויט, ווערט תמיד בעצייכענט מיט דעם וואָרט „ניהיליזמוס". דאָס איז אָבער אַ טעות. צו פֿערמישען צוזאַמען ניהיליזמוס מיט טעראָריזמוס איז פּונקט אַזוי ניט ריכטיג, ווי צוזאַמענצומישען אַזאַ פֿילאָזאָפֿישע בעוועגונג, ווי פּאָזיטיוויזמוס מיט אַ פּאָליטישע בעוועגונג, ווי למשל, רעפּובליקאַניזמוס. דער טעראָריזמוס איז אַרויסגערופֿען געוואָרען דורך ספּעציעלע אומשטענדען פֿון דעם פּאָליטישען קאַמפּף אין אַ געוויסען היסטאָרישען מאָמענט. ער האָט געלעבט און ער איז געשטאָרבען. עס קען זיין, ער זאל נאָך אַ מאָהל אויפֿלעבען און ווידער אַמאָהל שטאַרבען. אָבער דער ניהיליזמוס האָט אַרויפֿגעלייגט זיין סטעמפּעל אויף׳ן גאַנצען לעבען פֿון די געבילדעטע קלאַסען פֿון רוסלאַנד, און דיעזער סטעמפּעל וועט נאָך בלייבען אַ צייט לאַנג. דער ניהיליזמוס איז עס, וועלכער גיט אַ גרויסע טהייל פֿון דער געבילדעטער קלאַסע פֿון רוסלאַנד אַ געוויסען זאָנדערבאַרען כאַראַקטער, וועלכען אונז רוסען טהוט לייד ניט צו געפֿינען אין דעם לעבען פֿון מערב אייראָפּא. עס איז דער ניהיליזמוס, ווידער אַ מאָהל, אין זיינע פֿאַרשידענאַרטיגע פֿאָרמען, וועלכער גיט פֿיעלע פֿון אונזערע שרייבער יענע מערקווירדיגע ערנסטקייט, יענע געוואָהנהייט אויס־צורייערן אַלעס, וואָס עס איז דאָ אויף׳ן האַרצען, וועלכע ערשטוינט די לעזער פֿון מערב אייראָפּא.

קודם כל, האָט דער ניהיליסט ערקלעהרט קריעג געגען געזעלשאַפֿט־ליכע ליגענס פֿון דער ציוויליזירטער מענשהייט. פֿאָלשטענדיגע עהרליכקייט וואַר זיין הויפּט כאַראַקטעריסטיק, און אין דעם נאָמען פֿון דיזער עהרליכ־

קיים, האָט ער אַליין אויפֿגעגעבען און האָט אויפֿגעפֿאָדערט אַנדערע, זיי זאָלען אויפֿגעבען יענע אַבערגלויבענס, מנהגים און זיטען, וועלכע דער פֿערשטאַנד האָט ניט געקענט רעכטפֿערטיגען. ער האָט זיך ענטזאָגט איינ־צובויגען דעם קאָפּ פֿאַר אירגענד וועלכע אויטאָריטעט, אַ חוץ זיין אייגע־נעם שכל, און אַנאַליזירענדיג יעדע סאָציאַלע אינסטיטוציאָן און יעדען מנהג, האָט ער רעבעלירט געגען אַלע פֿאַלשע געדאַנקען.

נאַטירליך האָט ער פֿאַרוואָרפֿען די אַבערגלויבענס פֿון זיינע עלטערען; און אין זיין פֿילאָזאָפֿישען בעגריעף איז ער געווען א פּאָזיטיוויסט, אַ פֿריידענקער, א ספּענסעריסט, אָדער אַ וויסענשאַפֿטליכער מאַטעריאַליסט. און האָטש ער האָט קיינמאָל ניט אָנגעגריפֿען דעם איינפֿאַכען אויפֿריכטיגען רעליגיעזען גלויבען, האָט ער אָבער ביטער געקעמפּפֿט געגען די געמיינע היפּאָקריטסטוואָ, וועלכע טהוט אָן אַ פֿאַלשע רעליגיעזע מאַס־קע, די יעניגע, וואָס בענוצען זי פֿאַר זייערע אייגענע מאַטעריעלע צוועקען.

דער לעבען פֿון די ציוויליזירטע איז פֿול מיט קליינע קאָנווענציאָנעלע ליגענס. מענשען, וועלכע האָבען זיך פֿיינט איינער דעם אַנדערען, בעגריע־סען פֿון דעססטוועגען מיט אַ בלומרשט גליקליכען שמייכעל אויף׳ן פּנים ביי יעדע געלעגענהייט. אָבער דער ניהיליסט בלייבט קאַלט און שמייכעלט נאָר צו די, וועלכע ער האָט ווירקליך ליעב. אַלע פֿאָרמעס פֿון אויסערליכע העפֿליכקייט, וועלכע זיינען הוילע צבוע׳שסטווע, וואַרען איהם דערווידער, און אַלס אַ פּראָטעסט געגען די גלאַטע ליעבליכקייט פֿון זיינע עלטערען, האָט ער דוקא געשטרעבט זיך אַרויסצואווייזען פּראָסט און אונהעפֿליך. ער האָט געזעהען, ווי זיי האָבען גערעדט אַלס אידעאַליסטישע געפֿיהלס־מענשען, און אין דער זעלבער צייט האָבען זיי בעהאַנדעלט זייערע פֿרויען, זייערע קינדער און זייערע פּאָדאַנעס, ווי אמת׳ע באַרבאַרען; און ער איז אַרויס אין קאַמפּף געגען אַזאַ מין אידעאַליזמוס, וועלכער האָט זיך, נאָך אַלעם, זעהר גוט געפּאַסט פֿאַר די ניט־אידעאַליסטישע אומשטענדען פֿון׳ם רוסי־שען לעבען.

זייער שטענדיגער געשפּרעך מכוח שעהנהייט, מכוח אידעאַלען, קונסט צוליעב די קונסט גופא, עסטעטיקע און דערגלייכען, — וועה־ענד יעדע שטיקעל קונסט איז געקויפֿט געוואָרען מיט דעם געלד, וועלכעס זיי האָבען אויסגעזאָגט פֿון הונגעריגע פּויערים אָדער פֿון עקספּלואַטירטע אַר־בייטער, און בעת די זאָגענאַנטע „פֿאַרגעטליכונג פֿון דאָס שעהנע״ וואַר בלויז אַ מאַסקע צוצודעקען די נידעריגע שאַרלאַטאַנסטווע זייערע, — האָט דעם ניהיליסט אָנגעעקעלט, און די קריטיק איבער קונסט, וועלכע טאָלסטאָי,

איינער פֿון די גרעסטע קינסטלער פֿון׳ם יאהר־הונדערט, האָט אימער אַזוי מעכטיג אויסגעאיבט, האָט דער ניהיליסט אויסגעדריקט מיט דער אַלגעמיי־נער בעהויפּטונג, „אַ פּאָאָר שטיוועל זיינען פֿיעל וויכטיגער ווי אַלע אייערע מאַדאָנאַס און אַלע אייערע שעהנע פֿראַזען וועגען שעקספּיער".

חתונה צו האָבען אָהן ליעבען און צו זיין אינטים צווישען זיך אָהן אמת׳ע פֿריינדשאַפֿט האָט אויך דער ניהיליסט פֿיינד געהאַט. די ניהיליסטקע, וועלכע די עלטערען האָבען געוואָלט צווינגען צו זיין אַ ליאַלקע אין אַ ליאַלקעס הויז, און חתונה האָבען צוליעב אייגענטהום און געלד, איז בעסער ענטלאָפֿען פֿון די עלטערען און זייער לוקסוס. זי האָט זיך אָנגעטהאָן אין אַ פּראָסטע וואָלענע קליידעל, האָט זיך אָבגעשווירען די האָאָר, און איז אַריין אין גימנאַזיום, אום דאָרט צו געווינען איהר פּערזענליכע אונאַבהענגיגקייט. די פֿרוי, וועלכע האָט איינגעזעהען, אַז איהר פֿערהייראַטעטער לעבען איז קיין לעבען ניט, אַז צווישען די, וועלכע דאָס געזעץ האָט געמאַכט פֿאַר מאַן און ווייב, עקזיסטירט ניט קיין ליעבע און קיין פֿריינדשאַפֿט, האָט זיך ענטשלאָסען צו צורייסען די קייטען, וועלכע בינדען זיי איבער געוואָלט צו־זאַמען און אָפֿט זעהען מיר זי מיט איהרע קינדער אין דער גרעסטער אָרעמקייט, אין איינזאַמקייט און צרות און דאָך צופֿריעדען, וואָס זי לעבט ניט מעהר אַלס שקלאַף און היפּאָקריט.

דיעזע ליעבע פֿיר אויפֿריכטיגקייט, האָט דער ניהיליסט אָנגעווענדעט אין אַלע קלייניגקייטען פֿון דעם אַלטעגליכען לעבען. ער האָט פֿאַרוואָרפֿען די קאָנווענציאָנעלע פֿאָרמען פֿון געזעלשאַפֿטליכען געשפּרעך, און האָט זיינע מיינונגען אויסגעדריקט פּראָסט און שאַרף, אדרבא, זיך געבענדיג די מיה וואָס גרעבער „אַריינצוזאָגען".

אין אירקוטסק פֿלעגען מיר זיך צוזאַמענקומען איין מאָהל אַ וואָך אין אַ קלוב און כאַפּען אַ טענצעל. אין אָנהויב האָב איך דעם קלוב רעגעלמעסיג בעזוכט, אָבער נאָכהער, האָבענדיג אַרבייט, האָב איך איהם פֿערלאָזען. איין מאָהל, נאָכדעם ווי איך בין דאָרט שוין ניט געהאַט געווען עטליכע וואָכען, האָט איינע פֿון די דאַמען אַ פֿרעג געטהאָן אַ יונגען פֿריינד מיינעם, פֿאַרוואָס איך קום מעהר ניט אין קלוב.

„ער פֿאָהרט זיך יעצט דורך ווען ער ברויך בעוועגונג", וואַר דער אונהעפֿליכער ענטפֿער פֿון מיין יונגען פֿריינד.

„אָבער מיט דער און דער פֿריילין זעהט ער זיך יאַ פֿון צייט צו צייט", האָט זיך ווידער אַריינגעמישט אַנאַנדער פֿריילין.

„יאַ, אָבער זי איז אַ פֿלייסיג מיידעל," האָט מיין פֿריינד גראָב אַ זאָג געטהאָן, „ער העלפֿט איהר אַרויס אין דער דייטשער שפּראַך".

און דיזער אונצווייפֿעלהאַפֿט גראָבער פֿאָרוואורף האָט פֿון דעסטוועגען ניט פֿערפֿעהלט זיין ווירקונג, און דאָס רוב אירקוטסקער מיידלאַך האָבען זיך גלייך גענומען צום לערנען, פֿאַרשטענדיג מיין ברודער, מיין פֿריינד און מיך מיט פֿראַגעס, וועלכע ביכער מיר וואָלטען זיי ראַטהען צו לעזען און שטודירען.

מיט דערזעלבער אָפֿענהערציגקייט האָט דער ניהיליסט גערעדט צו זיינע בעקאַנטע, און האָט זיי געזאָגט, אַז זייער גאַנצער רחמנות אויף'ן „אָרעמען פֿאָלק" איז ניט מעהר ווי צבוע'טסטווא, אווי לאַנג, ווי זיי גופא לעבען אין וואוילטאָג פֿון דעם ניט דערצאָהלטען לוין פֿון די דאָזיגע אַרבייטער; און מיט דערזעלבער פֿרייהייט פֿלעגט דער ניהיליסט ערקלערען דעם הויכען טשינאָווניק, אַז ער קען ניט טאָהן וואָס אַ האָר איז ווערטה פֿאַר די, איבער וועלכע ער הערשט, אַז ער איז אַן איינפֿאַכער גנב א. ז. וו.

מיט דערזעלבער שטרענגקייט פֿלעגט ער אָנזידלען די פֿרוי, וועלכע האָט איהם דערצעהלט עפּעס אַ רכילות אָדער האָט שטאָלצירט מיט איהרע שעהנע מאַנערען און מאָדישע קליידער. ער פֿלעגט גאַנץ פּשוט אַ זאָג טאָהן דער שעהנער פֿריילין: „ווי שעהמט איהר זיך עס ניט אָנצופּלוידערען אַזאַ באַרג מיט נאַרעשקייטען און אָנצוטאָהן אויף'ן קאָפּ אַזאַ מאַכעריי פֿאַלשע האָר?" אין דער פֿרוי האָט ער געוואָלט געפֿינען אַ קאַמעראַד, אַ מענשליכע פּערזענליכקייט,—ניט אַ ליאַלקע אָדער אַ „מוסלינענע מיידעל,"—און ער האָט זיך אבסאָלוט ענטזאגט אַנטהייל צו נעהמען אין דעם גאַנצען פּלאָנטער פֿון עטיקעטע, העפֿליכקייט און נאַרישע קאָמפּלימענטען, מיט וועלכע די מענער בענוצען זיך געגענאיבער „דעם שוואַכערען געשלעכט." ווען אַ פֿרוי איז אַריין צו איהם אין צימער, איז ער ניט אויפֿגעשפּרונגען ווי אַן אָבגעבריחטער פֿון'ם בענקעל, אויסער ווען ער האָט בעמערקט, אַז זי איז מיד אָדער אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנדער פּלאַץ אין צימער. ער האָט זי בעהאַנדעלט פּונקט ווי זיינעם אַ חבר פֿון'ם זעלבען געשלעכט; אָבער קוים האָט אַ פֿרוי — וועלכע האָט זיך געמענט זיין אַ ווילר פֿרעמדע—אַרויסגעוויזען דעם מינדעסטען וואונש צו לערנען עטוואָס, וואָס ער האָט געוואוסט און זי ניט, פֿלעגט ער געהן אַזש אין דעם עק שטאָדט איהר צו העלפֿען יעטווידען אָוועגד.

צוויי גרויסע שריפֿטשטעלער, טורגעניעף און גאָנטשאַראָף, האָבען פּרובירט פֿאָרשטעלען דיזען נייעם טיפּ אין זייערע ראָמאַנען. גאָנטשאַראָף, נעהמענדיג אַ ווירקליכען אָבער ניט רעפּרעזענטאַטיווען טיפּ פֿון דיזען קלאַס מענשען, האָט געמאַכט אַ קאַריקאַטורע פֿון ניהיליזמוס. טורגעניעף איז געווען אַ גרויסער אַרטיסט און האָט זעלבסט בעוואונדערט דעם

ניהיליסט אויף אַזוי פיל, אַז זיין בילד איז ווירקליך אַרויסגעקומען אַן עכט לעבעדיגער; אָבער אפילו זיין ניהיליסט, באַזאַראָף, האָט אונז ניט צופרי־דען געשטעלט. מיר האָבען איהם געפונען צו גרויזאַם און שטרענג. בעז־זאָנדערס אין די פערהעלטניסע צו זיינע אַלטע עלטערען, און, נאָך מעהר, דערמיט, וואָס ער האָט שיינבאַר פערנאַכלעסיגט זיין פפליכט אַלס בירגער. די רוסישע יוגענד האָט זיך ניט געקענט בענוגענען מיט דער הוילער נע־גאַטיווער זייט פון טורגעניעף'ס העלד. דער ניהיליזמוס, פעסט שטעלענדיג די רעכטע פון'ם אינדיווידואום און אָבשאַפענדיג יעדען מין היפאָקריטסטוואָ אין דער געזעלשאַפט, איז בלויז געווען דער ערשטער טריט צו אַ העכערען טיפּ פון מענער און פרויען, וועלכע זיינען עגאל פריי, אָבער וועלכע לעבען פאַר אַ גרויסע זאַכע. אין די ניהיליסטען פון טשערנישעווסקי, ווי זיי ווע־רען געשילדערט אין דעם פיעל וועניגער אַרטיסטישען ראָמאַן, „טשטאָ דיעלאַט?" האָבען זיי דערזעהען בעסערע בילדער פון זיך.

„ביטער איז דאָס ברויט, וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון קנעכט," האָט אונזער פּאָעט נעקראַסאָוו געשריבען. דער יונגער דור האָט זיך ווירקליך ענטזאַגט צו עסען דאָס דאָזיגע ברויט און צו געניסען דאָס רייכ־טהום וועלכעס איז אָנגעזאַמעלט געוואָרען פון זייערע עלטערען דורך די פּראַצע פון שקלאַפען, סאַי פון לייב־קנעכט סאַי פון די ווינקנעכט פון דעם יעצטיגען אינדוסטריעלען סיסטעם.

מיט שטוינען האָט גאַנץ רוסלאַנד געלעזען אין דעם בעשולדיגונגס־אַקט, וועלכער איז פאָרגעבראַכט געוואָרען אין געריכט געגען קאַראַקאָזאָוו און זיינע פריינד, אַז דיעזע יונגע לייט, אייגענטהימער פון גרויסע מאַיאָנט־קעס, פלעגען וואָהנען צו דריי און צו פיער אין איין צימער, און פלעגען קיין מאָל זיך ניט פאַרגינען אויסצוגעבען מעהר ווי צו פינף רובעל אַ חודש אויף אַלע זייערע הוצאות, אין איין און דערזעלבער צייט האָבען זיי אַוועקגעגעבען זייער רייכטהום פאַר קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, ווערקשטעלען, (וואו זיי אַליין פלעגען אַרבייטען), און דאָסגלייכען. מיט פינף יאָהר שפּעטער האָבען טויזענדער און טויזענדער פון דער רוסישער יוגענד—די בעסטע טהייל פון איהר—געטאָן פּונקט דאָס זעלבע. זייער קריגסרוף איז געווען: „וו נאַראָד!" (אין פאָלק! אַליין זיין דאָס פאָלק) אין די יאָהרען. 1865—1860, איז כמעט אין יעדער רייכער פאַמיליע אָנגעגאַנגען אַ ברע־נענדער קאַמפף צווישען די עלטערען, וועלכע האָבען זיך געקלאַמערט ביי די אַלטע מנהגים, און די זיהן און טעכטער, וועלכע האָבען פערטהיידיגט זייער רעכט צו לעבען לויט נאָך זייערע אידעען. יונגע לייט האָבען פאַר־לאָזען דאָס מיליטער דיענסט, די קאַנטאָרען, די פאַבריקען און זיינען אַוועק

אין די אוניווערזיטעט שטעדט. מיידלאַך, ערצויגען אין די העכסט אַריסטאָקראַטישע פֿאַמיליעס, זיינען אַנטלאָפֿען, אָהן אַ גראָשען ביי דער נשמה, קיין פעטערסבורג, קיין מאָסקווע און קיין קיעוו, גאַרענדיג צו לערנען אַ פּראָפֿעסיאָן, וועלכע זאָל זיי בעפֿרייען פֿון דעם הויזליכען יאָך, און אַמאָל אפשר פֿון׳ם יאָך פֿון אַ מאַן. נאָך אַ שווערען און ביטערען קאמפּף האָבען אַ סאָך פֿון זיי ווירקליך געוואונען דיעזע פערזענליכע פֿרייהייט. יעצט האָבען זיי דאָס געוואָלט אויסנוצען, ניט פֿון זייער אייגענעם פֿאַרגעניגען וועגען, זאָנדערען אום צו פֿארשפּרייטען אין פֿאָלק די קענטנים, וועלכע האָט זיי זעלבסט בעפֿרייט.

אין יעדען רוסישען שטעטעל, אין יעדען קוואַרטאַל אין פעטערסבורג, האָבען זיך געבילדעט קליינע גרופּען פֿאר זעלבסט־בעסערונג און זעלבסט־בילדונג; די ווערק פֿון די עקאָנאָמיסטען, פֿון די פֿילאָזאָפֿען, די היסטאָרישע פֿאָרשונגען פֿון דער יונגער רוסישער היסטאָרישער שולע, זיינען מיט קאָפּ געלעזען געוואָרען אין דיעזע גרופּען, און נאָך די פֿאָרלעזונגען זיינען פֿאָרגעקומען די טיעפֿסטע דעבאַטען. דער צוועק פֿון דעם אַלעם איז געווען צו לייזען די גרויסע פֿראַגע, וועלכע איז ענטשטאַנען פֿאַר זייערע אויגען, מיט וואָס האָבען זיי זיך געקענט ניצליך מאכען פֿאַר די מאַסען? ביסלעכווייז זיינען זיי געפֿאַלען אויף׳ן שכל, אַז דאָס איינציגע מיטעל דערצו איז זיך צו באַזעצען צווישען פֿאָלק, צו לעבען מיט די מאַסען גופא. יונגע לייט זיינען אַוועק אין די דערפֿער אַלס דאָקטוירים, פֿעלדשער, לעהרער, שרייבער, אפילו אַלס לאַנד־אַרבייטער קאָוואַליעס, האָלץ־העקער, אַבי צו לעבען צוזאַמען מיט׳ן מוזשיק. מיידלאַך האָבען געמאַכט עקזאַמען אַלס לעהרערינס, אַלס העבאַמען און קראַנקען־וועכטערקעס, און האָבען זיך הונדערטערווייז אַוועקגעלאָזען איבער די דערפֿער, זיך געגצליך איבערגעבענדיג דעם אָרעמען טהייל פֿון דער בעפֿעלקערונג.

דיעזע מענשען האָבען ניט געהאַט אין זינען דעם מינדעסטען אידעאַל פֿון סאָציאַלע אומבויאונג, אָדער אירגענד וועלכען געדאַנק פֿון רעוואָלוציאָן, בעת זיי זיינען אַוועק „אין פֿאָלק". זיי האָבען פשוט געוואָלט לערנען די מוזשיקעס לעזען, זיי געבען מעדיצינישע הילף, און אין פיעלע אַנדערע הינזיכטען זיי העלפֿען זיך אַרויסרייסען פֿון זייער פֿינסטערנים און אומגליק, און אין דערזעלבער צייט אויסצוגעפֿינען זיינע, דעם פֿאָלק׳ס, אידעאַלען פֿון אַ בעסערען סאָציאַלען לעבען.

בעת איך בין צוריקגעקומען פֿון שווייצאַריע האָב איך געטראָפֿען דיעזע בעוועגונג אין איהר פֿולען גאַנג.

איך האָב גלייך מיטגעטהיילט מיינע פֿריינד מיינע מיינונגען מכוח

די אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער אַסאָסיאַציאָן און אויך פֿערטהיילט מיינע ביכער צווישען זיי. אין אוניווערזיטעט האָב איך קיין פֿריינד ניט געהאַט; איך וואַר עלטער ווי דאָס רוב שילער, און צווישען יונגע לייט איז דער חלוק פֿון עטליכע יאָהר אַ בעדייטענדע שטערונג פֿאַר אַ פֿאָלשטענדיגע קאַמעראַדשאַפֿט. און מי מוז זיך ניט פֿארגעסען, אַז זייט 1861, בעת די נייע געזעץ מכוח דעם איינלאַס אין די אוניווערזיטעטען איז אַריין אין קראַפֿט, זיינען די מיינסט ענטוויקעלטע און דענקונג׳ס־פֿעהיגע שילער דורך אַלערליי מיטלען ארויסגעשטויסען געוואָרען פֿון די גימנאַזיעס און זיינען אין אוניווערזיטעט ניט אַריינגעלאָזען געוואָרען. פֿאָלגליך, זיינען דאָס רוב פֿון מיינע חברים געווען גוטע חדר־אינגלעך, פֿלייסיג, אָבער אַ חוץ אין די עקזאַמענס האָבען זיי זיך אין קיין שום זאַך ניט אינטערעסירט. בעפֿריינדעט בין איך געווען בלויז מיט איינעם פֿון זיי: לאָמיך איהם אָנרופען דמיטרי קעלניטץ. ער איז אַ געבאָרענער פֿון זיד רוסלאַנד, און חאָטש זיין נאָמען וואַר אַ דייטשער, האָט ער קוים גערעדט אַ ביסעל דייטש. ער וואַר זעהר אינטעליגענט, שטאַרק בעלעזען און פֿלעגט תמיד ערנסט נאכדענקען איבער יעדען בוך בעזונדער. ער האָט ליעב געהאַט וויסענשאַפֿט און האָט זי טיף רעספּעקטירט, אָבער פּונקט ווי פֿיעלע פֿון אונז, איז ער אויך שנעל געקומען צום שלום, אַז אום צו עררייכען די קאַריערע פֿון אַ וויסענשאַפֿט׳ס־מאַן מוז מען קודם כל אריינקומען אין׳ם לאַגער פֿון די אויסבייטער און הערשער, און אז פֿאַר איהם איז דאָ אַנדערע און פֿיל נייטיגערע אַרבייט. ער האָט בעזוכט די אוניווערזיטעט צוויי יאָהר לאַנג, און איז דאַן אַרויס, זיך גענצליך איבערגעבענדיג דער בעוועגונג. געלעבט האָט ער אַבי ווי; איך ווייס אפילו ניט, צו האָט ער צומאָל געהאַט אַ שטענדיגע לאָזשי. טהייל מאָל פֿלעגט ער אַריינפֿאַלען צו מיר און אַ פֿרעג טאָהן: „האָסטו עפּעס שרייב פּאַפּיר?“ און קריגענדיג פּאַפּיר, פֿלעגט ער זיך זעצען אין אַ ווינקעל און אַרבייטען אַ שטונדע אָדער צוויי זעהר פֿלייסיג, מאַכענדיג אַן איבערזעצונג. דאָס ביסעל, וואָס ער האָט פֿארדינט איז געווען נאָך מעהר ווי גענוג צופֿרידען צו שטעלען אַלע זיינע בעשרענקטע בעדירפֿניסע. דאַן פֿלעגט ער איילען אין אַן אנדערען עק שטאָדט זיך צו זעהען מיט אַ קאַמעראַד אָדער אַרויסצוהעלפֿען אַ פֿריינד אין נויט. ער וואַר אָהן צווייפֿעל א בעגאַבטער מענש. אין מזרח אייראָפּאַ וואָלט זיך אַזאַ מאַן זיכער אַרויפֿגעאַרבייט אַלס אַ פּאָליטישער אָדער סאָציאַליסטישער פֿיהרער. אָבער קעלניץ׳ן איז אַזאַ מין אידעע קיינמאָל אויף׳ן געדאַנק ניט געקומען. צו זיין אַ פיהרער איז ניט געווען זיין אַמביציע, און פֿאַר איהם איז קיין אַרבייט ניט געווען צו קליין אָדער צו אומבעדייטענד. דאָך איז דיעזע מדה געווען ניט ביי איהם

בלויז; אַלע די, וועלכע האָבען פֿארבראַכט אַ פּאָאַר יאָהר אין די סטודענטען קרוזשאָק פֿון יענע צייטען האָבען געהאַט דיזעלבע נאָבעלע אייגענשאַפֿטען אין זיך.

גלייך נאָך דעם ווי איך בין צוריק געקומען קיין רוסלאַנד, האָט מיך קעלניץ איינגעלאַדען אַריינצוטרעטען אין אַ גרופּע, וועלכע וואַר בעקאַנט אונטער די יונגע לייט אַלס דער „טשאַיקאָווסקי קרוזשאָק.“ אונטער דיזען נאָמען האָט ער געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָליע אין דער היסטאָריע פֿון דער סאָציאַלער בעוועגונג אין רוסלאַנד, און אונטער דיזען נאָמען וועט ער בלייבען בעוואוסט אין דער געשיכטע. „זיינע מיטגלידער,“ האָט מיר קעלניץ געזאָגט, „זיינען ביז יעצט געוועזען מייסטענטהיילס קאָנסטי־טוציאָנאַליסטען; אָבער זיי זיינען אויסגעצייכענטע מענער, וועלכע זיינען בערייט אויסצוהערען יעדע עהרליכע אידעע; זיי האָבען מאַסען פֿריינד איבער גאַנץ רוסלאַנד, און איהר וועט זעהען, וואָס איהר קענט דאָרטען אויפֿטאָהן.“ טשאַיקאָווסקי'ן און נאָך עטליכע מיטגלידער פֿון דיזען קרו־זשאָק האָב איך שוין געקענט פֿון פֿריהער. באַלד פֿון מיין ערשטע צוזאַמענקונפֿט מיט טשאַיקאָווסקי'ן, זיינען מיר געוואָרען די שטאַרקסטע פֿריינד און אונזער פֿריינדשאַפֿט האַלט שוין אָן זיבען און צוואַנציג יאָהר.

דער אָנפֿאַנג פֿ'ן דיזען קרוזשאָק איז געוועזען אַ גאַנץ קליינע גרופּע פֿון מענער און פֿרויען, — סאָפֿיאַ פּעראָווסקאַיאַ וואַר איינע פֿון זיי, — וועלכע האָבען זיך פֿעראייניגט מיט דעם צוועק פֿון זעלבסט־בילדונג; צווישען זיי איז אויך געוועזען טשאַיקאָווסקי. אין 1869, האָט ניעטשאַיעף געפּרואווט אָרגאַניזירען אַ סעקרעטענע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַ־ניזאַציאָן צווישען די יוגענד, וועלכע איז געוועזען בעגייסטערט מיט'ן אידע־אַל צו געהן אין פֿאָלק, און אום צו ערייכען דיזען ציעל האָט ער זיך בענוצט מיט די מיטלען פֿון אַלטע קאָנספּיראַטאָרס, און האָט זיך אפילו ניט זשענירט צו געברויכען פֿאַלשקייט בעת ער האָט געוואָלט צווינגען זיינע חברים, זיי זאָלען איהם נאָכפֿאָלגען, אַזעלכע מעטהאָדען קענען אין רוסלאַנד קיין קיום ניט האָבען, און אין קורצען איז זיין פֿעראיין צובראָכען געוואָרען. אַלע מיטגלידער זיינען ארעסטירט געוואָרען, און איניגע פֿון די בעסטע און נאָבעלסטע פֿון דער רוסישער יוגענד זיינען פֿאַרשיקט געוואָרען אין סיביר, נאָך איידער זיי האָבען עטוואָס אויפֿגעטאָהן. דער קרוזשאָק פֿאַר זעלבסט בילדונג, פֿון וועלכען איך רעד דאָ, איז געגרינדעט געוואָרען אין אָפּאָזיציאָן צו ניעטשאַיעפֿ'ס מעטהאָדען. די עטליכע פֿריינד האָבען גע־רעכענט, און אויך גאַנץ קאָרעקט, אַז דער פֿונדאַמענט פֿון יעדער אָרגאַ־

ניזאַציאָן מוז זיין אַ מאָראַליש־ענטוויקעלטע אינדיווידואַליטעט, וואָס פּאַר אַ פּאָליטישען כאַראַקטער זי זאָל נאַכהער ניט אָנעהמען, און וואָס איהר פּראָגראַם אין שפּעטערע עראייגניסע זאָל ניט זיין. דאָס איז געווען די אורזאַכע, וואָס דער טשאַיקאָווסקי קרוזשאָק, ביסלעכווייז אויסברייטענדיג זיין פּראָגראַם, האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט איבער רוסלאַנד, האָט ערייכט אַזעלכע וויכטיגע רעזולטאַטען און נאַכהער, ווען די גרוזאַמע פערפאָלגונגען פון דער רעגירונג האָבען אַרויסגערופען אַ רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף, האָט ער געשאַפען יענע מערקווירדיגע מענער און פרויען, וועלכע זיינען געפאַלען אין דעם שרעקליכען קאַמפּף, וואָס זיי האָבען געקעמפפט געגען די סאַמאָדערזשאַוויע.

אָבער צו יענער צייט,—דאָס הייסט, אין 1872,—האָט דער קרוזשאָק אין זיך ניט געהאַט קיין רעוואָלוציאָנערעס. וואָלט ער געבליבען אַ בלויזער זעלבסטבילדונג׳ס פעראיין, וואָלט ער גאַנץ שנעל פאַרגליווערט געוואָרען, ווי אַ מאָנאַסטיר. אָבער די מיטגלידער האָבען געפונען פאַסענדע אַרבייט. זיי האָבען אָנגעהויבען צו פאַרשפּרייטען גוטע ביכער. זיי האָבען געקויפט די ווערק פון לאַסאַל, פון בערווי (איבער די לאַגע פון די אַרבייטער קלאַסען אין רוסלאַנד) פון מאַרקס, רוסישע היסטאָרישע ווערק, און אַזוי ווייטער,—גאַנצע אויסגאַבען,—און האָבען זיי צוטהיילט צווישען די סטודענטען אין דער פּראָווינץ. אין עטליכע יאָהר איז ניט געווען קיין איין וויכטיגע שטעטעל אין די אַכט און דרייסיג גובערניעס פון דער רוסישער אימפּעריע, ריידענדיג מיט דער אָפּיציעלער שפּראַכע, וואו דיעזער קרוזשאָק זאָל ניט האָבען אַ גרופּע קאַמעראַדען, וועלכע זאָלען זיך ניט בעטהייליגען אין דער פערטהיילונג פון דיעזע מין ליטעראַטור. ביסלעכווייז פאָלגענדיג דעם אַלגעמיינעם שטרוים דער צייט, און ערמונטערט פון די נייעס, וועלכע זיינען אָנגעקומען פון מעריב אייראָפּאַ מכוח דעם שנעלען פאָרטשריט פון דער אַרבייטער בעוועגונג, איז דער קרוזשאָק געוואָרען וואָס אַ מאָהל אַלץ אַ גרעסערער צענטער פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די געבילדעטע יוגענד, און אַ נאַטירליכער פערמיטלער צווישען די מיטגלידער פון פּראָווינציעלע פעראיינען; און דאַן, אין איין שעהנעם טאָג, איז די מחיצה צווישען די סטודענטען און די אַרבייטער אַוועקגענומען געוואָרען און דירעקטע פערבינדונגען זיינען עטאַבלירט געוואָרען מיט די אַרבייטער פון פעטערסבורג און אין עטליכע אַנדערע געגענדען. דאַמאָלס בין איך עס אַריין אין דיעזען קרוזשאָק, אין פריהילינג פון יאָהר 1872.

אַלע געהיימע געזעלשאַפטען ווערען פורכטבאַר פערפאָלגט אין

רוסלאַנד, און די אויסלענדישע לעזער וועלען געוויס ערוואַרטען איך זאָל זיי געבען אַ בעשרייבונג פֿון מיין איינטריט און פֿון מיין שבועה, וועלכע איך האָב געגעבען, אומזיסט אייער ערוואַרטונג, דען עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו בעשרייבען, און עס קען אויך ניט זיין; מיר וואָלטען געוועןדי ערשטע צו לאַכען פֿון אַזעלכע צערעמאָניעס, און קעלניץ וואָלט זיכער ניט לאָזען פֿער־בייגעהן די געלעגענהייט, ניט אַריינצוואָגען איינעם פֿון זיינע בייסענד־סאַרקאַסטישע וויצען, וועלבע וואלטען יעדע צערעמאָניע אַוועקגע׳הרג׳עט. עס איז אפילו קיין קאָנסטיטוציאָן ניט געוועזן. דער קרוזשאָק האָט אַריינגע־נומען בלויז אַזעלכע, וועלכע וואַרען גוט בעקאַנט און וואַרען אוגטער פֿערשיע־דענע אומשטענדען אויסגעפּרואווט; מענשען, אויף וועלכע מען האָט זיך פֿאָל־שטענדיג געקענט אָנפֿערטרויען. איידער מ׳האָט אַריינגענומען אַ קאַנדידאַט, האָט מען גוט דורכגעלופֿטערט זיין כאַראַקטער, מיט דער בעוואוסטער ניהיליסטישער ערנסטקייט און אָפֿענהערציגקייט. דער מינדעסטער שפור פֿון לייכטזינניגקייט אָדער פֿאַלשקייט, וואָלט גלייך פֿערמאַכט טהיר און טויער פֿאַר איהם. דער קרוזשאָק האָט ניט געזוכט קיין גרויסע צאָהל מיט־גליעדער, און האָט ניט געשטרעבט צו קאָנצענטרירען אין זיינע הענד אַלע טהעטיגקייט, וועלכע איז אָנגעגאַנגען אונטער די יוגענד, אָדער אָנצושליעסען אין איין אָרגאַניזאַציאָן די מאַסענהאַפֿטע פֿעראיינען, וועלכע האָבען עקזיס־טירט אין די הויפּט־שטעדט און אין די פּראָווינצען. מיט דאָס רוב פֿון זיי זיינען מיר געשטאַנען אין פֿריינדליכע בעציהונגען; מיר האָבען זיי געהאָל־פֿען און זיי האָבען אונז געהאָלפֿען, אָבער זייער אויטאָנאָמי האָבען מיר קיין מאָהל ניט געטשעפּעט.

דער קרוזשאָק האָט ליעבער געוואָלט בלייבען אַן ענג־פֿערבינדענע גרופּע פֿון אינטימע פֿריינד; און איך האָב נאָך קיינמאָהל אין מיין לעבען ניט בעגעגענט אזא קאָלעקציאָן פֿון מאָראַליש הויכע מענער און פֿרויען ווי יענע צוויי צעהנדליג מענשען, מיט וועלכע איך בין בעקאַנט געוואָרען ביי די ערשטע פֿערזאַמלונג פֿון דעם טשאַיקאָווסקי קרוזשאָק. נאָך יעצט פֿיהל איך מיך שטאָלץ מיט דעם, וואָס איך בין אַריינגענומען געוואָרען אין יענער פֿאַמיליע.

ווען איך בין אַריין אין טשאַיקאָווקי קרוזשאָק, האָבען די מיטגליע־דער היים דיסקוטירט די ריכטונג, וועלכע זייער טהעטיגקייט זאָל אָננעהמען. אַ סך זיינען געווען דאַפֿיר, מ׳זאָל ווייטער אָנפֿיהרען די ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די געבילדעטע יוגענד; אָבער אַנדערע ווידער האָבען געדענקט, אַז דער איינציגער ציעל פֿון דיעזער אַרבייט זאָל זיין, צו פֿערפֿערטיגען מענער, וועלכע זאָלען זיין פֿעהיג אויפֿצואוועקען די

לעטאַרגישע אַרבייטס־מאַסען און אַז זייער הויפּט־טהעטיגקייט זאָל זיין צווישען די פּויערים און די שטאָדט־אַרבייטער. דיזע דיסקוסיאָנען זיינען אָנגעגאַנגען אין אַלע גרופּען, וועלכע זיינען דאַמאָלסט אָרגאַניזירט געוואָרען הונדערטערווייז אין פּעטערסבורג און אין די פּראָווינצען; און אומעטום האָט די צווייטע פּראָגראַם גובר געווען די ערשטע.

וואָלט אונזער יוגענד אָנגענומען דעם סאָציאַליזמוס אין זיין אַב־סטראַקטען זינען בלויז, וואָלטען זיי זיך אפשר בענוגענט מיט אַ פּשוט׳ע פּרינציפּען־ערקלעהרונג, און פאַר איין וועגס אויך אַריינגערעכענט אין נדן אַלס אַ וויטען ציעל די קאָמוניסטישע אַנייגנונג פון דער פּראָדוקציאָנס־מאַשינערי,—און דערוויל וואָלטען זיי מסתמא אָנגעפיהרט אירגענד וועלכע פּאָליטישע אַגיטאַציאָן, א סאך מיטעל־קלאַסע סאָציאַליסטישע פּאָליטיקער אין מעריב־אייראָפּא און אַמעריקא געהען ווירקליך אויף אַזאַ מין וועג. אָבער אונזער יוגענד איז צוגעלאָזען געוואָרען צום סאָציאַליזמוס אויף אַ גאַנץ אַנ־דערען אופן. זיי זיינען ניט געווען קיין טהעאָרעטיקער פון סאָציאַליזמוס, זאָנדערען זיינען געוואָרען סאָציאַליסטען וויל זיי האָבען אַליין געלעבט ניט בעסער ווי די אַרבייטער גופא לעבען, ניט מאַכענדיג קיין חלוק צווישען „מיין און דיין" אין זייער קרוזשאָק און זיך ענטזאַגענדיג צו געניעסען פאַר זיך אַליין די עשירות, וואָס זיי האָבען גע׳ירש׳נט פון זייערע עלטערען. זיי האָבען געטהאָן אין בעצוג צום קאַפּיטאַליזמוס דאָסזעלבע, וואָס טאָלסטאָי וויל, עס זאָל געטהאָן ווערען אין בעצוג צום קריעג, בעת ער פאָרדערט אויף די פעלקער, זיי זאָלען ניט בלויז קריטיקירען דאָס בלוטיגע שלאַכטפעלד, נאָר זיי זאָלען זיך לגמרי ענטזאַגען, יעדער איינציגער פאַר זיך, צו דיענען אַלס סאָלדאַט און צו טראָגען געוועהר. פּונקט אַזוי האָט זיך אונזער רוסישע יוגענד, יעדער מאַן, אָדער פרוי פאַר זיך, ענטזאַגט זיך צו בענוצען מיט די פּערזענליכע פּריווילעגיעס פון זייערע ירושות. עס איז זעלבסטפערשטענדליך געווען נויטיג, אַז זיי זאָלען ווערען א טהייל פון פאָלק גופא, בשר מבשרו, פלייש פון זיין פלייש, טויזענדער און טויזענדער יונגע מענער און פרויען האָבען שוין געהאַט פערלאָזען זייערע היימען און יעצט האָבען זיי גע־פּרואווט לעבען אין די דערפער און אין די אינדוסטריעלע שטעדט אונטער אַלע מעגליכע בעדינגונגען.

דאָס וואַר ניט קיין אָרגאַניזירטע באַוועגונג, דאָס איז געווען איינע פון יענע מאַסען באַוועגונגען, וועלכע פּאַסירען אין געוויסע פּעריאָדען בעת דער מענשליכער געוויסען ווערט פּלוצים ערוואַכט. איצטער, בעת די קליינע גרופּען זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען, בערייט צו מאַכען סיסטעמאַטישע פּראָבען צו פערשפּרייטען די אידעען פון רעבעליאָן און פרייהייט אין רוס־

לאַנד, וואַרען זיי געצוואונגען אָנצופיהרען דיעזע פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען* די
מאַסען, סיי פון די פּויערים, סיי פון די לוין־אַרבייטער אין די שטעדט.
מאַנכע שרייבער האָבען געטרייט צוצושרייבען דיעזע בעוועגונג „אין פאָלק"
צום אויסלענדישען איינפלוס: „אויסלענדישע אַגיטאַטארס זיינען אומעטום",
האָבען זיי גע'טענה'ט. און עס איז ווירקליך אמת, אַז אונזער יוגענד האט
זיך צוגעהערט צו די מעכטיגע שטימע פון באַקונין, און אַז די אַגיטאַציאָן
פון'ם אינטערנאַציאָנאַל האָט געהאַט אַ צויבערענדע ווירקונג אויף אונז.
אָבער די בעוועגונג האָט געהאַט אַ פיעל טיפערען וואָרצעל: זי האָט אָנ־
געהויבען נאָך איידער „אויסלענדישע אַגיטאַטאָרס" האָבען גענומען ריידען
צו דער רוסישער יוגענד, און אפילו נאָך איידער דער אינטערנאַציאָנאַל
איז געגרינדעט געוואָרען. אָנגעפאַנגען האָט זי זיך אין די גרופּען פון
קאַראַקאָזאָוו אין 1866; טורגעניעף האָט זי געזעהען קומענדיג, און נאָך
אין 1859, האָט ער שוין שוואַכלעך אָנגעדייטעט אויף איהר. איך האָב גע־
טאָהן אַלעס מעגליכע צו פערברייטען דיעזע בעוועגונג אין דעם טשאַי־
קאָווסקי קרוזשאָק; אָבער איך האָב בלויז מיטגעאַרבייט מיט'ן שטרוים,
וועלכער וואַר אונענדליך שטאַרקער, ווי וועלכע־ניט־איז אינדיווידועלע אַנ־
שטרענגונג.

נאַטירליך האָבען מיר אָפט גערעדט מכוח די נויטווענדיגקייט אָנצו־
פאַנגען אַ פּאָליטישע אַגיטאַציאָן געגען אונזער אבסאלוטע רעגירונג. מיר
האָבען שוין דאַן געזעהען ווי די מוזשיקעס ווערען אַריינגעשליידערט אין
דעם אָבגרונד פון אונפערמיידליכען אונגליק, דורך די נאַרישע פּאָדאַטקעס
און דורך דעם נאָך נאַרישערען אויספערקויף פון זייערע בהמות אום צודע־
קען די ריקשטעהענדע צינזען. מיר „בעלי חלומות" האָבען געזעהען די אַנ־
קונפט פון דער פאָלשטענדיגער רואינע פון אַ גאַנצער בעפעלקערונג,
וועלכע איז שוין לײדער צו יענער צייט דורכגעפיהרט געוואָרען אין צענט־
ראַל רוסלאַנד ביז צו דער שוידערליכסטער שטופע, וואָס דאָס האָט די
רעגירונג אַליין מודה געווען. מיר האָבען געוואוסט ווי רוסלאַנד איז אין
יעדער ריכטונג בערויבט געוואָרען אויף'ן שענדליכסטען אופן. מיר האָבען
געוואוסט, און מיר האָבען אויסגעפונען מיט יעדען טאָג מעהר, פון דער
געזעצלאָזיגקייט פון די טשינאָווניקעס, און די כמעט אונגלויבליכע בעסטיא־
ליטעט פון פיעלע פון זיי. מיר האָבען דורכאַנאַנד געהערט פון פריינד, ביי
וועמען די פּאליציי האָט אין מיטען נאַכט איינגעבראָכען און געמאַכט
אביסקעס, פון אַנדערע וועלכע זיינען פּלוצלונג פערשוואונדען פון די טורי־
מעס, און וועלכע—ווי מיר האָבען שפּעטער אויסגעפונען—זיינען פערשיקט
געוואָרען אין ווייטע דערפלאַך פון טיעף רוסלאַנד. מיר האָבען דעריבער

געפּיהלט די נויטווענדיגקייט פון אַ פּאָליטישען קאַמפּף געגען דיזע שרעק־ליכע מאַכט, וועלכע דערשטיקט די בעסטע אינטעלעקטועלע קרעפטען פון דער נאַציאָן. אָבער מיר האָבען ניט געזעהען דעם מינדעסטען באָדען, אַ לעגאַלנעם אָדער ניט לעגאַלנעם, פאַר אַזאַ מין קאַמפּף. אונזערע עלטער־רע ברידער האָבען ניט געוואָלט אונזערע סאָציאַליסטישע אידעאַלען, און מיר האָבען זיי ניט געקענט אויפגעבען. ניין, אפילו ווען עטליכע פון אונז וואָלטען עס שוין געטאָהן, וואָלט עס אויך ניט געהאָלפען. דער יונגער דור, אים אַלגעמיינעם, איז בעהאַנדעלט געוואָרען אַלס פערדעכטיגער, און דער עלטערער דור האָט מורא געהאַט מיט זיי צו האָבען דעם מינדעסטען מגע ומשא.

יעדער יונגער מאַן מיט דעמאָקראַטישע אידעען, יעדע יונגע פרוי, וועלכע האָט פערפאָלגט אַ קורס אין בילדונג, איז געווען גערעכענט אַלס אַ פערדעכטיגער ביי דער פּאָליציי, און איז פון קאַטקאָוו׳ן פערשריען געוואָרען אַלס אַ שונא פון דעם שטאַאַט. קורצע האָאָר און בלויע ברילען ביי אַ מיידעל, אַ „דושאַמפּער" אנשטאַט אַ פּאַלטאָ אין ווינטער ביי אַ סטודענט, זיינען שוין געווען גענוג פאַר די פּאָליציי צו האַלטען אַן אויג אויף זיי אַלס פּאָליטישע. אַזעלכע מיני זאַכען האָבען געשמעקט מיט ניהי־ליסטישע איינפאַכקייט און דעמאָקראַטיזמוס. ווען אַ סטודענט׳ס לאָזשי איז אָפט בעזוכט געוואָרען פון אַנדערע סטודענטען, האָט אויך די פּאָליציי דאָס געהאַלטען פאַר איהר פפליכט דאָרט אָבצושטאַטען רעגעלמעסיגע וויזיטען און צו מאַכען אָביסקעס. דיזע אָביסקעס זיינען שוין דערנאָך געוואָרען אַזוי אָפט ביי געוויסע סטודענטען, אַז קעלניץ האָט איינמאָהל געזאָגט, אין זיין מילד־הומאָריסטישען שטייגער, צום פּאָליציי אָפיציר, וועלכער האָט דורכגעלופטערט זיין צימער: „צו וואָס ברויכט איהר איבערקוקען אַלע אונזערע ביכער יעדען מאָהל, ווען איהר קומט? אַ מעהר שרייבט זיך איין מאָהל פאַר אַלע מאָהל אויס אַ ליסטע און דאַן וועט איהר בלויז ברויכען קומען איין מאָהל אין מאָנאַט און זעהען צו זיי ליגען אַלע אויף די ריכטיגע פּאָליצעס; און פון צייט צו צייט קענט איהר צושרייבען די קעפּלעך פון די נייע ביכער, וואָס קומען צו." דער מינדעסטער חשד איז געווען גענוג אויסצורייסען אַ יונגען מאַן פון גימנאַזיע, איהם אַריינצוואַרפען אין טורמע און ענדליך איהם צו פאַרשיקען אין די וויטע מקומות, ערגעץ אין די אוראַל בערג—„פאַר אַן אומבעשטימטען טערמין", ווי זיי פלעגען זיך אויסדריקען אין זייער ביוראָקראַטיש־גראָבען לשון. אפילו אין דער צייט, בעת דער טשאַיקאָווסקי קרוזשאָק האָט קיין זאַך ניט געטאָהן אַ חוץ, וואָס ער האָט פאַרטהיילט ביכער, וועלכע זיינען אַלע געווען אַרויסגעגעבען מיט דער

ערלויבנים פֿון דער צענזור, איז טשאַיקאָווסקי צוויי מאָהל אַרעסטירט געוואָרען און איז אָבגעזעסען פֿיער אָדער זעקס חדשים אין טורמע; דאָס צווייטע מאָהל גראַד אין אַ קריטישע צייט פֿון זיין קאַריערע אַלס בעמיקער. זיינע פֿאָרשונגען זיינען דאַן נור וואָס אַרויסגעגעבען געוואָרען אין דעם בולעטין פֿון דער אַקאַדעמיע פֿון וויסענשאַפֿטען, און ער האָט געזאָלט אָבלייגען זיין לעצטען עקזאַמען אין אוניווערזיטעט. מי האָט איהם ענדליך אַרויסגעלאָזען, מחמת די פּאָליציי האָט ניט געקענט אויסזוכען גענוגענדע בעווייזע געגען איהם, אַז מי זאָל איהם קענען פֿערשיקען אויף די אוראַלס. „אָבער אויב מי וועט דיך נאָך איין מאָהל אַרעסטירען”. האָט די פּאָליציי איהם מתרה געווען, „וועט מען דיך פֿערשיקען אויף סיביר”. דער פֿאַקט איז, אַז ביי אַלעקסאַנדער דעם צווייטען איז דאָס געווען אַ זעהר בעליעבטע פֿאַנטאַזיע צו גרינדען ערגעץ וואו אין די סטעפּעס אַן עיר מקלט, וועלכער זאָל זיין בעוואַכט טאָג און נאַכט פֿון קאָזאַקען, וואו אַלע פֿערדעכטיגע יונגע לייט זאָלען קענען פֿערשיקט ווערען, אַזוי אַז מי זאָל דאָרט מאַכען פֿון זיי אַ שטאָדט, פֿון וועלכע צעהן אָדער צוואַנציג טויזענד איינוואוינער. בלויז די סכנה וואָס אַזאַ שטאָדט וואָלט אַ מאָהל געקענט ברענגען, האָט איהם אָבגעהאַלטען דיעזען עכט אַזיאַטישען פּלאַן אויסצופֿיהרען.

איינער פֿון אונזערע לייט, אַן אָפֿיציר, האַט בעלאַנגט צו אַ גרופּע יונגע מענשען, וועלכע האָבען זיך אַרומגעטראָגען מיט דער אַמביציע צו דיענען אין די פּראָווינציעלע זעמסטוואָס. דיעזען מין אַרבייט האָבען זיי געהאַלטען פֿאַר אַ הייליגע מיסיאָן און זיי האָבען זיך פֿערפֿערטיגט דערצו און האָבען גאַנץ ערנסט שטודירט די עקאָנאָמישע צושטענדע פֿון צענטראַל־רוסלאַנד. אַ סך יונגע מענשען האָבען זיך מיט דיעזע האָפֿנונגען אַרומגעטראָגען אַ צייט לאַנג. אָבער אַלע דיעזע פּלענער זיינען פֿערשוואונדען גלייך ביי דער ערשטער בעריהרונג מיט דער ווירקליכער רעגירונג'ס מאַשינערי.

נאָכדעם, ווי די רעגירונג האָט בעוויליגט אַ זעהר בעשרענקטע פֿאָרמע פֿון זעלבסט־רעגירונג פֿאַר עטליכע פּראָווינצען אין רוסלאַנד, האָט ז׳ באַלד חרטה געקראָגען און גענומען טרייען פֿון דער גאַנצער רעפֿאָרמע צו מאַכען אַ תל. די פּראָווינציעלע זעלבסט־רעגירונג האָט זיך געמוזט בענוגענען מיט דער בלויזער אַרבייט פֿון שטאַאַט־בעאַמטע, וועלכע זאָלען קאָלעקטירען די צוגעקומענע לאָקאַלע צינזען און זיי אויסגעבען אויף די לאָקאַלע בעדירפֿניסע פֿון'ם שטאַאַט. אויף יעדע פּראָבע פֿון די דיסטריקט־בעאַמטע צו נעהמען די איניציאַטיווע אין אירגענד וועלכע רעפֿאָרמע—שולען,

לעהרער, אוניווערזיטעטען, היגיענישע איינריכטונגען, אַגריקולטורנע אויס־בעסערונגען א. ז. וו.—האָט די צענטראַלע רעגירונג געקוקט מיט פֿערדאַכט, מיט שנאה,—און די „מאָסקווער גאַזעט" האָט יעדע זאַך פֿערשריען אַלס „אָבגעזונדערטקייט", אַלס די אָרגאַניזירונג פֿון „אַ שטאַאַט אין׳ם שטאַאַט," אַלס רעבעליאָן און געגען די אויטאָקראַטי.

ווען מי זאָל וועלען דערצעהלען די ווירקליכע היסטאָריע פֿון דעם לעהרער־סעמינאַריום פֿון טווער, למשל, אָדער פֿון אַנדערע עהנליכע אַנ־שטאַלטען פֿון יענע יאָהרען, מיט אַלע קליינליכע רדיפות, אוקאַזען, רעגע־לען, מיט וועלכע זיי זיינען געפּלאַגט געוואָרען, וואָלט עס קיינער פֿון די לעזער פֿון מערב־אייראָפּאַ, און שפּעציעל קיינער פֿון די אַמעריקאַנער לעזער, ניט אָנגעהויבען גלויבען. ער וואָלט אַוועקגעוואָרפֿען דעם בוך און געזאָגט: „עס קען ניט זיין אמת; עס איז צו נאַריש, אַז מי זאָל עס קענען גלויבען". און דאָך איז עס אַזוי געווען. גאַנצע גרופּען ערוועהלטע פֿאָר־שטעהער פֿון מעהרערע זעמסטוואָס זיינען אַראָבגעזעצט געוואָרען פֿון זייער דיענסט און פֿערטריבען געוואָרען פֿון די פּראָווינצען אין זייערע גיטער, אָדער זיינען איינפֿאַך אויסגעוויזען געוואָרען פֿון לאַנד, נאָר דערפֿאַר, וואָס זיי האָבען געוואַגט בעטען ביים צאַר, אויף דער אונטערטהעניגסטער אַרט, מכח געוויסע רעכטע, וועלכע האָבען בעלאַנגט צו די זעמסטוואָס נאָך׳ן געזעץ נאָך. „די ערוועהלטע מיטגליעדער פֿון די פּראָווינציעלע דומעס מוזען זיין איינפֿאַכע מיניסטערשע טשינאָווניקעס און מוזען געהאָרכען דעם מיניסטער דער אינערען". דאָס איז געווען די טהעאָריע פֿון דער פּעטער־בורגער רעגירונג. וואָס אָנבעטרעפֿט די ווענינגער פּראָמינענטע מענשען—לעהרער, דאָקטוירים און נאָך אַזעלכע, אין דעם דיענסט פֿון די לאָקאַלע געמיינדע־ראַטהס—זיי זיינען אַראָבגעזעצט געוואָרען פֿון דער פּאָליציי אין 24 שטונדען, אָהן וויטערע צערעמאָניעס, אַ חוץ אַן אוקאַז פֿון דער מעכ־טיגער „טרעטיע אָטדעלעניע" פֿון דעם קייזערליכען הויף.

בלויז מיט איין יאָהר צוריק האָט אַ געוויסע דאַמע, וועלכע האָט זיך זעלבסט אינטערעסירט מיט בילדונג, און וועמענס מאַן איז ניט נאָר געווען אַ גרויסער לאַנד־אייגענטהימער, נאָר אויך אַ הויכער בעאַמטער אין איינעם פֿון די זעמסטוואָס, געהאַט איינגעלאַדען צו איהר געבורטסטאָגס־פּעסט אַכט שוהל־מייסטער. „מעהר ווי די פּראָסטע מוזשיקעס זעהען זיי דאָך נעבעך קיינמאָהל קיין מענשען אין די אויגען ניט אָן", האָט זי זיך געטראַכט. אויף מאָרגען נאָך דער פּאַרטי, איז דער זשאַנדאַרם פֿון׳ם דאָרף געקומען צו דער דאַמע אין הויף און געפֿאָדערט זי זאָל איהם געבען די נעמען פֿון די אַכט לעהרער, אום זיי צו רעפּאָרטען צו דער פּאָליציי. די

דאַמע האָט זיך ענטזאַגט אַרויסצוגעבען די נעמען. „זעהר שעהן", האָט ער געענטפֿערט, „איך וועל זיי שוין פֿון דעסטוועגען אויסגעפֿינען, און מיר מאַכען איין פּראָטאָקאָל. לעהרער טהאָרען ניט צוזאַמענקומען און איך מוז זיי רעפּאָרטען, ווען זיי טהוען עס יאַ". די הויכע שטעלונג פֿון דער דאַמע האָט גראַד אין דיזען פֿאַל בעשיצט די לעהרער, אָבער אויב זיי וואָלטען זיך צונויפֿגעקומען אין די צימער פֿון איינעם פֿון זייערע אייגענע קאָלעגען וואָלט די שטאַאַטס־פּאָליציי זיך אַליין מטריח געווען זיי אָבצושטאַטען אַ וויזיט, און אַ העלפֿט פֿון זיי וואָלטען אַראָבגעוואָרפֿען געוואָרען פֿון זייערע שטעלען פֿון דעם מיניסטער דער בילדונג; און נאָך מעהר, קוים וואָלט אימיצער פֿון זיי זיך אויסגערעדט דעם מינדעסטען וואָרט בשעת דעם אָביסק, וואָלט ער זיכער פֿערשיקט געוואָרען ערגעץ אין די אוראַלען. אָט דאָס פּאַסירט היינט צו טאָג, דריי און דרייסיג יאָהר נאָך דעם ווי די פּראָווינציאַל־געריכטען און געמיינדע־ראַטהס זיינען געעפֿענט געוואָרען; אָבער עס איז געווען פֿיעל ערגער אין די זעכציגער יאָהרען. אונטער אַזעלכע אינסטיטוציאָנען וואָס פֿאַר אַ באָרען האָט אַ פּאָליטישער קאַמפּף געקענט האָבען?

בעת איך האָב גע'ירש'נט פֿון מיין פֿאָטער זיין טאַמבאָווער אימע־ניע, האָב איך אַ לאַנגע צייט געטראַכט זיך דאָרט צו בעזעצען, און צו ווידמען מיין ענערגיע פֿאַר דער אַרבייט אין דער לאָקאַלער זעמסטוואָ, אַ סך פּויערים און די אָרימע גלחים פֿון דער נאַכבאַרשאַפֿט האָבען מיך געבע־טען איך זאָל עס טהאָן. וואָס מיך גופא אָנבעלאַנגט, וואָלט איך געווען צופֿרידען מיט אַבי וואָס, ווי קליין די זאַך זאָל ניט זיין, אַבי עס זאָל העל־פֿען ערהויבען דעם אינטעלעקטועלען שטאַנד און דעם וואָהלזיין פֿון די מוזשיקעס. אָבער, איין מאָל בעת אַ סך פֿון מיינע ראַטהגעבער זיינען געווען צוזאַמען האָב איך געפֿרעגט: „ווען איך זאָל, למשל, וועלען עפֿענען אַ שולע, אַן עקספּערימענט־פֿאַרם, אַ קאָאָפּעראַטיוו אונטערנעהמונג, און אין דער זעלבער צייט וואָלט איך זיך אונטערנעהמען צו בעשיצען דעם פּויער פֿון אונזער דאָרף, וועלכען מי האָט געטאָהן אַן עולה, וואָלט די נאַטשאַלסטוואָ עס מיר ערלויבט?" „קיין מאָהל אין לעבען!" האָבען זיי אַלע מיט איין מאָל געענטפֿערט.

אַן אַלטער גרויער גלח, אַ מאַן וועלכען די גאַנצע נאַכבאַרשאַפֿט האָט שטאַרק געשעצט, איז צו מיר געקומען מיט עטליכע טעג שפּעטער, מיט צוויי איינפֿלוסרייכע פֿיהרער פֿון די געגען־פּראַוואָסלאַוונע סעקטעס, און האָט מיר געזאָגט: „אָט רעדט מיט דיעזע צוויי מענשען. אויב איהר קענט עס דורכפֿיהרען, געהט מיט זיי, און, מיט די ביבעל אין דער האַנד,

פרעדיגט צו די פויערים... נו איהר ווייסט שוין וואָס צו פרעדיגען... קיין פּאָליציי אין דער וועלט וועט אייך ניט אויסגעפינען, כל זמן זיי וועלען אייך היטען... ווייטער קען איך אייך קיין זאַך ניט טהאָן, דאָס איז וואָס איך, אַן אַלטער מאַן ראַטה אייך".

איך האָב זיי געזאָגט פאַרוואָס איך קען אַזאַ ראַליע ניט אָננעהמען. אָבער דער אַלטער איז געווען גערעכט. אַן עהנליכע בעוועגונג פערשפּרייט זיך יעצט אין רוסלאַנד צווישען די מוזשיקעס. אַזעלכע ענועים ווי מי האָט אָנגעטאָהן די פרידענס־ליעבענדע דוכאָבאָרצעס, און אַזעלכע אָבלאַוועס ווי מי האָט געמאכט אויף די ניט־פּראַוואָסלאַוונע פויערים אין זיד־רוסלאַנד אין 1897, בעת קינדער זיינען גע׳גנב׳עט געוואָרען אום מי זאָל זיי קענען ערציהען אין די עכט־אָרטהאָדאָקסישע מאָנאַסטירען, אַזעלכע מיטלען וועלען בלויז דיעזער בעוועגונג צוגעבען אַ קראַפט, וועלכע זי האָט ניט געקענט עררייכען מיט פינף און צוואַנציג יאָהר צוריק.

אַזוי ווי די פראַגע פון אַ קאָנסטיטוציאָן איז תמיד פאָרגעבראַכט געוואָרען אין אונזערע דיסקוסיאָנען, האָב איך איינמאָל פאָרגעשלאָגען פאַר׳ן קרוזשאָק זי פאָרצונעהמען גאַנץ סעריאָזנע, און צו זוכען אַ ריכטיגען פּלאַן פאַר אַזאַ מין אַגיטאַציאָן. איך בין אימער געווען מיט דער מיינונג, אַז ווען דער קרוזשאָק האָט געפאַסט אַ בעשלוס איינשטימיג, ברויך יעדער מיט־גליעד אָוועקצולייגען אָן אַ זייט זיין פּערזענליכען געפיהל און זיך איבערגעבען מיט׳ן גאַנצען האַרצען צו דער אָנגענומענער אַרבייט. „אויב איהר בעשליסט צו אַגיטירען פאַר אַ קאָנסטיטוציאָן", האָב איך געזאָגט, „איז מיין פּלאַן דער: איך וועל מיך פון אייך אָבטהיילען, לפנים וועגען, און אָנהאַלטען פערבינדונגען בלויז מיט איינעם פון אייך, טשאַיקאָווסקי, למשל, —דורך וועמען איך וועל אויסגעפינען ווי איהר געהט אָן מיט דער אַרבייט, און וועמען איך וועל מיטטהיילען אין אַלגעמיינעם וואָס איך טהו אויף. איך וועל אַרבייטען צווישען די האָפלייט און די הויכע טשינאָווניקעס. צווישען זיי האָב איך פיעל בעקאַנטע און קען אַ מאַסע פון זיי, וועלכע האַסען די יעצטיגע פערהעלטניסע מיט׳ן גאַנצען האַרצען. איך וועל זיי צוזאַמענ־ברייגנען און, אויב מעגליך, זיי פעראייניגען אין אַ מין אָרגאַניזאַציאָן; און דאַן וועט מסתמה קומען אַ צייט, ווען עס וועט זיך יאַווען אַ געלעגענהייט אויפצודרינגען אַלע דיעזע קרעפטען אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטען און איהם צווינגען צו געבען אַ קאָנסטיטוציע. עס וועט זיכער קומען אַ צייט, ווען דיעזע חברה, דערזעהענדיג אַז זיי זיינען שוין צו ווייט פערקראָכען, וועלען מוזען אין זייערע אייגענע אינטערעסע מאַכען אַ פעסט־ענטשלאָ־סענעם שריט. אויב עס איז נויטיג, וועלען מאַנכע פון אונז, וועלכע זיינען

געוועז אָפּיצירען, אָנהייבען צו פיהרען אַ פּראָפּאַגאַנדאַ אין דער אַרמעע גופא; אָבער דיזע אַרבייט מוז זיין אין גאַנצען אָבגעזונדערט פון אייערע, כאָטש אפילו מיר וועלען אַלע אַרבייטען אין דערזעלבער ריכטונג. איך האָב די זאַך ערנסט בעטראַכט. איך ווייס וואָס פאַר אַ פערבינדונג איך האָב און אויף וועמען איך קען מיך פערלאָזען, און מאַנכע פון די אונצופרידענע קוקען שוין יעצט אויף מיר אַלס אַ מיטעלפונקט, פון וואַנען אַזאַ מין טהעטיגקייט זאָל זיך אָנפאַנגען. דיזען וועג געהע איך מיר ניט אַליין אויסקלייבען; נאָר אויב איהר דיינקט, אַז ער איז גוט, וועל איך מיך דערצו איבערגעבען מיט לייב און לעבען".

דער קרוזשאָק האָט דיזען פאָרשלאַג ניט אָנגענומען. זיך קענענדיג איינער דעם אַנדערען אַזוי אויסגעצייכענט גוט, האָבען מיינע קאַמעראַדען מסתמה געטראַכט, אַז אויב איך וואָלט אַוועק אין דיזע ריכטונג, וואָלט איך אויפהערען צו זיין געטריי צו זיך אַליין. צוליעב מיין אייגענעם פערזענליכען גליק, צוליעב מיין אייגענעם פערזענליכען לעבען, קען איך ניט פיהלען דאַנקבאַר גענוג וואָס דיזער פאָרשלאַג מיינער איז ניט אָנגענומען געוואָרען. איך וואָלט אַוועק אויף אַ וועג, וועלכער איז געוועזן ניט דער, וועלכען מיין נאַטור וואָלט מיך דיקטירט, און איך וואָלט ניט געוועזן געפונען דעם פערזענליכען גליק, וועלכען איך האָב געפונען אויף אַנדערע וועגען. אָבער אין זעקס אָדער זיבען יאָהר אַרום, ווען די טעראָריסטען זיינען געשטאַנען אין זייער שרעקליכען קאַמפף געגען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, האָב איך שטאַרק בעדויערט, וואָס קיינער האָט ניט געהאַט אונטערנומען דיזע אַרבייט, וועלכע איך האָב פאָרגעשלאָגען אָנצופיהר'ען אונטער די הויכגעשטעלטע און אונצופרידענע האָפלייט פון פעטערבורג. ווען מי וואָלט זיך דאָרטען אַביסעל מעהר צוזאַמענגערעדט, און ווען דיזע פערשטענדניס וואָלט זיך געהאַט פערשפרייט און פערצווייגט איבער די גאַנצע אימפעריע, וואָלטען די אונגעהייערע אָפּפער ניט געפאַלען אומזיסט. יעדענפאַלס האָט די אונטעראירדישע אַרבייט פון דער עקזעקוטיווער קאָמיטע געזאָלט אונבעדינגט אונטערשטיצט ווערען דורך אַ גרינדליכע אַגיטאַציאָן אין דעם ווינטער־פּאַלאַץ.

ניט איינמאָל איז אין אונזערע דיסקוסיאָנען פאָרגעקומען די פראַגע מכח די נויטווענדיגקייט פון אַ פּאָליטישען קאַמפף, און געענדיגט האָט זי זיך תמיד מיט גאָרנישט. די קאַלטקייט און די גלייכגילטיגקייט פון די רייכערע קלאַסען וואַרען האָפנונגסלאָז, און די פערפאָלגונג פון די יונגע לייט האָט נאָך ניט געהאַט דערגרייכט די שטופע פון די פערפאָלגונגען, וועלכע האָבען זיך מיט זעקס יאָהר שפּעטער געענדיגט אין דעם

קאַמפף פון די טעראָריסטען אונטער דער עקזעקוטיווער קאָמיטע. מערק־ווירדיג,—און דאָס איז איינע פון די העכסט טראַגישע איראָניעס פון דער היסטאָריע,—דאָס דיזעלבע יוגענד, וועלכע אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט אין זיין בלינדען פחד און ווילדען משוגעת, הונדערטערווייז פערשיקט אויף קאַטאָרגע און פעראורטהיילט צו אַ לאַנגזאַמען טויט אין גלות, דיזעל־בע יוגענד וואַר עס, וועלכע האָט איהם בעשיצט אין 1871—1878. אפילו די לעהרער גופא פון די סאָציאַליסטישע גרופּען האָבען געשטרעבט צו פערהיטען דעם צאַר׳ס לעבען פון אַ צווייטען אַנגריף נאָך קאַראַקאָזאָוו. „ברענגט צושטאַנד אַ גרויסע סאָציאַליסטישע מאַסענבעוועגונג צווישען די אַרבייטער און די פויערים אין רוסלאַנד", איז געוועזען די פּאַראָלע פון יענע צייטען, „דעם צאַר מיט זיינע יועצים לאָזט צורוה. אָט זאָל זיך נאָר אָנ־הויבען אַזאַ מאַסענבעוועגונג, זאָלען נאָר די פויערים אָנהויבען צו פאָרדע־רען מי זאָל אָבשאַפען די אויסלייזונגס־צינזען, וועט איהר שוין זעהן ווי די סאַמאָדערזשאַווּנע רעגירונג וועט לויפען זוכען הילפע ביי די געלד־קלאַסען און ביי די לאַנד־בעזיצער און דער צאַר וועט אַליין מוזען צוזאַמענרופען אַ פּאַרלאַמענט,—אָקוראַט ווי דער פויערען־אויפשטאַנד פון פראַנקרייך, אין 1789, האָט געצוואונגען דעם קעניג צוזאַמענרופען די נאַציאָנאַלפערזאַמ־לונג; אַזוי וועט עס אויך זיין אין רוסלאַנד".

אָבער עס איז געוועזען מעהר ווי דאָס. אייצעלע פערזאָנען און גרופּען, צוזעהענדיג ווי די הערשאַפט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען מוז זינקען אַלס טיפער און טיפער אין רעאַקציאָן, און אין דערזעלבער צייט זיך טרייסטענדיג מיט דער האָפנונג פון׳ם נאַסלעדניק׳ס „ליבעראַליזם",—אויף אַלע נאַסלעדניקעס זאָגט מען, אַז זיי זיינען בלומרשט ליבעראַל,—האָבען זיי זיך נאָך אַלץ אַרומגעטראָגען מיט׳ן געדאַנקען אַז ס׳וואָלט זיין גוט צו פאָלגען קאַראַקאָזאָוו׳ס ביישפּיעל. דאָך האָבען אָבער די אָרגאַניזירטע פעראיינען זיך געשטעלט מיט אַלע כוחות געגען אַזאַ מין טהעטיגקייט. איך קען שוין יעצט אויסזאָגען דעם פאָלגענדען פאַקט, וועלכער איז נאָך ביז יעצט קיין מאָל ניט פערעפענטליכט געווען. ווען אַ יונגער מאַן איז גע־קומען פון זיד־רוסלאַנד קיין פעטערסבורג מיט דעם פעסטען בעשלוס צו טויטען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, און עטליכע מיטגלידער פון׳ם טשאַי־קאָווסקי קרוזשאָק האָבען זיך דערוואוסט דערפון, האָבען זיי ניט נאָר גע־זעהען מיט אַלע מעגליכע אַרגומענטען איהם אָבצוהאַלטען פון דיזער טהאַט, נאָר זיי האָבען איהם אויך מודיע געווען, אַז זיי וועלען איהם היטען און מיט געוואַלט שטערען די אויספיהרונג פון זיין טהאַט. וויסענדיג גענוי, ווי ווייניג דער ווינטער־פּאַלאַץ וואַר צו יענער צייט בעוואַכט, קען איך

פּאָזיטיוו זאָגען, אַז זיי האָבען גערעטעט דעם לעבען פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען. אַזוי פּעסט איז די יוגענד דאַמאָלס געווען געגען דעם קאַמפּף, אין וועלכען זיי האָבען זיך אַזוי געוואַלטיג בעטייליגט שפּעטער, בעת דער בע־כער פון זייערע ליידען איז געוואָרען איבערפול.

די צוויי יאָהר וואָס איך האָב געאַרבייט מיט׳ן טשאַיקאָווסקי קרוי־זשאָק, איידער איך בין אַרעסטירט געוואָרען, האָבען איבערגעלאָזען אַ טיעפען רושם אויף מיין גאַנצען לעבען און אויף אַלע מיינע געדאַנקען. אין דער צייט פון דיעזע צוויי יאָהרען האָב איך געפיהלט, אַז איך לעב אויף דער וועלט,—דאָס איז געווען יענע פולע רייכקייט אין׳ם מענשענס לעבען, בעת מי פיהלט יעדע מינוט, ווי די פעדעמלעך פון אונזער גאַנצען אינער־ליכען וועזען שלאָגען מיט אימפּעט און רעגונג, און בעת דער לעבען איז ווירקליך אינטערעסאַנט. איך בין געווען אין דער פאַמיליע פון מענער און פרויען, וועלכע וואַרען אַזוי איינג פעראייניגט דורך זייער אַלגעמיינעם שטרע־בען, און אַזוי ברייט און איידעל אין זייערע געגענזייטיגע פערהעלטניסע, אַז איך קען יעצט ניט דערמאָנען ניט אַ מאָל איין איינציגען מאָמענט פון צוויסטיגקייט אין דעם לעבען פון׳ם קרוזשאָק. די וואָס האָבען עפּעס מיט־געמאַכט אין דער פּאָליטישער אַגיטאַציאָן, וועלען פערשטעהן צו שעטצען דעם ווערט פון דיעזער בעהויפּטונג.

איידער איך האָב אין גאַנצען אויפגעגעבען מיין וויסענשאַפטליכע קאַריערע, האָב איך עס געהאַלטען פאַר מיין פּפליכט צו ענדיגען דעם בעריכט פון מיין רייזע אין פינלאַנד פאַר די געאָגראַפישע געזעלשאַפט, ווי אויך אַנדערע אַרבייטען, וואָס איך האָב געהאַט צו ענדיגען אין אַן אַנדער צווייג דער וויסענשאַפט; און מיינע נייע קאַמעראַדען האָבען די ערשטע איינגעשטימט מיט מיר, אַז איך מוז קודם כל דיעזע אַרבייט ענדיגען. עס וואָלט ניט זיין שעהן, האָבען זיי געזאָגט, צו לאָזען אין מיטען. איך האָב מיר דעריבער אַ נעהם געטאָהן פּעסט צו דער אַרבייט צו ענדיגען מיינע געאָגראַפישע און געאָלאָגישע ביכער. די פערזאַמלונגען פון אונזער פעראיין זיינען געווען אָפט, און איך האָב זיי קיינמאָל ניט פערפעהלט בייצוואוואוי־גען. מיר האָבען דאַמאָלס געפלעגט זיך צוזאַמענקומען אין אַ פאָרשטעטעל פון פעטערסבורג, אין אַ קליין הייזעל, פון וועלכער סאָפיא פעראָווסקאַיאַ, אונטערן נאָמען און פּאַספּאָרט פון אַן אַרבייטער פרוי, איז כלומרשט גע־ווען די בעל׳הבית׳טע. זי האָט געשטאַמט פון אַ הויך אַריסטאָקראַטישער משפחה, און איהר פעטער איז פאַר אַ געוויסע צייט געווען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון פעטערסבורג; אָבער מיט דער צושטימונג פון איהר מוטער, וועלכע האָט זי פשוט פערגעטערט, איז זי אַוועק פון דער היים,

איז אַריין אין גימנאַזיע, און מיט די דריי שוועסטער קאָרנילאָף—די טעכ־טער פון אַ רייכען פאַבריקאַנט—האָט זי געגרינדעט דעם קליינעם קרוזשאָק פון זעלבסט־בילדונג, פון וועלכען עס איז נאָכהער געוואָרען אונזער טשאַי־קאָווסקי פעראיין. יעצט, אין די ראָליע פון אַן אַרבייטער׳ס ווייב, אין איהר ציצען קליידעל און מענערשע שטיוועל, איהר קאָפּ איינגעהילט אין אַ פאַטשיילקע, טראָגענדיג אויף די פּלייצעס צוויי עמער וואַסער פון דער נעווא. וואָלט קיין מענש אין איהר ניט דערקענט יענע מיידעל, וועלכע האָט מיט עטליכע יאָהר פריהער געגלענצט אין איינעם פון די העכסט אַריסטאָקראַטישע זאַאַלען פון דער הויפּטשטאָדט. זי איז געווען אַן אַלגעמיי־נער ליעבלינג, און יעדער פון אונז, אַריינקומענדיג אין הויז, האָט געהאַט אַ שפּעציעלען שמייכעל פאַר איהר,—אפילו בעת זי פלעגט אונז גוט אויסזידלען פאַרוואָס מיר טראָגען אַזויפיעל בלאָטע מיט אונזערע מוזשיצקע שטיוואַלעס, מיט וועלכע מיר פלעגען קריכען ביז איבער די קניע אין די קליינשטעטעלדיגע גאַסען. די ריינקייט פון „איהר" הייזעל איז ביי איהר געווען אַ מין הייליגע אויפגאַבע, אַ מין האָנאָר. ווען זי האָט זיך מיט אונז געקריגט, האָט זי זיך געפלעגט אָנטאָהן אַ כוח און געבען איהר מיידעל־שען, אונשולדיגען און זעהר אינטעליגענטען פּנים׳על דעם שטרייִנגסטען אויסדרוק, וואָס זי האָט נאָר געקענט. אין איהר מאָראַלישען בעגריף איז זי גע־ווען זעהר שטרענג. בשעת זי וואַר אונצופרידען מיט אימיצענס אויפיהרונג, פלעגט זי אויף איהם וואַרפען אַ שאַרפען בליק פון אונטער איהרע ברעמען; אָבער אין דיעזען בליק האָט איהר געקענט זעהען איהר אָפענהערציגע, איידעלע נאַטור, וועלכע האָט בעגריפען אַלעס, וואָס איז מענשליך אין׳ם מענשען. בלויז אין איין זאַך איז זי געווען אונערביטליך. „אַ יובאָטשניק", האָט זי איין מאָהל אַ זאָג געטאָהן, ריידענדיג פון אַ פרויען נאָכלויפער, און דער אויסדרוק און די מינע מיט וועלכע זי האָט עס געזאָגט, אָהנע זיך אָבצושטעלען אויף אַ רגע פון איהר אַרבייט, זיינען אויף אייביג איינגעקריצט אין מיין זכרון.

פעראָווסקאַיאַ איז געווען אַ פאָלקס־מענש ביז אין דעם טיעפסטען גרונד פון איהר האַרצען, און אין דערזעלבער צייט אַ רעוואָלוציאָנער, אַ קעמפפער פון העכסטען גראַד. זי האָט ניט געברויכט צו בעפוצען די אַרבייטער און די מוזשיקעס מיט איינגעבילדעטע מעלות אום זיי צו ליעבען און פאַר זיי צו אַרבייטען. זי האָט זיי ליעב געהאַט אַזוי ווי זיי שטעהען און געהען, און איין מאָהל רופט זי זיך אָב צו מיר בזה הלשון: „מיר האָבען אָנגעהויבען אַ גרויסע זאַך. צוויי דורות וועלען פיליייכט אונטערגעהן אין דיעזער אונטערנעהמונג און דאָך מוז זי דורכגעפיהרט ווערען." קיין איינע

פֿון די פֿרויען פֿון אונזער קרוזשאַק וואָלט זיך ניט צוריקגעצויגען אפילו ווען דער זיכערער טויט אויף דער תליה זאָל איהר שטעהן פֿאַר די אויגען. גלייך וואָלטען זיי דעם מלאך המות אין פנים געקוקט. אבער קיינע פֿון זיי האָט דאַמאָלס, אין יענעם צושטאַנד פֿון אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ, ניט געטראַכט פֿון אַזאַ סוף. פּערע‏אָווסקאַיאַ'ס בעוואוסטער פאַרטרעט איז פּראַכטפֿאָל; ער בעצייכענט אַזוי דייטליך איהר ערנסטען מוטה, איהר שאַרפֿע אינטעליגענץ און איהר ליעבליכע נאַטור. דער בריעף וואָס זי האָט געשריבען צו איהר מוטער עטליכע שעה איידער זי האָט בעטרעטען דעם שאַפֿאָט, איז דער העכסטער אויסדרוק פֿון אַ ליעבענדער נשמה וועלכען אַ פֿרויען האַרץ האָט יע דיקטירט.

דער פֿאָלגענדער צופֿאַל קען ווייזען ווער די איבריגע פֿרויען פֿון'ם קרוזשאָק זיינען געווען. איין מאָל ביי נאַכט בין איך אַוועק מיט קופּריאַנאָף צו באַרבאַרא ב. ווען מיר האָבען געהאַט עטוואָס וויכטיגעס מיטצוטהיילען. עס איז שוין געווען נאָך האַלבע נאַכט, נאָר זעהענדיג אַז ביי איהר אין צימער לייכט זיך נאָך, זיינען מיר אַרויף, זי איז געזעסען ביים טישעל און האָט קאָפּירט די פּראָגראַם אונזערע. וויסענדיג, ווי ענטשלאָסען זי וואַר, איז אונז אייגעפֿאַלען דער געדאַנקען צו גע־ברויכען איינעם פֿון יענע נאַרישע וויטצען, וועלכע מענער האַלטען פֿאַר אַ חכמה.

„ב.“ האָב איך זיך אָבגערופֿען צו איהר, „מיר קומען עס טאַקי צו אייך. מיר געהן עבען דורכפֿיהרען אַ צימליך משוגע'נעם פּלאַן צו בעפֿרייען אונזערע פֿריינד פֿון'ם קרעפּאָסט.“ אָהנע צו פֿרעגען די מינדעסטע פֿראַגע האָט זי רוהיג אַוועקגעלייגט די פֿעדער און געזאָגט: „נו לאָמיר געהן“. און געזאָגט האָט זי עס מיט אַזאַ'ן איינפֿאַכען הערצליכען טאָן, אַז איך האָב גלייך דערפֿיהלט די נאַרעשקייט פֿון אונזער שפּאַס, און האָב איהר תיכף דערצעהלט דעם אמת. זי איז צוריקגעפֿאַלען אויף איהר בענקעל, מיט טרעהרען אין די אויגען און מיט אַ שטימע פֿול פֿערצווייפֿלונג האָט זי אונז געפֿרעגט: „אַזוי, עס איז בלויז געווען אַ שפּאַס? צו וואָס מאַכט איהר אַזעלכע שפּאַסען?“ איך האָב דאַן פֿערשטאַנען די גרויזאַמקייט פֿון מיין טהאַט.

אַ צווייטער אַלגעמיינער ליעבלינג אין אונזער קרוזשאָק וואַר סערגיי קראַווטשינסקי, וועלכער איז שפּעטער בעריהמט געוואָרען אין ענגלאַנד און אין אַמעריקאַ, אונטער'ן נאָמען סטעפּניאַק. מיר פֿלעגען איהם אָפֿט רופֿען „די בייבי“, ווייל איהם האָט קיין מאָהל ניט געאַרט דאָס מינדעסטע פֿאַר זיך אַליין. אָבער דיעזע אונפֿאָרזיכטיגקייט זיינע איז געווען דער

רעזולטאַט פֿון דעם, וואָס ער האָט זיך פֿאַר קיין זאַך ניט געשראָקען, וואָס דאָס איז נאָך אַלעם די בעסטע טאַקטיק פֿאַר דעם יעניגען, נאָך וועלכען די פּאָליציי יאָגט זיך שטאַרק נאָך. ביי די אַרבייטער איז ער אין גיכען בעקאַנט געוואָרען פֿאַר זיין פּראָפּאַגאַנדאַ אונטער זיין ערשטען נאָמען סערגיי, און דעריבער האָט איהם די פּאָליציי שטאַרק געזוכט; אָבער עס זאָל איהם כאָטש אַ טשעפּע טהאָן! בעהאַלטען וועט ער זיך פֿאַר זיי? און איך געדענק ווי מי האָט איהם איין מאָהל דערפֿאַר נישקשה׳דיג אָנגעזידעלט אויף אַ מיטינג אונזערען. האָבענדיג זיך פֿאַרשפּעטיגט צום מיטינג, וואָס דאָס פֿלעגט מיט איהם ניט פּאַסירען זעלטען און האָבענדיג דורכצומאַכען אַ שפּאָרען מהלך, האָט ער זיך איין מאָל געלאָזט לויפֿען העמדום-פּענדום אין סאַמע מיטען דער פּאַראַדנער גאַס, אַנגעטאָהן ווי א מוזשיק אין אַ קורצען פּעלצעל. „ווי אַזוי טהוט מען דאָס אַזאַ זאַך?“ האָט מען איהם געפֿרעגט מיט כעס. „דאָס האָט דאָך געקענט אויפֿוועקען אַ חשד ביי דער פּאָליציי און מי וואָלט דיך פּשוט אַרעסטירט אַלס אַ געוויינליכען גנב.“ אבער הלואי וואָלטען אַלע געווען אַזוי פֿאָרזיכטיג, ווי ער איז געווען, אין אַנגעלעגענהייטען, וועלכע האָבען געקענט אַנדערע אין געפֿאַר ברענגען.

דאָס ערשטע מאָל וואָס איך בין אינטים בעקאַנט געוואָרען מיט איהם איז געווען איבער סטאַנלי׳ס בוך, „ווי אַזוי איך האָב געפֿונען ליווינגסטאָן.“ איין אָווענד, ווען אוניער מיטינג האָט זיך פֿערצויגען ביז צוועלף ביי נאַכט, און מיר האָבען שוין געהאַלטען ביין פֿונאַנדערגעהן, איז אַריין איינע פֿון די קאָרנילאָף׳ס מיט אַ בוך אונטערן אָרעם און האָט געפֿרעגט, צי עס ניטאָ אַמאָל אימיצער צווישען אונז, וועלכער זאָל זיך קענען אונטערנעהמען איבערצוזעצען, ביז אַכט אַ זייגער אין דער פֿריה, זעכצעהן געדרוקטע זייטלעך פֿון סטאַנלי׳ס בוך. איך האָב אַ קוק געטאָהן אויף די גרויס פֿון די זייטלעך, און האָב געזאָגט, אַז איך וואָלט מיך אונטערנומען די איבערזעצונג פֿאַרטיג צו מאַכען איבער נאַכט, אויב אימיצער זאָל מיר צוהעלפֿען. סטעפּניאַק האָט זיך פֿאָרגעשלאָגען, און אום פֿיער אין דער פֿריה זיינען די זעכצעהן זייטלעך פֿאַרטיג געוואָרען. דאַן האָבען מיר אויסגעליידיגט אַ טאָפּ קאַשע וואָס מי האָט פֿאַר אונז איבערגעלאָזען אויף׳ן טיש, און מאַרש אַהיים. פֿון יענער נאַכט אָן זיינען מיר געוואָרען די בעסטע פֿריינד.

איך האָב תמיד האָלט געהאַט מענשען וועלכע זיינען פֿעהיג צו אַרבייטען, און וועלכע טהוען זייער אַרבייט ריכטיג. סערגיי׳ס איבערזעצונג און זיין פֿעהיגקייט שנעל צו אַרבייטען האָבען דאַרום גלייך געוואונען מיין

סימפאַטהי צו איהם. אָבער שפּעטער ווען אין בין מיט איהם נעהנטער בעקאַנט געוואָרען, האָב איך גענומען פיהלען אמת'ע ליעבשאַפּט פאַר זיין עהרליכע, אָפענהערציגע נאַטור, פאַר זיין יוגענדליכע ענערגיע און געזונ־דען פערשטאַנד, פאַר זיין הויכע אינטעליגענץ, איינפאַכקייט און געטרייקייט, ווי אויך פאַר זיין מוטה און אויסדויער. ער האָט פיעל געלעזען און גע־דענקט, און מכח דעם רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער פון'ם קאַמפף, וועלכען ער האָט אונטערנומען, האָבען מיר געהאַט עהנליכע אַנשויאונגען. ער איז געווען מיט צעהן יאָהר אינגער פאַר מיר, און האָט פיליכט ניט אין גאַנ־צען בעגריפען די שווערקייט פון דעם קומענדען רעוואָלוציאָנערען קאַמפף. ער האָט אונז נאַכהער דערצעהלט, מיט פיעל שפּאַס, ווי ער פלעגט אַמאָל אַרבייטען צווישען די מוזשיקעס אין די דערפער. „איין מאָהל," זאָגט ער, „געה איך מיר אַזוי שפּאַצירען אויף'ן וועג מיט נאָך אַ קאָמע־ראַד, און עס יאָגט אונז אָן אַ פויער מיט אַ שליטען. איך האָב איהם גע־נומען זאָגען, אַז ער דאַרף ניט צאָהלען קיין פּאָדאַטקעס, אַז די טשינאָווני־קעס בערויבען דאָס פאָלק, און איך האָב איהם געוואָלט איבערצייגען מיט פסוקים פון דער תורה, אַז זיי מוזען רעוואָלטירען. דער מוזשיק האָט גע־נומען אונטערשמייסען דעם פערדעל, אָבער מיר נאָך איהם; ער האָט נאָך מעהר געשמיסען די אָרעמע באַשעפענעס; אָבער מיר האָבען זיך געלאָזען נאָך שנעלער לויפען; די גאַנצע צייט האָב איך ניט אויפגעהערט אַגיטירען פאַר איהם מכוח די פּאָדאַטקעס און דעם אויפשטאַנד פון פאָלק. ענדליך האָט דאָס פערד גענומען גאַלאָפּירען; אָבער מיר זיינען נאָכגעלאָפען מיט די לעצטע כוחות אונזערע און אַלץ אַגיטירט און אַגיטירט, ביז מיר זיינען גע־בליבען אָהן אָטהעם."

סטעפּניאַק איז געווען אין קאַזאַן אַ שטיקעל צייט, און איך האָב זיך מיט איהם דורכגעשריבען. ער האָט אייביג פיינד געהאַט צו שרייבען בריף מיט ציפערען, און איך האָב פאָרגעשלאָגען אַנאַנדער מיטעל, אַ מיטעל, וועלכער איז אָפט געברויכט געוואָרען אין קאָנספּיראַציעס. איהר שרייבט זיך אַ געוועהנליכען בריעף וועגען עפּעס, אָבער אין דיזען בריעף האָבען בלויז גע־וויסע ווערטער אַ בעדייטונג,—דאָס פינפטע וואָרט, צום ביישפּיל. מיר האָבען געמוזט שרייבען לאַנגע בריעף פון זעקס, זיבען זייטלעך אום איבער־צוגעבען איין זייטעל נייטיגע ידיעות, און מיר האָבען געמוזט אויסשאַרפען אונזער פאַנטאַזיע אום אָנצופילען די בריעף מיט אַלערליי מעשיות, אין וועלכע מיר פלעגען אַריינשמוגלען אַלערליי ווערטער. סערגיי, פון וועלכען מי האָט ניט געקענט קריגען קיין ציפער־בריעף, האָט זיך צוגעכאַפּט צו דיזען מין קאָרעספּאָנדענץ, און ער פלעגט מיר שיקען בריעף מיט לאַנגע

געשיכטען, וועלכע פּלעגען זיך ענדיגען מיט שוידערענדע און העכסט דראַמאַטישע סצענעס. ער האָט מיר נאַכהער דערצעהלט, אַז דיעזע אַרט קאָרעספּאָנדענץ האָט איהם פיעל געהאָלפען צו דער ענטוויקלונג פון זיין ליטעראַרישען טאַלאַנט. ווען אַ מענש האָט טאַלאַנט, העלפט איהם יעדוועדע זאַך מיט.

אין יאַנואַר אָדער פעברואַר, 1874, בין איך געווען אין מאָסקווע, אין איינע פון די הייזער, אין וועלכע איך האָב פערבראַכט מיין קינדהייט. איין מאָל, פאַרטאָג, האָט מען מיר מודיע געווען, אַז אַ מוזשיק וויל מיך זעהן. איך בין אַרויס און דערזעהן סטעפּניאַק׳ן, וועלכער איז נאָר וואָס געהאַט אַנטלאָפען פון טווער. ער וואַר שטאַרק געבויט, און ער צוזאַמען מיט נאָך איין עקס־אָפיציר, ראַגאַטשאָף, אויך אַ שטאַרק געבויטער מאַן, האָבען זיך אַרויסגעלאָזען אין די דערפער אַלס האָלץ־זעגער. די אַרבייט איז געווען זעהר אַ שווערע, אָבער זיי האָבען ביידע די אַרבייט ליעב געהאַט, און קיינעם וואָלט קיינמאָל ניט איינגעפאַלען, אַז דיעזע צוויי האָלץ־זעגער זיינען עקס־אָפיצירען. אַזוי האָבען זיי זיך אַרומגעשלעפט פון דאָרף צו דאָרף צוויי וואָכען לאַנג, און האָבען פּראָפּאַגאַנדירט רעכטס און לינקס אָהן שום פּחד. אַמאָל פלעגט סערגיי, וועלכער האָט געקענט אויף אויסווענינג כמעט דעם גאַנצען נייעם טעסטאַמענט, ריידען צו די מוזשיקעס אַלס אַ גלח, זיי איבערצייגענדיג פון דער ביבעל גופא, אַז זיי מוזען מאַכען אַ רעוואָלוציאָן. אַמאָל האָט ער זיך בענוצט מיט די אַרגומענטען פון די עקאָנאָמיסטען. די פּויערים האָבען זיך צוגעהערט צו זיי גלייך ווי זיי וואָלטען געווען אמת׳ע אַפּאָסטאָלס דירעקט געשיקט פון גאָט אַליין; זיי האָבען זיי אַרומגעפיהרט פון הויז צו הויז און האָבען זיך ענטזאָגט צו נעהמען געצאָהלט פון זיי. אין פערלויף פון פערצעהן טאָג האָבען זיי געמאַכט אַ גרויסען רושם אין די אַרומיגע דערפער. זייער נאָמען איז געוואָרען פערשפּרייט ווייט און ברייט. די מוזשיקעס, יונג און אַלט, האָבען זיך גענומען שושקענען אין די אויערען מכוח די „דעלעגאַטען", זיי האָבען גענומען ריידען אין דער הויך וועגען די לאַנד וועלכע וועט באַלד צוגענומען ווערען פון די לענדלאָרדס, ווען דער צאַר וועט געבען פּענסיעס דערפאַר. די אינגערע לייט זיינען געוואָרען חוצפה׳דיגער געגענאיבער דער פּאָליציי, טענה׳נדיג: וואַרט נאָר אַקאָרשט, מיר וועלען זיך באַלד אַ נעהם טאָהן; אָבער די בעריהמטהייט פון די האָלץ־זעגער איז דערגאַנגען ביז צו די אויערען פון דער פּאָליציי, און מ׳האָט זיי אַרעסטירט. עס איז אַרויסגעלאָזען געוואָרען אַ בעפעהל זיי אַוועקצופיהרען צום נעהענטסטען נאַטשאַלניק, צעהן מייל ווייט פון דאַנען.

מי האָט זיי גענומן אונטער דער וואַך פֿון עטליכע מוזשיקעס, און אויף׳ן וועג איז זיי אויסגעקומען פֿערבייצוגעהן אַ דאָרף, וועלכער האָט גראַד געפּראַוועט אַ יום טוב. „וואָס, אַרעסטאַנטען? זעהר גוט! קומט נאָר אַריין, פֿעטערעל״, האָבען די מוזשיקעס געשריען. מי האָט זיי דאָרט אָבגעהאַלטען דעם גאַנצען טאָג, און אַרומגעשלעפּט פֿון הויז צו הויז, אַלע האָבען זיי געמוזט טרינקען דאָס אייגען־געמאַכטע ביער וויפֿיעל עס קען נאָר אַריין אין זיי; און די וועכטער האָבען זיך ניט געלאָזען צוויי מאָהל בעטען. זיי האָבען געזויפֿען און האָבען געצוואונגען די אַרעסטאַנטען מיטצוטרינקען מיט זיי. „צום גליק״, האָט סערגיי געזאָגט, „האָבען זיי דערלאַנגט דאָס ביער אין אַזעלכע טיעפֿע הילצערנע בעכער, אַז איך האָב געקענט צולייגען די מויל צום ראַנד פֿון די כלי פונקט ווי איך וואָלט געטרונקען, אָבער קיינער האָט ניט געקענט מערקען וויפֿיעל איך האָב אַראָבגעשלונגען״. פֿאַרנאַכט זיינען די וועכטער שוין געוועזען טויט שכור, און אַזוי ווי זיי האָבען גיט געוואָלט קומען פֿאַר׳ן נאַטשאַלניק אין אַזאַ צושטאַנד, האָבען זיי בעשלאָסען צו נעכטיגען דאָרטען. סערגיי האָט נאָך אַלץ גערעדט מיט זיי; און אַלע האָבען זיך צוגעהערט און באַדויערט, וואָס אַזאַ גוטער מענש איז אַריינגעפֿאַלען. בעת זיי זיינען געגאַנגען שלאָפֿען, האָט אַ יונגער מוזשיק איינגערוימט אַ סוד סערגייען אין אויער אַריין, „ווען איך געה צומאַכען דעם טויער וועל איך איהם ניט פֿ:רשפּאַרען״. די צוויי אַפּאָסטעלס האָבען פֿערשטאַנען דעם וואונק, און אַזוי שנעל ווי אַלע זיינען איינגעשלאָפֿען, האָבען זיי געמאַכט פליטה זיי האָבען זיך געלאָזט לויפֿען מיט אַלע כוחות, און אום פֿינף אַ זייגער אין דער פֿריה זיינען זיי געוועזען צוואַנציג מייל ווייט פֿון דעם דאָרף, ביי אַ קליינער סטאַנציאָן, וואו זיי זיינען מיט דער ערשטער באַהן אַוועק גלייך קיין מאָסקווע. סערגיי איז דאָרט פֿערבליבען, און שפּעטער, ווען מיר אַלע אין פעטערסבורג זיינען שוין געוועזען אַרעסטירט, איז דער מאָסקווער קרוזשאָק, אונטער דעם גייסט פֿון איהם און וואָינעראַלסקי, געוואָרען דער צענטער פֿון אַגיטאַציאָן.

דאַ און דאָרט האָבען זיך בעזעצט קליינע גרופּעס פּראָפּאַגאַנדיסטען אין די שטעדטלעך און דערפֿער, זיך בעשעפֿטיגענדיג מיט אַלערליי מלאכות. אין קוזניעס און אויף קליינע פֿערמס האָט איהר געקענט זעהן יונגע לייט פֿון די רייכערע קלאַסען אַרבייטענדיג פֿלייסיג און שווער, אַבי צו זיין אימשטאַנדע צו קומען אין בעריהונג מיט די אַרבייטס־מאַסען. אין מאָסקווע איז עס דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַ מאַסע יונגע מיידלאַך פֿון רייכע פֿאַמיליעס, וועלכע האָבען געהאַט שטודירט אין דעם ציריכער אוניווערזיטעט און האָבען געגרינדעט אַ בעזונדערע אָרגאַניזאַציאָן, זיינען אַריין

אין די באַנוועל־פאַבריקען, וואו זיי פלעגען פראַצעוועו פון 14 ביז 16 שטונדען אַ מעת לעת, און פלעגען וואוינען אין די פאַבריק קאזאַרמעס, פיהרענדיג דאָסזעלבע מיזעראַבלע לעבען, ווי די רוסישע פאַבריק־מיידלאַך. דאָס איז געוועזען אַ הערליכע בעוועגונג, אין וועלכע עס האָבען זיך בעטיי־ליגט ווי וועניג, פון צוויי ביז דריי טויזענד פערזאָן, און צווי אָדער דריי מאָל אַזוי פיעל האָבען סימפּאַטיזירט און אונטערשטיצט די טהעטיגע פיאָנערען מיט אַלע מעגליכקייטען. מיט מעהר ווי העלפט פון דיעזער מחנה האָט זיך אונזער פּעטערסבורגער קרוזשאָק רעגעלמעסיג איבערגעשריבען,—נאַטירליך, אימער אויף ציפער לשון.

די ליטעראַטור, וועלכע מי האָט געקענט אין רוסלאַנד אַרויסגעבען אונטער דער שטערענגער צענזור—אַ צענזור, וועלכער האָט אונטערדריקט דעם שוואַכסטען שפור פון אַ סאָציאַליסטישען געדאַנקען—האָט אונז ניט לאַנג בעפרידיגט, און מיר האָבען געגרינדעט אַן אייגענע דרוקעריי אין אויסלאַנד. פאַמפלעטקעס פאַר די אַרבייטער און פויערים האָבען געמוזט געשריבען ווערען זעהר אָפט, און אונזער קליינער „ליטעראַטור־קאָמיטעט,״ פון וועלכען איך בין געוועזען אַ מיטגליד, איז געוועזען פערלייגט ביז איבער׳ן קאָפּ מיט אַרבייט. סערגיי האָט אָנגעשריבען צוויי אַזעלכע בראָשורקעס, נאַטירליך פערשטעלט און פערדעקט מיט כלומרשט׳דיגע צויבער־מעשיות, וועלכע זיינען שטאַרק פערברייט געוואָרען אין פאָלק, ווייל אַנדערש האָט מען דעם סאָציאַליזמוס ניט געקענט אַריבערשמוגלען איבער דעם ביטערען גרענעץ פון דער צענזור. די ביכער און בראָשורען, וועלכע זיינען געדרוקט געוואָרען אין אויסלאַנד זיינען טויזענדערווייז אַריינגעפיהרט געוואָרען אין רוסלאַנד, זיינען אָבגעלייגט געוואָרען אין געוויסע פלעצער און פון דאָרטען צושיקט צו די לאָקאַלע גרופּען, וועלכע האָבען זיי פאַנאַנדערגעטהיילט צווי־שען די פויערים און די פאַבריק־אַרבייטער. אַלעס דאָס האָט נאַטירליך געפאָדערט אַ גרויסע אָרגאַניזאַציאָן, און אויך פיעלע נסיעות און אַ קאָ־לאָסאַלע קאָרעספּאָנדענץ, בעזאָנדערס אום צו בעשיצען אונזערע מיטהעל־פער און בוכלאַגערס פון דער פּאָליציי. מיר האָבען געהאַט ספּעציעלע ציפערען פאַר די פערשידענע פּראָווינציעלע גרופּען, און אָפט נאָכדעם ווי זעקס אָדער זיבען שעה צייט זיינען פערבראַכט געוואָרען, דיסקוטירענדיג אַלע איינצעלהייטען, האָבען די פרויען, וועלכע האָבען זיך ניט געוואָלט פערלאָזען אויף אונזער פּינקליכטקייט אין דער ציפער־קאָרעספּאָנדענץ, פער־בראַכט גאַנצע נעכט פערשרייבענדיג גרויסע בויגענס פּאַפּיר מיט קאַבאַ־ליסטישע פיגורען און צייכענס.

ביי אונזערע פערזאַמלונגען האָט תמיד געהערשט די ברידערליכסטע

הערצליכקייט. פֿאָרזיצענדע און אַנדערע פֿאָרמאַליטעטען זיינען אַזוי פֿאַרהאַסט ביים רוסע, אַז מיר האָבען זיי קיינמאָל ניט געהאַט אויף די מיטינגס אונזערע; און כאָטש אפילו אונזערע דעבאַטען זיינען אָפֿטמאָלס געווען זעהר היציגע, בעזאָנדערס, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט מכוח „פּראָגראַמעס", פֿון דעסטוועגען זיינען מיר תמיד אויסגעקומען אָהן די פֿאָרמאַליטעטען פֿון די מעריב־לענדער. אַלעס, וואָס מי האָט געברויכט איז געווען אַ פֿאָלשטענדיגע ערנסקייט, אַן אַלגעמיינער וואונש צו שליכטען אַלע שוועריגקייטען ווי אַם בעסטען, און אַן אָפֿען אויסגעשפּראָכענע פֿעראַכטונג פֿאַר אַלעם דעם, וועלכעס האָט אַרויסגעוויזען דעם מינדעסטען טעאַטראַלישען עפֿעקט. ווען אימיצער פֿון אונז האָט געסמייעט אַרויסצואווייזען זיין אָראַטאָרישע רעדנער־קראַפֿט ביי אַ מיטינג, האָבען איהם באַלד עטליכע פֿריינדליכע וויטצען דערמאָנט, אַז זיין טרחה איז ניט אַם פּלאַץ. מיר האָבען אָפֿט געמוזט צובייסען ביי די מיטינגס, און דיעזע מאָהלצייטען זיינען תמיד בעשטאַנען פֿון געבייטעלט ברויט מיט אוגערקעס, אַ שטיקעל קעז, און אַ היבש ביסעל וואַסערדיגע טהעע צו לעשען דעם דורשט אונזערען, ניט דאַרום ווייל ס'האָט אונז אויסגעפֿעהלט געלד; ס'איז אימער געווען גענוג, און דאָך האָבען מיר קיינמאָל ניט געהאַט צופֿיעל אום אימשטאַנד צו זיין צו דעקען די אַלץ גרעסערע און גרעסערע הוצאות פֿאַר דרוקען, טראַנספּאָרטירען ביכער, בעהאַלטען פֿריינד, וועלכע די פּאָליציי האָט געזוכט, און פֿאַר נייע אונטערנעהמונגען.

אין פּעטערסבורג האָט עס אונז ניט לאַנג גענומען בעפֿאָר מיר האָבען עטאַבלירט אַ ברייטע בעקאַנטשאַפֿט אונטער די ארבייטער. סערדוקאָף, אַ יונגער מאַן מיט גרויסאַרטיגער בילדונג, האָט געקראָגען אַ סך פֿריינד צווישען די אינזשענירען, פֿון וועלכע דאָס רוב האָבען געאַרבייט אין דער רעגירונגס־פֿאַבריק פֿון דער אַרטילעריע דעפּאַרטאַמענט, און ער האָט אָרגאַניזירט אַ קרוזשאָק פֿון וועלכע דרייסיג מיטגלידער, וועלכע פֿלעגען זיך צוזאַמענקומען פֿאַר פֿאָרלעזונגען און דיסקוסיאָנען. די אינזשענירען אין פּעטערסבורג קריגען אַ נישקשה'דיגען געהאַלט, און די אונפֿערהייראַטע זיינען ניט שלעכט אָב. זיי זיינען אין גיכען בעקאַנט געוואָרען מיט דער ראַדיקאַלער און סאָציאַליסטישער ליטעראַטור פֿון יענער צייט, — באָקל, לאַסאַל, מילל, דרייפּער, שפּיעלהאַגען; און אין זייער אַנזיכט האָבען זיך דיעזע אינזשענירען ווענig אונטערשידען פֿון סטודענטען. בעת קעלניץ, סערגיי און איך זיינען אַריינגעטראָטען אין די בעוועגונג, האָבען מיר זייער קרוזשאָק אָפֿט בעזוכט און מיר פֿלעגען האַלטען פֿאַרשידענע פֿאָרטרעגע פֿאַר זיי. דאָך זיינען אונזערע האָפֿנונגען, אַז דיעזע יונגע מענשען

וועלען מיט דער צייט ווערען הייסע פּראָפּאַגאַנדיסטען צווישען די וועניגער פּריווילעגירטע אַרבייטער, ניט פּערווירקליכט געוואָרען. אין אַ פרייע לאַנד וואָלטען זיי געווען די געוועהנליכע וואָרט־פיהרער אויף עפענטליכע פערזאַמלונגען; אָבער אַקוראַט ווי די פּריווילעגירטע זייגערמאַכער פון זשענעוואַ, האָבען זיי אויך געקוקט אויף די „פּראָסטערע״ אַרבייטער פון אויבען אַראָב, און צו ווערען מאַרטירער פאַר די סאָציאַליסטישע זאַכע האָבען זיי זיך הפנים ניט שטאַרק געאיילט. ערשט שפּעטער, נאָכדעם ווי זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרען און נאָכדעם ווי זיי זיינען אָבגעזעסען צו דריי, פיער יאָהר אין די טורמעס בלויז דערפאַר, וואָס זיי האָבען געהאַט די חוצפּה צו דענקען סאָציאַליסטיש, און נאָכדעם ווי זיי האָבען געהאַט מיט זייערע אייגענע ליידען אויסגעמאָסטען די פולע טיפעניש פון רוסישען דעספּאָטיזמוס, ערשט דאַן זיינען אַ סך פון זיי געוואָרען היציגע פּראָפּאַגאַנדיסטען, דער הויפּט פון אַ פּאָליטישער רעוואָלוציאָן.

מיין האַרץ איז געווען ספּעציעל מיט די וועבער און די באַנוועל אַרבייטער. אין פּעטערסבורג זיינען פאַראַן טויזענדער זייערע, וואָס אַרבייטען דאָרט אין ווינטער און קעהרען צוריק זומער אין די דערפער, וואו זיי בעאַרבייטען די פעלדער, אויף וועלכע זיי זיינען געבאָרען געוואָרען. האַלב פּויער און האַלב פאַבריק־אַרבייטער, פלעגט דיזער סאָרט פּראָלעטאַריער דאָס רוב בלייבען ביים סאָציאַלען גייסט פון דעם רוסישען מוזשיק. די בעוועגונג האָט זיך פערשפּרייט ווי ווילד־פייער צווישען זיי. מיר האָבען געמוזט צוריקהאַלטען זייער פייערדיגען גייסט; אַז ניט וואָלטען זיי געבראַכט צו שלעפּען צו אונז אויף די לאַזשעס הונדערטע מיט אַ מאָל, יונגע און אַלטע. די מעהרסטע פון זיי האָבען געלעבט אין קליינע גרופּען, אָדער אַרטעלען, צעהן אָדער צוועלף זייערע פלעגען זיך דינגען אַ דירה צוזאַמען און עסען צוזאַמען, און צום סוף חודש פלעגט יעטוועדער בעצאָהלען זיין חלק הוצאה. אין דיעזע לאַזשים פלעגען מיר אָפט געהן, און די וועבער האָבען אונז אין גיכען בעקאַנט געמאַכט מיט אַנדערע אַרטעלען, פון שטיין־האַקער, טשעסליאַרעס, און דאָס גלייכען. אין מאַנכע פון דיעזע אַרטעלען זיינען סערגיי, קעלניץ און נאָך צוויי פון אונזערע פריינד, געווען ווי ביי זיך אין דער היים, און פלעגען פערברייינגען גאַנצע נעכט ריידענדיג איבער סאָציאַליזמוס. אַ חוץ דעם, האָבען מיר געהאַט אין פערשידענע קוואַרטאַלען פון פּעטערסבורג בעזונדערע דירות, וועלכע זיינען אויפגעהאַלטען געוואָרען פון אונזערע מענשען, און אַהין פלעגען קומען צעהן, צוועלף אַרבייטער יעדען אויף דער נאַכט זיך לערנען שרייבען און לעזען, און דערנאָך זיך דורכשמועסען אַביסעל מכוח אַנדערע זאַכען. פון צייט צו צייט

פֿלעגט איינער פֿון אונז אַוועק אין די דערפֿער פֿון אונזערע נייע פֿריינד, און פֿערברייגגען מיט זיי צוזאַמען אַ פּאָר וואָכען, פּראָפּאַגאַנדירענדיג דאָרט פֿראַנק און פֿריי צווישען די מוזשיקעס.

פֿערשטעהט זיך, אַז אַלע די וואָס האָבען געהאַט עסקים מיט דיעזען קלאַס אַרבייטער האָבען געמוזט זיין אָנגעטהאָן פּונקט אַזוי ווי זיי אַליין; ד. ה. אין מוזשיטשקע קליידער. דער אָבגרונד צווישען די פּויערים און די געבילדעטע איז אַזוי גרויס אין רוסלאַנד, און די בעריהרונג איז צווישען זיי אַזוי זעלטען, אַז ניט נאָר אין דאָרף ציהט אויף זיך דער שטעדטיש געקליידעטער די אַלגעמיינע אויפֿמערקזאַמקייט, נאָר אפילו אין שטאָדט ווען מי זעהט איינעם, וועמעס שפּראַך און קליידער זיינען ניט די פֿון אַן אַרבייטער, אומגעהן מיט אַרבייטער, ווערט באַלד דער פֿערדאַכט פֿון דער פּאָליציי ערוועקט און מי הויבט איהם אָן נאָכצושפּירען. „צו וואָס ברויך ער אַרומצוגעהן מיט „נידריגע" מענשען, אויב ער האָט ניט דערביי עפּעס אַ בייזע מחשבה?" מיר איז אָפֿט אויסגעקומען נאָך אַ גרויסאַרטיגען מיטאָג אין אַ פֿירשטליכע הויז, אָדער גאָר אין'ם ווינטער־פּאַלאַץ פֿון'ם קייזער, וואוהין איך האָב מיך אָפֿט בעגעבען אום זיך צו זעהען מיט אַ פֿריינד, צו כאַפּען אַ דראָשקע, און אַוועקצולויפֿען אויף אַן אָרעמען סטודענט'ס לאָזשי ערגעץ אין אַ פֿאָרשטעדטעל, אויף גיך אומבייטען מיין פֿראַק גאַרדעראָבע אויף אַ ציצענע העמד, מוזשיטשקע סטיוועל, אַ קורץ פּעלצעל, און פּלוידערענדיג מיט די פּויערים אויף'ן וועג, זיך צו בעגעבען צו מיינע נייע פֿריינד, די אַרבייטער, ערגעץ אין אַ שמוציגע הינטער־געסעל. איך האָב זיי דערצעהלט, וואָס איך האָב געזעהן פֿון דער אַרבייטער בעוועגונג אין אויסלאַנד. זיי האָבען זיך נייגיריג צוגעהערט; ניט אַ וואָרט האָבען זיי פֿערלוירען; און דאַן איז געקומען די פֿראַגע: „וואָס קענען מיר טהאָן אין רוסלאַנד?" „אַגיטירט, אָרגאַניזירט" האָבען מיר געענטפֿערט, „דער וועג איז ניט קיין דרך המלך, ער איז פֿול דערנער," און מיר האָבען זיי פֿאָרגעלעזען אַ פּאָפּולערע געשיכטע פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. יעדער איינער האָט בעוואונדערט ה. שאָוועל, וועלכער איז אַרומגעגאַנגען אין פֿראַנקרייך פֿון דאָרף צו דאָרף, פֿערטהיילענדיג פֿערבאָטענע ביכער, און אַלע האָבען זיי געברענט מיט חשק צו פֿאָלגען זיין ביישפּיל. „רייד זיך דורך מיט אַנדערע," האָבען זיי געראַטהען, „ברייגגט זיי צוזאַמען און ווען מיר וועלען זיין גענוג גרויס אין צאָהל, וועלען מיר דאַמאָלס זעהן וואָס מי קען טהאָן." זיי האָבען פֿאָלקאָמען פֿערשטאַנען, און מיר האָבען בלויז געברויכט איינצוהאַלטען זייער פֿייערדיגען ענטהוזיאַזמוס.

צווישען זיי האָב איך פֿערבראַכט מיינע גליקליכסטע שטונדען. דער

טאָג פֿון ניי־יאָהר פֿון 1874, דער לעצטער אָוועגד, וועלכען איך האָב פֿערבראַכט אין רוסלאַנד אין פֿרייהייט, איז בעזאָנדערס איינגעקריצט אין מיין זכרון. איין אָוועגד בעפֿאָר, בין איך געווען אין אַן ערהאַבענע געזעל־שאַפֿט. ערמונטערענדע, נאָבעלע ווערטער זיינען אויסגעשפּראָכען געוואָרען יענע נאַכט וועגען דעם בירגער׳ס פֿפליכט, דאָס וואָהל־זיין פֿון׳ם לאַנד און דאָס גלייכען; אָבער אונטער אַלע דיעזע ריהרענדע רעדען האָט זיך גע־הערט איין און דערזעלבער טאָן: ווי היט מען דאָ די אייגענע פּערזאָן. דאָך האָט קיינער ניט געהאַט דעם מוטה צו זאָגען אָפֿען, אַז ער איז בערייט צו טהאָן בלויז דאָס, וואָס וועט ניט ברייגגען אין געפֿאַהר זיין אייגענע הויט. סאָפֿיזמען—סאָפֿיזמען אָהן אַ סוף—וועגען די לאַנגזאַמקייט פֿון עוואָלוציאָן, די אונטהעטיגקייט פֿון די נידריגע קלאַסען, די נוצלאָזיגקייט פֿון אָפּפֿער, זיינען אָנגערעדט געוואָרען, אום צו רעכטפֿערטיגען די בעהאַלטענע געדאַנקען. און אַלעס דאָס איז געווען צוזאַמענגעמישט מיט פֿערזיכערונגען פֿון יעדענס בערייטוויליגקייט צו ברייגגען אָפּפֿער. איך בין אַוועק אַהיים; אַ געוואַלדיגע טרויעריגקייט האָט מיך בעהערשט אין מיטען פֿון דיעזע אַלע ריידערייען.

אויף מאָרגען אין דער פֿריה בין איך אַוועק אויף אַ וועבער פֿער־זאַמלונג, וועלכע האָט שטאַטגעפֿונען אין אַן אונטעראירדישען פֿינסטערען חדר. איך בין געווען אָנגעטהאָן ווי אַ מוזשיק און האָב מיך פֿערלאָרען אין דער מאַסע פֿון די איבעריגע פּויערשע פּעלצלעך. מיין חבר, וועלכער איז געווען בעקאַנט מיט די אַרבייטער, האָט מיך פֿאָרגעשטעלט איינפֿאַך: „באָראָדין, אַ פֿריינד". „דערצעהל אונז, באָראָדין", האָט ער געזאָגט, „וואָס דו האָסט געזעהן אין אויסלאַנד". און איך האָב גערעדט וועגען די אַרביי־טער־בעוועגונג אין מעריב־אייראָפּאַ, איהרע קעמפּפֿע, איהרע שוועריגקייטען און איהרע האָפֿנונגען.

דאָס פּובליקום איז בעשטאַנען מייסטענטהיילס פֿון מיטעליעהריגע מענשען, וועלכע וואַרען שטאַרק פֿעראינטערעסירט. זיי האָבען מיך געפֿרעגט פֿראַגען, אַלעס צום פּונקט, וועגען די קלענסטע איינצעלהייטען פֿון די אַרבייטער־יוניאָנס, די ציעלען פֿון די אינטערנאַציאָנאַלע אַסאָסיאַציאָן, און איהרע שאַנסען אויף ערפֿאָלג. נאָכהער זיינען געקומען פֿראַגען מכוח רוס־לאַנד גופא; וואָס דאָ קען געטהאָן ווערען און מכוח די אויסזיכטען פֿון אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ. איך האָב קיינמאָל ניט פֿערקלענערט די געפֿאַהר פֿון אונזער אַגיטאַציאָן און האָב אָפֿען אַרויסגעזאָגט, דאָס וואָס איך האָב גע־דענקט. „אונז וועט מען מסתמה פֿערשיקען נאָך סיביר אין אַ שענעהם טאָג, און אייך—אַ סך פֿון אייך—וועט מען אָבהאַלטען מאָנאַטען לאַנג אין

געפּענגנים, דערפֿאַר וואָס איהר האָט אויסגעהערט אונזערע רעדעס". דיעזע פֿינסטערע אויסזיכט האָט זיי ניט אָבגעשראָקען. „נו, וואָס איז? אין סיביר זיינען דאָך אויך דאָ מענשען—ניט בלויז בערען." „דאָרט וואו מענשען לעבען, קענען דאָך אַנדערע אויך לעבען". „דער טייוועל איז ניט אַזוי שוואַרץ, ווי מ'מאָלט איהם". „אַז מ'געהט אין דער מלחמה, מוז מען קענען פּולווער שמעקען", האָבען זיי געענטפֿערט, בעת מיר האָבען זיך מיט זיי געזעגענט, און נאַכהער, ווען עטליכע פֿון זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרען, האָבען זיי כמעט אַלע זיך געהאַלטען בראַוו און האָבען קיינעם פֿון אונז ניט אַרויסגעגעבען.

אין די צוויי יאָהר פֿון וועלכע איך רייד דאָ יעצט זיינען פֿיעלע פֿערהאַפֿטונגען געמאַכט געוואָרען אי אין פּעטערסבורג, אי אויף דער פּראָווינץ. עס איז ניט אַוועק איין מאָנאַט מיר זאָלען ניט פֿערלירען איינעם פֿון אונזער מיטע, אָדער ניט הערען פֿון דיעזער אָדער יענער פּראָווינציאָנעלער גרופּע, אַז קאַמעראַדען זיינען פֿערשוואונדען געוואָרען. אַם ענדע פֿון 1873, זיינען די אַרעסטען געוואָרען וואָס אַ מאָל אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער. אין נאָוועמבער איז איינע פֿון די פֿאָרשטעדטלעך פֿון פּעטערסבורג איבערפֿאַלען געוואָרען פֿון דער פּאָליציי. מיר האָבען פֿערלאָרען פּעראָווסקאַיאַ און דריי אַנדערע פֿריינד, און אַלע אונזערע פֿערבינדונגען מיט די אַרבייטער פֿון יענעם שטעדטעל האָבען געמוזט אָבגעהאַקט ווערען. מיר האָבען געגרינדעט אַ נייעם פֿעראיין ווייטער אַרויס פֿון שטאָדט, אָבער אויך דיעזען האָבען מיר שנעל געמוזט אויפֿגעבען. די פּאָליציי איז געוואָרען זעהר וואַכזאַם, און די ערשיינונג פֿון אַ סטודענט אין אַן אַרבייטס־קוואַרטאַל איז גלייך געוואָרען פֿערדעכטיגט. איבעראַל צווישען די אַרבייטער האָבען זיך געפֿונען שפּיאָנען, וועלכע האָבען זיי שטאַרק געהיט. דימיטרי קעלניץ, סערגיי און איך, אין אונזערע קורצע פּעלצלעך, און מיט אונזער פּויערשען אויסזעהען, זיינען ווי עס איז דורך אונבעמערקט, און מיר האָבען ווייטער, ווי פֿריהער בעזוכט די געפֿעהרליכע מקומות. אָבער דימיטרי און סערגיי, וועלכע זיינען בעריהמט געוואָרען אין די אַרבייטער־קוואַרטאַלען, זיינען שטאַרק געזוכט געוואָרען פֿון דער פּאָליציי, און ווען מען וואָלט זיי צופֿעליג געפֿונען אין דער צייט פֿון אַן אָביסק אויף אַ פֿריינד'ס לאָזשי, וואָלט מען זיי גלייך אַרעסטירט. עס זיינען געווען צייטען, ווען דימיטרי האָט געמוזט אַרומגעהן אַ גאַנצען טאָג און זוכען אַ פּלאַץ, וואו ער זאָל קענען נעכטיגען, מיט מעהר אָדער וועניגער זיכערהייט. „קען איך ניט שלאָפֿען דאָ ביי דיר היינטיגע נאַכט?" פֿלעגט ער אַ פֿרעג טהאָן, אַריינפֿאַלענדיג שפּעט אין אָווענד צו אַ קאַמעראַד. „אונמעגליך. מיין לאָזשי ווערט שטאַרק שפּיאָנירט די

לעצטע צייט. געה בעסער צו נ." „אט קום איך עבען פון איהם, און ער זאגט אז זיין נאכבארשאפט איז פול מיט שפיאנען". „טא געה זשע אריבער צו מ. ער איז א גוטער פריינד מיינער און אויסער פערדאכט. אבער עס איז ווייט פון דאנען און דו מוזט נעהמען איין איזוואזטשיק. אט איז געלד". אבער דימיטרי האט אוים פרינציפ קיינמאל קיין איזוואזשטשיק ניט גענומען. ער פלעגט זיך לאזען געהן אזש אין יענעם עק שטאדט אום צו געפינען א נאכטלעגער, אדער א ניט, איז ער אריין צו א פריינד, וועלכער האט יעדע מינוט ערווארטעט אן אביסק ביי זיך.

אין יאנואר 1874, איז אן אנדער גרופע בעפאלען געווארען פון דער פאליציי — אונזער הויפט פעסטונג פון פראפאגאנדא צווישען די וועבער. מאנכע פון אונזערע בעסטע קרעפטע זיינען פערשוואונדען געווא־רען הינטער די טויערען פון דער געהיימער דריטער אטדעלעניע.

אונזער צירקעל איז געווארען וואס אמאל קלענער. אלגעמיינע פערזאמלונגען זיינען געווארען שווערער. מיר האבען געמאכט פער־צווייפעלטע אנשטריינגונגען צו בילדען נייע גרופען פון יונגע לייט, וועלכע זאלען קענען פארטזעצען די ארבייט בעת מיר וועלען אלע זיין ארעסטירט.

טשאיקאווסקי איז דאמאלס געווען אין זיד רוסלאנד און מיר האבען געצוואונגען דימיטריען און סערגייען צו פערלאזען פעטערסבורג—בוכשטעב־ליך מיט געוואלט זיי ארויסגעטריבען פון שטאדט. פון גאנצען קרוזשאק זיינען בלויז געבליבען פינף אדער זעקס אונזערע. איך האב גערעכענט, אזוי שנעל ווי איך וועל איבערגעבען מיין בוך דער געאגראפישער גע־זעלשאפט, אבצופארען אין זיד־וועסט רוסלאנד, און דארט צו גרינדען א לאנד־פעראיין. עהנליך צו דעם פעראיין, וועלכער איז געווען אזוי מעכטיג אין אירלאנד אם ענדע פון די זעכציגער יאהרען.

נאך צוויי מאנאט, מעהר אדער ווייניגער שטילע, האבען מיר אויס־געפונען אין מיט'ן מערץ, אז כמעט דער גאנצער קרוזשאק פון די אינ־זשענערען איז ארעסטירט געווארען און מיט זיי א יונגער מאן מיט דעם נאמען ניזאווקין, א געוועזענער סטודענט, וועלכען זיי האבען אונגליקליכער ווייזע געשאנקען צופערטרויען; מיר זיינען געווען זיכער, אז אום זיך ריין צו וואשען, וועט דיעזער חברה'מאן אונז אלעמען ארויסגעבען. א חוץ די־מיטריען און סערגייען האט ער אויך געקענט סערדאקאווען, דעם גרינדער פון קרוזשאק, און מיך. אין עטליכע טעג ארום זיינען צוויי וועבער—זעהר אונפערטרויליכע חברה־לייט, וועלכע האבען אפילו געהאט אויסגעשווינ־דעלט געלד פון זייערע קאמעראדען, און וועלכע האבען מיך געקענט

אונטער דעם נאָמען באָראָדין—אַרעסטירט געוואָרען. מיר האָבען געוואוסט, אַז זיי וועלען געווים ארויסשיקען די פּאָליציי אויף'ן שליאַד פון באָראָדין, דעם מאַן, וועלכער איז געגאַנגען אָנגעטאָהן ווי אַ מוזשיק, און האָט אָפּט גערעדט ביי די וועבער־פערזאַמלונגען. אין אַ וואָך ציים זיינען אַלע מיטגלידער פון אונזער קרוזשאָק אַרעסטירט געוואָרען, אַ חוץ סערדאָקאָוו און איך.

פאַר אונז ביידען, סערדאָקאָווען און מיר, איז אַלזאָ קיין אַנדער ברירה ניט געבליבען, ווי צו ענטלויפען פון פעטערסבורג—וואָס דאָס האָבען מיר גראַדע ניט געוואָלט. די גאַנצע אונגעהייערע אָרגאַניזאַציאָן אונזערע צו דרוקען בראָשורען און זיי אַריינצושמוגלען קיין רוסלאַנד; דער גאַנצער פלאָנטער פון קרייזען, פאַרמס און קאָלאָניעס מיט וועלכע מיר האָבען זיך קאָרעספּאָנדירט כמעט אין פערציג (פון די פופציג) גובערניעס פון אייראָפּעאישען רוסלאַנד, און וועלכע זיינען לאַנזאַם אויפגעבויט געוואָרען אין פערלויף פון די לעצטע צוויי יאָהר; און ענדליך אונזערע אַרביי־טער־גרופען פון פעטערסבורג און אונזערע פיער פערשידענע צענטערס פאַר פּראָפּאַגאַנדאַ אונטער די אַרבייטער פון דער הויפּט שטאָדט—ווי האָבען מיר דאָס אַלעס געקענט לאָזען אין מיטען, איידער מיר האָבען געפונען אַנדערע מענשען, וועלכע זאָלען קענען אָנפיהרען אונזער אַרבייט? מיר האָבען בעשלאָסען אַריינצונעהמען אין אונזער קרוזשאָק צוויי נייע מיטגלידער, און זיי איבערגעבען די אַרבייט. מיר האָבען זיך יעדען אָוונד בעגעגענט אין פערשידענע טהיילען פון שטאָדט. און אַזוי ווי מיר האָבען קיינמאָל ניט געהאַלטען קיין געשריבענע נעמען אָדער אַדרעסען, האָבען מיר זיי געמוזט אויסלערנען הונדערטע נעמען און אַדרעסען און אַ דוצען ציפער־לשונות, זיי איבערזאָגענדיג איין מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז אונזערע נייע פריינד האָבען זיי געהאַט אויסגעלערנט אויף אויסווייניג. יעדען אָוונד האָבען מיר אַזוי אַרום איבערגעקוקט די גאַנצע לאַנדקאַרטע פון אייראָפּאַ, זיך בעזאָנדערס אָבשטעלענדיג אויף די גרענעצען פון די מעריב לענדער, וועלכע זיינען געווען בעזעצט מיט מענער און פרויען, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דעם וואָס זיי פלעגען אָבנעהמען די ביכער פון די מויליכערס, און אויף די מזרח גובערניעס, וואו מיר האָבען געהאַט אונזערע הויפט־קאָלאָניעס. דאַן האָבען מיר אויך געמוזט, אימער פערקליידעטערהייד, נאַטירליך, אַרומפיהרען אונזערע נייע קאַמעראַדען צו אונזערע סימפּאַטיזירער, און פאָרשטעלען זיי פאַר די אַרבייטער, וועלכע וואַרען נאָך ניט אַרעסטירט.

מיר האָבען געמוזט פון צייט צו צייט נעלם ווערען פון אונזער

וואָהנונג און זיך בעזעצען אונטער אַ פריש געבאַקענעם נאָמען און אַ שפּאָגעל נייע דירה. סערדאָקאָוו איז אַוועק פון זיין לאָזשיע, און ניט האָ־בענדיג קיין פּאַספּאָרט, האָט ער זיך בעהאַלטען ביי פערשידענע פריינד. איך האָב אויך געזאָלט אַזוי טהאָן, אָבער אַ מאָדנער אומשטאַנד האָט זיך אַריינגעמישט. איך האָב גראַד דאַמאָלס געהאַט געענדיגט מיין בוך איבער די אייזיגע שיכטען פון פינלאַנד און רוסלאַנד, און דאָס האָט געזאָלט פאָר־געלעזען ווערען ביי אַ מיטינג פון דער געאָגראַפישער געזעלשאַפט. די איינלאַדונגען זיינען שוין געווען ארויסגעשיקט, אָבער אַזוי ווי גראַד אין יענעם טאָג האָבען ביידע געאָלאָגישע געזעלשאַפטען פון פעטערסבורג געהאַט אַ געמיינשאַפטליכע פערזאַמלונג, האָבען זיי געבעטען די געאָגראַפישע גע־זעלשאַפט זי זאָל אָבלייגען מיין רעפּאָרט אויף אַ וואָך. זיי האָבען געוואוסט אַז איך וועל פאָרברייגגען געוויסע אידעען וועגען די פערשפּרייטונג פון דער אייז־פלעכע אַזוי ווייט ווי מיטעל רוסלאַנד; און אונזערע געאָלאָגען, מיט דער אויסנאַהמע פון מיין פריינד און לעהרער, פרידריך שמידט, האָבען געהאַלטען עס פאַר אַ צו פאַנטאַסטישע טהעאָריע, און האָבען געוואָלט גרינדליך דיסקוטירען דעריבער. איך האָב אַלזאָ ניט געקענט אָבפאָהרען ביז אין אַ וואָך אַרום.

פרעמדע מענשען פלעגען אַרומקריכען אַרום מיין הויז, פלעגען צו מיר אַריינקומען מיט אַלערליי משונה׳דיגע תירוצים: איינער האָט, למשל, געוואָלט קויפען אַ וואַלד פון מיין גוט אין טאַמבאָוו, וואו עס איז גאָר קיינ־מאָל קיין וואַלד ניט געווען. איך האָב אויף׳ן גאַס איינמאָל דערזעהן איינעם פון די צוויי אַרעסטירטע וועבער, וועלכע איך האָב שוין פריהער דערמאָנט, און אַזוי האָב איך אויסגעפונען, אַז מיין הויז ווערט געוואָטשט. דאָך האָב איך זיך געמוזט מאַכען ווי ניט מיך מיינט עס, מחמת איך האָב געמוזט פאָרקומען פאַר די געאָגראַפישע געזעלשאַפט דעם קומענדען פריי־טאָג צו נאַכט.

דער מיטינג איז אָבגעהאַלטען געוואָרען. די דיסקוסיאָנען זיינען גע־ווען זעהר לעבהאַפטע, און איין פונקט לכל הפחות, אין געוואונען געוואָ־רען. עס איז אַנערקענט געוואָרען, אז אַלע אַלטע טהעאָריעס וועגען די מבול־פעריאָדע אין רוסלאַנד וואַרען גענצליך פאַלש, און אַז מי מוז גאָר אויף דאָס נייע אָנהויבען צו אונטערזוכען דיעזע פראַגע, און פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט. איך האָב געהאַט דעם פערגעניגען צו הערען אונזער גרעסטען געאָלאָג באַרבאָ־דע־מאָרני, זאָגען: „יאַ אייז־שיטע, ניט אייז־שיכטע, מיר מוזען צוגעבען מיינע הערען, אַז אַלעס וואָס מיר האָבען פריהער געוואוסט וועגען די אַרבייט פון דעם שווימענדען אייז האָט יעצט לחלוטין קיין שום

באָדען ניט אין ווירקליכער פֿאָרשונג". און באַלד אויף'ן זעלבען מיטינג בין איך פֿאָרגעשלאָגען געוואָרען אַלס פּרעזידענט פֿון דער פֿיזיש-געאָגראַפֿישער סעקציאָן, וועהרענד איך האָב זיך אַליין געפֿרעגט צו איך וועל נאָך די זעלבע נאַכט ניט ברויכען צו נעכטיגען אין דער טורמע פֿון דער „טרעטיע אָטדעלעניע".

עס וואָלט גלייכער געווען פֿאַר מיר גאָר ניט צוריקצוקעהרען אויף מיין לאָזשיע, אָבער איך בין געווען טויט מיעד נאָך די אַנשטרענגונג פֿון די לעצטע עטליכע טעג; און בין אַוועק אַהיים. יענע נאַכט איז קיין אָביסק ניט געווען. איך האָב דורכגעקוקט אַלע פּאַפּירען, האָב פֿערברענט אַלעס, וואָס האָט געקענט פֿערוויקלען אַנדערע, האָב צוזאַמענגעפּאַקט מיינע זאַכען און בין געווען פֿאַרטיג צו וואַנדערען ווייטער. אַז מי האָט מיך געהיט האָב איך געוואוסט, נאָר איך האָב געהאָפֿט, אַז די פּאָליציי וועט מיר ניט אָבשטאַטען איהר בעזוך ביז שפּעט אין דער נאַכט, און אַז איך וועל קענען פֿאַרנאַכט זיך דורכ'גנב'ענען אונבעמערקט. ווען עס איז געוואָרען דונקעל און איך האָב מיך געלאָזען געהן אויף דרויסען, האָט מיר איינע פֿון די דינסט-מיידלאַך געזאָגט: „געהט בעסער דורך די הינטער טהיר". איך האָב פֿערשטאַנען דעם וואונק און בין שנעל אַרונטער פֿון די טרעפּען און אַרויס פֿון הויז. בלויז איין איינציגער איזוואָזשציק איז געשטאַנען לעבען טויער. איך בין אַריינגעשפּרונגען אין די דראָשקע און בין אַוועק אויף נעווסקי פּראָספּעקט. אָנפֿאַנגס האָט קיינער ניט נאָכגעפֿאָלגט, און איך האָב געמיינט, אַז איך בין שוין זיכער; אָבער איך האָב באַלד דערזעהן אַ צווייטע דראָשקע יאָגענדיג זיך נאָך אונז מיט אַלע כוחות; אונזער פֿערד האָט זיך עפּעס אָבגעהאַלטען און דער יאָגעדיגער פֿערד איז אונז פֿערביי-געפֿאָהרען.

ווי ערשטוינט בין איך געוואָרען בעת איך האָב דערזעהן אין דער דראָשקע איינעם פֿון די אַרעסטירטע וועבער! לעבען איהם איז געזעסען נאָך אימיצער. ער האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד פּונקט ווי ער וואָלט מיר עפּעס וועלען זאָגען. איך האָב געהייסען מיין איזוואָזשציק סטאָפּען. „אפּשר האָט מען איהם אַרויסגעלאָזען פֿון טורמע", האָב איך זיך געטראַכט, „און ער האָט מיר עטוואָס וויכטיגעס מיטצוטהיילען". אָבער אַזוי שנעל ווי מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט, האָט דער מאַן, וואָס איז געזעסען לעבען איהם—אַ שפּיאָן—אַ געשריי געטאָהן: „הער באָראָדין, העך קראָפּאָטקין, איך אַרעסטיר אייך!" ער האָט געגעבען אַ סיגנאַל די גאָראָדאָוואָיס, וועלכע זיינען דאָרטען געווען מאַסענהאַפֿט, איז בעת מעשה אַריינגעשפּרונגען אין מיין דראָשקע און האָט מיר געוויזען אַ פּאַפּיער אונטערגע'חתמ'ט

פֿון דער פּעטערסבורגער פּאָליציי. „איך האָב אַן אוקאַז אייך צו ברייגגען פֿאַר׳ן גענעראַל־גובערנאַטאָר צו מאַכען אַן ערקלעהרונג״, האָט ער געזאָגט. זיך שטעלען דאַגעגען וואַר אונמעגליך,—עטליכע פּאָליציסטען זיינען געשטאַנען פֿון הינטען,—און איך האָב געהייסען מיין איזוואָזשטשיק זיך אומדרעהען און פֿאָהרען צום גובערנאַטאָר. דער וועבער איז געבליבען אין זיין דראָשקע און איז נאָך נאָך אונז.

יעצט איז עס געוואָרען קלאָהר, אַז די פּאָליציי האָט געוויינערט צעהן טעג לאַנג, איידער זי האָט מיך פֿערהאַפּטעט, מחמת זי איז ניט געווען פֿעסט איבערצייגט, אַז באָראָדין און איך וואַרען איין און די זעלבע פּערזאָן. מיין ענטפֿער אויף׳ן וועבער׳ס מאַך מיט׳ן האַנד האָט געסעטעלט די פֿראַגע.

גראָד ווען איך האָב פֿערלאָזען מיין וואוינונג, האָט מיר אַ יונגער מאַן פֿון מאָסקווע געבראַכט איין בריעף פֿון אַ פֿריינד, וואָנאָראַלסקי, און אַ צווייטען בריעף פֿון דימיטרי, אַדרעסירט צו אונזער פֿריינד פּאָליאַקאָוו. דער ערשטער בריעף האָט מיר אָנגעזאָגט די פֿרעהליכע בשורה, אַז אין מאָסקווע איז געגרינדעט געוואָרען אַ סעקרעטנע דרוקעריי און אַז חברה איז דאָרטען זעהר טהעטיג. איך האָב איהם איבערגעלעזען און פֿערברענט. אַזוי ווי דער צווייטער בריעף האָט ניט ענטהאַלטען קיין זאַך, אַ חוץ פֿריינדליכע פּלוידעריי, האָב איך איהם מיטגענומען מיט זיך. יעצט, אַז איך וואַר אַרעסטירט, האָב איך גערעכענט, אַז עס איז בעסער אויך פֿון דיעזען בריעף פּטור צו ווערען, און, בעטענדיג דעם דעטעקטיוו, ער זאָל מיר נאָך אַמאָל ווייזען דאָס פּאַפּיער, האָב איך דערווייל אַרויסגוואָרפֿען דעם בריעף פֿון דראָשקע. אָבער אַזוי שנעל ווי מיר זיינען צו צום גענעראַל גובערנאַטאָרס הויז האָט דער וועבער דערלאַנגט דעם בריעף דעם דעטעקטיוו מיט די ווערטער: „איך האָב געזעהן ווי דיעזער הער האָט פֿערלאָרען אַ בריעף אויף׳ן וועג און איך האָב איהם אויפֿגעהויבען.

יעצט האָט זיך אָנגעהויבען אַ וואַרטעניש אויף׳ן פּראָקוראָר, דעם פֿאָרשטעהער פֿון געזעצליכער אויטאָריטעט. שטונדען לאַנג האָבען מיר געוואַרט, איידער מיר האָבען שוין דערלעבט צו זעהן דיעזען שטדויענעם מאַן, דעם כלומרשט׳דיגען פֿערטרעטער פֿון גערעכטיגקייט. מי האָט מיך צוריק געפֿיהרט צו מיין וואוינונג און מיינע פּאַפּירען זיינען טיכטיג דורכגעזוכט געוואָרען; דאָס האָט געדויעט ביז דריי אַזייגער אין דער פֿריה. אָבער זיי האָבען ניט געפֿונען דעם מינדעסטען ברעקעל פּאַפּיער, וואָס זאָל קענען וואַרפֿען אַ חשד אויף מיר אַליין אָדער אויף אימיצען אַנדערש.

פֿון מיין לאָזשי האָט מען מיך אָבגעפֿיהרט צו די דריטע אָטדיעלע־ניע, דיעזע מעכטיגע אַנשטאַלט, וועלכע האָט געהערשט אין רוסלאַנד פֿון׳ם אָנהויב פֿון ניקאָליי דעם ערשטענס מלוכה ביז אויף הייטיגען טאָג,—אַן אמת׳ער שטאַאַט אין׳ם שטאַאַט". אָנגעהויבען האָט זי זיך אונטער פעטער דעם ערשטען אין דעם סעקרעטנעם דעפּאַרטאַמענט, וואו מ׳ פֿלעגט מאַ־טערען מיט די בלוטיגסטע ענוים אַלע גענגער פֿון דעם גרינדער פֿון דער רוסישער מיליטערישער אימפּעריע; דיעזער דעפּאַרטאַמענט האָט פֿאָרט־געזעצט זיין הייליגע מיסיאָן אין דעם סעקרעטנעם קאַנצעל אונטער דער הערשאַפֿט פֿון די אימפּעראַטריצעס, בשעת דער מאַרטער־חדר פֿון דעם מעכטיגען מיניטש האָט ארויפֿגעיאָגט אַ פחד אין גאַנץ רוסלאַנד; און אונטער דעם אייזערנעם דעספּאָטיזמוס פֿון ניקאָליי דעם ערשטען האָט דיעזע אַבטהיילונג געקראָגען איהר יעצטיגע אָרגאַניזאַציאָנס־פֿאָרמע. ניקאָליי האָט נעמליך פֿערשטאַרקט די דריטע סעקציאָן מיט אַ גאַנצען קאָרפּוס זשאַנדאַרמען. — און דער הויפּט פֿון זיי איז געוואָרען אַ פּערזאָן פֿאַר וועלכען מ׳ האָט אין רוסלאַנד מעהר מורא ווי פֿאַר׳ן קייזער גופא.

אין יעדער רוסישער פּראָווינץ, אין יעדער שטאָדט, ניין, אפילו אין יעדען וואָקזאַל, זיינען דאָ זשאַנדאַרען, וועלכע רעפּאָרטען גלייך צו זייערע אייגענע גענעראַלען אָדער פּאָלקאָווניקעס, און זיי ווידער קאָרעספּאָנדירען זיך מיט דעם זשאַנדאַרמסקי שעף; דיעזער זעהט זיך יעדען טאָג מיט׳ן צאַר און גיט איהם איבער אַלע נייעס, וועלכע ער האַלט פֿאַר נייטיג. אַלע טשינאָווניקעס פֿון לאַנד שטעהען אונטער די אויפֿזיכט פֿון די זשאַנ־דאַרמען; עס איז די פּפֿליכט פֿון די גענעראַלען און די נאַטשאַלניקעס צו היטען דאָס עפֿענטליכע און דאָס פּריוואַטע לעבען, פֿון יעדען רוסישען אונטערטהאַן,—אפילו פֿון די גובערנאַטאָרען, מיניסטאָרען און גרויספֿירשטען. זיי גיבען אַכטונג אויף׳ן קייזער גופא, און אַזוי ווי זיי ווייסען סודות פֿון׳ם פּאַלאַץ און היטען יעדען טריט וואָס דער צאַר מאַכט אויסערען פּאַלאַץ, ווערען דיעזע שעפֿען די אינטימסטע אינטריגאַנטען פֿון די קייזערליכע פּאַלאַצען.

אין דער צייט פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס הערשאַפֿט, איז די דריטע אָטדיעלעניע געוועזען אַלמעכטיג. די זשאַנדאַרמסקע נאַטשאַלניקעס האָבען געמאַכט טויזענטער אָביסקעס, אָהנע זיך אויף דאָס מינדעסטע צו קימערען וועגען די עקזיסטענץ פֿון געזעץ אָדער געריכטסהייזער אין רוסלאַנד. זיי האָבען אַרעסטירט וועמען זיי האָבען געוואָלט, זיי האָבען געהאַלטען אין טורמעס אַזוי לאַנג, ווי זייער האַרץ האָט געגלוסט און האָבען פֿערשיקט הונדערטער אומשולדיגע מענשען אויף נאָרד־רוסלאַנד אָדער אויף

סיביר, נאָר ווייל אַזוי האָט בּפֿווילען אַ קאַפּריזנער נאַטשאַלניק; די אונ־טערשריפט פון׳ם מיניסטער איז בלויז געווען אַ פאָרמאַליטעט, מחמת ניט ער האָט זיי געקענט קאָנטראָלירען און ניט ער האָט געוואוסט וואָס ס׳טהוט זיך אַרום איהם.

עס איז געווען אַ זייגער פיער אין דער פריה, בעת מיין פערהער האָט זיך אָנגעפאַנגען. „איהר ווערט בעשולדיגט", האָט מען זיך צו מיר ערנסט געווענדעט, „אַז איהר בעלאַנגט צו אַ סעקרעטנער געזעלשאַפט, וועלכע האָט געהאַט אַלס צוועק אומצושטירצען די יעצטיגע רעגירונג, און צו מאַכען קאָנספּיראַציעס געגען די הייליגע פערזאָן פון זיין קייזערליכע מאַיעסטעט. זייט איהר שולדיג אין דיעזען פערברעכען?"

„ביז מי וועט מיך ניט ברענגען פאַר אַ געריכט, וואו איך וועל קע־גען ריידען אָפען, וועל איך אייך קיין ענטפער ניט געבען".

„שרייב", האָט דער פּראָקוראָר דיקטירט צו אַ שרייבערעל, „ער ערקלעהרט זיך ניט שולדיג". „דאָך", האָט ער ווידער אָנגעהויבען אין אַ ווײלע אַרום, „איך מוז אייך שטעלען געוויסע פראַגען. קענט איהר איינעם מיט׳ן נאָמען ניקאָלאַי טשאַיקאָווסקי?"

„אויב איהר ווילט דוקא פרעגען, טאָ שרייבט „ניין" אויף אַלע פראַ־גען וואָס איהר ווילט מיר שטעלען".

„אָבער, אַז מי זאָל אייך, למשל, פרעגען, צו איהר קענט דעם הערען פאָליאַקאָוו, פון וועלכען איהר האָט נאָר וואָס גערעדט?"

„קוים שטעלט איהר מיר דיעזע פראַגע, ברויכט איהר שוין ניט צו וואַרטען אויף מיין ענטפער. שרייבט „ניין". און אויב איהר פרעגט מיך, צו איך קען מיין ברודער, מיין שוועסטער אָדער מיין שטיף־מוטער, שרייבט „ניין". איהר וועט פון מיר קיין אַנדער תשובה ניט קריגען: דען, אַז איך זאָל ענטפערען „יאַ" אין בעצוג אויף אירגעד וועלכע פערזאָן, וועט איהר דאָך גלייך זוכען פלענער איהר שלעכטס צו טאָהן, איהר וועט נעהמען מאַכען אָביסקעס און דערנאָך וועט איהר זאָגען, אַז איך האָב איהם ארויסגעגעבען".

אַ לאַנגע ליסטע מיט פראַגען איז מיר פאָרגעלעזען געוואָרען, און יעדעס מאָל האָב איך געדולדיג געענטפערט: „שרייבט ניין". דאָס האָט געדויערט אַ שטונדע, און אין דיעזער צייט בין איך דערגאַנגען, אַז אַלע אַרעסטירטע האָבען זיך געהאַלטען פעסט, אַ חוץ די צוויי וועבער. די וועבער האָבען בלויז געוואוסט, אַז איך בין צוזאַמענגעקומען מיט אַ צעהנד־ליג אַרבייטער, און די זשאַנדאַרמען האָבען קיין זאַך ניט געוואוסט מכוח אונזער קרוזשאָק.

„וואָס טהוט איהר, פרינץ?" האָט מיר אַן אָפיציר געזאָגט, מיך אַריינפיהרענדיג אין מיין קאַזעמאַט אַריין, „פון אייער ענטזאַגונג צו ענט־פערען װעלען זיי מאַכען אַ שרעקליכע וואַפע געגען אייך".

„האַב איך ניט קיין רעכט דאַרויף, וואָס?"

„יאַ. אָבער—פערשטעהט איהר מיך... איך האָף, אַז דיעזעס צימער וועט אייך זיין בעקוועם."

דאָס צימער איז מיר געוועזען זעהר בעקוועם, און איך בין פעסט איינגעשלאָפען. אויף מאָרגען אין דער פריה האָט מיך אַ זשאַנדאַרם אויפ־געוועקט און האָט מיר אַריינגעבראַכט טהעע. נאָך איהם איז גלייך נאָך נאָך אימיצער, וועלכער האָט מיר גאַנץ גלייכגילטיג אַריינגעשושקעט אין אויער אַריין; „אָט דאָ האָט איהר אַ שטיקעל פּאַפּיער און אַ בלייפעדער; שרייבט אייער בריעף". דאָס וואַר אַ סימפּאַטיזירער, וועלכען איך האָב געקענט מיט'ן נאָמען; ער האָט געפלעגט איבערגעבען אונזער קאָרעספּאָנ־דענץ מיט די אַרעסטאַנטען פון דער דריטער אָטדיעלעניע.

פון אַלע זייטען האָב איך געהערט געקלאַפּערייען אין די ווענט. דאָס האָבען די אַרעסטאַנטען זיך דורכגערעדט איינער מיט דעם אַנדע־רען דורך די לייכטע קלעפּ אין וואַנד. אָבער אַזוי ווי איך בין געוועזען אַ „גרינער", האָב איך קיין זאַך ניט פערשטאַנען פון זייער שטום־לשון, וועל־כער איז געקומען פון אַלע זייטען מיט אַמאָל. אַלע וועגד האָבען גערעדט.

איין זאַך האָט מיך בעאונרוהיגט.

אין דער צייט פון מיין אָביסק, האָב איך דערהערט ווי דער פּראָ־קוראָר האָט שטילערהייט געזאָגט צום זשאַנדאַרם, אַז מי מוז גלייך געהן מאַכען אַ צווייטען אָביסק ביי מיין פריינד פּאָליאַקאָף, צו וועמען דימיטרי'ס בריעף וואַר אַדרעסירט. פּאָליאַקאָף איז געוועזען אַ יונגער סטודענט, אַ זעהר בעגאַבטער זאָאָלאָג און באָטאַניקער, מיט וועלכען איך האָב געמאַכט מיין ווייטע עקספּעדיציע אין סיביר. געבאָרען וואַר ער פון אַן אָרימער קאַזאַקען־פאַמיליע אויף'ן גרענעץ פון מאָנגאָליע, און נאָכדעם ווי ער האָט דורכגע־מאַכט די גרעסטע שוועריגקייטען, איז ער געקומען קיין פּעטערסבורג, איז אַריין אין אוניווערזיטעט, וואו ער האָט זיך בעריהמט געמאַכט אַלס טאַ־לאַנטפאָלער זאָאָלאָג, און יעצט האָט ער גראַד געברויכט דורכמאַכען זיין לעצטען עקזאַמען. מיר זיינען געוועזען די בעסטע פריינד זייט יענער לאַנגער רייזע, און מיר האָבען זאָגאַר געוואוינט צוזאַמען אַ היבשע צייט אין פּעט־ערסבורג, אָבער ער האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט מיין פּאָליטישער טהעטיגקייט.

איך האָב מכוח איהם גערעדט צום פּראָקוראָר. „איך גיב אייך מיין עהרען וואָרט," האָב איך געזאָגט, „אַז פּאָליאַקאָף האָט קיינמאָל קיין אַנטהייל ניט גענומען אין די מינדעסטע פּאָליטישע אַנגעלעגענהייט. מאָר־גען מוז ער אָבלייגען זיין עקזאַמען, און איהר וועט אויף אייביג צוברעכען די וויסענשאַפּטליכע קאַריערע פּון אַ יונגען מאַן, וועלכער האָט מיטגעמאַכט די גרעסטע שוועריגקייטען, און האָט יאָהרען לאַנג געקעמפּפט געגען אַלער־ליי הינדערניסע, אום צו עררייכען זיין יעצטיגע פּאָזיציאָן. איך ווייס, אַז אייך אַרט דאָס אַלעס גאָר ניט, אָבער אין אוניווערזיטעט ווערט ער גערע־כענט אַלס איינער פון די צוקונפּטיגע שטערען פּון דער רוסישער וויסענשאַפּט."

דער אָביסק איז פּון דעסטוועגען געמאַכט געוואָרען, נאָר פּאַר די עקזאַמענס האָט מען איהם ערלויבט דריי טעג צייט. אין אַ קורצע צייט אַרום בין איך גערופּען געוואָרען פּאַר'ן פּראָקוראָר, וועלכער האָט מיר מיט טריאומף געוויזען אַ קאָנווערט אַדרעסירט אין מיין האַנדשריפּט, און אינ־וויינינג איז געווען אויך אין מיין האַנדשריפּט אַזאַ צעטעלע: „זייט אַזוי גוט און טראַגט אַוועק דעם פּעקעל צו וו. ע. און בעט מי זאָל איהם האַלטען ביז וואַנען מי וועט איהם ניט פּאָדערן". די פּערזאָן צו וועמען דער צע־טעלע איז אַדרעסירט, איז ניט דערמאָנט געוואָרען דאָרין. „דיעזען בריעף", האָט מיר דער פּראָקוראָר געזאָגט, „האָבען מיר געפּונען ביי פּאָליאַקאָף'ן און יעצט, פּרינץ, ליעגט זיין גורל אין אייערע הענד, אויב איהר וועט מיר זאָגען, ווער וו. ע. איז, וועלען מיר איהם אַרויסלאָזען פּריי; אָבער אויב איהר ענטזאַגט זיך, וועלען מיר איהם האַלטען אַזוי לאַנג ביז איהר וועט אונז ניט זאָגען דעם נאָמען פּון יענער פּערזאָן".

קוקענדיג אויף'ן קאָנווערט, וועלכער וואַר אַדרעסירט מיט שוואַרצען שטיפּט, און אויף'ן בריעף, וועלכער וואַר געשריבען מיט אַ געוועהנליכען בלייפּעדער, האָב איך מיך גלייך דערמאָנט די אומשטענדען, אונטער וועלכע זיי וואַרען געשריבען. „איך בין זיכער", האָב איך גלייך אויסגעשריען, אַז דער קאָנווערט איז ניט געפּונען געוואָרען צוזאַמען מיט'ן צעטעלע! איהר האָט עס אַריינגעלייגט דעם בריוועל אין קאָנווערט אַריין".

דער פּראָקוראָר איז געוואָרען רויט. „ווילט איהר מיר איינריידען," האָב איך ווייטער געזאָגט, „אַז איהר, אַ פּראַקטישער מענש, האָט ניט בעמערקט, אַז זיי זיינען געשריבען מיט פּערשידענע שטיפּטען? און יעצט ווילט איהר זיי צוזאַמענפּאָרען! אויב אַזוי מיין העֶר, וועל איך אייך זאָגען, אַז דער בריעף איז ניט געווען צו פּאָליאַקאָף'ן."

ער איז אויף אַ רגע געבליבען אָבהענדיג. אָבער גלייך האָט ער

צוריקגעקראָגען זיין חוצפה און האָט אַ זאָג געטהאָן: „פּאָליאַקאָף האָט אַליין מודה געווען, אַז דיזער בריעף אייערער איז געשריבען געוואָרען צו איהם."

יעצט האָב איך געוואוסט, אַז ער זאָגט ליגען. פּאָליאַקאָף וואָלט מודה געווען אויף אַלעס וועגען זיך גופא, אָבער ער וועט ליבער געהן אויף סיביר איידער אימיצען אַנדערס אַרויסגעבען. און קוקענדיג דעם פּראָקוראָר גלייך אין די אויגען, האָב איך געענטפערט: „ניין מיין הער, ער האָט דאָס קיינ־מאָל ניט געזאָגט, און איהר ווייסט זעהר גוט, אַז אייערע ווערטער זיינען ניט אמת."

ער איז געוואָרען ווילד, אָדער ער האָט אַזוי געמאַכט דעם אָנשטעל. „נו, אויב איהר וועט דאָ אויפוואַרטען איין וויילינקע, וועל איך אייך ברייננ־גען פּאָליאַקאָף'ס געשריבענע בעשטעטיגונג דערויף. ער איז אין צווייטען צימער אויף'ן דאָפּראָס".

„כ'וועל וואַרטען ווי לאַנג איהר ווילט אַליין".

איך בין געזעסען אויף'ן סאָפאַ און האָב אויסגערויכערט אַ מאסע סיגאַרעטלעך. די בעשטעטיגונג איז ניט געקומען, און זי איז טאַקי קיינמאָל ניט געקומען.

פערשטעהט זיך, אַז ס'איז גאָר אַזאַ בעהויפּטונג ניט געווען. איך האָב בעגעגענט פּאָליאַקאָף'ן אין 1878, אין זשענעוואַ, פון וואַנען מיר האָבען געמאַכט אַ הערליכען שפּאַציער־פאַהרט צו דעם אַלעטש אייז־באַרג. עס איז איבריג צו זאָגען, אַז זיינע ענטפערס זיינען געווען אַזוי, ווי איך האָב ערוואַרטעט: ער האָט געלייקענט, אַז ער הויבט ניט אָן צו וויסען פון'ם בריעף אָדער פערזאָן וועמען די בוכשטאַבען וו. ע. מיינען. מיר פלע־גען זיך אויסלייהען מאַסען ביכער איינער דעם אַנדערען, און דעם בריעף האָבען זיי געפונען אין אַ בוך, וועהרענד דעם קאָנווערט האָבען זיי אַרויס־גענומען פון דער קעשענע פון אַן אַלטען ראָק. איהם האָט מען אָבגעהאַל־טען אין טורמע עטילכע וואָכען, און דאַן האָט מען איהם פריינעלאָזען, אַ דאַנק זיינע וויסענשאַפטליכע פריינד, וועלכע האָבען זיך פאַר איהם אָנגע־נומען. וו. ע. האָט מען ניט געטשעפּעט, און ער האָט מיר איבערגעגעבען מיין פעקעל פאַפּירען.

מיך האָט מען ניט צוריקגענומען אין דער צעלע אַריין, דען אין אַ האַלבע שעה אַרום איז אַריין דער פּראָקוראָר מיט אַ זשאַנדאַרמסקען אָפי־ציר. „אונזער פערהער", האָט ער געזאָגט, „איז צו ענדע; מי וועט אייך אַריבערפיהרען אין אַן אַנדער אָרט".

נאַכהער פלעג איך מיר מיט איהם תמיד רייצען, יעדעס מאָהל,

ווען איך האָב איהם געזעהן: „נו, און וואָס הערט זיך עפּעס מכוח פּאָ־ליאַקאָף׳ס בעהויפּטונג?"

אַן איזוואָזשטשיק איז געשטאַנען ביים טויער. מען האָט מיר געהייסען אַריין אין דראָזשקע, און אַ פּעטער זשאַנדאַרמסקער אָפיציר, אַ טשערקעס, האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבען מיר. איך האָב צו איהם גערעדט, אָבער ער האָט בלויז געשנאָרכט. די דראָזשקע איז אַריבער איבער דעם ציעפּנאָי־מאָסט (הענג בריק), איבער דעם פּאַראַד פּלאַץ, און האָט זיך אַוועקגעלאָזט פּאַזע די קאַנאַלען, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט וועלען אויסמיידען די עפענט־ליכע גאַסען. „פאָהרען מיר צו דער ליטאָווסקע טורמע?" האָב איך אַ פרעג געטאָהן דעם אָפיציר, וויסענדיג, אַז פיעלע מיינע קאָמעראַדען גע־פינען זיך שוין דאָרטען. ער האָט ניט געענטפערט. די סיסטעמע פון אַב־סאָלוטען שטיל שווייגען, וועלכע איז אָנגעהאַלטען געוואָרען די נעקסטע צוויי יאָהר, האָט זיך אָנגעפאַנגען אָט אין דיעזער דראָזשקע. אָבער ווען מיר זיינען אַריבער דעם פּאַלאַץ־בריק האָב איך פערשטאַנען, אַז דאָס פאָהרען מיר אין די פּעטראָפּאַוולאָווסקאַיאַ קרעפּאָסט.

איך האָב בעוואונדערט דעם שעהנעם טייך, וויסענדיג, אַז איך וועל איהם שוין אַזוי גיך ניט זעהן. די זון האָט זיך אַרונטערגעלאָזען. דיקע גראָע וואָלקענס זיינען געהאַנגען אין מעריב זייט, איבער דעם פינלענדי־שען ים, ווערהרענד לייכטע וואָלקענס האָבען געשוועבט אין דער הויך, אַרויסווייזענדיג דאָ און דאָרט פלעקען פון דעם בלויען הימעל. דאַן האָט זיך די קאַרעטע אומגעדרעהט לינקס און איז אריין אין אַ דונקעל געוועלב־טען דורכגאַנג, דעם טויער פון דער פעסטונג.

„יעצט וועל איך דאָ שוין מוזען בלייבען אַ פּאָר יאָהר", האָב איך בעמערקט צום אָפיציר.

„ניין, פאַרוואָס אַזוי לאַנג" האָט דער טשערקעס געענטפערט. „אייער דיעלאָ איז שוין כמעט געענדיגט, און קען אין אַ צוויי וואָכען אַרום פאָרגעבראַכט ווערען פאַר׳ן געריכט".

„מיין דיעלאָ," האָב איך געענטפערט, „איז אַ זעהר איינפאַכע; אָבער איידער מי וועט מיך ברייגנען פאַר׳ן געריכט, וועט מען דאָך זעהן צו אַרעסטירען אַלע סאָציאַליסטען אין רוסלאַנד, און זייער צאָהל איז גרויס, זעהר גרויס; אין צוויי יאָהר וועט איהר ניט פאַרטיג ווערען". איך האָב נאָך דאַן אַליין ניט פערשטאַנען, ווי פּראָפהעטיש מיין בעמער־קונג וואַר."

די דראָזשקע האָט זיך אָבגעשטעלט ביין טהיר פון מיליטערישען פעסטונגס־קאָמאַנדיר, און מיר זיינען אַריין אין זאַאַל. גענעראַל קאָרסאַקאָוו,

אַ מאָגערער אַלטער מאַן, איז אַריין מיט אַ זויערען פּנים. דער אָפיציר האָט צו איהם גערעדט שטילערהייט, און דער אַלטער האָט געענטפערט „גוט, גוט", קוקענדיג אויף איהם מיט אַ מין פעראַכטונג און דאַן אומדרעהענדיג זיין געזיכט צו מיר. מי האָט געקענט זעהען פון זיין מינע, אַז די גאַנצע מעשה איז איהם עפּעס ניט אַזוי שטאַרק געפעלען, און אַז ער שעהמט זיך מיט זיין ראָליע. אָבער ער האָט מסתמא ביי זיך אַ טראַכט געטהאָן: „נו, איך בין דאָך אַ סאָלדאַט, און איך טהו בלויז מיין פפליכט."

מיר זיינען דערנאָך ווידער אַריין אין די דראָזשקע, אָבער מיר האָבען זיך גלייך ווידער אָבגעשטעלט ביי אַן אַנדער טהויער, וואו מי האָט אונז אָבגעהאַלטען אַ לאַנגע צייט, ביז אַן אָטריאַד סאָלדאַטען האָט איהם געעפענט פון אינוועניג. געהנדיג ווייטער צו פוס דורך שמאָלע קאָרידאָרען, זיינען מיר געקומען צו אַ דריטען אייזערנעם טהויער, דורך וועלכען מיר זיינען אַריין אין אַ קליינעם חדר וואו עס איז געווען אי פינסטער, אי דעמפּיג.

עטליכע אָפיצירען פון דער פעסטונג זיינען אַרומגעגאַנגען שטילערהייט אין זייערע פעלץ־שטיוועל, גיט אויסרייידענדיג אַ וואָרט. דער גובערנאַטאָר האָט אונטערגעצייכענט דעם טשערקעס'ס בוך, איינשרייבענדיג, אַז ער האָט ערהאַלטען אַ נייעם אַרעסטאַנט, און האָט מיר געהייסען אויסטהאָן אַלע מיינע קליידער און אָנטהאָן די אַרעסטאַנטסקע גאַרדעראָבע,— אַ גרין פלאַנעלענעם כאַלאַט, אונגעהייער גרויסע און דיקע וואָלענע זאָקען, און געלע לאַפּטשעס, וועלכע זיינען געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב זיי כמעט ביי יעדען טריט פערלאָרען. איך האָב תמיד פיינט כאַלאַטען און לאַפּטשעס, און די דיקע זאָקען האָבען מיך פשוט אָנגעעקעלט. איך האָב געמוזט אויסטהאַן אפילו די זיידענע אונטערוועש, וועלכע וואָלטען מיר זעהר צוניץ געקומען אין דעם דעמפּיגען קאַזעמאַט; אָבער דאָס האָט מען מיר ניט געקענט ערלויבען. איך האָב נאַטירליך אָנגעהויבען פּראָטעסטירען און געוואַלדיגען דערויף, און אונגעפעהר אין אַ שטונדע אַרום האָט מען מיר צוריק־געגעבען מיינע וועש אויף'ן בעפעהל פון גענעראַל קאָרסאַקאָוו.

מען האָט מיך דאַן דורכגעפיהרט דורך אַ פינסטערען קאָרידאָר, וואו איך האָב געזעהן בעוואָפענטע סאָלדאַטען געהענדיג הין און צוריק אויף קאַראַאול, און איך בין אַריינגעלאָזען געוואָרען אין אַ צעלע; אַ שווערע דעמבאָווע טהיר האָט זיך צוגעמאַכט הינטער מיר, אַ שליסעל האָט זיך אַ דרעה געטהאָן אין שלאָס, און איך בין געבליבען אַליין אין אַ האַלב פינסטערען חדר.



# פֿינפֿטער טהייל.

## די פֿעסטונג; דאָס אַנטלויפֿען.

דאָס איז אַלזאָ געווען די שרעקליכע קרעפּאָסט וואו אַזוי פֿיעל פֿון דער אמת'ער קראַפֿט פֿון רוסלאַנד איז פֿערלאָרען געגאַנגען אין פֿערלויף פֿון די צוויי לעצטע יאָהרהונדערטע. דאָס וואַר אַלזאָ די פֿעסטונג וועמעס בלויזער נאָמען ווערט אין פעטערסבורג אַרויסגערעדט מיט אימה און שרעק.

דאָ האָט פעטער דער ערשטער געפּייניגט זיין זוהן אַלעקסיי און האָט איהם מיט זיין אייגענער האַנד ערמאָרדעט; דאָ איז די פּרינצעסין טאַראַקאָנאָוואַ געהאַלטען געוואָרען אין אַ חדר, וועלכער איז אין דער צייט פֿון אַ פֿערפֿלייצונג אָנגעפֿילט געוואָרען מיט וואַסער—און די ראַטען זיינען אַרומגעקראָכען אויף איהר, אום ניט דערטרונקען צו ווערען; דאָ האָט דער שרעקליכער מיניטש געמאַטערט זיינע פֿיינד, און יעקאַטערינאַ די צווייטע האָט לעבעדיג בעגראָבען די יעניגע, וועלכע האָבען געסמייעט צו זאָגען עפּעס געגען די ערמאָרדונג פֿון איהר אייגענעם מאַן. און פֿון די צייט פֿון פעטער דעם ערשטען פֿאַר גאַנצע הונדערט און זיבעציג יאָהרען, זיינען די זכרונות פֿון דיעזער שטיינענער מאַסע, וועלכע הויבט זיך אויף פֿון דער נעוואַ אין פֿראָנט פֿון דעם ווינטער־פּאַלאַץ, פֿול מיט מאָרד און מאַרטירעטהום, פֿול מיט לעבעדיג בעגראָבענע מענשען, צו אַ לאַנגזאַמען טוידט פֿעראורטהיילטע, אָדער געטריבען צום וואַהנזין אין דאָס איינזאַמקייט פֿון די פֿינסטערע און דעמפּיגע קאַזעמאַטען.

דאָ זיינען די דעקאַבריסטען, וועלכע זיינען געווען די ערשטע אויפֿצוהויבען דעם באַנער פֿון רעפּובליקאַנישער הערשאַפֿט און פֿון די

אָבשאַפֿונג פֿון שקלאַפֿעריי אין רוסלאַנד, דאָ האָבען זיי מיטגעמאַכט זייער ערשטע ערפֿאַהרונג אַלס מאַרטירער, און זייערע שפּורען קען מען נאָך ביז היינטיגען טאָג געפֿינען אין דער רוסישער באַסטיל. אָט דאָ האָבען געשמאַכטעט די רוסישע פּאָעטען ריליייעף און שעווטשענקאָ, דאָסטאָיעווסקי, באַקונין, טשערנישעווסקי, פּיסאַרעוו און פֿיעלע אַנדערע פֿון די בעסטע שרייבער פֿון אונזער צייט. דאָ איז קאַראַקאָזאָוו געמאַטערט און געהאַנגען געוואָרען.

דאָ ערגעץ אין אַ ווינקעל שמאַכטעט נאָך היינט ניעטשאַיעוו, וועלכער איז איבערגעגעבען געוואָרען צו רוסלאַנד פֿון דער שווייץ, אַלס אַ פּראָסטער פֿערברעכער, און ווערט דאָ בעהאַנדעלט אַלס אַ געפֿעהליכער פּאָליטישער אַרעסטאַנט, וועלכער וועט שוין קיינמאָל די ליכטיגע שיין פֿיר זיינע אויגען ניט אָנזעהן. אין דער זעלבער שרעקליכער אָבטהיילונג, זאָגט מען, געפֿינען זיך צוויי אָדער דריי מענער, וועלכע אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט אַריינגעזעצט אויף זייער גאַנצען לעבען, דערפֿאַר ווייל זיי האָבען געוואוסט אַזעלכע זאַכען וואָס אַנדערע טהאָרען ניט וויסען, געוויסע געהיימניסע פֿון רוסישען הויף, איינעם פֿון זיי מיט אַ גרויע לאַנגע באָרד, האָט מיינער אַ בעקאַנטער דאָ נישט לאַנג דאָרט בעגעגענט.

אַלע דיעזע שאָטענס האָבען אַרויסגעשוואומען פֿון מיין פֿאַנטאַזיע. אָבער מיינע געדאַנקען האָבען זיך ספּעציעל אָבגעשטעלט אויף באַקונין, וועלכער, כאָטש ער איז געווען אָבגעשלאָסען אין אַן עסטרייכישער פֿעסטונג נאָך אין 1848, צוויי יאָהר לאַנג געשמיט צו דער וואַנד, און איז דאַן איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענד פֿון ניקאָליי דעם ערשטען און איז ווידער דאָ אין דער פֿעסטונג אָבגעהאַלטען געוואָרען נאָך זעקס יאָהר, איז דאָך, נאָך אַלעם דעם, ווען דעם אייזערנעם צאַר'ס טויט האָט איהם בעפֿרייט, אַרויס פֿרישער און פֿיעל ענערגישער ווי זיינע קאָמעראַדען, וועלכע זיינען געוועזען פֿריי. „ער האָט אַלעם דורכגעלעבט", האָב איך צו זיך געזאָגט, „און איך מוז עס אויך דורכלעבען: איך וועל דאָ ניט אונטערגעהן!"

מיין ערשטע בעוועגונג איז געווען צוצוגעהן צום פֿענסטער, וועלכער איז געווען אַזוי הויך, אַז איך האָב איהם קוים געקענט דערגרייכען מיט דער אויפֿגעהויבענער האַנד. עס איז געווען אַ לאַנגע, נידריגע עפֿנונג, אויסגעשניטען אין וואַנד פֿינף פֿוס דיק, און בעשיצט פֿון אייזערנע שטאַבעס מיט אַ דובלטאָווער אייזערנער ראַהם. אויף אַ מהלך פֿון צוועלף אַרשין פֿון'ם פֿענסטער, האָב איך געזעהען די אויסערע וואַנד פֿון קרעפּאָסט, אונגעהייער דיק, און אויף דיעזער האָב איך געקענט זעהן אַ גרויסע קאַראַאול־שטיבעל. נאָר ווען איך האָב געקוקט אַרויף־צו־צו האָב איך קוים, קוים געקענט רערזעהן אַ ברעקעל הימעל.

איך האָב גלייך גענומען רעוויזירען דאָס צימער, וואו איך האָב געזאָלט פערברייננגען מי יודע ווי פיעל יאָהרען. פון דער פּאָזיציאָן פון׳ם קוימען פון דער מינץ־פאַבריק האָב איך בערעכענט, אז איך בין אין דרומית־מערבית ווינקעל פון׳ם פעסטונג, אין דער אָבטהיילונג וועלכע געהט אַרויס אויף די ניעוואַ. דיעזער צימער מיינער איז געווען אַ קאַזעמאַט, וואו עס האָט אייגענטליך געזאָלט שטעהן אַ גרויסע קאַנאָנע, און דער פענסטער —אַ קאַנאָנען לאָך. די שטראַלען פון דער זון האָבען אָהער קיינמאָל ניט געקענט אַריינשיינען; אפילו אין זומער זיינען זיי פערלאָרען געגאַנגען אין די דיקקייט פון די וואַנד. אינוויינינג אין דער צעלע איז געווען אַן אייזערנע בעטעל, אַ קליין טישעל, און אַ דעמבאָווער ביינקעל. די פּאַדלאָגע איז געווען בעדעקט מיט געפאַרבטען פילץ, און די וועגד מיט געלע פּאַפּיר. אום אָבער צו פערטויבען דעם מינדסטען קלאַנג, האָט מען די פּאַפּיר ניט אַרויפגעקלעפּט אויף די וועגד גופא, זאָנדערען אויף גראָבע ליינוואַנד, און הינטער די ליינוואַנד האָט זיך בעמערקט אַ דראָטענע גראַטע, און הינטער די גראַטע איז געווען אויסגעליינט פילץ; נאָר הינטער די פילץ האָב איך געקענט צוקומען צו דער שטיינערנע וואַנד. אין צימער האָט זיך אויך געפונען אַ וואַש־טישעל, און אַ דיקע דעמבאָווע טהיר, אין וועלכע עס איז געווען אַן עפנונג מיט אַ שלאָס, דורכצולאָזען דאָס עסען, און אַ קליינער שפּאַלט, מיט אַ שייבעל און אַ לאָדענדעל פון יענער זייט. דאָס וואַר דער „יודאָס" דורך וועלכען מי זאָל קענען נאָכשפּיאָנירען דעם אַרעסטאַנט יעדען מאָמענט. דער דיעזשורני, וועלכער איז געשטאַנען אין קאָרידאָר, פלעגט אָפט אויפהויבען דעם ברעטעל און אַריינקוקען אינוויינינג,—סקריפּענדיג מיט זיינע שטיוועל, בעת ער איז צוגעקומען צום טהיר. איך האָב געפּרוּווט ריידען צו איהם, דאַן האָט די אויג, וועלכע האָט דורכגעקוקט דורך די שייבעל אָנגענומען אַ שרעקליכען אויסדרוק, און דער לאָדענדעל האָט זיך גלייך אַרונטערגעלאָזען, נאָר אום אין אַ מינוט אַרום ווידער געעפענט צו ווערען; אָבער איך האָב קיינמאָל קיין וואָרט ניט אַרויסגעקראָגען פון דעם דיעזשורני.

טויטע שטילקייט האָט געהערשט אַרום און אַרום. איך האָב צוגעשלעפּט מיין ביינקעל צום פענסטער און האָב אַרויפגעקוקט אויף׳ן שטיקעל הימעל וואָס איך האָב געקענט זעהן; איך האָב מיך אָנגעשטריינגט צו הערען דעם מינדעסטען גערויש פון דער ניעווע, אָדער פון דער שטאָדט פון יענער זייט טייך, אָבער אומזיסט. דיעזע טוידטע שטילקייט האָט מיך אָנגעהויבען צו דריקען, איך האָב געפּרוּווט זינגען, פריהער שטיל, דערנאָך העכער און העכער.

„מוז איך זיך אַלזאָ אויף אייביג אָבגעזעגענען מיט דער ליעבע?"
האָב איך ניט ווילענדיג אַרויסגעזונגען פֿון מיין ליעבלינג־אָפּערא, גלינקאָס „רוסלאַן און לודמילא".

„מיין הערר, זינגט ניט, איך בעט אייך," האָט מיר אַ באַסאָווע שטימע אַ זאָג געטהאָן דורך דעם לאָך אין טהיר.

„איך וועל יאַ זינגען".

„איהר טאָרט ניט".

„איך וועל אָבער דאָך זינגען".

דאַן איז אַריין דער פֿערוואַלטער, און ער האָט מיר גענומען איינ־ריידען, אז איך מוז ניט זינגען, ווייל אַז ניט וועט ער עס מוזען רעפּאָרטען צום פעסטונג־קאָמאַנדיר, א. ז. וו.

„אָבער מיין האַלז וועט דאָך מיר פֿערלייגט ווערען און מיינע לונגען וועלען צו גרונד געהן, ווען איך וועל ניט ריידען און ניט זינגען," האָב איך גענומען איינוועגדען.

„טאָ זעהט ליעבערסט צו זינגען אין דער שטיל, אַזוי ווי צו זיך אַליין," האָט דער אַלטער ווי געבעטען זיך ביי מיר.

אָבער ער האָט דאָס אַלעס גאָר ניט בעדאַרפֿט. אין עטליכע טעג אַרום האָב איך פֿערלוירען דעם גאַנצען חשק צו זינגען. איך האָב נאָך געפּרופֿט זינגען אויס פּרינציפּ, אָבער עס איז ניט געגאַנגען.

„די הויפּט זאַך איז" האָב איך זיך געטראַכט, „צו ערהאַלטען מיין פֿיזישע קראַפֿט. איך וועל ניט קראַנק ווערען. לאָז זיך מיר דוכטען, אַז איך מוז צוברענגען אַ פּאָר יאָהר אין אַ כאַטקע ערגעץ וועיט אין דער נאָרד, אין אַן עקספּעדיציאָן צום נאָרד־פּאָאָל. איך וועל מאַכען פֿיעל בעוועגונג, גימנאַסטיקע, און וועל מיך ניט לאָזען ברעכען פֿון די אומשטענדען מיינע. צעהן טריט פֿון איין ווינקעל צום צווייטען איז שוין באַוועגונג. ווען איך וועל זיי מאַכען הונדערט און פֿופֿציג מאָהל וועל איך האַבען איבערגעגאַנגען אַ מהלך פֿון אַ וויאָרסט" (צוויי דריטעל מייל). איך האָב מיך ענטשלאָסען צו געהן יעדען טאָג זיעבען וויאָרסט: צוויי אין דער פריה, צוויי בעפֿאָר מיטאָג, צוויי נאָך מיטאָג און איינעם פֿאַר'ן שלאָף, ווען איך זאָל אַוועקליי־גען אויף'ן טישעל צעהן פּאַפּיראָסען, און יעדען מאָהל ווען איך געה פֿערביי, זאָל איך איינעם אָברוקען, וועל איך לייכט קענען בערעכענען די הונדערט מאָל וואָס מיר וועט אויסקומען פֿערבייצוגעהן. געהן מוז איך גיך, אָבער צוגעהענדיג צום ווינקעל מוז איך געהן פּאַמעלעך, אַזוי אַז דער קאָפּ זאָל מיר ניט ווערען פֿערטומעלט און יעדען מאָהל מוז איך מיר אַנדערש אומ־דרעהען. דאַן וועל איך אויך מאַכען גימנאַסטיקע מיט מיין שווערען בענקעל

צוויי מאָל אַ טאָג. איך האָב איהם געפּלעגט אויפהייבען פאַר איין פוס, האַלטענדיג דעם אָרעם אויסגעשטרעקט, איך פלעג איהם קייקלען ווי אַ ראָד און האָב מיך גיך אויסגעלערענט איהם וואַרפען פון איין האַנד אין די צווייטע, איבערן קאָפּ, הינטערן רוקען און איבער די קניע.

אין עטליכע שטונדען אַרום האָט מיר דער גאַדזיראַטעל אַריינגעבראַכט עטליכע ביכער, צווישען וועלכע עס האָט זיך געפונען אַן אַלטער בעקאַנטער מיינער, דער ערשטער טהייל פון געאָרג לואיס׳עס „פיזיאָלאָגיע״, איבערזעצט אויף רוסיש. אָבער דער צווייטער טהייל, וועלכען איך האָב ספּעציעל געגאַרט נאָך אַמאָל איבערצולעזען, איז ניט געווען.

איך האָב נאַטירליך געבעטען, מ׳זאָל מיר געבען טינט און פּאַפּיר, אָבער דאָס וואַר מיר ענטשיידען ענטזאַגט. טינט און פעדער ווערט קיינמאָל ניט ערלויבט אין קרעפּאָסט, סיידען מ׳זאָל קריגען ספּעציעלע ערלויבנעס פון קייזער גופא. איך האָב פיעל געליטען פון דיזער געצוואונגענער אונטהעטיגקייט און האָב אָנגעהייבען פערפאַסען אין דער פאַנטאַזי אַ גאַנצע סעריע ראָמאַנען, גענומען פון רוסישער היסטאָריע — עהנליך צו אייזשען סי׳ס „געהיימניסע פון פאַריז״.

איך האָב אויסגעאַרבייט דעם פּלאַן, די בעשרייבונגען, דעם געשפּרעך, און האָב גענומען דאָס אַלעס אויסלערנען אויף אויסווייניג, פון אָנהויב ביז׳ן סוף. מ׳קען זיך לייכט פאָרשטעלען, ווי אַזאַ אַרבייט מאַטערט אויס דעם מענשען, ווען מען זאָל עס פּרובירען אָנהאַלטען עטליכע מאָנאַט.

אָבער מיין ברודער אַלעקסאַנדער האָט פאַר מיר געקראָגען טינט און פעדער. איינמאָל האָט מען מיר געהייסען אַריינשטייגען אין אַ דראָשקע צוזאַמען מיט דעם זעלבען שטומען זשאַנדאַרמסקען אָפיציער, פון וועלכען איך האָב שוין פריהער גערעדט. מ׳האָט מיך אַוועקגעפיהרט אין דער דריטער אָטדעלעניע, און דאָרט האָט מען מיר ערלויבט זיך זעהען מיט׳ן ברודער אין דער אַנוועזענהייט פון צוויי זשאַנדאַרמען.

אַלעקסאַנדער איז געווען אין ציריך בעת מ׳האָט מיך אַרעסטירט. ער האָט אייביג געגאַרט אַוועקצופאָהרען אין אויסלאַנד, וואו מענשען דענקען ווי זיי ווילען, לייענען וואָס זיי ווילען, און דריקען אָפען אויס זייערע געדאַנקען. דאָס רוסישע לעבען וואַר איהם פערהאַסט. דער אמת—דער אַבסאָלוטער אמת—און די פאָלקאָמענסטע אָפענהערציגקייט האָבען געבילדעט דעם הויפּטצוג פון זיין כאַראַקטער. נאַרען ווען, אָדער אפילו זיין גענאַרט אין זיך אַליין, האָט ער בשום אופן ניט געקאָנט פאַרטראָגען. די אַבוועזענהייט פון רעדע־פרייהייט אין רוסלאַנד, די רוסישע בערייטוויליגקייט זיך צו לאָזען אונטערדריקען, די פערשטעלטקייט, מיט וועלכער אונזערע

פֿערפֿאַסער האָבען זיך נעמווט בענוצען אין זייערע ווערק, זיינען געווען שרעקליך אַבשטויסענד פֿיר זיין פֿרייע און אָפֿענע נאַטור. גלייך נאָכדעם ווי איך בין צוריקגעקומען פֿון וועסט־אייראָפּאַ, איז ער אַוועק אין די שווייץ און האָט בעשלאָסען זיך דאָרט צו בעזעצען. נאָכדעם ווי ער האָט פֿאַרלאָרען זיינע צוויי קינדער—איינעם פֿון די כאָלעריע אין עטליכע שטונדען, און דעם צווייטען פֿון שווינדזוכט—איז פּעטערסבורג איהם געוואָרען נאָך שרעקליכער פֿערהאַסט.

מיין ברודער האָט קיין אַנטהייל ניט גענומען אין אונזער אַגיטאַציאָנס־אַרבייט. ער האָט ניט געגלויבט אין דער מעגליכקייט פֿון אַן אַלגעמיינעם אויפֿשטאַנד און ער האָט זיך ניט געקענט פֿאָרשטעלען קיין אַנדער רעוואָלוציאָן, סיידען זי זאָל זיין די טהאַט פֿון פֿאָלקס־פֿערטרעטער, ווי די, למשל, פֿון דער נאַציאָנאַל־פֿערזאַמלונג פֿון פֿראַנקרייך אין 1789. וואָס אָנבעלאַנגט צו דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציאָן, האָט ער זי געקענט נור פֿון די עפֿענטליכע פֿערזאַמלונגען און די עפֿענטליכע פֿאָרטרעגע,—ניט אַלס די סעקרעטנע פֿאָדראָבנע אַרבייט פֿון פערזענליכער פּראָפּאַגאַנדאַ, וועלכע מיר האָבען אָנגעפֿיהרט. אין ענגלאַנד וואָלט ער צוגעשטאַנען צו דזשאָהן ברייהט אָדער צו די טשאַרטיסטען. ווען ער וואָלט געווען אין פּאַריז אין דער צייט פֿון דעם יוני־אויפֿשטאַנד אין דעם יאָהר 1848, וואָלט ער זיכער געווען געקעמפפֿט מיט דעם לעצטען הייפֿעל אַרבייטער הינטער די לעצטע באַריקאַדע. אָבער אין דער אַגיטאַציאָנס־פּעריאָדע, וואָלט ער געווען אַ נאָכפֿאָלגער פֿון לואי בלאַן, אָדער לעדרי ראָלען.

אין דער שווייץ האָט ער זיך בעזעצט אין ציריך און האָט סימפּאַטהיזירט מיט דעם קאָנסערוואַטיווען טהייל פֿון דער אינטערנאַציאָנאַל. אַלס פּרינציפּיעלער סאָציאַליסט האָט ער דורכגעפֿיהרט זיינע פּרינציפּען אין דעם העכסט שפּאָרזאַמען און פֿלייסיגען אַרמ לעבען זיינעם, פּראַצעווענדיג לייַדענשאַפֿטליך ביי זיין העכסט־וויסענשאַפֿטליך ווערק—דער הויפּט צוועק פֿון זיין לעבען—אַ ווערק, וועלכעס האָט געזאָלט זיין פֿאַר דעם 19 יאָהרהונדערט דאָס וואָס די „נאַטורוויסענשאַפֿטען" פֿון די ענציקלאָפּעדיסטען זיינען געווען פֿאַר דעם 18טען יאָהרהונדערט. ער איז גלייך געוואָרען אַן אינטימער פֿריינד מיט דעם אַלטען רעוואָלוציאָנער פּעטער לאַווראָף, מיט וועלכען ער האָט געהאַט פֿיל געמיינשאַפֿטליכעס אין זיינע קאַנט'ישע פֿילאָזאָפֿישע אַנשויאינגען.

ווען ער האָט זיך דערוואוסט פֿון מיין אַרעסט, האָט ער גלייך אַלעס געלאָזען ווי עס שטעהט און געהט,—די אַרבייט פֿון זיין לעבען, אפילו די פֿרייהייט פֿון'ם לעבען, וועלכע איז פֿאַר איהם געווען אַזוי נויטיג

ווי די פֿרייע לופֿט איז נויטיג פֿאַר׳ן פֿויגעל,—און איז געקומען צו לויפֿען קיין פּעטערסבורג, די שטאָדט, וועלכע ער האָט אַזוי פֿיינד געהאַט, נאָר אום מיר צו העלפֿען אין דער צייט פֿון מיין געפֿאַנגענשאַפֿט.

מיר וואַרען ביידע זעהר געריהרט ביי דיזער צוזאַמענקונפֿט. אַלעקסאַנדער וואַר זעהר אויפֿגערעגט. ער האָט געהאַסט אפילו די בלויע אוניפֿאָרמס פֿון די זשאַנדאַרען,—יענע הענקער פֿון יעדען פֿרייען געדאַנקען אין רוסלאַנד,—און האָט אָפֿען אויסגעדריקט זיינע געפֿיהלען אין זייער אַנוועזענהייט. וואָס מיר אָנבעלאַנגט, האָט מיר זיין אָנבליק ערפֿילט מיט דער טרויעריגסטער אַנגסט. איך וואַר גליקליך צו זעהן זיין עהרליכען פּנים, זיינע אויגען פֿול מיט ליעבע, און צו הערען, אַז איך וועל זיי זעהן איין מאָל אין מאָנאַט; און דאָך האָב איך געוואונשען ער זאָל זיין הונדערטער מיילען ווייט פֿון דיזען פּלאַץ, וואוהין ער איז געקומען פֿרייוויליג יעדען טאָג, אָבער וואוהין מי וועט איהם סוף כל סוף בריינגען אונטער די בעגלייטונג פֿון זשאַנדאַרמען. „צו וואָס ביסטו געקומען אין דעם לייב׳ס הייל? געה שוין צוריק״, האָט מיין גאַנצע אינערליכע נשמה געשריען; און דאָך האָב איך געוואוסט, אַז ער וועט בלייבען אַזוי לאַנג, ווי איך וועל זיין אין טורמע.

ער האָט בעסער פֿאַר אַלעמען פֿערשטאַנען, אַז אונטהעטיגקייט וועט מיך אַוועק׳הרג׳ענען און ער האָט שוין געהאַט דערלאַנגט אַן אַפּליקאַציאָן צו קריגען פֿאַר מיר די ערלויבניס פֿאָרטצוזעצען מיין אַרבייט. די געאָגראַפֿישע געזעלשאַפֿט האָט געוואָלט, איך זאָל ענדיגען מיין בוך איבער די אייז־פּעריאָדע, און מיין ברודער האָט איבערגעקעהרט די גאַנצע וויסענשאַפֿטליכע וועלט אין פּעטערסבורג זי צו בעוועגען, זי זאָל אונטערשטיצען מיין אַפּליקאַציאָן. די אַקאַדעמיע דער וויסענשאַפֿטען איז געווען פֿעראינטערעסירט אין דער אָנגעלעגענהייט; און אַ צוויי, דריי מאָנאַט נאָך מיין אַרעסט, איז דער נאַדזיראַטעל אַריין צו מיר אין דער צעלע און האָט מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דער קייזער האָט מיר געגעבען די ערלויבניש צו ענדיגען מיין ווערק פֿאַר די געאָגראַפֿישע געזעלשאַפֿט, און אַז מי וועט מיר ערלויבען טינט און פֿעדער פֿאַר דיזען צוועק. „נאָר ביז זאָנען־אונטערגאַנג״, האָט ער צוגעלייגט. אין פּעטערסבורג געהט די זון אונטער אום דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג, אין ווינטער צייט; אָבער דאָס האָט מען ניט געקענט העלפֿען. „ביז זאָנען־אונטערגאַנג״ וואַרען די ווערטער, וועלכע אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט געברויכט בעת ער האָט געגעבען די ערלויבניש.

איך האָב אַלזאָ געקענט אַרבייטען!

איך בין קוים איצט אימשטאַנדע אויסצודריקען די ערלייכטערונג, וואָס מיין האַרץ האָט דערפיהלט ביים געדאַנקען, אַז איך קען ווידער אָנ־הויבען שרייבען. איך וואָלט געוועזען צופרידען צו לעבען אויף ברויט און וואַסער, אין דעם פייכטעסטען קעלער, אַבי איך זאָל קענען אַרבייטען.

דאָך בין איך געוועזען דער איינציגער ארעסטאַנט וועמען מי האָט ערלויבט צו האָבען שרייב־מאַטעריאַל. פיעלע פון מיינע קאָמעראַדען האָבען פערבראַכט העכער דריי יאָהר אין טורמע, בעפאָר דעם בעריהמטען פראָ־צעס פון די הונדערט דריי און ניינציג, און אַלעס וואָס זיי האָבען געהאַט, איז געווען אַ טאָפעל. פערשטעהט זיך, אַז אפילו דיזער טאָפעל איז זיי געוועזען ווילקאָמען אין זייער שרעקליכער אנייזאַמקייט, און זיי פלעגען אויף איהם שרייבען זייערע איבונגען אין די שפּראַכען, וועלכע זיי האָבען גע־לערנט, אָדער אויסאַרבייטען מאַטהעמאַטישע פראָבלעמען; אָבער דאָס וואָס זיי האָבען אויפגעשריבען אויף'ן טאָפעל, האָט ניט געקענט בלייבען מעהר ווי אַ פּאָר שטונדען.

איצט איז דאָס לעבען אין פריזאָן געוואָרען אַ מעהר רעגולאַרנער. איך האָב געקראָגען אַן אינטערעס אין מיין געגענווערטיגען לעבען. ניין אַ זייגער אין דער פריה האָב איך שוין געהאַט געמאַכט די ערשטע דריי הונדערט טריט איבער די צעלע און האָב געוואַרט אויף מיינע שרייב־גע־צייג. די אַרבייט, וועלכע איך האָב געהאַט פערפערטיגט פאַר די געאָגראַ־פישע געזעלשאַפט האָט ענטהאַלטען אחוץ א רעפּאָרט פון מיינע פאָר־שונגען אין פינלאַנד, אַ דיסקוסיאָן איבער די גרינדע, אויף וועלכע די היפּאָטהעזע פון די אייז־בערג אין געווען געגרינדעט. איצט, וויסענדיג, אַז איך האָב געהאַט גענוג צייט, האָב איך בעשלאָסען איבערצושרייבען און פערגרעסערען יענעם טהייל פון מיינע ווערק. די אַקאַדעמיע דער וויסענ־שאַפטען האָט מיר געשטעלט צור דיענסט די פראַכטפאָלע ביבליאָטהעק איהרע, און אַ ווינקעל פון מיין צעלע איז גלייך אָנגעפּאַקט געוואָרען מיט ביכער און לאַנדקאַרטען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך אויך געפונען אַלע ביכער פון דער שוועדישער געאָלאָגישער פאָרשונג, כמעט אַ פולע קאָלעקציאָן פון רעפּאָרטען פון אַלע רייזען צום נאָרד פאָל, און גאַנצע בענדער פון דעם פירטעל־יעהריגען זשורנאַל פון דער לאָנדאָנער געאָגראַ־פישער געזעלשאַפט. מיין בוך איז געוואַקסען אין פעסטונג, ביז ער האָט אָנגעפילט צוויי טהיילען. דער ערשטער טהייל איז געדרוקט געוואָרען פון מיין ברודער און פאָליאַקאָוו, און דער צווייטער נאָך ניט געענדיגט, איז געבליבען אין די הענד פון דער פאָליציי, ווען איך בין ענטלאָפען. דער מאַנוסקריפט איז געפונען געוואָרען אין 1895, און איז איבערגעגעבען

געוואָרען צו דער רוסישער געאָגראַפישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט איהם מיר אָבגעשיקט קיין לאָנדאָן.

אום פינף נאָך מיטאָג, — ווינטער אום דריי אַזייגער, — אַזוי שנעל ווי מי האָט מיר אַריינגעבראַכט דאָס קליינע לעמפעל, האָט מען פון מיר צוגענומען דאָס שרייב־געצייג און איך האָב געמוזט אויפהערען מיין אַרבייט. דאַן פלעג איך לעזען, מייסטענס היסטאָרישע ביכער. עס האָט זיך צוזאַמענגעקליבען אַ היבשע ביבליאָטהעק אין פעסטונג פון די דורות פון פאָליטישע אַרעסטאַנטען, וואָס זיינען דאָרט געוועזען. מיר איז געווען ערלויבט מוסיף צו זיין צו דער ביבליאָטהעק פיעלע וויכטיגע ווערק איבער די געשיכטע פון רוסלאַנד, און אויסער די ביכער, וועלכע קרובים האָבען מיר אַריינגעבראַכט, בין איך געווען אים שטאַנדע דורכצולעזען כמעט יעדעס ווערק און יעדע קאָלעקציאָן פון אַקטען און דאָקומענטען אין בעצוג אויף די מאָסקווער פעריאָדע פון דער רוסישער היסטאָריע. איך האָב מיך געקוויקט לעזענדיג, ניט נור די רוסישע יאָהר־ביכער, ספּעציעל די מערקווירדיגע יאָהר־ביכער פון דער דעמאָקראַטישער מיטעלאַלטערליכער רעפּובליק פון פסקאָוו, — די בעסטע, פילייכט, אין איראָפּאַ פון דער היסטאָריע פון יענעם טיפּ מיטעלאַלטערליכע שטעדט, — זאָנדערען אויך אַלערליי טרוקענע דאָקומענטען, און אפילו די לעבענס פון די הייליגע, אין וועלכע מי קען טהיילמאָל געפינען פאַקטען פון דעם ווירקליכען לעבען פון די מאַסען, וואָס אַנדערשוואו ווערט איהר זיי קיינמאָל ניט בעגעגענען. איך האָב אויך אין יענער צייט געלעזען אַ מאַסע נאָוועלען, און האָב זאָגאַר אַראַנזשירט פאַר זיך אַ גאַנצען יום טוב לכבוד קריסטמאַס. מיינע קרובים האָבען מיר נעמליך צוגעשיקט די קריסטמאַס געשיכטען פון טשאַרלס דיקענס, און איך האָב פערבראַכט מיין יום טוב לאַכענדיג און וויינענדיג איבער די הערליכע מייסטערווערק פון דעם גרויסען נאָוועלען־שרייבער.

דאָס ערגסטע איז געווען די טויטע שטילקייט, וועלכע האָט געהערשט אַרום מיר. אומזיסט האָב איך געקלאַפּט אין די ווענד, אין פאָדלאָגע וואַרטענדיג אויף דעם מינדעסטען אָברוף. מי האָט קיין זאַך ניט געהערט. עס איז אַוועק איין מאָנאַט, צוויי, דריי, פופצעהן מאָנאַט, אָבער אויף מיין קלאַפּעריי האָט זיך קיינער ניט אָבגערופען. מיר זיינען דאַמאָלסט געווען בלויז זעקס, צוואַנציג אין זעקס און דרייסיג קאַזעמאַטען —

אַלע אַרעסטירטע קאַמעראַדען מיינע זיינען געהאַלטען געוואָרען אין דעם ליטאָווסקי זאַמאָק.

ווען דער אָפיציער איז אַריין צו מיר מיך אַרויסצונעהמען פאַר אַ שפּאַציער און איך האָב איהם געפרעגט „וואָס פאַר אַ וועטער עס איז, צו

עס רעגענט", האָט ער מיר צוגעוואָרפֿען אַ נערוועזען בליק און איז גלייך אַוועק הינטערען טהיר, ניט ענטפֿערענדיג דעם מינדעסטען וואָרט. הינטערן טהיר זיינען געשטאַנען אַ דיעזשורנע און נאָך אַן אָפֿיציער, און זיי האָבען ווידער איהם געהיט. דאָס איינציגע לעבעדיגע וועזען, פֿון וועלכען איך האָב אַמאָל געקאָנט הערען אַ וואָרט, איז געוועזען דער סמאָטריטעל, וועלכער איז אַריינגעקומען צו מיר יעדען אין דער פֿריה מיר צו זאָגען „גוט מאָרגען", און צו פֿרעגען אויב איך וויל קויפֿען טאַבאַק אָדער פּאַפּיער. איך האָב געפּרופֿט צו פֿאַרציהען מיט איהם אַ געשפּרעך, אָבער אויך ער האָט אַ נערוועזען קוק געטאָן אויף די בעאַמטע, וועלכע זיינען דאָ געשטאַנען אין דער האַלב־אָפֿענער טהיר, אַזוי ווי ער וואָלט זאָגען: „דו זעהסט, מי וואַטשט מיך אויך." נור די טייבען האָבען קיין מורא ניט געהאַט זיך מיט מיר צו אונטערהאַלטען. יעדען אין דער פֿריה און נאָכמיטאָג פֿלעגען זיי צוקומען צום פֿענסטערל און קריגען זייער שפּייז דורך די אייזערנע שטאַבעס.

מי האָט קיינמאָל ניט געהערט קיין גערויש, אַחוץ דעם סקריפּען פֿון דעם דיעזשורנעמס שטיוועל, דעם לייכטען קלאַפּ פֿון דעם יודאָס טירעל און דאָס קלינגען פֿון די גלאָקען פֿון פֿעסטונגס־קירכע. געקלונגען האָבען זיי אַ „האָספּאָדי פּאָמילוי" („גאָט מיין העדר, דערבאַרעם זיך") יעדע פֿערטעל שטונדע — איינס, צוויי, דריי פֿיער מאָל, דאַן יעדע שטונדע האָט דער גרויסער גלאָק געשלאָגען לאַנגזאַם, זיך אָבשטעלענדיג אַ היבשע ווייל‌ע ביי יעטוועדען קלאַנג בעזונדער. דאַן האָט געפֿאָלגט אַ טרויעריגע מעלאָדיע, אויסגעקלינגען פֿון די גלאָקען, וועלכע פֿלעגען קאַליע ווערען יעדעס מאָל, ווען דער וועטער האָט זיך געביטען, און פֿלעגען דאַן אַרויסלאָזען אַזעלכע אימה'דיגע טענער, עפּעס אַזוי ווי מי וואָלט קלינגען צו אַ לויה; און דאַן, ווען עס איז געקומען די פֿינסטערע מיט־נאַכט־שטונדע האָט זיך נאָך געהערט דער טאָן פֿון דעם אונהאַרמאָנישען „באָזשע צאַריאַ כראַני", וועל־כער האָט געדויערט אַ פֿולע פֿערטעל שטונדע; און קוים האָט עס זיך געענדיגט, האָט ווידער אַ פרישער „האָספּאָדי פּאָמילוי", אָנגעזאָגט דעם אַרעסטאַנט, אַז נאָך אַ פֿערטיל שטונדע פֿון זיין נוצלאָז פֿערבראַכטען לעבען איז אַוועק אין דער פֿינסטערער פֿערגאַנגענהייט, און אַז עס וועלען אַוועק נאָך פֿיעלע פֿערטעל שטונדען, און שטונדען, און טעג, און מאָנאַטען אין דעם זעלבען פוסטען לעבען, איידער די וועכטער, אָדער פֿילייכט דער טויט, וועלען איהם בעפֿרייען.

יעדען אין דער פֿריה האָט מען מיך אַרויסגענומען אויף אַ פֿערטעל שטונדע אין הויף, און איך האָב זעהר געליעבט דיזען שפּאַציער.

די בעדירפֿנים פֿון נייע איינדריקע זיינען אַזוי שטאַרק אין טורמע,

אַז איך פֿלעג אימער האַלטען מיינע אויגען, שפּאַצירענדיג אין אונזער שמאָלען הויף, אויף דעם הויכען געגילטען שפּיץ פֿון דער פּעסטונגס קירכע. דאָס איז געווען די איינציגע זאַך אין מיין אומגעבונג, וועלכע האָט געענדערט איהר געשטאַלט.

איך האָב שטאַרק ליעב געהאַט צו זעהן דעם שפּיץ פֿון קירכע בליסטשענדיג ווי גינגאָלד, בעת די זון האָט געשיינט פֿון אַ ריינעם בלויען הימעל, אָדער ווי בע׳כשופֿ׳ט, בעת אַ העל־בלויער נעבעל איז פֿערשפּרייט איבערן שטאָדט, אָדער גאָר ווערענדיג גראָה ווען פֿינסטערע וואָלקענס האָבען פֿערדעקט דעם הימעל.

ווערענד דיזע שפּאַצירגענג פֿלעג איך טהיילמאָל זעהן דעם סמאָטריטעל׳ס טאָכטער, אַ מיידעל פֿון אַ יאָהר 18—19, אַרויסקומענדיג פֿון איהר פֿאָטערס צימער און געהענדיג עטליכע טריט אין אונזער הויף, אום צוצוקומען צום טויער, וועלכער איז געווען דער איינציגער אויסגאַנג פֿון דער געביידע. זי איז אימער געלאָפֿען די אויגען אַרונטערגעלאָזען, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געשעהמט דערמיט וואָס זי איז די טאָכטער פֿון אַ געפֿענגניסוועכטער. דערפֿאַר האָט אָבער איהר אינגערער ברודער, אַ קאַדעט, וועלכען איך האָב געזעהן אַ צוויי מאָל אין הויף, מיר אימער געקוקט גלייך אין פּנים אַריין, עפּעס מיט אַזאַ מין אָפֿענעם סימפּאַטישען אויסדרוק, אַז עס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקען רושם און איך האָב עס דערמאָנט אפילו נאָך דעם ווי איך בין שוין אַרויס פֿון טורמע. אין פֿיער, פֿינף יאָהר אַרום, ווען ער איז שוין געווען אַן אָפֿיציער, איז ער פֿערשיקט געוואָרען קיין סיביר. ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, און האָט וואַהרשיינליך געהאָלפֿען אָנפֿיהרען אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט די אַרעסטאַנטען אין קרעפּאָסט.

ווינטער איז זעהר מרה־שחורה׳דיג אין פּעטערסבורג פֿאַר די יעניגע, וועלכע קענען ניט זיין דרויסען, אין די העל בעלויכטענע גאַסען. דער אומעט איז געווען נאָך שרעקליכער, פֿערשטעהט זיך אין קאַזעמאַט. אָבער די פֿייכטקייט איז נאָך געווען פֿיעל ערגער, ווי די פֿינסטערקייט. די צעלען זיינען אַזוי פֿייכט, אַז מ׳מוז זיי איבערהייצען, אום זיי צו האַלטען טרוקען ווי עס איז, און איך פֿלעג כמעט דערשטיקט ווערען פֿון היץ. אָבער ווען איך האָב ענדליך געקראָגען די ערלויבניס צו האַלטען מיין צימער קיהלער, ווי פֿריהער, האָט די אויסערליכע וואַנד איינפֿאַך גערונען פֿון נאַסקייט, און דאָס פּאַפּיר האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי מ׳וואָלט דערויף יעדען טאָג אַרויפֿגעגאָסען וואַסער — דער רעזולטאַט איז געווען, אַז איך האָב שרעקליך געליטען פֿון רהומאַטיזם.

פֿון דעסטוועגען בין איך געווען מונטער; איך האָב געשריבען און געריסעוועט לאַנד־קאַרטען אין דער פֿינסטער, פֿערשאַרפֿענדיג די בלייפֿעדערס מיט אַ צובראָכען שטיקעל גלאָז, וועלכע איך האָב אויפֿגעזוכט אין הויף. איך האָב רעגעלמעסיג דורכגעמאַכט מיינע פֿינף מייל אין דער צעלע, און די גימנאַסטישע קונצען מיט׳ן דעמבאָווען ביינקעל. אַזוי איז די צייט פֿערגאַנגען. אָבער פּלוצלינג האָט זיך אין מיין צעלע אַריינגעגנב׳עט אַ שרעקליכער פּיין און האָט שיער ניט מיין האַרץ צובראָכען. מיין ברודער אַלעקסאַנדער איז אַרעסטירט געוואָרען.

אין ענדע פֿון דעצעמבער 1874, האָט מען מיר ערלויבט צו זעהן זיך מיט איהם און מיין שוועסטער העלענאַ אין דער טורמע, אין דער אַנוועזענהייט פֿון אַ זשאַנדאַרמסקען אָפֿיציר. צוזאַמענטרעפֿונגען, וועלכע ווערען ערלויבט אַזוי זעלטען, ברייגגען תמיד אי דעם אַרעסטאַנט, אי זיינע פֿריינד אין אַ צושטאַנד פֿון אויפֿרעגונג. מי זעהט געליעבטע געזיכטער און מי הערט בעליעבטע שטימען, וויסענדיג אַז דער זיסער טרוים וועט אָנהאַלטען בלויז עטליכע מינוטען. מי פֿיהלט זיך דאַכט זיך אַזוי נאָהענט איינער צום אַנדערען און דאָך אַזוי ווייט אַוועק; דען מי קען דאָך ניט פֿיהרען אַן אינטימען געשפּרעך פֿאַר אַ פֿרעמדען, אַ פֿיינד און אַ שפּיאָן. אַחוץ דעם האָבען מיין ברודער און שוועסטער זעהר מורא געהאַט פֿיר מיין געזונד, אויף וועלכען די פֿינסטערע, מרה־שחורה׳דיגע ווינטער טעג און די פֿייכטקייט, האָבען שוין געהאַט געמאַכט זייער ערשטע ווירקונג. מיר זיינען זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען מיט צואווייטיגטע הערצער.

אַ וואָך נאָך דיזען צוזאַמענקונפֿט האָב איך ערהאַלטען אָנשטאָט דעם ערוואַרטעטען בריעף פֿון מיין ברודער, וועגען די הערויסגאַבע פֿון מיין בוך, אַ קורץ צעטעלע פֿון פּאָליאַקאָוו׳ן. ער האָט מיר מודיע געווען, אַז פֿון היינט מאָל אָן וועט ער מאַכען די קאָרעקטור. און אַז איך זאָל צושיקען צו איהם אַלעס מכח דיזע אַנגעלעגענהייט. איך האָב גלייך פֿון דעם טאָן פֿון דיזען צעטעל פֿערשטאַנען, אַז עטוואָס האָט פּאַסירט מיט מיין ברודער. וואָלט עס געווען בלויז קראַנקהייט וואָלט פּאָליאַקאָוו מיר דאָס געשריעבען. טעג פֿול מיט פּחדים׳דיגע זאָרגען זיינען אויף מיר אָנגעקומען. אַלעקסאַנדער איז אַוודאי אַרעסטירט געוואָרען און איך וואַר די אורזאַכע דערפֿון. דער לעבען האָט פּלוצלינג אויפֿגעהערט צו האָבען די מינדעסטע בעדייטונג פֿאַר מיר. מיינע שפּאַציערגענגע, מיין גימנאַסטיקע, מיין אַרבייט האָבען פֿערלוירען זייער גאַנצע אינטערעסע.

גאַנצענע טעג פֿלעג איך אַרומגעהן הין און צוריק אין מיין צעלע, ניט טראַכטענדיג פֿון קיין אַנדער זאַך אַ חוץ אַלעקסאַנדער׳ס אַרעסט. פֿאַר

מיר, אַן אונפערהייראַטהען מענשען, איז די געפאַנגענשאַפט בלויז געוועזן אַ פּערזענליכע אונבעקוועמליכקייט, אָבער ער איז געוועזן פערהייראַטט, האָט ליידענשאַפטליך געליעבט זיין ווייב, און זיי האָבען איצט געהאַט אַ אינגעלע, אויף וועלכען זיי האָבען קאָנצענטרירט די גאַנצע ליעבע, וועלכע זיי האָבען געפיהלט צו די ערשטע צוויי קינדער.

דאָס ערגסטע איז געוועזן די אונבעשטימטקייט. וואָס האָט ער אַזעלכעס געקענט האָבען געטהאָן? פאַר־וואָס האָט מען איהם געקאָנט אַרעטירען? וואָס געהען זיי טהאָן מיט איהם? וואָכען זיינען אַריבער, מיין מורא איז געוואָרען טיעפער און טיעפער. אָבער איך האָב נאָך אַלץ פון קיינעם קיין וואָרט געהערט, ביז ענדליך איך האָב מיך דערוואוסט, אַז מי האָט איהם אַרעטירט פאַר אַ בריף וואָס ער האָט געשריבען צו לאַווראָוו.

די איינצעלהייטען האָב איך אויסגעפונען אַ סך שפּעטער. נאָך דעם, ווי איך האָב זיך מיט איהם דאָס לעצטע מאָהל געזעהן, האָט ער געשריעבען צו זיין אַלטען פריינד, וועלכער האָט דאַמאָלסט רעדיזשירט דעם רוסיש־סאָציאַליסטישען זשורנאַל „ווּפּעריאָד" אין לאָנדאָן. ער האָט איהם געשריעבען אין דיזען בריעף, אַז ער האָט שטאַרק מורא פאַר מיין געזונד, ער האָט דאָרט גערעדט וועגען די פיעלע פערהאַפטונגען, וועלכע זיינען דאַמאָלס געמאַכט געוואָרען אין רוסלאַנד, און האָט פריי אויסגעדריקט זיין האַס פאַר די דעספּאָטישע רעגירונג. דעם בריעף האָט די דריטע אָטדיעלעניע איבערגענומען אויף דער פּאָסט, און קריסטמאַס ביי נאַכט זיינען זיי געקומען מאַכען אַן אָביסק אין זיין וואָהנונג. זיי האָבען זיך בענומען נאָך פיעל ברוטאַלישער ווי געוועהנליך. נאָך האַלבע נאַכט זיינען אַ האַלב דוצענד מענשען אַריינגעדרונגען אין זיינע צימער און האָבען יעדע ברעקעל דורכגעזוכט. אפילו די ווענד האָט מען אונטערזוכט. דאָס קראַנקע קינד האָט מען אַרויסגענומען פון וויעגעל, אום דורכצוזוכען דעם מאַטראַץ און די בעטגעוואַנט. געפונען האָבען זיי קיין זאַך ניט — עס איז ניט געוועזן וואָס צו געפינען.

מיין ברודער האָט זיך שטאַרק געשטעלט געגען דיזען אָביסק. מיט זיין געוועהנליכער אָפענהערציגקייט האָט ער געזאָגט דעם זשאַנדאַרמסקען אָפיציער דיזע ווערטער: „געגען אייך, קאַפּיטאַן, האָב איך גאָר ניט, איהר האָט ערהאַלטען צו וועניג בילדונג און פערשטעהט קוים וואָס איהר טהוט. אָבער איהר, מיין העררר", האָט ער געזאָגט, זיך ווענדענדיג צום פּראָקוראָר, „איהר ווייסט יאָ, וואָס פאַר אַ ראָליע איהר שפּיעלט אין דיזע געמיינהייטען. איהר האָט דאָך בעקומען אַן אוניווערזיטעט־בילדונג. איהר ווייסט דאָך דעם געזעץ און איהר וו׳יסט, אַז איהר טראָמפּעלט אויף אַלע געזעצע

מיט די פּיס און פֿאַרדעקט די אונגעזעצליכקייט פֿון דיזע לייט מיט אייער אַנוועזענהייט. איהר זיינט איינפֿאַך — אַ שופֿט!"

זיי האָבען געשוואָרען אייביגען האַס צו איהם. זיי האָבען איהם געהאַלטען פֿערשפּאַרט אין דער דריטער אָטדיעלעניע ביז מיין ברודער'ס קינד, אַ רייצענד אינגעלע, וועמען די קראַנקהייט האָט געמאַכט נאָך ליעבליכער און אינטעליגענטנער, איז דאַמאָלס אויסגעגאַנגען פֿון שווינזוכט. די דאָקטוירים האָבען געזאָגט, אַז ער האָט בלויז נאָך עטליכע טעג צום לעבען.

אַלעקסאַנדער, וועלכער האָט קיין מאָל ניט געבעטען קיין טובה פֿון זיינע פֿיינד, האָט זיך דאַמאָלס געבעטען מ׳ זאָל איהם ערלויבען זעהן דאָס קינד צום לעצטען מאָל, מ׳ זאָל איהם לאָזען געהן אַהיים אויף איין שטונדע, אויף זיין עהרען וואָרט צוריקצוקומען, אָהנע די בעגלייטונג פֿון זשאַנדאַרמען. זיי האָבען איהם ענטזאָגט. זיי האָבען ניט געקאָנט זיין גרויס־מוטהיג גענוג זיך אָבצוזאָגען פֿון דיזע ראַכע.

דאָס קינד איז געשטאָרבען, און די מוטער איז ווידער געווען אין אַ צושטאַנד, וועלכער איז געווען ניט ווייט פֿון וואַהנזין, ווען פּלוצלינג האָט מען אָנגעזאָגט מיין ברודער, אַז מ׳ וועט איהם אַוועקשיקען קיין סיביר אין אַ קליין שטעדטעל מינוסינסק. מ׳ וועט איהם פֿיהרען צווישען צוויי זשאַנ־דאַרען אין אַ וועגעלע, און זיין ווייב וועט קענען קומען שפּעטער; צוזאַמען מיט איהם קען זי ניט רייזען.

„זאָגט מיר, וועניגסטענס, וואָס איז מיין פֿערברעכען", האָט ער געפֿאָדערט. אָבער אַ חוץ דעם בריעף איז קיין בעשולדיגונג געגען איהם ניט געווען. דיזע שטראָף איז געווען אַזוי גרויזאַם, אַזוי דייטליך איז דאָ געווען צו זעהן די טהאַט פֿון נקמה פֿון דער דריטער אָדיעלעניע, אַז קיינעם פֿון אונז איז גאָר ניט איינגעפֿאַלען צו גלויבען, אַז מ׳ וועט איהם האַלטען אין סיביר מעהר ווי עטליכע מאָנאַט. מיין ברודער האָט אַוועק־געשיקט אַ קלאַגע צום מיניסטער וונוטרעניך דיעל, און ער האָט געענטפֿערט אַז אַלס מיניסטער קען ער זיך ניט אַריינמישען אין די אַנגעלעגענהייטען פֿון זשאַנדאַרמסקען שעף. אַ צווייטע איז אַוועקגעשיקט געוואָרען אין סענאַט, עס האָט ניט געהאָלפֿען. אין אַ צוויי יאָהר אַרום האָט אונזער שוועסטער העלענאַ, דורך איהר אייגענע איניציאַטיווע אָנגעשריבען אַ ביטע צום צאַר. אונזער קוזין דימיטרי, גענעראַל־גובערנאַטאָר פֿון כאַרקאָוו, קייזערליכער אַדיוטאַנט און אַ ליבלינג אין הויף, שטאַרק אויפֿגעבראַכט געגען דיזע בעהאַנדלונג פֿון דער דריטער אָטדיעלעניע האָט עס אַליין איבערגעגעבען די פּראָשעניע צום צאַר און האָט דערביי צוגעלייגט זיינע

אייגענע פּאָר ווערטער. אָבער די ראַכעגיעריגקייט פון די ראָמאַנאָווס איז געווען אַ פאַמיליען־אייגענשאַפט, שטאַרק ענטוויקעלט אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטען. ער האָט אויפגעשריבען אויף דער פּראָשעניע „פּוסט פּאָסידיט" (זאָל ער דאָרט זיצען). מיין ברודער איז געבליבען אין סיביר צוועלף יאָהר, און איז קיינמאָל אין רוסלאַנד צוריק ניט געקומען.

די מאַסען־פערהאַפטונגען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אין דעם זומער פון 1874, און די ערנסטע פערפאָלגונג פון די פּאָליציי געגענאיבער אונזער קרוזשאָק, האָט אַרויסגערופען אַ טיעפע ענדערונג אין די געדאַנקען פון דער רוסישער יוגענד. ביז צו יענער צייט האָט מען מייסטענס געשטרעבט אויסצוקלייבען צווישען די אַרבייטער, און נאַכהער צווישען די מוזשיקעס, אַן אַנצאַהל מענשען פון וועלכע מ׳זאָל קענען מאַכען סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרען. אָבער די פאַבריקען זיינען איצט געווען פערפלייצט מיט שפּיאָנען און עס איז געווען קלאָהר, אַז ווי מ׳זאָל זיך ניט היטען, וועלען דאָך די פּראָפּאַגאַנדיסטען און די אַרבייטער זעהר שנעל אַרעסטירט און פערשיקט ווערען אין סיביר אויף אייביג. דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען די גרויסע בעוועגונג „וונאַראָד", (געהן אין פאָלק) אין אַ נייע פאָרמע: עטליכע הונדערט יונגע מענער און פרויען, ניט קוקענדיג אויף פאָרזיכטיגקייט, האָבען זיך אַ לאָז געטאָהן אויף׳ן לאַנד, און רייזענדיג דורך שטעדט און דערפער, האָבען זיי אויפגערייצט די מאַסען צו רעוואָלוציאָן, פערטהיילענדיג כמעט עפענטליך בראָשורען, ליעדער און פּראָקלאַמאַציעס. אין אונזערע צירקלען האָט דיעזער זומער געקראָגען דעם נאָמען „דער משוגע׳נער זומער".

די זשאַנדאַרען האָבען פערלאָרען די קעפּ. עס האָט ביי זיי ניט געסטייעט הענד גענוג צו אַרעטירען און אויגען גענוג נאָכצושלאַדעווען אַזוי פיעל פּראָפּאַגאַנדיסטען. דאָך זיינען ניט וויינינגער, ווי פופצעהן הונדערט פערזאָן אַרעסטירט געוואָרען אין דיעזער יאָהר און אַ העלפט פון זיי זיינען געהאַלטען געוואָרען אין די טורמעס יאָהרען־לאַנג.

איין מאָל אין זומער 1874, האָב איך אין דעם נעקסטען צימער דייטליך דערהערט לייכטע טריט פון שטיוועל, און אין עטליכע מינוטען אַרום אָבגעריסענע שטיקלעך געשפּרעך. א פרויען שטימע האָט גערעדט פון דער צעלע, און אַ טיעפע באַסאָווע שטימע, וואָהרשיינליך פון דעם דעזשורני — האָט אויסגעברומט עטוואָס אַלס ענטפער. דאַן האָב איך דערקענט דעם קלאַנג פון דעם פּאָלקאָווניקס שפּאָרען, זיינע שנעלע טריט, זיין שעלטען; און דעם גערויש פון דעם שליסעל אין׳ם שלאָס. ער האָט עפּעס אַ זאָג געטהאָן, און אַ פרויען־שטימע האָט געענטפערט אין דער

הויך: „מיר האָבען ניט גערעדט. איך האָב איהם בלויז געבעטען ער זאָל מיר שיקען דעם אויפזעהער". דאַן איז די טהיר צוגעשלאָסען געוואָרען און איך האָב געהערט דעם פאָלקאָווניק שילטענדיג דעם דעזשורני שטילערהייט.

איך בין אַלזאָ ניט געווען אַליין. איך האָב געהאַט אַ דאַמע פאַר אַ שכן'טע, וועלכע האָט גלייך געבראָכען די שטרייננע דיסציפּלינע, וועלכע האָט ביז דאַן געהערשט צווישען די דעזשורנעס. פון יענעם טאָג אָן זיינען די וואַנד פון דער קרעפּאָסט, וועלכע זיינען געווען שטום גאַנצע פופצעהן מאָנאַט, געוואָרען לעבעדיג. פון אַלע זייטען האָבען זיך געהערט געקלאַפּעריי מיט'ן פוס אין פּאָדלאָגע: איינס, צוויי, דריי, פיער,... עלף קלעפּ, פיער און צוואַנציג קלעפּ, פופצעהן קלעפּ; דאַן אַן אָפּשטעל, און דאַן ווידער דריי קלעפּ; און דריי און דרייסיג קלעפּ איינס נאָך דאָס אַנדערע. די קלאַפּעריי איז איבערגע'חזר'ט געוואָרען איינמאָל און נאָך אַמאָל אין דער זעלבער אָרדנונג, ביז דער שכן מיינער האָט זיך אָנגעשטויסען, אַז דאָס מיינט „קטאָ וויז?" (ווער זייט איהר?) אַזוי ווי דער בוכשטאַב „וו" איז דער דריטער אין אונזער אלף בית. אַזוי אַרום האָט מען אָנגעפאַנגען צו פיהרען א געשפּרעך.

איך האָב ענטדעקט מיט גרויס צופרידענהייט, אַז ביי מיין לינקער זייט האָט זיך געפונען סערדוקאָוו, מיט וועלכען איך האָב אין קורצען געקאָנט ריידען וועגען אלעם, בעזאָנדערס ווען מיר האָבען געברויכט אונזער ציפער. אָבער די אונטערהאַלטונג האָט געבראַכט ליידען עבען אַזוי גוט ווי פריידען. אונטער מיר איז געווען איינגעשפּאַרט אַ מוזשיק, וועלכען סער־דוקאָוו האָט געקענט. ער האָט מיט איהם זיך צוזאַמענגערעדט דורך די וואַנד. און אַפילו ניט ווילענדיג פלעג איך אָפּט אונבעוואוסטערהייט נאָכפאָלגען זייער געשפּרעך אין מיטען דער אַרבייט מיינער. איך האָב אויך צו איהם גערעדט און איך מוז אייך זאָגען, אַז אויב צו זיין פערשפּאַרט אין דער צעלע אָהנע אירגענד וועלכע אַרבייט, איז שווער פאַר געבילדעטע מענשען, איז זו אָבער טויזענד מאָל שווערער פאַר'ן מוזשיק, וועלכער איז געוואוינט צו פיזישער אַרבייט און ניט צו פערברייננגען יאָהרען אין לעזען. אונזער פויער־פריינד האָט זיך געפיהלט זעהר מיזעראַבעל, און אַזוי ווי ער האָט שוין געהאַט פערבראַכט קרוב פון צוויי יאָהר איידער מי האָט איהם אַריבערטראַנספּאָרטירט צו אונז — זיין פערברעכען איז געווען וואָס ער האָט זיך צוגעהערט צו סאָציאַליסטען — וואַר ער שוין גאַנץ דערשלאָגען.

איך האָב שנעל אָנגעפאַנגען צו בעמערקען מיט שרעקען, אַז פון צייט צו צייט איז ער ניט ביים זינען. ביסלעכווייז האָבען זיינע געדאַנקען אָנגעהייבען צו ווערען אַלץ מעהר און מעהר צומישט, און מיר האָבען

ביידע גענומען בעגרייפען ווי טריט ביי טריט, טאָג נאָך טאָג, איז זיין פערשטאַנד געוואָרען אַלץ מוטנער, ביז ענדליך איז זיין געשפרעך געוואָרען ווי פון אַן אמת משוגענעם. פון דעם אונטערשטען עטאַזש האָבען זיך געלאָזט הערען שרעקליכע געשרייען, ווילדע קולות. אונזער מוזשיק איז געווען פאָלקאָם משוגע, און דאָך האָט מען איהם געהאַלטען עטליכע מאָנאַט אין קאַזעמאַט, בעפאָר מען האָט איהם צוגענומען אין אַן אַנשטאַלט, פון וועלכען ער איז קיינמאָל ניט צוריקגעקומען. בייצוואוינען די פערניכטונג פון אַ מענשענס פערשטאַנד אונטער אַזוינע אומשטענדען איז שוידערהאַפט. איך בין זיכער, אַז דאָס האָט פיעל בייגעטראָגען צו פערשטאַרקערען די נערוועזיטעט פון מיין גוטען און טרייען פריינד סערדוקאָוו. אין פיער יאָהר אַרום, בעת ער איז בעפרייט געוואָרען פון געריכט, האָט ער זיך דערשאָסען.

איינמאָל האָב איך געקראָגען אַן אונערוואַרטעטען גאַסט. דער גרויספירשט ניקאָליי, דער ברודער פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, וועלכער האָט אונטערזוכט די פעסטונג, איז אַריין צו מיר אין צעלע, בעגלייטעט פון זיין אַדיוטאַנט. די טהיר איז צוגעשלאָסען געוואָרען הינטער איהם. ער איז שנעל צו צו מיר, זאָגענדיג: „גוט מאָרגען, קראַפּאָטקין.‟ ער האָט מיר געקענט פערזענליך און האָט גערעדט אין אַ פאַמיליאַרנעם גוטמוטהיגען טאָן, אַזוי ווי צו אַן אַלטען בעקאַנטען. „ווי איז דאָס מעגליך, קראַפּאָטקין, אַז איהר אַ קייזערליכער פאַזש, אַן אָפיציער פון דעם קאָרפּוס, זאָל זיין פערמישט אין אַזאַ׳ן עסק און איצט זיצען אין דיזען שרעקליכען קאַזעמאַט.

„יעדער האָט זיך זיינע מיינונגען,‟ וואַר מיין ענטפער.

„מיינונגען! איהר טראָגט זיך אַרום מיט מיינונגען אויפצוהעצען אַ רעוואָלוציאָן?‟

וואָס האָב איך געקענט ענטפערען? יאַ? דאַן וואָלט מען דאָס פערטייטשט, אַז כאָטשע איך האָב מיך ענטזאַגט מודה צו זיין פאַר די זשאַנדאַרען, האָב איך אָבער פאַרן קיסר׳ס ברודער יאַ אַלץ אויסגעזאָגט. זיין טאָן איז געווען ווי פון אַ קאָמאַנדיר פון אַ מיליטערישע שוהלע בעת ער פרואווט אַרויסקריגען אַ סוד פון אַ קאַדעט. דאָך האָב איך ניט געקענט זאָגען ניין: עס וואָלט געווען אַ ליגען. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען און בין געשטאַנען אָהן אַ וואָרט אויסצורעדען.

„זעהט איהר! איצט שעהמט איהר זיך אַליין‟ — דיזע בעמערקונג האָט מיך געערגערט, און איך האָב גלייך אַ זאָג געטהאָן בייזלאַך: „מיין ענטפער האָב איך געגעבען דעם סלעדאָוואַטעל און איך האָב גאָר ניט וואָס צוצולייגען.‟

„אָבער פֿערשטעהט דאָך, קראַפּאָטקין, איך בעט אייך," האָט ער זיך אָבגערופֿען אין אַ זעהר פֿריינדליכען טאָן." איך רייד דאָ צו אייך ניט ווי אַ סלעדאָוואַטעל. איך רייד איצט צו אייך אַלס אַ פּריוואַט פּערזאָן, — גאַנץ ווי אַ פּריוואַט מענש," — האָט ער איבערגע'חזר'ט מיט אַ שטילערן קול.

פֿערשיעדענע רעיונות האָבען זיך מיר געפּלאָנטערט אין קאָפּ. זאָל איך דעם צאַר מודיע זיין דורך זיין ברודער מכח דעם שרעקליכען חורבן אין רוסלאַנד, די רואינע פֿון די פּויערים, די גרויזאַמקייט פֿון די טשינאָווניקעס, דעם שרעקליכען הונגער־טויט, וועלכער שטעהט זיי פֿאַר די אויגען? זאָל איך איהם זאָגען, אַז מיר ווילען ארויסהעלפֿען דעם בידנעם מוזשיק פֿון די פֿערצווייפֿעלטע לאַגע, אַז מיר ווילען איהם העלפֿען אויפֿהויבען זיין נידערגעבויגענעם קאָפּ און אַזוי אַרום בעאיינפֿלוסען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען? מיט דער שנעלינקייט פֿון אַ בליטץ האָבען דיזע רעיונות געיאָגט איינס דאָס אַנדערע, ביז איך האָב ענדליך צו זיך אַליין געזאָגט: „אונמעגליך! אונזין! זיי ווייסען דאָס אַלעס. זיי זיינען די בלוט־פֿיינד פֿון פֿאָלק, און מיינע רייד וועלען זיי ניט איבערמאַכען."

איך האָב איהם געענטפֿערט, אַז ער איז דאָך אַן אָפֿיציעלער פּערזאָן, און איך קען איהם ניט בעטראַכטען אַלס אַ פּריוואַט מענש.

ער האָט מיך דאַן אָנגעהויבען צו פֿרעגען זייטיגע פֿראַגען. „וואַר עס ניט אין סיביר, אונטער די דעקאַבריסטען, וואו איהר האָט אָנגעהויבען זיך אַרומטראָגען מיט דיזע אידעען?"

„ניין, איך האָב בלויז געקענט איין דעקאַבריסט, און מיט איהם האָב איך אויך וועניג גערעדט".

„איז עס אַלזאָ געווען אין פּעטערבורג?"

„איך בין אימער געווען דער זעלבער".

„ווי הייסט! זייט איהר עס שוין געוועזען אין פּאזשע־ןקאָרפּוס?" האָט ער מיך געפֿרעגט מיט שרעקען.

„אין דעם קאָרפּוס בין איך געווען אַ אינגעל, און דאָס וואָס איז אונבעשטימט אין דער יוגענד, ווערט דייטליכער אין די שפּעטערע יאָהרען."

ער האָט מיר געשטעלט נאָך עטליכע עהנליכע פֿראַגען. לויט נאָך זיין ריידען האָב איך פֿערשטאַנען צו וואָס ער ציעלט. ער האָט געוואָלט אַרויסקריגען מיינע סודות, און אין מיין פֿאַנטאַזיע האָט זיך מיר פֿאָרגעשטעלט דאָס בילד, ווי ער שטעהט און דערצעהלט זיין ברודער: „אַלע די סלעדאָוואַטעלעס טויגען אויף כּפּרות. זיי האָט ער ניט געענטפֿערט, אָבער איך האָב צו איהם גערעדט צעהן מינוט, און ער האָט מיר אַלעס דער־

צעהלט״. דאָס האָט מיך גענומען פּערדריסען, און ווען ער האָט מיר דערלאַנגט אַ זאָג אונגעפּעהר די פאָלגענדע ווערטער: „ווי האָט איהר געקענט האָבען עסקים מיט אַזעלכע מענשען — פּויערים און אַלערליי נאַמענלאָזע פּערזאָנען?״ האָב איך איהם באַלד אַ זאָג געטהאָן: „איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איך האָב אויף אַלעס געענטפּערט דעם סלעדאָוואַ־טעל״. דאַן איז ער גלייך אַרויס פון מיין צעלע.

שפּעטער האָבען די דעזשורניעס פון דיעזען בעזוך געמאַכט אַ גאַנצע לעגענדע. די פּערזאָן, וועלכע איז געקומען אין דער קאַרעטע, מיט וועלכער איך בין אַנטלאָפען פון טורמע, האָט געטראָגען אַ מיליטערישע הישעל, און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ בלאָנדע באָרד, האָט ער אויסגע־זעהען עטוואָס עהנליך צום גרויס פירשט ניקאָלאַי, און אַזוי איז אויסגעוואַקסען אַ טראַדיציע צווישען די סאָלדאַטען פון פּעטערסבורגער גאַרניזאָן, אַז דאָס איז געווען דער גרויספירשט אַליין, וועלכער איז מיך געקומען רעטען פון טורמע און אַז ער האָט דאָס מיך צוגע׳גנב׳ט. אָט ווי לעגענדעס ווערען געשאַפען אין צייטען פון צייטונגען און ביאָגראַפישע ווערטער־ביכער.

עס איז אַוועק צוויי יאָהר. אַסך קאַמעראַדען מיינע זיינען געשטאָר־בען, אַנדערע זיינען משוגע געוואָרען, אָבער אונזער פּראָצעס איז נאָך אַלץ ניט פאָרגעבראַכט געוואָרען פאַרן געריכט.

ביין סוף פון צווייטען יאָהר האָב איך מיך גענומען פיהלען קריינק־ליך. דאָס דעמבאָווע ביינקעל איז מיר געוואָרען שווער אין די הענד, און די פינף מייל האָבען מיר אויסגעוויזען אַן אונענדליכער מהלך. אַזוי ווי עס זיינען געווען אונזערע אונגעפעהר זעכציג אין דעם קרעפּאָסט, און די ווינטער־טעג זיינען געווען קורץ, האָט מען אונז געפלעגט אַרויסנעהמען אויף די לופט, בלויז יעדען דריטען טאָג אויף צוואַנציג מינוט. איך האָב געטהאָן אַלעס אויפצוהאַלטען מיין ענערגיע, אָבער די ביטערע ווינטערס, דאָס גאַנצע יאָהר אָן אויפהער האָבען דאָך געוואונען די אויבערהאַנד איבער מיר. פון מיינע רייזען אין סיביר האָב איך מיטגעבראַכט לייכטע סמנים פון׳ם סקאָרבוט. איצט אין דער פינסטערקייט און פייכטקייט פון׳ם קאַזע־מאַט, האָט זיך די קראַנקהייט אַרויסגעוויזען פיעל דייטליכער; דיעזע געפענגנים־פּעסט האָט אויך מיך ניט אויסען געלאָזען.

אין מערץ, אָדער אַפּריל, 1876, האָט מען אונז ענדליך אָנגעזאָגט, אַז די דריטע אָטדיעלעניע האָט געענדיגט די לעצטע סליעדסטווא. דער פּראָצעס איז איבערגעגעבען געוואָרען צום געריכט און מיר זיינען דעריבער איבעגעפיהרט געוואָרען אין דער טורמע פון׳ם געריכטס־הויף.

דאָס וואַר אַן אונגעהייער גרויסע טורמע, וועלכע וואַר מיט אַ

קורצע צייט בעפאָר געבויט נאָך'ן פאַסאָן פון די פראַנצויזישע און בעלגישע געפּענגניסע, און איז בעשטאַנען פון פיער שטאָק קליינע צעלען; דאָס פענסטער פון יעדע צעלע איז אויסגעקומען אויף'ן הויף אַרויס, און די טהיר האָט זיך געעפענט אויף איין אייזערנעם באַלקאָן. די באַלקאָנען פון די עטליכע עטאַזשען וואָרען פערבונדען דורך אייזערנע טרעפּען.

פאַר די מייסטע פון מיינע קאַמעראַדען איז דער איבערגאַנג אין דיעזער טורמע געווען אַ גרויסע ערלייכטערונג. דאָ איז געווען פיעל מעהר לעבען ווי אין דעם קריעפּאָסט, מעהר געלעגענהייט זיך צו קאָרעספּאָנ־דירען, צו זעהען מיט קרובים און פיר דעם געמיינשאַפטליכען פערקעהר. די קלאַפּערייי אין די ווענד האָט אָנגעהאַלטען דעם גאַנצען טאָג לאַנג אונגעשטערט, און איך בין געווען אימשטאַנדע אַזוי אַרום איבערצוגעבען אַ יונגען שכן מיינעם די געשיכטע פון דער פּאַריזער קאָמונע פון אָנפאַנג ביז'ן סוף. געדויערט האָט עס, אמת, אַ גאַנצע וואָך.

וואָס אַנבעלאַנגט מיין געזונד, איז עס געוואָרען ערגער אפילו, ווי עס איז געווען די לעצטע צייט אין קריעפּאָסט. איך האָב ניט געקענט פערטראָגען די שטיקענדע לופט פון דער קליינער צעלע, וועלכע איז געווען ניט מעהר ווי ד' על ד' פון איין ווינקעל ביז'ן צווייטען, און וואו די טעמפּעראַטור האָט זיך גאַנץ אָפט געענדערט פון אייז־קאַלט אויף די אונערטרעגליכסטע היץ. אַזוי ווי איך האָב זיך געמוזט אַלע מינוט אומ־דרעהען שפּאַצירענדיג אין דער צעלע, פלעגט מיר נעהמען שווינדלען דער קאָפּ באַלד אין די ערשטע עטליכע מינוט, און די צעהן מינוטען בעוועגונג דרויסען אין דעם ווינקעל פון אַ הויף, וועלכער איז געווען אַרומגערינגעלט פון הויכע געמויערטע ווענד, האָט מיך אויך ניט אויף דאָס מינדעסטע ערפרישט. וואָס אָנבעלאַנגט צום פּריזאָן־דאָקטאָר, וועלכער האָט ניט געוואָלט הערען דאָס וואָרט „סקאָרבוט" אין „זיין פּריזאָן" — פון איהם איז וואָס ווייניגער געזאָגט דעסטאָ בעסער.

מיר איז געווען ערלויבט צו קריגען שפּייזען פון דער היים אין גראַדע האָט איינער פון מיינע קרובים געוואוינט נאָהענט פון געריכט. אָבער מיין מאָגען איז געוואָרען אַזוי שלעכט, אַז איך בין ניט אימשטאַנדע גע־ווען צו עסען מעהר, ווי אַ שטיקעל ברויט און איינס, אָדער צוויי אייער אַ טאָג. די כוחות האָבען מיר גענומען אויסגעהן זעהר שנעל. די אַלגעמיינע מיינונג איז געווען, אַז מעהר ווי עטליכע מאָנאַט וועל איך ניט ציהען. אַרויפקריכענדיג די טרעפּען צו מיין צעלע אויף'ן צווייטען שטאָק, האָב איך געמוזט צוויי־דריי מאָל זיך אָבשטעלען, און איך געדיינק, ווי אַן אַלטער סאָלדאַט פון דער וואַך האָט מיך איינמאָל בעדויערט און געזאָגט:

„אָרעמער מענש, איהר וועט ניט ציהען ביז׳ן סוף זומער."

מיין פֿאַמיליע האָט זיך איצט גענומען שטאַרק שרעקען. מיין שוועסטער העלענאַ האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען מיך אַרויסצוקריגען אויף בעיל. אָבער דער פּראָקוראָר, שובין האָט איהר געענטפֿערט מיט אַ גיפֿטיגען שמייכעל, „אויב איהר וועט מיר ברייגגען אַ דאָקטאָרס אַטעסט, אַז ער וועט שטאַרבען אין צעהן טאָג, וועל איך איהם פֿריילאָזען." ער האָט געהאַט דעם פֿערגניגען צו זעהן, ווי מיין שוועסטער האָט זיך ארונטערגעלאָזען אויף׳ן שטוהל און האָט זיך אויף׳ן קול פֿאַנאַנדערגעוויינט פֿון דעסטוועגען איז עס איהר געלונגען צו קריגען אַן ערלויבעניש, איך זאָל אונטערזוכט ווערען פֿון אַ גוטען דאָקטאָר — דעם הויפּט דאָקטאָר פֿון מיליטערישען שפּיטאָל פֿון פּעטערבורגער גאַרניזאָן. ער וואַר אַ זעהר אינטעליגענטנער, אַלטער גענעראַל, וועלכער האָט מיר אונטערזוכט זעהר גרינדליך, און איז געקומען צום שלוס אַז איך האָב אייגענטליך ניט קיין אָרגאַנישען פֿעהלער, נור לייד איינפֿאַך פֿון צו וועניג לופֿט. „לופֿט איז אַלעס וואָס איהר ברויכט," האָט ער געזאָגט. דאַן איז ער געשטאַנען עטליכע מינוט פֿערטראַכט, און האָט ענטשלאָסען אויסגערעדט: „וואָס איז די פּעולה? איהר קאָנט דאָ ניט בלייבען, איהר מוזט טראַנספּאָרטירט ווערען."

אין אַ צעהן טעג ארום האָט מען מיך אַריבערגעפֿיהרט אין מיליטערישען שפּיטאָל, וועלכער געפֿינט זיך אויסערן שטאָדט, און וועלכער האָט אַ ספּעציעלע קליינע טיורמע פֿאַר די אָפֿיצירען און סאָלדאַטען, וואָס ווערען קראַנק, בעת זיי שטעהען אונטער אַ פּראָצעס. צוויי פֿון מיינע קאַמעראַדען זיינען שוין איבערטראַנספּאָרטירט געוואָרען אין דיזען געפֿענגניס־שפּיטאָל, ווען עס איז געווען זיכער, אַז זיי וועלען אין קורצען שטאַרבען פֿון שווינדזוכט.

אין שפּיטאָל האָב איך גלייך גענומען זיך ערהוילען. איך האָב געקראָגען אַ גרויסען צימער אויף׳ן ערשטען עטאַזש, לעבען דעם צימער פֿון דער מיליטערישע וואַך. אין צימער איז געווען אַ גרויסער פֿענסטער מיט גראַטעס, וועלכער איז אַרויס אויף אַ קליינעם בולוואַר מיט צוויי רייהען בוימער; און אַריבער איבער׳ן בולוואַר איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ, וואו צוויי הונדערט סטאָליאַרעס האָבען געבויט הילצערנע באַטקעס פֿאַר די טיפֿוס־קראַנקע. יעדען אָבענד האָבען זיי געהאַט שטונדען ווען זיי פֿלעגען זינגען אין כאָר — אַזאַ כאָר, ווי מ׳ הערט בלויז אין גרויסע סטאָליאַרסקע אַרטעלען. אַ קאַראַאול איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבער׳ן בולוואַר, און זיין בודקע איז געשטאַנען געגעניבער מיין צימער.

מיין פֿענסטער איז געהאַלטען געוואָרען אָפֿען דעם גאַנצען טאָג,

און איך האָב מיך געבאָדען אין די שטראַהלען פֿון דער זון, פֿון וועלכע מי האָט מיך אַזאַ לאַנגע צייט אַוועקגעהאַלטען. איך האָב איינגעאַטהעמט די באַלזאַם־לופֿט פֿון מאַי מיט אַ פֿולער ברוסט, און מיין געזונד האָט זיך שנעל געבעסערט — צו שנעל, האָב איך אָנגעהויבען צו דיינקען. איך וואַר באַלד אימשטאַנדע צו פֿערדייען לייכטע שפּייזען, האָב זיך געפֿיהלט שטאַרקער און האָב ווידער גענומען אַרבייטען מיט ערפֿרישטער ענערגיע. ניט זעהענדיג קיין אויסוועג אימשטאַנדע צו זיין ענדיגען מיין צווייטען טהייל פֿון מיין ווערק, האָב איך אָנגעשריבען אַ קיצור פֿון איהם, וועלכער איז אָבגעדרוקט געוואָרען אין ערשטען טהייל.

אין קרעפּאָסט האָב איך געהערט פֿון אַ קאַמעראַד, וועלכער איז געוועזן אין שפּיטאָל־געפֿענגניס, אַז עס וואָלט פֿאַר מיר ניט שווער זיין צו אַנטלויפֿען פֿון דאָרט; און איך האָב מיינע פֿריינד בעקאַנט געמאַכט מיט דעם פֿאַקט.

פֿון דעסטוועגען האָט מיר דער אַנטלויפֿען געשיינט פֿיעל שווערער, ווי מי האָט מיר איינגערעדט. מי האָט איבער מיר געוואַכט שטרייננגער ווי איך האָב מיר אַמאָל פֿאָרגעשטעלט אין אירגענד וועלכער טורמע. דער דעזשורניע פֿון קאָרידאָר איז געשטעלט געוואָרען ביין טהיר, און מי האָט מיך קיינמאָל פֿון מיין צימער ניט ארויסגעלאָזען. די שפּיטאָל־סאָלדאַטען און די גוואַרדיע־אָפֿיצירען, וועלכע פֿלעגען אַמאָל אַריינגעהן, האָבען מורא געהאַט דאָרט צו פֿערבלייבען מעהר ווי אַ מינוט.

מיינע פֿריינד האָבען געמאַכט פֿיעלע פּלענער מיך צו בעפֿרייען— מאַנכע אויך זעהר אַמוזאַנטע. צום ביישפּיעל, איך זאָל דורכפֿיילען די אייזערנע שטאַבעס פֿון פֿענסטער. דאַן אין אַ רעגענדיגע נאַכט, ווען דער קאַראַאול וועט דרעמלען אין זיין בודקע, זאָלען צוויי פֿריינד זיך אונטער׳־גנב׳נען פֿון הינטען: זאָלען איבערקעהרען די בודקע אויף איהם און איהם כאַפּען פּונקט ווי אַ מויז אין פּאַסטקע, אָהנע איהם צו שעדיגען. און דער־וויל זאָל איך אַרויסשפּרינגען פֿון פֿענסטער. אָבער גאַנץ אונערוואַרטעט האָט זיך געיאַוועט אַ בעסערער פּלאַן.

„בעט מען זאָל דיך אַרויסלאָזען אויף אַ שפּאַציר", האָט מיר איינער פֿון די סאָלדאַטען איינגעשושקעט אין אויער אַריין.

איך האָב אַזוי געטהאָן. דער דאָקטאָר האָט אונטערשטיצט מיין פֿערלאַנג, און יעדען נאָכמיטאָג, אום פֿיער אַ זייגער, האָט מען מיר ערלויבט אַ שעה צייט אויף דורכצוגעהן זיך אין געפֿענגניס־הויף. איך האָב געמוזט טראָגען דעם גרינעם כאַלאַט, וועלכער ווערט געטראָגען פֿון די שפּיטאָל־חולאים; אָבער מיינע שטיוועל, מיין וועסט און די הויזען פֿלעגט מען מיר דערלאַנגען יעדען טאָג.

איך וועל קיינמאָל ניט פֿערגעסען מיין ערשטען שפּאַציער־גאַנג. ווען מי האָט מיך אַרויסגענומען האָב איך דערזעהען פֿאַר זיך אַ הויף, וועלכער איז געווען גוטע דרייהונדערט פֿוס לאַנג און איבער צווייהונדערט פֿוס ברייט, און גענצליך בעדעקט מיט גראָז. דער טויער וואַר אָפֿען, און דורך איהם האָב איך געקענט זעהען די גאַס, דעם אונגעהויערען שפּיטאָל געגעניבער, און די מענשען וועלכע זיינען פֿערביי געגאַנגען. איך בין גע־בליבען שטעהן אויף׳ן שוועל פֿון דעם געפֿענגניס, ניט זייענדיג אימשטאַנדע זיך אַ ריהר צו טהאָן פֿון אָרט. איך וואַר גאַנץ צודולט בעת איך האָב דער־זעהן דעם הויף און דעם טויער.

ביי איין עק הויף איז געווען דער פּריזאָן — אַ שמאָלע געביידע, אונגעפֿעהר הונדערט פֿופֿציג פֿוס לאַנג — און ביי יעדער זייט איז גע־שטאַנען אַ וואַך־בודקע. צוויי דעזשורניעס זיינען געגאַנגען אַרויף און אַראָב אין פֿראָנט פֿון דער געביידע אַזוי, אַז זיי האָבען שוין געהאַט אויסגעטראָ־טען אַ סטעזשקע אין דעם גראָז. אין דיעזער סטעזשקע האָט מען מיר געהייסען שפּאַצירען, און די קאַראַאולען זיינען געגאַנגען הין און צוריק ווי פֿריהער — אַזוי אַז איך בין קיינמאָל ניט געווען ווייטער, ווי צעהן אָדער פֿופֿצעהן טריט פֿון איינעם אָדער דעם צווייטען. דריי שפּיטאָל־זעלנער האָבען זיך געזעצט אויף די טרעפּלאַך. אויף דער צווייטער זייט פֿון דיעזען גרויסיגען הויף האָט מען אָבגעלייגט האָלץ פֿון אַ דוצענד וועגען און אַ דוצענד מוזשיקעס האָבען עס צוזאַמענגעלייגט ביים וואַנד. דער גאַנצער הויף איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ הויכען פּאַרקען פֿון דיקע ברעטער. דער טויער איז געווען אָפֿען אום אַריין און אַרויס צו לאָזען די וועגען.

דער דאָזיגער אָפֿענער טויער האָט מיר בעכשוף׳ט. „איך מוז אויף איהם ניט גאַפֿען,״ האָב איך ביי זיך געטראַכט; און דאָך האָב איך אויף איהם תמיד געקוקט. אַזוי שנעל ווי מי האָט מיך צוריקגענומען אין דער צעלע, האָב איך געשריבען צו מיינע פֿריינד, זיי מיטטהיילענדיג די פֿרעה־ליכע נייעס. „איך פֿיהל מיך כמעט אונפֿעהיג צו געברויכען די ציפֿער־שפּראַך,״ האָב איך געשריבען מיט אַ ציטערענדער האַנד, מאַכענדיג בלויזע פּאַסיקלעך אָנשטאָט ציפֿערען, „דיעזע נאָהנטקייט פֿון פֿרייהייט מאַכט מיך ציטערען, פּונקט ווי איך וואָלט געווען אין אַ פֿיבער. זיי האָבען מיך היינט אַרויסגענומען אין הויף, דער טויער וואַר אָפֿען, און קיין קאַראַאול איז ניט געווען דערנעבען. דורך דיעזען אונבעוואַכטען טויער וואָלט איך אַרויסלויפֿען, מיינע שומרים וועלען מיך ניט כאַפּען״, — און איך האָב זיי געגעבען דעם פּלאַן פֿון מיין ענטלויפֿען. „אַ דאַמע זאָל קומען אין אַן אָפֿענע קאַרעטע צום שפּיטאָל. זי זאָל אַראָבשטייגען, און די קאַרעטע זאָל אויף איהר

וואַרטען אין גאַס, אַ פֿופֿציג פֿוס פֿון טויער. ווען מי נעהמט מיך אַרויס אום פֿיער נאָכמיטטאָג, וועל איך געהן אַ ווײַלע מיט'ן הוט אין האַנט, און אימיצער וואָס וועט פֿערבייגעהן פֿאַר'ן טויער זאָל דאָס נעהמען אַלס סיגנאַל, אַז אַלעס איז כשורה אינעווייניג. דאַן מוזט איהר צוריקגעבען אַ סיגנאַל: „די גאַס איז פֿריי״: אָהן דעם וועל איך זיך ניט ריהרען; איין מאָל אויף יענער זייט טויער, מוז מען זעהען, אַז מי זאָל מיך ניט כאַפּען, נאָר ליכט אָדער קלאַנג קענען געברויכט ווערען אַלס סיגנאַלען. דער איזוואָזשטשיק קען שיקען אַ בליאַסק ליכט, — די זונען־שטראַהלען אָבגעשפּיגעלט פֿון זיין לאַקירענעם הוט אויף דעם גרויסען שפּיטאַל; אָדער נאָך בעסער, דער טאָן פֿון אַ ליעד, וועלכע זאָל אָנהאַלטען אַזוי לאַנג ווי די גאַס איז פֿריי; אַכיבע איהר וועט קענען דינגען די הייזקע, וואָס איך זעה פֿון הויף אויס און מיר געבען אַ סיגנאַל דורך'ן פֿענסטער. דער קאַראַאול וועט נאָכלויפֿען נאָך מיר פּונקט ווי אַ הונד נאָך אַ האָז, אין אַ האַלבען צירקעל, בעת איך וועל לויפֿען גלייך, און איך וועל מיך האַלטען פֿינף אָדער זעקס טריט ווייט פֿון איהם. אין גאַס וועל איך אַריינשפּרינגען אין קאַרעטע אַריין און מיר וועלען אַוועקגאַלאָפּירען. אויב דער וואַך שיעסט — נו, דאָס קען מען ניט העלפֿען; דאָס קען מען ניט פֿאָראויסזעהען. און דאַן ווידער, איידער צו בעגעגענען אַ זיכערען טויט אין טורמע איז שוין גלייכער צו ריזיקירען און צו אַנטלויפֿען.״

אַנדערע פֿאָרשלעגע זיינען געמאַכט געוואָרען, אָבער דיעזער פּלאַן איז ענדליך דאָך אָנגענומען געוואָרען, דער עסק איז אויפֿגענומען געוואָרען פֿון אונזער קרוזשאָק, מענשען, וועלכע האָבען מיך קיינמאָל ניט געקענט, האָבען זיך דערצו גענומען גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדעלט אַרויסצוראַטעווען דעם טהייערסטען ברודער זייערען. דאָך איז דער פֿערזוך געווען פֿול מיט שוועריגקייטען, און די צייט איז געלאָפֿען מיט שרעקליכער שנעליגקייט. איך האָב שווער געאַרבייט, שרייבענדיג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין; אָבער מיין געזונד האָט זיך דאָך געבעסערט מיט אַזאַ איילעניש, וועלכע האָט מיך איינפֿאַך געמאַכט שווידערען. ווען מי האָט מיך דעם ערשטען מאָל אַרויסגעלאָזען אויף'ן הויף אַרויס, האָב איך קוים געקאָנט קריכען ווי אַ טשערעפּאַכע; איצט האָב איך זיך געפֿיהלט שטאַרק גענוג צו לויפֿען. אמת, איך בין נאָך אַלץ געקראָכען מיט דיזעלבע שלעפּעדיגע טריט, מחמת איך האָב מורא געהאַט מי זאָל מיר אין גאַנצען ניט אַוועקנעהמען די ערלויבעניש זיך דורכצוגעהען; אָבער מיין נאַטירליכע לעבעדיגקייט האָט מיך געקענט יעדע מינוט פֿערראַטהען. און מיינע קאַמעראַדען האָבע דערווייל געמוזט צוזאַמענברייגען איבער צוואַנציג פערזאָן פֿיר די אונטער־

נעהמונג; מי האָט געמוזט געפינען אַ טיכטיגען פערד און אַ געניטען איזוואָזשטשיק, און אַראַנזשירען הונדערטע קליינע איינצעלהייטען, וועלכע שפּרינגען תמיד אַרויס אין אַזעלכע קאָנספּיראַציעס. די הכנות האָבען נעדויערט אַרום אַ מאָנאַט, און מי האָט מיך געקענט יעטוועדען טאָג צוריקפיהרען אין טורמע אַריין.

ענדליך איז דער טאָג בעשטימט געוואָרען. דער 29־טער יוני, נאָך דעם רוסישען דאַטום, איז דער טאָג פון סיינט פּעטער און סיינט פּאַאול, אַריינוואַרפענדיג אַ פונק סענטימענטאַליטעט אין זייער אונטערנעהמונג, האָבען מיינע פריינד מיך געוואָלט בעפרייען גראַד אין יענעם טאָג. זיי האָבען מיר מודיע געווען, אַז אַלס ענטפער אויף מיין סיגנאַל, וועלען זיי ענטפערען מיט אַ סיגנאַל פון אַ רויטען שפּיעל־באַלאָן, וועלכען זיי וועלען לאָזען אין דער לופט, דאַן וועט די קאַרעטע קומען, און מי וועט זינגען אַ ליעד מיר מודיע צו זיין ווען די גאַס איז אָפען.

איך בין אַרויס דעם 29־טען, האָב אַראָבגענומען דעם הוט און געוואַרט אויף׳ן באַלאָן. אָבער ס׳האָט זיך קיין זאַך ניט געזעהן. אַ האַלבע שטונדע איז אַריבער. איך האָב געהערט דעם גערויש פון דער קאַרעטע אין גאַסס; איך האָב געהערט אַ מאַן׳ס קול זינגענדיג אַן אונבעקאַנטעם ליעד; אָבער קיין באַלאָן איז ניט געווען.

די שטונדע וואַר פאַריבער, און מיט אַ געבראָכען געמיטה בין איך צוריקגעגאַנגען אין צימער אַריין. „עפּעס האָט געמוזט פּאַסירען מיט זיי", האָב איך געטראַכט.

ווירקליך; דאָס אונמעגליכע האָט יענעם טאָג פּאַסירט.

הונדערטע באַלאָנדלעך זיינען תמיד פאַראַנען צו פערקויפען אין פּעטערבורג, לעבען דעם גאָסטינאָי דוואָר. יענעם פריהמאָרגען איז קיין איינער ניט געווען; עס וואַר אונמעגליך צו געפינען איין איינציגען קינדער־באַלאָן. ענדליך האָט מען עפּעס יאַ איינעם ענטדעקט, ביי אַ קינד אין האַנט, אָבער ער וואַר אַלט און האָט ניט געקענט פליהען. מיינע פריינד זיינען דאַן אַריינגעלאָפען צו אַן אַפּטייקער, האָבען געקויפט אַן אַפּאַראַט (מאַשין) צו מאַכען וואַסער־שטאָף־גאַז, און האָבען דעם באַלאָן אָנגעפילט מיט דיזעזען גאַז; אָבער געפלויגען איז ער אַליין ניט. דער וואַסער־שטאָף איז ניט געווען טרוקען. די צייט האָט זיך געיאָגט. דאַן האָט אַ דאַמע צוגעבונדען דעם באַלאָן צו איהר שירם, און האַלטענדיג דעם שירם הויך איבערן קאָפּ, איז זי געגאַנגען אין גאַס הין און צוריק, פּאַזע די הויכע וואַנד פון אונזער הויף; אָבער איך האָב קיין זאַך ניט געזעהן — די וואַנד וואַר צו הויך און די דאַמע צו נידעריג.

צום גליק איז דיעזער צופאל געווען זעהר א גוטער, נאך אלעמען ווען די שטונדע פון מיין שפאצירגאנג וואר פאריבער, איז די קארעטע דורכגעפאהרען די גאסען, וועלכע מיר האבען געזאלט דורכגעהן אנטלויפענדיג פון טורמע, און דארט, אין א שמאלע געסעל איז זי אבגעשטעלט געווארען פון איבער א דוצענד וועגען, וועלכע האבען געפיהרט האלץ אין שפיטאל אריין. די פערד פון דיעזע וועגען זיינען ניט געווען אין ארדנונג — מאנכע ווארען אויף דער לינקער און מאנכע אויף דער רעכטער זייט גאס, — און די קארעטע האט זיך געמוזט פאוואליע דורכשלעפען צווישען זיי. אויף איין פלאץ איז דער וועג גאר אין גאנצען אבגעצאמט געווארען. ווען איך וואלט דארט געווען וואלטען מיר זיכער געכאפט געווארען.

איצט איז א גאנצע סיגנאל־סיסטעמע איינגעפיהרט געווארען אין די גאסען, דורך וועלכע מיר האבען געזאלט דוכפאהרען אנטלויפענדיג פון פריזאן־שפיטאל, אזוי אז מען זאל אונז קענען מודיע זיין, אויב די גאסען זיינען פארבלאקאדירט. אויף עטליכע מיילען ווייט האבען זיך מיינע קאמעראדען אויסגעשטעלט אויף דער וואך. איינער האט געזאלט ארומגעהן הין און צוריק מיט א טיכעל אין האנד, וועלכע ער האט געמוזט אריינלייגען אין קעשענע בשעת וועגען זיינען אנגעקומען; אן אנדערער האט געזאלט זיצען אויף א שטיין און עסען קארשען, אויפהערענדיג ביין אנקומען פון די וועגען; און אזוי ווייטער. אלע דיעזע סיגנאלען, איבערגעגעבען פון איינעם צום אנדערען, האבען ענדליך געזאלט דערגרייכען ביז צו אונזער קארעטע. מיינע פריינד האבען אויך געהאט געדונגען די גרינע באטקע געגעניבער דעם שפיטאל, און ביי אן אפענעם פענסטער אי׳ דארט געשטאנען א וויאליניסט מיט דער פידעל אין האנד, בערייט אנצוהויבען שפילען אזוי שנעל ווי דער סיגנאל „די גאס איז ריין" ווערט איהם איבערגעגעבען.

דער אנטלויפען האט געזאלט שטאטפינדען אויף מארגען. אויף לענגער אבצולייגען וואלט געווען ריזיקאליש. דער פאקט איז, אז די קארעטע איז בעמערקט געווארען פון די שפיטאל־מענשען, און עטוואס פערדעכטיגעס האט שוין מסתמה געהאט דערגרייכט ביז צו די בעאמטע, דען די נאכט בעפאר מיין אנטלויפען, האב איך געהערט דעם פאטרול־אפיציער פרעגען דעם קאראאול וואס איז געשטאנען קעגען מיין פענסטער: „וואו זיינען דיינע פאטראנען?" דער סאלדאט האט זיי גענומען אומגעלומפערט ארויסשיטען פון היטעל. דער אפיציר „האט איהם גוט אויסגעזידעלט: האט מען דיר ניט אנגעזאגט, אז דו זאלסט האלטען די קוילען אין דער קעשענע פון׳ם מונדיר היינטיגע נאכט?" און ער איז געשטאנען ביי איהם ביז ער האט אריינגעלייגט 4 קוילען אין קעשענע. „גיב אכטונג!" האט ער איהם אנגעזאגט ביים אוועקגעהן.

די נייע סיסטעמע פֿון די סיגנאַלען האָט מיר געמוזט גלייך מיטגעטהיילט ווערען אויף מאָרגען; און אום צוויי אַ זייגער ביי טאָג, איז צו מיר געקומען אַ דאַמע, — אַ געליעבטע קרובה מיינע, — און האָט געבעטען מי זאָל מיר איבערגעבען אַ זייגערעל. יעדע זאַך האָט געמוזט דורכגעהן דורך די הענד פֿון׳ם פּראָקוראָר; נאָר אַזוי ווי דאָס איז בלויז געווען אַ זייגערעל אָהן אַ קעסטעל, האָט מען דאָס מיר גלייך איבערגעגעבען. אינעווייניג איז געווען אַ קליינציקער צעטעלע, אין ציפֿער, ועלכער האָט ענטהאַלטען דעם גאַנצען פּלאַן. ווען איך האָב איהם געלעזען האָב איך פּשוט געציטערט פֿון שרעק, אַזוי געריזיקירט וואַר דיעזער שריט. די דאַמע, וועלכע איז אַליין געזוכט געוואָרען פֿון דער פּאָליציי פֿאַר פּאָליטישע אורזאַכען, וואָלט גלייך אויף׳ן אָרט אַרעסטירט געוואָרען, ווען אימיצער וואָלט צופֿעליג געעפֿענט דעם קופּערט פֿון׳ם זייגערעל. אָבער איך האָב געזעהן, ווי זי איז זיך רוהיג אַרוים פֿון פּריזאָן און לאַנגזאַם אַוועק איבערן בולוואַר.

איך בין אַרויסגעקומען אין הויף אום פֿיער אַ זייגער, ווי געוועהנליך און האָב געגעבען מיין סיגנאַל. איך האָב דערנאָך דערהערט דעם גערויש פֿון דער קאַרעטע, און אין עטליכע מינוט אַרום, די טענער פֿון דער וויאָלין פֿון דער גרינער הייזקע אַנטגעגען איבער. אָבער איך בין דאָך געווען אויף יענער זייט געביידע. ווען איך בין צוריקגעקומען צום סוף פֿון דער סטעזשקע, וועלכע איז געווען נאָהענט צום טויער — אַרום אַ הונדערט טריט פֿון איהם, — איז די וואַך געווען נאָהענט הינטער מיר. „נאָך איין מאָל אַרומגעהן,״ האָב איך זיך געטראַכט — אָבער איידער איך האָב דערגרייכט דעם צווייטען עק פֿון דער סטעזשקע, האָט די וויאָלין פּלוצלינג אויפֿגעהערט צו שפּיעלען.

ס׳איז אַוועק מעהר ווי אַפֿערטעל שעה, פֿול אַנגסט, איידער איך האָב פֿערשטאַנען די אורזאַכע פֿון דער אונטערברעכונג. דאַן איז אַריין אין טויער אַ טוצען שווער בעלאָדענע וועגען און זיינען אַוועק ביז אויף יענער זייט הויף.

גלייך האָט דער וויאָליניסט — אַ גוטער, לאָמיר אייך זאָגען — אָנגעהויבען אַ ווילד אויפֿרעגענדע מאַזורקאַ פֿון קאָנטסקי, פּונקט ווי ער וואָלט זאָגען, „פֿאָרווערטס, איצט, — איצט איז דיין צייט!״ איך בין לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צום נעהענטערען עק פֿון דער סטעזשקע, ציטערענדיג ביים געדאַנקען, דער וויאָליניסט זאָל נאָך אַמאָל ניט אויפֿהערען בעפֿאָר איך וועל דערגרייכען ביזן סוף.

ווען איך בין אַהין צוגעקומען האָב איך מיך אומגעדרעהט. דער

סאָלדאַט האָט זיך אָבגעשטעלט אַ פֿינף־זעקס טריט הינטער מיר ; ער האָט געקוקט אַנדערשוואו. „איצט אָדער קיין מאָל ניט!" איך געדענק, ווי דיזער געדאַנק האָט מיר אַ בליץ געטהאָן אין מוח. איך האָב אַרונטערגעוואָרפֿען מיין גרינעם כאַלאַט און האָב גענומען לויפֿען.

פֿיעלע טעג בעפֿאָר האָב איך פּראַקטיצירט ווי אַראָבצואוואַרפֿען פֿון זיך דיעזען לאַנגען שווערען מלבוש. ער איז געווען אַזוי לאַנג, אַז איך האָב תמיד געמוזט טראָגען די פּאָלעס אין דער לינקער האַנד, פּונקט ווי דאַמען טראָגען זייערע שלעפּעס. וואָס איך האָב ניט פּרובירט, מיט איין בעוועגונג האָב איך איהם ניט געקענט אַראָבוואַרפֿען פֿון זיך. איך האָב אויפֿגעשניטען די נעהט אונטער די אָרעם־לעכער, אָבער ס'האָט ניט געהאָלפֿען. דאַן האָב איך בעשלאָסען איהם אויסצוטהאָן אין צוויי בעוועגונגען: איינע אַראָבלאָזענדיג די פּאָלעס פֿון דער האַנד און די צווייטע אַראָבלאָזענדיג דעם גאַנצען כאַלאַט אויף דער ערד. איך האָב געדולדיג פּראַקטיצירט אין מיין צימער, ביז איך האָב עס געקענט טהאָן אַזוי פֿלינק ווי דער סאָלדאַט בעוועגט די ביקס. „איינס, צוויי," און דער בגד מיינער איז געלעגען אויף דער ערד.

אויף מיין כוח האָב איך מיך שטאַרק ניט פֿערלאָזען, איך האָב גענומען לויפֿען ניט זעהר שנעל, אום איינצושפּאָרען די כוחות אויף שפּעטער. אָבער קוים האַב איך געהאַט געמאַכט עטליכע טריט, ווי די מוזשיקעס, וואָס האָבען אָבגעלאַדעוועט די האָלץ, האָבען גענומען שרייען: „ער לויפֿט! האַלט איהם! כאַפּט איהם!" און זיי האָבען זיך געיאָגט צום טויער־צו מיך דאָרט צו פֿערהאַלטען. דאַן בין איך געפֿלויגען פֿאַר מיין לעבען. איך האָב פֿון קיין זאַך ניט געטראַכט אַחוץ פֿון לויפֿען, — אפילו ניט פֿון די גרוב, וועלכע די וועגען האָבען אויסגעגראָבען ביין טויער. „לויף! לויף! מיט אַלע כוחות!"

דער וואַך־סאָלדאַט, האָבען מיר מיינע פֿריינד, וועלכע האָבען געזעהן די גאַנצע סצענע פֿון'ם גרינעם הייזעל נאַכהער דערצעהלט, האָט זיך געלאָזט נאָך מיר און נאָך איהם זיינען געלאָפֿען דריי זעלנער, וועלכע זיינען געזעסען אויף די טרעפּען. דער קאַראַאול איז געווען אַזוי נאָהענט צו מיר, אַז ער איז געווען זיכער, אַז אָט אָט כאַפּט ער מיך. עטליכע מאָל האָט ער אויסגעשטרעקט די ביקס און האָט מיר געוואָלט אַ זעץ געבען מיט'ן באַיאָנעט. איין מאָמענט, האָבען מיינע פֿריינד געדענקט, אַז ער האָט מיך שוין. ער איז געווען אַזוי זיכער, אַז ער קען מיך אַזוי אויך אָנכאַפּען, אַז איהם איז גאָר ניט איינגעפֿאַלען צו שיסען. אָבער איך האָב מיך געהאַלטען פֿון דער ווייטען, און אין טויער האָט ער געמוזט אויפֿגעבען די יאַכט.

בשלום אַרויס פֿון טויער, האָב איך מיט שרעקען דערזעהען, אַז אין קאַרעטע זיצט אַ ציווילנער מיט אַ מיליטערישער היטעל. ער איז געזעסען און האָט זיך אפילו צו מיר ניט אומגעדרעהט. „פֿאַרקויפֿט!" וואַר מיין ערשטער געדאַנקען. די קאַמעראַדען האָבען מיר געשריבען אין לעצטען בריעף, „איין מאָל אין גאַס, גיב זיך ניט אונטער: ס׳וועלען זיין פֿריינד דיך צו פֿערטהיידיגען ווען נויטהיג"; און איך האָב ניט געוואָלט אַריינשפּרינגען אין אַ קאַרעטע, וועלכע וואַר פֿאַרנומען פֿון אַ שונא. דאָך ווען איך בין צו נאָהענט צו דער קאַרעטע, האָב איך בעמערקט אַז דער מאַן, וואָס זיצט אינעווייניג האָט אַ בלאָנדע באָרד, וועלכע האָט מיר אויסגעזעהן, ווי די פֿון אַ וואַרעמען פֿריינד מיינעס. ער האָט ניט בעלאַנגט צו אונזער קרושאָק, אָבער מיר זיינען געווען פּערזענליכע פֿריינד, און איך האָב געהאַט מעהר ווי איין געלעגענהייט קענען צו לערנען זיין וואונדערבאַרען, וואַגענדען קוראַזש, און ווי זיין קראַפֿט ווערט פלוצלינג ריזענהאַפֿט אין דער צייט פֿון געפֿאַהר. „צו וואָס זאָל ער דאָרטען זיין? איז עס מעגליך?" האָב איך מיר געטראַכט און האָב שוין געוואָלט אויסשרייען זיין נאָמען, ווען איך האָב מיך צוריקגעכאַפּט אין צייט, און האָב אָנשטאָט דעם אַ פּאַטש געטהאָן מיט די הענד, נאָך אַלץ לויפֿענדיג נעהענטער, אום צו־צו־ציהען זיין אויפֿמערקזאַמ־קייט. ער האָט זיך אומגעדרעהט צו מיר, און איך האָב געוואוסט ווער ער איז.

„שפּרינג אַריין, גיך, גיכער!" האָט ער אויסגעשריען מיט אַ שרעקליכען קול, אָנרופֿענדיג מיך און דעם איזוואָזטשיק מיט אַלערליי צונעמעניש, אַ רעוואָלווער אין האַנד בערייט צו שיסען.

„גאַלאָפּ! גאַלאָפּ! איך וועל דיך דערשיסען!" האָט ער אַ געשריי געטהאָן צום איזוואָזטשיק. דער פֿערד — אַ פּראַכטפֿאָלער רייס־לויפֿער, וועלכער איז צוליעב דעם אומישנע געקויפֿט געוואָרען — האָט זיך געלאָזען אויף׳ן פֿולען גאַלאָפּ. צעהנדליגע שטימען „האַלט זיי! כאַפּט זיי!" האָבען זיך געהערט הינטער אונז; מיין פֿריינד האָט מיר דערווייל געהאָלפֿען אָנטהאָן אַן עלעגאַנטען אויבער־ראָק און אַן אָפּעראַ־הוט, אָבער די עכטע געפֿאַהר איז געווען ניט אַזוי אין די נאָכיאָגערס, ווי אין אַ סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען ביים טויער פֿון שפּיטאָל, אונגעפֿעהר אַנטקעגען דעם פּלאַץ, וואו די קאַרעטע האָט געמוזט וואַרטען. ער וואָלט לייכט געקענט מיך אָבשטעלען ביים אַריינגאַנג אין דער קאַרעטע אָדער סטאָפּען דעם פֿערד. מי האָט דעריבער געזאָרגט דאַפֿיר, אַז אַ פֿריינד זאָל מיט איהם דערווייל פֿערציהען אַ געשפּרעך. און דאָס איז איהם פּראַכטפֿאָל געלונגען. אַזוי ווי דער סאָלדאַט האָט אַמאָל געהאַט געאַרבייט אין׳ם לאַבאָראַטאָריום פֿון׳ם שפּיטאָל, איז מיין פֿריינד מיט איהם אַריין אין אַ וויסענשאַפֿטליכען שמועס,

ריידענדיג מיט איהם מכוח דעם מיקראָסקאָפּ און די וואונדערבאַרע זאַכען וואָס מי זעהט דורך איהם. זיך בעציהענדיג אויף אַ געוויסען פּאַראַזיט פון׳ם מענשליכען קערפּער, האָט ער איהם געפרעגט: „האָט איהר שוין אַ מאָל געזעהן וואָס פאַר אַ שרעקליכען גרויסען עק ער האָט?" „יאַ אַן עק, אונטערען מיקראָסקאָפּ איז ער אָט ווי גרויס". „דערצעהלט מיר ניט קיין מעשות!" האָט דער סאָלדאַט געענטפערט. „איך וויים בעסער, דאָס וואַר די ערשטע זאַך וועלכע איך האָב געזעהען דורך׳ן מיקראָסקאָפּ". דיעזער לעבעדיגער געשפּרעך האָט שטאַטגעפונען פּונקט ווען איך בין פאַר זיי פערבייגעלאָפען און בין אַריינגעשפּרונגען אין די קאַרעטע אַריין. עס קלינגט ווי אַ באָבע מעשה, אָבער עס איז אַ פאַקט.

די קאַרעטע האָט זיך שנעל פערקירעוועט אין אַ שמאָל געסעל, הינטער דער זעלבער וואַנד פון הויף, וואו די בויערן האָבען צוזאַמענגעלייגט האָלץ, און וועלכען אַלע האָבען פאַרלאָזען, לאָזענדיג זיך לויפען נאָך מיר. דער פערקירעווען זיך איז געווען אַזוי שנעל, דאָס דער וואָגען האָט זיך שיעור ניט איבערגעקוליעט, און איך האָב מיך אַוואָרף געטהאָן אינוועניג, שלעפּענדיג צו זיך מיין פריינד. דיזע פּלוצלונגע בעוועגונג האָט אויסגעגלייכט די קאַרעטע.

צוויי זשאַנדאַרען זיינען געשטאַנען ביין טהיר פון אַ שענק, און האָבען זיך פערנייגט אויף׳ן מיליטערישען שטייגער פאַר די מיליטערישע היטעל פון מיין חבר. „ששש!" האָב איך צו איהם געזאָגט, ווייל ער האָט נאָך אַליץ אויסגעזעהן שטאַרק אויפגערעגט. „אַלעס געהט, ווי געוואונשען. די זשאַנדאַרען גריסען אונז!" דער אָנטרייבער האָט זיך דאַן אומגעדרעהט מיט׳ן פּנים צו מיר, און איך האָב גלייך אין איהם דערקאָנט מיינעם אַ צווייטען פריינד, וועמעס פּנים האָט געלויכטען פול מיט גליקזעליקייט.

איבעראַל האָבען מיר געזעהן פריינד, וועלכע האָבען אונז צוגע־וואונקען אָדער האָבען אונז געוואונשען אַ גליקליכע רייזע, ווען מיר זיינען לעבען זיי פערבייגעפאַהרען, מיט דעם שנעלסטען געלאַף פון אונזער פראַכטפאָלען פערד. דאַן זיינען מיר באַלד אָנגעקומען אויף׳ן גרויסען „נעווסקי פּראָספּעקט", האָבען זיך פערקירעוועט אין אַ זייטען־גאַס, און זיך אָבגעשטעלט ביי אַ טהיר, אַוועקשיקענדיג דעם אָנטרייבער. איך בין אַרויפגעלאָפען אויף די טרעפּ, און ביי דעם לעצטען טרעפּ בין איך געפאַ־לען אין די אָרעמס פון מיין שוועגערין, וועלכע האָט אויף מיר געוואַרט אין דער שרעקליכסטער אַנגסט. זי האָט געלאַכט און געוויינט צו גלייכער צייט, איילענדיג מיך זיך שנעל איבערצוטהאָן, און אָבצושערען מיין גרויסע באָרד. אין צעהן מינוט האָב איך און מיין פריינד פערלאָזען די הויז און גענומען אַ קעב.

דערוויל זיינען דער וואַכט־אָפיציער פון געפענגניס און די סאָל־

דאַטען פֿון שפּיטאָל אַרויסגעלאָפֿען אין גאַס, אין אַ גרויסע פֿערלעגענהייט, וואוהין זאָלען זיי לויפֿען, און וואָס זאָלען זיי טהאָן. פֿאַר אַ מייל אַרום און אַרום איז ניט געוועהן קיין קעב צו געפֿינען; יעדע איינציגע איז שוין פֿריהער געדונגען געוואָרען פֿון מיינע פֿריינד. אַן אַלטע בויערן־פֿרוי איז געווען קליגער פֿאַר די אַלע וואָס האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אָנצוקוקען דעם בייז וואונדער. „אָרימע מענשען", האָט זי גערעדט, ווי צו זיך אַליין, „זיי וועלען אַוודאי אַרויסקומען אויף׳ן נעווסקי פּראָספּעקט און דאָרט וועט מען זיי געוויס באַפּען". זי איז געווען גאַנץ גערעכט, און דער אָפֿיציער איז צוגעלאָפֿען צו דער פֿערד־קאַר, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט דערביי, און האָט געבעטען די מענשען זיי זאָלען געבען זייערע פֿערד, כדי איינער זאָל רייטענדיג קענען לויפֿען נאָך די אַנטלאָפֿענע. אָבער די מענשען האָבען זיך איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט געבען זייערע פֿערד, און דער אָפֿיציער האָט דיעזעס מאָל ניט געברויכט קיין געוואַלד.

וואָס אָנבעלאַנגט דעם פֿידלער און די דאַמע, וועלכע זיינען געווען אין די גרינע הייזקע, זיינען זיי אויך אַרויסגעלאָפֿען, זיינען צוגעשטאַנען צום עולם, און ווען אַלע זיינען ביסלעכווייז זיך צוגאַנגען, זיינען זיי אויך אַוועק גאַנץ געלאַסען.

עס איז געווען אַ זעהר שעהנער נאָכמיטאָג. מיר זיינען אַוועקגע־פֿאָהרען צום אינזעל, וואוהין די גאַנצע פּעטערבורגער אַריסטאָקראַטיע פֿאָהרט אויס אין די שעהנע פֿריהלינג־טעג צו זעהן דעם זונען־אונטערגאַנג. אויף׳ן וועג האָב איך זיך אָבגעשטעלט אין אַ פֿאַרוואָרפֿענע געסעל לעבען אַ באַרבער אָבצוגאָלען מיין באָרד. דיעזע אָפּעראַציאָן האָט נור אויף אַ קליין ווייניג אומגעענדערט מיין אויסזעהן. אָהן אַ ציעל זיינען מיר גע־פֿאָהרען הין און צוריק איבערן אינזל, און וויל מי האָט אונז אָנגעזאָגט ניט צו קומען צו אונזער בעשטימטען פּלאַץ איידער עס ווערט גוט פֿינסטער, האָבען מיר ניט געוואוסט, וואוהין מיר זאָלען דערווייל געהן. „וואָס זאָלען מיר דערווייל טהאָן?" האָב איך געפֿרעגט מיין פֿריינד. אויך ער האָט נאָכגעדיינקט איבער דעם. צו „דאָנאָן!" האָט ער פּלוצלינג אויסגערופֿען צו דעם קוטשער אָנרופֿענדיג איינעם פֿון די בעסטע רעסטאָראַנען אין פּעטערבורג. „קיינער וועט דיר ניט זוכען דאָרט", האָט ער רוהיג בעמערקט. איבעראַל וועלן זיי דיר זוכען, נור ניט דאָרט. און מיר וועלען טאַקי דאָרט האָבען אונזער מיטאָג, און עפּעס צו טרינקען אויך פֿאַר דעם ערפֿאָלג פֿון אונזער פּלאַן".

וואָס האָב איך געקענט האָבען דאַגעגען אַזאַ פֿערנינפֿטיגע עצה? אַזוי זיינען מיר אַוועק צו דאָנאָן, מיר זיינען דורכגעגאַנגען די האָלען פֿערפֿלייצט פֿון ליכט און פֿול בעזוכער, און האָבען גענומען אַ בעזונדער צימער, וואו מיר האָבען פֿערבראַכט ביז׳ן אָבענד, ביז עס איז געקומען די

צייט, ווען מיר זיינען ערוואַרטעט געוואָרען פֿון אונזערע פֿריינד. דאָס הויז, וואו מיר האָבען אָבגעשטיגען גלייך פֿון פריזאָן איז דורכגעזוכט געוואָרען צוויי שטונדען נאָכדעם ווי מיר זיינען אַוועק פֿון דאָרט, און אַזוי האָט מען אויך דורכגעזוכט די אַלע וואוינונגען פֿון כמעט אַלע אונזערע פֿריינד. קיינער האָט אָבער ניט געטראַכט צו זוכען אונז ביי דאָנאָן.

אין אַ צוויי טאָג אַרום האָב איך געזאָלט אַריינציהען אין אַ הויז, וועלכע מי האָט פֿאַר מיר געדונגען, און וואו איך האָב געזאָלט וואוינען אונטער אַ פֿאַלשען פּאַספּאָרט. אָבער די דאַמע, וועלכע האָט מיך געזאָלט בעגלייטען אַהין, איז געווען פֿאָרזיכטיג גענוג אַליין צו בעזוכען די הויז אַ פֿריהער.

די געגענד איז געווען פֿול מיט שפּיאָנען. אַזוי פֿיעל פֿריינד זיינען געקומען אַהין נאָכפֿרעגען, צו איך בין בשלום אָנגעקומען אין מיין וואוינונג, אַז די פּאָליציי האָט גענומען ווערען פֿערדעכטיג און האָט די הויז אַרומגערינגעלט מיט שפּיאָנען. נאָך מעהר, מיין בילד איז אָבגעדרוקט געוואָרען פֿון דער דריטער אָטדיעלעניע, און הונדערטע קאָפּיעס זיינען צוטהיילט געוואָרען צו דער פּאָליציי און וועכטער. אַלע שפּיאָנען, וועלכע האָבען מיך געקאָנט פֿון פֿריהער האָבען מיך געזוכט אין די גאַסען; און די, וואָס האָבען מיך ניט געקענט, זיינען געווען בעגלייט פֿון סאָלדאַטען און פּריזאָן־וועכטער, וועלכע האָבען מיך געהאַט געזעהן אין די טורמעס. דער צאַר האָט שיער ניט געקראָגען די נכפּה; סטייטש אין מיט׳ן העלען טאָג, אין סאַמע מיט׳ן פּעטערסבורג זאָל מען אַזאַ אַרעסטאַנט לאָזען ענטלויפֿען, און ער האָט אַרויסגעלאָזען אַן אוקאַז „מ׳מוז איהם געפֿינען".

מיר איז געווען אונמעגליך צו פֿערבלייבען אין פּעטערבורג, און איך האָב מיך בעהאַלטען אין די דערפֿלאַך אַרום. צוזאַמען מיט אַ האַלבען דוצען פֿריינד, האָב איך פֿערבראַכט די צייט אין אַ דאָרף, וועלכען די פּעטערבורגער פֿלעגען בעזוכען אין דיעזע צייט פֿון יאָהר, אַרויספֿאָהרענדיג אויף פֿרישע לופֿט. דאַן איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז איך זאָל אַוועק אין אויסלאַנד. אָבער מיר האָבען גראָד געלעזען אין אַן אויסלענדישע צייטונג, אַז אַלע וואַגזאַלען און גרענעצען פֿון די באַלטישע פּראָווינצען און פֿינלאַנד ווערען שטרייננג בעוואַכט פֿון שפּיאָנען, וועלכע קענען מיך פּערזענליך. איך האָב דאַרום בעשלאָסען צו רייזען אויף אַ וועג, אויף וועלכען מ׳וועט מיך קיינמאָל ניט ערוואַרטען. בעוואַפֿענט מיט אַ פּאַספּאָרט פֿון אַ פֿריינד, און בעגלייט פֿון אַן אַנדער פֿריינד, בין איך אַריבער איבער פֿינלאַנד, און בין אַוועק צו צפון זייט, צו אַ וויטען האַפֿען פֿון באָטנישען ים, און פֿון דאַנען בין איך אַריבער קיין שוועדען.

נאָכדעם, ווי איך בין שוין געווען אויף׳ן שיף, און מיר האָבען שוין געהאַלטען ביים אָבפֿאָהרען, האָט מיר דער פֿריינד, וועלכער האָט מיר

אָבגעפיהרט צום גרענעץ, מיטגעטהיילט די נאַכריכט, וועלכע ער האָט די פעטערבורגער קאָמעראַדען פּע־שפּראָכען מיר ניט מיטצוטהיילען בעפאָר איך וועל זיין אויף׳ן שיף. מיין שוועסטער העלענאַ איז געווען אַרעסטירט, ווי אויך די שוועסטער פון מיין ברודערס פרוי, וועלכע האָט מיך געפלעגט בעזוכען אין טורמע איין מאָל אין מאָנאַט נאָכדעם ווי מיין ברודער און זיין פרוי זיינען אַוועק קיין סיביר.

מיין שוועסטער האָט לחלוטין ניט אָנגעהויבען צו וויסען פון די הכנות פון מיין ענטלויפען, ערשט נאָכדעם ווי איך בין שוין געווען פריי, איז אַ פריינד אונזערער איהר געלאָפען אָנזאָגען די פרעהליכע בשורה. אומזיסט האָט זי געשריען, אַז זי האָט פון קיין זאַך ניט געוואוסט; זי איז אָבגעריסען געוואָרען פון די קינדער איהרע, און איז צוויי וואָכען לאַנג געווען אין טורמע. וואָס אָנבעלאַנגט מיין שוועגערין׳ס שוועסטער, זי האָט יאָ געוואוסט, אַז עפּעס קומט פאָר, אָבער בעטהייליגט אין דעם פּלאַן האָט זי זיך ניט. די נאַטשאַלסטוואָ אַליין האָט דאָך געברויכט צו פערשטעהן, אַז פערזאָנען וועלכע האָבען מיך אָפיציעל בעזוכט אין טורמע וועלען זיך ניט געהען פערוויקלען אין אַזאַ אונטערנעהמונג. פונדעסטוועגען האָט מען זי געהאַלטען אין תפיסה איבער צוויי מאָנאַט. אומזיסט האָט איהר מאַן, אַ בעוואוסטער אַדוואָקאַט, געאַרבייט זי צו בעפרייען. „מיר ווייסען שוין איצט", האָבען די זשאַנדאַר־מסקע אָפיצירען געזאָגט, „אַז זי האָט מיט דער אַפערע ניט צו טהאָן געהאַט; אָבער פערשטעהט איהר מיך, אין דעם טאָג פון איהר אַרעסט, האָבען מיר בענאַכריכטעט דעם קייזער, אַז די פערזאָן, וואָס האָט דעם גאַנצען פּלאַן אָרגאַניזירט, איז ענטדעקט און אַרעטירט. עס וועט אַלזאָ איצט דויערן אַ ווייל׳ע ביז מיר וועלען דעם קייזער ווידער פּאָרבערייטען צום פאַקט, אַז זי איז ניט דער ווירקליכער פערברעכער".

איך האָב דורכגערייזט שוועדען און זיך אין ערגעץ ניט אָבגעשטעלט. אין קריסטיאַנאַ האָב איך עטליכע טעג געוואַרט אויף אַ דאַמפּפער אָבצור־רייזען קיין הולל, ענגלאַנד, אָנזאַמלענדיג דערווייל אויסקינפטע מכח אַ געוויסע בויערן־פּאַרטיי פון נאָרוועגען. געהענדיג צום דאַמפּפער, האָב איך זיך אַליין געפרעגט מיט אַנגסט: „אונטער וואָס פאַר אַ פאַנער זעגעלט זי — אַ נאָרוועגישען, אַ דייטשען אָדער אַן ענגלישען? דאַן האָב איך דערזעהן פלאַטערענדיג אין דער הויך די שטאָלצע פאָהן פון דזאָן בול — די פאָהן, אונטער וועלכע אַזוי פיעל נע־ונד׳ניקעס, רוסישע, איטאַליענישע, פראַנצויזישע, אונ־גאַרישע, און פון אַלערליי נאַציאָנען, האָבען געפונען אַן עיר מקלט: פון דער טיעפעניש פון׳ם האַרצען האָב איך בעגריסט דיעזע פאָהן.



# זעקסטער טהייל.

## מזרח - אייראָפּאַ.

א שטורם האָט געבושעוועט אין דעם נאָרד־מעער, בשעת מיר האָבען זיך דערנעהענטערט צום ברעג פֿון ענגלאַנד, אָבער איך האָב דיעזען שטורעם בעגעגענט מיט הערצענס־פֿרייד. איך האָב פשוט אָנגעקוואָלען פֿון'ם קאַמפף פֿון דעם דאַמפּפֿער מיט די שרעקליך שטורמישע כוואַליעס, און בין שטונדען לאַנג געזעסען ביים פֿאָדערטהייל פֿון שיף, בעת די שוימענדע כוואַליעס האָבען מיר געשפריצט אין פנים אַריין. נאָך די צוויי יאָהר וואָס איך האָב פֿערבראַכט אין דונקעלען קאַזעמאַט, האָט אין מיר פשוט יעדער אָדער געשלאָגען מיט דעם גליקליכען שטרעבען צו געניסען די פֿאָלשטענדיגע קראַפֿט פֿון לעבען.

מיין כונה איז געווען ניט צו פֿערבלייבען אין אויסלאַנד מעהר ווי עטליכע וואָכען אָדער מאָנאַטען: בלויז גענוג צייט, אַז די סומאַטאָכע, וואָס מיין אנטלויפֿען האָט אַרויסגערופֿען זאָל זיך איינשטילען, און אויך מיין געזונד אַביסעל צו ערהוילען. איך האָב געלאַנדעט אונטער דעם נאָמען לעוואַשאָף, דעם נאָמען, מיט וועלכען איך האָב פֿערלאָזען רוסלאַנד; און אויסמיידענדיג לאָנדאָן, וואו די שפּיאָנען פֿון'ם רוסישען געזאַנדטען וואָלטען גלייך געקומען אויף מיין שליאַד, בין איך צוערשט אַוועק נאָך עדינבורג.

עס האָט זיך אָבער אַזוי געמאַכט אַז איך האָב קיינמאָל ניט צוריק־געקעהרט קיין רוסלאַנד. איך בין גלייך פֿערשלונגען געוואָרען פֿון דער כוואַליע פֿון דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג, וועלכע האָט גראַדע דאַמאָלס געהאַלטען אין וואַקסען אין מזרח־אייראָפּאַ; און איך האָב געפֿיהלט אַז

איך וועל זיך קענען מאַכען פּיעל ניצליכער העלפּענדיג דיעזע בעוועגונג, ווי איך וואָלט געקענט זייענדיג אין רוסלאַנד. אין מיין געבורטס־לאַנד האָט מען מיך צו גוט געקאַנט, אַז איך זאָל קענען בעטרייבען אַן אָפּענע פּראָ־פּאַגאַנדאַ, בעזאָנדערס צווישען די אַרבייטער און די מוזשיקעס; און שפּעטער בשעת די רוסישע בעוועגונג איז געוואָרען אַ קאָנספּיראַציע, אַ בעוואַפּענטער קאַמפּף געגען די סאַמאָדערזשאַוויע, איז שוין פון אַ פאָלקס־בעוועגונג קיין פראַגע ניט מעגליך געווען; וועהרענד מיינע אייגענע געפיהלען האָבען מיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער אַריינגעצויגען אין דעם קאַמפּף פון די אַרבייטער און די ליידענדע מאַסען. זיי צו בריינגען אַזעלכע אידעען, וועלכע זאָלען זיי העלפען אָנווענדען זייערע כוחות צום וואויל און בעסטען פון אַלע אַרבייטער; צו מאַכען טיעפער און קלעהרער די אידעאַלען און פּרינציפּען, וועלכע וועלען זיין דער פונדאַמענט פון דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציאָן; צו ענטוויקלען דיעזע אידעאַלען און פּרינציפּען אין די מאַסען ניט אַלס רעזולטאַט פון אַן אוקאַז, וואָס קומט פון די פיהרער, זאָנדערן אַלס רעזולטאַט פון זייער אייגענעם שכל; און אַזוי אַרום צו ערוועקען אין זיי זייער אייגענע איניציאַטיווע, איצט בעת זיי ווערען גערופען צו ערשיינען אויף דער היסטאָרישער ביהנע אַלס די אויפבויער פון אַ נייע גערעכטע געזעלשאַפט, — דאָס האָב איך געהאַלטען פאַר אַזוי נויטווענדיג פאַר די ענטוויקלונג דער מענשהייט, ווי די גרעסטע זאַך וואָס איך וואָלט געקענט אויפטהאָן אין רוסלאַנד צו יענער צייט. און אַזוי האָב איך מיך אָנגעשלאָסען אָן דעם הייפּעלע מענשען, וועלכע האָבען געאַרבייט אין דיעזער ריכטונג אין מזרח־אייראָפּאַ, אַרויסהעלפענדיג די יעניגע פּיאָנירען, וועלכע זיינען שוין געווען פערמאַטערט פון זייער לאַנגיעהריגען קאַמפּף.

ווען איך האָב געלאַנדעט אין הול און בין אַוועק קיין עדינבורג, האָב איך בענאַכריכטעט נור עטליכע געטרייע פריינד אין רוסלאַנד און אין דער זשורא־פעדעראַציאָן פון מיין אָנקומען אין ענגלאַנד. אַ סאָציאַליסט מוז זיך תמיד פערלאָזען אויף זיין אייגענער אַרבייט, פון וועלכע צו ציהען חיונה, און דאַרום האָב איך גלייך גענומען זוכען אַ דזשאָב אַזוי שנעל, ווי איך האָב מיך בעזעצט אין מיין קליין צימערל אין אַ פאָרשטעדטעל פון דער שאָטלענדישער הויפּטשטאָדט.

צווישען די פּאַסאַזשירען פון אונזער פּאַראַכאָד איז אויך געווען אַ נאָרוועגישער פּראָפעסאָר, מיט וועלכען איך האָב מיך צוזאַמענגערעדט, פּראָבירענדיג אויפפרישען דאָס ביסעל שוועדיש, וואָס איך האָב אַמאָל געקענט. ער האָט גערעדט דייטש. „נאָר אַזוי ווי איהר רעדט עטוואָס נאָרוועגיש”; האָט ער צו מיר געזאָגט, „און איהר ווילט דיעזע שפּראַכע

ערלערנען, טאָ לאָמיר ביידע ריידען נאָרוועגיש".

„איהר מיינט שוועדיש?" האָב איך מיר אָטוואַזשעט אַ פֿרעג צו טהאָן, „איך רעד דאָך שוועדיש, ניט אמת?"

„ניין, איך וואָלט דאָס אָנגערופֿען נאָרוועגיש; שוועדיש געווים ניט," האָט ער מיר געענטפֿערט.

אַזוי האָט אויך מיט מיר פּאַסירט דאָסזעלביגע, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איינעם פֿון זשול ווערן'ס העלדען, וועלכער האָט על פּי טעות אויסגעלערענט פּאָרטוגעזיש אָנשטאָט שפּאַניש. סיי ווי סיי — איך האָב מיט'ן פּראָפֿעסאָר לאַנג פֿערבראַכט — לאָז שוין זיין אין נאָרוועגיש — און ער האָט מיר געגעבען אַ ציימונג פֿון קריסטיאַנאַ, וועלכע האָט ענטהאַלטען דעם רעפּאָרט פֿון דער נאָרוועגישער נאָרד־אַטלאַנטישע עקספּעדיציאָן, וועלכע האָט זיך נאָר וואָס געהאַט צוריקגעקעהרט אַהיים.

אַזוי שנעל, ווי איך בין אָנגעקומען קיין עדינבורג, האָב איך אָנגעשריבען עטליכע ציילען אין ענגליש וועגען דיזע פֿאָרשונגען אין דער טיפֿעניש פֿון'ם ים. איך האָב עס אַוועקגעשיקט צום זשורנאַל „נאַטור", וועלכען מיין ברודער און איך פֿלעגען רעגעלמעסיג לעזען אין פּעטערבורג באַלד פֿון זיין ערשטען נומער אָן. דער סוב־רעדאַקטאָר האָט מיר געדאַנקט פֿיר מיין שרייבען, צופֿיגענדיג אַז מיין ענגליש איז „אָלרייט", און אַלעס וואָס איך ברויך איז „צו בענוצען אַ מעהר אידיאָמאַטישע שפּראַכע". איך מוז זאָגען, אַז איך האָב געלערענט ענגליש אין רוסלאַנד, און האָב צוזאַמען מיט מיין ברודער איבערזעצט פּיידוש'עס „פֿילאָזאָפֿיע פֿון געאָלאָגיע" און הערבערט ספּענסערס „פּרינציפּען פֿון ביאָלאָגיע". אָבער איך האָב דאָס ענגלישע געלערענט פֿון ביכער, און האָב עס זעהר שלעכט אויסגעשפּראָכען, אַזוי אַז מיין עדינבורגער בעל הבית'טע האָט מיך קוים געקענט פֿערשטעהן; איהר טאָכטער און איך פֿלעגען זיך צוזאַמענריידען דורך שטיקלעך פּאַפּיר, אויפֿשרייבענדיג דעם מאָדנעם געשפּרעך אונזערען; און אַזוי ווי איך האָב די ריכטיגע ענגלישע אויסדריקע ניט געוואוסט, קען איך מיר פֿאָרשטעלען, וואָס פֿאַר אַ קאָמישע פֿעהלער איך האָב דאַן געמאַכט. איך געדיינק יעדענפֿאַלס, אַז איך האָב איינמאָל פּראָטעסטירט געגען איהר, אויף'ן פּאַפּיער נאַטירליך, אַז וואָס איך ערוואַרט ביים סאַפּער איז ניט איין „טאַסע טהעע" זאָנדערן פֿיעלע. (אין ענגליש רעט זיך עס אַזוי: „וויל יו העוו ע קאָפּ אָף טהי?" ניט מיינענדיג דוקא איין טאַסע. קראָפּאָטקין האָט עס אָבער אָנגענומען בוכשטעבליך, און ווען מי האָט איהם געפֿרעגט צו ער וויל „ע קאָפּ אָף טהי" האָט ער געענטפֿערט „ניין, איך וויל עטליכע גלעזער טהעע" — דער איבערזעצער). איך האָב מורא, אַז מיין בעל הבית'טע

האָט מיך געהאַלטען פֿאַר אַ גרויסען זולל וסובא׳ניק, אָבער איך מוז זאָגען, אַלס אַן עטשולדיגונג, אַז ניט אין די געאָלאָגישע ביכער וואָס איך האָב געלעזען אין ענגליש, און ניט אין ספּענסערס „ביאָלאָגיע" איז דערמאָנט אַ וואָרט וועגען אַזאַ וויכטיגען געגענשטאַנד ווי טהעע טרינקען.

פֿון רוסלאַנד פֿלעג איך ערהאַלטען דעם זשורנאַל פֿון דער רוסישער געאָגראַפֿישער געזעלשאַפֿט און איך האָב באַלד אָנגעהויבען שיקען צו די „טיימס" פֿערשידענע נאָטיצען וועגען די רוסישע געאָגראַפֿישע אונטער־זוכונגען. פּרזשעוואַלסקי איז צו יענער צייט געווען אין צענטראַל־אַזיען, און אין ענגלאַנד האָט מען זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט זיין דאָרטיגע טהעטיגקייט.

ווי עס איז, דאָס געלד, וואָס איך האָב מיט מיר מיטגעבראַכט, האָט געהאַלטען באַלד אין אויסגעהן, און אַזוי ווי אַלע מיינע בריעף צו מיינע קרובים זיינען פֿערהאַלטען געוואָרען פֿון דער רוסישער וואַכזאַמער פּאָליציי, האָב איך בשום אופן ניט געקאָנט זיי געבען צו וויסען מיין אַדרעס. דאַריבער בין איך אין עטליכע וואָכען אַרום אַוועקגעפֿאָהרען אין לאָנדאָן, דיינקענדיג דאָס דאָרטען וועל איך קענען קריגען מעהר שטענדיגע אַרבייט. דער אַלטער פֿערטריבענער פּ. ל. לאַווראָוו האָט נאָך אַלץ פֿאָרטגעזעצט די רעדאַקציאָן פֿון זיין זשורנאַל „וופּעריאָד". אַזוי אָבער ווי איך האָב ערוואַר־טעט באַלד צוריקצוקעהרען נאָך רוסלאַנד און די רעדאַקציאָן פֿון דעם „וופּעריאָד" איז געווען אודאי גאַנץ שטאַרק בעוואַכט פֿון שפּיאָנען, האָב איך בעסער בעשלאָסען ניט צו געהן אַהין.

גאַנץ נאַטירליך בין איך באַלד אַוועק אין אָפֿיס פֿון דעם זשורנאַל „נייטשור", און איך בין גאַנץ הערצליך אויפֿגענומען געוואָרען פֿון דעם סוב־רעדאַקטאָר, דזש. סקאָט קעלטיע. דער רעדאַקטאָר האָט געהאַט אַ וואונש אָבצוגעבען אַ גרעסערען פּלאַץ אין זיין זשורנאַל פֿאַר די נאָטיצען, וואָס איך האָב איהם צוגעשיקט, אויסגעפֿינענדיג אַז איך שרייב זיי פּונקט, ווי מי בעדאַרף. באַלד איז מיר אָנגעוויזען געוואָרען אין אָפֿיס אַ בעזונדער טיש, אויף וועלכען פֿערשיעדענע זשורנאַלען אין אַלע מעגליכע שפּראַכען זיינען געווען אָנגעוואָרפֿען. „קומט יעדען מאָנטאַג, הערר לעוואַשאָף", האָט צו מיר געזאָגט דער רעדאַקטאָר, קוקט איבער דיעזע אַלע זשורנאַלען, און אויב עס איז דאָ אַן אַרטיקעל, וואָס שיינט אייך צו זיין ווערטהע צו זאָגען עטוואָס איבער איהם, מאַכט דאַן אַ נאָטיץ, אָדער צייכענט אָן דיעזען אַרטיקעל און ווען נויטיג וועלען מיר איהם שיקען צו אַ ספּעציאַליסט. מר. קעלטיע האָט נאַטירליך ניט געוואוסט, דאָס איך פֿלעג איבערשרייבען אַ נאָטיץ דריי אָדער פֿיער מאָל, איידער איך פֿלעג מיר ענטשליסען איבערצוגעבען

עס צו דרוקען. אָבער נעהמענדיג די וויסענשאַפטליכע זשורנאַלען צו זיך אַ היים, איז עס מיר באַלד געלונגען צו מאַכען אַ ניש־קשה'דיגען לעבען פון מיינע נאָטיצען אין די „נייטשור" און פון די פּאַראַגראַפען אין די „טיימס". איך האָב אויסגעפונען, דאָס די וועכענטליכע צאָהלונגען, יעדען דאָנערשטאָג, צו די צושיקער פון נאָטיצען פאַר די „טיימס" איז געווען אַן אויסגעצייכענטער מנהג. אמת, עס זיינען געווען וואָכען, ווען קיינע אינטערעסאַנטע נייעס פון פּרזשעוואַלסקי איז ניט אָנגעקומען, און די נייעס פון אַנדערע טהיילען פון רוסלאַנד איז ניט געפונען געוואָרען פאַר גענוג אינטערעסאַנט פון דעם „טיימס" רעדאַקטאָר — אָט אין אַזעלכע וואָכען פלעגט מיין אכילה זיין ברויט מיט טהעע.

איינמאָל האָט מר. קעלטיע אַראָבגענומען פון פּאָליצע עטליכע רוסישע ביכער, פערלאַנגענדיג פון מיר, דאָס איך זאָל אָנשרייבען אַ קריטיק פאַר זיין זשורנאַל. איך האָב אַ בליק געטהאָן אויף זיי און האָב גלייך אין זיי דערקענט מיינע אייגענע ווערק איבער די אייז־פעריאָדע און די אָראָגראַפיע פון אַזיען. מיין ברודער האָט ניט פערפעהלט צו שיקען זיי צו אונזער ליבלינגס־זשורנאַל. איך בין געווען אין אַ גרויסער פערלעגענהייט, און אַריינלייגענדיג די ביכער אין מיין סעטשעל, האָב איך זיי גענומען אַהיים אום מיר צו איבערלייגען די זאַך. „וואָס זאָל איך מיט זיי טהאָן?" האָב איך געפרעגט זיך אַליין. „איך קען זיי ניט לויבען, ווייל זיי זיינען דאָך מיינע ווערק. און איך קען ניט צו שטאַרק קריטיקירען דעם פערפאַסער, ווייל איך האָב פונקט דיזעלבע מיינונגען. איך האָב בעשלאָסען צו נעהמען צוריק די ביכער אין אָפיס און צו ערקלעהרען מר. קעלטיע, דאָס כאָטש איך האָב מיך איהם פאָרגעשטעלט אונטער דעם נאָמען לעוואַשאָף, בין איך עס אַליין דער פערפאַסער פון דיזע ביכער, און קען ניט געבען קיין קריטיק איבער זיי.

מר. קעלטיע האָט פון די צייטונגען געוואוסט וועגען קראָפּאָטקין'ס אַנטלויפען, און ער איז געווען העכסט גליקליך צו זעהן דעם אַנטלאָפע־נעם זיכער אין ענגלאַנד; וואָס אָנבעלאַנגט וועגען מיין בעדענקען צו שרייבען אַ קריטיק איבער מיינע אייגענע ווערק, האָט ער גאַנץ קלוג בעמערקט, דאָס איך דאַרף ניט זידלען און ניט לויבען דעם פערפאַסער, נאָר דאָס איך קען גאַנץ איינפאַך דערצעהלען די לעזער וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך אין די ביכער. פון יענעם טאָג אָן איז צווישען אונז געוואָרען אַ פריינדשאַפט, וועלכע האַלט נאָך אָן ביז היינטיגען טאָג.

אין נאָוועמבער אָדער דעצעמבער פון 1876, זעהענדיג אין דעם בריעף־קאַסטען פון „וופּעריאָד" אַן איינלאַדונג פאַר ק. צו קומען אין די

רעדאַקציאָן אום צו ערהאַלטען אַ בריעף פֿון רוסלאַנד, און דיינקענדיג, אַז איך ווער עס דאָ געמיינט, בין איך אַהין אַוועק און האָב מיך באַלד בעפֿריינדעט מיט דעם רעדאַקטאָר און מיט די אינגערע מענשען דאָרט, וואָס זיינען געוועזען בעשעפֿטיגט ביי דער ציימונג.

אָבער איך בין ניט לאַנג פֿערבליעבען אין ענגלאַנד. איך האָב אָנגעהאַלטען אַ לעבעדיגע קאָרעספאָנדענץ מיט מיין פֿריינד דזשיימס גיליאָם פֿון דער זשוראַ־פֿעדעראַציאָן, און אַזוי שנעל ווי איך האָב געפֿונען אַ שטענדיגע געאָגראַפֿישע אַרבייט, וועלכע איך האָב געקענט אַזוי גוט אויספֿיהרען אין דער שווייץ ווי אין ענגלאַנד, האָב איך איבערגעצויגען נאָך שווייצאַריען.

די בריעף, וואָס איך האָב ענדליך ערהאַלטען פֿון דער היים, האָבען מיר דערצעהלט, דאָס איך קען גאַנץ גוט בלייבען אין אויסלאַנד, ווייל עס איז גאָר ניטאָ עפּעס ספּעציעלעס צו טהאָן אין רוסלאַנד. אַ כוואַליע פֿון ענטהוזיאַזמוס האָט אַרומגענומען צו יענער צייט גאַנץ רוסלאַנד צו גונסטען די סלאַוויאַנער, וועלכע האָבען רעוואָלטירט געגען דעם לאַנגיעהריגען טערקישען דעספּאָטיזמוס; און מיינע בעסטע פֿריינד: סטעפּניאַק, קעלניץ און פֿיעלע אַנדערע זיינען אַוועק אַהין אום צוזושטעהן און העלפֿען די רעבעלען. „מיר לעזען" האָבען מיר מיינע פֿריינד געשריעבען, „די קאָרעספּאָנדענץ פֿון די „דיילי ניוס" וועגען די שרעקליכע גרויזאַמקייטען אין בולגאַריען. מיר וויינען ביים לעזען, און דאַן געהען מיר און ווערען סאָלדאַטען אין די אַרמעע פֿון די רעבעלען".

איך בין אַוועק נאָך די שווייץ און פֿאָלגענדיג דעם ראַטה פֿון מיינע שווייצאַרישע פֿריינד, האָב איך מיך בעזעצט אין לאַ־שאָ־דע־פֿאָנדס.

די זשוראַ־פֿעדעראַציאָן האָט געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָליע אין דער מאָדערנער ענטוויקלונג פֿון דעם סאָציאַליזמוס.

עס פּאַסירט תמיד, אַז נאָך דעם ווי די פּאָליטישע פּאַרטיי האָט זיך פֿאָרגענומען אַ געוויסען צוועק און האָט פּראָקלאַמירט, אַז נור די פֿאָלשטענדיגע עררייכונג פֿון דיעזען צוועק וועט זי צופֿריעדען שטעלען, אַז דיעזע פּאַרטיי צושפּאַלט זיך אין צוויי טהיילען. איין טהייל בלייבט דאָס וואָס זי איז פֿריהער געוועזען, און די אַנדערע טהייל, כאָטש אפילו זי זאָגט, אַז זי האָט ניט געענדערט קיין איין איינציג וואָרט פֿון איהר פֿריהערדיגער אויפֿגאַבע, נעהמט זי אָבער דאָך אָן אַ געוויסען סאָרט קאָמפּראָמיס, און ביסלעכוויוז ווערט זי אַריינגעשלעפּט פֿון איין קאָמפּראָמיס אין אַנדערען און וואַנדערט אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק פֿון איהר ערשטער פּראָגראַם, ביז זי ווערט זיך אַן אַלטעגליכע רעפֿאָרם־פּאַרטיי.

אַזאַ מין שפּאַלטונג איז פֿאָרגעקומען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער אַסאָסיאַציאָן. אין אָנפֿאַנג האָט זי זיך ניט צופֿרידען געשטעלט מיט קיין קלענערער פּראָגראַם, ווי די פֿאָלשטענדיגע אָבשאַפֿונג פֿון פּריוואַט אייגענטהום, פֿאָדערענדיג אַז דאָס לאַנד און אַלע פּראָדוקציאָנס-מיטלען זאָלען איבערגעהן צו די פּראָדוצירער זעלבסט; די אַרבייטער פֿון אַלע נאַציאָנען זאָלען אָרגאַניזירען זייערע אייגענע קערפּערשאַפֿטען פֿיר אַ דירעקטען קאַמפּף געגען קאַפּיטאַליזמוס, זאָלען אויסאַרבייטען מיטלען, דורך וועלכע די פּראָדוקציאָן און קאָנסומאַציאָן פֿון אַלע רייכטהימער זאָלען איבערגעהן אין די הענד פֿון די געזעלשאַפֿט זעלבסט, צו נעהמען אין בעזיץ אַלע מאַשינעריע און צו קאָנטראָלירען די פּראָדוקציאָן, ניט אַכטענדיג אויף די יעצטיגע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע וועט סיי ווי סיי מוזען גענצליך איבערגעביטען ווערען. די אַסאָסיאַציאָן האָט אַלזאָ געזאָלט דיענען אַלס אַ מיטעל פֿאָרצובערייטען אַן אונגעהייערע רעוואָלוציאָן אין דעם גייסט דער מענשהייט, און נאַכהער אין די פֿאָרמען פֿון דעם לעבען זעלבסט, אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט געזאָלט עפּענען פֿאַר דער וועלט אַ נייע עפּאָכע פֿון פּראָגרעס, בעגרינדעט אויף די אַלגעמיינע סאָלידאַריטעט. דאָס איז געווען דער אידעאַל, וועלכער האָט אויפֿגעוועקט מיליאָנען אייראָפּעאישע אַרבייטס-מענער פֿון זייער שלומער, און צוגעצויגען צו דער אַסאָסיאַציאָן איהרע העכסט אינטעלעקטועלע קרעפֿטען.

דאָך האָבען זיך צוויי פֿראַקציאָנען ענטוויקעלט. בעת די מלחמה פֿון 1870 האָט זיך געענדיגט מיט אַ פֿאָלקאָמענע נידערלאַגע פֿיר פֿראַנקרייך, און די פּאַריזער קאָמונע איז אונטערדריקט געוואָרען, און די דראַקאָנישע געזעצע, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען געגען די אַסאָסיאַציאָן, האָבען אוממעגליך געמאַכט די פֿראַנצויזישע אַרבייטער זיך אין איהר צו בעטהייליגען; און בעת, פֿון דער צווייטער זייט ווידער, אין דעם פֿעראייניגטען דייטשלאַנד איז איינגעפֿיהרט געוואָרען די פּאַרלאַמענטאַרישע הערשאַפֿט, — דאָס ענדציעל פֿון די ראַדיקאַלען זייט 1848, — האָבען זיך די דייטשען געמאַכט אַלס אויפֿגאַבע אומצוענדערען די שטרעבונגען און די מעטהאָדען פֿון דער גאַנצער סאָציאַליסטישער בעוועגונג. דער קריעגס-רוף פֿון יענער פֿראַקציאָן, וועלכע האָט זיך גערופֿען „סאָציאַל-דעמאָקראַטיע," איז געוואָרען „צו קריעגען די מאַכט אין די עקזיסטירענדע שטאַאַטען." די ערשטע ערפֿאָלגען פֿון דיעזער פּאַרטיי ביי די וואַהלען פֿון דעם דייטשען רייכסטאַג האָבען אַרויסגערופֿען גרויסע האָפֿנונגען. אַזוי ווי די צאָהל פֿון די אָבגעאָרדענטע איז געשטיגען פֿון צוויי אויף זיעבען, און דאַן אויף ניין, האָבען פֿיעלע, זאָגאַר פֿערנינפֿטיגע

מענשען, גענוי און אויף זיכער אויסגערעכענט, אַז בעפאָר דעם סוף פון'ם 19־טען יאָהרהונדערט וועלען די סאָצ. דעמ. האָבען אַ מאַיאָריטעט אין דעם דייטשען פּאַרלאַמענט, און זיי וועלען דאַן איינפיהרען דעם סאָציאַ־ליסטישען „פּאָפּולערען שטאַאַט" מיט דער הילפע פון אַ פּאַסענדער געזעצגעבונג. דער סאָציאַליסטישער אידעאַל פון דיזער פּאַרטיי האָט וואָס אַמאָל אַלץ מעהר פערלאָרען דעם כאַראַקטער פון עטוואָס אַזעלכעס, וואָס האָט געזאָלט אויסגעאַרבייט ווערען פון די אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען זעלבסט, און איז געוואָרען די פערשטאַאַטליכונג פון דער אינדוסטריע — אין פאַקט, שטאַאַט־סאָציאַליזמוס; דאָס הייסט, שטאַאַט־קאַפּיטאַליזמוס. ביי היינטיגער צייט ווערען די אָנשטריינגונגען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען אין דער שווייץ געריכטעט צו צענטראַליזאַציאָן געגען פעדעראַליזמוס. פּאָליטיש און עקאָנאָמיש שטרעבען זיי, אַז דער שטאַאַט זאָל פערוואַלטען די אייזענבאַהנען, דער שטאַאַט זאָל פערנעהמען דעם מאָנאָפּאָל פון די באַנקגעשעפטען און פון דעם האַנדעל מיט געטרענק. די שטאַאַט־פערוואַלטונג פון'ם לאַנד און פון די הויפּט־אינדוסטריען, און זאָגאַר פון די פערטהיילונג פון רייכטהימער, וואָלט זיין דער נעכסטער שריט אין אַ מעהר אָדער ווייניגער וועניגער צוקונפט.

ביסלעכווייז האָט זיך דאָס לעבען און די טהעטיגקייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אונטערוואָרפען צום שטימקאַסטען. טרייד־יוניאָנס וואַרען בעהאַנדעלט מיט פעראַכטונג, און אויף סטרייקס האָט מען געקוקט קרומלעך, מחמת ביידע האָבען זיי אָבגעצויגען דעם אַרבייטערס אויפמערקזאַמקייט פון דעם וואַהל־קאַמפּף. יעדער פּאָפּולערער אויפשטאַנד, יעדע רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציאָן אין אירגענד וועלכע לאַנד פון אייראָפּאַ, איז פערשריען געוואָרען אין יענע יאָהרען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פיהרער מיט פיעל מעהר פיינדשאַפט, ווי אפילו פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע גופא.

אין די לאַטיינישע לענדער אָבער, האָט דיזע נייע ריכטונג געפונען זעהר ווייניג אַנהיינגער. די סעקציאָנען און פעדעראַציאָנען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל זיינען געבליבען טריי צו די פּרינציפּען, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען ביי דער גרינדונג פון דער אַסאָסיאַציאָן. פעדעראַליסטיש אין זייער היסטאָריע, פיינדליך צו דער אידעע פון אַ צענטראַליזירטען שטאַאַט, און אים בעזיץ פון די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציאָנען, האָבען די אַרבייטער פון די לאַטיינישע לענדער (פראַנקרייך, שפּאַניען, איטאַליען) ניט געקענט נאָכפאָלגען די עוואָלוציאָן פון די דייטשען. די שפּאַלטונג צווישען די צוויי צווייגען פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג האָט זיך אַרויסגעוויזען

גלייך נאָך דעם דייטש-פראַנצויזישען קריעג. דער אינטערנאַציאָנאַל, ווי איך האָב שוין פריהער דערמאָנט, האָט בעשאַפען אַ הערשענדע קערפערשאַפט אין דעם געשטאַלט פון אַן אַלגעמיינעם פערוואַלטונגס-ראַטה, וועלכער האָט געוואיינט אין לאָנדאָן; און אַזוי ווי די לייטענדע גייסטער פון יענעם פערוואַלטונגס-ראַטה זיינען געווען צוויי דייטשען, ענגעלס און מאַרקס, איז דיזער ראַטה נאַטירליך געוואָרען די פעסטונג פון דער נייער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ריכטונג, וועהרענד די בעגייסטערער און די אינטעלעקטועלע פיהרער פון די לאַטיינישע פעדעראַציאָנען זיינען געווען באַקונין און זיינע פריינד.

דער שטרייט צווישען די מארקסיסטען און די באַקוניסטען איז ניט געווען קיין פערזענליכער. דאָס איז געווען דער נויטווענדיגער קאַמפף צווישען די פרינציפען פון פעדעראַליזמוס און פון צענטראַליזאַציאָן, די פרייע קאָמונע און דעם שטאַאַט'ס-פאָטערליכע הערשאַפט; די פרייע טהעטיגקייט פון די פאָלקס-מאַסען און די פערבעסערונג פון עקזיסטירענדע קאַפיטאַליסטישע אומשטענדע דורך געזעץ-געבונג — אַ קאַמפף צווישען דעם לאַטיינישען און דייטשען גייסט; און נאָך די ניעדערלאַגע פון פראַנקרייך אויף׳ן שלאַכט-פעלד, האָט דער דייטשער גייסט געוואָלט שפיעלען די ערשטע פידעל אין וויסענשאַפט, פאָליטיק, פילאָזאָפיע און אין סאָציאַליזמוס אויך, פאָרשטעלענדיג זיין אייגענעם בעגריף פון סאָציאַליזמוס אַלס „וויסענשאַפטליך", און בעצייכענענדיג יעדע אַנדערע שולע אַלס „אוטאָפיסטיש".

ביים האַאַגער קאָנגרעס פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין 1882, האָט דער לאָנדאָנער אַלגעמיינער ראַטה, דורך אַ געפעלשטע מאַיאָריטעט, אויסגעשלאָסען באַקונין, זיין פריינד גיליאָם און זאָגאַר די זשוראַ פעדעראַציאָן, פון דעם אונטערנאַציאָנאַל. אָבער אַזוי ווי עס איז געווען זיכער, אַז די גרעסטע טהייל פון דעם וואָס איז נאָך איבערגעבליבען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל — דאָס הייסט, די שפאַנישע, די איטאַליענישע און די בעלגישע פעדעראַציאָנען וועלען צושטעהן צו דער זשוראַ פעדעראַציאָן, האָט דער קאָנגרעס געוואָלט אין גאַנצען אויפלעזען דעם אינטערנאַציאָנאַל.

אַ נייער אַלגעמיינער ראַטה בעשטעהענד פון עטליכע סאָציאַל-דעמאָקראַטען, איז נאָמינירט געוואָרען אין נויאָרק, וואו עס איז גאָר ניט געווען קיין אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע זאָל האָבען בעלאַנגט צו דער אַסאָסיאַציאָן, אום דיעזען ראַטה צו קאָנטראָלירען, און פון וועלכען מי האָט ביז אויף היינטיגען טאָג קיין זאַך ניט געהערט. דערווייל האָבען די שפאַנישע, די איטאַליענישע, די בעלגישע און די זשוראַ פעדעראַציאָנען פון

דעם אינטערנאַציאָנאַל פֿאָרטגעזעצט זייער עקזיסטענץ און האָבען אָבגעהאַלטען זייערע געוועהנליכע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען יעדעס יאָהר פֿיר די נעכסטע פֿינף אָדער זעקס יאָהר.

די זשוראַ פֿעדעראַציאָן איז צו דער צייט, ווען איך בין געקומען אין דער שווייץ, געווען דער מיטעל־פּונקט און דער לייטענדער גייסט פֿון די אינטערנאַציאָנאַלע פֿעדעראַציאָנען. באַקונין איז נור וואָס געהאַט געשטאָרבען (יולי 1, 1876); אָבער די פֿעדעראַציאָן האָט אָנגעהאַלטען די פּאָזיציאָן, וועלכע זי האָט אָנגענומען פֿאַר זיין צייט. די לאַגע אין פֿראַנקרייך, שפּאַניען און איטאַליען איז געווען אַזעלכע, אַז נור די פֿעסטע האַלטונג פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט, וועלכער האָט זיך געהאַט ענטוויקעלט צווישען די אינטערנאַציאָנאַליסטען פֿאַר דעם דייטש־פֿראַנצויזישען קריעג, האָט אָבגעהאַלטען די רעגיערונגען פֿון זייער פּלאַן, צו אונטערדריקען די גאַנצע אַרבייטער בעוועגונג און איינצופֿיהרען די הערשאַפֿט פֿון ווייסען טעראָר. עס איז גוט בעוואוסט, אַז די ווידער הערשטעלונג פֿון דער בורבאָן־מאָנאַרכיע אין פֿראַנקרייך האָט געהאַלטען גאַנץ נאָהענט פֿערווירקליכט צו ווערען. מאַרשאַל מאַקמאַהאָן וואַר אָנגעהאַלטען אַלס פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק נור אום צו פֿערפֿערטיגען די מאָנאַרכיע; אפילו דער טאָג, ווען הענרי דער פֿינפֿטער האָט געזאָלט, מיט גרויס צערעמאָניע, אַריינגעפֿיהרט ווערען אין פּאַריז איז שוין אויך געווען בעשטימט; און אפילו דער געשפּאַן פֿון די פֿערד, בעפּוצט מיט דער קרוין און די בוכשטאַבען פֿון דעם סאַמאָזוואַנעץ, זיינען געווען אָנגעגרייט. און עס איז אויך בעוואוסט, אַז עס איז נור צו פֿערדאַנקען דעם פֿאַקט, וואָס גאַמבעטאַ און קלעמאַנסאָ — דער אָפּאָרטוניסט און דער ראַדיקאַל — האָבען בעדעקט גרויסע טהיילען פֿון פֿראַנקרייך מיט קאָמיטעס, בעוואַפֿענט און בערייט זיך צו ערהויבען, אַזוי שנעל ווי דער שטאַאַטס־שטרייך וועט געמאַכט ווערען, וואָס דער פּלאַן פֿון אַ מאָנאַרכיע איז צוקלאַפּט געוואָרען. אָבער די אמת׳ע קראַפֿט פֿון יענע קאָמיטעס איז געווען אין די אַרבייטער פֿון וועלכע פֿיעלע האָבען פֿריהער בעלאַנגט צום אינטערנאַציאָנאַל און האָבען נאָך געהאַט דעם אַמאָליגען גייסט. ריידענדיג פֿון פּערזענליכער קענטניס, מעג איך מיר ערלויבען די דרייסטקייט צו זאָגען, אַז די ראַדיקאַלע מיטעל־קלאַס פֿיהרער וואָלטען געבליבען אָבהענדיג ביי אַזאַ צופֿאַל, וועהרענד די אַרבייטער וואָלטען זיך געפּאָלזעוועט מיט דער ערשטער געלעגענהייט און, אָנהויבענדיג מיט דער פֿערטהיידיגונג פֿון דער רעפּובליק, וואָלטען זיי געגאַנגען פֿיעל ווייטער אין דער סאָציאַליסטישער ריכטונג.

דאָס זעלבע איז געווען אין שפּאַניען. אַזוי שנעל ווי די קלעריקאַלען

און אַריסטאָקראַטען האָבען געווירקט אויף׳ן קעניג, ער זאָל נאָך מעהר פֿערזינקען דאָס לאַנד אין רעאַקציאָן, האָבען איהם די רעפּובליקאַנער געסטראַשעט מיט דער בעוועגונג, אין וועלכער דער אמת קעמפּפֿענדער עלעמענט וואָלט געווען דאָס אַרבייטער־פֿאָלק. דאָס האָבען זיי גוט געוואוסט. אין קאַטאַלאָניען אַליין זיינען געווען איבער הונדערט טויזענד מענער אין שטאַרק אָרגאַניזירטע יוניאָנס, און צום אינטערנאַציאָנאַל האָבען בעלאַנגט העכער אַכציג טויזענד שפּאַניער, וועלכע האָבען אָבגעהאַלטען רעגולערע קאָנגרעסען, און האָבען געצאָהלט זייערע בייטרעגע פּינקטליך ווי נור שפּאַניער פֿערשטעהען צו ערפֿילען זייער פֿליכט. איך קען ריידען פֿון דיזע אָרגאַניזאַציאָנען פֿון פּערזענליכע ערפֿאַהרונג, וועלכע איך האָב געהאַט אויף׳ן פּלאַץ גופֿא, איך ווייס אַז זיי זיינען געווען בערייט צו ערקלעהרען די פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿון שפּאַניען, אָבלאָזען די קאָלאָניעס, און אין מאַנכע פֿאָרטגעשריטענע געגענדען מאַכען אַ גאַנץ ערנסטען פֿערזוך איינצופֿיהרען דעם קאָלעקטיוויזמוס. אָט דיעזעס אייביגע שרעקענס־בילד וואַר עס, וועלכע האָט די שפּאַנישע מאָנאַרכיע אָבגעהאַלטען פֿון אונטערצודריקען אַלע אַרבייטער און בויערען אָרגאַניזאַציאָנען, און איינצופֿיהרען אַן אָפֿענע קלעריקאַלע רעאַקציאָן.

דיזעלבע אומשטענדען האָבען אויך געהערשט אין איטאַליען. די טרייד־יוניאָנס פֿון נאָרד־איטאַליען האָבען נאָך ניט געהאַט דערגרייכט די מאַכט וואָס זיי האָבען איצט; אָבער גאַנצע געגענדען זיינען פּשוט געווען בעדעקט מיט אינטערנאַציאָנאַלע סעקציאָנען און רעפּובליקאַנישע גרופּען. די מאָנאַרכיע איז תמיד געהאַלטען געוואָרען אין צוויק פֿון די מיטעל־קלאַס רעפּובליקאַנער, וועלכע האָבען געסטראַשעט דעם קעניג מיט דעם רעוואָלוציאָנערען עלעמענט פֿון צווישען די אַרבייטער.

מיט איין וואָרט, צוריקבליקענדיג אויף דיעזע יאָהרען, פֿון וועלכע אַ פֿערטעל יאָהרהונדערט טהיילט אונז איצט אָב, בין איך פֿעסט איבער־צייגט, אַז דאָס וואָס אייראָפּאַ איז ניט דורכגעגאַנגען אַ פּעריאָדע פֿון שרעקליכער רעאַקציאָן נאָך 1871, איז עס געווען צו פֿערדאַנקען דעם גייסט, וועלכער איז אויפֿגעוועקט געוואָרן אין מערב־אייראָפּאַ פֿאַר דעם דייטש־פֿראַנצויזישען קריעג, און וועלכער איז זייט דאַן אויפֿגעהאַלטען געוואָרען פֿון די אַנאַרכיסטישע אינטערנאַציאָנאַליסטען, די בלאַנקיסטען, די מאַדזיניסטען, און די שפּאַנישע רעפּובליקאַנער.

פֿערטהאָן אין זייערע לאָקאַלע וואַהל־קעמפּפֿרייען, האָבען די מאַרקסיסטען נאַטירליך ניט אָנגעהויבען צו פֿערשטעהן דיעזע זאַכלאַגע. ציטערענדיג, אַז ביסמאַרק זאָל ניט אויסגיסען זיין גרימצאָרן אויף זייערע

קעפּ, און נאָך מעהר שרעקענדיג זיך, אַז דער רעוואָלוציאָנערער גייסט זאָל חס ושלום ניט אויסברעכען אין דייטשלאַנד, און ניט בריינגען מיט זיך אונטערדריקונגען, וועלכע זיי וואָרען ניט שטאַרק גענוג ווידערצושטעהן, האָבען זיי ניט נאָר זיך אָבגעשאָקעלט, צוליעב טאַקטישע צוועקען, פון אַלער סימפּאַטיע מיט די רעוואָלוציאָנערען פון די מערב־לענדער, נור זיי האָבען זאָגאַר גענומען האַסען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט גופא, און זיי האָבען איהם פערשריען מיט אמת׳ן גיפט, וואו נור ער האָט זיך געוויזען, אפילו ווען זיי האָבען איהם דערזעהן אין רוסלאַנד.

קיין רעוואָלוציאָנערע ציימונג האָט צו יענער צייט ניט געקאָנט געדרוקט ווערען אין פראַנקרייך, אונטער מאַרשאַל מאַק־מאַהאָן. אפילו דאָס זינגען פון די מאַרסעלליעזע איז געהאַלטען געוואָרען פאַר אַ פערברעכען; און איך וואַר איינמאָל זעהר ערשטוינט, ווען איך האָב בעמערקט דעם פחד, וועלכער האָט אָנגעכאַפּט עטליכע פון מיינע מיטרייזענדע אויף׳ן באַהן, בעת זיי האָבען דערהערט רעקרוטען זינגען דיעזעס רעוואָלוציאָנערע ליעד. (אין מאַי, 1878) „מעג מען שוין ווידער זינגען די מאַרסעלליעזע?״ האָבען זיי זיך איינער דעם צווייטען געפרעגט מיט שרעקען. די פראַנצויזישע פּרעסע האָט דאַרום ניט געהאַט קיין סאָציאַליסטישע צייטונגען. די שפּאַנישע צייטונגען וואָרען זעהר גוט רעדיזשירט, און מאַנכע מאַניפעסטען פון זייערע קאָנגרעסען וואָרען וואונדערבאַרע דאַרלעגונגען פון אַנאַרכיסטי־שען סאָציאַליזמוס; אָבער ווער וויים עפּעס פון שפּאַנישע אידעען אויסער שפּאַניען? די איטאַליענישע צייטונגען ווידער האָבען לייַדער ניט געלעבט לייַנגער ווי דער קקיון של יונה; אָט זיינען זיי ערשיענען און גלייך זיינען זיי אונטערגעגאַנגען, און דאַן ווידער ערשיענען אין אַן אַנדער פּלאַץ אונטער אַן אַנדער נאָמען; און פראַכטפאָל גוט ווי מאַנכע פון זיי וואָרען האָבען זיי זיך דאָך אויסער איטאַליען ניט פערברייטעט. פאָלגליך. וואַר עס די זשורא פעדעראַציאָן, מיט איהרע צייטונגען וואָס זיינען אַרויסגעלאָזען געוואָרען אין פראַנצויזיש, וועלכע איז געוועזן דער צענטער פון וואַנען אויס דער רעוואָלוציאָנערער גייסט האָט זיך פערשפּרייט אין די לאַטיינישע לענדער, און דיזע זשורא פעדעראַציאָן האָט אַזוי אַרום גערעטעט אייראָפּאַ פון אַ זעהר פינסטערע פּעריאָדע פון רעאַקציאָן. און דאָס וואַר אויך דער באָדען אויף וועלכען דער טהעאָרעטישער בעגריף פון אַנאַרכיזמוס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון באַקונין און זיינע נאָכפאָלגער אין אַ שפּראַך, וועלכע גאַנץ אייראָפּאַ האָט פערשטאַנען.

צו דער זשורא פעדעראַציאָן האָבען דאַמאָלסט בעלאַנגט פיעלע בעוואוסטע מענער פון פערשיעדענע נאַציאָנאַליטעטען, כמעט אַלע פער־

זענליכע פֿריינד פֿון באַקונין. דער רעדאַקטאָר פֿון אונזער הויפּט צייטונג, דער אָרגאַן פֿון דער פֿעדעראַציאָן, וואַר דזשיימס גיליאָם, אַ לעהרער פֿון פּראָפֿעסיאָן, וועלכער האָט בעלאַנגט צו איינער פֿון די אַריסטאָקראַטישע פֿאַמיליען פֿון ניו־שאַטעל. קליין, מאָגער, מיט דער שטייפֿקייט און פעסטקייט פֿון אַ ראָבעספּיער, און מיט אַן אמת גאָלדענער האַרץ, וועלכע האָט זיך געעפֿענט נור אין אינטימער פֿריינדשאַפֿט, וואַר ער אַ געבוירענער פֿיהרער דורך זיין מערקווירדיגע אַרבייטס־קראַפֿט און ריעזיגער טהעטיגקייט. אַכט לאַנגע יאָהר האָט ער געקעמפֿט געגען אַלערליי שוועריגקייטען אויפֿצוהאַלטען די צייטונג, נעהמענדיג דעם גרעסטען אַנטהייל אין יעדער איינצעלהייט פֿון דער פֿעדעראַציאָן, ביז ער האָט געמוזט פֿערלאָזען די שווייץ, וואו ער האָט ניט געקענט קריגען קיין שום אַרבייט מעהר, און ער האָט זיך בעזעצט אין פֿראַנקרייך, וואו זיין נאָמען וועט אַ מאָל דערמאָנט ווערען מיט דעם העכסטען רעספּעקט אין דער געשיכטע פֿון בילדונג.

אַדהעמאַר שוויצגעבעל, אויך אַ שווייצער, איז געווען דער טיפּ פֿון די לוסטיגע, לעבעדיגע, וויטציכטיגע פֿראַנצויזיש־שפּרעכענדע זייגער מאַכער פֿון די בערנזער זשוראַ בערג. אַ קאָפּערט־גראַווירער פֿון פֿאַך, האָט ער קיינמאָל ניט פּרובירט אויפֿגעבען זיין שטעלע אַלס האַנד־ווערקער, און אימער פֿרעהליך און טהעטיג, האָט ער אויפֿגעהאַלטען זיין גרויסע פֿאַמיליע אין די שרעקליכסטע סלעק־צייטען. זיין קראַפֿט צו בעגרייפֿען אַ שווערע עקאָנאָמישע אָדער פּאָליטישע פֿראַגע, זי גוט אַרומצוטראַכטען ספּעציעל פֿון דעם אַרבייטערס שטאַנדפּונקט אויס, אָהנע פֿון איהר אַוועקצונעהמען איהר טיעפֿסטע בעדייטונג, וואַר וואונדערבאַר. אין די „בערג" האָט מען איהם גוט געקענט אַרום און אַרום, און ביי די אַרבייטער פֿון אַלע לענדער וואַר ער אַן אַלגעמיינער ליעבלינג.

דער דירעקטער געגענטהייל פֿון איהם וואַר אַן אַנדער שווייצער, אויך אַ זייגערמאַכער, שפּיכיגער. ער וואַר אַ פֿילאָזאָף, לאַנגזאַם אי אין בעוועגונג, אי אין דיינקען; אין זיין פֿיזישען געשטאַלט האָט ער אויסגעזעהן ווי אַן ענגלישמאַן; תמיד שטרעבענדיג צו דערגרונטעווען די פֿולע בעדייטונג פֿון יעדען פֿאַקט, און אונז אַלעמען ערשטוינענדיג מיט דער ריכטיגקייט פֿון זיינע שליעסע, צו וועלכע ער איז געקומען שטעהענדיג פֿערטראַכט ביי דער אַרבייט.

אַרום דיעזע דריי האָט זיך אַרומגעקליבען אַ מאַסע סאָלידע, שטאַנדהאַפֿטע, מיטעליעהריגע אָדער עלטערע אַרבייטער, ליידענשאַפֿטליכע ליעבהאָבער פֿון פֿרייהייט, אייפֿריג אַנטהייל צו נעהמען אין אַזאַ גרויסאַרטיגע

בעוועגונג, און אַרום אַ הונדערט טיכטיגע יונגע לייט, אויך דאָס רוב זייגערמאַכער, — אַלע זעהר אונאַבהייניגיג און ליעבענס־ווירדיג, זעהר ענערגיש, און בערייט צו געהן ביז דער העכסטער שטופּע פון זעלבסט־אויפּאָפּפערונג.

אַסך אַנטלאָפענע פון דער פּאַריזער קאָמונע האָבען זיך געהאַט אָנגעשלאָסען אָן דער פעדעראַציאָן. עליזעע רעקלו, דער גרויסער געאָגראַף איז געווען איינער פון זיי, אַ טיפּ פון דעם אמת׳ן פּוריטאַנער אין זיין אַרט לעבען, און פון דעם פראַנצויזישען ענציקלאָפּעדיסטישען פילאָזאָף פון לעצטען יאַהרהונדערט אין זיין גייסט; אַ מענש וועלכער בעגייסטערט אַנדערע, אָבער וועלכער האָט אויף זיין גאַנצען לעבען איבער קיינעם ניט געהערשט, און וועט קיינמאָל ניט הערשען; דער אַנאַרכיסט וועמעס אַנאַרכיזמוס איז דער רעזולטאַט פון זיינע ברייטע, אינטימע קענטניסע פון אַלע פאָרמען פון מענשליכען לעבען אונטער יעדען מין קלימאַט און אין אַלע שטופען פון ציוויליזאַציאָן; וועמעס ביכער גילטען צווישען די בעסטע פון דעם יאַהרהונדערט; וועמעס סטיל, פון אַ מערקווירדיגער שעהנהייט, בעוועגט דעם גייסט און דאָס האַרץ; און וועלכער, אַריינקומענדיג אין דער רעדאַקציע פון אַן אַנאַרכיסטישער צייטונג, ווענדעט זיך צום רעדאַקטאָר, — מעג ער זיין אַן אינגעל אין פערגלייך צו איהם, — און בעט: „זאָגט מיר וואָס איך זאָל טהאָן", און ער וועט זיך אוועקזעצען, פונקט ווי אַ רעפּאָרטערעל, אויסצופילען אַ געוויסע צאָהל שורות, וואָס פעהלען אום אין דער לויפענדער נומער פון דער צייטונג. אין דער פּאַריזער קאָמונע האָט ער איינפאַך גענומען אַ ביקס און אַוועקגעשטעלט זיך אין דער רייהע; און ווען ער לאַדעט איין אַ מיטאַרבייטער מיטצו־ווירקען אין זיין וועלט־בעריהמטע געאָגראַפיע, און דער מיטאַרבייטער פרעגט ביי איהם שרעקענדיג, „וואָס האָב איך צו טהאָן?" ענטפערט ער: „אָט זיינען די ביכער, און אָט איז דער טיש. טהו ווי דו פערשטעהסט".

לעבען איהם איז געווען לעפראַנסיי, אַן עלטערער מענש, אַ לעהרער, וועלכער איז געווען אַ פליכטלינג דריי מאָל אין לעבען; נאָך יוני 1848, נאָך נאַפּאָלעאָנ׳ס שטאַאַט־שטרייך, און נאָך 1870. אַן עקס־מיטגליעד פון דער קאָמונע, און דאַרום איינער פון די, אויף וועלכע מי האָט געזאָגט, אַז זיי זיינען אַנטלאָפען פון פּאַריז מיט מיליאָנען אין די קעשענעס, האָט ער געאַרבייט אַלס אַ פּאַק־טרעגער ביי די באַהן פון לאָהזאַן, און איז שיער ניט אומגעקומען אין דיעזער אַרבייט, וועלכע האָט געפאָדערט אינגערע פּלייצעס ווי זיינע. זיין בוך איבער די פּאַריזער קאָמונע איז דער איינציגער אין וועלכען די אמת׳ע היסטאָרישע בעדייטונג פון

דיעזער בעוועגונג איז געשטעלט געוואָרען אין דעם ריכטיגען ליכט. „אַ קאָמוניסט ניט קיין אַנאַרכיסט, ביטטע", פּלעגט ער זאָגען. „איך קען ניט אַרבייטען מיט אַזעלכע נאַראָנים ווי איהר זייט"; און ער האָט מיט קיין אַנדערע דאָך ניט געוואָלט אַרבייטען, „ווייל איהר שוטים", פּלעגט ער זאָגען, „זייט די מענשען, וועלכע איך ליעב אַם בעסטען. מיט אייך קען מען אַרבייטען צוזאַמען און דאָך בלייבען ביי זיין איך".

נאָך אַ געוועזענער מיטגליעד פון דער פּאַריזער קאָמונע וואַר פּינדי, אַ סטאָליאַר פון נאָרד־פראַנקרייך, אָבער דעננאָך אַן עכטער פּאַריזער. ער איז זעהר בעריהמט געוואָרען אין פּאַריז אין דער צייט פון אַ סטרייק, וועלכען דער אינטערנאַציאָנאַל האָט אונטערשטיצט. פּינדי וואַר אַן ענערגישער און העכסט אינטעליגענטער מאַן, ער וואַר ערוועהלט אַלס מיטגליעד פון דער קאָמונע, וועלכע האָט איהם געמאַכט פאַר אַ קאָמאַנדיר פון דעם טילערי פּאַלאַץ. בשעת די ווערסיילער זיינען אַריין אין פּאַריז, דערשיסענדיג הונדערטער געפאַנגענע קאָמונאַרען, זיינען דריי מענשען דערשאָסען געוואָרען אין פערשיעדענע טהיילען פון פּאַריז, ווייל מי האָט געמיינט אַז דאָס וואַר פּינדי. אָבער פּינדי האָט זיך נאָך די שלאַכט פון פּאַריז בעהאַלטען אין'ם צימער פון אַ בראַווער מיידעל, אַ נייטערין, וועלכע האָט איהם געראַטעוועט דורך איהר קאַלטבלוטיגקייט, בעת איהר הויז איז דורכגעזוכט געוואָרען פון די טרופּען; זי איז דערנאָך געוואָרען זיין פרוי. בלויז אין 12 מאָנאַט אַרום איז עס זיי געלונגען צו פערלאָזען פּאַריז אין געהיים, אַנקומענדיג קיין שווייצאַריען. דאָ האָט זיך פּינדי אויסגעלערענט פאַר אַ מינץ־פּראָבירער, און ער איז שפּעטער געוואָרען אַ געשיקטער בעל מלאכה; שטעהענדיג דעם גאַנצען טאָג ביים רויט־הייסען אויוען, האָט ער דאָך זיין גאַנצען אָבענד געווידמעט דער ליידענשאַפטליכער פּראָפּאַגאַנדאַ, אין וועלכער ער האָט אויסגעצייכענט גוט פעראייניגט די היציגקייט פון אַ רעוואָלוציאָנער מיט דעם געזונדען שכל און דער אָרגאַניזאַציאָנסקראַפט, וועלכע זיינען כאַראַקטעריסטיש ביי דעם פּאַריזער אַרבייטער.

פּאַוועל ברוס, איז דאַמאָלס געווען אַ יונגער דאָקטאָר, פול מיט גייסטיגער טהעטיגקייט, שטירמיש, שאַרף, לעבעדיג, בערייט צו ענטוויקלען יעדע אידעע מיט אַ געאָמעטרישער לאָגיק ביז צו דער אויסער־סטער שלוספאָלגערונג; מעכטיג אין זיין קריטיק איבער דעם שטאַאַט און די שטאַאַט־אָרגאַניזאַציאָן; געפינענדיג גענוג צייט צו רעדיזשירען צוויי צייטונגען, אין פראַנצויזיש און אין דייטש, צו שרייבען מאַסען גרויסע בריעף, צו זיין די טהעטיגע פערזאָן ביי אַן אַרבייטערס אָבענד־פּאַרטי; תמיד

פֿערנומען אָרגאַניזירענדיג פֿעראיינען מיט דעם שאַרפֿען גייסט פֿון דעם אמת׳ן זיד־מענשען.

פֿון די איטאַליענער, וועלכע האָבען מיטגעאַרבייט מיט אונז אין דער שווייץ, מענער וועמעס נעמען זיינען אימער געווען פֿעראייניגט, און וועלכע וועלען בלייבען טיעף אין דעם זכרון פֿון מעהר אַלס איין איטאַל־יענישען דור, זעהר אינטימע פֿריינד פֿון באַקונין, וואַרען קאַפּיעראָ און מאַלאַטעסטאַ. קאַפּיעראַ וואַר אַן אידעאַליסט פֿון דעם העכסטען און ריינסטען טיפּ, וועלכער האָט אַוועקגעגעבען זיין היבשען פֿערמעגען פֿיר די זאַכע, און וועלכער האָט זיך קיינמאָל ניט געשטעלט די פֿראַגע פֿון וואַנען ער וועט לעבען; אַ דענקער אַריינגעטהאָן אין פֿילאָזאָפֿישע ספעקולאַציאָנען; אַ מאַן וועלכער האָט ניט געקענט זאַטשעפען אַ פֿליעג אויף׳ן וואַנד, און האָט דאָך געגריפֿען די ביקס אין האַנד און איז אַוועק אין די בערג פֿון בענעווענטאָ, בעת ער און זיינע פֿריינד האָבען געדיינקט אַז עס וועט זיי געלינגען אַרויסצורופֿען אַ סאָציאַליסטישען אויפֿשטאַנד, אפילו ווען דאָס זאָל בלויז לערנען דעם פֿאָלק, אַז זיינע רעוואָלטען מוזען האָבען אַ טיעפֿערע בעדייטונג, ווי אַן איינפֿאַכער בונט געגען דעם אַקציזניק.

מאַלאַטעסטאַ איז געווען אַ שטודענט דער מעדעצין און ער האָט פֿערלאָזען דיעזע פּראָפֿעסיאָן און אויך זיין גאַנצען פֿערמעגען צוליעב די זאַכע דער רעוואָלוציאָן; פֿול מיט פֿייער און אינטעליגענץ, אַ ריינער אידע־אַליסט, וועלכער האָט זיין גאַנצען לעבען — ער איז שוין איצט קרוב פֿון פֿופֿציג — נים אַ טראַכט געטהאָן צו ער וועט האָבען אַ שטיקעל ברויט אויף זיין נעכסטען מאָהלצייט און אַ נאַכטלעגער וואו אַוועקצולייגען דעם קאָפּ זיינעם; אָהן דעם קלענסטען צימערעל, וועלכעס ער זאָל קענען אָנרופֿען זיין אייגענס, פֿלעגט ער אַרומגעהן אין די גאַסען פֿון לאָנדאָן און פֿערקויפֿען סערבעט (אַזאַ מין געטראַנק). און אויף דער נאַכט פֿלעגט ער שרייבען בריליאַנטענע אַרטיקלען פֿאַר די איטאַליענישע צייטונגען. איינגע־קערקערט אין פֿראַנקרייך, בעפֿרייט, אויסגעוויזען, ווידער אַמאָל פֿעראור־טהיילט אין איטאַליען, פֿעריאָגט אויף אַ וויסטען אינזעל, אַנטלאָפֿען, און ווידער אַמאָל אין איטאַליען פֿערמאַסקירטערהייט; אימער אין רעכטען מיטען קאַמפּף, סיי אין איטאַליען אָדער אַנדערשוואו, — פֿיהרט ער שוין אַזאַ לעבען דרייסיג יאָהר לאַנג. און בשעת מיר טרעפֿען זיך מיט איהם ווידער, בעפֿרייט פֿון אַ טורמע, אָדער אַנטלאָפֿען פֿון אַן אינזעל, זעהט ער אוים פּונקט ווי ער האָט אויסגעזעהן ווען מיר האָבען איהם געזעהן פֿריהער; אימער איבער׳ס ניי אויפֿנעהמענדיג דעם קאַמפּף, מיט דערזעלבער

ליעבע פיר די מענשהייט, אהן דעם מינדעסטען האַס צו זיינע שונאים אָדער געפענגנים-וועכטער, מיט דעם זעלבען הערצליכען שמייכעל פאַר אַ פריינד, דער זעלבער ליעבשאַפט צו אַ קינד.

רוסישע זיינען געוועז וועניג צווישען אונז, דאָס רוב האָבען זיי בעלאַנגט צו דער דייטשער סאָצ. דעמאָקראַטישער שולע. דאָך האָבען מיר געהאַט זשוקאָווסקין, אַ פריינד פון אַלעקסאַנדער הערצען, וועלכער האָט פערלאָזען רוסלאַנד אין 1863, — אַ בריליאַנטענער, עלעגאַנטער, העכסט אינטעליגענטער אַדעלמאַן, אַ ליעבלינג פון די ארבייטער, — וועלכער האָט מעהר ווי אימיצער פון אונז געהאַט דאָס וואָס די פראַנצויזען רופען אָן דעם „אויער פין'ם אַרבייטער", מחמת ער האָט פערשטאַנען ווי אַזוי צו בעגייסטערען דאָס פאָלק, דערמיט וואָס ער האָט זיי געשטעלט פאַר די אויגען די גרויסע ראָלע, וועלכע זיי האָבען פאַר זיך אַלס אויפבויער דער געזעלשאַפט; ער האָט געקענט אויפהויבען די מאַסע צו זיך, איהר שילדערענדיג הויכע היסטאָרישע אַנזיכטען, צו מאַכען קלאָהר ווי דער טאָג די העכסטע פערפלאָנטערטע עקאָנאָמישע אויפגאַבען, און זיי צו עלעקטריזירען מיט זיין ערנסטקייט און פייערליכקייט. סאָקאָלאָף, אַ געוועזענער אָפיציער פון'ם רוסישען גענעראַל-שטאַב, אַ תלמיד פון פאָהל לואי קוריער פאַר זיין דרייסטקייט און פון פרודהאָן פאַר זיינע פילאָזאָפישע אידעען, וועלכער האָט געמאַכט אַ היבשע ביסעל סאָציאַליסטען מיט זיינע קריטישע אַרטיקלען, איז אויך צו יענע צייט געוועז מיט אונז.

איך דערמאָן בלויז די, וועלכע זיינען בעקאַנט געוואָרען אין דער וועלט אַלס שרייבער, אָדער אַלס דעלעגאַטען פון קאָנגרעסען, אָדער אויף עפעס אַנאַנדער מין אופן. און דאָך פרעג איך מיך, צו איך וואָלט ניט בעסער געטהאָן ווען איך זאָל ליעבער דערמאָנען די וואָס האָבען קיינמאָל זייערע נעמען ניט געזעהן געדרוקט, אָבער וועלכע זיינען געוועזען פונקט אַזוי וויכטיג אין'ם לעבען פון דער פעדעראַציאָן, ווי יעדער איינער פון די שרייבער, וועלכע האָבען געקעמפפט אין די רייהען און וואַרען אימער בערייט זיך אָנצושליסען אין יעטוועדער אונטערנעהמונג, קיין מאָל ניט פרעגענדיג צו די אַרבייט וועט זיין פון גרויסער אָדער פון קליינער וויכטיגקייט, בעריהמט אָדער בעשיידען, — צו זי וועט האָבען גרויסע פאָלגען, אָדער זי וועט זיך ענדיגען אין אונענדליכען עגמת נפש פאַר זיך אַליין און פאַר זייערע פאַמיליען.

איך האָב אויך געברויכט צו דערמאָנען די דייטשען ווערנער און רינקע, דעם שפאַניער אַלבאַראַטשין, און אַסך אַנדערע; אָבער איך האָב מורא, אַז דיעזע שוואַכע שילדערונגען מיינע וועלען דעם לעזער ניט קענען

איבערגעבען דעמזועלבען געפיהל פון אַכטונג און ליעבע, מיט וועלבע יעדער איינער פון אונזער קליינער פאַמיליע האָט בעגייסטערט די יעניגע, וועלבע האָבען זיי פערזענליך געקענט.

---

מערב איירָאָפּאַ.

פון אַללע שטעדט אין שווייצאַריען, וועלבע איך קען, איז פילייכט לאַשאָ־דע־פאָנד די מיאוס׳טע. זי ליגט אויף אַ הויכען פלאַכען פעלד גאַנץ אָהן בוימער אָדער גראָז, אָפען פאַר די ביטערע קאַלטע ווינטען אין ווינטער, בעת דער שנעע ליגט אַזוי טיעף ווי אין מאָסקווע, און צוגעהט און פאַלט ווידער אָן, אַזוי אָפט ווי אין פעטערסבורג. אָבער עס וואַר נויטווענדיג צו פערשפרייטען אונזערע אידעען אין דיעזען צענטער, און אַריינצוגעבען מעהר לעבען אין דער לאָקאַלער פּראָפּאַגאַנדאַ. פּינדי, שפּיכיגער, אַלבאַראַטשין, די בלאַנקיסטען פעררע און זשאַללאָ וואַרען דאָרט, און פון צייט צו צייט האָב איך געקענט בעזוכען גיליאָם׳ען אין ניישאַטעל, און שווייצגעבעל אין דעם טהאָל פון סיינט אימיער.

פאַר מיר האָט זיך איצט געעפענט אַ לעבענס־אַרבייט, וועלבע איך האָב ליעב געהאַט. מיר האָבען אָבגעהאַלטען פיעלע פערזאַמלונגען, אַליין צוטהיילענדיג די צירקולאַרען אין די קאַפע הייזער און ווערקשאָפּס. איין מאָל אין וואָך פלעגען מיר אָבהאַלטען אונזער סעקציאָן־פערזאַמלונג, אויף וועלבע די לעבעדיגסטע דיסקוסיאָנען פלעגען שטאַטפינדען, און מיר זיינען אויך געגאַנגען צו די מיטינגס, וועלבע די פּאָליטישע פּאַרטייען פלעגען איינרופען, אום אויך דאָרט צו פּראָפּאַגאַנדירען דעם אַנאַרכיזמוס. איך האָב פיעל גערייזט, בעזוכענדיג אַנדערע סעקציאָנען און זיי העלפענדיג אין זייער אַרבייט.

אין פערלויף פון ווינטער האָבען מיר געוואונען די סימפּאַטי פון פיעלע; אָבער אונזער רעגולערע אַרבייט איז פיעל געשטערט געוואָרען דורך אַ קריזיס אין דעם זייגערמאַכער פאַך. אַ העלפט אַרבייטער האָבען אָדער גאָר קיין אַרבייט ניט געהאַט, אָדער וואַרען בלויז טהיילוויז בעשעפ־טיגט, אַזוי אַז די שטאָדט האָט געמוזט עפענען קוכאַרניעס און שפּייזען די בעפעלקערונג מיט ביליגע עסענס אויף קאָסט פּרייז. די קאָאָפּעראַטיווע ווערקשאָפּ, וועלבע די אַנאַרכיסטען האָבען געגרינדעט אין לאַשאָ־דע־פאָנד,

פֿון וועלכער דער ריוח פֿלעגט צוטהיילט ווערען צווישען אַלע מיטגלידער גלייך, האָט געהאַט גרויסע שוועריגקייטען צו קריעגען אַרבייט ניט קוקענדיג אויף איהר רעפּוטאַציע, און שפּיבּיגער האָט זיך עטליכע מאָל געמוזט נעהמען צו וואָל־שפּינעריי אום צו האָבען פֿון וואָס צו ציהען זיין חיונה.

מיר האָבען אַלע אַנטהייל גענומען, יענעם יאָהר, אין אַ דעמאָנ־סטראַציאָן מיט׳ן רויטען באַנער אין בערן. די כוואַליע פֿון רעאַקציאָן האָט געהאַט דערגרייכט די שווייץ, און די בערנער פּאָליציי האָט פֿערבאָטען צו טראָגען די אַרבייטער־פֿאָהן, טראָץ דאָס קאָנסטוטיאָנעלע רעכט. עס איז דעריבער געווען נויטיג צו ווייזען, אַז דאָ און דאָרט געפֿינען זיך לכל הפּחות מאַנכע אַרבייטער, וועלכע ערלויבען ניט מי זאָל טרעמפּלען זייערע רעכטע אונטער די פֿיס, און שטעלען זיך אַנטקעגען. מיר זיינען אַלע אַוועק קיין בערן צו פֿייערען דעם יאָהר־צייט פֿון דער קאָמונע און צו טראָגען די רויטע פֿאָהן אין די גאַסען, ניט קוקענדיג אויף דעם אוקאַז. פֿערשטעהט זיך, אַז עס איז געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי, אין וועלכען צוויי קאַמעראַדען האָבען ערליטען עטליכע שניט פֿון פּאָליצייסקע שווערדען, און צוויי אָפֿיצירען זיינען צימליך שווער פֿערוואונדעט געוואָרען, אָבער דער רויטער באַנער איז דאָך אַוועקגעטראָגען געוואָ־רען אין זאַל אַריין, וואו אַ העכסט לעבעדיגע פֿערזאַמלונג איז אָבגעהאַלטען געוואָרען. עס איז קוים נויטיג צו זאָגען, אַז די זאָגענאַנטע פֿיהרער ווארען אין דער רייהע און האָבען געקעמפֿט צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אַרבייטער. דער משפּט האָט פֿערוויקעלט העכער דרייסיג שווייצער בירגער, וועלכע האָבען אַלע זעלבסט געפֿאָדערט מען זאָל זיי משפּט׳ן, און די־יעניגע, וועלכע האָבען פֿערוואונדעט די אָפֿיצירען האָבען זיך אַליין צוגעשטעלט און האָבען געזאָגט, אַז זיי האָבען עס געטהאָן. אין פֿערלויף פֿון דיעזען פֿערהער איז געוואונען געוואָרען גרויסע סימפּאַטיע פֿיר די זאַכע; יעדער האָט פֿערשטאַנען, אַז אַלע רעכטע מוזען אייפֿערזיכטיג בעשיצט ווערען, אום זיי ניט צו פֿערליערען. דער אורטהייל איז דערום געווען אַ זעהר לייכטער, ניט איבער דריי מאָנאַט געפֿענגניס.

דאָך האָט די בערנער רעגירונג פֿערבאָטען צו טראָגען די רויטע פֿאָהן אין׳ם גאַנצען קאַנטאָן; און די זשורא פֿעדעראַציאָן האָט גלייך בע־שלאָסען זי יאַ צו טראָגען אין סיינט אימיער, וואו מיר האָבען יענעם יאָהר אָבגעהאַלטען אונזער קאָנגרעס. צו יענער צייט זיינען מיר כמעט אַלע געווען בעוואַפֿענט און בערייט צו בעשיצען אונ.ער באַנער מיט׳ן לעצטען טראָפּען בלוט אונזערעז.

אַ סקוואַדראָן פּאָליציי איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויף אַ

געוויסען פלאַץ אָבצוהאַלטען אונזער דעמאָנסטראַציאָן; אַ רעגימענט מיליטער איז געווען אָנגעגרייט אויף'ן פעלד אין דער נאָכבאַרשאַפט, אונטער דעם אויסרייד, אַז זיי זיינען אַרויס אויף ציעל־פּראַקטיקע — מיר האָבען דייטליך געהערט זייער שיסעריי, בשעת מיר האָבען דורכמאַרשירט דורך די שטאָדט. אָבער ווען אונזערע רייהען זיינען ערשיענען אויף'ן הויפּט־פלאַץ, און דער מעער האָט געזעהן, אַז אָנגרייפען אונז וואָלט זיך ענדיגען מיט אַ בלוטיגע שלאַכט, האָט ער בעפוילען מען זאָל אונז לאָזען מאַרשירען אונגעשטערט, צום זאַאַל וואו די פערזאַמלונג האָט געזאָלט שטאַטפינדען. מיר האָבען אַוודאי קיין קאַמפּף ניט געוואָלט; אָבער די אַנשטרענגונג פון יענעם מאַרש, אין מיליטערישער אָרדנונג, צום טאַקט פון דער מיליטערישער מוזיק, איז געווען עפּעס אַזאַ מאָדנע, אַז איך ווייס אַליין ניט פון וואָס פאַר אַ מין געפיהל מיר וואַרען דאַן איבערמעכטיגט, — וועהרענד די ערשטע מאָמענטען ווי מיר זיינען אַריין אין זאַאַל, — צו מיר האָבען זיך געפיהלט לייכטער דאַרום, וואָס מיר זיינען ניט אַריינגעצוואונגען געוואָרען אין אַן אונגעווינשטען קאַמפּף, אָדער מיר האָבען ווירקליך בעדויערט דעם פאַקט, וואָס דער צוזאַמענשטויס האָט ניט שטאַטגעפונען. דער מענש איז אַ זעהר קאָמפּליצירטע חיה.

אונזער הויפּט טהעטיגקייט איז יעדאָך געווען אויסצואַרבייטען די פּראַקטישע און טהעאָרעטישע אַנזיכטען פון אַנאַרכיסטישען סאָציאַליזמוס, און אין דיעזער ריכטונג האָט די זשוראַ פעדעראַציאָן זיכערליך אויפגעטהאָן פיעלעס, וואָס וועט דויערען אויף דיר דורות.

מיר האָבען געזעהן, אַז אַ נייע געזעלשאַפטס־פאָרמע שפּראָצט אַרויס צווישען די ציוויליזירטע נאַציאָנען, וועלכע וועט פערנעהמען דעם פלאַץ פון דער אַלטער פאָרמע: אַ געזעלשאַפט פון גלייכע מיטגליעדער, וועלכע וועלען ניט זיין געצוואונגען צו פערקויפען זייער קערפּער און זייער גייסט צו די וואָס גיבען זיי אַבי וועלכע אַרבייט; מענשען וועלכע וועלען קענען אָנווענדען זייערע קענטניסע און פעהיגקייטען אין דער פּראָדוקציאָן, אין אַן אָרגאַניזמוס וואָס וועט זיין אַזוי געבויט, אַז ער זאָל פעראייניגען אין זיך אַלע קרעפטען אום צו פערזאָרגען אַלעמען מיט דעם העכסט מעגליכען וואָהלזיין, און וואָס וועט אין דער זעלבער צייט בעוואַהרען פאַר'ן אינדיווידואום זיין פאָלשטענדיגע פרייהייט, זיין גאַנצע איניציאַטיווע. דיעזע געזעלשאַפט וועט בעשטעהן פון אַ מאַסע פעראיינען, פעדערירט פיר יעטוועדען צוועק וואָס פאָדערט פעדעראַציאָן: פאַך־פעדעראַציאָנען פאַר יעדען מין פּראָדוקציאָן, — אַגריקולטוריעלע, אינדוסטריעלע, אינטעלעקטועלע און אַרטיסטישע. קאָמונעס פאַר קאָנסומאַציאָן, בעזאָרגענדיג הייזער, גאַז־ווערקע, שפּייז־

מאַגאַזינען, געזונדהייטס איינריכטונגען, א. ז. וו.; פֿעדעראַציאָנען פֿון קאָמונעס צווישען זיך זעלבסט, און פֿעדעראַציאָנען פֿון קאָמונעס מיט פֿאַך־אָרגאַניזאַציאָנען; און ענדליך, ברייטערע גרופּען, אַרומנעהמענדיג דאָס גאַנצע לאַנד, אָדער עטליכע לענדער וועלכע זאָלען בעשטעהן פֿון מענער וואָס ווילען צוזאַמענאַרבייטען פֿאַר די צופֿריעדענשטעלונג פֿון אַזעלכע עקאָנאָמישע, אינטעלעקטועלע, אַרטיסטישע און מאָראַלע פֿאָדערונגען, וועלכע זיינען ניט בעשריינקט אויף אַ געוויסען פּלאַץ. דיזע אַלע וועלען זיך פֿער־אייניגען דירעקט, דורך פֿריוויליגע איינפֿערשטענדניסע צווישען זיך, פּונקט ווי די באַהן־קאָמפּאַניעס אָדער די פּאָסט־דעפּאַרטאַמענטען פֿון פערשיעדענע לענדער קאָאָפּערירען אַצונד, אָהן אַ צענטראַלע אייזענבאַהן אָדער אַ צענטראַלע פּאָסט רעגיערונג, — כאָטש ווען די ערשטע ווערען אָנגעפֿיהרט דורך איינפֿאַך עגאָאיסטישע ציעלען, און די לעצטע בעלאַנגען צו פֿערשיעדענע און אָפֿט אויך פֿיינדליכע שטאַאַטען; אָדער, ווי די מע־טעאָראָלאָגיסטען (די וועטער לעהרער), די אַלפּען קלובס, די רעטונגס־שיפֿלעך סטאַציאָנען אין גרויס בריטאַניען, די בייסיקעל־פֿאָהרער, די לעהרער, א. ז. וו., וועלכע פֿעראייניגען זיך פֿאַר אַלערליי געמיינשאַפֿטליכע אַרבייט, פֿאַר אינטעלעקטועלע צוועקען, אָדער איינפֿאַך פֿאַר פֿערגעניגען. עס וועט זיין פֿולע פֿרייהייט פֿאַר די ענטוויקלונג פֿון נייע פֿאָרמען פֿון פּראָדוקציאָן, ערפֿינדונג און אָרגאַניזאַציאָן; אינדיווידועלע איניציאַטיווע וועט ערמוטהיגט ווערען, און די נייגונג צו איינפֿעלטיגקייט און צענ־טראַליזאַציאָן וועט ענטמוטהיגט ווערען. נאָך מעהר, דיזע געזעלשאַפֿט וועט ניט פֿערשטיינערט ווערען אין געוויסע אונפֿערענדערבאַרע פֿאָרמען, זאָנדערען זי וועט אַדרבא, זיך האַלטען אין איין אומבייטען. דען זי וועט זיין אַ לעבעדיגער, ענטוויקלענדיגער אָרגאַניזמוס; קיינער וועט ניט פֿיהלען קיין נויטווענדיגקייט פֿאַר אַ רעגירונג, מחמת פֿרייע פֿעדעראַציאָן וועט פֿערנעהמען איהר פּלאַטץ אין אַלע מיני טהעטיגקייטען, וועלכע די רעגירונגען האַלטען צו יעצטיגער צייט פֿאַר זייערע, און ווייל די אורזאַכען פֿאַר מחלוקת וועלען דאַן זיין וויינינגער אין צאָהל, וועלען די יעניגע מחלוקת וואָס וועלען דאָך פֿאָרקומען לייכט אויסגעגליכען ווערען אָהן ספּעציעלע רעגירונגען.

קיינער פֿון אונז האָט ניט פֿערקלענערט די וויכטיגקייט און די גרויסקייט פֿון דער ענדערונג אויף וועלכע מיר האָבען געהאָפֿט. מיר האָבען פֿערשטאַנען, אַז די יעצטיגע עפֿענטליכע מיינונג מכח די הייליגקייט פֿון פּריוואַט־אייגענטהום אין לאַנד, פֿאַבריקען, מינען, הייזער, א. ז. וו., אַלס מיטעל פֿון אינדוסטריעלען פּראָגרעס און מכח דעם לוין־סיסטעם אַלס

מיטעל צו צווינגען די מענשען צו אַרבייטען, — אַז דיזע איינגעוואָרצעלטע מיינונגען וועלען ניט קענען אַזוי געשווינד אַבראַמען דעם וועג פאַר אַ העכערען בעגריף פון געמיינשאַפטליכע אייגענטהום און פּראָדוקציאָן. מיר האָבען געוואוסט, אַז מי וועט מוזען דורכלעבען אַ לאַנגווייליגע פּראָפּאַגאַנדאַ און אַ לאַנגע רייהע קעמפּפע, אינדיווידועלע זעלבסטאָפּפערונג, אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע בונטען געגען די יעצט הערשענדע פאָרמען פון אייגענטהום; אַז מי וועט מוזען מאַכען שוואַכע פּראָבען איבערצובויען די געזעלשאַפט און קליינע רעוואָלוציאָנען, איידער די היינטיגע אידעען פון אייגענטהום וועלען קענען אומגעענדערט ווערען. און מיר האָבען אויך געוואוסט, אַז דער הערשענדער גלויבען אין אויטאָריטעט — אין וועלכען מיר אַלע זיינען אויפגעהאָדעוועט געוואָרען — וועט ניט און קען ניט אָבגעשאַפט ווערען אין דער ציוויליזירטער מענשהייט מיט איין קלאַפּ. עס וועלען נויטיג זיין לאַנגע יאָהרען פון פּראָפּאַגאַנדאַ און אַן אונגעהייערע מאַסע פון קליינע רעוואָלטען געגען די אויטאָריטעט, ווי אויך אַ פאָל־שטענדיגע רעוויזיאָן פון די לעהרען וואָס ווערען איצט געשעפּט פון דער היסטאָריע, איידער מענשען וועלען קענען בעגרייפען, אַז זיי האָבען געלעבט אין טעות, צושרייבענדיג צו די געזעצגעבער און זייערע געזעצע דאָס וואָס איז אין דערווירקליכקייט אַרויסגעקומען פון זייערע אייגענע געזעלשאַפטליכע געפיהלען און מנהגים. מיר האָבען אַלעס דאָס געוואוסט, אַז פריידיגענדיג רעפאָרם אין דיזע ביידע ריכטונגען, וועלען מיר אַרבייטען צוזאַמען מיט'ן שטראָם פון מענשליכען פּראָגרעס.

ווען איך האָב מיך אַ ביסעל נעהנטער בעקענט מיט דער אַרבייטער־בעפעלקערונג און זייערע סימפּאַטיזירער פון דעם מעהר געבילדעטען קלאַס מענשען, האָב איך גלייך אויסגעפונען, אַז זיי האָבען געשעצט זייער פּער־זענליכע פרייהייט פיעל העכער, ווי זייער פּערזענליכען וואָהל זיין. מיט פופציג יאָהר צוריק, וואַרען די אַרבייטער בערייט צו פערקויפען זייער פּערזענליכע פרייהייט צו יעדען הערשער, און אפילו צו אַ צעזאַר, אַבי מי זאָל זיי צוזאָגען גענוג ברויט און אַנדערע מאַטעריעלע בעדירפניסע; אָבער איצט ניט מעהר. איך האָב בעמערקט, אַז דער בלינדער גלויבען אין ערוועהלטע רעגירער, אפילו ווען זיי זיינען גענומען געוואָרען פון צווישען די בעסטע פיהרער פון דער אַרבייטער־בעוועגונג, האָט געהאַלטען אין אויסשטאַרבען ביי'ן אַרבייטער פון די לאַטייניש לענדער. „מיר מוזען אַ פריהער וויסען וואָס מיר ווילען, און דאַן קענען מיר עס ערשט רעכט אַליין טהאָן אַם בעסטען", וואַר די אידעע וועלכע איך האָב געפונען פערשפּרייט צווישען זיי וויים און ברייט, — מעהר ווי מי קאָן זיך פאָר־

שטעלען. דער זאַץ וועלכער איז אַריינגעשטעלט געוואָרען אין דער קאָנ־סטיטוציאָן פון׳ם אינטערנאַציאָנאַל, „די בעפרייאונג פון די אַרבייטער מוז זיין די זאַכע פון די אַרבייטער זעלבסט“, איז בעגעגענט געוואָרען מיט אַלגעמיינער סימפּאַטיע, און האָט זיך טיעף איינגעוואָרצעלט אין די מענשליכע מוחות. די טרויעריגע ערפאַהרונג פון דער פאַריזער קאָמונע האָט דאָס נאָך מעהר פערפעסטיגט.

ווען דער אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכען, איז אַ בעדייטענדע צאָהל מענשען פון דער מיטעל־קלאַס גופא געשטאַנען בערייט צו מאַכען, אָדער וועניגסטענס אָנצונעהמען אַ נייעם אָנהויב אין דער סאָציאַלער ריכטונג. „ווען מיין ברודער און איך, אַרויסקומענדיג פון אונזער קליינעם חדר׳ל, זיינען אַרויס אין גאַס“, האָט מיר עליזעע רעקלו איין מאָל דער־צעהלט, האָבען אונז די רייכערע קלאַס מענשען פון אַלע זייטען געפרעגט: „זאָגט אונז וואָס מי זאָל אָנהויבען צו טהאָן. מיר זיינען בערייט צו פּראָבירען מאַכען אַ נייעם אָנהויב! אָבער מיר זיינען דאַן נאָך גיט געווען פערטיג צו מאַכען די פּלענער“.

נאָך קיינמאָל איז אַ רעגירונג געווען אַזוי עהרליך רעפּרעזענטירט פון אַלע פאָרטגעשריטענע פּאַרטייען ווי די רעגירונג פון דער קאָמונע, וועלכע וואַר ערוועהלט דעם 25־טען מערץ 1871. אַלע שאַטירונגען פון רעוואָלוציאָנערע אידעען — בלאַנקיסטען, יאַקאָביניסטען, אינטערנאַציאָנאַ־ליסטען — זיינען דאָרט געווען פערטרעטען אין פּינקטליכער מאָס. און פון דעסטוועגען אַזוי ווי די אַרבייטער גופא האָבען ניט געהאַט קיין בעשטימטע אידעען פון סאָציאַלע רעפאָרמען, האָט די קאָמונע־רעגירונג אויך גאָר ניט אויפגעטהאָן אין דיזער ריכטונג. שוין דער פאַקט וואָס זיי וואַרען אָבגעזונדערט פון די מאַסען און אָבגעשלאָסען אין׳ם ראַטהויז, האָט זיי פּאַראַליזירט. אום דעם סאָציאַליזמוס צו פערווירקליכען, מוזען נויטווענ־דיגערוייזע געפּרעדיגט ווערען די אידעען פון ניט־רעגירונג, פון זעלבסט־בעוואוסטזיין, פון פרייע איניציאַטיווע פון׳ם אינדיווידואום, — מיט איין וואָרט, פון אַנאַרכיזמוס, — צוזאַמען מיט די אידעען פון געזעלשאַפטליכען אייגענטהום און פּראָדוקציאָן.

מיר האָבען נאַטירליך פאָראויסגעזעהן, אַז ווען יעטוועדען מענשען בעזונדער וועט געגעבען ווערען די פולע פרייהייט אויסצושפּרעכען זיינע אידעען און צו טהאָן וואָס זיין האַרץ גלוסט, וועט מען אונזערע פּרינציפּען שטאַרק מגזם זיין. איך האָב דאָס בייגעוואוינט אין דער ניהיליסטישער בעוועגונג אין רוסלאַנד. אָבער מיר האָבען געגלויבט — און די ערפאַהרונג האָט געוויזען, אַז מיר האָבען געהאַט רעכט — אַז דער געזעלשאַפטליכער

לעבען גופא, אונטערשטיצט פֿון אַן אָפּענהערציגע, פֿרייע קריטיק פֿון מיינונגען און האַנדלונגען, וועט זיין דער בעסטער מיטעל אויסצודרעשען די פֿערשיעדענע אידעען און זיי צו בעשיצען פֿון די אונפֿערמיידליכע נוזמאות. מיר האָבען, אין פֿאַקט, געהאַנדעלט לויט נאָך׳ן אַלטען ווערטעל, אַז פֿרייהייט בלייבט דאָך די קליגסטע רפואה פֿאַר פֿרייהייט׳ס מאָמענטאַנע זועהען. אין דער מענשהייט ליגט טיעף איינגעוואָרצעלט אַ געזעלשאַפֿטליכער אינסטינקט — אַ ירושה פֿון דער פֿערגאַנגענהייט, וועלכער איז נאָך ניט גענוג געשעצט, און וועלכער ווערט ניט אויפֿגעהאַלטען דורך צוואַנג און שטעהט העכער ווי דער צוואַנג. אויף דיעזען אינסטינקט איז געגרינדעט דער גאַנצער מענשליכער פּראָגרעס, און כל זמן די מענשהייט וועט ניט אָנהויבען צו געהן ריקווערטס — פֿיזיש און גייסטיג, וועט ער ניט קענען פֿערניכטעט ווערען, ווי פֿיעל מי זאָל איהם ניט קריטיקירען אָדער בעקעמפֿפֿען. דאָס זיינען געווען די מיינונגען וועלכע זיינען געוואָרען פֿעסטער און פֿעסטער, וואָס גרעסער עס איז געוואָרען מיין ערפֿאַהרונג אין מענשען און געגענשטענדע.

מיר האָבען אין דער זעלבער צייט אויך פֿערשטאַנען, אַז אַזאַ ענדערונג קען ניט פּראָדוצירט ווערען דורך די נביאות פֿון איין איינציגען געניוס, אַז עס וועט ניט זיין איין מענשענס ענטדעקונג, זאָנדערען, אַז דאָס מוז קומען פֿון דער אויפֿבליהענדער אַרבייט פֿון די מאַסען, פּונקט ווי די פֿאָרמען פֿון די געזעצע וועלכע זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען פֿון פֿאָלק גופא, אין אָנהויב פֿון דעם מיטעל־אַלטער פֿון דער דאָרף׳ס־קאָמונע, דעם צעך, די מיטעלאַלטערליכע שטאָדט, און וועלכע האָבען געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿון אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ.

בעפֿאָר אונז האָבען שוין אַסך מענשען זיך אונטערנומען צו שיל־דערען אַן אידעאַלע רעפּובליק, זי בעגרינדענדיג מאַנבעסמאָל אויף׳ן פּרינציפּ פֿון פֿרייהייט. ראָבערט אָווען און פֿוריער האָבען געגעבען דער וועלט זייערע אידעאַלען פֿון אַ פֿרייער, זיך אָרגאַניש ענטוויקלענדער געזעלשאַפֿט, אין געגענזאַץ צו די פּיראַמידאַלע, פֿעסט־געמויערטע אידעאַלען, וועלכע זיינען קאָפּירט פֿון דער רוימישע קירכע. פּרודהאָן האָט פֿאָרטגעזעצט די אַרבייט פֿון אָווען און פֿוריער, און באַקונין, אָנווענדענדיג זיין ברייטע און קלאָהרע קענטנים פֿון דער פֿילאָזאָפֿיע פֿון היסטאָריע אויף דער קריטיק פֿון די יעצטיגע אינסטיטוציאָנען, „האָט אויפֿגעבויט אין דער זעלבער צייט ווען ער האָט אומגעוואָרפֿען״. אָבער דאָס אַלעס איז בלויז געווען אַן הכנה צו דער הויפּט־אַרבייט.

די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער אַסאָסיאַציאָן האָט ענטדעקט אַ

נייע מעטהאָדע ווי אַזוי צו לייזען די פֿראַגען פֿון פראַקטישער סאָציאַלאָגיע, נעמליך: זיך ווענדענדיג צו די אַרבייטער גופא. די געבילדעטע מענשען וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דעם אינטערנאַציאָנאַל, האָבען זיך בלויז אונטערנומען אויפֿצוקלעהרען די אַרבייטער אין אַלעם דעם וואָס ס'געהט פֿאָר אין פֿערשיעדענע לענדער אין דער וועלט, צו אַנאַליזירען די רעזולטאַטען, און שפּעטער, אויך צו־צוהעלפֿען זיי צו פֿאָרמולירען זייערע שליעסע. מיר האָבען ניט פּרובירט צוזאַמענצושטעלען אַן אידעאַלע רעפּובליק פֿון אונזערע טהעאָרעטישע אנשויאונגען וואָס אַ געזעלשאַפֿט האָט געדאַרפֿט זיין, זאָנדערן מיר האָבען איינגעלאַדען די אַרבייטער זיי זאָלען אויספֿאָרשען די אורזאַכען פֿון די איצטיגע איבלען, און אין זייערע דיסקוסיאָנען און קאָנגרעסען צו נעהמען אין אַכט די פּראַקטישע זייט פֿון אַ בעסערע סאָציאַלע אָרגאַניזאַציאָן, ווי די אין וועלכע מיר לעבען. אַ פֿראַגע, וועלכע איז אויפֿגעהויבען געוואָרען אויף אַן אינטערנאַציאָנאלען קאָנגרעס איז רעקאָמאַנדירט געוואָרען אַלס אַ טהעמאַ פֿאַר אַלע אַרבייטער־יוניאָנס צו שטודירען. אין פֿערלויף פֿון אַ יאָהר איז זי דיסקוטירט געוואָרען איבער גאַנץ אייראָפּאַ, אויף די קליינע פֿערזאַמלונגען פֿון די סעקציאָנען, מיט אַ פֿולער קענטניס פֿון די לאָקאַלע בעדירפֿניסע פֿון יעדען טרייד און יעדער געגענד; דאַן איז די אַרבייט פֿון די סעקציאָנען געבראַכט געוואָרען פֿאַרן נעכסטען קאָנגרעס פֿון יעדער פֿעדעראַציאָן, און ענדליך איז זי פֿאָרגעלייגט געוואָרען אין אַ מעהר אויסגעאַרבייטען פֿאָרמאַט פֿאַר'ן אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס. אַזוי אַרום איז אויגעאַרבייט געוואָרען דער בנין פֿון דער געזעלשאַפֿט נאָך וועלכען מיר האָבען געגאַרט, אין טהעאָריע און אין פּראַקטיק, פֿון אונטען אַרויף, און די זשוראַ פֿעדעראַציאָן האָט גענומען אַ גרויסען אַנטהייל אין דעם אויסאַרבייטען פֿון'ם אַנאַרכיסטישען אידעאַל.

וואָס מיך זעלבסט אַנבעלאַנגט, זייענדיג געשטעלט אין אַזעלכע גינסטיגע אומשטענדען, האָב איך ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו בעגרייפֿען, אַז אַנאַרכיזמוס בעדייטעט מעהר ווי אַ בלויזע מעטהאָדע, אַ בלויזער בעגריף פֿון אַ פֿרייער געזעלשאַפֿט; אַז דאָס איז אַ טהייל פֿון אַ פֿילאָזאָפֿיע, אַ נאַטירליכע און סאָציאַלע, וועלכע מוז ענטוויקעלט ווערען אויף אַ גאַנץ אַנדער אופֿן, ווי די מעטאַפֿיזישע אָדער דיאַלעקטישע מעטהאָדען, וועלכע זיינען געברויכט געוואָרען אין וויסענשאַפֿטען וואָס פֿערנעהמען זיך מיט'ן שטודיום פֿון'ם מענשען; איך האָב געזעהן, אַז דאָס מוז בעהאַנדעלט ווערען דורך די זעלבע מעטהאָדען ווי די נאַטורוויסענשאַפֿטען; ניט, יעדאָך, אויף'ן גליטשיגען גרונד פֿון בלויזע פֿערגלייכונגען, אַזעלכע, למשל, ווי

הערבערט ספּענסער מאַכט, נאָר אויף דעם פּעסטען באָדען פון אינדוקציאָן אָנגעווענדעט אויף מענשליכע אינסטיטוציאָנען. און איך האָב געטהאָן אַלעס וואָס איך האָב געקענט עטוואָס אויפצוטהאָן אין דיעזער ריכטונג.

אין יאָהר 1877, אין הערבסט, זיינען צוויי קאָנגרעסען אָבגעהאַלטען געוואָרען אין בעלגיען: איינער פון די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער אַסאָסיאַציאָן אין ווערוויע, און דער צווייטער — אַן אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס אין גענט. דער לעצטער איז געווען בעזאָנדערס וויכטיג, ווייל עס איז געווען בעקאַנט, דאָס די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען ווילען מאַכען אַ פּרובירונג צו ברייננגען די גאַנצע אַרבייטער־בעוועגונג פון איוראָפּאַ אונטער איין אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע זאָל זיין אונטערוואָרפען און געלייטעט פון אַ צענטראַלען קאָמיטעט, וואָס דאָס וואָלט געווען דער אַלטער גענעראַל־ראַטה פון אינטערנאַציאָנאַל אונטער אַ נייעם נאָמען. עס איז דאַרום געווען זעהר וויכטיג צו זעהן מיט אַלע קרעפטען אויפצוהאַלטען די אונאַבהענגיגקייט פון די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען אין די לאַטייניש לענדער, און מיר האָבען געטהאָן אונזער בעסט צו זיין גוט רעפּרעזענטירט אויף דיעזען קאָנגרעס. איך בין דאָרט געווען אונטער דעם נאָמען לעוואַשאָף. צוויי דייטשען זיינען כמעט די גאַנצע שטרעקע פון באַזעל ביז גענט געגאַנגען צו פוס, און כאָטש מיר זיינען געווען בלויז ניין אַנאַרכיסטען, דאָך איז עס אונז געלונגען ניט צו־צולאָזען די אויספיהרונג פון דעם צענטראַליזאַציאָנס־פּלאַן. באַלד אַ פערטעל יאָהרהונדערט איז שוין אַוועק זייט יענעם קאָנגרעס. פיעלע אַנדערע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסען זיינען זייט דאַן אָבגעהאַלטען געוואָרען, און אויף יעדער איינעם פון זיי איז ווידערהאָלט געוואָרען דער זעלבער קאַמפּף — די סאָציאַל־דעמאָקראַטען אַרבייטענדיג מיט אַלע קרעפטען צו ברייננגען די גאַנצע אַרבייטער־בעוועגונג פון איוראָפּאַ אונטער זייער פאָהן, אונטער זייער קאָנטראָלע, וועהרענד די אַנאַרכיסטען זיינען אימער זיי געווען דאַגעגען און אימער געשטערט זיי אין די אויספיהרונג פון דיעזען פּלאַן.

וויפיעל קראַפט געהט עס אין ניוועץ, וויפיעל ביטערע ווערטער ווערען עס געברויכט נאָר דערפאַר, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וועלכע האָבען אָנגענומען די פאָרמולע, אַז „מי מוז אַריינכאַפּען די מאַכט פון די עקזיסטירענדע רעגיערונגען אין אייגענע הענד", פערשטעהען ניט, אַז אַזאַ מין טהעטיגקייט קען ניט אַרומנעהמען די גאַנצע סאָציאַליסטישע בעוועגונג! פון אָנהויב אָן האָט דער סאָציאַליזמוס זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען אין דריי אונאַבהענגיגע ריכטונגען, וועלכע זיינען געווען רעפּרעזענטירט פון סען סימאָן, פוריער, און ראָבערט אָווען. דער סען סימאָניזמוס האָט זיך

ענטוויקעלט אין סאָציאַל־דעמאָקראַטיזמוס, דער פּוריעריזמוס אין אַנאַרכיז־מוס; וועהרענד דער אָוועניזמוס ענטוויקעלט זיך אין ענגלאַנד און אַמעריקאַ, אין טרייד יוניאָניזמוס, קאָאָפּעראַציאָן, און אין׳ם זאָגענאַנטען מיוניסיפּאַל־סאָציאַליזמוס, בלייבענדיג פּיינדליך געגענאיבער דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען שטאַאַט־סאָציאַליזמוס און מעהר געניינט צום אַנאַרכיזמוס. נאָר ווייל מי אַנערקענט ניט אַז אַלע דריי בעוועגונגען געהען צום זעלבען געמיינשאַפּטליכען ציעל אויף דריי פּערשיעדענע וועגען, און אַז אויך דער פּוריעריזמוס און אָוועניזמוס שטייערען ביי זייער קאָסטבאַרען חלק צום מענשליכען פּראָגרעס, איז אַוועק אַ פּערטעל יאָהרהונדערט, אין וועלכען די סאָציאַל דעמאָקראַטען ווילען ניט אַנדערש ווי פּערוווירקליכען די אונמעגליכע אוטאָפּיע איינצופּיהרען איבעראַל אַ מאָדנע אַרבייטער בעוועגונג וואָס מוז ווילענדיג, ניט ווילענדיג טאַנצען נאָך דער סאָץ. דעמאָקראַטישער דודקע.

דער גאַנצער קאָנגרעס האָט זיך פּאַר מיר געענדיגט גאַנץ אונער־וואַרטעט. דריי, פּיער טאָג נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אָנגעהויבען, האָט די בעלגישע פּאָליציי אויסגעפּונען, ווער לעוואַשאָף איז, און האָט געקראָגען דעם בעפּעהל מיך צו אַרעסטירען פּאַר דעם גרויסען פּערברעכען וואָס איך בין בעגאַנגען דערמיט וואָס איך האָב אָנגעגעבען א פּאַלשען נאָמען אין האָטעל. מיינע בעלגישע פּריינד האָבען מיך געוואָרענט. זיי וואַרען איבערצייגט, אַז דער קלעריקאַלישער מיניסטעריום, וועלכער האָט דאַמאָלס געהאַלטען די רעגירונג אין זיינע הענד, וועט מיך זיכער איבערגעבען צו רוסלאַנד; זיי האָבען דאַרום פּון מיר געפּאָדערט איך זאָל גלייך פּערלאָזען דעם קאָנגרעס. זיי האָבען מיר צומאָהל ניט געלאָזען צוריק געהן אין האָטעל. גיליאָם האָט מיר פּערשטעלט די וועג, מיך סטראַשענדיג אַז ער וועט מיך ניט לאָזען דורכגעהן, סיידען איך וועל געברויכען פּיזישע קראַפּט געגען איהם, אויב איך וויל ניט אַנדערש צוריקגעהען אין האָטעל אַריין. איך בין אַוועק מיט עטליכע געגנטער קאַמעראַדען, און קוים זיינען מיר זיך צוזאַמענגעקומען האָבען זיך געלאָזט הערען פּערשטיקטע געשרייען און פּייפּערייען פּון אַלע זייטען פּון אַ פּינסטערען פּלאַץ, וואו עס האָבען זיך געפּונען גרופּען אַרבייטער. דאָס אַלעס האָט אויסגעזעהן עפּעס ניט גלאַט. ענדליך נאָך פּיעל שושקענען און שטילע פּייפּערייען, האָט מיך אַ גרופּע גענאָסען בעגלייטעט צו אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישען אַרבייטער, ביי וועלכען איך האָב פּערבראַכט די נאַכט, און וועלכער האָט מיך עמפּפּאַנגען, אַנאַרכיסט וואָס איך וואַר, מיט אָפּענע אָרעמס, ווי דעם געטרייסטען ברודער. אויף מאָרגען אין דער פּריה בין איך ווידער אַמאָל אָבגעפּאָהרען קיין ענגלאַנד.

אין לאנדאן בין איך לאנג ניט פערבליבען. אין דער פראכטפאָלער קאָלעקציאָן פון דעם ברריטישען מוזעאום האָב איך שטודירט דעם אנפאנג פון דער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן, — אָבער איך האָב געזוכט מעהר טהעטיגקייט, און איך בין שנעל אַוועק קיין פאַריז. די בעוועגונג האָט דאַן גראַדע אויף דאָס ניי אויפגעלעבט, נאָך די שרעקליכע אונטערדריקונגען פון דער קאָמונע. מיט דעם איטאַליענער קאָסטאַ און עטליכע אַנאַרכיסטישע פריינד וואָס מיר האָבען געהאַט צווישען די פאַריזער אַרבייטער, און מיט זשול געד און זיינע גענאָסען, וועלכע זיינען דאַמאָלס ניט געווען קיין שטריינגע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, האָבען מיר אָרגאַניזירט די ערשטע סאָציאַליסטישע גרופען.

אונזער אָנהויב איז געווען לעכערליך קליין. אַ האַלב דוצען שטאַרק האָבען מיר זיך געפלעגט צו פערזאַמלען אין קאַפע־הייזער, און ווען מי־ האָבען געהאַט אַ פובליקום פון וועלכע הונדערט מענשען האָבען מיר זיך געפיהלט גליקליך. קיינער וואָלט זיך דאַמאָלסט ניט פאָרגעשטעלט, אַז אין צוויי יאָהר שפּעטער וועט די בעוועגונג זיין אין פולען גאַנג. אָבער פראַנקרייך האָט זיך איהר אייגענעם שניט אין איהר ענטוויקלונג. ווען די רעאַקציאָן האָט די אויבערהאַנד, פערשווינדעט דער לעצטער שפור פון יעטוועדער בעוועגונג. די, וואָס קעמפפען געגען דעם שטראָם, זיינען ווענינ! אָבער עפּעס פלוצלינג, ווי פון אונטער דער ערד, דורך אַ מין אונזעהבאַרע דורכלייטערונג פון אידעען, ווערט די רעאַקציאָן אונטערגעמינעט; אַ נייער שטראָם לאָזט זיך אַריין, און דאַן שטעלט עס זיך אַרויס, גאַנץ אונער־וואַרטעט, אַז די אידעע וועלכע מי האָט געהאַלטען פאַר טויט, האָט גאָר תמיד געלעבט, האָט זיך פערשפּרייט און איז געוואַקסען די גאַנצע צייט; און אַזוי שנעל ווי ס'איז מעגליך עפענטליך צו אַגיטירען, טרעטען אַרויס אין פראָנט טויזענדער אַנהענגער פון וועמעס עקזיסטענץ קיינער האָט ניט אָנגעהויבען צו טרוימען. „אין פאַריז זיינען דאָ", האָט דער אַלטער בלאַנקי געפלעגט צו זאָגען, „פופציג טויזענד מענשען, וועלכע קומען קיין מאָל ניט צו קיין מיטינג אָדער צו אַ דעמאָנסטראַציאָן; אָבער אין דער רגע ווען זיי פיהלען אַז דאָס פאָלק קען אַרויס אויף'ן גאַס און אָפען אַרויסווייזען זיין מיינונג, זיינען זיי תמיד אויף'ן פלאַץ צו שטורמען די פאָזיציאָן". אַזוי איז עס דאַמאָלס געווען. עס זיינען ניט געווען קיין צוואַנציג גענאָסען אָנצופיהרען די בעוועגונג, קיינע צוויי הונדערט זיי צו שטיצען. ביי דעם ערשטען קאָמונע פייער, אין מערץ 1878, זיינען מיר זיכערליך קיין צווייהונדערט ניט געווען, אָבער מיט צוויי יאָהר שפּעטער האָט די רעגירונג געמוזט אַרויסלאָזען אַן אַלגעמיינע בעגנאַדיגונג פיר די קאָמונע,

און די אַרבייטענדע בעפֿעלקערונג פֿון פּאַריז האָט אָנגעפּאַקט די גאַסען צו בעגריסען די צוריקקומענדע קאָמונאַרען; טוויזענדער האָבען זיך פֿער־זאַמעלט און זיי אָפּלאָדירט ביי די מיטינגען, און די סאָציאַליסטישע בעוועגונג האָט פּלוצלינג אויפֿגעוואַכט, און האָט מיט איהר שטראָם אַוועקגעטראָגען די ראַדיקאַלען גופא.

דאָך איז דיזע ערוואַכונג נאָך געווען פּריהצייטיג: אין איין נאַכט אין אַפּריל 1873, זיינען קאָסטאַ און אַ פֿראַנצויזישער גענאָסע אַרעטירט געוואָרען. אַ פּאָליציי־געריכט האָט זיי פֿעראורטהיילט אַלס אינטערנאַציאָנאַ־ליסטען צו אַכטצעהן מאָנאַט קערקער. איך האָב מיך אויסגעדרעהט פֿון דער פּאָליציי נאָר צוליעב אַ טעות. זי האָט געזוכט לעוואַשאָף'ען, און איז אַוועק אַרעטירען אַ רוסישען סטודענט וועמעס נאָמען איז געווען עהנליך צו מיינעם. איך האָב אָנגעגעבען מיין אמת'ן נאָמען, און בין געבליעבען אין פּאַריז אונטער דיזען נאָמען נאָך אַ מאָנאַט. דאַן בין איך גערופֿען געוואָרען נאָך די שווייץ.

אין פּאַריז בין איך בעקאַנט געוואָרען מיט טורגעניעוו'ן, ער האָט אויסגעדריקט זיין וואונש צו פּעטער לאַווראָוו'ן, אונזער ביידענס פֿריינד, מיך צו זעהן, און אַלס אַן אמת'ער רוסע צו פֿייערען מיין אַנטלויפֿען מיט אַן איינפֿאַכען פֿריינדליכען מיטאָג. איך בין אַריבער די שוועל פֿון זיין צימער מיט אַ געפֿיהל פֿון גרויסער פֿערעהרונג. אויב מיט זיין בעריהמטען בוך „זאַפּיסקי אָכאָטניקאַ" האָט ער אויפֿגעטהאָן דאָס וואָס ער האָט געמאַכט די פּאַנשצינאַ פֿערעכטליך און לעכערליך (צו יענער צייט האָב איך נאָך ניט געוואוסט, אַז ער האָט גענומען אַ שטאַרקען אַנטהייל אין הערצענס מעכ־טיגען „קאָלאָקאָל") האָט ער אָבער ניט וויינינגער געלייסטעט דורך זיינע שפּעטערע ראָמאַנען, ער האָט געוויזען, וואָס די רוסישע פֿרוי איז; וואָס פֿאַר אַ אוצרות פֿון גייסט און האַרץ זי בעזיצט; וואָס זי קען זיין אַלס בעגייסטערער פֿאַר'ן מאַן, און ער האָט אונז געלערענט ווי אַזוי מענער, וועלכע שטעהען ווירקליך העכער, קוקען אויף פֿרויען, ווי אַזוי זיי ליעבען. אויף מיר און אויף טויזענדער אַנדערע פֿון מיינע צייט־גענאָסען האָט דיזער טהייל פֿון זיין לעהרע געלאָזען אַן אייביגען איינדרוק, אַן איינדרוק, וועלכער האָט פֿיעל מעכטיגער געווירקט ווי די בעסטע אַרטיקלען איבער פֿרויען־רעכטע.

דער אויסזעהן פֿון טורגעניעוו איז גוט בעקאַנט: הויך, שטאַרק געבויט, דער קאָפּ בעדעקט מיט ווייכע און געדיכטע גרויע האָר — ער האָט ווירקליך אויסגעזעהן זעהר שעהן, זיינע אויגען האָבען געבלישטשעט מיט אינטעליגענץ, אין וועלכע עס האָט זיך אויך אָבגעשפּיגעלט אַ שפּור

פֿון הומאָר, און זיין גאַנצער בענעהמען האָט בעצייכענט די איינפֿאַכקייט און אָפֿענקייט, וועלכע זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש ביי די בעסטע רוסישע שרייבער. זיין פֿיינער קאָפּ האָט אָנגעדייטעט אויף אַן אונגעהייערע ענטוויקלונג פֿון געהירען־קראַפֿט, און ווען ער איז געשטאָרבען און פּאול בערט מיט פּאול רעקליו (דער כירורג) האָבען געוואויגען זיין געהירען, האָט ער אַזוי פֿיעל איבערשטיגען דעם שווערסטען געהירען פֿון וועלכען מען האָט ביז דאַמאַלס געוואוסט — נעמליך קאָוויער׳ס — וועגענדיג איבער 66 אונצען, אַז זיי האָבען ניט געגלויבט זייערע אייגענע וואָג־שאָלען; זיי האָבען געקראָגען אַ נייע וואָג עקסטראַ דאָס נאָכאַמאָל צו וועגען.

זיין געשפּרעך איז געווען בעזאָנדערס מערקווירדיג: ער האָט גערעדט פּונקט ווי ער האָט געשריעבען — אין בילדער — ווען ער האָט געוואָלט ענטוויקלען אַ אידעע, האָט ער זיך ניט בענוצט מיט אַרגומענטען, כאָטש ער איז געווען אַ מייסטער אין פֿילאָזאָפֿישע דיסקוסיאָנען. ער האָט איליוסטרירט זיין אידעע דורך אַ סצענע, וועלכע ער האָט געשילדערט אין אַזאַ פּראַכטפֿאָלע פֿאָרמע, פּונקט ווי זי וואָלט געווען אַרויסגענומען פֿון אַ ראָמאַן זיינעם.

„איהר האָט געמוזט האָבען אַ מאַסע ערפֿאַהרונג אין אייער לעבען צווישען פֿראַנצויזען, דייטשען און אַנדערע פֿעלקער — האָט ער זיך איין מאָל אָבגערופֿען צו מיר. — האָט איהר נישט בעמערקט אַז עס געפֿינט זיך אַ טיעפֿער תהום צווישען אַסך פֿון זייערע בעגריפֿע און די מיינונגען וועלכע מיר, רוסען, האָבען איבער די זעלבע זאַכען — אַז עס זיינען פֿאַראַן פּונקטען אין וועלכע מיר קענען קיינמאָל ניט איינשטימען?"

איך האָב איהם געענטפֿערט, אַז איך האָב אַזעלכע פּונקטען נישט בעמערקט.

„יאָ, עס זיינען דאָ אַזעלכע. אָט האָט איהר איינעם: איין אָבענד זיינען מיר געווען צוזאַמען ביי דער ערשטער פֿאָרשטעלונג פֿון אַ נייער פּיעסע. איך בין געזעסען אין אַ לאָזשע מיט פֿלאָבער, דאָדע און זאָלאַ; אַלע וואַרען מענער מיט פֿאָרטגעשריטענע אידעען; דער סוזשעט פֿון דעם שטיק איז געווען פֿאָלגענדער: אַ פֿרוי האָט זיך געגט מיט׳ן מאַן, זי האָט ליעב געקראָגען אַן אַנדערען און האָט מיט איהם חתונה געהאַט. דיעזער מאַן ווערט אין דעם שטיק געשילדערט אַלס אַן אויסגעצייכענטער מענש. יאָהרען לאַנג איז די פּאָר געווען גליקליך, איהרע צוויי קינדער — אַ מיידעל און אַ אינגעל — זיינען געווען זויגלינגע בעת דעם גט. איצט זיינען זיי שוין געוועזען אויפֿגעוואַקסען און דורך די גאַנצע צייט האָבען זיי געהאַלטען זייער שטיעף־פֿאָטער פֿאַר זייער אמת׳ן פֿאָטער. די מיידעל

איז געווען אַרום 18 און דער אינגעל אַרום 17 יאָהר. דער מאַן האָט זיי בעהאַנדעלט כמעט ווי אַ פֿאָטער: זיי האָבען איהם געליעבט און ער האָט זיי געליעבט. די סצענע שטעלט פֿאָר די פֿאַמיליע זיצענדיג צוזאַמען ביים פֿריהשטיק. די מיידעל קומט אַריין און געהט גלייך צו צו איהר כלומרשט'-דיגען פֿאָטער און ער געהט איהר אַ קוש טהאָן, אָבער דער אינגעל, וועלכער האָט געהאַט ווי עס איז אויסגעפֿונען דעם אמת, שפּרינגט אַרויס און גיט אַ געשריי: וואָס טהוסטו?

„דיעזער אויסגעשריי האָט אויפֿגעשטורעמט דעם טהעאַטער. די אַפּלאָדיסמענטען זיינען געווען משוגע-ווילד. פֿלאַבער און די אַנדערע האָבען אויך אַפּלאָדירט. מיך האָט עס אָבגעעקעלט.

„וואָס הייסט? — האָב איך זיך אָבגערופֿען — דיעזע פֿאַמיליע איז געווען גליקליך. דער מאַן איז געווען אַ בעסערער פֿאָטער צו די קינ-דער ווי דער אמת'ער פֿאָטער זייערער... זייער מוטער האָט איהם געליעבט און איז געווען גליקליך מיט איהם... דיעזען וויסען-חברה'ניק האָט מען איינפֿאַך געדאַרפֿט אָבשמייסען פֿאַר וואָס ער האָט אויסגעזאָגט... עס האָט ניט געהאָלפֿען. איך האָב מיט זיי דיסקוטירט שטונדען-לאַנג און זיי האָבען מיך בשום אופן ניט פֿערשטאַנען."

פֿערשטעהט זיך אַז איך בין געוועזען פֿאָלשטענדיג איינפֿערשטאַנדען מיט טורגעניעוו'ס מיינונג. איך האָב איהם פֿון דעסטוועגען אויפֿמערקזאַם געמאַכט, אַז זיינע בעקאַנטע זיינען געוועזען מייסטענטהיילס פֿון דער מיטעל-קלאַסע. דאָרט איז ווירקליך דער אונטערשיעד צווישען איין נאַציאָן און דער אַנדערער אונגעהייער, אָבער מיינע בעקאַנטע זיינען געוועזען אויסשליסליך אַרבייטער, און צווישען זיי איז יאָ דאָ אַ גרויסע עהנליכקייט, בעזאָנדערס צווישען די פּויערים פֿון די פֿערשיעדענע נאַציאָנען. אין דעם האָב איך אָבער געהאַט אַ גרויסען טעות. נאָכדעם ווי איך האָב געהאַט די געלעגענהייט נעהנטער בעקאַנט צו ווערען מיט די פֿראַנצויזישע אַרבייטער, איז מיר די ריכטיגקייט פֿון טורגעניעוו'ס בעמערקונג אָפֿט געקומען אויף'ן געדאַנקען. עס איז ווירקליך פֿאַראַנען אַ טיעפֿער אָבגרונד צווישען דעם רוסישען בעגריף פֿון הייראַטס-פֿערהעלטניסע און דעם בעגריף וואָס הערשט אין פֿראַנקרייך ביי די אַרבייטער עבען אַזוי גוט ווי ביי דעם מיטעלען קלאַס מענשען, און אין פֿיעלע אַנדערע זאַכען געפֿינט איהר דעם זעלבען אונטערשיעד צווישען די רוסישע אַנשויאונג און די אַנשויאונג פֿון אַנדערע נאַציאָנען.

מען האָט געזאָגט נאָך טורגעניעוו'ס טויט, אַז ער האָט געהאַט בדעה אָנצושרייבען אַ ראָמאַן איבער דיעזע טהעמאַ. אויב ער האָט אָנגע-

פאַנגען צו שרייבען דיזען ראָמאַן, וועט איהר זיכער דיזעס בילד געפינען אין מאַנוסקריפט זיינעם. שאַדע, דאָס ער האָט דיזעס בוך ניט געשריעבען. ער, וועלכער איז געווען אַ פאָלשטענדיגער אייראָפּעער, און זיין גייסט וואָלט געקאָנט אַריינגעבען אַסך טיעפע געדאַנקען איבער אַ טהעמאַ, וועלכע האָט אָהן צווייפעל געהאַט אַזאַ מעכטיגען איינדרוק אויף זיין גאַנץ לעבען.

פון אַלע ראָמאַניסטען פון אונזער יאָהרהונדערט האָט טורגעניעוו, אָהן צווייפעל, דערגרייכט די העכסטע שטופע אַלס אַן אַרטיסט און זיין פּראָזע קלינגט פאַר׳ן רוסישען אויער ווי מוזיק — מוזיק וועלכע איז אַזוי טיעף ווי בעטהאָווען. זיינע הויפּט־ראָמאַנען — די סעריע פון „דמיטרי רודין", „דוואָריאַנסקאָע," „גניעזדאָ," „נאַקאַנוניע", „אָטצי אי דיעטי", „דים" און „נאָוו". — שטעלען מיט זיך פאָר די הויפּט עפּאָכע מאַכענדע טיפּען פון די געבילדעטע קלאַסען פון רוסלאַנד, וועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט ראַפּטאָם איינע נאָך די אַנדערע נאָך 1848; אַלע טיפּען זיינע זיינען געצייכענט מיט אַ פאָלשטענדיגקייט פון פילאָזאָפישען בעגריף, מיט טיעף מענשליכער פּסיכאָלאָגיע און קינסטלערישער שעהנהייט, וועלכע האָבען ניט זייער גלייכען אין קיין ליטעראַטור. דאָך האָבען די רוסישע יונגע לייט עמפּפאַנגען זיין „אָטצי אי דיעטי" — אַ ראָמאַן וועלכען ער האָט מיט רעכט גערעכענט פאַר דאָס טיעפסטע ווערק זיינס — מיט אַ געוואַלדיגען פּראָטעסט. אונזער יוגענד האָט ערקלעהרט אַז דער ניהיליסט באַזאַראָף איז אויף קיין פאַל ניט קיין אמת׳ער טיעפ פון זיין קלאַס; אַסך האָבען איהם אָנגערופען אַ קאַריקאַטור פון ניהיליזמוס. דיזע מיספערשטענדניסע האָבען געהאַט אַ טיעפע ווירקונג אויף טורגעניעוו׳ן און כאָטש די יוגענד האָט אפילו נאָכדעם מיט איהם געשלאָסען שלום אין פּעטערסבורג, נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעשריעבען זיין ראָמאַן „נאָוו", זיינען דאָך די וואונדען, וועלכע דיזע אַטאַקען האָבען אויף איהם געמאַכט, קיינמאָל ניט פערהיילט געוואָרען.

פון לאַווראָוו׳ן האָט ער זיך דערוואוסט, אַז איך בין אַן ענטהוזיאַס־טישער פערעהרער פון זיין טאַלאַנט; און איין מאָל, בשעת מיר זיינען צוריק געפאָהרען אין אַ קאַרעטע פון אַנטאָקאָלסקי׳ן האָט ער ביי מיר אַ פראַגע געטהאָן, וואָס איך דיינק פון באַזאַראָף׳ן. איך האָב גלייך געענט־פערט „באַזאַראָף איז אַ פּראַכטפאָלער בילד פון אַ ניהיליסט, אָבער דאָך פיהלט מען אַז איהר האָט איהם ניט אַזוי ליעב געהאַט ווי אייערע אַנדערע העלדען."

„אדרבא, איך האָב איהם יאַ געליעבט, שטאַרק געליעבט" — האָט

טורגעניעוו געענטפֿערט מיט אַן אונערוואַרטעטען פֿייער — ווען מיר וועלען קימען אַהיים וועל איך אייך ווייזען מיין טאַגע בוך, אין וועלכען איך האָב פֿערצייכענט ווי איך האָב געיאָמערט ווען איך האָב געענדיגט דעם ראָמאַן מיט באַזאַראָף'ס טוידט.

טורגעניעוו האָט געווים ליעב געהאַט די אינטעלעקטועלע זייט פֿון באַזאַראָף'ן; ער האָט זיך אַזויפֿיעל אַריינגעטהאָן אין דער ניהיליסטישער פֿילאָזאָפֿיע פֿון זיין העלד, אַז ער האָט זאָגאַר געפֿיהרט אַ טאַגע־בוך אין זיין נאָמען, אורטהיילענדיג די טאַגעס־עראייגניסע פֿון באַזאַראָף'ס שטאַנד־פונקט. נור איך דענק, אַז ער האָט איהם מעהר בעוואונדערט ווי געליעבט. אין אַ בריליאַנטענעם אַרטיקעל איבער „האַמלעט" און „דאָן קיכאָט" צו־טהיילט ער די בעשאַפֿער פֿון די געשיכטע דער מענשהייט אין צווי קלאַסען, וועלכע ווערען רעפּרעזענטירט דורך איינעם אָדער דעם צווייטען פֿון דיעזע כאַראַקטערע. „אַנאַליז" קודם כל, דאַן „עגאָאיזמוס", און דאַרום קיין צוטרויען. —„איין עגאָאיסט קען אפילו אין זיך אַליין ניט האָבען קיין צוטרויען". אַזוי האָט ער כאַראַקטעריזירט האַמלעט'ן „און דאַרום איז ער אַ סקעפּטיקער, און וועט קיינמאָל קיין זאַך ניט אויפֿטהאָן, בעת דאָן קיכאָט, וועלכער קעמפּפֿט געגען ווינדמיהלען, און בענוצט זיך מיט אַ צירולניקס טעלער, ווי מיט דעם בעכישופֿטען קיווער פֿון מאַמברינאָ (ווער פֿון אונז האָט ניט געמאַכט דעם זעלבען פֿעהלער?), איז אַ פֿיהרער פֿון דער מאַסע, מחמת די מאַסע פֿאָלגט אימער נאָך דיאיעניגע, וועלכע ניט קוקענדיג אויף דעם ציניִשען געלעכטער פֿון דער מאַיאָריטעט, אָדער זאָגאַר אויף פֿער־פֿאָלגונגען, געהען גלייך פֿאָרווערטס. האַלטענדיג זייערע אויגען פֿעסט אויף דעם ענד־ציעל, וועלכען פֿיליכט קיינער זעהט ניט, אויסער זיי אַליין. זיי זוכען, זיי פֿאַלען, אָבער זיי הויבען זיך ווידער אויף און געפֿינען איהם דאָך. פֿון דעסטוועגען, כאָטש אפילו האַמלעט איז אַ סקעפּטיקער און גלויבט ניט אָן דאָס גוטע, גלויבט ער דאָך אין דאָס בייזע; ער האַסט עס; שלעכטקייט און פֿאַלשקייט זיינען זיינע פֿיינד, און זיין סקעפּטיציזמוס איז ניט גלייכ־גילטיגקייט. זאָנדערען בלויז אָפּלייקענונג און צווייפֿעל, וועלכע פֿערצעהרען בלויז זיין אייגענעם ווילען".

דיעזע געדאַנקען פֿון טורגעניעוו'ן ענטדעקען דענק איך דעם אמת'ן סוד, דורך וועלכען מען זאָל קענען בעגרייפֿען די פֿערהעלטניסע צווישען איהם און זיינע העלדען. ער גופא און אַסך פֿון זיינע בעסטע פֿריינד, האָבען בעלאַנגט, מעהר אָדער וועניגער צו די האַמלעטס. ליעב געהאַט האָט ער האַמלעט'ן, בעוואונדערט האָט ער דאָן קיכאָט'ן. אַזוי האָט ער איך באַזאַראָף'ן בעוואונדערט. זיין ערהאַבענקייט האָט ער געשילדערט קינסטליך.

דעם טראַגישען כאַראַקטער פֿון זיין אָבגעזונדערטע שטעלונג האָט ער פֿערשטאַנען אויסגעבונדען, אָבער ער האָט איהם ניט געקענט בעקריינען מיט יענער צאַרטער פּאָעטישער ליעבע, מיט וועלכע ער פֿלעגט בעקרוינען דיאיעניגע העלדען זיינע, וועלכע זיינען געווען פֿון דעם האַמלעט טיפּ. עס וואָלט געווען ניט אין פּלאַץ.

„האָט איהר געקענט מישקינען?“ האָט ער מיך איינמאָל געפֿרעגט אין 1878. בעת מען האָט געמשפּט אונזער קרוזשאָק, האָט זיך מישקין אַרויסגעוויזען אַלס די מערקווירדיגסטע פּערזענליכקייט. „איך וואָלט געוועלט אויסגעפֿינען, אַעלס מעגליכע מכח איהם“, האָט ער מיר ווייטער געזאָגט: „דאָס איז אַ מאַן. ניטאָ דער מינדסטער שפּור פֿון האַמלעטיזמוס“; און דאַביי האָט ער מסתמאָ געטראַכט וועגען דעם נייעם טיפּ אין דער רוסישער בעוועגונג, וועלכער האָט ניט עקזיסטירט אין דער געשטאַלט, אין וועלכער טורגעניעוו האָט איהם בעשריעבען, און וועלכער איז ערש ערשיענען מיט צוויי יאָהר שפּעטער.

איך האָב טורגעניעוו'ן דעם לעצטען מאָל געזעהן אין הערבסט, 1881. ער איז געווען זעהר קראַנק. און דער געדאַנקען, אַז עס וואַר זיין פּפֿליכט צו שרייבען אַלעסאַנדער דעם דריטען, — וועלכער איז דאַן גור וואָס אַרויף אויף'ן טראָהן און האָט ניט געוואוסט וואָס פֿאַר אַ פּאָליטיק צו פֿערפֿאָלגען, — ביי איהם צו בעטען אַ קאָנסטיטוציאָן פֿאַר רוסלאַנד און איהם צו איבערצייגען דורך שטאַרקע אַרגומענטען די נויטווענדיגקייט פֿון דיעזען שריט, — דיעזער געדאַנקען האָט איהם שטאַרק בעאונרוהיגט. מיט גרויס עגמת נפש האָט ער צו מיר געזאָגט: „איך פֿיהל אַז איך מוז עס טהאָן, אָבער איך וויים, אַז איך וועל ניט זיין אימשטאַנדע דאָס צו טהאָן. דער פֿאַקט איז, אַז ער האָט שוין דאַמאָלס געליטען שרעקליכע יסורים פֿון אַ קרעבס אין דעם רוקען־מאַרך, און ער האָט קוים געקענט זיצען איניגע מינוטען. ער האָט דאַן ניט געשריעבען, און אין עטליכע וואָכען אַרום וואָלט דאָס שוין געווען איבריג. אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט ערקלעהרט אין זיין מאַניפֿעסט, אַז ער בלייבט דער אַבסאָלוטער זעלבסטהערשער פֿון רוסלאַנד.

דערוויל זיינען אין רוסלאַנד פֿאָרגעקומען וויכטיגע ענדערונגען. די מלחמה, וועלכע רוסלאַנד האָט אָנגעהויבען געגען טירקיי אין 1877, האָט זיך געענדיגט זעהר מיאוס. ווען דער קריעג האָט אויסגעבראָכען, האָט אין גאַנצען לאַנד געהערשט אַ פֿייערדיגער ענטהוזיאַזמוס צו גונסטען פֿון די סלאַווען. אַסך האָבען אויך געגלויבט, אַז אַ בעפֿרייאונגס־קריעג אויף'ן באַלקאַן וואָלט ענדליך געפֿיהרט צו אַ פּראָגרעסיווער בעוועגונג אין רוסלאַנד

גופא. אָבער די בעפֿרייאונג פֿון דער סלאַוואָנישער בעפֿעלקערונג איז ניט אין גאַנצען געלונגען. די אונגעהייערע אָפּפֿער וועלכע רוסלאַנד האָט געבראַכט, זיינען געגאַנגען אין גיוועץ דורך די פֿעהלער פֿון די העכערע מיליטערישע בעאַמטע. הונדערטע טויזענדע מענשען זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען אין מלחמות, וועלכע האָבען זיך געענדיגט מיט אַ האַלבען זיעג. און דאָס וואָס איז יאַ געוואונען געוואָרען פֿון טירקיי, איז אויך צו נישט געוואָרען ביים בערלינער קאָנגרעס. דערצו איז נאָך אַלגעמיין בעקאַנט געוואָרען, אַז אויך אין דיעזער, פּונקט ווי אין דער מלחמה אויף קרים, זיינען די גנבות פֿון די שטאַאַט־געלדער געווען אונגעהייערע.

אין רעכטען מיטען פֿון דער אַלגעמיינער אונצופֿרידענהייט, וועלכע האָט געהערשט אין רוסלאַנד אַם ענדע פֿון 1877, זיינען די 193 פּערזאָן, וועלכע זיינען געווען אַרעסטירט זייט 1873, אין פֿערבינדונג מיט אונזער אַגיטאַציאָן, געבראַכט געוואָרען פֿאַרן געריכט. די אָנגעקלאָגטע פֿערטהיידיגט פֿון בעריהמטע אַדוואָקאַטען, האָבען גלייך געוואונען די סימפּאַטהיע פֿון דער עפֿענטליכער מיינונג. זיי האָבען געמאַכט אַ זעהר גוטען איינדרוק אויף דער פּעטערבורגער געזעלשאַפֿט; און ווען עס איז בעקאַנט געוואָרען, אַז דאָס רוב פֿון זיי האָבען פֿערבראַכט 3—4 יאָהר אין טורמע, וואַרטענדיג אויף דיעזען משפּט, און אַז ניט ווייניגער ווי 21 האָבען בעגאַנגען זעלבסטמאָרד, אָדער זיינען געוואָרען משוגע, איז די סימפּאַטהיע צו זיי נאָך שטאַרקער געוואָרען, אַפֿילו צווישען די ריכטער זעלבסט. דער אורטהייל איז געווען אַ זעהר שווערער פֿאַר איינינע און פֿערהעלטנישמעסיג לייכט פֿאַר די איבריגע. יעדערער האָט ערוואַרטעט, אַז דער קייזער וועט זייער אורטהייל נאָך מעהר פֿערלייכטערען; אָבער ליידער, וואַרען אַלע ערשטוינט צו הערען, אַז ער האָט נאָך אדרבה זייער שטראָף פֿערגרעסערט. די יעניגע, וועלכע דאָס געריכט האָט בעפֿרייט, זיינען פֿערשיקט געוואָרען אין טיעף־רוסלאַנד אָדער אין סיביר, און די יעניגע וועלכע זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען פֿון געריכט אויף קורצע טערמינען, האָבען געקראָגען פֿון צאַר פֿון 5 ביז 12 יאָהר קאַטאָרגע. דאָס איז געווען די אַרבייט פֿון שעף פֿון דער דריטער אָטריעלעניע, גענעראַל מעזענצאָוו.

אין דער זעלבער צייט האָט פּאַסירט עטוואָס: דער שעף פֿון דער פּעטערבורגער פּאָליציי, גענעראַל טרעפּאָוו, בעמערקענדיג אַז איינער פֿון די פּאָליטישע פֿערברעכער, באָגאָליובאָוו, האָט ניט געצויגען דעם הוט פֿאַר איהם, ווען־ענד דיעזער אַלמעכטיגער מאַנדאַרין האָט בעזוכט די קרעפּאָסט, האָט ער געגעבען דעם בעפֿעהל איהם צו שמייסען. ווען די אַנדערע פּאָליטישע האָבען זיך דערפֿון דערוואוסט אין זייערע צעלען, האָבען זיי

גענומען שטאַרק פּראָטעסטירען, און וואַרען דאַרום שרעקליך געשלאָגען פֿון די וועכטער און דער פּאָליציי. די רוסישע פּאָליטישע אַרעסטאַנטען האָבען ווי אמת׳ע העלדען דורכגעליטען אַלערליי צרות אין סיביר און אויף קאַטאָרגע, אָבער זיי וואַרען פֿעסט ענטשלאָסען ניט צו דולדען די קערפּערליכע בע־שטראָפֿונג. אַ יונגע מיידעל, וויעראַ זאַסוליטש, וועלכע האָט צומאָל באָגאָליובאָוו׳ן פּערזענליך ניט געקענט, האָט גענומען אַ רעוואָלווער, איז אַוועק צו דעם פּאָליציי־שעף, און האָט אויף איהם געשאָסען. טרעפּאָוו וואַר בלויז פֿערוואונדעט. אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז געקומען זעהן די העלדישע מיידעל, וועלכע האָט אויף איהם, אָהנע צווייפֿעל, געמאַכט אַן איינדרוק מיט איהר זעלטען־אַנגענעהמען פנים און בעשיידענהייט. טרעפּאָוו האָט געהאַט אַזוי פֿיעל שונאים אין פּעטערבורג, אַז עס איז זיי געלונגען פֿאַרצובריינגען דעם פּראָצעס פֿאַר אַן איינפֿאַכע דזשורי, און וויעראַ זאַסו־ליטש האָט ערקלעהרט אין געריכט, אַז זי האָט זיך בענוצט מיט וואָפֿען נור דאַרום, ווייל אַלע אַנדערע מיטלען צו בריינגען די אַנגעלעגענהייט פֿאַר די עפֿענטליכע מיינונג, זיינען אין רוסלאַנד אונמעגליך. אפילו דעם פּעטער־בורגער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער לאָנדאָנער „טיימס" האָט מען געבעטען צו דערמאָנען דיזע געשיכטע מיט באָגאָליובאָוו׳ן אין זיין צייטונג, אָבער ער האָט עס ניט געטאָהן, אפשר דאַרום, ווייל ער האָט געדיינקט אַז אַזאַ זאַך קען קוים געמאָלט זיין, אפילו אין רוסלאַנד. דאָן, ניט זאָגענדיג קיינעם אַ וואָרט איז זי אַוועק שיסען טרעפּאָוו׳ן. און איצט, אַזוי ווי די זאַך איז שוין אַרויס אין דער עפֿענטליכקייט, פֿרעהט עס איהר צו הערען, אַז דער גענעראַל איז בלויז לייכט פֿערוואונדעט. די געשוואָרענע האָבען זי איינ־שטימיג בעפֿרייט, און ווען די פּאָליציי האָט זי געוואָלט אַ צווייטען מאָל אַרעסטירען, אַרויסגעהענדיג פֿון געריכטס־הויז, האָבען די פּעטערבורגער יונגע לייט, וועלכע וואַרען פֿערזאַמעלט מאַסען־ווייז ביי די טויערען, זי מיט געוואַלד אַרויסגעריסען פֿון זייערע לאַפּעס. זי איז אַוועק אין אויסלאַנד און מיר האָבען זיך אין אַ קורצע צייט אַרום מיט איהר געזעהן אין דער שווייץ.

די געשיכטע מיט וויעראַ זאַסוליטש האָט אָנגעמאַכט אַ רעש אין גאַנץ אייראָפּאַ. איך בין געווען אין פּאַריז, בעת די נייעס פֿון איהר בע־פֿרייאונג איז אָנגעקומען. איך האָב גראַדע יענעם טאָג געמוזט זיין אין די רעדאַקציעס פֿון עטליכע צייטונגען. די רעדאַקטערע זיינען געווען שטאַרק בעגייסטערט און האָבען געשריבען מעכטיגע אַרטיקלען, אויפֿהויבענדיג זאַסוליטש ביז׳ן הימעל. אפילו דער סעריאָזנער זשורנאַל „רעווי דע דעי מאָנד" האָט געשריבען אין זיין איבערבליק פֿון יאָהר, אַז די צוויי פּערזאָנען,

וועלכע האָבען געמאַכט דעם גרעסטען רושם אין אייראָפּאַ אין 1878, וואַרען פּ־ינץ גאָרטשאַקאָוו אויף׳ן בערלינער קאָנגרעס, און וויערא זאַסוליטש. אין עטליכע קאַלענדאַרען האָט מען געשטעלט וייערע בילדער איינס לעבען דאָס אַנדערע. אויף די אַרבייטער פֿון אייראָפּאַ האָט די איבערגעגעבענהייט פֿון וויערא זאַסוליטש געמאַכט אַן אונגעהייערען איינדרוק.

אין עטליכע מאָנאַט אַרום זיינען געמאַכט געוואָרען פֿיער אַטענטאַטען אויף אייראָפּעאישע מאָנאַרכען, אָהן אירגענד וועלכען פּלאַן: דער אַרבייטער הײדעל און דאָקטאָר נאָבעלינג האָבען געשאָסען אויף׳ן דייטשען קייזער, עטליכע וואָכען שפּעטער האָט אַ שפּאַנישער אַרבייטער, אָליוואַ מאָנקאַססו, געשאָסען אויף׳ן שפּאַנישען קעניג, און דער קוכער פּאַססאַנאַנט האָט זיך געוואָרפֿען אויף׳ן איטאַליענישען קעניג מיט אַ מעסער. די רעגירונגען פֿון אייראָפּאַ האָבען ניט געקענט גלויבען, אַז אַזעלכע אַטענטאַטען אויף דריי קעניגע זאָלען קענען פּאַסירען אָהן אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנספּיראַציע און האָבען זיך גלייך אָנגעכאַפּט אָן דעם שלום, אַז די זשוראַפֿעדעראַציאָן און דער אינטערנאַציאָנאַל זיינען דערפֿאַר פֿעראַנטוואָרטליך.

זייט דאַן זיינען שוין אַריבער העכער צוואַנציג יאָהר און איך קען גאַנץ פּאָזיטיוו זאָגען, אַז דאַמאָלס איז קיין שום קאָנספּיראַציע ניט געוועזען. פֿון דעסטוועגען זיינען אַלע אייראָפּעאישע רעגירונגען אַרויפֿגעפֿאַלען אויף דער שווייץ, מאַכענדיג איהר פֿאָרווירפֿע, אַז זי איז אַ מקום מקלט פֿאַר רעוואָלוציאָנערען, וועלכע אָרגאַניזירען דיעזע פֿערשווערונגען. פּאַול ברוס, דער רעדאַקטאָר פֿון אונזער זשוראַ ציייטונג, „דער אַוואַנגאַרד", איז אַרעטירט און געמשפּט געוואָרען. די שווייצאַרישע ריכטער, איינזעהענדיג אַז עס איז ניטאָ די מינדעסטע אורזאַכע צו פֿערבינדען ברוס, אָדער די זשוראַפֿעדעראַציאָן מיט דיעזע אַטאַקען, האָבען איהם פֿעראורטהיילט בלויז אויף עטליכע מאָנאַט פֿאַר זיינע אַרטיקלען; אָבער די ציייטונג איז אונטערדריקט געוואָרען און אַלע דרוקערייען פֿון דער שווייץ זיינען אויפֿגעפֿאָדערט געוואָרען פֿון דער פֿעדעראַלער רעגירונג ניט אַרויסצוגעבען אַזעלכע ציייטונגען. די פֿעדעראַציאָן איז אַלזאָ געבליבען אָהן אַן אָרגאַן.

אַחוץ דעם האָבען די פּאָליטישענס פֿון דער שווייץ, וועלכע האָבען סאַי־ווי־סאַי געקוקט קרום אויף די אַנאַרכיסטישע אַגיטאַציאָן, שטילערהייט געאַרבייט מעשים אַזוי, אַז די וויכטיגסטע מיטגליעדער פֿון דער זשוראַפֿעדעראַציאָן זיינען געווען געצוואונגען אָדער זיך צוריק־צוציהען פֿון דעם עפֿענטליכען לעבען, אָדער שטאַרבען פֿון הונגער. ברוס איז אין גאַנצען אויסגעוויזען געוואָרען פֿון לאַנד. גיליאָם, וועלכער האָט אַכט יאָהר לאַנג אָנגעהאַלטען די ציייטונג, בייקומענדיג די גרעסטע שוועריגקייטען, און וועלכער

האָט געצוויגען זיין חיונה מייסטענס פֿון לעהרעריי, האָט בשום אופן ניט געקענט מעהר קריגען קיין שטעלע און איז געווען געצוואונגען אויסצו־יואַנדערען אין פֿראַנקרייך. שוויצגעבעל, האָט ניט געקענט קריגען קיין אַ־בייט אַלס זייגערמאַכער, און אַזוי ווי ער איז געווען אַ בעל מטופל פֿון אַ גרויסער משפחה, האָט ער זיך נעבעך געמוזט צוריקציהען פֿון דער בעוועגונג. שפּיכיגער איז געווען אין די זעלבע לאַגע און האָט אויסגעוואַנדערט. עס איז אויסגעקומען, אַז איך, אַן אויסלענדער, האָב געמוזט איבערנעהמען די רעדאַקציאָן פֿון דעם אָרגאַן פֿון דער פֿעדעראַציאָן. איך האָב זיך אפילו געשלאָגען מיט דער דעה; אָבער וואָס האָבען מיר זיך געקענט העלפֿען? מיט דער הילפֿע פֿון צוויי פֿריינד, דומאַרטהעריי און הערציג, האָב איך גענומען אַרויסגעבען אַ 14 טעגיגע צייטונג אין זשענעוואַ, אין פֿעברואַר 1879, מיט דעם טיטעל „לאַ רעוואָלטע”. איך האָב זי כמעט אין גאַנצען אַליין אויסגעפֿילט. אונזער קאַסע איז דאַן בעשטאַנען בלויז פֿון 23 פֿראַנק, אָבער מיר האָבען זיך גענומען פֿעסט צו דער אַרבייט, אַרויסלאָזענדיג סובסקריפּציאָנס־ליסטען, און עס איז אונז ענדליך געלונגען אַרויסצוגעבען דעם ערשטען נומער. אין טאָן איז די צייטונג געווען מעסיג, אָבער אין תוך — רעוואָלוציאָנער. איך האָב מיר געגעבען אַלע מיהע צו שרייבען אין אַזאַ סטיל, אַז קאָמפּליצירט־היסטאָרישע און עקאָנאָמישע פֿראַגען זאָלען זיין צוגענגליך פֿאַר יעדען אינטעליגענטען אַרביטער. זעקס הונדערט קאָפּיעס איז געווען די העכסטע אויסגאַבע פֿון אונזערע פֿריהערדיגע צייטונגען. מיר האָבען געדרוקט צוויי טויזענד פֿון „לאַ רעוואָלטע”, און אין עטליכע טעג איז אונז ניט געבליעבען קיין איינציגער נומער. די צייטונג איז געווען אַן ערפֿאָלג, און עקזיסטירט נאָך יעצט אין פּאַריז, אונטערען נאָמען „טאַן נואָוואָ”.

סאָציאַליסטישע צייטונגען האָבען אָפֿט אַ טבע צו ווערען קלאָג־ליעדער פֿון די עקזיסטירענדע סיסטעמע. עס ווערט דערצעהלט פֿון די אַרבייטער אין די מיינס, פֿאַבריקען און פֿון פֿעלד. דאָס עלענד און די ליידען פֿון די אַרבייטער אין צייט פֿון סטרייקס ווערען געשילדערט מיט לעבעדיגע פֿאַרבען; מען האַלט אין איין שרייען, אַז אין דעם קאַמפּף געגען די באָסעס איז דער אַרבייטער הילפֿלאָז; און זיי דערצעהלענדיג איין מאָל און נאָך אַ מאָל, אַז אַלע זייערע אַנשטרייננגונגען זיינען נוצלאָז, מאַכט מען אויף׳ן לעזער אַ העכסט טרויעריגען איינדרוק. אום דיעזע ווירקונג אָבצושוואַכען, מוז דער רעדאַקטאָר זיך אָפֿט בענוצען מיט פֿייערדיגע ווערטער, דורך וועלכע ער זאָל קענען אַריינפֿליסען ענערגיע און פֿערטרויען אין זיינע לעזער. איך האָב געדיינקט גראַדע אומגעקעהרט: אַז אַ רעוואָלוציאָנערע

צייטונג מוז קודם כל פּראַקטאָקאָלירען דיאיעניגע צייכענעס דער צייט, וועלכע זאָגען אומעטום אָן די בשורה פון אַ נייער עפּאָכע, פון דער אויפשפּראָצונג פון נייע פאָרמען פון סאָציאַלען לעבען, פון דעם וואַקסענדען אויפשטאַנד געגען די פערעלטערטע אינסטיטוציאָנען. דיזע צייכענס מוז מען נעהמען אין אַכט, מען מוז זיי צוזאַמענברייגגען אין זייער ענגער שייכות, און אַזוי זיי גרופּירען, אַז מען זאָל קענען ווייזען די גרעסטע צאָהל סקעפּטיקער די אונזיכטבאַרע און זאָגאַר אונבעוואוסטע אונטערשטיצונג, וועלכע די פאָרט־געשריטענע אידעען קריגען איבעראַל, בעת עס קומט פאָר אין דער געזעלשאַפט אַ נייע אויפלעבונג פון געדאַנקען. די הויפּט־פּאָליכט פון אַ רעוואָלוציאָנערע צייטונג מוז זיין צו ערוועקען סימפּאַטהיע מיט דעם געפיהל פון׳ם מענשליכען הערצען איבער די גאַנצע וועלט, מיט דער רעבעליאָן געגען די אייביגע אונגערעכטיגקייט; און, צוזאַמען מיט דער גאַנצער מענשהייט, אויסצואַרבייטען נייע פאָרמען פון געזעלשאַפטליכען לעבען. האָפנונג, און ניט פערצווייפלונג, מאַכט די ערפאָלגרייכע רעוואָלוציאָן.

די היסטאָריקער דערצעהלען אונז אָפט, ווי אַזוי דיזע אָדער יענע פילאָזאָפישע סיסטעמע האַט געמאַכט אַ געוויסע ענדערונג אין דעם מענ־שליכען געדאַנק, און שפּעטער אויך אין די מענשליכע אינסטיטוציאָנען, מנהגים און אַרט לעבען. דאָס איז אָבער ניט היסטאָריע. די גרעסטע סאָציאַל־פילאָזאָפען האָבען נור געכאַפּט די סמנים פון די קומענדע אומענ־דערונגען, האָבען פערשטאַנען זייערע אינערליכע שיכות, און אונטערשטיצט פון די צוזאַמענגעקליבענע פאַקטען, ווי אויך פון אַן אינערליכען געפיהל, פאַר וועלכען זיי האָבען אַליין ניט געוואוסט קיין ערקלעהרונג, האָבען זיי פאָראויס געזאָגט וואָס דאַרף נאָך זייער מיינונג פּאַסירען. עס קען זיך אויך זיין זעהר לייכט אויסצומאָלען אַ פּלאַן פון אַ געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן, אָנפאַנגענדיג פון איינינע פּרינציפּען און ענטוויקלענדיג זיי ביז צו זייערע קאָנזעקווענצען, ווי אַ געאָמעטרישען שלוס פון איינינע אַקסיאָמען — דאָס איז אָבער ניט סאָציאָלאָגיע. אַ ריכטיגע פאָראויסזאָגונג פון אַ סאָציאַלער אָרגאַניזאַציאָן קען ניט געמאַכט ווערען, סיידען איינער האַט זיין בליק געצילעוועט אויף די טויזענדע פון צייכענס פון דעם נייעם לעבען, אָבזונדערענדיג די צופעליגע פאַקטען פון די, וואָס זיינען אָרגאַניש וועזענטליך און בויענדיג די שלוספאָלגערונג אויף דיזען פונדאַמענט.

דאָס איז געווען די מעטהאָדע פון דענקען, מיט וועלכער איך האָב געוואָלט בעקאַנט מאַכען מיינע לעזער, געברויכענדיג איינפאַכע פערשטענדליכע ווערטער, כדי יעדען איינעם פון זיי צו געוועהנען צו אורטהיילען פאַר זיך זעלבסט, אין וועלכע ריכטונג די געזעלשאַפט בעוועגט

זיך, און כדי ער אַליין זאָל קענען פֿערריכטען דעם דענקער, דעם פֿילאָזאָף, ווען יענער קומט צו פֿאַלשע שליסע.

וואָס אַנבעלאַנגט צו די קריטיק פֿון דאָס עקזיסטירענדע, האָב איך עס נור געטהאָן אויף אַזוי פֿיעל, אום קלאָהר צו מאַכען די וואָרצלען פֿון די אַלע איצטיגע איבלען, און אוב צו ווייזען דאָס אַ טיעף איינגעפּלאַנצטער און זאָרגפֿעלטיג אויפֿגעהאָדעוועטער אַבערגלויבען איבער די אַלטע לעבען־איבערגעבליבענע מנהגים און אינסטיטוציאָנען פֿון די פֿערגאַנגענע פעריאָדען פֿון די מענשליכע ענטוויקלונג, ווי אויך די שטאַרק־פֿערברייטעטע פֿייגהייט פֿון דעם ווילען און געדאַנקען — דאָס זיי זיינען די הויפּט־קוועלען פֿון אַלע איבלען.

דומאַרטהעריי און הערציג האָבען מיר אין דיזער ריכטונג געגעבען זייער בעסטע הילף. דומאַרטהעריי איז געבאָרען געוואָרען אין איינע פֿון די אָרימסטע פֿאַמיליען אין סאַוואָי. זיין ערציהונג איז ניט געגאַנגען ווייטער ווי די ערשטע קלאַסען פֿון אַן איי־בי־סי־שוהל, און דאָך איז ער געווען איינער פֿון די אינטעליגענטסטע מענער, וואָס איך האָב אַמאָהל בעגעגענט. זיינע אָבשאַצונגען פֿון די טאָגעס־פֿראַגען און די מענער פֿון דער צייט זיינען געווען אַזוי מערקווירדיג דורך זיין געזונדען מענשען־פֿערשטאַנד, דאָס זיי זיינען אָפֿט געווען נאָהענט פֿון נביאות; ער איז אויך געווען איינער פֿון די פֿיינסטע קריטיקער פֿון די דאַמאָלסדיגע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, און ער איז קיינמאָל ניט אָבגענאַרט געוואָרען פֿון גרויסע, קלינגענדע ווערטער, אָדער פֿון קלומרשט־וויסענשאַפֿטליכעס. הערציג איז געווען אַ יונגער קלערק, געבאָרען אין זשענעוואַ, אַ מאַן פֿון אונטערדריקטע געפֿיהלען, שעמעדיג, וועלכער פֿלעגט רויט ווערען ווי אַ יונג מיידעל, ווען ער האָט אויסגעדריקט אַן אָריגינעלען געדאַנק און וועלכער, נאָך דעם ווי איך בין אַרעסטירט געוואָרען, ווערענדיג פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די פֿאָרטזעצונג פֿון דער צייטונג, האָט נור דורך זיין געוואַלדיגע ווילענס־קראַפֿט זיך אויסגע־לערענט צו שרייבען גוט. באָיקאָטירט פֿון אַל'ע אַרבייטס־געבער אין זשע־נעוואַ און אַריינפֿאַלענדיג מיט זיין פֿאַמיליע אין גרויסער אַרמוטה, האָט ער דאָך ניט אויפֿגעהערט אויפֿצוהאַלטען די צייטונג, ביז זי איז טראַנספֿערירט געוואָרען אין פּאַריז.

איך האָב מיך געקאָנט פֿאָלשטענדיג פֿערלאָזען אויף די אורטהיילס־קראַפֿט פֿון דיזע צוויי פֿריינד. ווען הערציג פֿלעגט אָנהויבען מורמלען: „יאַ — פֿילייכט — קען עס געהן", האָב איך געוואוסט אַז דאָס קען ניט געהן; און ווען דומאַרטהעריי, וועלכער האָט זיך אימער בעקלאָגט אויף זיינע שלעכטע שפּאַקולען, ווען עס איז איהם אויסגעקומען צו לעזען אַ ניט

זעהר דייטליכען מאַנוסקריפּט, פֿלעגט אויסשרייען: „ניין, דאָס געהט ניט!" האָב איך גלייך געפֿיהלט, אַז דאָ מוז עטוואָס געטהאָן ווערען, און איך האָב מיך געמאַטערט אויסצוגעפֿינען, וועלכער געדאַנק אָדער אויסדרוק האָט עס אַ־ויסגערופֿען זיין אונצופֿרידענהייט. איך האָב געוואוסט, אַז עס איז פֿון קיין נוצען ניט צו פֿרעגען איהם: „וואַרום וועט עס ניט געהן", ער וואָלט געענטפֿערט: „דאָס איז ניט מיין זאַך, דאָס איז אייערע. אָבער געהן וועט דאָס ניט. דאָס איז אַלעס, וואָס איך קען זאָגען". אָבער איך האָב געפֿיהלט דאָס ער איז געווען גערעכט און איך האָב מיך איינפֿאַך אַוועקגעזעצט איבערצושרייבען דעם זאַץ, אָדער נעהמען דעם ווינקעל־האַקען און אַליין אויסזועצען אין די בלייענע בוכשטאַבען אַ נייעם זאַץ אָנשטאָט דעם אַלטען.

איך מוז אויך מודה זיין, דאָס מיר האָבען אויך גאַנץ שווערע צייטען געהאַט מיט דער צייטונג. אַזוי באַלד ווי מיר האָבען אַרויסגעלאָזען די ערשטע פֿיער, פֿינף נומערען, האָט אונז דער דרוקער געגעבען צו פֿערשטעהן, אַז מיר מוזען זוכען אַן אַנדער דרוקער. פֿאַר די אַרבייטער און זייערע פּובליקאַציאָנען האָט די פּרעס־פֿרייהייט, וואָס איז איינגעשריבען אין דער קאָנסטיטוציאָן, פֿיעלע בעגרענצונגען אויסער די געזעץ פּאַראַגראַפֿען. דער דרוקער האָט גאָר ניט געהאַט אויסצוזעצען געגען אונזער צייטונג, פֿערקעהרט, ער האָט איהר געגליכען, אָבער אין די שווייץ זיינען אַלע דרוקערייען אַבהייניג פֿון דער רעגירונג, וועלכע גיט זיי בעשעפֿטיגונג מיט דעם דרוקען פֿון סטאַטיסטיקס, רעפּאָרטען און עהנליכעס. און אונזער דרוקער האָט מען געגעבען צו פֿערשטעהן אין קלאָהרע דבורים, דאָס אויב ער וועט פֿאָרטזעצען דרוקען אונזער צייטונג, דאַרף ער ניט מעהר ערוואַרטען קיין אַרבייט פֿון דער זשענעווער רעגירונג. איך האָב געמאַכט אַ טור איבער דעם גאַנצען פֿראַנצויזיש־ריידענדען טהייל פֿון די שווייץ, האָב געזעהן זיך מיט די בעלי בתים פֿון די אַלע דרוקערייען. און פֿון אַלעמען, זאָגאַר פֿון די, וועלכע זיינען ניט געווען געגען די טענדענץ פֿון אונזער צייטונג, האָב איך ערהאַלטען דעם זעלבען ענטפֿער: „מיר וואָלטען ניט געקאָנט עקזיסטירען אָהן די אַרבייט פֿון די רעגירונג און מיר וואָלטען ניט געקראָגען קיינע, ווען מיר וואָלטען אונטערגענומען צו דרוקען „לע רעוואָלטע".

זעהר נידערגעשלאָגען בין איך געקומען צוריק נאָך זשענעוואַ. אָבער דומאַרטהעריי איז געווען דערפֿאַר נאָך מעהר פֿייערדיג און פֿול האָפֿנונג. „דאָס אַלעס איז זעהר איינפֿאַך", האָט ער געזאָגט. „מיר קויפֿען אונזער אייגענע „דרוקעריי" אויף דריי־מאָנאַטליכען קרעדיט, און דריי מאָנאַטען וועלען מיר האָבען איהר אויסגעצאָהלט". „אָבער מיר האָבען דאָך קיין געלד ניט, נור עטליכע הונדערט פֿראַנק", האָב איך בעמערקט. „געלד?

דומהייטען! מיר וועלען עס האָבען! לאָמיר נור בעשטעלען די שריפֿט און גלייך אַרויסלאָזען אונזער נעכסטען נומער, און געלד וועט שוין קומען!" און ווידער אַמאָל האָט ער רעכט געהאַט. ווען אונזער נומער איז אַרויס־געקומען פֿון אונזער אייגענע דרוקעריי, און מיר האָבען דאָרט ערקלעהרט אונזערע שוועריגקייטען, און האָבען אויסער דעם אַרויסגעלאָזען אַ פּאָר פּאַמפֿלעטען — איז געלד אָנגעקומען, מייסטענס אין קופּער און קליינע זילבער מינצען, אָבער עס איז געקומען.

אימער און שטענדיג האָב איך געהערט קלאַגען אין די פּאָרטגעשריטענע פּאַרטייען וועגען דעם מאַנגעל אין געלד, אָבער וואָס לענגער איך לעב, דאָס ווער איך אַלץ מעהר איבערצייגט, דאָס די הויפּט־שוועריגקייט איז ניט אַזויפֿיעל דער מאַנגעל אין געלד, ווי דער מאַנגעל אין מענשען, וועלכע זאָלען געהן פֿעסט און ענטשלאָסען צו אַ בעשטימטען ציעל אין אַ רעכטע ריכטונג און בעגייסטערען אַנדערע.

פֿאַר איין און צוואַנציג יאָהר לעבט שוין איצט אונזער צייטונג פֿון האַנד אין מויל. אין יעדען נומער כמעט ווערט אַפּעלירט נאָך פֿאָנדס אויף דער ערשטער זייט; אָבער אַזוי לאַנג, ווי עס איז דאָ אַ מענש, וואָס האַלט זיך פֿעסט, און לייגט אַריין זיין גאַנצע ענערגיע אין דעם, ווי הערציג און דומאַרטהעריי האָבען עס געטהאָן אין זשענעוואַ, און ווי גראַוו האָט עס געטהאָן פֿאַר די לעצטע זעכצען יאָהר אין פּאַריז, קומט דאָס געלד אַריין, און אַ יעהרליכע אויסגאַבע פֿון אַכט הונדערט פֿונט ווערט געמאַכט — מייסטענס פֿון די סענטען און קליינע זילבערמינצען פֿון די אַרבייטער — אום צו דעקען די יעהרליכע קאָסטען פֿאַר דאָס דרוקען פֿון די צייטונג, און בראָשורען. פֿאַר אַ צייטונג, ווי פֿאַר יעדע אַנדערע זאַך, זיינען מענשען פֿון אַ ניט דער־ערך גרעסערען ווערטה, ווי געלד.

מיר האָבען אָנגעהויבען אונזער דרוקעריי אין אַ קליין צימערעל. אונזער זעצער איז געווען אַ מאַלאָראָס, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען אויפֿצוזעצען אונזער צייטונג פֿאַר אַ סך הכל פֿון זעכציג פּ־אַנק אַ מאָנאַט. אַלעס וואָס ער האָט פֿערלאַנגט, איז געווען צו קריגען זיין איינפֿאַכען מיטאָג יעדען טאָג, און די מעגליכקייט צו געהן אַמאָל אין די אָפּערא.

„וואוהין געהט מען עס, אין אַ שוויץ־באָד, איוואַן?" האָב איך איהם אַמאָל געפֿרעגט, בעת איך האָב איהם געטראָפֿען אין גאַס, אין זשענעוואַ, מיט אַ פּעקעל אונטער׳ן אָרעם.

„ניין; איך ציה זיך איבער אין אַ נייע דירה" — האָט ער געענטפֿערט מיט זיין געוועהנליכער מעלאַדישער שטימע און מיט זיין שטענדיגען שמייכעל אויף׳ן פּנים.

צום אונגליק, האָט ער ניט געקענט קיין פראַנצויזיש. איך פלעג מיך מאַטער'ן שרייבען ווי אַם דייטליכסטען, — אָפט בעדויערענדיג די טהייערע צייט וואָס איך האָב פערשווענדעט אין די קלאַסען פון אונזער גוטען עבערט, — אָבער איוואַן האָט, ווי געזאָגט, קוים געקענט איבער־לעזען אַ ביסעל פראַנצויזיש, און ער פלעגט אויפזעצען די קאָמישסטע ווערטער. אָבער מיר האָבען זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבען מיט דער קאָרעקטור. פערטראָגען האָבען מיר זיך אויסגעצייכענט גוט, און איך האָב מיך שנעל אויסגעלערענט זעצען אונטער זיין השגחה. דער זאַץ איז אימער פערטיג געוואָרען אין צייט, אום צו זיין אימשטאַנד איבערצושיקען די קאָרעקטור צו אַ שווייצאַרישען גענאָסע, וועלכער איז געווען דער פראַנצ־וואָרטליכער רעדאַקטאָר, און דאַן פלעגען מיר אַריבער־טראַנספּאָרטירען די צוזאַמענגעשטעלטע פאָרמען אין אַ דרוקעריי. אונזערע פובליקאַציאָנען זיינען גלייך פאָפולער געוואָרען ווייט און ברייט, ספּעציעל די בראָשורקעס, וועלכע דומאַרטהעריי האָט קיין מאָל ניט געלאָזט פערקויפען מעהר ווי צו אַ פּעני אַ שטיק. פאַר דיזע בראָשורען האָבען מיר געמוזט געברויכען אַ גאַנץ נייעם מיטעל.

איך בין מיך מודה ומתודה, אַז אָפט בין איך געווען זינדיג גענוג מקנא צו זיין יענע שרייבער, וועלכע האָבען זיך געקענט פערברייטען אויף גאַנצע זייטלעך, אויסצודריקען אַן אידעע, און עס איז זיי געווען ערלויבט זיך צו בענוצען מיט טאַלעראַן'ס בעוואוסטען תירוץ: „איך האָב קיין צייט ניט געהאַט זיך קורץ צו פאַסען". ווען איך האָב געמוזט צוזאַמענפרעסען דעם רעזולטאַט פון עטליכע מאָנאַטען אַרבייט, — אויף דעם אורשפּרונג פון געזעץ, למשל, — אין אַ סענטיגע בראָשורע, בין איך געווען געצוואונ־גען מיר צו נעהמען די צייט זיך קורץ צו פאַסען. אָבער מיר האָבען געשריבען פאַר'ן פאָלק, און פאַר'ן דורכשניטליכען אַרבייטער איז אָפט צופיעל צו בעצאָהלען פינף סענט פאַר אַ בראָשורע. דעריבער פלעגען זיך אונזערע סענטיגע פאַמפלעטקעס פערקויפען אין די צעהנדליגע טויזענדער, און זיינען איבער־זעצט געוואָרען אין פיעלע אַנדערע שפּראַכען. מיינע לייט־אַרטיקלען פון יענער צייט זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען שפּעטער, בעת איך בין געווען אין טורמע, דורך עליזע רעקלו, אונטערן נאָמען „די ווערטער פון אַ רעוואָלוציאָנער".

אונזער הויפּט־צוועק איז אימער געווען פראַנקרייך; אָבער „לע רעוואָלטע" איז דאָרט געווען שטרייננג פערבאָטען, און די מוליבערס האָבען געהאַט אַזוי פיעל גוטע זאַכען אַריינצושמוגלען פון די שווייץ אין פראַנק־רייך, אַז זיי האָבען ניט געוואָלט האָבען קיין געשעפטען מיט אונזער

ציימונג. איינמאָל בין איך מיט זיי צוזאַמען אַריבער די פראַנצויזישע גרענעץ, און איך מוז זאָגען, אַז דאָס זיינען זעהר בראַווע און פערהאַנטוואָרטליכע מענער, אָבער איך האָב זיי בשום אופן ניט געקענט איבער־ריידען אַריבער צו שמוגלען אונזער ציימונג. מיר האָבען איהר אַלזאָ געמוזט פונאַנדער־שיקען אין פערמאַכטע קאָנווערטען צו אַ הונדערט פערשיעדענע פּערזאָנען אין פראַנקרייך. פּאָרטאָ האָבען מיר זיי ניט גערעכענט, זיך פערלאָזענדיג אויף פרייוויליגע בייטרעגע פון אונזערע אַבאָנענטען צו דעקען די עקסטראַ הוצאות, — און דאָס האָבען זיי גערען געטהאָן, — אָבער מיר פלעגען זיך טראַכטען, אַז די פראַנצויזישע פּאָליציי האָט זיך לייכט געקענט בענוּ־צען מיט דיזער געלעגענהייט צו רואינירען אונזער ציימונג: זי וואָלט זיך געקענט אַבאָנירען אויף הונדערט עקזעמפּליאַרען אָהנע צו־צושיקען דעם פרייוויליגען בייטראַג.

דעם ערשטען יאָהר האָבען מיר אַליין געמוזט אויסהאַלטען די גאַנצע ציימונג. אָבער ביסלעכווייז האָט רעקלו אָנגעהויבען נעהמען מעהר אינטערעסע אין דער אַרבייט און נאָך מיין אַרעסט האָט ער אַריינגעגעבען מעהר לעבען אין דער ציימונג, ווי זי האָט אַ מאָל געהאַט. רעקליו האָט מיך געהאַט איינגעלאַדען איהם צו העלפען אין דער פערפערטיגונג פון זיין ריעזען־ווערק איבער געאָגראַפיע, וועלכע האָט בעהאַנדעלט די רוסישע הערשאַפט אין אזיען. ער האָט זיך געהאַט אויסגעלערענט רוסיש; נור ער האָט געדיינקט, אַז אַזוי ווי איך בין געווען גוט בעקאַנט מיט סיביר וועל איך איהם קאָנען בעהילפיג זיין; און אַזוי ווי מיין פרוי׳ס געזונדהייט־צושטאַנד איז דאַמאָלס געווען שלעכט און דער דאָקטאָר האָט איהר בעפוילען גלייך צו פערלאָזען זשענעוואַ מיט די קאַלטע ווינטען, זיינען מיר אַוועק אין אָנפאַנג פריהלינג 1880, קיין קלאַרענס, וואו רעקלו האָט דאַמאָלס געוואוינט. מיר האָבען זיך בעזעצט אין אַ קליין הייזעל איבער די בלויע וואַסערען פון דער זשענעוואר אָזערע מיט דעם קלאָרען שנעע פון דעם באַרג מידי הינטער אונז. אַ טייכעל, וועלכער האָט גערוישט ווי אַ מעכטיגער שטראָם נאָך אַ רעגען, אַוועקטראָגענדיג מיט זיך אונגעהייערע פעלזען, האָט געפליסט פערביי אונזער פענסטער; און געגענאיבער אויף׳ן באַרג, האָבען מיר געקענט זעהן דעם אַלטען שלאָס „שאַטאַלאַר", דער שלאָס פון וועלכען די בעלי בתים פלעגען אַרויפלייגען שקלאַפען־צינזען אויף די אַרומיגע בויערען, ביז צו דער רעוואָלוציאָן פון 1799, ביי יעדער געלעגענהייט פון אַ געבורט, אַ חתונה אָדער אַ לויה. דאָ אין דיזען הייזעל, האָבענדיג די מיטאַרבייטערשאַפט פון מיין פרוי, מיט וועמען איך פלעג דיסקוטירען יעדע עראייגנים און יעדען אַרטיקעל, האָב איך אָנגעשאַפען די

בעסטע זאַכען, וועלכע איך האָב געשריבען פאַר „לע רעוואָלטע״, צווישען וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען „דער יונגער דור״. אַ בראָשורע, וועלכע איז פערשפּרייט געוואָרען אין הונדערטע טויזענדער עקזעמפּליאַרען אין אַלע שפּראַכען. דער פאַקט איז, אַז אין קלאַרענס האָב איך אויסגעאַרבייט דעם פונדאַמענט פון כמעט אַלעס, וואָס איך האָב שפּעטער אָנגעשריעבען. וואָס מיר, אַנאַרכיסטישע שרייבער, זייענדיג נע־ונד, צוזעעט איבער דער גאַנצער וועלט ברויכען אַם נויטווענדיגסטען, איז צו קומען אין בעריהרונג מיט געבילדעטע מענשען, וועלכע האָבען עהנליכע אידעען מיט אונז. אין קלאַרענס בין איך געקומען אין בעריהרונג מיט עליזע רעקלו און לאַ פראַנסיי, אויסער די אינטימע בעקאַנטשאַפט מיט די אַרבייטער, וועלכע איך האָב נאַטירליך אָנגעהאַלטען; און האָטש איך האָב פיעל געאַרבייט פאַר די געאָגראַפיע, האָב איך פון דעסטוועגען געלייסטעט פאַר דער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ מעהר ווי אימער.

---

די הינריכטונג פון אַלעקסאַנדער II.

---

אין רוסלאַנד האָט דער קאַמפף פאַר פרייהייט זיך אַלץ מעהר און מעהר פערשאַרפט. אַסך פּאָליטישע פּראָצעסען זיינען פאָרגעקומען פאַר די העכערע ריכטער. — דער משפט פון די „193״, פון די „50״, פון דעם דאָלגושין־קרוזשאָק, א. ז. וו. און אין אַלע האָט זיך אַרויסגעוויזען די זעלבע זאַך: די יוגענד האָט זיך אַלאַז געטהאָן צווישען די פויערים און די פאַבריק־אַרבייטער, פרייריגענדיג סאָציאַליזמוס פאַר זיי. סאָציאַליסטישע בראָשורען, געדרוקט אין רוסלאַנד, זיינען פערטהיילט געוואָרען; רעוואָלוציאָנערע אויפרופע זיינען פערשפּרייט געוואָרען געגען די דריקענדע עקאָנאָמישע צושטענדע. בקיצור, אַלעס וואָס ווערט מיטגעמאַכט אין אַלע אַנדערע לענדער דער וועלט, איז אויך אין דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציאָן אין רוסלאַנד מיטגעמאַכט געוואָרען. פון רעוואָלוציאָנערע פערשווערונגען, אָדער פאָרבע־רייטונגען, האָט מען ניט געקענט געפינען דעם מינדעסטען שפור. דער פאַקט איז, עס איז ניט געווען וואָס צו געפינען. די גרויסע מעהרצאָהל פון אונזער יוגענד איז דאַמאָלס געווען געגען אַזאַ מין טהעטיגקייט. נאָך מעהר, צוריק־בליקענדיג אויף יענער בעוועגונג אין די יאָהרען 1870 — 1878, קען איך זאָגען מיט פאָלשטענדיגער איבערצייגונג, אַז די מייסטע פון יענע יונגע לייט וואָלטען זיך געפיהלט צופרידען, ווען מען זאָל געווען זיי איינ־

פֿאַך ערלויבען צו לעבען מיט'ן מוזשיק און מיט'ן אַרבייטער, זיי צו לעהרנען, זיי צו העלפֿען אין טויזענדער פֿערשיעדענע אַנגעלעגענהייטען — פּריוואַט אָדער אַלס לאָקאַלע בעאַמטע — און וועלכע אַ געבילדעטער און ערנסטער מענש קען זיך מאַכען ניצליך פֿאַר די מאַסען פֿון פֿאָלק. איך האָב די מענשען געקענט און איך זאָג עס מיט פֿולער בעוואוסטזייט.

און דאָך, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די פּראָפּאַגאַנדיסטען זיינען געוועזען זעהר פֿריעדליכע, געבילדעטע מענשען, האָט מען זיי גרויזאַם בעשטראָפֿט, — אידיאָטיש־גרויזאַם, ווייל נאָך אַלעם האָט דאָך די רעגירונג געזאָלט פֿערשטעהן, אַז אַ בעוועגונג וועלכע איז אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט, קען מיט בלויזער ברוטאַליטעט ניט אונטערדריקט ווערען. קאַטאָרגאַ אויף זעקס, צעהן, צוועלף יאָהר אין די מינעס און דערנאָך לעבענסלענגליכע פֿערשיקונג אויף סיביר — איז געווען אַ געוועהנליכער פּסק. עס זיינען פֿאָרגעקומען אַזעלכע פֿעלע, וואו אַ פֿריילין, וועלכע האָט געקראָגען ניין יאָהר קאַטאָרגע און סיביר אויף'ן גאַנצען לעבען דערפֿאַר, וואָס זי האָט געגעבען איין איינציגע סאָציאַליסטישע בראָשורע צו אַן אַרבייטער. דאָס איז געווען איהר גאַנצער פֿערברעכען. אַן אַנדער מיידעל, פֿיערצען יאָהר אַלט, פֿריילין גוקאָווסקאַיאַ, איז פֿערשיקט געוואָרען אויף לעבענסלענגליכע סיביר דערפֿאַר, וואָס זי האָט געפּרואווט, פּונקט ווי געטהע'ס קלערכען אויפֿרעגען אַ גלייכגילטיגע מאַסע צו רעטען קאָוואַלעווסקי'ן און זיינע פֿריינד פֿון דער פּאָליציי, בעת מען האָט זיי געפֿיהרט צו דער תליה, — אַ טהאַט וועלכע איז פֿיעל נאַטירליכער אין רוסלאַנד, אפילו פֿון דעם רעגירונגס־שטאַנדפּונקט, ווייל דאָרט גיבט עס ניט קיין טויט־שטראָפֿע פֿאַר מערדער און איינפֿאַכע פֿערברעכער; דאָס הייגען פֿון די פּאָליטישע איז דאַמאָלס געווען אַ נייעס, און דאָס האָט נאַטירליך געקענט אויפֿקאָכען דאָס בלוט פֿון דעם קאַלטעסטען מענשען. פֿערוואָרפֿען ערגעץ אין דער מדבר פֿון סיביר, האָט זיך דאָס יונגע קינד דערטרונקען אין דעם יעניסיי. אפילו די וועלכע דער געריכט האָט בעפֿרייט, זיינען אויך פֿערשיקט געוואָרען פֿון די זשאַנדאַרמען אין סיביר און אין נאָרד־רוסלאַנד, וואו זיי זיינען פּשוט גע־שטאָרבען פֿון הונגער, אויף דער רעגירונגס פּענסיע פֿון דריי רובל אַ חודש. אין אַזעלכע דערפֿלעך זיינען קיין פֿאַבריקען ניטאָ און אַלס לעהרער האָט מען זיי קיין מאָל ניט צוגעלאָזען.

עפּעס ווי מען וואָלט וועלען נאָך שרעקליכער אויפֿפֿלאַקערען דעם צאָרען פֿון דער יוגענד, האָט מען די פֿעראורטהיילטע ניט גלייך אָבגעשיקט קיין סיביר. מען האָט זיי קודם כל אַריינגעזעצט אין די צענטראַלע טורמעס, וואו זיי האָבען שטאַרק מקנא געווען זייערע פֿריינד אין סיביר. דיזע טורמעס

וואַרעןווירקליך שווידערהאַפֿט. אין איינער פֿון זיי — אַ טיפּוס־גיהנום, ווי דער גלח פֿון דער געפֿענגנים האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ דרשה זיינע — האָט די שטערבליכקייט דערגרייכט ביז צוואַנציג פּראָצענט אין איין יאָהר. אין די צענטראַלע טורמעס, די קאַטאָרגע טורמעס אין סיביר און אין די קרעפּאָסטען האָבען זיך די אומגליקליקליכע געמוזט בענוצען מיט׳ן טויט־סטרייק, מיט׳ן הונגער־סטרייק, אום זיך צו בעשיצען געגען דער ברוטאַליטעט פֿון די וועכטער, אָדער אום צו קריגען די ערלויבניס צו אַרבייטען אָדער צו לעזען אין זייערע צעלען און דערמיט זיך צו רעטען פֿון אַ זיכערען וואַהנזין אין עטליכע מאָנאַט צייט... די שווידערליכקייט פֿון אַזעלכע סטרייקס, אין וועלכע מענער און פֿרויען האָבען זיך אָבגעזאָגט צו פֿערזוכען אירגענד וועלכע שפּייז זיבען אָדער אַכט טעג כסדר און פֿלעגען ליעגען בעוועגלאָז אין הינ־הער פלעט, דיזע שווידערליכקייט, וועלכע האָט געקענט ריהרען אפילו שטיינערנע הערצער, האָט אָבער די זשאַנדאַרמען ניט געריהרט. אין כאַרקאָוו זיינען די האַלב־טויטע געפֿאַנגענע צוגעבונדען געוואָרען מיט שטריק און מען האָט זיי מיט געוואַלד געשפּאַרט עסען אין מויל.

ידיעות פֿון דיזע גוואַלדטהאַטען זיינען דורכגעדרונגען די געפֿענגניסע, האָבען דורכגעקרייצט די גרענצלאָזע מדבריות פֿון סיביר און זיך פֿער־שפּרייט וויט און ברייט צווישען די יוגענד. עס איז געוועזען אַ צייט, ווען קיין איין וואָך איז ניט אַריבער, וואָס מען זאָל ניט ענטדעקען אַזעלכע און נאָך ערגערע שאַנד־טהאַטען.

דער לעצטער שטאַפּעל פֿון ערבּיטערונג האָט אָנגעפֿילט די הערצער פֿון די יונגע לייט. „אין אַנדערע לענדער״ האָבען זיי אָנגעהויבען טענה׳ן — „האָבען מענשען דעם מוטה ווידערצושטעהן. אַן ענגלענדער אָדער אַ פֿראַנצויז וואָלט ניט נעדולדעט אַזאַ סקאַנדאַל. ווי אַזוי קענען מיר זיי דולדען? לאָמיר זיך ענטגעגענשטעלען מיט וואַפֿען אין די הענד געגען די נאַכטיגע איבערפֿעלע פֿון די זשאַנדאַרען; זאָלען זיי ענדליך וויסען, אַז כל זמן אַן אַרעסט מיינט אַ לאַנגזאַמער און שענדליכער טויט אין זייערע הענד, — דאַן קענען זיי אונז קריגען ערסט נאָך אַ בלוטיגען קאַמפּף. אין אַדעס האָבען קאָוואַלסקי און זיינע פֿריינד מיט רעוואָלווער־שיסעריי עמפּפֿאַנגען די זשאַנדאַרען, וועלכע זיינען זיי געקומען אַרעסטירען.

דער ענטפֿער פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען אויף דיזע נייע בע־וועגונג וואַר — די פּראָקלאַמאַציאָן פֿון אַ בעלאַגערונגס־צושטאַנד. רוסלאַנד איז צוטהיילט געוואָרען אין פֿערשיעדענע אָבטהיילונגען, און איבער יעדע איז געוועזען אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר, וועלכער האָט ערהאַלטען דעם

בעפֿעהל צו הענגען די פּאָליטישע איינס נאָך דאָס אַנדערע. קאָוואַלסקי און זיינע פֿריינד, וועלכע האָבען מיט זייער שיסען קיינעם ניט דערהרג׳ט, — זיינען געהאַנגען געוואָרען. די תליה איז געווען אויף׳ן טאַגעסאָרדנונג. דריי און צוואַנציג פּערזאָן זיינען הינגעריכטעט געוואָרען אין פֿערלויף פֿון צוויי יאָהר, און אונטער זיי איז געווען אַ ניינצהען־יעהריגער אינגעל, וועלכען מען האָט געכאַפּט אויפֿקלעפּענדיג אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציע אין אַ וואָקזאַל. דיעזער אַקט — און איך זאָג עס מיט בעשטימטהייט — איז געווען זיין איינציגער פֿערברעכען. ער איז געווען בלויז אַ אינגעל און איז געשטאָרבען ווי אַ כֿאַן.

דאַמאָלס איז דער קריעגס־רוף פֿון די רעוואָלוציאָנערען געוואָרען „זעלבסט־פֿערטהיידיגונג": זעלבסט־פֿערטהיידיגונג געגען די שפּיאָנען, וועלכע האָבען זיך אַריינגעגנב׳עט אין די קרייזען אונטער דער מאַסקע פֿון פֿריינדשאַפֿט, און האָבען פֿערראַטהען גענאָסען רעכטס און לינקס, ווייל זיי וואָלטען ניט געקראָגען בעלאָהנט, ווען זיי וואָלטען ניט ארויסגעגעבען אַ גרויסע צאָהל פּערזאָנען; זעלבסט פֿערטהיידיגונג געגען די יעניגע, וועלכע האָבען געפּייניגט די געפֿאַנגענע; זעלבסטפֿערטהיידיגונג געגען די אַלמעכטיגע הויפּטלינגע פֿון דער שטאַאַט־פּאָליציי.

דריי בעאַמטע און אַ צוויי־דריי פּשוטע שפּיאָנען זיינען געפֿאַלען אין יענער נייער ריכטונג פֿון קאַמפּף. גענעראַל מעזענצאָוו, וועלכער האָט בעאיינפֿלוסט דעם צאַר צו פֿערדאָפּלען די שטראַפֿע נאָך דעם פּראָצעס פֿון די הונדערט דריי און ניינציג, איז דערהרג׳עט געוואָרען אין מיטען העלען טאָג אין פּעטערסבורג; אַ זשאַנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק, וועלכער האָט זיך פֿערשולדיגט אין עפּעס ערגערס ווי דאָס, האָט געקראָגען דעם זעלבען פּסק אין קיעוו; און דער גענעראַל גובערנאַטאָר פֿון כאַרקאָוו — מיין קאָזין, דימיטרי קראַפּאָטקין — איז דערשאָסען געוואָרען בעת ער איז געפֿאָהרען אַהיים פֿון אַ טהעאַטער. די צענטראַלע טורמע, אין וועלכער דער ערשטער הונגער־סטרייק איז פֿאָרגעקומען, איז געווען אונטער זיין אויפֿזיכט. אין דער נאַטור איז ער ניט געווען קיין שלעכטער מענש, — איך ווייס אַז זיינע פּערזענליכע געפֿיהלען זיינען געווען אַביסעל צו גונסטען פֿון די פּאָליטישע געפֿאַנגענע, אָבער ער איז געווען אַ שוואַכער מענש און אַן איינגעהער אין קייזערליכען הויף, און ער האָט גאָר ניט געטהאָן געגען די ברוטאַליטעט. איין איינציגער וואָרט זיינער וואָלט געקענט מאַכען אַ סוף צו די שלעכטע בעהאַנדלונג פֿון די געפֿאַנגענע. אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט איהם אַזוי ליעב געהאַט, און זיין שטעלונג אין הויף איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז זיין וואָרט וואָלט זיכער פֿיעל אויפגעטאָן.

„איך דאַנק דיר; דו האָסט געהאַנדעלט נאָך מיין אייגענעם וואונש"
— האָט דער צאַר צו איהם געזאָגט אַ פּאָר יאָהר פּאַר דיעזער געשיכטע, ווען ער איז געקומען אין פּעטערסבורג רעפּאָרטען, אַז ער האָט גענומען רוהיגע שטעלונג אין אַ ראַיאָט, וועלכער האָט אויסגעבראָכען אונטער דער אָרעמער בעפּעלקערונג פון כאַרקאָוו, און אַז ער האָט די בונטאָווטשיקעס בעהאַנדעלט זעהר מילד. אָבער דיזען מאָל האָט ער געגעבען זיין הסכמה צו די גרויזאַמקייט פון די געפּענגנים־אויפזעהער, און די יונגע לייט פון כאַרקאָוו זיינען געווען אַזוי ערביטערט איבער די בעהאַנדלונג פון זייערע פריינד, אַז איינער פון זיי האָט איהם דערשאָסען.

דאָך איז די פּערזענליכקייט פון צאַר אויסגעלאָזען געוואָרען אין דיעזען קאַמפף, און ביז צו דעם יאָהר 1879 איז קיין אַטענטאַט ניט גע־מאַכט געוואָרען אויף זיין לעבען. די פּערזאָן פון דעם בעפרייער פון די לייבאייגענע איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ מין הייליגקייט, וועלכע האָט איהם בעשיצט פיעל בעסער ווי די גאַנצע מאַסע טשינאָווניקעס. ווען אַלעקסאַנדער דער צווייטער וואָלט אין דיזען פאַל אַרויסגעוויזען אפילו דעם קלענסטען וואונש צו פערבעסער'ן די לאַגע אין רוסלאַנד; אויב ער וואָלט נור צוגעלאָזען איינעם אָדער צוויי פון יענע מענער, מיט וועלכע ער האָט מיטגעאַרבייט אין דער צייט פון דער רעפאָרם־פּעריאָדע און וואָלט זיי בעפוילען צו דערגעהן די אמת'ע לאַגע פון זיין לאַנד, אָדער בלויז פון די פויערים; אויב ער וואָלט אַרויסגעוויזען די קלענסטע אַבזיכט צו בעגרענע־צען די מאַכט פון דער געהיים־פּאָליציי, — וואָלט מען איהם אויף די הענ:ד געטראָגען. איין וואָרט וואָלט איהם צוריק־געגעבען זיין נאָמען: „דער בעפרייער" און נאָך אַמאָל וואָלט דער יונגער דור ווידערהאָלט הערצען'ס ווערטער: „דו האָסט בעזיעגט, גאַליליי".

אָבער פּונקט אַזוי ווי אין דער צייט פון פּוילישען מיאַטעזש האָט זיך אין איהם דערוועקט דער דעספּאָט, און פּונקט אַזוי ווי דאַן, זייענדיג אָנגערייצט פון קאַטקאָוו'ן, האָט ער אַרויסגעלאָזען דעם אוקאַז צו הייננען די פּאָליטישע און די בונטאָווטשיקעס, אַזוי אויך איצט, ווידער אַמאָל ווערענדיג בעאיינפלוסט פון דעמזעלבען קאַטקאָוו, האָט ער בעשלאָסען אַוועקצוזעצען ספּעציעלע מיליטערישע גובערנאַטאָרען — צו הענגען.

דאַמאָלס ערשט איז אַרויס אַ הייפעל רעוואָלוציאָנערען — דער עקזעקוטיווער קאָמיטעט — אונטערשטיצט פון דער וואַקסענדער אונצופרי־דענהייט פון די געבילדעטע קלאַסען און אפילו פון פּערזאָנען פון דעם קייזערליכען הויף גופא, און האָט ערקלעהרט יענע מלחמה געגען די

זעלבסטהערשאַפט, וועלכע האָט זיך סוף כל סוף געענדיגט אין 1881 מיט דעם טויט פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען.

ווי שוין פֿריהער בעמערקט, האָבען זיך אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטען געבאָרעט צוויי פֿערשידענע מענשען; און איצט האָט דער קאַמפּף צווישען זיי ביידען, וועלכער האָט געהאַלטען אין איין וואַקסען די גאַנצע צייט פֿון זיין לעבען, דערגרייכט אַן אמת טראַגישע שטופֿע. ווען ער איז געקומען פנים אל פנים מיט סאָלאָוויאָוו׳ן, וועלכער האָט אויף איהם אויס־געשאָסען און ניט געטראָפֿען דעם ערשטען מאָל, איז דער צאַר נאָך געווען מוטהיג גענוג צו ענטלויפֿען ניט אין אַ גלייכער ליניע, זאָנדערען זיגזאַג, בעת סאָלאָוויאָוו האָט געהאַלטען אין איין שיסען אויף איהם; און אַזוי אַרום איז ער אָבגעקומען בלויז מיט אַ לייכטען ריס אין פּאַלטאָ. אין דעם טאָג פֿון זיין טויט האָט ער אויך בעוויזען ניט וועניג מוטה. פנים אל פנים מיט אמת׳ער געפֿאַהר פֿלעגט ער בלייבען אונערשראָקען, אָבער ער האָט תמיד געציטערט פֿאַר די שרעקענס־בילדער פֿון זיין אייגענע פֿאַנטאַזיע. איין מאָל האָט ער אויסגעשאָסען אויף זיין אַדיוטאַנט, בעת דער לעצטער האָט זיך פּלוצלינג אַ ריהר געטהאָן, און אַלעקסאַנדער האָט געמיינט אַז ער געהט איהם דער׳הרג׳נען. בלויז אום צו רעטען זיין לעבען האָט ער איבערגעגעבען זיין גאַנצע קייזערליכע מאַכט צו מענשען, וועלכע האָבען זיך וועניג געקימערט אום איהם, אַבי אָנצוהאַלטען זייערע רייכע שטעלען.

ער איז, אָהן צווייפֿעל, געבליבען געטריי צו דער מוטער פֿון זיינע קינדער, כאָטש ער האָט שוין דאַמאָלס געלעבט מיט דער פֿירסטין יורעווסקי־דאָלגאָרוקאָוואַ, און וועלכער ער האָט גלייך געהייראַט נאָך דער קייזערין׳ס טויט.

„רעדט צו מיר ניט וועגען די קייזערינע; איך לייד צו פֿיעל" — פֿלעגט ער פֿיעל מאָל זאָגען לאָריס מעליקאָוו׳ן. און דאָך האָט ער אין גאַנצען פֿערלאָזען די צאַרינע מאַריע, וועלכע איז איהם געווען אַזוי געטריי אין דער צייט, ווען ער איז געווען דער בעפֿרייער. ער האָט זי געלאָזען שטאַרבען אין דעם פּאַלאַץ גאַנץ אַליין. אַ בעריהמטער רוסישער דאָקטאָר, וועלכער איז יעצט טויט, האָט דערצעהלט זיינע פֿריינד, אַז ער, אַ פֿרעמדער, האָט שרעקליך געליטען צוזעהענדיג די נאַכלעסיגקייט, מיט וועלכער די קייזערינע איז בעהאַנדעלט געוואָרען אין איהר לעצטע קראַנקהייט, — פֿערלאָזען פֿון די הויף־דאַמען, האָבענדיג ביי זיך בלויז צוויי פֿריינדינען, וועלכע זיינען איהר געווען שטאַרק איבערגעגעבען. איהר מאַן דער קייזער, פֿלעגט איהר בלויז שענקען יעדען טאָג אַ קורצען אָפֿיציעלען וויזיט. געוואוינט האָט ער דערווייל אין אַן אַנדער פּאַלאַץ.

ווען דער עקזעקוטיווער קאָמיטעט האָט געמאַכט דעם ריזיקאַלישען שריט אויפֿצורייסען דעם ווינטער־פּאַלאַסט גופא, איז אַלעקסאַנדער דער צווייטער געוואָרען זעהר פֿערצווייפֿעלט; ער האָט פֿערלאָרען דעם קאָפּף. ער האָט געגרינדעט אַ סאָרט דיקטאַטור, איבערגעבענדיג די גאַנצע מלוכה לאָריס מעליקאָוו׳ן. דיזער גענע־אַל איז געווען אַן אַרמעניער, וועמען דער צאַר האָט שוין פֿריהער געהאַט איין מאָל איבערגעגעבען די גאַנצע דיקטאַטאָרישע מאַכט, בעת די שוואַרצע פּעסט האָט געהאַט אויסגעבראָכען אַרום דער וואָלגאַ. דייטשלאַנד האָט דאַן געסטראַשעט אַרויסצורופֿען איהרע טרופּען און שטעלען רוסלאַנד אונטער קאַראַנטין, אויב די פּעסט וועט ניט איינגעשטילט ווערען. איצט, אַז אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט געזעהן אַז ער קען זיך ניט פֿערלאָזען אפילו אויף זיין אייגענע לייב־גוואַרדיע, האָט ער זיך ווידער אַמאָהל איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען צו לאָריס מעליקאָוו. אַזוי ווי דיזער גענעראַל איז געוועזען בעוואוסט אַלס ליבעראַלער, האָט דיזער שריט אָנגעצייגט אויף גוטע צייטען. מען האָט געקענט אין קורצען ערוואַרטען אַ נאַציאָנאַל־פֿערזאַמלונג צו שאַפֿען אַ קאָנסטיטוציאָן. אָבער אַזוי ווי קיין נייער אַטענטאַט איז אויף׳ן צאַר׳ס לעבען ניט געמאַכט געוואָרען גלייך נאָך דער עקספּלאָזיאָן, איז דער צאַר געוואָרען אַביסעל שטייפֿער ביי זיך, און אין עטליכע מאָנאַט אַרום, נאָך איידער מעליקאָוו האָט אָנגעהויבען עפּעס צו טהאָן, איז ער שוין געוואָרען אויס מאַכער, נור בלויז אַן איינפֿאַכער מיניסטער. די אָפֿטע מעלאַנכאָלישע אַטאַקען, וועגען וועלכע איך האָב שוין פֿריהער גערעדט, בעת אַלעקסאַנדער דער צווייטער פֿלעגט האָבען שטאַרקע געוויסענסביסע איבער דעם רעאַקציאָנערען כאַראַקטער פֿון זיין אימפּעריע, זיינען יעצט געוואָרען פֿיעל געוואַלטיגער. ער פֿלעגט זיצען און וויינען שטונדען־ווייז, און מעליקאָוו פֿלעגט ווערען פֿערצווייפֿעלט. דאַן פֿלעגט ער אַ פֿרעג טהאָן דעם מיניסטער: „ווען וועט שוין אַ מאָל אייער קאָנסטיטוציאָנס־פּלאַן פֿערטיג ווערען?" און בעת מעליקאָוו האָט איהם אין אַ צוויי טעג אַרום מודיע געווען, אַז דער פּלאַן איז שוין פֿערטיג, האָט שוין דער קייזער געהאַט פֿערגעסען וועגען אַלעס. „האָב איך דען עפּעס דערמאָנט מכח דעם?" פֿלעגט ער פֿרעגען — „צו וואָס? לאָמיר דאָס שוין ליעבער איבערלאָזען צו מיין נאַכפֿאָלגער, לאָז דאָס זיין זיין מתנה פֿאַר רוסלאַנד".

ווען עס האָט זיך פֿערשפּרייט אַ סלוך וועגען אַ נייע פֿערשווערונג, האָט ער ווידער זיך גענומען צו דער רעפֿאָרם־אַרבייט; נור אַזוי שנעל, ווי עס איז אַלעס ווידער שטיל געוואָרען צווישען די רעוואָלוציאָנערען, האָבען זיינע רעאַקציאָנערע יועצים גלייך געקראָגען די אויבערמאַכט איבער איהם

און ער האָט אַלעס געלאָזען. ביים אַלטען. יעדע מינוט האָט מעליקאָוו ערוואַרטעט אַראָבגעזעצט צו ווערען.

אין פֿעברואַר 1881, האָט איהם מעליקאָוו מודיע געווען, אַז דער עקזעקוטיוועד קאָמיטעט האָט ווידער אַ מאָל געפּלאַנט אַ פֿערשווערונג, וועלכע מען קען בשום אופן ניט אויסגעפֿינען. גלייך האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער בעשלאָסען צוזאַמענצורופֿען דעלעגאַטען פֿון אַלע פּראָווינצען. אַזוי ווי ער איז אָבער געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז אויף איהם וועט פֿאַלען דער זעלבער גורל וואָס אויף לואיס דעם זעכצעהנטען, פֿלעגט ער אָנרופֿען דיזע צוזאַמענשטעלונג פֿון דעלעגאַטען „די פֿערזאַמלונג פֿון בעריהמטהייטען” פּונקט ווי די, וועלכע איז פֿערזאַמעלט געוואָרען פֿון לואיס דעם זעכצעהנטען בעפֿאָר די נאַציאָנאַל אסעמבלי אין 1789. דער פּלאַן האָט געזאָלט פֿאָרגעלייגט ווערען פֿאַר׳ן שטאַאַטס־ראַטה; אָבער דאָ האָט דער צאַר ווידער אַמאָל אָנגעהויבען חרטה צו קריעגען, ערשט אין דעם פֿריהמאָרגען פֿון דעם ערשטען מערץ 1881, נאָך די לעצטע אזהרה פֿון לאָרים מעליקאָוו, האָט ער ענדליך אַרויסגעגעבען דעם אוקאַז פֿאָרצולייגען דעם פּלאַן פֿאַר׳ן שטאַאַטס־ראַטה דעם קומענדען דאָנערסטאָג. דאָס איז געווען אין אַ זונטאָג; און לאָרים מעליקאָוו האָט איהם געבעטען ניט צו געהן אויף׳ן פּאַראַד דעם טאָג, אום אויסצומיידען אַן אַטענטאַט אויף זיין לעבען; אָבער ער האָט איהם ניט געהערט; ער האָט זיך געוואָלט זעהן מיט דער גרויס־פֿירסטין יעקאַטערינאַ (די טאָכטער פֿון זיין טאַנטע העלענאַ פּאַוולאָוונאַ, וועלכע איז געווען איינע פֿון די פֿיהרער פֿון דער עמאַנציפּאַציאָנס פּאַרטיי אין 1861), און איהר ברייננגען די פֿרעהליכע בשורה פֿון זיין בעשלוס.

מ׳י דערצעהלט, אַז ער זאָל איהר האָבען געזאָגט: „איך האָב מיך בעשלאָסען איינצובערופֿען אַ נאַציאָנאַל פֿערזאַמלונג”, דאָך איז דיזער פֿערשפּעטיגטער און ניט ווילענדיגער קאָמפּראָמיס ניט בעקאַנט געמאַכט געוואָרען. און אויף׳ן וועג צוריק צום ווינטער־פּאַלאַץ איז ער געטויטעט געוואָרען...

ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, איז בעוואוסט. אַ באָמבע איז געוואָרפֿען געוואָרען אונטער זיין אייזערנע קאַרעטע, עטליכע טשערקעסען זיינען פֿערוואונדעט געוואָרען. ריסאַקאָוו, וועלכער האָט די באָמבע געוואָרפֿען איז אויף דער שטעלע אַרעסטירט געוואָרען. דאַן, כאָטש דעם צאַר׳ס קוטשער האָט איהם געבעטען ניט אַרויסצוגעהן פֿון דער קאַרעטע, וועלכע איז ניט געווען אַזוי שטאַרק צושעדיגט, האָט ער דאָך זיך איינגעשפּאַרט דוקא אַרויסצוגעהן. ער האָט געפֿיהלט, אַז זיין מיליטערישע ווירדע פֿאָדערט פֿון

איהם צו זעהן די פֿערוואונדעטע טשערקעסען, אום זיי צו טרייסטען, פונקט ווי ער פֿלעגט טרייסטען די פֿערוואונדעטע אין דער טערקישער מלחמה, בעת אַ משוגענער אַנגריף אויף פלעוונאַ, וועלכער איז געווען אַ זיכערער דורכפֿאַל פֿון אָנהויב אָן, איז געמאַכט געוואָרען לכּוד זיין געבורטס-טאָג. דער צאַר איז צוגעגאַנגען צו ריסאַקאָוו'ן און האָט איהם עפּעס געפֿרעגט; דערוויל האָט גרינעוויצקי, וועלכער איז געשטאַנען דערלעבען, געוואָרפֿען אַ צווייטע באָמבע צווישען זיך און דעם קייזער, אַזוי אַז ביידע זאָלען צושמעטערט ווערען. ביידע האָבען זיי געלעבט בלויז עטליכע שטונדען.

דאָרט אי. אַלעקסאַנדער דער צווייטער געלעגען אויף'ן שנעע אין אַ טייך בלוט, פֿערלאָזען פֿון יעדען איינציגען פֿון זיינע נאָכפֿאָלגער! אַלע זיינען זיי פֿערשוואונדען. קאַדעטען זיינען עס געווען, וועלכע צוריקגעהענדיג פֿון פּאַראַד, האָבען זיי אויפֿגעהויבען דעם גוסס'דיגען קייזער פֿון שנעע און איהם אַריינגעלייגט אין אַ שליטען, צודעקענדיג זיין ציטערדיגען קערפּער מיט אַ קאַדעטסקען מונדיר און זיין הוילע קאָפּ מיט אַ קאַדעטסקע היטעל, און איינער פֿון די רעוואָלוציאָנערען, עמעליאַנאָף, וועלכער האָט געטראָגען אונטערן אָרם אַ באָמבע איינגעוויקעלט אין אַ פּאַפּיער, און וועלכער האָט אויף'ן שטעל געקענט אַרעסטירט און געהאַנגען ווערען, איז אויך צוגעלאָפֿען העלפֿען דעם פֿערוואונדעטען מאַן. די מענשליכע נאַטור איז פֿול מיט אַזעלכע קאָנטראַסטען.

אַזוי האָט זיך געענדיגט די טראַגעדיע פֿון אַלעקסאַנדער דעם צוויי-טען'ס לעבען. דאָס פֿאָלק האָט ניט געקענט פֿערשטעהן, ווי אַזוי עס איז מעגליך געווען, דאָס אַ צאַר, וועלכער האָט אַזוי פֿיעל אויפֿגעטהאָן פֿאַר רוסלאַנד, זאָל געפֿינען זיין טויט דורך די הענד פֿון רעוואָלוציאָנערען. מיר, וואָס איך האָב געהאַט די געלעגענהייט צוצוזעהן די ערשטע רעאַקציאָנערע שריט פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען און זיין שטופֿענווייזע אַראָבזינקונג, מיר, וואָס איך האָב אַריינגעבליקט אין זיין קאָמפּליצירטען כאַראַקטער, — דער כאַראַקטער פֿון אַ געבוירענעם הערשער, וועמעס געוואַלדטהאַטען זיינען בלויז אַביסעל געווען פֿערגלעט פֿון בילדונג, דער כאַראַקטער פֿון אַ מענשען, וועלכער בעזיצט מיליטערישע גאַלאַנטקייט, און וועמען עס פֿעהלט דאָך דער קוראַזש פֿון אַ שטאַאַטס-מאַן, פֿון אַ מענשען מיט שטאַרקע ליידענ-שאַפֿטען און אַ שוואַכען ווילען, — מיר איז דאָס אַלעס פֿאָרגעקומען פונקט, ווי איך וואָלט זעהן שעקספּיר'ס אַ דראַמע זיך ענטוויקלענדיג פֿאַר מיינע אויגען מיט איהר אונפֿערמיידליך-טראַגישען סוף. זיין לעצטער אַקט איז פֿאַר מיר געווען אָנגעשריבען אין דעם טאָג, ווען איך האָב איהם געהערט

ריידען צו אונז, געענדיגטע אָפּיצירען, אַם 13־טען יוני 1862, גלייך נאָך דעם ווי ער האָט פֿעראָרדענט די ערשטע הינריכטונגען אין פּוילען.

די גריינדונג פֿון דער „הייליגער ליעג".

אַ שרעקליכע סומאַטאָכע האָט געהערש אין׳ם קייזערליכען הויף אין פּעטערסבורג. אַלעקסאַנדער דער דריטער, וועלכער איז אַזוי אויך ניט געוועזען קיין גרויסער העלד, כאָטש ער וואר זעהר גרויס און שטאַרק געבויט, האָט זיך בשום אופן ניט געוואָלט בעזעצען אין דעם ווינטער־פּאַלאַץ און האָט זיך נעבעך בעהאַלטען אין׳ם שלאָס פֿון זיין זיידען, פּאַוועל דעם ערשטען, אין גאַטשינאַ. איך קען דיעזען אַלטען בנין, וועלכער איז געבויט ווי אַ פֿעסטונג אַרומגערינגעלט מיט גראָבענס און וואַכט־טהורעמס, פֿון וועלכע סעקרעטנע טרעפּען פֿיהרען צום קייזער׳ס צימער. איך האָב גע־זעהען דיזע פֿערבאָרגענע פֿאַל־טהירען, דורך וועלכע מען האָט געקענט אַריינשליידערען דעם פֿיינד צווישען די שאַרפֿע פֿעלזען אונטען אין וואַסער; אויך די געדרעהטע טרעפּען, וועלכע האָבען געפֿיהרט צו די אונטעראירדישע טורמעס און צו אַ הייל, וועלכע האָט זיך געצויגען ביז אין טייך אַריין. אַלע פּאַלאַסטען פֿון פּאַוועל דעם גרויסען זיינען אויף אַזאַ׳ן אופן געבויט געוואָרען. צו דיזער צייט האָט מען געהאַלטען אין גראָבען אַן אונטער־אירדישער גאַלעריע, וועלכע איז געווען בעזאָרגט מיט אָטאָמאַטישע דראָטען אום זי צו בעשיצען פֿון די רעוואָלוציאָנערע מינעס; דיזע גאַלעריע איז געמאַכט געוואָרען אַרום דעם אַניטשקאָוו פּאַלאַסט, אין וועלכען אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט געוואוינט בעת ער איז נאָך געווען אַ נאַסלעדניק.

עס איז אויך געגרינדעט געוואָרען אַ סעקרעטנע געזעלשאַפֿט צו בעשיצען דעם צאַר. אַלערליי אָפּיצירען זיינען אַריינגעצויגען געוואָרען אין דיעזע געזעלשאַפֿט דורך אונגעהייער פֿערגרעסערטע געהאַלטען, אַבי זיי זאָלען זיך אונטערנעהמען פֿרייוויליג דורכצושפּיאָנירען אַלערליי קלאַסען מענשען. דערביי זיינען אויך נאַטירליך פֿאָרגעקומען זעהר קאָמישע סצענעס: צוויי אָפּיצירען, ניט וויסענדיג, אַז זיי בעלאַנגען ביידע צו דיזעלבע ליעג, פֿלעגען זיך איינער דעם אַנדערען אַריינציהען אין אַ רעוואָלוציאָנערען געשפּרעך, פֿאָהרענדיג צוזאַמען אויף אַ באַהן, און דערנאָך האָבען זיי זיך איינער דעם אַנדערען אַרעסטירט, אום נור אין לעצטען מאָמענט אויסצו־געפֿינען אַז זייער גאַנצע מיה איז געווען אַרויסגעוואָרפֿען פֿאַר׳ן הונט. דיעזע ליעג עקזיסטירט נאָך יעצט אין אַ מעהר אָפֿיציעלער פֿאָרמע אונטער׳ן

נאָמען „אָבראַנאַ" (בעשיצונג), און פֿון צייט צו צייט שרעקען זיי איבער דעם צאַר מיט אַלערליי כלומרשט'דיגע סכנות, אום אויפֿצוהאַלטען זייער עקזיסטענץ.

נאָך אַ פֿיעל מעהר סעקרעטנע אָרגאַניזאַציאָן, — „די הייליגע ליגע" — איז אין דער זעלבער צייט געגרינדעט געוואָרען אונטער די לייטונג פֿון דעם צאַר'ס ברודער, וולאַדימיר, מיט דעם צוועק צו בעקעמפֿפֿען די רעוואָלוציאָנערען מיט אַלע מיטלען. איינע פֿון דיזע מיטלען איז געווען צו ערמאָרדען די יעניגע ענטרונענע רוסישע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע מען האָט חושד געווען, אַז זיי זיינען געווען די פֿיהרער פֿון די לעצטע פֿער־שווערונגען. איך בין געווען גערעכענט אַלס איינער פֿון זיי. דער גרויספֿירשט האָט שטאַרק געזוידעלט די אָפֿיציערען פֿון דעם ליגע פֿאַר זייער פֿייגהייט, בעדויערענדיג וואָס עס געפֿינט זיך ניט קיין איינער פֿון זיי, וועלכער זאָל האָבען דעם מוטה צו ערמאָרדען אַזעלכע פּאָליטישע פֿליכטלינגע, און אַן אָפֿיציער, וועלכער איז געווען אַ פּאַזש צוזאַמען מיט מיר, איז ערוועהלט געוואָרען פֿון דער ליגע אויסצופֿיהרען דיזע ספּעציעלע אַרבייט.

דער פֿאַקט איז, אַז די רעוואָלוציאָנערען אין אויסלאַנד האָבען זיך גאָר ניט געמישט אין דער אַרבייט פֿון דעם עקזעקוטיווען קאָמיטעט אין פּעטערסבורג. צו געהן לייטען פֿערשווערונגען פֿון דער שווייץ אויס, בעת די, וואָס זיינען געווען אין פּעטערסבורג האָבען געאַרבייט אונטער דער גרעס־טער לעבענס־געפֿאַהר, וואָלט געווען איינפֿאַך אַ משוגעת, און, ווי סטעפּניאַק און איך האָבען שוין עטליכע מאָל געשריבען, קיינער פֿון אונז וואָלט ניט אָנגענומען די צווייפֿעלהאַפֿטע מיסיאָן אויסצואַרבייטען פּלענער פֿון אויסלאַנד. אָבער, עס פֿערשטעהט זיך, אַז אַזוי האָט עס געפּאַסט דער פּעטערסבורגער פּאָליציי צום רומעל, כדי צו קענען טענה'ן, אַז זיי זיינען מאַכטלאָז צו בעשיצען דעם צאַר, מחמת אלע פּלענער ווערען אויסגעאַרבייט אין אויסלאַנד, און זייערע שפּיאָנען — איך ווייס עס גענוי — האָבען זיי צוגעשיקט רעפּאָרטען נאָך איבער גענוג מכוח די געוואַלדיגע אויסלענדישע געפֿאַהרען.

סקאָבעלאָוו, דער העלד פֿון דער טערקישער מלחמה, איז אויך איינגעלאַדען געוואָרען זיך אָנצושליעסען אין דיזען ליגע; אָבער ער האָט זיך ענטשיעדען ענטזאַגט. עס שטעלט זיך אַרויס פֿון לאָרים מעליקאָוו'ס איבערגעלאָזענע פּאַפּירען, אַ טהייל פֿון וועלכען אַ פֿריינד זיינער האָט פֿערעפֿענטליכט אין לאָנדאָן, אַז ווען אַלעקסאַנדער דער דריטער איז ארויף אויף'ן טראָהן און האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט צוזאַמענצורופֿען אַ נאַציאָ־נאַל־פֿערזאַמלונג, האָט סקאָבעלאָוו זאָגאַר פֿאָרגעשלאָגען פֿאַר לאָרים מעליקאָוו'ן און גראַף איגנאַטיעוו („דער ליגנערישער פּאַשאַ", ווי די

קאָנסטאַנטינאָפּאָלער דיפּלאָמאַטען פּלעגען איהם רופען), צו אַרעסטירען אַלעקסאַנדער דעם דריטען און איהם צווינגען אונטערצושרייבען אַ קאָנ־סטיטוציאָנעלען מאַניפעסט; אָבער איגנאַטיעוו זאָל האָבען דיזען פּלאַן איבערגעגעבען דעם צאַר; דערפאַר, זאָגט מען, האָט ער געקראָגען די שטעלע אַלס ערשטער מיניסטער.

אויב די רוסישע ליבעראַלען וואָלטען אַרויסגעצייגט דעם מינדעסטען מוטה אָדער קראַפט פון אָרגאַניזירטע טהעטיגקייט צו יענער צייט, וואָלט אַ נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג זיכער צוזאַמענגערופען געוואָרען. פון די זעלבע דאָקומענטען פון לאָריס מעליקאָוו קען מען זעהן, אַז אַלעקסאַנדער דער דריטער איז געווען צופרידען, ביז אַ געוויסער צייט, אַזאַ פערזאַמלונג צוזאַמענצורופען. ער האָט געהאַט ביי זיך בעשלאָסען דאָס צו טהאָן, און ער האָט עס מודיע געווען זיין ברודער אויך. דער אַלטער ווילהעלם דער ערשטער האָט איהם אויך אונטערשטיצט אין דיזען בעשלוס. נור ווען ער האָט דערזעהן, אַז די ליבעראַלען טהוען גאָרניט בשעת די קאַטקאָוו־פּאַרטיי איז געווען אַזוי טהעטיג אין דער קאָנסערוואַטיווער זייט, און דער פּאָליציי־מייסטער, אַנדרע, האָט איהם געהאַלטען אין איין איינריידען אויסצוקווילענען אַלע ניהיליסטען און אָנצייגען ווי אַזוי דאָס קען געטהאָן ווערען — נור דאַן האָט אַלעקסאַנדער דער דריטער ענדליך בעשלאָסען צו ערקלעהרען, אַז ער בלייבט זעלבסטהערשער פאַר אימער.

איך בין אויסגעוויזען געוואָרען פון דער שווייץ אויף'ן בעפעהל פון'ם פעדעראַל־ראַטה עטליכע מאָנאַט נאָך אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס טוידט. דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך צו דער שווייץ קיין טענות ניט געהאַט. אָנגעגריפען פון די מאָנאַרכישע קעניגרייכען דערפאַר וואָס זי איז דער מקום מקלט פון אַלע פּאָליטישע פערברעכער, און געסטראַשעט פון דער רוסישער אָפּיציעלער פּרעסע מיט אַן אַלגעמיינער אויסווייזונג פון די שוויי־צאַרישע גובערנאַנטקעס, וועלכע זיינען צאָהלרייך אין רוסלאַנד, האָט די שווייצאַרישע רעגירונג געמוזט צוליעבטהאָן דער רוסישער פּאָליציי, לכל הפחות מיט אַזאַ קליינינגקייט, ווי אַרויס צו טרייבען אַזעלכע חברה לייט ווי איך פון איהר מדינה. אָבער איך בעדויער זעהר, שוין צוליעב די שווייץ גופא, וואָס אַזאַ מין שריט איז געמאַכט געוואָרען. דאָס האָט בעשטעטיגט די נאַרישע טהעאָריע פון „פערשווערונגען געמאַכט אין דער שווייץ", און עס איז געווען אַן ערקלעהרונג פון שוואַכקייט, מיט וועלכער איטאַליען און פראַנקרייך האָבען זיך גלייך בענוצט. מיט צוויי יאָהר שפּעטער, בשעת זשול פעררי האָט פאָרגעשלאָגען איטאַליען און דייטשלאַנד די צוטהיילונגען פון דער שווייץ, איז זיין אַרגומענט אַוודאי געווען, אַז די שווייץ האָט אַליין

מורה געווען, אַז זי איז „דער הויפּט פּלאַץ פון אינטערנאַציאָנאַלע קאָנס־פּיראַציעס". דיעזער ערשטער קאָמפּראָמיס האָט געפיהרט צו נאָך מעהר חוצפּה'דיגע פאָדערונגען, און האָט בלי ספק געשטעלט די שווייץ אין אַ פיעל מעהר אָבהענגיגע לאַגע, ווי זי וואָלט זאָנסט געווען.

דער אויסווייזונג'ס־בעפעהל איז מיר איבערגעגעבען געוואָרען, גלייך נאָכדעם ווי איך בין צוריק געקומען פון לאָנדאָן, וואו איך האָב בייגעוואָהנט דעם אַנאַרכיסטישען קאָנגרעס פון יולי 1881. נאָך'ן קאָנגרעס בין איך פערבליבען עטליכע וואָכען אין ענגלאַנד, שרייבענדיג די ערשטע אַרטיקלען איבער רוסישע אַנגעלעגענהייטען פון אונזער שטאַנדפּונקט אויס, פאַר דעם „ניוקאַסטל קראָניקיל". די ענגלישע פּרעסע איז צו יענער צייט געווען דער ווידער־קול פון קאַטקאָף און די רוסישע זשאַנדאַרמעריע, — און איך בין געווען מלא שמחה, בעת הער יאָזעף קאָהען האָט מיר בעוויליגט פּלאַץ אין זיין צייטונג פיר מיינע אידעען.

איך בין נאָר וואָס געהאַט אַהיים געקומען זיך זעהען מיט מיין פרוי אין די הויכע בערג, וואו זי האָט געוואוינט, לעבען די הויז פון עליזעע רעקלו, ווען מי האָט מיר געגעבען דעם אוקאַז צו געהן ווייטער. מיר האָבען אַוועקגעשיקט די עטליכע פּעקלעך וואָס מיר האָבען פאַרמאָגט, צו דער נאָהענטסטער באַהן סטאַציאָן און אַליין זיינען מיר אַוועק צו־פוס קיין איגעל, געניעסענדיג צום לעצטען מאָל דאָס נאַטור־בילד פון די בערג, וועלכע מיר האָבען אַזוי געליעבט. מיר האַבען דורכגעקרייצט די בערג, זיי דורכשניידענדיג אַזוי, אַז מיר זאָלען זיך איינשפּאָרען וועג, און מיר האָבען געלאַכט זעהענדיג, אַז אַנשטאָט קירצען דעם וועג, האָבען מיר גאָר לאַנגע קרומע וועגען בעפאָר אונז; און בעת מיר זיינען געקומען צום סאַמע טהאָל, האָבען מיר ערשט איבער'ס־נייע געמוזט דורכוואַנדערען דעם שטויביגען וועג. דער קאָמישער צופאַל, וועלכער יאַוועט זיך תמיד אונטער אַזעלכע אומשטענדען, איז דעם מאָל געקומען פון אַן ענגלישע דאַמע. אַ רייך־געקליידעטע מאַדאַם, אָנגעלעהנט אויף'ן שולטער פון אַ העררען אין אַ געדונגענע קאַרעטע, האָט צוגעוואָרפען עטליכע ביכלעך צו די צוויי אָרעם־געקליידעטע טרעמפּס, פערבייפאָהרענדיג פאַר ביי זיי. איך האָב אויפגעהויבען די הייליגע שמות פון שטויב. דאָס איז אפנים געווען איינע פון די וואָס גלויבען, אַז זיי זיינען קריסטען, און האַלטען עס פאַר זייער חוב צו פערשפּרייטען הייליגע שריפטען צווישען די „אפּיקורסישע אויסלענדער". דיינקענדיג, אַז מיר וועלען וואַהרשיינליך בעגעגענען די הייליגע פרוי אויף'ן וואָגזאַל, האָב איך אויפגעשריבען אויף איינעם פון די ביכלעך דעם בעקאַנטען פּסוק מכח וואָס ס'וועט פאָרקומען מיט די רייכע אין גאָט'ס מלוכה אויף'ן

הימעל, און עהנליכע פּאַסענדע פּסוקים פֿון דער ביבעל מכח די פּאַריזעער' וועלכע זיינען די דם שונאים פֿון אמת'ן קריסטענטהום. יוען מיר זיינען אָנגעקומען קיין איגעל, האָט זיך די דאָמע אונטערגעלעהנט איהר פֿרומע הארץ מיט אַ היבשע פּאָרציע מאכלים אין דער קאַרעטע. זי האָט הפּנים מעהר הנאה געהאַט צו רייזען אין דעם אָפֿענעם פֿאַיעטאָן, ווי אין די געשטיקטע וואַגאָנען, פֿאָהרענדיג אין דעם הערליכען טהאָל אויף דער פֿרישער שמעקענדער לופֿט. איך האָב איהר גאַנץ העפֿליך צוריקגעגעבען איהרע ספרים, איהר זאָגענדיג, אַז איך האָב צו זיי נאָך צוגעפֿיגט אַ סך פּסוקים, וועלכע זי וועט געפֿינען ניצליך פֿאַר איהר אייגענע בעלעהרונג. זי האָט ניט געוואוסט צו זי זאָל אויף מיר אַרויפֿפֿאַלען מיט אַ גרימצאָרען, אָדער זי זאָל מקבל זיין איהר חלק מיט קריסטליכע געדולד. איהרע אויגען האָבען אויסגעדריקט ביידע געפֿיהלען, איינס נאָך'ס אַנדערע מיט געוואַלדיגער שנעלקייט.

מיין פֿרוי האָט געהאַלטען ביין בעלייגען עקזאַמען אין דער זשענעווער אוניווערזיטעט פֿון'ם וויסענשאַפֿטליכען פֿאַקולטעט, און מיר האָבען דאַרום זיך בעזעצט אין אַ קליין שטעטעלע אין פֿראַנקרייך, טהאָנאָן, ניט ווייט פֿון דער זשענעוואַ אָזערא. דאָרט זיינען מיר פֿערבליבען עטליכע מאָנאַט.

וואָס אַנבעלאַנגט צום טויטעס-אורטהייל פֿון דער הייליגער ליגע, איז מיר אָנגעקומען אַ ידיעה וועגען איהם פֿון איינעם פֿון די העכסטע בעאַמטע פֿון רוסלאַנד. אפילו דער נאָמען פֿון דער פֿרוי, וועלכע איז געשיקט געוואָרען פֿון פּעטערסבורג קיין זשענעוואַ אַן דער שפּיצע פֿון ריעזער פֿערשווערונג געגען מיין פּערזאָן, איז מיר אויך בעקאַנט געמאַכט געוואָרען. איך האָב אַלזאָ איינפֿאַך מיטגעטהיילט דעם פֿאַקט און די נעמען דעם זשענעווער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער לאָנדאָנער „טיימס", איהם בעטענדיג זיי צו פֿערעפֿענטליכען אויב עס וועט עפּעס פּאַסירען מיט מיר, און איך האָב אָנגעשריבען אַ נאָטיץ אין „לאַ רעוואָלטע" מכוח דעם. דאָס אָבגעטהאָן, האָט מיך די גאַנצע מעשה מעהר ניט געקימערט, מיין פֿרוי האָט דאָס אָבער ניט בעטראַכט מיט אַזאַ לייכטען געמיטה, און די גוטע בויערען-פֿרוי, מאַדאַם סאַנסאָ, וועלכע האָט אונז געהאַלטען אין לאָזשי אין טהאָנאָן, און וועלכע האָט אויסגעפֿונען פֿון דער פֿערשווערונג געגען מיר פֿון אַ גאַנץ אַנדערער קוועלע (דורך איהרע אַ שוועסטער, וועלכע איז געוועזען אַן אַמם אין דער פֿאַמיליע פֿון אַ רוסישען שפּיאָן), האָט מיך געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. איהר הייזעל איז געווען אויסערען שטאָדט, און ווען איך פֿלעג געהן אין שטאָדט אַריין אויף דער נאַכט — אַמאָל אום אָבצוּוואַרטען מיין פֿרוי ביין וואָקזאַל — האָט זי תמיד געהאַט אַ תירוץ מיך צו לאָזען בעגלייטען

פֿון איהר מאַן מיט אַ לאַטערנע. „אַט ציהט זשע בלויז אויף איין רגע׳לע מאַסיע קראַפּאָטקין״, פֿלעגט זי זאָגען; „אַט געהט גראַדע מיין מאַן אין זעלבען וועג עפּעס איינקויפֿען, און ווי איהר ווייסט, טראָגט ער דאָך תמיד מיט זיך אַ לאַטערנע!״ אָדער אַ ניט, פֿלעגט זי אונטערשיקען איהרען אַ ברודער ער זאָל מיר נאָכגעהן פֿון דער ווייטענס, אום איך זאָל איהם ניט זעהן.

---

צוריק נאָך לאָנדאָן.

---

אין אָקטאָבער אָדער נאָוועמבער 1881, גלייך נאָכדעם ווי מיין פֿרוי האָט געענדיגט איהר עקזאַמען, האָבען מיר זיך איבערגעצויגען פֿון טהאָנאָן קיין לאָנדאָן, וואו מיר זיינען פֿערבליעבען קנאַפּע צוועלף מאָנאַט. פֿון יענער צייט זיינען ניט פֿיעל יאָהרען פֿאַראיבער, און דאָך קען איך זאָגען אַז דער אינטעלעקטועלער לעבען פֿון לאָנדאָן און פֿון גאַנץ ענגלאַנד איז דאַן געווען גאַנץ אַנדערש פֿון דעם וואָס ער איז געוואָרען אַביסעלע שפּעטער. אַלע ווייסען אַז אין די פֿערציגער יאָהרען איז ענגלאַנד געשטאַנען כמעט אַן דער שפּיצע פֿון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג פֿון אייראָפּאַ; אָבער אין די רעאַקציאָנס־יאָהרען, וועלכע האָבען נאָכגעפֿאָלגט, איז די גרויסע בעוועגונג, וועלכע האָט געמאַכט אַ טיעפֿען רושם אויף די אַרבייטער קלאַסען, און אין וועלכער אַלעס וואָס ווערט איצטער פֿאָרגעבראַכט אַלס וויסענשאַפֿטליכער אָדער אַנאַרכיסטישער סאָציאַליזמוס, איז שוין דאַמאָלסט געזאָגט געוואָרען, געקומען צו אַ שטילשטאַנד. אַלעס איז פֿערגעסען גע־וואָרען אין ענגלאַנד ווי אויך אין גאַנץ אייראָפּאַ, און דאָס וואָס די פֿראַנצויזישע שרייבער רופֿען אָן „די דריטע ערוואַכונג פֿון פּראָלעטאַריאַט״, האָט זיך נאָך ניט געהאַט אָנגעהויבען אין ענגלאַנד.

די אַרבייט פֿון דער אַגריקולטור קאָמיסיאָן פֿון 1871, די פּראָפּאַ־גאַנדאַ צווישען די לאַנד־אַרבייטער, און די פֿריהערדיגע אַגיטאַציאָן פֿון די קריסטליכע סאָציאַליסטען האָבען זיכערליך עטוואָס בייגעטראָגען אָבצוראַמען דעם וועג; אָבער דער אויסברוך פֿון דער סאָציאַליסטישער כוואַליע, וועלכער איז געקומען נאָך דער אַרויסגאַבע פֿון העענרי דזשאָרדזשעס „פּראָגרעס און פּאָווערטי״ האָט נאָך ניט געהאַט שטאַטגעפֿונען.

דעם יאָהר וועלכען איך האָב דאַן פֿערבראַכט אין לאָנדאָן, איז געווען אַ יאָהר פֿון אמת׳ן גלות. פֿאַר דעם מענשען, וועלכער האָט געהאַט פֿאָרטגעשריטענע סאָציאַליסטישע אידעען, איז דאָרט ניט געווען גענוג לופֿט

צו אָטהעמען. ס'איז נאָך דאָרט ניט געווען קיין סימן פֿון דער לעבעדיגער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, וועלכע איך האָב געטראָפֿען אַזוי שטארק ענטוויקעלט אין 1886, בשעת איך בין צוריקגעקומען קיין ענגלאַנד. פֿון בוירנס, טשעמפּיאָן און האַרדי האָט מען נאָך דעמאָלט ניט געהערט; די פֿאַביאַנער האָבען נאָך ניט עקזיסטירט; מאָררים האָט זיך נאָך ניט געהאַט ערקלעהרט פֿאַר אַ סאָציאַליסט; און די יוניאָנס, וועלכע זיינען אין לאָנדאָן געווען בעשרענקט אויף בלויז עטליכע פּריזווילעגירטע פֿאַכען, זיינען געווען פֿיינדליך צום סאָציאַליזמוס. די איינציגע טהעטיגע און אויסגע־שפּראָכענע פֿאָרשטעהער פֿון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג זיינען געווען היינדמאַן און זיין פֿרוי מיט עטליכע אַרבייטער אַלס זייערע אַנהייגגער. אין יעסען 1881, האָבען זיי געהאַט אָבגעהאַלטען אַ קליינעם קאָנגרעס, און מיר האָבען געפֿלעגט אין שפּאַס זאָגען — אָבער עס איז געווען ניט ווייט פֿון אמת — אַז מרס, היינדמאַן האָט עמפּפֿאַנגען דעם גאַנצען קאָנגרעס ביי זיך אין הויז. נאָך מעהר, די מעהר אָדער וועניגער סאָציאַליסטיש־ראַדיקאַלע בעוועגונג, וועלכע איז אָהנע צווייפֿעל פֿאָרגעקומען אין די מענשליכע מחות, האָט זיך ניט אַרויסגעוויזען פֿראַנק און עפֿענטליך.

יענע נשקשהדיגע צאָהל געבילדעטע מענער און פֿרויען, וועלכע זיינען ערשיענען אין די עפֿענטליקייט מיט פֿיער יאָהר שפּעטער, און אָהנע זיך אַרויסצוגעבען אַלס סאָציאַליסטען, פֿלעגען זיך בעטהייליגען אין פֿערשיעדענע בעוועגונגען פֿאַר דעם וואָהלזיין און די אויפֿקלעהרונג פֿון די מאַסען, און וועלכע האָבען איצט בעשאַפֿען כמעט אין אַלע שטעדט פֿון ענגלאַנד און אין שאָטלאַנד אַ גאַנץ נייעם ראַדיקאַליזמוס און אַ נייע געזעל־שאַפֿט פֿון רעפֿאָרמערס, — יענע מענער און פֿרויען האָבען זיך נאָך דאַמאָלס ניט געלאָזט זעהן. געווען זיינען זיי נאַטירליך; זיי האָבען געדיינקט, זיי האָבען זיך אויסגעשפּראָכען; אַלע עלעמענטען פֿון אַ ווייט פֿערשפּרייטעטע בעוועגונג האָבען שוין עקזיסטירט; אָבער ניט געפֿינענדיג יענע צוציהונגס־צענטערס, וועלכע די סאָציאַליסטישע גרופּען זיינען שפּעטער געוואָרען, זיינען זיי פֿערלאָרען געוואָרען אין דער מאַסע; אָדער זיי האָבען זיך ניט געקאָנט איינס דאָס אַנדערע, אָדער זיי זיינען אַליין נאָך ניט געווען זעלבסט בעוואוסט.

טשייקאָווסקי איז דאַמאָלס געווען אין לאָנדאָן, און ווי אין די פֿרי־הערדיגע יאָהרען, האָבען מיר אָנגעהויבען אַ פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די אַרבייטער. מיט דער הילפֿע פֿון עטליכע ענגלישע אַרבייטער, מיט וועלכע מיר זיינען בעקאַנט געוואָרען ביין קאָנגרעס פֿון 1881, אָדער וועלכע זיינען צוגעצויגען געוואָרען צום סאָציאַליזמוס דורך די פֿערפֿאָלגונגען פֿון

אָהאַן מאָסט, האָבען מיר זיך בעגעגבען אין די ראַדיקאַלע קלובס, ריידענ־דיג איבער רוסישע אַנגעלעגענהייטען, איבער די בעוועגונג פֿון אונזער יוגענד אין פֿאָלק, און איבער'ן סאָציאַליזמוס בכלל. מיר האָבען געהאַט לעבערליך קליינע פובליקום'ס, זעלטען מעהר ווי אַ טוצען מענשען. פֿון צייט צו צייט פֿלעגט אויפֿשטעהן אַ גרייז־גרויער טשאַרטיסט פֿון די צוהערער און אונז זאָגען, אַז אַלעס וואָס מיר ווילען איז שוין געפרעדיגט געוואָרען מיט פֿערציג יאָהר פֿריהער, און איז דאַן בעגריסט געוואָרען מיט ענטהוזיאַזמוס פֿון מאַסען אַרבייטער, נאָר איצטער איז אַלעס טויט, און ס'איז ניטאָ קיין האָפֿנונג די בעוועגונג איבער'ס ניי לעבעדיג צו מאַכען.

ה' הײנדמאַן האָט נאָר וואָס געהאַט אַרויסגעלאָזען זיין פּראַכטפֿאָלע דאַרלעגונג פֿון מאַרקסיסטישען סאָציאַליזמוס אונטער דעם נאָמען „ענגלאַנד פֿאַר אַלעמען", און איך געדיינק, ווי איין טאָג אין זומער 1882, האָב איך איהם ערנסט געראַטהען אַרויסצוגעבען אַ סאָציאַליסטישע צייטונג. איך האָב איהם דערצעהלט מיט וועלכע שוואַכע כחות מיר האָבען גענומען אַרויס־געבען „לאַ רעוואָלטע", איך האָב פֿאָראויסגעזאָגט אַ זיכערען ערפֿאָלג, אויב ער וועט נאָר מאַכען אַן אָנהויב. אָבער דער צושטאַנד איז דאַמאָלס געווען אַזעלכער, אַז אפילו ער האָט געהאַלטען די אונטערנעהמונג פֿאַר אונמעגליך ביז וואַנען עס וועט ניט זיין די מיטלען מיט וועלכע מ'זאָל קענען דעקען די הוצאות. ס'קען זיין ער איז געווען גערעכט; אָבער בשעת ער האָט מיט דריי יאָהר שפּעטער אַרויסגעלאָזען „דזשאַסטיס", האָבען זי די אַרבייטער הערצליך אונטערשטיצט, און אין אָנפֿאַנג פֿון 1886 זיינען געווען דריי סאָציאַליסטישע צייטונגען, און די סאָציאַל דעמאָקראַטישע פֿעדעראַציאָן איז געווען אַן איינפֿלוסרייכע קערפּערשאַפֿט.

אין זומער 1882 האָב איך גערעדט אין אַ געבראָכענעם ענגליש, פֿאַר די דורהעם קוילען־אַרבייטער אויף זייער יאַהרעספֿערזאַמלונג; איך האָב געהאַלטען פֿאָרטרעגע אין ניו־קאַסטל, גלאַזגאָו און עדינבורג איבער די רוסישע בעוועגונג, און בין עמפֿפֿאַנגען געוואָרען מיט ענטהוזיאַזמוס; מאַסען אַרבייטער פֿלעגען שרייען הורראַ פֿאַר די ניהיליסטען, נאָך'ן מיטינג אויף'ן גאַס. אָבער מיין פֿרוי און איך האָבען זיך געפֿיהלט אַזוי איינזאַם אין לאָנדאָן, אונזער מיה צו ערוועקען אַ סאָציאַליסטישע בעוועגונג האָט געשיינט אַזוי האָפֿנונגסלאָז, אַז אין 1882 האָבען מיר ווידער אַמאָל בעשלאָסען זיך צו בעזעצען אין פֿראַנקרייך. מיר וואַרען זיכער אַז אין פֿראַנקרייך וועל איך אין אַ קורצע צייט אַרעסטירט ווערען, אָבער מיר פֿלעגען אָפֿט זאָגען איינער צום אַנדערען, „שוין גלייכער אַ פֿראַנצויזישער געפֿענגניס ווי דיזער קבר".

די מענשען וואָס ריידען תמיד פֿון דער „קריכעדיגער" עוואָלוציאָן

זאָלען שטודירען די ענטוויקלונג פֿון סאָציאַליזמוס אין ענגלאַנד. עוואָלוציאָן איז לאַנגזאַם, אָבער איהר גאַנג איז ניט תמיד עגאַל. זי האָט איהרע צייטען פֿון שלעפּעריגקייט און איהרע צייטען פֿון פּלוצליכען פּראָגרעס.

---

די אונטערהאַנדלונג פֿון איגנאַטיעוו מיט׳ן איספּאָלניטעלנעם קאָמיטעט.

---

ווידער אַמאָל האָבען מיר זיך בעזעצט אין טהאָנאָן, אין לאָזשי מיט מאַדאַם סאַנסאָ. מיין ווייבס אַ ברודער, וועלכער איז געווען אין דער לעצטער שטופּע פֿון שווינדזוכט, איז געקומען אין די שווייץ, און האָט אויך געוואוינט מיט אונז צוזאַמען.

אַזוי פֿיעל רוסישע שפּיאָנען ווי איך האָב געזעהן אין די צוויי מאָנאַט, וואָס איך בין געווען אין טהאָנאָן האָב איך נאָך צייט איך לעב ניט געזעהן. קודם כל, קוים האָבען מיר אַריינגעצויגען אין אונזער דירה, האָט גלייך אַ פֿערדעכטיגער פּערזאָן, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבען פֿאַר אַן ענגלענדער, אָבגעדונגען די אַנדערע העלפֿט הויז, זיך געבענדיג די מיה אַריינצוקומען אונטער יעדען מין אויסרייד. איך קען מיר פֿאָרשטעלען וואָס פֿאַר אַ וואונדערליכע רעפּאָרטען זיי האָבען געשריבען. אַ שפּיאָן מוז רעפּאָרטען. אַז ער זאָל בלויז זאָגען, אַז ער איז געשטאַנען אַ גאַנצע וואָך אין גאַס און האָט קיין סעקרעטנעס ניט בעמערקט, וועט ער גלייך אָדער קריגען קלע־נערען געהאַלט אָדער אין גאַנצען אַוועקגעשיקט ווערען.

דאַמאָלס איז עס געווען די גאָלדענע צייט פֿאַר די רוסישע טאַינע פּאָליציי. איגנאַטיעף׳ס פּאָליטיק האָט געבראַכט פּרוכט. עס זיינען געווען אַ צוויי דריי פּאָליצייסקע קערפּערשאַפֿטען, וועלכע האָבען קאָנקורירט איינס מיט דאָס אַנדערע, און אַלע האָבען זיי געהאַט וויפֿיעל געלד זיי האָבען נור געוואָלט, און זיי פֿלעגען אָנפֿיהרען די גרעסטע אינטריגען. דער פּאָל־קאָווניק סודייקין, למשל, דער הויפּט פֿון איינע פֿון די אַבטהיילונגען, — אינטריגירענדיג מיט אַ געוויסען דעגאַיעף, וועלכער האָט איהם נאָכאַלעמען געטויטעט, — האָט גע׳מסר׳ט איגנאַטיעף׳ס שפּיאָנען פֿאַר די זשענעווער רעוואָלוציאָנערען, און האָט געאָפּפערט די טעררארִיסטען אין רוסלאַנד אַלע געלעגענהייטען צו הרג׳ענען דעם מיניסטער דער אינערען, גראַף טאָלסטאָי, און דעם גרויספֿירסט וולאַדימיר בעמערקענדיג דערביי, אַז ער אַליין וואָלט דאַן ערוועהלט געוואָרען אַלס מיניסטער, מיט דיקטאַטאָרישער מאַכט און דער צאַר וואָלט דאַן געווען אין גאַנצען אין זיינע הענד. דיעזע טהעטיגקייט

פֿון דער רוסישער פּאָליציי האָט זיך שפּעטער אַביסעל געענדיגט מיט דעם אַוועק־גנב'ענען פֿון'ם פּרינץ פֿאָן באַטענבערג פֿון בולגאַריען.

די פֿראַנצויזישע פּאָליציי האָט אויך געקוקט מיט אַלע אויגען. די פֿראַגע „וואָס פֿאַר עסקים האָט ער אין טהאָנאָן?" האָט זיי ניט געלאָזען רוהען. איך האָב ווייטער רעדיזשירט „לאַ רעוואָלטע" און האָב מיטגעאַרבייט פֿאַר די ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ און דעם „ניוקאַסטל קראָניקעל". אָבער וואָס פֿאַר אַ רעפּאָרטען האָט מען געקענט מאַכען דערפֿון?

איינמאָל האָט דער לאָקאַלער זשאַנדאַרם אָבגעשטאַטעט אַ בעזוך מיין בעל־הבית'טע. ער האָט געהערט אין גאַס דאָס רוישען פֿון אַ מאַשין, און האָט געוואָלט רעפּאָרטען, אַז איך האָב אין הויז אַ סעקרעטנע דרוק־מאַשין. ער איז אַלזאָ געקומען אין מיין אַבוועזענהייט און האָט געבעטען ביי דער בעל־הבית'טע זי זאָל איהם ווייזען די דרוקעריי. זי האָט געענטפֿערט אַז קיינע מאַשינען זיינען ניטאָ, און האָט בעמערקט, אַז עס קען זיין אַז ער האָט געהערט דעם גערויש פֿון איהר נעה מאַשין. אָבער ער האָט זיך ניט געלאָזען אַוועקמאַכען מיט אַזאַ פּראָזאַאישען תירוץ און האָט פּשוט געצוואונגען די ווירטין, נעהען אויף דער מאַשין, זיך צוהאָרכענדיג פֿון אינעווייניג און פֿון אויסענווייניג און צו זיין זיכער, אַז דאָס רוישען וואָס ער האָט געהערט איז געוועזען דאָס זעלבע וואָס ער הערט איצטער.

„וואָס טהוט ער דעם גאַנצען טאָג?" האָט ער געפֿרעגט.

„ער שרייבט".

„ער שרייבט דאָך נישט דעם גאַנצען ליעבען טאָג".

„ער זעגט האָלץ אין גאָרטען מיטאָגצייט, און אַרום פֿיער, פֿינף אַ זייגער געהט ער שפּאַצירען". דאָס וואַר אין נאָוועמבער.

„אַהאַ, איך פֿערשטעה שוין! ווען עס ווערט דונקעל?" און ער האָט ביי זיך אין ביכעל פֿערצייכענט, ער געהט קיינמאָל ניט אַרויס סיידען ביי נאַכט".

איך האָב מיר נאָך דאַמאָלס נישט געקענט ערקלעהרען וואָס דיזע ספּעציעלע בעוואַכונג פֿון די רוסישע שפּיאָנען בעדייטעט. אָבער עס האָט וואַהרשיינליך געמוזט האָבען אַ שיכות מיט דעם פֿאָלגענדען. ווען איגנאַטיעף איז ערוועהלט געוואָרען ערשטער מיניסטער, איז ער געפֿאַלען אויף אַ נייעם פּלאַן. ער האָט אַוועק־געשיקט אַ מאַסע שפּיאָנען אין די שווייץ, און איינער פֿון זיי האָט זיך גענומען אַרויסגעבען אַ צייטונג, וועלכע האָט ביז צו אַ געוויסער שטופֿע אַגיטירט פֿאַר די פֿערברייטונג פֿון דער פּראָווינציעלער זעלבסטרעגירונג אין רוסלאַנד; אָבער איהר הויפּט צוועק וואַר צו בעקעמ־פּפֿען די רעוואָלוציאָנערען, און צוזאַמענצונעהמען אונטער איהר באַנער אַלע פֿליכטלינגע, וועלכע האָבען ניט סימפּאַטיזירט מיט'ן טעררארִיזמוס. דאָס

איז נאַטירליך געווען אַ מיטעל אַרויסצוראָפען אַ שפּאַלטונג. דאַן, בעת במעט אַלע מיטגלידער פון דעם עקזעקוטיווען קאָמיטעט וואַרען שוין אַרעסטירט, און עטליכע פון זיי זיינען געווען ענטלאָפען קיין פאַריז, האָט איגנאַטיעף געשיקט אַן אַגענט און האָט פאַרגעשלאָגען שלום. ער האָט פערשפּראָכען, אַז עס וועלען ניט מעהר זיין קיין היגריכטונגען איבער די פערשווערונגען פון דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען׳ס הערשאַפט, אפילו ווען די וואָס זיינען אַנטלאָפען זאָלען אריינפאַלען צו דער פּאָליציי אין די הענד; אַז טשערנישעווסקי וועט בעפרייט ווערען פון סיביר; און אַז אַ קאָמיסיע וועט ערוועהלט ווערען צו רעווידירען די פּראָצעסען פון אַלע די, וועלכע זיינען פערשיקט געוואָרען קיין סיביר אויף אַדמיניסטראַטיוונעם אופן. פון זיין זייט, זאָל דער עקזעקוטיווער קאָמיטעט צוזאָגען, אַז ער וועט ניט מאַכען קיין אַטענטאַט אויף׳ן צאַר ביז איבער די קאָראָנאַציע. דער קאָנט־ראַקט איז געשלאָסען געוואָרען אין פאַריז און איז פוןביידע זייטען ניט געבראָכען געוואָרען. די טעררּאָריסטען האָבען זיך צוריקגעהאַלטען. קיינער איז ניט היגגעריכטעט געוואָרען פאַר אַנטהייל נעהמען אין פריהערדיגע פערשווערונגען; די, וואָס זיינען שפּעטער אַרעסטירט געוואָרען אויף דיזע בעשולדיגונג זיינען איינגעקערקערט געוואָרען אין דער רוסישער באַסטיל שליסעלבורג, פון וואַנען מי האָט פון זיי קיין וואָרט ניט געהערט 15 יאָהר, און וואו דאָס רוב געפינט זיך ביז אויף הייגטיגען טאָג. טשערנישעווסקי איז צוריקגעבראַכט געוואָרען פון סיביר, און איז געהאַלטען געוואָרען אין אַסטראַכאַן, וואו ער איז אָבגעשניטען געוואָרען פון גאַנצען אינטעלעקטועלען לעבען פון רוסלאַנד, און אין אַ קורצע צייט אַרום געשטאָרבען. אַ קאָמיטע איז דורך דורך סיביר, בעפרייענדיג מאַנכע פּאָליטישע, און בעשטימענדיג טערמינען פאַר די איבריגע. מיין ברודער אַלעקסאַנדער האָט פון איהר געקראָגען נאָך אַ צוגאָב פון פינף יאָהר סיביר.

ווען איך בין געווען אין לאָנדאָן, אין 1882, האָט מען מיר איין מאָל מודיע געווען, אַז אַ מאַן וועלכער איז אַן עכטער אַגענט פון דער רוסישער רעגירונג, און קען דאָס מיר איבערצייגען, וויל מיט מיר מאַכען אַ משא ומתן. „זאָגט איהם אַז אויב ער וועט אַריינקומען צו מיר אין הויז וועל איך איהם אַראָבוואַרפען פון אַלע טרעפּען", איז געווען מיין תשובה. דער רעזולטאַט דערפון איז מסתמא געווען, אַז כאָטש איגנאַטיעף האָט גערעכענט אַז דער צאַר האָט ניט וואָס מורא צו האָבען פאַר דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט, מיט וועלכען ער האָט געמאַכט שלום ביז צו דער קאָראָנאַציע, האָט ער אָבער מורא געהאַט, אַז די אַנאַרכיסטען וועלען איהם טהאָן שלעכטס, און ער האָט מיך געוואָלט אונשעדליך מאַכען.

די בעוועגונג אין פראַנקרייך.

---

די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג האָט געהאַט דורכגעמאַכט אַ היבשע ענטוויקלונג אין פראַנקרייך אין די יאָהרען 1881 און 1882. אַלע האָבען געגלויבט אַז דער פראַנצויזישער גייסט איז פיינדליך צום קאָמוניזמוס, און אין דעם אינטערנאַציאָנאַל האָט מען דאַרום געפּרעדיגט דעם „קאָלעקטיוויז־מוס". דאָס האָט דאַן בעדייטעט די בעזיצונג פון מאַשינערי געמיינשאַפטליך, און יעטוועדע גרופּע בעזונדער זאָל פאַר זיך אָבמאַכען, צו די פּראָדוקטען זאָלען פערטהיילט ווערען אויף אַן אינדיווידואַליסטישען אָדער אויף אַ קאָמוניסטישען אופן. אין אמת׳ן אָבער האָט דער פראַנצויז בלויז פיינד דעם מאָנאַכישען קאָמוניזמוס, די פאַלאַנסטעריע פון די אַלע שוהלען. ווען די זשוראַ פעדעראַציאָן, האָט זיך אויף איהר קאָנגרעס אין 1880 דרייסט ערקלעהרט פאַר׳ן אַנאַרכיסטישען קאָמוניזמוס, — דאָס הייסט צום גונסטען פון פרייען קאָמוניזמוס, — האָט דער אַנאַרכיזמוס געוואונען פיעלע אַנהענגער אין פראַנקרייך. אונזער צייטונג האָט זיך אָנגעהויבען פערברייטען אין יענע לאַנד, אַ טיכטיגע קאָרעספּאָנדענץ איז געפיהרט געוואָרען מיט פראַנצויזישע אַרבייטער, און אַ וויכטיג אַנאַרכיסטישע בעוועגונג האָט זיך ראַש ענטוויקעלט אין פאַריז און אין מאַנכע פּראָווינצען, בעזאָנדערס אין דער ליאָן געגענד.

בעת איך בין דורכגעפאָהרען פראַנקרייך אין 1881 אויף׳ן וועג פון טהאָנאָן קיין לאָנדאָן, האָב איך בעזוכט ליאָן, סט. עטיען און וויען, דאָרט האַלטענדיג פאָרטרעגע און איך האָב אין דיעזע שטעדט בעגעגענט אַ רעכט ביסעל אַרבייטער, וועלכע זיינען געווען בערייט אָנצונעהמען אונזערע אידעען.

ביין ענדע 1882 האָט אין ליאָן געהערשט אַ שרעקליכער קריזיס. די זייד־אינדוסטריע וואַר פּאַראַליזירט, און די נויט צווישען די וועבער איז געווען אַזוי גרויס, אַז מאַסען קינדער פלעגען שטעהן יעדען פריהמאָרגען ביי די קאַזאַרמעס, וואו די זעלנער האָבען צוטהיילט די פּאָר ביסען ברויט, וואָס זיי האָבען געקענט אָבשפּאָרען פון זייערע פּאָרציעס. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון גענעראַל בולאַנזשע׳ס פּאָפּולאַריטעט, ווייל ער האָט ערלויבט דיעזע פערטהיילונג פאַר די הונגעריגע קינדער. די מינען אַרבייטער זיינען אויך ניט פיעל בעסער אָב געווען.

איך האָב געוואוסט אַז די אונצופרידענהייט איז גרויס, נאָר איך האָב געהאַט פערלוירען די אינטימע בעריהרונג מיט די פראַנצויזישע אַר־בייטער אין די עלף מאָנאַט וואָס איך בין געווען אַוועק אין לאָנדאָן.

עטליכע וואָכען נאָכדעם ווי איך בין געווען צוריק אין טהאָנאָן האָב איך געלייענט אין די צייטונגען, אַז די אַרבייטער פון מאָנסאָ-לע-מין, זייענדיג אויפגערעגט געגען די פאַנאַטיש-קאַטוילישע מינען-אייגענטהימער, האָבען אָנגעהויבען אַ שטיקעל בעוועגונג; זיי האָבען אָבגעהאַלטען סעקרעטנע פערזאַמלונגען, וואו מען האָט גערעדט פון אַן אַלגעמיינעם סטרייק; די שטיינערנע בריקלעך וואָס ווערען אויפגעבויט אויף אַלע וועגען ארום די מינעס, זיינען צו־וואָרפען געוואָרען אָדער וואַרען צוריסען פון דינאַמיט, וועלכען די אַרבייטער געברויכען אין די מינעס, און האַלטען אָפט ביי זיך. די אַגיטאַציאָן אין ליאָן איז אויך געוואָרען געוואַלדיגער. די אַנאַרכיסטען, וועלכע זיינען געווען אַ רעכט ביסעל אין דיזער שטאָדט, האָבען ניט דורכגעלאָזען קיין איין מיטינג פון די אָפּאָרטוניסטישע פּאָליטיקער וואו זיי זאָלען אויך זייערע אידען ניט הערען לאָזען, — שטורמענדיג די פלאַט־פאָרמע אַלס לעצטער מיטעל. זיי האָבען פאָרגעבראַכט רעזאָלוציאָנען, וועלכע האָבען ערקלעהרט אַז די מינעס און אַלע פראָדוקציאָנס-מיטלען, ווי אויך די וואוינונגען, בעלאַנגען צום פאָלק; און דיזע רעזאָלוציאָנען זיינען עמפפאַנגען געוואָרען מיט ענטהוזיאַזמוס, צום שרעק פון די מיטעל־קלאַסען.

דער כעס פון די אַרבייטער געגען די פּאָליטישע פיהרער און שטאָדט-בעאַמטע, און אויך געגען די פרעסע, וועלכע האָט דעם שרעקליכען קריזיס צו נישט געמאַכט, איז געוואַקסען מיט יעדען טאָג. זיי האָבען צו מאָל ניט פרובירט טהאָן וואָס אַ האָר איז ווערטה צו לינדערען דעם הונגער. זוי געוועהנליך אין אַזעלע צייטען, איז דער צאָרען פון די אָרעמערע מענשען געווען געריכטעט געגען די פערגניגענס-פלעצער, וועלכע זיינען אין צייטען פון הונגער און נויטה נאָך מעהר בולט, מחמת זיי שטעלען מיט זיך פאָר דעם נידריגען עגאָאיזמוס און די אויסגעלאַסענהייט פון די רייכערע קלאַסען. דער פלאַץ, וועלכער איז געווען בעזאָנדערס פערהאַסט פון די אָרעמע איז געווען די אונטעראירדישע קאַפע פון׳ם טהעאַטער בעלעקור, וואו מי האָט געקענט זעהן צייטונגסלייט און פּאָליטיקער הולטייענדיג גאַנצענע נעכט אין דער געזעלשאַפט פון פרעהליכע נקבות. קיין פערזאַמלונג איז ניט אָבגעהאַלטען געוואָרען, ביי וועלכער דיזער רעסטאָראַן איז ניט דערמאָנט געווען, און איין נאַכט האָט דאָרט געפלאַצט אַ באָמבע, געשליידערט פון אַן אונבעוואוסטער האַנד. אַן אַרבייטער וועלכער פלעגט דיזע קאַפע פון צייט צו צייט בעזוכען, האָט זיך אַלאָז געטהאָן אויסלעשען די צונד־רעהר פון דער באָמבע, און איז דערהרג׳עט געוואָרען, ווערענד עטליכע הולטייסקע פּאָליטיקער זיינען אָבגעקומען מיט לייכטע וואונדען. אויף׳ן צווייטען טאָג

האָט עקספּלאָדירט אַ באָמבע ביי דער טהיר פֿון אַ רעקרוטען־ביוראָ, און מי האָט געזאָגט אַז די אַנאַרכיסטען האָבען געהאַט בדעה אויפֿצורייסען די ריעזען סטאַטוע פֿון דער הייליגער מאַריע, וועלכע שטעהט אויף איינעם פֿון די בערג אַרום ליאָן. מי מוז אַליין וואוינען אין ליאָן גופא אָדער אין דער געגענד, אום צו האָבען אַ בעגריף ווי ווייט די בעפֿעלקערונג און די שוהלען זיינען נאָך עד היום אין די הענד פֿון די קאַטוילישע גלחים, אום צו פֿערשטעהן די שנאה וואָס די מענשען האָבען אויף די פּפּאַפּען.

אַ טויטשרעק האָט איצט אַרומגעכאַפּט די רייכערע קלאַסען פֿון ליאָן. ביז זעכציג אַנאַרכיסטען — אַלע אַרבייטער, און בלויז איין מיטעל־קלאַס מענש, עמיל גאָטיע, וועלכער וואַר גראָד אויף אַ פֿאָרלעזונגס־טור אין דער געגענד — זיינען אַרעסטירט געוואָרען. די ליאָנער צייטונגען האָבען זיך דערוויול גענומען אויפֿהעצען די רעגירונג געגען מיר, מיך פֿאָרשטעלענדיג אַלס דעם פֿיהרער פֿון דער אַגיטאַציאָן, וועלכער איז געקומען דירעקט פֿון ענגלאַנד אָנצופֿיהרען די בעוועגונג. רוסישע שפּיאָנען האָבען ווידער אַמאָל גענומען פּאַראַדירען אין אונזער קליין שטעדטעל, כמעט יעדען טאָג האָב איך בעקומען בריעף, וואַהרשיינליך געשריבען פֿון שפּיאָנען פֿון דער אינטערנאַציאָלער פּאָליציי, ריידענדיג פֿון אַ דינאַמיט פֿערשווערונג, אָדער מיר דערצעהלענדיג בסוד, אַז מי שיקט מיר קאַסטענס דינאַמיט. איך האָב געמאַכט אַ שפּאָרע קאָלעקציאָן פֿון דיזע בריעף, אויף וועלכע איך פֿלעג אויפֿשרייבען „אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליציי״, און זיי זיינען אַלע פֿערנומען געוואָרען פֿון די פֿראַנצויזישע זשאַנדאַרען, בעת זיי האָבען ביי מיר געמאַכט אַן אָביסק, אָבער זיי האָבען ניט געסמייעט דיזע בריעף פֿאַר די ריכטער פֿאָרצובריינגען, און צוריקגעגעבען האָט מען זיי מיר אויך קיינמאָל ניט.

ניט נאָר האָט מען ביי מיר געמאַכט אַ הויז־זוכונג, מי האָט אויך אַרעסטירט מיין פֿרוי, וועלכע איז געווען אויף׳ן וועג קיין זשענעוואַ, און זי בעזוכט. אָבער פֿערשטעהט זיך, אַז מי האָט ניט געפֿונען דעם מינדעסטען שפּור ניט געגען מיר און ניט געגען קיינעם פֿון מיינע פֿריינד.

עס זיינען אַריבער צעהן טעג, אין וועלכע איך בין כמעט געווען פֿריי אָבצופֿאָהרען, אויב איך זאָל עס געווען וועלען. איך האָב ערהאַלטען עטליכע בריעף, אין וועלכע מי האָט מיר געראַטהען עוקר צו זיין, — איין בריעף איז געווען פֿון אַן אונבעקאַנטען רוסישען פֿריינד, פֿילייכט אַ מיט־גליעד פֿון דעם דיפּלאָמאַטישען שטאַב, וועלכער האָט מיך הפנים געקענט, און ער האָט מיר געשריבען, אַז איך מוז גלייך אַוועק, ווייל ווען ניט, וועל איך זיין דער ערשטער קרבן פֿון דער אויסווייזונגס־פֿערהאַנדלונג, וועלכע

האָט געהאַלטען ביין געשלאָסען ווערען צווישען רוסלאַנד און פראַנקרייך. איך בין מיר געבליבען אויף מיין אָרט; און ווען די „טיימס״ האָט אָבגע־דרוקט אַ טעלעגראַמע, וועלכע האָט מודיע געווען, אַז איך בין פערשוואונדען פון טהאָנאָן, האָב איך דאַן געשריבען אַ בריעף צו דער צייטונג אָנגעבענדיג מיין אַדרעסע. כל זמן אַזוי פיעל פון מיינע פריינד וואָרען פערהאַפּטעט, האָב איך ניט געהאַט די מינדעסטע מחשבה צו אַנטלויפען.

אין דער נאַכט פון 21־טען דעצעמבער איז מיין שוואָגער געשטאָרבען אויף מיינע אָרעמס. מיר האָבען געוואוסט אַז זיין קראַנקהייט וואַר אונהיילבאַר, אָבער עס איז שרעקליך צוצוזעהן ווי אַ יונגעס לעבען ווערט פערלאָשען ביי מיר אויף די הענד נאָך אַ בראַווען קאַמפּף געגען טויט. ביידע, מיין פרוי און איך, זיינען געווען נידערגעשלאָגען, און אין אַ דריי פיער שעה אַרום, ווען דער כמאַרנער ווינטער־מאָרגען האָט זיך אָנגעהויבען ווייזען, זיינען זשאַנדאַרען בעפאַלען מיין הויז. זעהענדיג דעם שרעקליכען צושטאַנד פון מיין ווייב, האָב איך ביי זיי געבעטען ערלויבעניש צו בלייבען אין הויז ביז נאָך דער קבורה פון מיין שוואָגער, זיי געבענדיג מיין עהרענוואָרט, אַז איך וועל זיין ביין געפענגניס טהיר צו דער בעשטימטער שטונדע, אָבער עס וואַר מיר ענטזאַגט, און אין דער זעלבער נאַכט האָט מען מיך אַוועקגעפיה־ט קיין ליאָן.

עליזעע רעקלו, וועמען מי האָט מודיע געווען פער דעפּעש, איז גלייך געקומען, ערטהיילענדיג מיין פרוי די גאַנצע עדעלקייט פון זיין גאָלדענע הארץ; פריינד זיינען געקומען פון זשענעוואַ; און כאָטש די לויה איז געווען פּאָלשטענדיג ציוויל, אָהן שום צערעמאָניעס, וועלכעס וואַר אַ נייעס אין יענער קליינער שטעדטעל, איז דאָך אַ העלפּט פון דער בעפעל־קערונג געווען ביי דער קבורה, אום צו צייגען מיין פרוי, אַז די הערצער פון די אָרעמערע קלאַסען און פון די פראָסטע סאַוואָיער בויערן וואָרען מיט אונז, און ניט מיט זייערע הערשער. ווען מיין פראָצעס איז אָנגעגאַנגען, האָבען די בויערן געפלעגט קומען פון די בערג נאָך די צייטונגען אום צו זעהן ווי עס האַלט מיט מיר.

אַ צווייטער צופאַל, וועלכער האָט מיך טיעף גערירהרט, איז געווען דאָס אָנקומען קיין ליאָן פון אַן ענגלישען פריינד. ער איז געקומען אַלס פערטרעטער פון אַ מאַן, וועלכער איז גוט בעקאַנט און הויך געשעצט אין דער ענגלישער פּאָליטישער וועלט, און אין וועמעס הויז איך פלעג פערברייננגען פיעלע גליקליכע שטונדען אין לאָנדאָן, אין 1882. ער האָט מיטגעבראַכט אַ רעכטע סומע געלד אום מיך צו בעפרייען אויף בירגשאַפט, און ער האָט מיר אין דער זעלבער צייט מודיע געווען, אַז פאַר די בעיל

זאָל איך ניט דאַגה'ן און זאָל גלייך אַוועק פֿון פֿראַנקרייך. עס האָט זיך איהם ווי עס איז איינגעגעבען צו קריעגען די ערלויבעניש זיך מיט מיר גאַנץ פֿריי צו זעהן, — ניט אין דעם אייזערנעם שטייג מיט די דאָפּעלע גראַטעס, אין וועלכע איך האָב מיך געזעהען מיט מיין פֿרוי, — און ער איז פונקט אַזוי גערידהרט געוואָרען פֿון מיין ענטזאַגונג אָנצונעהמען דעם פֿאָרשלאַג, ווי איך בין געריהרט געוואָרען פֿון דיעזען נאָבעלען בעווייז פֿון פֿריינדשאַפֿט פֿון אַ מאַן, וועלכען איך האָב שוין פֿריהער אַזוי הויך געשעצט.

די פֿראַנצויזישע רעגירונג האָט געוואָלט האָבען איינעם פֿון יענע גרויסע פּראָצעסען, וועלכע מאַכען אַ רושם אויף די בעפֿעלקערונג, אָבער ס'איז קיין שום מעגליכקייט ניט געווען צו פֿער'משפּט'ן די אַרעסטירטע אַנאַרכיסטען פֿאַר די באָמבען. דאָס וואָלט געפֿאָדערט אַ געריכט פֿון געשוואָרענע, וועלכע וואָלטען אונז אודאי אין גאַנצען בעפֿרייט. דעריבער האָט זיך די רעגירונג בענוצט מיט דער מעטהאָדע פֿון מאַשאַוועלי אונז צו פֿערפֿאָלגען דערפֿאַר, וואָס מיר האָבען בעלאַנגט צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער אַסאָסיאַציאָן. אין פֿראַנקרייך איז דאָ אַ געזעץ, וועלכער איז געמאַכט געוואָרען גלייך נאָך דעם צוזאַמענברוך פֿון דער קאָמונע, לויט וועלכען יעדער מיטגליעד פֿון'ם אינטערנאַציאָנאַל קען געבראַכט ווערען פֿאַר'ן געריכט. די העכסטע שטראָף איז פֿינף יאָהר טורמע; און אַ פּאָליציי געריכט וועט תמיד אַרויסגעבען אַזאַ פּסק ווי די רעגירונג פֿערלאַנגט.

דער משפּט האָט זיך אָנגעהויבען אין ליאָן אין די ערשטע טעג פֿון יאַנוואַר 1883, און געדויערט אומגעפֿעהר צוויי וואָכען. די בעשולדיגונג איז געווען לעכערליך, ווייל יעדער האָט געוואוסט אַז קיין איינער פֿון די ליאָנער אַרבייטער איז יע געווען אַ מיטגליעד פֿון'ם אינטערנאַציאָנאַל און די קלאַגע איז גענצליך דורכגעפֿאַלען, ווי מי קען עס זעהן פֿון פֿאָלגענדען פֿאָרפֿאַל. דער איינציגער עדות פון דער רעגירונג איז געווען דער שעף פֿון דער ליאָנער טאַינער פּאָליציי, אַן עלטערער מענש, וועלכער איז פֿון געריכט בעהאַנדעלט געוואָרען מיט דעם גרעסטען כבוד. זיין רעפּאָרט, מוז איך צוגעבען, איז געווען כמעט ריכטיג, וואָס אַנבעלאַנגט די פֿאַקטען. די אַנאַרכיסטען, האָט ער געטענה'ט, האָבען געוואונען די גאַנצע בעפֿעלקערונג אויף זייער זייט; זיי האָבען ניט צוגעלאָזען קיין פֿערזאַמלונגען פֿון פּאָליטיקער, ווייל זיי האָבען גערעדט אויף יעדען מיטינג, פּרעדיגענדיג קאָמוניזמוס און אַנאַרכיע, און די צוהערער זיינען אַלע בעגייסטערט געוואָרען פֿון זייערע רעדען. בעמערקענדיג, אַז ער האַלט זיך אַנשטענדיג אין זיין עדות זאָגען, האָב איך מיך אָטוואַזשעט איהם צו שטעלען אַ פֿראַגע:

„האָט איהר וועֶן געהערט מי זאָל ריידען וועגען דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער אַרבייטער אַסאָסיאַציאָן אויף די פֿערזאַמלונגען ?"

„קיין מאָל ניט", האָט ער בייזלעך אַ וואָרטשע געטאָן.

„בעת איך בין צוריקגעקומען פֿון דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס פֿון 1881, אזן האָב געטהאָן אלעס מעגליכע ווידער אויפֿצובויען דעם אינטער־נאַציאָנאַל אין פֿראַנקרייך, האָב איך עפּעס אויסגעפֿיהרט?"

„ניין, זיי האָבען איהם געפֿונען פֿאַר צו וועניג רעוואָלוציאָנער".

„איך דאַנק אייך", האָב איך זיך אָבגערופֿען, און זיך ווענדענדיג צום פּראָקוראָר, האָב איך צוגעפֿיגט. „אָט האָט איהר אייער גאַנצע קלאַגע צו נישט געמאַכט פֿון אייער אייגענעם עדות!"

פֿון דעסטוועגען זיינען מיר אַלע פֿערמשפּט געוואָרען דערפֿאַר, וואָס מיר האָבען בעלאַנגט צום אינטערנאַציאָנאַל. פֿיער פֿון אונז האָבען געקראָגען די העכסטע שטראָף, פֿינף יאָהר טורמע און פֿיער הונדערט טאַלער שטראָף; די איבריגע האָבען געקראָגען פֿון פֿיער יאָהר ביז איין יאָהר טורמע. דער פֿאַקט איז, אַז זיי האָבען גאָר ניט פּרובירט ברייננען דעם מינדעסטען בעוויז מכח דעם אינטערנאַציאָנאַל. דאָס האָט מען ווי פֿערגעסען, מי האָט אונז נאָר פּשוט געבעטען ריידען פֿון אַנאַרכיזמוס, און דאָס האָבען מיר געטהאָן. וועגען די עקספּלאָזיאָנען האָט מען קיין וואָרט ניט דערמאָנט: און ווען אימיצער פֿון אונז האָט געוואָלט קלאָהרלייגען דיעזען פּונקט האָט מען איהם גאַנץ פּראָסט געזאָגט, אַז דאָס איז ניט די קלאַגע; די קלאַגע איז בלויז פֿאַר בעלאַנגען צום אינטערנאַציאָנאַל, — פֿון וועלכען נור איך אַליין בין געווען אַ מיטגליעד.

אין אַזעלכע פּראָצעסען קומט תמיד פֿאָר אויך אַ קאָמישער צופֿאַל, און דיזען מאָל איז דאָס געקומען פֿון אַ בריעף מיינעם. אויף וואָס צו גרינדען די בעשולדיגונג איז ניט געווען. מאַסען הויז־זוכונגען זיינען געמאַכט געוואָרען ביי פֿראַנצויזישע אַנאַרכיסטען, אָבער מי האָט בלויז געפֿונען צוויי בריעף מיינע. דער פּראָקוראָר האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען פֿון זיי צו מאַכען אַ גאַנצען ווּעזען. איין בריעף איז געשריבען געוואָרען צו אַ גענאָסע. וועלכער וואַר ענטמוטהיגט. איך האָב צו איהם גערעדט דורך דיזען בריעף מכח די העררליכע צייט וואָס מיר לעבען דורך, די גרויסע ענדערונגען וואָס קומען אָן, די געבורט און די פֿערשפּרייטונג פֿון נייע אידעען, א. ז. וו.

דער צווייטער בריעף איז בעשטאַנען פֿון צוועלף זייטלעך. איך האָב איהם געהאַט געשריעבען צו אַן אַנדער פֿראַנצויזישען פֿריינד, אַ יונגען שוסטער. ער האָט געמאַכט אַ לעבען, מאַכענדיג שיך אין זיין אייגענעם צימער, ביי זיין לינקער האַנד איז געשטאַנען אַן אייוועלע, אויף וועלכען

ער האָט געקאָכט זיין אייגענעם מיטאָג, און ביי דער רעכטער זייט איז געשטאַנען אַ קליינער בענקעל, אויף וועלכען ער פלעגט שרייבען לאַנגע בריעף צו די גענאָסען, אַלץ זיצענדיג אויף זיין נידריגען שוסטער־בענקעל. אַזוי שנעל ווי ער האָט אויפגענעהט גענוג שיך פאַר זיין סקראָמנע חיונה, און אַוועק־געשיקט עטליכע פראַנק צו זיין אַלטער מוטער אויף'ן דאָרף, פלעגט ער זיך גלייך נעהמען צו זיינע בריעף, אין וועלכע ער האָט ענטוויקעלט די טהעאָריע און פרינציפּען פון אַנאַרכיזמוס מיט וואונדערבאַרען פערשטאַנד און אינטעליגענץ. איצט איז ער אַ בעוואוסטער שרייבער אין פראַנקרייך און ווערט אין אַלגעמיין געשעצט פאַר זיין אויפריכטיגען כאַראַקטער. צום אומגליק פלעגט ער דאַמאָלס אָנשרייבען 10, 12 זייטליך אָהנע זיך אָבצושטעלען, אָהן די מינדעסטע פינטעל זאָגאַר.

איינמאָל האָב איך זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריעבען אַ לאַנגען בריעף, אין וועלכען איך האָב איהם ערקלעהרט, ווי אַזוי געשריבענע געדאַנקען ווערען צוטהיילט אין בעזונדערע זעצע און פראַזען, און אַז יעדער זאַץ מוז זיך ענדיגען מיט אַ פינטעל, אַ קאָמאַ א. ז. וו. בקצור, איך האָב איהם געגעבען אַ קורצע לעקציאָן אין נקודות. איך האָב איהם געגעבען צו פערשטעהן אויף וויפיעל ער וועט פערבעסערען זיין שרייבען ווען ער זאָל געברויכען דיעזע פינטעלעך.

דיעזער בריעף צו מיין קאַמעראַד דעם שוסטער, וואָס האָט ענטהאַלטען אַ לעקציע איבער גראַמאַטיק, איז פאָרגעלעזען געוואָרען פאַר'ן געריכט פון'ם פּראָקוראָר מיט אַ זעהר טראַגישען פירוש. „מיינע הערען", האָט ער אָנגעהויבען, זיך ווענדענדיג צו די ריכטער, „איהר האָט דיעזען בריעף געהערט, זיך גוט איינגעהאָרכט: פון אויבען אויף קען זיך איינעם דאַכטען, אַז דאָס איז סתם אַזוי אַ בריעף. ער גיט זיך איבער אַ לעקציע צו אַן אַרבייטער, און וויטער גאָר נישט... אבער" — און דאָ האָט זיין שטימע געציטערט מיט אַ טיעף געריהרטען געפיהל — „דאָס איז ניט געווען געשריעבען כדי צו העלפען אַן אָרעמען אַרבייטער אין זיין אונטעררימכט, וועלכען ער האָט מסתמא איבער פוילקייט ניט געקראָגען אין דער שוהלע. דאָס איז ניט געווען, אום איהם צו העלפען פערדינען זיין ברויט לייכטער. ניין, מיינע הערען! דיעזער בריעף איז געשריבען געוואָרען נאָר כדי אין איהם אויפצופלאַמען אַ גרעסערען האַס געגען אונזערע הערליכע און ערהאַבענע אינסטיטוציאָנען, נור כדי אַריינצוגיסען אין איהם די גיפט פון אַנאַרכיזמוס מיט מעהר ערפאָלג, נור אום צו מאַכען פון איהם נאָך אַ שרעקליכערען פיינד פון אונזער געזעלשאַפט. פאַרשאָלטען זאָל זיין דער טאָג, ווען קראַפּאָטקין האָט אַרויפגעשטעלט זיין פוס אויף דעם באָדען פון פראַנקרייך"!

מיר האָבען זיך ניט געקענט איינהאַלטען פֿון געלעכטער די גאַנצע צייט וואָס ער האָט געהאַלטען זיין רעדע; די ריכטער האָבען אויסגעשטעלט אויף איהם זייערע אויגען גלייך ווי זיי וואָלטען איהם ווּעלען זאָגען, אַז ער טרייבט שוין איבער זיין ראָלע צו פֿיעל, אָבער ער האָט הפנים קיין זאַך ניט געמערקט, און שוועבענדיג אויף די פֿליגלען פֿון זיין אָראַטאָרסטווע, האָט ער וואָס אַמאָל גערעדט מיט מעהר טהעאַטראַלישען עפֿעקט. ער האָט ווירקליך געאַרבייט מיט אַלע זיינע כחות צו פֿערדינען די בעלוינונג פֿון דער רוסישער רעגירונג.

גלייך נאָך אונזער פֿערמשפּט'ן איז דער ערשטער ריכטער ערהויבען געוואָרען צו אַ העכערען געריכט. וואָס אָנבעטרעפֿט אַ צווייטען ריכטער אין דעם פּראָקוראָר, — עס קלינגט קוים גלויבליך,— האָט זיי די רוסישע רעגירונג פֿאָרגעשלאָגען דעם קרייץ פֿון דער הייליגער אַננאַ, און די רעפּובליק האָט זיי ערלויבט איהם אָנצונעהמען! די בעריהמטע רוסישע אַליאַנץ האָט אַלזאָ געהאַט איהר אָנפֿאַנג אין דעם משפּט פֿון ליאָן.

דיעזער פּראָצעס — ביי וועלכען עס זיינען געהאַלטען און אָבּגעדרוקט געוואָרען אין אַלע צייטונגען העכסט בריליאַנטענע אַנאַרכיסטישע רעדען פֿון אַזעלכע אָראַטאָרס, ווי דער אַרבייטער בערנאַר און עמיל גאָטיע, און אין וועלכען אַלע בעשולדיגטע האָבען זיך געהאַלטען אַזוי פֿעסט, פּרעדיגענדיג אונזערע אידעען גאַנצע צוויי וואָכען — האָט געהאַט אַ מעכטיגע ווירקונג אָבצוראַמען פֿאַלשע אַבערגלויבענס מכח דעם אַנאַרכיזמוס אין פֿראַנקרייך, און האָט זיכערליך עטוואָס בייגעטראָגען צו דער אויפֿלעבונג פֿון'ם סאָציאַליזמוס אין אַנדערע לענדער.

וואָס אַנבעלאַנגט דער פֿעראורטהיילונג, איז זי געווען אַזוי אונגערעכט אפילו פֿון געזעצליכען שטאַנדפּונקט, אַז די פּרעססע — מיט דער אויסנאַהמע פֿון די צייטונגען וואָס זיינען געווען אין גאַנצען איבערגעגעבען דער רעגירונג — האָט זיך עפֿענטליך אויסגעשפּראָכען געגען די ריכטער. אפילו דער געמיינסטער „זשורנאַל דע עקאָנאָמיע" האָט אויך קריטיקירט דעם פּסק, „וועלכען קיין מענש האָט ניט געקאָנט פֿאָראויסזעהן פֿון די גאַנצע פֿערהאַנדלונגען אין'ם געריכט". דער קאַמפּף צווישען די בעשולדיגער און בעשולדיגטע איז געוואונען געוואָרען פֿאַר די לעצטע אין דער עפֿענטליכער מיינונג. עס איז גלייך אַריינגעבראַכט געוואָרען אַ פֿאָרשלאַג פֿאַר בעפרייאונג בעפֿאָר די דעפּוטאַטען, און ער וואַר אונטערשטיצט פֿון אונגעפֿעהר הונדערט שטימען. דיעזער פֿאָרשלאַג איז פֿאָרגעבראַכט געוואָרען יעדעס יאָהר רעגעלמעסיג, יעדען מאָהל קריעגענדיג אַלץ מעהר שטימען, ביז מיר וואַרען ענדליך בעפֿרייט.

אין צענטראַל־געפענגניס פון קלערוואָ.

---

דער פראָצעס האָט זיך געענדיגט, אָבער איך בין נאָך געבליבען אַ צוויי מאָנאַט אין דעם ליאָנער געפענגניס. די מייסטע פון מיינע קאַמעראַדען האָבען דערלאַנגט אַן אַפּעלאַציע געגען דעם פסק פון דעם פּאָליציי־געריכט און מיר האָבען געמוזט וואַרטען אויף'ן רעזולטאַט דערפון. מיט נאָך אַנדערע פיער קאַמעראַדען האָב איך זיך ענטזאָגט אַנטהייל צו נעהמען אין דער אַפּעלאַציע, און האָב מיר ווייטער געאַרבייט אין מיין צעלע. אַ גוטער פריינד מיינער — מאַרטין, אַ קליידער־הענדלער פון וויען — האָט געאַרבייט לעבען מיר, און אַזוי ווי מיר וואַרען שוין פערוואָרטהיילט, האָט מען אונז ערלויבט אַרויסצוגעהן אויף'ן הויף צוזאַמען; און ווען מיר האָבען זיך געהאַט וואָס מיטצוטהיילען זייענדיג אין טורמע, פלעגען מיר זיך צוזאַמענריידען דורך דאָס קלאַפּען אין וואַנד, פונקט ווי אין רוסלאַנד.

אין דער צייט פון מיין פריזען־לעבען אין ליאָן האָב איך גענומען בעגרייפען וואָס פאַר אַ שרעקליך דעמאָראַליזירענדע ווירקונג די טורמעס האָבען אויף די פערברעכער, וועלכעס האָט מיך נאָכהער געבראַכט דערצו, אַז איך האָב די גאַנצע אינסטיטוציאָן מיט האַק און פּאַק פערדאַמט.

דער ליאָנער געפענגניס איז אַ „מאָדערנע" געביידע, געבויט אין דער פאָרמע פון אַ שטערן. דער רוים צווישען די שטראַהלען פון שטערען וואַרען פערנומען פון קליינע אויסגעפּלאַסטערטע הויפען, און, ווען דאָס וועטער האָט ערלויבט, האָט מען די געפאַנגענע אַרויסגענומען אין דיזע הויפען זיי זאָלען אַרבייטען אין דרויסען. די הויפּט־אַרבייט איז געווען אויסקלאַפּען די זייד־ווערעמלאַך אום צו קריגען די זיידענע פעדים. גרופּעס קינדער פלעגען אויך געבראַכט ווערען אין דיזע הויפען אין געוויסע שטונדען. מאָגערע, ענטקרעפּטיגט, פערהונגערט, — דער שאָטען פון קינדער, — איך האָב זיי אָפט בעטראַכט דורך'ן פענסטער. בלוט־אַרמוטה איז געווען דייטליך אויסגעקריצט אויף זייערע פנים'לעך און אין זייערע דינע, ציטערענדע קערפּער; אין דעם גאַנצען ליעבען טאָג, ניט בלויז אינעווייניג, נאָר אויך אין הויף, בעפאָר די ליכטיגע זון—פלעגען זיי בעטרייבען זייערע אָבשוואַכענדע שענדליכע פּראַקסיס. וואָס וועט ווערען פון זיי נאָכדעם, ווי זיי וועלען שוין האָבען דורכגעגאַנגען דיזע שוהלונג און וועלען אַרויסקומען מיט זייער געזונדהייט רואינירט, זייער ווילען פערניכטעט, זייער ענערגיע פערלוירען? בלוט־אַרמוטה, מיט איהר אָבגעשוואַכטער ענערגיע, איהר פוילקייט, איהר געבראָכענעם ווילען, שטומפּפען מוח און פערדאָרבענעם כח הדמיון, איז

פעראנטוואָרטליך פאַר פיעל מעהר פערברעכען ווי פול-בלוטיגקייט. און עבען דיזער פיינד פון דער מענשליכער ראַסע, דער מענש אָהן בלוט, ווערט ערצויגען אין געפענגניס. און דאַן — די לעהרען וואָס דיעזע קינדער קריגען אין זייער אומגעבונג! בלויזע אָבזונדערונג, אפילו ווען מי זאָל זי קענען שטריינג דורכפיהרען — וואָס דאָס איז אונמעגליך — וואָלט וועניג וואָס געהאָלפען; די גאַנצע לופט פון יעטוועדער פריזען איז פול מיט פערעהרונג פון יענעם מין געמבלען מיט „געלונגענע שפיצלעך", וועלכע שטעלט צוזאַמען דעם סאַמע תוך פון גנבה, שווינדעל, און עהנליכע אַנטי-סאָציאַלע טהאַטען. גאַנצע דורות פון קינפטיגע פערברעכער ווערען ערצויגען אין דיזע אַנשטאַלטען, וועלכע דער שטאַאַט שטיצט, און די געזעלשאַפט דולדעט, נאָר דאַרום, ווייל זי וויל ניט מי זאָל ריידען און דיסקוטירען איהרע אייגענע קראַנקהייטען. „אַריינגעקראָגען זיך קינדווייז, בלייבסטו שוין אַ גע־פענגניס-פויגעל אויף תמיד", פלעג איך נאָכהער הערען פון אַלע מענשען, וועלכע האָבען זיך מיט קרימינעלע אַנגעלעגענהייטען אינטערעסירט. און ווען איך האָב געזעהן דיזע קינדער און געגומען טראַכטען וואָס פאַר אַ צוקונפט זיי ערוואַרטעט, האָט זיך ביי מיר תמיד געיאָוועט די פראַגע: „ווער פון זיי איז דער ערגערער פערברעכער? — דיעזעס קינד אָדער דער ריכטער, וואָס פערדאַמט יעדעס יאָהר הונדערטער קינדער צו דיזען לעבען?" איך געשטעה גערן, אַז דער פערברעכען פון'ם ריכטער איז אַן אונבעוואוס־טער. ווערען אָבער אַלע פערברעכען פיר וועלכע מענשען ווערען פערשטיקט אין די טורמעס, געטהאָן אַזוי בעוואוסט ווי מי דענקט?

עס איז געוועזען נאָך אַ פונקט, וועלכען איך האָב דייטליך נאָטירט גלייך אין די ערשטע עטליכע וואָכען פון מיין פריזען-לעבען, אָבער וועלכען ניט די ריכטער און ניט די שרייבער איבער קרימינעלע געזעץ שיינען צו שיינקען די מינדעסטע אויפמערקזאַמקייט; נעמליך, אַז די געפענגניס-שטראָף איז אין אונגעהייער פיעלע פעלע אַ סך שווערער אַריבערצוטראָגען פאַר זייטיגע גאַנץ אונשולדיגע מענשען, ווי פאַר'ן פעראורטהיילטען אַרעס־טאַנט גופא.

כמעט יעדער איינער פון מיינע קאַמעראַדען, וועלכער האָט מיט זיך רעפּרעזענטירט דעם געוועהנליכען טיפּ פון דער אַרבייטער בעפעלקערונג, האָט געהאַט צו ערנעהרען אָדער אַ פרוי און קינדער, אָדער אַ שוועסטער, אָדער איין אַלטע מוטער, וועלכע זיינען געוועזען גענצליך אָבהענגיג מיט זייער חיונה פון זייער אַרבייט. איצט, אַז זיי זיינען געבליעבען אָהן אַן ערנעהרער, האָבען זיי אַלע געמוזט זוכען אַרבייט, און מאַנכע איז עס געלונגען; אָבער אַז זיי זאָלען פערדיענען רעגעלמעסיג וועלכע דרייסיג

סענט דעם טאָג לכל הפחות, — דאָס ניט. ניין פֿראַנק (וויינינגער ווי צוויי דאָלאַר) און אָפֿט בלויז אַ דאָלאַר און אַ האַלב אַ וואָך צו ערנעהרען זיך און זייערע קינדער, — דאָס איז געווען זייער פֿערדיענסט. און דאָס האָט נאַטירליך בעדייטעט ניט־דערעסען, אַלערליי מאַנגעל, קראַנקהייט, אַן אויסגעדאַרטען מוח, אַן אָבגעשוואַכטע ענערגיע און אַ געבראָכענעם ווילען. איך האָב אַלזאָ גענומען בעגרייפֿען, אַז אין אונזערע געריכטס־הייזער איז אין דער ווירקליכקייט גאָר אויסגעשפּראָכען געוואָרען דער אורטהייל איבער גאַנץ אונשולדיגע מענשען. עס הייט כלומרשט, אַז דאָס געזעץ בעשטראָפֿט דעם מענשען דערמיט וואָס עס לייגט אויף איהם אַרויף פֿערשיעדענע פֿיזישע און גייסטיגע צרות. אָבער דער מענש איז אַזוי געבויט, אַז וועלכע צרות מי זאָל אויף איהם ניט אַרויפֿלייגען ווערט ער אַלץ צו זיי געוואוינט מיט דער צייט. אויב ער קען די שווערינקייטען ניט בייקומען, איז ער זיך גובר און לעבט מיט זיי, פונקט ווי ער געוועהנט זיך צו צו אַ כראָנישע קריינק, וועלכע ער פֿיהלט מיט דער צייט גאָר אין גאַנצען ניט. אָבער וואָס ווערט פֿון דעם אַרעסטאַנט׳ס פֿרוי און קינדער, אָדער פֿון די אַנדערע הילפֿלאָזע מענשען, וועלכע זיינען פֿון איהם אין גאַנצען אָבהענגיג? זיי ווערען נאָך פֿיעל גרויזאַמער בעשטראָפֿט אפילו ווי ער גופא. און אין אונזער קליינליכען געדאַנקען־גאַנג, דענקט גאָר קיינער ניט פֿון דער אונגעהייערער אונגערעכטיגקייט, וועלכע די געזעצע בעגעהען אין דיעזער הינזיכט. איך האָב עס בעגריפֿען בלויז דורך ווירקליכע ערפֿאַהרונג.

אין מיטען מערץ 1883, זיינען צוויי און צוואַנציג פֿון אונז, וועלכע וואַרען פֿעראורטהיילט צו מעהר ווי איין יאָהר טורמע, אַריבערגעפֿיהרט געוואָרען שטילערהייט אין דעם צענטראַל־געפֿענגניס פֿון קלערוואָ, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ מאָנאַסטיר פֿון׳ם הייליגען בערנאַרד, פֿון וועלכען די גרויסע רעוואָלוציאָן האָט געמאַכט אַ באָגאָדיעלנע און דערנאָך אַ פֿערבע־סערונגס־אַנשטאַלט, וועלכע איז בעקאַנט געוואָרען צווישען די אַרעסטאַנטען און די בעאַמטע גופא אונטער דעם פּאַסענדען צונאָמען „פֿערערגערונגס־אַנשטאַלט.‟

אַזוי לאַנג, ווי מי האָט אונז געהאַלטען אין ליאָן, זיינען מיר בעהאַנדעלט געוואָרען ווי אַרעסטאַנטען ווערען געוועהנליך בעהאַנדעלט אין פֿראַנקרייך פֿאַר׳ן פּראָצעס, דאָס הייסט, מיר האָבען געהאַט אונזערע אייגענע קליידער, מיר האָבען געקענט קריגען אונזער אייגען עסענוואַרג פֿון אַ רעסטאָראַנט, און פֿאַר עטליכע פֿראַנק אַ מאָנאַט האָט מען זיך געקענט דינגען אַ גרעסערע צעלע. איך האָב מיך בענוצט מיט דעם, ווייל איך האָב געמוזט שווער אַרבייטען אויף מיינע אַרטיקלען פֿאַר די „ענציקלאָפּעדיאַ

בריטאַניקאַ" און די „ניינטינטה סענטשורי." איצט האָבען זיי אַליין ניט געוואוסט, ווי אונז צו בעהאַנדלען אין קלערוואָ, נאָר אין פראַנקרייך פערשטעהט מען געוועהנליך, אַז פאַר פּאָליטישע ארעסטאַנטען איז גענוג גרויס די שטראָף, ווען מען רויבט פון זיי די פרייהייט און מ׳ צווינגט זיי צו אונטהעטיגקייט. נאָך שווערער מאַכען זייער לאַגע, ברויך מען שוין ניט. מ׳ האָט אונז דאַרום געזאָגט, אַז מיר וועלען בלייבען אונטער די זעלבע בעדינגונגען, ווי אין ליאָן. מיר וועלען האָבען אַ בעזונדערע אַבטהיילונג, אונזערע אייגענע קליידער, וועלען ניט ברויכען צו טהאָן געצוואונגענע אַרבייט, און מ׳ וועט אונז לאָזען רויכערען. „די פון אייך", האָט דער גובערנאַטאָר געזאָגט, „וועלכע ווילען עפּעס פערדיענען, קענען נעהען קאָרסעטען אָדער גראַווירען קלייניגקייטען אין פערלמוטער, דיזע אַרבייט ווערט שלעכט בעצאָהלט; אָבער אין די פריזאָן־ווערקשטאַטען קענט איהר ניט בעשעפטיגט ווערען, מחמת דאָס וואָלט אונז געצוואונגען אייך צו האַלטען צוזאַמען מיט די איינפאַכע פערברעכער". אַזוי ווי די אַנדערע אַרעסטאַנטען איז אונז אויך געווען ערלויבט צו קויפען פון דעם פריזאָן־שענקעל עסענוואַרג און אַ פאַינט קלאַרעט יעדען טאָג. דאָס פלעגט פערקויפט ווערען גאַנץ ביליג און פון בעסטען סאָרט.

דער ערשטער איינדרוק, וואָס קלערוואָ האָט געמאַכט אויף מיר איז געווען אַ זעהר גינסטיגער. מיר זיינען געווען איינגעשלאָסען און האָבען גערייזט דעם גאַנצען טאָג פון צוויי דריי אַ זייגער אין דער פריה אָן, אין יענע קליינינקע קלעטקעלאַך, אין וועלכע די וואַגאָנען וואָס ווערען געברויכט פאַר אַרעסטאַנטען, ווערען געוועהנליך איינגעטהיילט. ווי מיר זיינען אָנגעקומען אין צענטראַל־געפענגנים האָט מען אונז דערווייל גענומען אין די אַבטהיילונג פון געוועהנליכע פערברעכער, און מען האָט אונז אַריינגעלאָזען אין זעהר ריינע צעלען. הייסע שפייזען, איינפאַך, אָבער זעהר גוט, זיינען פאַר אונז סערווירט געוואָרען, כאָטש עס איז שוין געווען שפעט אין דער נאַכט און מען האָט אונז פאָרגעשלאָגען זעהר גוטען וויין פאַר דעם זעהר מעסיגען פרייז פון פינף סענט פער קוואָרט. דער גאָווערנער און אַלע וועכטער זיינען געווען זעהר העפליך צו אונז.

אויף׳ן צווייטען טאָג האָט דער פערוואַלטער פון פריזאָן מיך אַוועק געפיהרט אָנקוקען די צימער, וועלכע ער האָט געהאַט אָנגעגרייט פאַר אונז. ווען איך האָב בעמערקט אַז זיי זיינען גוט גענוג, נאָר אַ ביסעל צו קליין ר אַזאַ צאָהל מענשען — מיר זיינען געווען זאַלבע צוויי און צוואַנציג, — און די ענגשאַפט קען פעראורזאַכען קראַנקהייט, האָט ער אונז געגעבען אַ־דערע צימער אין אַ הויז, וועלכע האָט פריהער געפלעגט בעוואוינט צו

צו יוערען פֿון'ם אויפֿזעהער פֿון דעם מאָנאַסטיר און איז איצט געווען דער שפּיטאָל. אונזערע פֿענסטער זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף אַ קליינעם גאָרטען און אויף פּראַכטפֿאָלע לאַנדשאַפֿטען פֿון דער אַרומיגער געגענד. אין אַ צווייטען צימער אין דער זעלבער געביידע איז דער אַלטער בלאַנקי געהאַלטען געוואָרען די לעצטע דריי אָדער פֿיער יאָהר פֿאַר זיין בעפֿרייאונג. פֿריהער האָט מען איהם געהאַלטען אין איינער פֿון די צעלען פֿון'ם געפֿענגנים גופא.

מיר האָבען אַלזאָ געקראָגען דריי גרויסיגע צימער, און איין קלענערעס צימער איז געגעבען געוואָרען פֿאַר גאָטיער און מיר, אום מיר זאָלען קענען אָנגעהן מיט אונזער ליטעראַרישער אַרבייט. דיעזע לעצטע טובה האָבען מיר געהאַט צו פֿערדאַנקען אַן אָנצאָהל ענגלישע וויסענשאַפֿטס־מענער, וועלכע האָבען זיך אָנגענומען פֿאַר אונז און האָבען אונטערשריבען אַ ביטע פֿיר מיין בעפֿרייאונג גלייך נאָך מיין פֿעראורטהיילונג. אַ סך מיטאַרבייטער פֿון דער „ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ“, הערבערט ספּענסער און סווינבאָרן, האָבען אונטערגעשריבען דיזע ביטע, און וויקטאָר הוגאָ האָט נאָך צוגעשריבען עטליכע וואַרימע ווערטער צו זיין אונטערשריפֿט. בקיצור, די עפֿענטליכע מיינונג האָט די פֿעראורטהיילונג ניט גינסטיג עמפּפֿאַנגען, און ווען מיין פֿרוי האָט בלויז דערמאָנט מיט איין וואָרט אין פּאַריז, דאָס איך ברויך ביכער, האָט גלייך די אַקאַדעמי דער וויסענשאַפֿטען פֿאָרגע־שלאָגען איהר ביבליאָטעק, און ערנעסט רענאַן האָט אין אַ הערצליכען בריעף איהר געשטעלט זיין פּריוואַט ביבליאָטעק צו דיענסט.

מיר האָבען געהאַט אַ קליינעם גאָרטען, וואו מיר פֿלעגען שפּיעלען באַל, און אין אַ קורצע צייט איז אונז געלונגען צו בעאַרבייטען אַ שמאָלען בייט, פֿון וועלכען מיר האָבען אַרויסגעקראָגען אַן אונגעהייערע גרויסע מאַסע סאַלאַט און רעטיך, ווי אויך מאַנכע בלומען; און דער גאַנצער שטח איז געווען בלויז אַכציג קוואַדראַט אַרשין. פֿערשטעהט זיך, אַז מיר האָבען גלייך אָרגאַניזירט קלאַסען, און אין פֿערלויף פֿון די דריי יאָהר וואָס מיר זיינען געווען אין קלערוואָ, האָב איך מיינע קאַמעראַדען געגעבען לעקציעס אין קאָסמאָגראַפֿיע — די בעשרייבונג פֿון דער וועלט — געאָמעטריע — די וויסענשאַפֿט פֿון מעסטונג — אָדער פֿיזיקע — נאַטורוויסענשאַפֿט —; אויך צוהעלפֿענדיג זיי אין שפּראַכען. כמעט יעדער איינציגער פֿון זיי האָט אויסגעלערענט איין שפּראַך, — ענגליש, דייטש, איטאַליעניש אָדער שפּאַניש, — און מאַנכע האָבען אויסגעלערענט צוויי שפּראַכען. מיר האָבען זיך אויך בעשעפֿטיגט מיט בוכבינדעריי, וועלכע מיר האָבען זיך אויסגעלע־רענט פֿון אַ קליין ביכעל הערוים.

אַם ענדע פֿון ערשטען יאָהר האָט אָבער מיין געזונדהייט ווידער

אַמאָל אָנגעהויבען צו ליידען. קלערוואָ איז געבויט אויף אַ זומפּיגען גרונד, אויף וועלכען קדחת איז אַן עוויגער תושב, און דער פּיבער צוזאַמען מיט דער סקאָרבוט האָבען מיך אויסגעקליעבען פאַר׳ן ערשטען קרבן. דאַן האָט מיין פרוי, וועלכע האָט שטודירט אין פאַריז, אַרבייטענדיג אין ווירצעס לאַבאָראַטאָריום און זיך פּערפּערטיגענדיג צום עקזאַמען אַלס דאָקטאָר דער וויסענשאַפט, אַלעס פערלאָזען און איז געקומען אין דעם קליינעם דערפעל קלערוואָ, וועלכער בעשטעהט פון אַ קאַרגען דוצען הייזער וואָס געפינען זיך ביי אַן אונגעהייער הויכע וואַנד אַרום דאָס געפענגניס. נאַטירליך, איהר לעבען אין דיזען דערפעל מיט דער פריזאָן וואַנד געגעניבער, איז געוועזן ווייט ניט קיין פרעהליכער. דאָך איז זי דאָרט געבליבען ביז איך בין בעפרייט געוואָרען, אין פערלויף פון ערשטען יאָהר האָט מען מיר ערלויבט זיך צו זעהן מיט איהר בלויז איין מאָל אין 2 מאָנאַט, און דאָס האָט געמוזט אַ וועכטער זיין צווישען אונז. אָבער ווען זי האָט זיך בעזעצט אין קלערוואָ, ערקלעהרענדיג פעסט, אַז זי בלייבט דאָרט, האָט מען איהר גלייך ערלויבט זיך מיט מיר צו זעהן יעדען טאָג אין איינע פון די קליינע הייזלעך אין געפענגניס. עסענוואַרג איז מיר געבראַכט געוואָרען פון דעם האָטעל, וואו זי האָט געוואוינט. שפּעטער, האָט מען אונז אפילו ערלויבט צו שפּאַצירען אין פערוואַלטער׳ס גאָרטען, שטריינג בעוואַכט די גאַנצע צייט, און געוועהנליך פלעגען מיר מיטנעהמען איינעם פון מיינע קאַמעראַדען אויף דיזע שפּאַצירגענגע.

איך בין געוועזן ערשטוינט, בעת איך האָב אויסגעפונען, אַז דער צענטראַל-פריזען פון קלערוואָ האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קליינע פאַבריקשטעדטעל, אַרומגערינגעלט פון גערטנער און פעלדער, אַלעס אַרומגעצאַמט מיט אַן אויסערער וואַנד. דער פאַקט איז, אַז אויב די אַרעסטאַנטען פון אַ פראַנצויזישע צענטראַל-געפענגנים זיינען מעהר אָבהייניג פון׳ם קאַפּריז פון דעם פערוואַלטער, אָדער די וועכטער, ווי אין די ענגלישע געפענגניסע, איז אָבער די בעהאַנדלונג פיעל מענשליכער ווי אין ענגלאַנד. די מיטעלאַלטערליכע ראַכעזיכטיגע סיסטעמע, וועלכע הערשט נאָך אין די ענגלישע תפיסות, איז שוין אין פראַנקרייך לאַנג אויפגעגעבען. דער טורמעניק איז ניט געצוואונגען צו שלאָפען אויף הוילע ברעטער, אָדער צו קריגען אַ מאַטראַץ בלויז יעדען צווייטען טאָג. באַלד ווי מען קומט דאָרט קריעגט מען אַן אַנשטענדיג בעטעל און עס בלייבט ביי איהם די גאַנצע צייט. מי צווינגט איהם אויך ניט צו ערנידעריגענדע אַרבייט, ווי למשל קלעטערען אויף אַ ראָד אָדער קלייבען קאַנאָפּלעס, אַדרבה, מי גיט איהם ניצליכע אַרבייט, און דעריבער טאַקע זעהט קלערוואָ אויס ווי אַ פאַבריטשנע

שטעדטעל: אייזערנע מעבעל, ראַמען, שפּיגלען, אַרשינען, סאַמעט, לייווענט, קאָרסעטען, פּערלמוטער קליינינגקייטען, הילצערנע שיך, און אַנדערע זאַכען ווערען געמאַכט פֿון די גענויע זעכצהען הונדערט מענשען, וועלכע ווערען דאָרט געהאַלטען.

און דאַן ווידער, אויב די בעשטראָפֿונג פֿאַר אונגעהאָרכזאַמקייט איז זעהר גרויזאַם, איז לכל הפחות ניטאָ דאָס שמייסען, וועלכעס געהט נאָך עד היום אָן אין די ענגליש תּפיסות. אין פֿראַנקרייך וואָלט אַזאַ שטראָף געווען אַבסאָלוט אונמעגליך. אים אַלגעמיינעם, קען מען די צענטראַל־געפֿענגניס פֿון קלערוואָ בעצייכענען אַלס איינע פֿון די בעסטע פֿון אייראָפּאַ. און פֿון דעסטוועגען זיינען די רעזולטאַטען געווען פּונקט אַזוי שלעכט אין קלערוואָ, ווי אין די ערגסטע פּריזענס פֿון אַלטען מאָדעל. „די וועלט זאָגט ביי היינטיגען טאָג, אַז פֿערברעכער ווערען רעפֿאָרמירט אין די טורמעס; אָבער דאָס איז אַ ריינער אונזין, און איך וועל מיך קיינמאָל אין לעבען ניט לאָזען איינריידען צו זאָגען אַזאַ ליעגען", האָט מיר איינמאָל אַ פֿער־וואַלטער פּערטרויט.

די אַפּטייק פֿון קלערוואָ איז געווען אונטער אונזער צימער, און מיר האָבען זיך מאַנכעס מאָל צוזאַמענגערעדט מיט די אַרעסטאַנטען, וועלכע וואַרען דאָרט בעשעפֿטיגט. איינער פֿון זיי איז געווען אַ גרייז־גרויער מאַן, קרוב זעכציג, וועלכער האָט געענדיגט זיין טערמין פֿאַר אונזער צייט. עס איז געווען הערצריהרענד צו הערען, ווי אַזוי ער האָט זיך געזעגענט מיט דער תּפיסה, ער האָט געוואוסט, אַז אין עטליכע וואָכען אָדער מאָנאַטען וועט ער זיין צוריק, און האָט געבעטען דעם דאָקטאָר ניט אַוועקצוגעבען זיין פּלאַץ אַן אַנדערען. דאָס איז ניט געווען זיין ערשטער וויזיט אין קלערוואָ, און ער איז געווען זיכער אַז ס'וועט אויך ניט זיין דער לעצטער. ווען מ'האָט איהם פֿרייגעלאָזען, האָט ער ניט געהאַט קיין איינציגעס וועזען אין דער וועלט צו וועמען ער זאָל זיך קענען ווענדען אָדער קעהרען אין זיין עלטער. „ווער וועט מיר וועלען צונעהמען צו דער אַרבייט?" האָט ער גע־פֿרעגט. „און וואָס פֿאַר אַ מלאכה האָב איך? קיינע ניט! ווען מ'לאָזט מיר אַרויס, מוז איך ווידער געהן צו מיינע אַלטע חברים, זיי וועלען מיך ווענינגסטענס ענטפּפֿאַנגען ווי אַן אַלטען גוטען פֿריינד." דאַן וועט מען נעהמען אַן איבריגע גלעזעל אין זייער געזעלשאַפֿט, מ'וועט זיך דורכשמועסען מכח אַ גאַנץ ניי שפּיצעל, — אַ נייעם אוצר צו כאַפּען ערגעצוואו, — אין אַביסעל אוים שוואַכקייט, און אַביסעל אום ניט אָבצושטעהן פֿון זיינע אַלטע פֿריינד, וועט ער זיך אָן זיי אָנשליעסען און מ'וועט איהם ווידער אַ מאָל אַריינזעצען.

אַזוי האָט עס שוין מיט איהם אַ סך מאָהל אין זיין לעבען פּאַסירט. עס איז אָבער דעם מאָל אַוועק צוויי מאָנאַט, און נאָך איז ער קיין קלערוואָ ניט צוריקגעקומען. די גאַנצע פּריזאָן, און אויך די פּערוואַלטער, האָבען אָנגעהויבען ווערען אומרוהיג מכח דעם אַלטען. „האָט ער זיך פּילייכט אַריבערגעקליבען אין אַן אַנדער אָרט?" לאָמיר האָפּען אַז ער איז ניט פּערוויקעלט אין עפּעס אַ מיאוסע מעשה", פּלעגען זיי זאָגען, מיינענדיג עפּעס ערגערס ווי גנבה. „דאָס וואָלט געווען אַ שאָד: ער איז תמיד געווען אַזאַ פּיינער רוהיגער מענש". אָבער מי איז אין קורצען דערגאַנגען, אַז די ערשטע סברא איז געווען די ריכטיגע. עס איז געקומען אַ ידיעה פּון אַן אַנדערע תפיסה, אַז דער אַלטער איז דאָרט, און גיט זיך איצט אַלע מיה, מי זאָל איהם איבערפּיהרען קיין קלערוואָ.

דער גרעסטער רחמנות איז געווען אויף די אַלטע לייט. אַ סך פּון זיי האָבען אָנגעהויבען זייער געפּענגנים-ערפּאַהרונג אין דער קינדהייט אָדער יוגענד; אַנדערע שפּעטער. אָבער „איין מאָל אין פּריזאָן, אַלע מאָל אין פּריזאָן"; דאָס איז דער שלום פּון ערפּאַהרונג. און אַצינד, האָבענדיג דערגרייכט דעם עלטער פּון זעכציג יאָהר, אָדער מעהר, האָבען זיי געוואוסט, אַז זיי מוזען ענדיגען זייער לעבען אין געפּענגנים. אום וואָס גיכער צו מאַכען אַ סוף צו זייער מיזעראַבלען לעבען, פּלעגט די פּערוואַלטונג זיי שיקען אין די ווערקשטאַטען, וואו מי אַרבייט אויס פּילץ פּון אַלערליי וואָלענע שמאַטעס. דער שטויב האָט גלייך געבראַכט מיט זיך די אויס-צעהרונג, וועלכע האָט זיי ענדליך בעפּרייט פּון לעבען. דאַן פּלעגען זייערע מיטגעפּאַנגענע זיי אַריינוואַרפּען אין דעם אַלגעמיינעם קבר, אונטער דער בעגלייטונג פּון׳ם וועכטר און זיין שוואַרצען הונד; און בשעת דער גלח האָט מאַרשירט אין פּראָנט פּון דער פּראָצעסיע, מעכאַניש לייענענדיג זיינע תפלות, און בעטראַכטענדיג די קאַשטאַנען בוימער ביים וועג, און בעת די פּיער קאַמעראַדען האָבען געטראָגען די מיטה האָבען הנאה געהאַט פּון דער חיי שעה אויף דער פּרייער לופט, איז דער שוואַרצער הונד געווען דאָס איינציגע ווען, וואָס איז געווען גערירט פּון דער הייליגקייט פּון דער צערמאָניע.

בשעת די רעפּאָרמירטע צענטראַל-געפּענגניסע זיינען איינגעפּיהרט געוואָרען אין פּראַנקרייך, האָט מען גערעכענט, אַז דער פּרינציפּ פּון אַבסאָלוטעס שווייגען וועט קענען דורכגעפּיהרט ווערען מיט ערפּאָלג. אָבער דאָס איז אויף אַזוי פּיעל געגען די מענשליכע נאַטור, אַז מי האָט עס געמוזט אויפגעבען.

פּון אויסענווייניג זעהט דאָס געפּענגניס אויס שטום; אָבער אין

אמת'ן געהט דער לעבען דאָרט אָן פונקט אַזוי לעבהאַפֿט ווי אין אַ קליין שטעדטעל. אין איינגעהאַלטענע שטימען זיך, איינרוימענדיג אַ סוד איינער דעם אַנדערען, דורך אַ וואָרט, אַ וואונק אָדער אַ שטיקעל צעטעל, ווערען אַלע נייעס גאַנץ שנעל פֿערשפּרייט איבער'ן גאַנצען פּריזען. עס קען קיין זאַך ניט פּאַסירען צווישען די פּריזנערס גופא, צווישען די פֿערוואַלטער, אין דעם דאָרף קלערוואָ, אָדער אפילו אין דער גרויסער ברייטער וועלט פֿון פּאַריזער פּאָליטיק, וועלכעס זאָל ניט גלייך פֿערשפּרייט ווערען אין אַלע קאָרידאָרען, ווערקשטאַטען און צעלען. פֿראַנצויזען זיינען צו ריידעווודיג, אַז מי זאָל זיי קענען סטאָפּען זייער אונטעראירדישען טעלעגראַף. מיר האָבען זיך ניט געפֿלעגט צוזאַמענריידען מיט די איינפֿאַכע פֿערברעכער, און דאָך פֿלעגען מיר וויסען אַלע נייעס. „זשאַן, דער גערטנער, איז דאָ צוריק אויף צוויי יאָהר". „דעם־און־דעם אינספּעקטאָרס ווייב האָט געהאַט אַ שרעקליכע מחלוקה מיט דעם־און־דעם'ס ווייב". „דזשיימס, אין די צעלען איז געכאַפּט געוואָרען איבערגעבענדיג אַ צעטעל זשאַנ'ן פֿון טשעסליאַרסקען ווערקשטאַט". „יענער אַלטער הונד, דער־און־דער, איז ניט מעהר יוסטיץ־מיניסטער". „דאָס מיניסטעריום איז געפֿאַלען"; און אַזוי ווייטער; און ווען עס לאָזט זיך הערען אַז „דזשעק האָט צוויי פֿינף סענטיגע פּעקלעך טאַבאַק, וועלכע ער וויל אויסטוישען אויף צוויי פֿלאַנעלענע יאַקען", טראָגט זיך דאָס באַלד דורך איבער'ן פּריזען ווי אַ בליץ.

איין מאָל האָט עפּעס אַ שטיקעל אַדוואָקאַט, וועלכער איז פֿער־האַלטען געוואָרען אין געפֿענגנים, געוואָלט מיר איבערגעבען אַ צעטעל אין וועלכען ער בעט מיין פֿרוי, זי זאָל זיך זעהן מיט זיין פֿרוי פֿון צייט צו צייט, — און אַ היבש ביסעל מענשען האָבען גלייך גענומען די גרעסטע אינטערעסע אין דער איבערליפֿערונג פֿון דער שליחות, וועלכע האָט געמוזט דורכגעהן מי יודע וויפֿיעל הענד, ביז זי איז אָנגעקומען צו מיר. ווען מי האָט געפֿונען עפּעס אין אַ צייטונג, וועלכעס איז געווען פֿון ספּעציעלער אינטערעסע פֿאַר אונז, איז די צייטונג עפּעס ווי דורך כשוף, גלייך אונז איבערגעגעבען געוואָרען, אַרומגעוויקעלט אַרום אַ שטיינדעל און אַריבער־געוואָרפֿען איבער די הויכע וואַנד.

אפילו די איינצעל־צעלע שטערט ניט די צוזאַמענריידונג. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין קלערוואָ, און מי האָט אונז אָנפֿאַנגס איינגעשפּאַרט אין דער צעלען־אַבטהיילונג, איז אונז דאָרט געווען שרעקליך קאַלט; אַזוי קאַלט, אַז איך האָב קוים געקענט שרייבען, און ווען מיין פֿרוי, וועלכע וואַר דאַמאָלסט אין פּאַריז, האָט געקראָגען מיין בריעף, האָט זי מיין האַנדשריפֿט ניט דערקענט. דער אוקאַז איז אָנגעקומען צו הייצען די

צעלען ווי ווייט מעגליך; אָבער כאָטש נעהם און צוריים זיך, די צעלען זיינען געבליבען אַזוי קאַלט ווי פריהער. עס האָט זיך נאַכהער אַרויסגע־שטעלט, אַז אַלע הייצרעהרען זיינען געווען פאַ־לייגט מיט ברעקלאַך פּאַפּיר, שטיקלעך נאָטיצען, מעסערלעך, און אַלערליי קליינינקייטען, וועלכע זיינען בעהאַלטען געוואָרען פון די פריזענערס פון עטליכע דורות.

מ אַ ר ט י ן, דער זעלבער פריינד מיינער, וועלכען איך האָב שוין פריהער דערמאָנט, האָט ערהאַלטען די ערלויבעניס אָבצוזיצען אַ טהייל פון זיין טערמין אין אַן איינצעל־צעלע.

איהם איז געווען ליעבער די אָבזונדערונג, איידער צו זיין צוזאַמענ־געוואָרפען מיט נאָך צוועלף פערזאָן. צו זיין גרויסען ערשטוינען האָט ער אויסגעפונען, אַז ער איז גאָר ניט אַליין. די ווענד און די לעכער פון די שליסלען האָבען גערעדט.

אין אַ קורצע צייט האָבען אַלע צעלען־איינוואוינער געוואוסט ווער ער איז, און ער האָט געקראָגען בעקאַנטע איבער די גאַנצע אַנשטאַלט. צווישען די שיינבאַר אָבגעזונדערטע געהט עס צו גאַנץ לעבעדיג, פונקט ווי אין אַ בינשטאָק; נאָר דיזער לעבען נעהמט אָפט אָן אַזאַ מין כאַראַקטער, וועלכער בעלאַנגט געגצליך צו דער פאַראַדיע פון גייסטעס־קראַנקהייטען. קראַפט־עבבינג גופא האָט ניט געהאַט קיין בעגריף וואָס עס ווערט אָבגעטהאָן אין דיזער הינזיכט אין די איינצעל־צעלען פון די פריזענס.

איך וועל דאָ ניט איבער׳חזר׳ן, וואָס איך האָב שוין געשריבען אין אַ בוך „אין רוסישע און פראַנצויזישע געפענגניסע״, וועלכעס איך האָב פערעפענטליכט אין ענגלאַנד אין 1886, גלייך נאָך מיין בעפרייאונג פון קלערוואָ, איבער דעם מאָראַלען איינפלוס פון די געפענגניסע אויף די געפאַנגענע. אָבער איין זאַך מוז געזאָגט ווערען: די פריזען בעפעלקערונג בעשטעהט פון געמישטע עלעמענטען; און בעטראַכטענדיג בלויז די, וועלכע ווערען בעצייכענט אַלס די „עכטע פערברעכער״, און איבער וועלכע מיר האָבען די לעצטע צייט אַזוי פיעל געהערט פון לאָמבראָזאָ און זיינע נאַכפאָלגער, מוז איך זאָגען, אַז איך בין געקומען צו דער שטאַרקסטער איבערצייגונג, אַז דער פריזען, וועלכע ווערט בעטראַכט אַלס אַן אינסטיטוציאָן וואָס פערהיט אַנטי־סאָציאַלע טהאַטען, דיענט אדרבה דעם צוועק צו ערציהען פערברעכען.

יעדער מענש וויס, אַז די אַבוועזענהייט פון בילדונג, דער האַס צו רעגולערע אַרבייט, די פיזישע אונפעהיגקייט פיר אַנשטריינגונג, דער בעגעהר פיר אויפרעגונג און ריזיקע, די ליידענשאַפט פיר געמבלען — שפּיעלען אין געלד —, די אַבוועזענהייט פון ענערגיע, דער אונגעצויגענער ווילען,

און די גלייכגילטיגקייט צום נעבענענשען, זיינען די אורזאַכען, וועלכע בריינגען דיזען קלאַס מענשען בעפֿאָר די ריכטער. און דער פֿאַקט, אַז גראַד דיעזע חסרנות פֿון דער מענשליכער נאַטור — יעדער איינציגער פֿון זיי — ווערען ערצויגען און איינגעוואָרצעלט אין דעם געפֿעננים־לעבען, האָט אויף מיר געלאָזען אַ טיעפֿען איינדרוק; און עס קען אַנדערש ניט זיין; טאַקי וויל עס איז אַ געפֿעננים, און אַזו לאַנג ווי דאָס געפֿעננים עקזיסטירט, וועלען דיעזע שוידערליכע כאַראַקטערע עקזיסטירען. זעצט איין אַ מענשען אין טורמע און איהר נעהמט גלייך פֿון איהם אַוועק זיין גאַנצע ענערגיע; זיין גאַנצער ווילען ווערט גלייך פֿערניכטעט. אין׳ם געפֿעננים־לעבען איז ניטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר׳ן אַרעסטאַנט׳ס אייגענעם ווילען, און טאָמער ווילט איהר זיך ניט אונטערוואַרפֿען אונטער די פֿיס פֿון יעדען נידעריגען אויפֿזעהער, וועט מען אייך אויסטהיילען ענוים קשים ומרים. דען דער כאַראַקטער פֿון׳ם אַרעסטאַנט מוז געקוילעט ווערען, און ער ווערט געקוילעט. נאָך וועניגער געלעגענהייט האָט איהר פֿאַר אייער נאַטירליכער סימפּאַטיע, דען יעדעס מיטעל ווערט אָנגעווענדעט ניט צו דערלאָזען קיין שום פֿרייע בעריהרונג מיט אַלע די פּערזאָנען, אויסענוועניג און אינעווייניג, מיט וועלכע דער אַרעסטאַנט קעהרט צו האָבען סימפּאַטיע־געפֿיהלען. פֿיזיש און גייסטיג ווערט ער אַלץ מעהר קאַליקע, און אויב ער האָט שוין פֿון פֿריהער ניט ליעב געהאַט מאָנאָטאָנע אַרבייט, ווערט נאָך דיעזער ווידער־ווילען פֿיעל שטאַרקער וועהרענד די פּריזאָן־יאָהרען. אויב ער האָט פֿריהער געצווייפֿעלט אין די נוצליכקייט פֿון די היינטיגע מאָראַליטעטס־רעגלען, שיקט ער זיי יעצט געוויס צו אַל־די רוחות, קוקענדיג מיט אַ קריטישען בליק אויף די אָפֿיציעלע אויפֿזעהער, אויף דיעזע רעגלען, און אויסהערענדיג די מיינונגען פֿון זיינע חברים איבער זיי. און אויב ער איז בעשטראָפֿט געוואָרען מיט טורמע פֿאַר די אוננאַטירליכע ענטוויקלונג פֿון זיין היציגער, ליידענשאַפֿטליכער נאַטור, ווערט דיעזע נאַטור אָבער איצט, נאָכדעם ווי ער האָט פערבראַכט פֿיעלע יאָהרען אין תפיסה, נאָך מעהר ענטוויקעלט, אין פֿיעלע פֿעלע ביז אויף דער שוידערליכסטער שטופֿע. אין דיעזע לעצטע ריכטונג — די געפֿעהרליכסטע פֿון אַלע — איז די פּריזען־בילדונג אַם ווירקזאַמסטען.

אין סיביר האָב איך געזעהן, וועלכע פֿוילע זומפּען פֿון פֿיזישער און מאָראַלער קאָררופּציאָן די שמוציגע, איבערגעפּאַקטע, ניט־רעפֿאָרמירטע רוסישע טורמעס וואַרען, און אים עלטער פֿון נייַנצהען יאָהר האָב איך געמיינט, אַז ווען די צימער וואָלטען ניט געווען אַזוי איבערגעפּאַקט און ס׳וואָלט געווען אַ געוויסע קלאַסיפֿיצירונג פֿון די אַרעסטאַנטען, און מי

װאָלט זיי בעזאָרגט מיט געזונדע מלאכות, װאָלט מען געקענט די אינסטי־טוציאָן פיעל פערבעסערען. איצט האָב איך געמוזט אװעקװאַרפען דיעזע חלומות. איך האָב זיך געקענט איבערצייגען, אַז אַזױ װײט װי זייער װירקונג אויף די אַרעסטאַנטען געהט אָן דער רעזולטאַט פאַר די געזעלשאַפט אין אַלגעמיין, זיינען די „רעפאָרמירטע" טורמעס פונקט אַזױ שלעכט, און אפשר נאָך ערגער, װי די שמוציגע טורמעס פון די אַלטע ציימען. זיי רעפאָרמירען ניט די פערברעכער. אדרבה אין דער װײט גרויסע מעהרצאָהל איבען זיי נאָך אויף זיי אוים די פערדאָרבענסטע װירקונג. דער גנב, דער שװינדלער, דער גרוביאַן, װעלכער האָט פערבראַכט עטליכע יאָהר אין טורמע, קומט אַרויס נאָך פיעל ערגער װי ער איז אַריין; ער איז איצט פיעל מעהר נייגעריג און פיעל מעהר פערפערטיגט צו אַלערליי פערברע־כענס; ער פערשטעהט איצט זיין קונסט בעסער; ער איז פיעל מעהר פערביטערט געגען די געזעלשאַפט, און ער געפינט אַ פיעל סאָלידערע רעכטפערטיגונג צו רעװאָלטירען געגען איהרע גרויזאַמע געזעצע און מנהגים; נויטװענדיגערװייזע, אונפערמיידליך, איז ער געצװאונגען צו זינקען אַלץ טיעפער און טיעפער אין די אַנטי־סאָציאַלע טהאַטען, װעלכע האָבען איהם לכתחילה געבראַכט פאַר אַ געריכט. די פאַרברעכען װאָס ער בעגעהט נאָך זיין ערשטען טערמין טורמע, מוזען זיין פיעל גרעסער װי די פריהערדיגע; און זיין שיקזאַל איז תמיד צו ענדיגען זיינע יאָהרען איז קאַטאָרגע. אין יענעם בוך האָב איך געזאָגט, אַז „טורמעס זיינען אוניװערזיטעטען פון פערברעכענס, אויפגעהאַלטען פון שטאַאַט". און איצט, בעטראַכטענדיג דיעזע אינסטיטוציאָן מיט דעם בליק פון אַ פופצעהניעהריגער ערפאַהרונג, קען איך בלויז בעשטעטיגען יענע בעהויפטונג מיינע.

פערזענליך האָב איך ניט קיין אורזאַכע זיך צו בעקלאָגען אויף די יאָהרען װאָס איך האָב פערבראַכט אין אַ פראַנצויזישע טורמע. פאַר אַ טהעטיגען און אונאַבהענגיגען מענשען איז די בערויבונג פון זיין פרייהייט און טהעטיגקייט אַזאַ גרויסע שטראָף, אַז אַלעם איבריגע — אַלע קליינליכע יסורים פון'ם פריזון־לעבען — זיינען גאָר ניט. פערשטעהט זיך, בשעת מיר האָבען געהערט פון דעם אַקטיװען פאָליטישען לעבען אין פראַנקרייך, האָבען מיר שטאַרק געליטען פון אונזער געצװאונגענער אונטהעטיגקייט. דער סוף פון'ם ערשטען יאָהר, ספּעציעל װעהרענד אַ טריבען װינטער, איז אימער שװער פאַר'ן אַרעסטאַנט. און װען דער פריהלינג קומט, פיהלט מען נאָך מעהר װי אימער דעם פערלוסט פון דער פרייהייט. בעת איך האָב געזעהן דורך'ן פענסטער װי די לאָנקעס טהוען זיך אָן אין זייערע גרינע קליידער און װי די בערג װערען בעדעקט מיט

דעם פֿרילינג טהוי; אָדער ווען איך האָב געזעהן אַ באַהן פֿערבייפֿליהענ־דיג אין טהאָל צווישען די בערג, האָב איך בודאי געפֿיהלט אַ שטאַרקען חשק איהר נאָכצופֿליהען און איינצואָטהעמען די לופֿט פֿון די וועלדער, אָדער מיטגעטראָגען צו ווערען מיט'ן שטראָם פֿון מענשליכען לעבען אין אַ קאָכענדער שטאָדט. אָבער דער מענש וואָס גיט איבער זיין שיקזאַל אַ פֿאָרטגעשריטענער פּאַרטיי, מוז זיין בערייט צו פֿערברייננגען עטליכע יאָהר אין געפֿענגנים, און געברויך ניט האָבען קיין פֿערדרוס דעריבער. ער פֿיהלט, אַז אפילו אין דער צייט פֿון זיין פֿערקערקערונג בלייבט ער ניט אין גאַנצען אַן אונטהעטיגער טהייל פֿון דער בעוועגונג, וועלכע פֿערשפּרייט און פֿערשטאַרקט די אידעען וואָס זיינען איהם טהייער.

אין ליאָן זיינען די וועכטער זיכערליך געווען אַ זעהר גראָבער קלאַס מענשען. אָבער נאָך אַ צוויי דריי צוזאַמענשטויסונגען איז אַלעס ווידער רעכט געוואָרען. און ווידער האָט אויך די פּריזען פֿערוואַלטונג געוואוסט, אַז מיר האָבען די פּאַריזער פּרעסע אויף אונזער זייט, און זיי האָ־בען ניט געוואָלט אויף זיך אַראָפּברייננגען די דונערען פֿון ראָשפֿאָר אָדער די שניידענדע קריטיק פֿון קלעמענסאָ. נאָר אין קלערוואָ האָט מען שוין דאָס אויך ניט געברויכט. די גאַנצע פֿערוואַלטונג איז געווען אומגעענדערט עטליכע מאָנאַט פֿאַר אונזער אָנקומען. אַן אַרעסטאַנט איז געפֿונען געוואָרען טויט אין זיין צעלע דער'הרג'ט פֿון'ם וועכטער, און זיין קערפּער איז אויפֿ־געהאַנגען געוואָרען, כּדי עס זאָל אויסזעהן ווי זעלבסטמאָרד; אָבער דעם מאָל איז דער סוד אַרויס דורך'ן דאָקטאָר, דער גאָווערנאָר איז אַראָבגע־זעצט געוואָרען, און אַלעס איז געוואָרען ווייכער אין געפֿענגנים. איך האָב מיט זיך מיטגענומען פֿון קלערוואָ די בעסטע עראינערונג פֿון איהר פֿער־וואַלטער, און די גאַנצע צייט וואָס איך בין דאָרטען געווען, האָב איך מיר אָפֿט געטראַכט, אַז נאָך אַלעמען זיינען די מענשען אָפֿטמאָל בעסער ווי די אינסטיטוציאָנען צו וועלכע זיי בעלאַנגען. אָבער ניט האָבענדיג קיין פּערזענליכע עולות, קען איך פֿיעל פֿרייער און מיט מעהר געוויסען פֿערדאַמען די אַנשטאַלט גופא, אַלס אַ ירושה פֿון דער פֿינסטערער פֿער־גאַנגענהייט, פֿאַלש אין איהרע פּרינציפּען און אַ קוואַל פֿון די שוידערליכסטע איבלען פֿאַר די געזעלשאַפֿט.

נאָך איין זאַך מוז איך דערמאָהנען, מחמת דאָס האָט אפֿשר נאָך אַ טיעפֿערען איינדרוק געמאַכט אויף מיר אַלס די דעמאָראַליזירענדע ווירקונג פֿון טורמעס אויף זייערע איינוואוינער: וואָסערע אַנשטעקענדע פּעסט איז יעדע טורמע — און אפילו יעדעס געריכטס־הויז — פֿאַר די נאָכבאַרשאַפֿט, פֿאַר די מענשען וואָס וואוינען אין דער געגענד.

לאָמבראָזאָ האָט פֿיעל צו זאָגען איבער דעם „קרימינאַל טיפּ“, וועלכען ער דענקט צו האָבען ענטדעקט ביי די אַרעסטאַנטען. אויב ער וואָלט זיך געגעבען די זעלבע מיה צו בעאָבאַכטען די לייטע וואָס שאַרען זיך אַרום די קאָורט׳ס, — שפּיאָנען, מעקלערלאַך, מוסרים, אַדוואָקאַטלעך, מענשען וואָס כאַפּען סתם אַריין די „גרינהאָרן׳ס“, און דאָס גלייכען, — וואָלט ער זיכערליך געקומען צום שלום, אַז זיין קרימינעלער טיפּ האָט אַ פֿיעל גרעסערען געאָגראַפֿישען שטח, ווי די פּריזאָן־ווענד. איך האָב נאָך אין מיין גאַנצען לעבען ניט געזעהן אַזאַ קאָלעקציאָן פֿון פּנים׳ער פֿון דעם נידעריגסטען מענשליכען טיפּ, ווי איך האָב געזעהן אַרום און אין דעם געריכטס־הויף פֿון געפֿענגנים פֿון ליאָן, — אין דער געפֿענגניס פֿון קלערוואָ אודאי ניט. דיקקענס און קרוקשאַנק האָבען עטליכע אַזעלכע טיפּען אונשטערבליך געמאַכט; אָבער זיי שטעלען מיט זיך פֿאָר אַ היבשע וועלטעל, וועלכע דרעהט זיך אַרום די קאָורט׳ס און גיעסט אַריין איהר גיפֿט וויט און ברייט אַרום זיי. און דאָס זעלבע איז מיט יעדער צענטראַלער פּריזען. עס איז די לופֿט פֿון קליינע גנבות, קליינע שווינדלערייען, שפּיאָנסטוועס און אַלערליי קאָרופּציאָן, וועלכע פֿערשפּרייטען זיך, ווי אַן אויל פֿלעק אַרום די געפֿענגניסע.

איך האָב דאָס אַלעס צוגעזעהן; און אויב איך האָב נאָך בעפֿאָר מיין פֿעראורטהיילונג שוין געוואוסט, אַז די געזעלשאַפֿט איז אומגערעכט אין איהר איצטיגער בעשטראָפֿונגס־סיסטעמע, האָב איך אָבער נאָכדעם, ווי איך האָב פֿערלאָזען קלערוואָ, געוואוסט, אַז ניט נאָר איז דאָס פֿאַלש און אונגערעכט, נאָר אַז עס איז פּשוט נאַריש אויפֿצוהאַלטען אויף דער געזעלשאַפֿט׳ס פֿלייצעס אַזעלכע אונעווערזיטעטען פֿון קאָרופּציאָן, אונטער דער איינבילדונג, אַז זיי זיינען נויטהיג אַלס אַ צאַם פֿיר די קרימינעלע אינסטינקטען פֿון׳ם מענשען.

---

מיין צוזאַמענשטויס מיט דער געהיים פּאָליציי.

---

יעדען רעוואָלוציאָנער קומט אויס זיך צוזאַמען צו טרעפֿען מיט שפּיאָנען און „רייך־אַגענטען“, און איך האָב אויך געהאַט מיין חלק פֿון דיעזע חברה.

אַלע רעגירונגען גיבען אויס גרויסע סומען געלד אויפֿצוהאַלטען דיזען מין שלאַנג. דאָך זיינען זיי בלויז שעדליך פֿיר די יונגע מענשען. דער

מענש וואָס האָט געהאַט אַביסעל ערפאַהרונג מיט מענשען אין זייער לעבען, געפינט גלייך אויס, אַז אין דיעזע בעשעפעניסען איז פאַראַנען עפּעס אַזעלכעס וואָס ערוועקט גלייך אַ פערדאַכט. זיי ווערען צוזאַמענגעשלעפּט פון אָבשוים דער געזעלשאַפט, פון צווישען די נידעריגסטע מענשען, און ווען מען פאַסט נאָר אויף, אויף דעם מאָראַלען כאַראַקטער פון די מענשען מיט וועלכע מען קומט אין בעריהרונג, בעמערקט מען באַלד אין דער אויפפיהרונג פון דיעזע „זיילען דער געזעלשאַפט" עטוואָס אַזעלכעס וואָס מאַכט זיי עקעלהאַפט, און איהר פרעגט זיך דאַן די פראַגע: „וואָס האָט דיעזען נפש געבראַכט צו מיר? וואָס פאַר אַ געמיינשאַפטליכעס קען ער מיט אונז האָבען?" אין די מייסטע פעלע איז דיעזע איינפאַכע פראַגע גענוגענד אייך צו שטעלען אויף דער וואַך.

בעת איך בין דעם ערשטען מאָל אָנגעקומען קיין זשענעוואַ, איז דער אַגענט פון דער רוסישער רעגירונג, וועלכער איז געשיקט געוואָרען נאָכצושפּיאָנירען די פּאָליטישע פליכטלינגע, אונז אַלעמען געווען גוט בעקאַנט. ער האָט זיך גערופען גראַף; אָבער אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט ניט קיין לאַקיי און ניט קיין קאַרעטע, אויף וועלכער ער זאָל קענען אַרויסשטעלען זיין הערב, האָט ער איהם נעבעך געמוזט לאָזען אויסהעפטען אויף דער מאַנטעלע פון זיין פיצענקען הינטעל. מיר פלעגען איהם מאַנכעסמאָל בעגעגנען אין די קאַפעס, אָהנע צו איהם צו ריידען; ער איז ווירקליך געווען אַן „אונשולדיגער", וועלכער פלעגט פשוט אויפקויפען אַלע ביכער פון די פּאָליטישע, צושרייבענדיג צו זיי העכסט וואַהרשיינליך אַזעלכע פירושים, וועלכע ער האָט גערעכענט, וועלען געפעלען זיינע אויבערהערען.

פערשיעדענע לייטע האָבען אָנגעהויבען אַריינצופאָהרען אין זשענעוואַ, בשעת דיעזע שטאָדט האָט זיך אָנגעהויבען אָנצופילען מיט פּאָליטישע פון דעם יונגען דור; און דאָך, זיינען זיי אַלע, ווי עס איז, אונז בעקאַנט געוואָרען.

ווען אַ פרעמדער איז אָנגעקומען אין אונזער מיטע, האָט מען איהם גלייך אַ פרעג געטאָהן מיט דער געוועהנליכער ניהיליסטישער אָפענקייט מכח זיינע פערגאַנגענע און איצטיגע אויסזיכטען, און מי האָט דעם פּאַרשוין גלייך דערקענט. אָפענהערציגקייט אין דעם געמיינשאַפטליכען פערקעהר איז ווייט דער בעסטער מיטעל הערצושטעלען ריכטיגע פער־העלטניסע צווישען מענשען. אין דיזען פאַל וואַר דאָס זעהר נויטהיג, מאַסען מענשען פון וועלכע קיינער פון אונז האָט ניט געהערט, און וועלכע קיינער האָט ניט געקענט אין רוסלאַנד — אַבסאָלוט פרעמדע אין אונזערע

קרייזען — זיי זיינען געקומען קיין זשענעוואַ, און פֿיעלע פֿון זיי זיינען גלייך אין עטליכע טעג, אָדער זאָגאַר שטונדען, נאָך זייער אָנקומען געשטאַנען אין די פֿריינדליכסטע פֿערבינדונגען מיט אונזער קאָלאָניע; אָבער פֿון דעסטוועגען האָט זיך די שפּיאָנען קיינמאָל ניט איינגעגעבען איבער־צוטרעטען די שוועל פֿון אינטימליכקייט. אַ שפּיאָן האָט געמעגט אָנרופֿען די נעמען פֿון אַלגעמיינע בעקאַנטע; ער האָט געמעגט אָבגעבען דעם בעסטען דין וחשבון פֿון זיין פֿערגאַנגענהייט אין רוסלאַנד, מאַנכמאָל זאָגאַר קאָרעקט אויך; ער האָט געמעגט פֿאָלשטענדיג בעזיצען דעם ניהיליסטישען אַרט ריידען און די מאַניערען, אָבער ער האָט קיינמאָל ניט געקענט פֿערדייען יענעם סאָרט ניהיליסטישע מידות, וועלכע זיינען אויפֿגעוואַקסען מיט דער רוסישער יוגענד; און דאָס אַליין האָט איהם געהאַלטען פֿון דער וויטען פֿון אונזער קאָלאָניע. שפּיאָנען קענען נאָכמאַכען אַלץ אין דער וועלט, אַ חוץ עטהיקס (די זיטענלעהרע).—

בשעת איך האָב געאַרבייט מיט רעקלו, איז אין קלאַרען געווען איינער אַזאַ פּאַרשוין, צו וועלכען מיר האָבען זיך אַלע געהאַלטען פֿרעמד. מיר האָבען קיין שום שלעכטס פֿון איהם ניט געוואוסט, אָבער מיר האָבען געפֿיהלט אַז ער איז ניט „אונזערער“. און אַזוי ווי ער האָט תמיד געזוכט וואָס מעהר אַריינצודרינגען אין אונזער געזעלשאַפֿט, זיינען מיר געוואָרען פֿערדעכטיג. איך האָב מיט איהם קיין מאָל קיין וואָרט ניט געהאַט אויסגערעדט, און דעריבער האָט ער דוקא געזוכט מיין בעקאַנטשאַפֿט. זעהענדיג, אַז ער קען צו מיר ניט צוקומען דורך די געוועהנליכע וועגען, האָט ער מיר אָנגעהויבען שרייבען בריעף, פֿאָרשלאָגענדיג סעקרעטנע ראַנדעוואוס פֿאַר סעקרעטנע צוועקען אין די וועלדער און אין עהנליכע פלעצער. פֿאַר שפּאַס האָב איך איין מאָל אָנגענומען זיין איינלאַדונג און בין אַוועק אויפֿ׳ן בעשטימטען פלאַץ מיט אַ פֿריינד, וועלכער איז נאָכגעגאַנגען פֿון דער וויטענס; אָבער דער חברה־מאַן, וועלכער האָט וואַהרשיינליך געהאַט נאָך איינעם צו זיך, האָט געמוזט בעמערקען, אַז איך בין ניט אַליין, און איז ניט ערשיענען. אַזוי האָב איך אַלזאָ קיין מאָל ניט געהאַט דעם פֿערגעניגען אויסצוריידען אַ וואָרט מיט איהם. און דאַן האָב איך דאַמאָלס אַזוי שווער געאַרבייט, אַז יעדע מינוט מיינע איז געווען פֿערנומען אָדער מיט די געאָגראַפֿיע, אָדער מיט „לע רעוואָלטע“, און איך האָב מיך ניט פֿערנומען מיט קיינע פֿערשווערונגען, פֿון דעסטוועגען האָבען מיר דערנאָך אויסגעפֿונען, אַז דער פּאַרשוין פֿלעגט שיקען דער דריטער אָטדיעלעניע גענויע בעריכטען פֿון די געשפּרעכען וואָס ער האָט מיט מיר געפֿיהרט, פֿון מיין פֿערטרויען צו איהם, און פֿון די שוידערליכע בונטען

וואָס איך האָב אָנגעפֿיהרט אין פעטערסבורג געגען דעם צאַר׳ס לעבען! דאָס אַלעס האָט מען אין פעטערסבורג אָנגענומען פֿאַר תורת משה, און אין איטאַליען אויך, ווען קאַפֿיעראָ איז אַרעסטירט געוואָרען אין דער שווייץ, האָט מען איהם געוויזען מאַסען בעריכטען פֿון איטאַליענישע שפּיאָנען, וועלכע האָבען געוואָרענט זייער רעגירונג, אַז קאַפֿיעראָ און איך, בעלאַדען מיט באָמבעס, געהען אַריינדרינגען אין איטאַליען. דער פֿאַקט איז, אַז איך בין גאָר קיין מאָל אין איטאַליען ניט געווען און האָב קיין מאָל ניט בדעה געהאַט דאָרט צו זיין.

דער אמת איז אָבער, אַז די שפּיאָנען מאַכען ניט שטענדיג זייערע בעריכטען זעהר פּינקטליך. זיי זאָגען אָפֿט זאַכען וועלכע זיינען וואָהר, אָבער עס הענגט אָפּ ווי אַזוי מי דערצעהלט אַזאַך. מיר האָבען פֿערבראַכט עטליכע זעהר אַמוזאַנטע מינוטען לייענעדדיג אַ רעפּאָרט, וועלכער איז געווען אַדרעסירט צו דער פֿראַנצויזישער רעגירונג פֿון אַ פֿראַנצויזישען שפּיאָן, וועלכער האָט נאָכשפּיאָנירט מיין פֿרוי און מיר, אויף אונזער רייזע פֿון פּאַריז קיין לאָנדאָן אין 1881. שפּיעלענדיג אַ דאָפּעלטע ראָליע, ווי זיי טהוען אָפֿט־מאָל, האָט דער שפּיאָן הפּנים געהאַט פֿערקויפֿט דיעזען בעריכט צו ראָשפֿאָר׳ן, וועלכער האָט איהם פֿערעפֿענטליכט אין זיין צייטונג. אַלעס וואָס דאָרט איז געזאָגט געווען וואַר קאָרעקט, — אָבער ווי דאָס איז געזאָגט געוואָרען!

ער האָט, למשל, געשריבען: „איך האָב גענומען די נעכסטע אַב־טהיילונג פֿון׳ם וואַגאָן, וועלכען קראַפּאָטקין האָט פֿערנומען מיט זיין פֿרוי". אמת, ער איז דאָרט געווען. מיר האָבען איהם בעמערקט, ווייל ער האָט גלייך געצויגען אונזער אויפֿמערקזאַמקייט אויף זיך מיט זיין גראָבען, אונאַנגענעהמען געזיכט. „זיי האָבען גערעדט רוסיש די גאַנצע צייט, כדי די פּאַסאַזשירען זאָלען זיי ניט פֿערשטעהן". ווידער אַמאָהל זעהר קאָרעקט; מיר האָבען גערעדט רוסיש, ווי מיר טהון עס תמיד. „ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין קאַלע׳, האָבען זיי ביידע זיך געהייסען געבען אַ בוליאָן". נאָך אַמאָל אמת: מיר האָבען געגעסען די זופּ. אָבער דאָ הייבט זיך אָן די סעקרעטנע טהייל פֿון דער רייזע. „דערנאָך זיינען זיי ביידע פּלוצלינג פֿערשוואונדען, און איך האָב זיי אומזיסט אומעטום אַרומגעזוכט; און ווען זיי זיינען ווידער ערשינען, איז ער געווען פֿערמאַסקירט, און מיט איהם איז מיטגעגאַנגען אַ רוסיסער גלח, וועלכער האָט איהם שוין ניט פֿערלאָזען, ביז זיי זיינען אָנגעקומען אין לאָנדאָן, וואו איך האָב דעם גלח פֿערלוירען". אַלעס דאָס איז ווידער אמת. מיין פֿרוי האָט געהאַט אַ לייכטען צאָהנ־וועהטאָג, און איך האָב געבעטעןביין רעסטאָראַטאָר מיר צו ערלויבען זיין

פּריוואַט צימער, וואו מיין פֿרוי זאָל קענען צולייגען עטוואָס צו איהר צאָהן. אַזוי אַרום זיינען מיר „פֿערשוואונדען". וואָס אָנבעלאַנג צום גלח, איז ער אויך דאָרט געוועזן. ער איז ניט געוועזן קיין רוסע, נור דאָס מאַכט ניט: ער האָט יעדענפֿאַלס געטראָגען דעם קאָסטיום פֿון אַ גריכישען גלח, איך האָב איהם געטראָפֿען שטעהענדיג ביין טאָנבאַנק און בעטענדיג עפּעס אַזעלכעס וואָס קיינער האָט ניט פֿערשטאַנען. „אַגוא, אַגוא", האָט ער געבעטען איין מאָל און נאָך אַמאָל מיט אַ וויינענדיגען טאָן. גיט דעם הערען אַ גלאָז וואַסער, האָב איך געזאָגט דעם קעלנער. נו, נו; מעהר האָט מען שוין ניט געברויכט. דער גלח האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אונז און האָט אונז אָנגעהויבען דאַנקען און בעוואונדערען מיינע וואונדערבאַרע שפּראַכען־קענטניסע. מיין פֿרוי האָט אויף איהם רחמנות געקראָגען און האָט צו איהם גערעדט אין פֿערשיעדענע לשונות, אָבער ער האָט ניט פֿערשטאַנען אַ וואָרט. ענדליך האָבען מיר אויסגעפֿונען אַז ער האָט געקענט עטליכע ווערטער פֿון איינע פֿון די זיד־סלאַווישע שפּראַכען און מיר האָבען קוים מיט צרות פֿערשטאַנען: „איך בין אַ גרעק; צום טערקישען אַמבאַסאַדאָר, לאָנדאָן", מיר האָבען איהם געזאָגט, מייסטענס אויף פֿינגער־לשון, אַז מיר פֿאָהרען אויך קיין לאָנדאָן, און אַז ער קען מיטרייזען מיט אונז.

די אַמוזירענדסטע טהייל פֿון דער גאַנצער מעשה איז, וואָס איך האָב ווירקליך אויסגעפֿונען די אַדרעסע פֿון דעם טירקישען אַמבאַסאַדאָר נאָך בעפֿאָר מיר זיינען אָנגעקומען אין טשאַרינג־קראָס. די באַהן האָט זיך אָבגעשטעלט ביי אַ סטאַנציע אויף'ן וועג, און צוויי עלעגאַנטע דאַמען זיינען אריין אין אונזער שוין אַזוי אויך געפּאַקטען וואַגאָן.ביידע האָבען זיי געהאַלטען צייטונגען אין די הענד; איינע איז געוועזן אַן ענגלישע, און די אַנדערע — אַ שעהנע פֿרוי וועלכע האָט גערעדט גוט פֿראַנצויזיש — האָט זיך געמאַכט פֿאַר אַן ענגלישע. נאָכדעם ווי זיי האָבען מיט מיר גערעדט עטליכע ווערטער, האָט מיך איינע אַ פֿרעג געטהאָן פּור־פּלאַט „וואָס דיינקט איהר פֿון גראַף איגנאַטיעף?" און גלייך דערנאָך: „וועט איהר שנעל הרג'נען דעם נייעם צאַר?" איך האָב גלייך פֿערשטאַנען פֿון דיעזע פֿראַגען, ווער דיעזע „דאַמען" זיינען, אָבער זיך דערמאָנענדיג אָן מיין גלח, האָב איך זי געפֿרעגט צו זי ווייס די אַדרעסע פֿון דעם טירקישען אַמבאַסאַדאָר.

„אין די און די גאַס, דער און דער נומער", האָט זי גלייך אויף'ן אָרט געענטפֿערט אָהן שום ישוב הדעת, פּונקט ווי אַ שוהל מיידעל אין אַ קלאַס. „איהר קענט מסתמא אונז אויך געבען די אַדרעס פֿון'ם רוסישען

אַמבאַסאַדאָר?" האָב איך זי אַ פֿרעג געטהאָן, און מיר געבענדיג אויף דיעזע אַדרעסע גלייך אויף'ן אָרט, האָב איך זי מיטגעטהיילט דעם גלח. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין לאָנדאָן, איז די דאַמע געווען אַזוי קנעכטיש גיערינ צו אַטענדען צו מיין באַגאַזש, און אפֿילו צו טראָגען אַ שווערען פּאַק מיט איהרע איידעלע הענטליך און האַנדשוה, אַז איך האָב איהר ענדליך געזאָגט, צו איהר גרויסער ערשטוינונג; „גענוג שוין! דאַמען טראָגען ניט קיין הער'ס באַגאַזש. געהט אַוועק!"

נאָר לאָמיר צוריקקעהרען צו אונזער צוטרויענסווירדיגען פֿראַנצויזישען שפּיאָן: „ער איז אַראָבגעשטיגען אין טשאַרינג־קראָס", האָט ער געשריבען אין זיין בעריכט, „אָבער ער איז ניט אַרויס פֿון וואַגזאַל ביז ער האָט ניט געזעהן, אַז אַלע פּאַסאַזשירען זיינען שוין פֿאָרט. איך האָב מיך דערווייל געהאַלטען פֿון דער ווייטענס, זיך בעהאַלטענדיג אונטער אַ זייל. זייענדיג זיכער, אַז אַלע פּאַסאַזשירען האָבען פֿערלאָזען די פּלאַטפֿאָרמע, זיינען זיי ביידע פּלוצלינג אַריינגעשפּרונגען אין אַ דראָשקע. איך בין אָבער נאָך נאָך זיי און האָב זיך צוגעהערט ווי דער קוטשער האָט אָנגעגעבען דעם פּאָליציסט די אַדרעסע, נומער 12 די און די גאַס. — איך האָב מיך געלאָזען נאָך די דראָזשקע. אַזוי ווי אין דער געגענד איז מעהר קיין קוטשער ניט געווען, בין איך אַוועקגעלאָפֿען אין טראַפֿאַלגער סקווער, וואו איך האָב איינעם געקראָגען. איך בין זיי דאַן נאָכגעפֿאָהרען, ביז זיי זיינע אַראָבגעשטיגען".

יעדער וואָרט איז ווידער אַמאָל אמת ויושר, — די אַדרעסע און יעדעם פּיצעלע בעזונדער; אָבער ווי סעקרעטנע די גאַנצע זאַך זעהט עפּעס אויס. איך האָב מודיע געווען אַ רוסישען פֿריינד מיינעם פֿון מיין אָנקומען, אָבער עס איז געווען אַ געדיכטער טומאַן יענעם אין־דער־פֿריה, און ער האָט פֿערשלאָפֿען. מיר האָבען אויף איהם געוואַרט אַ האַלבע שעה, און דאַן, לאָזענדיג אונזער באַגאַזש אין וואַגזאַל, זיינען מיר אַוועק צו איהם אין הויז.

„דאָרטען זיינען זיי געזעסען ביז צוויי דעם זייגער, מיט אַרונטערגעלאָזענע פֿאָרהענגלעך, און ערש דאַן איז אַרויס אַ הויכער מאַן פֿון הויז און איז צוריקגעקומען מיט זייערע פּעקלעך אין אַ שעה אַרום". אפילו די בעמערקונג וועגען די פֿאָרהענגלעך, איז געווען קאָרעקט; מיר האָבען געמוזט אָנצינדען די גאַז איבער'ן טומאַן און האָבען אַרונטערגעלאָזען די פֿאָרהיינגליך כדי פּטור צו ווערען פֿון דעם מיאוסען אָנבליק פֿון אַ קליינע לאָנדאָנער געסעל איינגעהילט אין אַ געדיכטען נעבעל.

בשעת איך האָב געאַרבייט מיט עליזעע רעקלו אין קלאַרענס, פֿלעג

איך יעדע צוויי וואָכען אַוועק אין זשענעוואַ אום אויפצופּאַסען אויף די אַרויסגאַבע פון „לאַ רעוואָלטע". איין מאָל, ווען איך בין אָנגעקומען אין די דרוקעריי, האָט מען מיר מודיע געוועהן, אַז אַ רוסישער הער וויל מיך זעהן. ער האָט זיך שוין געהאַט געזעהן מיט מיינע פריינד און ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער איז געקומען מיט׳ן צוועק מיך צו בעוועגען אַרויסצוגעבען אַ צייטונג ווי „לאַ רעוואָלטע" אין רוסיש. ער האָט פאָרגעשלאָגען פאַר אַזאַ צייטונג אַזוי פיעל געלד ווי פיעל מי וועט ברויכען. איך בין אַוועק זיך זעהן מיט איהם אין אַ קאַפע, וואו ער האָט מיר געגעבען אַ דייטשען נאָמען, — לאָמיר איהם רופען טאָהנלעהם, — און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ געבווירענער פון די באַלטישע פּראָווינצען. ער האָט זיך בעריהמט, אַז ער פערמעגט אַסך געלד אין גרויסע געשעפטען, אין פאַבריקען, און אַז ער איז שרעקליך אין כעס אויף די רוסישע רעגירונג דערפאַר וואָס זי וויל אַלעס רוסיפיצירען. סך הכל האָט ער אויף מיר געמאַכט אַ מין אונבעשטימטען איינדרוק, כאָטש מיינע פריינד האָבען נישט אַנדערש געוואָלט נאָר אַז איך זאָל דוקא אָננעהמען זיין פאָרשלאַג; אָבער איך האָב דעם מענשען גלייך פון אָנהויב אָן ניט האָלד געהאַט.

פון׳ם רעסטאָראַן האָט ער מיך אַוועקגעפיהרט אין זיינע צימערען אין האָטעל, און דאָרט האָט ער זיך אָנגעהויבען אַ ביסעל מעהר אַרויסצוּווייזען ווער ער איז. און נאָך מעהר אונאַנגענעהם. „איך פערזיכער אייך, איך בין אַן עושר", האָט ער מיר געזאָגט. „איך האָב אויך אַ גרויסע ערפינדונג, עס שטעהט מיר פאָר צו מאַכען א היבשע סומע דערביי. איך וועל זי פאַטענטירען, — און דאָס גאַנצע געלד וועט געהן פאַר די זאַכע פון דער רעוואָלוציאָן פון רוסלאַנד". און ער האָט מיר געוויזען, צו מיין ערשטוינונג, אַ פאַסקודנעם לייכטערעל, וועלכער איז געווען זעהר אָרגינעל מיט זיין העסליכקייט און איז בעשטאַנען פון דריי שטיקלעך דראָהט פאַר די ליכט אַריינצוזעצען. די אָרימסטע פרוי וואָלט ניט געוואָלט קוקען אויף אַזאַ מין לייכטער, און ווען מי זאָל איהם שוין קענען פאַטענטירען, וואָלט קיין פאַבריקאַנט ניט בעצאָהלט מעהר ווי צעהן טאָלער. „אַ רייכער מאַן וואָס האָפט אויף אַ שטיקעל לייכטערל! דיעזער פאַרשוין", האָב איך ביי זיך געטראַכט, „האָט אַודאי קיין מאָל קיין בעסערע לייכטערס ניט געזעהן", און מיין מיינונג וועגען איהם איז געווען אָבגעמאַכט. ער איז גאָר קיין רייכער מאַן ניט געווען, און דאָס גאַנצע געלד וואָס ער האָט פאָרגעשלאָגען איז ניט געווען זיינע.

איך האָב איהם אַלזאָ גאַנץ פּראָסט געזאָגט: „זעהר גוט, אויב איהר ווילט אַזוי שטאַרק אַרויסלאָזען אַ רוסיש-רעוואָלוציאָנערע צייטונג, און

איהר האָט טאַקע אַזאַ הויכע מיינונג וועגען מיר, ווי איהר האָט זיך אויסגעדריקט, וועט איהר אַזוי גוט זיין איינלעגען דאָס געלד אין באַנק אויף מיין נאָמען, און עס איבערגעבען אין גאַנצען אין מיין רשות. אָבער איך זאָג אייך אַפריהער אַז אויף דער ציימונג גופא ווערט איהר קיין שום דעה ניט האָבען".

„אודאי, אודאי", האָט ער זיך אָבגערופען.

„נאָר אַזוי סתם אַ מאָל אַריינקוקען אין רעדאַקציע, און זיך מיט אייך בעראַטהען און אייך זיין בעהילפיג אַריינצושמוגלען די ציימונג אין רוסלאַנד".

„אָה, ניין, ס'הויבט זיך ניט אָן! איהר ברויכט מיך אפילו ניט זעהן".

מיינע פריינד האָבען געדיינקט, אַז איך בין מיט דעם מאַן צו שטריינג, אָבער אין אַ קורצע צייט אַרום איז אָנגעקומען אַ בריעף פון פעטערבורג מיט דער וואַרנונג, אַז מיר וועלען האָבען די עהרע בעקאַנט צו ווערען מיט אַ שפיאָן פון דער דריטער אָטדיעלעניע, מיט'ן נאָמען טאָהנלעהם. דער לייכטערעל האָט אונז אַלזאָ ניט שלעכט געלויכטען דעם מאָהל.

נאָר דיעזע חברה־לייט גיבען זיך תמיד אַרויס פריהער אָדער שפעטער; צו דורך לייכטערלעך, צו דורך אַנדערע נאַרישקייטען.

בעת מיר זיינען געווען אין לאָנדאָן אין 1881 האָבען אונז צוויי רוסען אין טומאַנעם אין־דער־פריה אָבגעשטאַטעט אַ בעזוך. איינעם האָב איך געקענט מיט'ן נאָמען; דער אַנדערער, אַ יונגער מאַן, וועלכען ער האָט פאָרגעשטעלט אַלס זיין פריינד, איז געווען אַן אונבעקאַנטער. דיעזער האָט סתם אַזוי זיך אָנגענומען בעגלייטען אונזער בעקאַנטען קיין לאָנדאָן אויף עטליכע טעג. אַזוי ווי ער וואַר פאָרגעשטעלט פון אַ פריינד מיינעם, האָב איך נאַטירליך קיין זאַך ניט חושד געווען: אָבער איך בין גראַד געווען זעהר פערנומען יענעם טאָג, איך האָב דאַרום געבעטען אַ קאַמעראַד מיינעם, ער זאָל זיי פערשאַפען אַ צימער אין דער געגענד, און זאָל זיי ווייזען אַרום לאָנדאָן. מיין פרוי האָט נאָך אויך ניט געהאַט געזעהן פיעל פון דער שטאָדט, און איז מיטגעגאַנגען מיט זיי. נאָכמיטאָג איז זי צוריקגעקומען און רופט זיך אָב צו מיר: „ווייסטו, מיר געפעלט דיעזער פאַרשוין גאָרניט. פאַס אויף!" „אָבער וואַרום? וואָס איז מיט איהם?" האָב איך זי געפרעגט. „קיין זאַך ניט, ממש גאָר ניט, אָבער ער איז זיכער ניט אונזערער". וועדליג ווי ער איז זיך בעגאַנגען מיט'ן קעלנער אין רעסטאָראַן און לויט ווי ער בעגעהט זיך מיט געלד, האָב איך גלייך דערקענט אַז ער איז ניט

„אונזערער", און אויב ער איז ניט, וואָסערע געשעפטען האָט ער מיט אונז"?

זי וואַר אַזוי זיכער, אַז זי האָט אורזאַכע צו זיין פערדעכטיג, אַז כאָטש זי האָט געטהאָן איהר פּליכט צו איהם אַלס גאַסט, איז זי אָבער געווען זעהר פאָרזיכטיג ניט צו לאָזען דעם אונבעקאַנטען יונגען מאַן אַליין מיט מיר אין צימער ניט אויף איין איינציגע מינוט. מיר האָבען זיך דורכגערעדט, און אונזער גאַסט האָט זיך וואָס אַמאָל גענומען אַרויסווייזען אַלץ מעהר און מעהר אַזוי נידעריג, אַז זיין פריינד אַליין האָט זיך גענומען שהעמען מיט איהם, און ווען איך האָב גענומען פרעגען וועגען איינצעל־הייטען פון דיזען פאַרשוין׳ס לעבען, זיינען עפּעס די ערקלעהרונגען, געווען צו הינקעדיג. מיר האָבען זיך ביידע געשטעלט אויף דער וואַך. קורץ און גוט, אין עטליכע טעג האָבען זיי פערלאָזען לאָנדאָן. און אין צוויי וואָכען אַרום האָב איך געקראָגען אַ בריעף פון מיין פריינד, וואו ער בעט מיך טויזענד מאָל אום ענטשולדיגונג וואָס ער האָט מיר פאָרגעשטעלט דעם יונגען מאַן, וועלכער, ווי זיי האָבען אויסגעפונען אין פאַריז, איז געווען אַ שפּיאָן, אין דיענסט פון׳ם רוסישען אַמבאַסאַדאָר, איך האָב נאָכהער נאָכגעזעהן אַ ליסטע פון די רוסישע שפּיאָנען פון פראַנקרייך און שוויי־צאַריען, וועלכע מיר פליכטלינגע האָבען גראַד דאַן געהאַט געקראָגען פון דעם עקזעקוטיווען קאָמיטעט, — זיי האָבען געהאַט זייערע מענשען איבעראַל אין פעטערסבורג, — און איך האָב דאָרט געפונען דעם נאָמען פון דיזען יונגען מאַן. —

אַרויסצולאָזען אַ צייטונג, געשטיצט פון דער פּאָליציי, מיט אַ פּאָליציי אַגענט אַן דער שפּיצע איז אַן אַלטער פּלאַן, און דער שעף פון דער פּאַריזער פּאָליציי, אנדרעי, האָט זיך מיט איהם בענוצט נאָך אין 1881. איך וואַר דאַמאָלסט מיט עליזעע רעקלו אין די בערג, בעת מיר האָבען געקראָגען אַ בריעף פון אַ פראַנצויז, אָדער ריכטיגער אַ בערלינער, וועלכער האָט אונז מודיע געווען, אַז ער געהט אַרויסגעבען אַן אַנאַרכיסטישע צייטונג אין פּאַריז, און בעט מיר זאָלען מיטאַרבייטען אין איהר. דער בריעף, פול מיט חניפות, האָט אויף אונז געמאַכט אַ שלעכטען איינדרוק, און אַ חוץ דעם האָט נאָך רעקלו געדענקט, אַז ער האָט אַמאָל געהערט דעם שרייבערס נאָמען פערוויקעלט אין אַן אונפּאַסענדער געשיכטע. מיר האָבען זיך ענטזאַגט מיטצואַרבייטען, און איך האָב אַוועקגעשריבען אַ בריעף צו אַ פּאַריזער פריינד, אַז מיר מוזען קודם כל וויסען פון וואַנען דאָס געלד קומט, מיט וועלכע מי געהט אַרויסגעבען די צייטונג. אפשר קומט עס פון די אָרלעאַניסטען, — אַן אַלטער קונץ פון דיזער חברה, — און מיר מוזען וויסען די קוועלען דערפון. מיין פּאַריזער פריינד, אַלס אַן אָפענהער־

ציגער אַרבייטער, האָט דיעזען בריעף פֿאָרגעלעזען פֿאַר אַ פֿערזאַמלונג ביי וועלכער דער כלומרשט׳דיגער רעדאַקטאָר איז געווען אַנוועזענד. ער האָט זיך זעהר בעליידיגט, און איך האָב געמוזט ענטפֿערן עטליכע בריעף צוליעב דיעזער אַנגעלעגענהייט; אָבער איך האָב מיך געהאַלטען פֿעסט ביי דאָס מיינונג: „אויב דער מענש מיינט עס ערנסט, מוז ער אָנגעבען די קוועלע פֿון דעם געלד".

און ער האָט עס סוף כל סוף געטהאָן, צוגעדריקט מיט פֿראַגען, האָט ער געזאָגט אַז דאָס געלד קומט פֿון זיינער אַ מוהמע, אַ רייכע דאַמע מיט פֿאָרצייטיגע אידעען, וועלכע האָט נאָכגעגעבען זיין קאַפּריז אַרויסצו־געבען אַ צייטונג, און האָט איהם געגעבען דאָס געלד דערויף. די דאַמע איז ניט געווען אין פֿראַנקרייך, נאָר אין ענגלאַנד. מיר האָבען אָבער ניט אַנדערש געוואָלט וויסען איהר נאָמען און אַדרעסע, און אונזער פֿריינד מאַלאַטעסטאַ האָט איינגעוויליגט זיך מיט איהר צו זעהן. ער איז אַוועק מיט אַן איטאַליענישען פֿריינד, וועלכער האָט געהאַנדעלט מיט אַלטע מעבעלוואַרג. זיי האָבען אויסגעפֿונען די רייכע דאַמע ערגעץ אין אַ הייזעל, און בשעת מאַלאַטעסטאַ האָט מיט איהר גערעדט און איז וואָס אַמאָל מעהר און מעהר געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז זי שפּיעלט בלויז די ראָלע פֿון אַ מוהמע אין דיעזער קאָמעדיע, האָט דער מעבעל־פֿריינד אויסגעפֿונען, בעטראַכטענדיג די טישען און בענקליך, אַז דאָס האָט מען אַלץ גענומען מיט אַ טאָג פֿריהער — אודאי געדונגען — פֿון אַ סעקאָנד־הענד מעבעל־הענדלער, אַ שכן זיינעם. אפֿילו די צייכענס זיינען נאָך ניט געווען אַראָבגענאָמען פֿון די טישען און בענקלעך, דאָס האָט אפילו ניט פֿיעל איבערצייגט, אָבער דאָך האָט עס פֿערשטאַרקט אונזער פֿערדאַכט. איך האָב מיך ענטשיעדען ענטזאַגט צו האָבען די מינדעסטע מגע ומשא מיט דער צייטונג.

די צייטונג איז געווען פֿיל מיט אונערהערטע געוואַלד־טהאַטען; ברענען, מאָרדען, דינאַמיט, — מעהר איז קיין זאַך דאָרט ניט געווען. איך האָב בעגעגענט דעם מאַן, דעם רעדאַקטאָר פֿון דער צייטונג, ביים קאָנגרעס אין לאָנדאָן, און גלייך ווי איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף זיין מיאוס׳ן פּנים און האָב איהם געהערט ריידען און האָב געזעהן דעם סאָרט פֿרויען, מיט וועלכע ער פֿלעגט תמיד אַרומגעהן, איז מיין מיינונג מכח איהם געווען פֿעסט־געשטעלט. ביין קאָנגרעס, וואו ער האָט פֿאָרגעשלאָגען די שרעקליכסטע רעזאָלוציאָנען, האָבען זיך אַלע געגאָסען געהאַלטען פֿון איהם פֿון דער־ווייטען; און ווען ער האָט זיך דוקא איינגעשפּאַרט, מ׳זאָל איהם געבען די אַדרעסען פֿון אַלע אַנאַרכיסטען דער וועלט, האָט מען איהם גאַנץ ניט העפֿליך ענטזאַגט.

בקיצר הדבר, אין אַ צוויי מאָנאַט אַרום איז פֿון איהם די מאַסקע אין גאַנצען אַרונטערגעריסען געוואָרען און באַלד אויף'ן צווייטען טאָג איז די צייטונג אונטערגעגאַנגען אויף אייביג. אין צוויי יאָהר נאָך דעם, האָט דער שעף פֿון דער פּאָליציי, אַנדרעי, אַרויסגעלאָזען זיין טאַגעבוך, און ער האָט דאָרט דערצעהלט אַלעס מכח די צייטונג, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזען, און די עקספּלאָזיאָנען וואָס זיינע אַגענטען האָבען אָרגאַניזירט אין פּאַריז, אַוועקלייגענדיג סאַרדין קעסטלעך, אָנגעשטאָפּט מיט נעגעל אונטער דער סטאַטוע פֿון טהיער.

מי קען זיך פֿאָרשטעלען וויפֿיעל געלד דאָס קאָסט אָפּ פֿראַנקרייך און די אַנדערע פֿעלקער.

איך וואָלט געקענט אָנשרייבען עטליכע קאַפּיטלעך אויף דיעזער טהעמאַ, אָבער איך וועל מיך בענוגנען מיט נאָך איין ערצעהלונג פֿון צוויי אַוואַנטורניקעס אין קלערוואָ.

מיין פֿרוי האָט זיך אויפֿגעהאַלטען אין דער אכסניא פֿון'ם קליינעם דערפֿעל, וועלכער איז אויפֿגעוואַקסען אונטער'ן שאָטען פֿון דער תפיסה. איין מאָל איז די בעל הבית'טע אַריין צו איהר אין צימער מיט דער בשורה, אַז צוויי הערען ווילען זי זעהען. די בעל הבית'טע האָט מיט איהר גאַנצער רעדעקראַפֿט מליץ יושר געווען פֿאַר די הערען. „אָה, איך קען די וועלט", האָט זי געזאָגט, און איך פֿערזיכער אייך, מאַדאַם, אַז זיי זיינען די אָרענטליכסטע מענשען. עס קען גאָר אַשטענדיגער ניט זיין. איינער פֿון זיי האָט אָנגעגעבען דעם נאָמען פֿון אַ דייטשען אָפֿיציער, ער איז אַודאי אַ באַראָן, אָדער אַ גראַף, און דער אַנדערער איז זיין דאָלמעטשער. זיי קענען אייך אויסגעבונדען. דער באַראָן פֿאָהרט איצטער אָפּ אין אַפֿריקאַ, פֿילייכט קיין מאָל ניט צוריקצוקעהרען, און ער וויל זיך מיט אייך זעהן בעפֿאָר זיין אָברייזע".

מיין פֿרוי האָט אַ קוק געטהאָן אויף די וויזיט קאַרטע, אויף וועלכער עס איז געווען אָנגעשריעבען אין שלעכט פֿראַנצויזיש: „צו דער מאַדאַם, די פּרינצעסין קראַפּאָטקין, ווען קען מען אייך זעהן?" און דאָס אַליין איז שוין געווען די ויותר אַלס אַ רעקאָמענדאַציע פֿון די צוויי אָנשטענדיגע הערען. וואָס אַנבעלאַנגט דעם בריעף גופא וואָס איז איהר איבערגעגעבען געוואָרען, איז ער נאָך געווען פֿיעל ערגער ווי די אַדרעסע. אויף צו להכעיס אַלע רעגלען דער גראַמאַטיק און מענשליכען שכל האָט דער „באַראָן" געשריבען מכוח אַ סעקרעטנע מיטטהיילונג, וועלכע ער האָט איהר צו מאַכען. זי האָט זיך גאַנץ פּראָסט ענטזאַגט צו עמפּפֿאַנגען די הערען.

דער באַראָן האָט דאַן גענומען שרייבען צו מיין פֿרוי איין בריעף

נאָך׳ן אַנדערען, וועלכע זי האָט גלייך צוריקגעשיקט אונגעעפֿענט. דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך דאַן צוטהיילט אויף צוויי טהייל, — איין פּאַרטיי איז צוגעשטאַנען צום באַראָן׳ס צד מיט דער בעל הבית׳טע אַן דער שפּיצע, די אַנדערע איז געווען געגען איהם און נאַטירליך מיט דער ווירטהין׳ס מאַן אַן דער שפּיצע. אַ גאַנצער ראָמאַן איז אָנגעפֿיהרט געוואָרען. דער באַראָן האָט געקענט מיין פֿרוי בעפֿאָר זי האָט געהייראַטעט. ער האָט מיט איהר אָפֿט געטאַנצט ביין רוסישען קאָנסול אין ווינן. ער איז נאָך ביז אין היינטיגען טאָג פֿערליעבט אין איהר, אָבער זי, די גרויזאַמע, האָט זיך עטזאַגט איהם צו ערלויבען אפילו אַזוי פֿיעל ווי אַ בליק צו טהאָן אויף איהר איידער ער לאָזט זיך אַרוים אויף זיין ריזיקאַלישע עקספּעדיציע אין די ווילדע מקומות.

דאַן האָט מען זיך גענומען שושקענען אין די אויערען וועגען עפּעס „אַן אינגעל, וועלכען מיר האַלטען בעהאַלטען". וואו איז זייער קינד? האָט דער באַראָן געוואָלט וויסען. „זיי האָבען אַ זוהן, יעצט שוין זעקס יאָהר אַלט. וואו איז ער?" „זי וואָלט קיין מאָל ניט אַוועקגעלאָזען דאָס קינד פֿון זיך, ווען זי וואָלט געהאַט אַ קינד", האָט איין פּאַרטיי געטענה׳ט.

„נישקשה, זיי האָבען אַ קינד נאָר זיי בעהאַלטען איהם", האָט דער אַנדערער צד געענטפֿערט.

פֿאַר אונז האָט דיעזע מחלוקה ענטהאַלטען אַ זעהר אינטערעסאַנטע ענטדעקונג. דאָס האָט אונז געוויזען, אַז ניט נאָר ווערען אונזערע בריעף געעפֿענט און געלעזען פֿון די געפֿענגנים־בעאַמטע, נאָר אויך דער רוסישער אַמבאַסאַדאָר האָט געוואוסט זייער אינהאַלט.

ווען איך בין געווען אין ליאָן, און די פֿרוי מיינע איז אַוועקגעפֿאָהרען אין שווייצאַריען, זיך צו זעהן מיט עליזעע רעקלו, האָט זי מיר איינמאָל געשריבען: „אונזער קינד בליהט, זיין געזונד איז אויסגעצייכענט. נעכטען איז איהם געוואָרען פֿינף יאָהר, און מיר האָבען פֿערבראַכט אַ פֿרעהליכען אַבענד, פֿייערענדיג זיין געבורטס־טאָג." איך האָב געוואוסט, אַז מיין פֿרוי רעדט עס פֿון „רעוואָלטע", וועלכע מיר פֿלעגען אָפֿט אָנרופֿען „אונזער קינד".

איצט, ווען דיעזע הערען האָבען גערעדט וועגען „אונזער קינד" און האָבען אַזוי פּינקטליך אָנגעגעבען זיין עלטער, איז פֿאַר אונז קלאָהר געוואָרען, אַז אונזער בריעף איז געווען אויך אין אַנדערע הענד, ניט בלויז ביין געפֿענגנים־אויפֿזעהער.

קיין זאַך ענטרינט פֿון דעם אויג פֿון דעם דאָרפֿס־מענשען. און דער באַראָן האָט אין קורצען אויף זיך אַרויסגערופֿען אַ חשד.

ער האָט געשריבען אַ פֿרישען בריעף צו מיין פֿרוי, נאָך גרעסער ווי די פֿריהערדיגע. איצט האָט ער זי געבעטען אום ענטשולדיגונג וואָס ער האָט זיך פֿריהער פֿאַר איהר פֿאָרגעשטעלט אַלס אַ בעקאַנטער. ער האָט מודה געווען אַז זי קען איהם ניט; אָבער דאָך איז ער איהר געטרייעסטער פֿריינד. ער האָט איהר זעהר וויכטיגעס מיטצוטהיילען. מיין לעבען איז אין געפֿאַהר, און ער וויל זי וואַרנען. דער באַראָן און זיין סעקרעטאַר זיינען איין מאָל אַרויס אין וואַלד זיך שואל עצה זיין מכוח דעם טאָן פֿון דיזען לאַנגען בריעף, — דער ליעסניק זיי נאָכגעהענדיג פֿון דער ווייטען; אָבער זיי האָבען זיך צוקריגט און דער בריעף איז צוריסען און אַוועקגעוואָרפֿען געוואָרען אויף דער ערד. דער ליעסניק האָט געוואַרט ביז זיי זיינען אַוועק, האָט צוזאַמענגעקליבען די שטיקלעך, האָט זיי צוזאַמענגעשטעלט און האָט דעם בריעף איבערגעלעזען. אין אַ שטונדע צייט האָט דאָס גאַנצע דאָרף געוואוסט, אַז דער באַראָן איז גאָר קיינמאָל מיט מיין פֿרוי ניט בעקאַנט געווען; דער ראָמאַן, וועלכער איז אַזוי געפֿיהלפֿאָל איבערגעגעבען געוואָרען פֿון דעם באַראָן׳ס צד איז צוקרישעלט געוואָרען אויף שטיקלעך.

„אַה, אַזוי, זיינען זיי דאָך גאָר ניט דאָס וואָס זיי האָבען זיך פֿאָרגעשטעלט", האָט דער זשאַנדאַרם-בריגאַדיער ביי זיך בעשלאָסען; בכן זיינען זיי דאָך אודאי דייטשע שפּיאָנען"; און ער האָט זיי אַרעסטירט.

מי מוז צוגעבען אַז אַ דייטשער שפּיאָן איז ווירקליך געווען אין קלערוואָ אַ קורצע צייט פֿאַר דעם. אין צייטען פֿון מלחמה האָבען די גרויסע געפֿענגנים-געביידעס געקענט דיענען אַלס אַ לאַגער פֿאַר פּראָוויזיאָן אָדער אַלס קאַזאַרמעס פֿאַר דער אַרמעע, און דער דייטשער גענעראַל-שטאַב איז זעלבסטפֿערשטענדליך געווען פֿעראינטערעסירט אויסצוגעפֿינען דעם פּלאַן פֿון דיזע געביידעס. און אַזוי זעהען מיר מיט איין מאָל ביי אונז אין דאָרף אַ לוסטיגען רייזענדען, אַ פֿאָטאָגראַפֿירער, וועלכער מאַכט זיך מיט יעדען איינציגען זעהר אינטים, אַלעמען פֿאָטאָגראַפֿירענדיג פֿאַר אומזיסט, און מען ערלויבט איהם ניט נאָר אַראָבצונעהמען די טורמע פֿון אינעווייניג, זאָנדערען אויך די שלאָף-צימער. דאָס אָבגעטהאָן פֿאָהרט ער אַוועק אין אַן אַנדער שטאָדט און ווערט דאָרט אַרעסטירט פֿון די פֿראַנצויזען, אַלס אַ פּערזאָן, ביי וועלכען מי האָט געפֿונען קאָמפּראָמינטירענדע מיליטערישע דאָקומענטען. דער בריגאַדיער, פֿריש פֿון דעם איינדרוק פֿון יענעם חברה-מאַן׳ס בעזוך, האָט זיך גלייך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענד אָן דער מציאה, זייענדיג זיכער אַז דאָס זיינען אויך דייטשע שפּיאָנען. אויף מאָרגען אין דער פֿריה האָט מען זיי אָבער אַרויסגעלאָזען פֿריי, די לאָקאַלע צייטונג בעריכטענדיג, אַז דאָס זיינען ניט קיינע דייטשע שפּיאָנען, זאָנדערען

„פערזאָנען וועלכע שטעהען אין דיענסט פֿון אַנאַנדער פֿיעל פֿריינדליכערע רעגירונג".

איצט איז די גאַנצע עפֿענטליע מיינונג געווען געגען דעם באַראָן און זיין סעקרעטער, וועלכע האָבען נעבעך געהאַט אַנדערע צרות נאָך דיעזער געשיכטע. ארויסקומענדיג פֿון פֿערהאַפֿטונג זיינען זיי אַריין אין אַ קאַפֿע און האָבען דאָרטען אויסגעגאָסען זייער ביטער הארץ אויף זייער שלים־מזל, ריידענדיג אויף דייטש.

„דו ביסט אַ בהמה, אַ טרוס," האָט זיך דער סעקרעטער אָבגערופֿען צום באַראָן. „ווען איך וואָלט געווען אויף דיין פלאַץ, וואָלט איך דערשאָסען דעם מאַגיסטראַט אָט מיט דיעזען רעוואָלווער. לאָז ער נור פרואווען זיך אָנהויבען מיט מיר, — ער וועט קריגען דיעזע קוילען אין קאָפּ אַריין!" און אַזוי ווייטער.

אַ רייזענדער, וועלכער איז זיך דאַן געזעסען רוהיג אין אַ ווינקעל פֿון צימער, איז גלייך אַוועקגעלאָפֿען צום בריגאַדיער און האָט איהם איבערגעגעבען דעם גאַנצען געשפרעך. דער בריגאַדיער האָט גלייך דער־לאַנגט אַן אָפֿיציעלען פראָטאָקאָל, און האָט ווידער אַרעסטירט דעם סעקרעטער, — אַן אַפּטייקער פֿון שטראַסבורג. מי האָט איהם געבראַכט פֿאַר אַ פאָליציי־געריכט, וועלכער האָט איהם פֿער'משפט אויף אַ מאָנאַט טורמע „פֿאַר סטראַשענען אַ מאַגיסטראַט אין אַ פובליטשנעם פלאַץ". נאָכדעם האָט דער „באַראָן" געהאַט אַנדערע צופֿעלע, און דאָס דאַרף איז ניט שטיל געוואָרען ביז די צוויי פֿרעמדע זיינען ניט אָבגעפֿאָהרען.

איך האָב דאָ בלויז דערצעהלט עטליכע פֿון די שפּיאָנען מעשה'לעך, וועלכע איך האָב מיטגעמאַכט. אָבער ווען מי בעדענקט זיך, אַז ס'זיינען פֿאַראַנען אַזוי פֿיעל טויזענדער לומפּען, וועלכע ווערען בעצאָהלט פֿון דער רעגירונג, — און זעהר אָפֿט אויך גוט בעצאָהלט פֿאַר זייערע לומפּערייען, — ווען מי בעטראַכט די עקעלהאַפֿטע פאַסטקעס מיט וועלכע זיי זוכען אַריינצוכאַפּען אַלערליי סאָרטען ניט איבערגעשפּיצטע מענשען, די אונגע־הייער גרויסע סומע געלד, וואָס ווערט אַרויסגעוואָרפֿען אויפֿצוהאַלטען דיעזע אַרמעע, וועלכע ווערט צוזאַמענגעקליבען פֿון די נידריגסטע קלאַסען מענשען און פֿון די פריזען־בעפֿעלקערונג, די גאַנצע קאָרופציאָן וועלכע זיי גיסען אַריין אין דער געזעלשאַפֿט אין אַלגעמיין, און זאָגאַר אין פֿאַמיליען, — ווען מי בעטראַכט דאָס אַלעס מוז מען שטוינען פֿון די שוידערהאַפֿטע איבעל און פֿערדערבען וועלכע ווערען אַזוי אַרום געשאַפֿען און געדולדעט.

לואיזע מישעל און די ברידער רעקלו.

---

אין דער פרעסע, ווי אויך צו די דעפוטירטע, זיינען נאכאנאנד געשטעלט געוואָרען פאָדערונגען פיר אונזער בעפרייאונג, — נאָך מעהר דארום, ווייל אין דער זעלבער צייט, ווען מיר זיינען פעראורטהיילט געוואָרען איז אויך לואיזע מישעל פער'משפט געוואָרען פיר רויב! לואיזע מישעל,— וועלכע גיט תמיד אַוועק אַבסאָלוט איהר לעצטעס העמד דער פרוי וואָס ברויך עס, און וועלכע מי האָט קיינמאָל ניט געקאָנט צווינגען אין דער צייט ווען זי איז געזעסען אין טיורמע צו געניסען בעסערעס עסען ווי איהרע מיטגעפאנגענע, ווייל זי האָט זיי אימער אַוועקגעגעבען אַלעס וואָס מי האָט איהר געשיקט — איז פער'משפט געוואָרען, צוזאַמען מיט נאָך אַ קאמעראַד, פּוזשע, אויף ניין יאָהר געפענגניס פיר איינפאַכע רויבעריי. דאָס איז שוין געווען צופיעל אַפילו פאַר די בורזשוּאַזנע פּאָליטיקער.

זי האָט איינמאָל מאַרשירט אַן דער שפּיצע פון אַ מחנה אַרבייטס-לאָזע און אַריינדרינגענדיג אין אַ בעקעריי האָט זי גענאַפּט עטליכע לאַבען ברויט און האָט זיי צוטהיילט צווישען די הונגעריגע. דאָס איז געווען איהר רויבעריי. די בעפרייאונג פון די אַנאַרכיסטען איז אַלזאָ געוואָרען דער קריעגס-רוף געגען די רעגירונג און אין הערבסט 1885 זיינען אַלע מיינע קאַמעראַדען, אַחוץ דריי, בעפרייט געוואָרען דורך פּרעזידענט גרעווי. דאַן איז דער געשריי פיר די בעפרייאונג פון לואיזע מישעל און מיר זעלבט, געוואָרען נאָך שטאַרקער, אָבער אַלעקסאַנדער דער דריטער איז געווען דאַגעגען; און איינמאָל האָט דער הויפּט-מיניסטער פרעהסינע, ענטפערענדיג אויף אַן אַנפראַגע אין דעם דעפּוטירטען קאַמער געזאָגט, אַז דיפּלאָמאַטישע שווערינקייטען שטעהען אין וועג פון קראַפּאָטקין'ס בעפרייאונג. מאָדנע ווערטער קומענדיג פון דעם מויל פון דעם הויפּט-מיניסטער פון אַן אונאַבהענגיגע לאַנד. אָבער נאָך ערגערע ווערטער זיינען געהערט געוואָרען זייט דער אונגליקליכער אַליאַנץ פון פראַנקרייך מיט דער מאָנאַרכישער רוסלאַנד.

אין מיטען יאַנוואַר 1886 זיינען מיר אַלע: לואיזע מישעל, פּוזשע און אונזערע פיער וואָס זיינען נאָך פון פריהער געזעסען אין קלערוואָ, בעפרייט געוואָרען.

מיין בעפרייאונג האָט אויך בעדייטעט מיין פרוי'ס בעפרייאונג פון איהר פרייוויליגער געפאַנגענשאַפט אין'ם קליינעם דערפעל ביי די טויערען פון געפענגניס, וועלכע זי האָט שוין אָנגעהויבען שפּירען אויף איהר געזונד;

און מיר זיינען אַוועק אין פּאַריז פערברייננגען עטליכע וואָכען ביי אונזער פריינד עלי רעקלו, — אַ בעקאַנטער שרייבער אין אַנטראָפּאָלאָגיע, וועלכען מי נעהמט אָפּט אָן, בעזאָנדערס אויסער פראַנקרייך, פאַר דעם איינגערען ברודער זיינעם, דעם געאָגראַף עליזע. אָן ענגע פריינדשאַפט האָט די צוויי ברידער פעראייניגט פון זייער פריהער יוגענד אָן. ווען עס איז געקומען זייער צייט אַריינצוטרעטען אין אוניווערזיטעט, פלעגען זיי צו־זאַמען אַרויס פון אַ קליין דערפעל אין׳ם טהאַל פון זשיראָנד קיין שטראַסבורג, מאַכענדיג די רייזע צו פוס, — בעגלייט, ווי אמת׳ע וואַנדערענדע שטודענטען, פון זייער הונד; און ווען זיי זיינען פערבליבען ערגעץ אין דאָרף, פלעגט דער הונד אימער קריגען דאָס שיסעלע געקעכץ, בעת די צוויי ברידער האָבען זיך אונטערגעלעהנט זייער האַרץ מיט אַ שטיקעל ברויט און עטליכע עפּעל. פון שטראַסבורג איז דער יונגער ברודער אַוועק קיין בערלין, וואוהין די פּאָרלעזונגען פון דעם גרויסען ריטטער האָבען איהם זאַמאַניעט. אין אַ שטיקעל צייט אַרום, אין די פערציגער, זיינען זיי ביידע געווען אין פּאַריז. עלי רעקלו איז געוואָרען אַן איבער־ציינגטער פוריעריסט, און ביידע האָבען זיי אין דער רעפּובליק פון 1848 געזעהן דעם אָנפאַנג פון אַ נייער צייט פון סאָציאַלער עוואָלוציאָן. דעריבער האָבען זיי טאַקי געמוזט פערלאָזען פראַנקרייך, נאָך נאַפּאָלעאָן דעם דריטען׳ס שטאַאַטס־שטרייך, און זיינען אַוועק קיין ענגלאַנד. ווען דער בעפרייאונגס־מאַניפעסט איז אַרויס, און זיי זיינען צוריקגעקומען קיין פּאַריז, האָט עלי אַרויסגעלאָזען אַ פוריעריסטישע קאָאָפּעראַטיווע צייטונג, וועלכע וואַר שטאַרק פערברייטעט צווישען די אַרבייטער. עס איז ניט אַלגעמיין בעקאַנט, אָבער עס איז דאָך אַן אינטערעסאַנטער פאַקט, אַז נאַפּאָלעאָן דער דריטער, וועלכער האָט געשפּיעלט אַ ראָלע פון אַ צעזאַר, — זיך אינטערעסירענדיג, ווי עס פּאַסט אַ צעזאַר, אין די לאַגע פון די אַרבייטער, — פלעגט שיקען זיינעם אַ לייטענאַנט אין די דרוקעריי פון דיעזער צייטונג, אום זיך צו פערשאַפען די ערסטע קאָפּיע פון יעטוועדער אויסגאַבע אַזוי שנעל ווי זי איז אַרויס פון פּרעס. שפּעטער אַביסעל איז ער זאָגאַר געווען בערייט צו פּאַטראָניזירען די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער אַסאָסיאַציאָן, מיט דעם תנאי זי זאָל אַריינשטעלען אין איינעם פון איהרע רעפּאָרטס עטליכע ווערטער צו גונסטען פון די גרויסע סאָציאַליסטישע פּלענער פון דיעזען מאָדערנעם צעזאַר. און בעת דער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך ענט־זאַגט נאָכצוקומען דיעזע פאָדערונג פון נאַפּאָלעאָן, האָט ער אַרויסגעלאָזען אַן אוקאַז מי זאָל די אַסאָסיאַציאָן פערפאָלגען.

ווען די קאָמונע איז פּראָקלאַמירט געוואָרען, האָבען זיך ביידע

ברידער הערצליך בעטהייליגט אין קאַמפּף, און עלי רעקלו האָט אָנגענומען די שטעלע אַלס ביבליאָטעקאַר אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין דעם לאוווער מוזעאום אונטער וואַליאַן. צו זיין ווייטען בליק און שווערע אַרבייט האָבען מיר, ביז צו אַ גרויסער שטופּע, צו פערדאַנקען דעם פאַקט, וואָס די אונערשעצליכע אוצרות פון מענשליכער וויסענשאַפט און קונסט געזאַמעלט אין דיזע צוויי אינסטיטוציאָנען, זיינען געבליבען גאַנץ, אין דער צייט ווען פּאַריז איז באָמבאַרדירט געוואָרען פון די אַרמעען פון טהיער און פון די נאַכפאָלגענדע שרפות. אַ הייסער ליעבהאָבער פון גריכישער קונסט און גרינדליך בעקאַנט מיט איהר, האָט ער געלאָזען איינפּאַקען די בעסטע סטאַטוען און וואַזען פון לאוווער אין די אייזערנע ווענד, און מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט האָט ער בעהאַלטען די טהייערסטע ביכער פון דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק און האָט בעשיצט די געביידע פון די פלאַמען, וועלכע האָבען אַרויסגעזעצט פון אַלע זייטען. זיין ווייב, אַ מוטהיגע פרוי, אַ ווירדיגע קאַמעראַדין פון דעם פילאָזאָף, בעגלייטעט פון איהרע צוויי קליינע אינגלעך, האָט דערווייל אין איהר אייגענעם קוואַרטאַל פון שטאָדט, אָרגאַניזירט אַ סיסטעמע צו שפּייזען דאָס פאָלק, וועלכעס איז פּשוט גע־שטאָרבען פון הונגער ווערהענד די צווייטע בעלאַגערונג. אין די לעצטע איניגע וואָכען פון איהר עקזיסטענץ האָט די קאָמונע ענדליך איינגעזעהן, אַז אַ זאַפּאַס פון עסענוואַרג פיר דאָס פאָלק, וועלכעס האָט ניט געהאַט די געלעגענהייט זעלבסט צו פערדיענען אויף חיונה, האָט געברויכט צו זיין דער קאָמונע'ס ערשטע אויפגאַבע, און פרייוויליגע האָבען אָרגאַניזירט דיזע אַרבייט. עס איז געווען אַ בלויזער צופאַל, וואָס עלי רעקלו, וועלכער איז געשטאַנען אויף זיין פּאָסטען ביז'ן לעצטען מאָמענט, איז נצול געוואָרען פון די ווערסיילער טרופּען.

זייענדיג פעראורטהיילט אויסגעוויזען צו ווערען פון לאַנד, — דערפאַר וואָס ער האָט געוואַגט צו לייסטען אַזאַ נאָטהווענדיגען דיענסט דער קאָמונע, — איז ער אַוועק מיט זיין פאַמיליע אין גלות. איצט צוריקקומענדיג קיין פּאַריז האָט ער זיך ווידער גענומען צו זיין לעבענס אַרבייט, עטנאָלאָגיע, (די פעלקער־פאָרשינג.) וואָס די אַרבייט איז, קען מען אורטהיילען פון עטליכע געצעהלטע קאַפּיטלען אַרויסגעגעבען אין אַ בוך אונטער דעם טיטעל „פּרימיטיווע פעלקער" און „די אויסטראַליער," ווי אויך פון דער היסטאָריע פון'ם אורשפּרונג דער רעליגיאָן, וועלכע איז די הויפּט טהעמאַ פון זיינע לעקציעס אין ברוסעלער אוניווערזיטעט, — געגרינדעט פון זיין ברודער. אין דער גאַנצער מאַסע פון עטנאָלאָגישער ליטעראַטור געפינען זיך ניט פיעלע ווערק, וועלכע זיינען אַזוי דורכגעדרונגען מיט אַ גרינדליכען און

סימפאַטהישען בעגריף פֿון דעם אמת'ן כאַראַקטער פֿון דעם פרימיטיווען מענשען, ווי אין זיינע. וואָס אַנבעלאַנגט צו דער געשיכטע פון רעליגיאָן (אַ טהייל פֿון וועלכער איז פֿערעפֿענטליכט געוואָרען אין דעם זשורנאַל „סאָסיעטע נואוועל" און וועלכע ווערט יעצט פֿאָרטגעזעצט פֿון זיין נאָכ־פֿאָלגער („הומאַניטערי, נואוועל"), איז זי, איך נעהם מיר די פֿרייהייט צו בעהויפטען, דאָס בעסטע ווערק איבער דיזען געגענשטאַנד, וועלכעס איז נאָך יע ערשיענען. אָהנע צווייפֿעל בעסער פֿאַר הערבערט ספענסער'ס בייטראַג אין דיעזער הינזיכט, ווייל הערבערט ספענסער מיט זיין גאַנצען אונגעהייערען אינטעלעקט, בעזיצט ניט יענע קענטניס פֿון דער אונגעקינס־טעלטער איינפֿאַכער נאַטור פֿון דעם פרימיטיווען מענשען, וואָס עלי רעקלו בעזיצט ביז צו אַ זעלטענער פֿאָלקאָמענהייט, און דערצו נאָך פֿעראייניגט מיט אַן אונגעהייער גרויסער קענטניס פון אַ צימליך פֿערנאַכלעסיגטען צווייג פֿון פֿעלקער פסיכאָלאָגי; — די עוואָלוציאָן און די אומענדערונגען פֿון אמונות. עס איז ניט נויטיג צו ריידען פֿון עלי רעקלו'ס הערליך נאָבעלען כאַראַקטער און עניות; פֿון זיין הויכער אינטעליגענץ און ברייטע קענטניס אין אַלע וויסענשאַפטען וואָס האָבען אַ שייכות מיט דער מענשהייט. דאָס אַלעס קען מען אַרויסזעהן פֿון זיין סטיל, וועלכער איז זיין אייגענער, און ניט קיין אַנדערען'ס.

מיט זיין עניות, זיין שטילע בענעהמונג און זיין טיעף פֿילאָזאָפֿישען בליק, איז ער דער טיפּ פֿון דעם גריכישען פֿילאָזאָף פֿון אַלטערטהום.

אין אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע איז וועניגער אַריינגעטהאָן אין פּאַטענ־טירטע לעהרען און ספעציאַליזירטע אונטערריכטונג, וועלכע וואָלט געקענט מעהר שעצען די ענטוויקלונג פֿון אַ ברייטערען הומאַניטאַרישען בעגריף, וואָלט ער געווען אַרומגערינגעלט פֿון מחנות תלמידים ווי איינער פֿון זיינע גריכישע פֿאָרגענגער.

אַ זעהר לעבהאַפֿטע סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע בעוועגונג איז אָנגעגאַנגען אין פּאַריז אין דער צייט וואָס מיר זיינען דאָרט געווען. לואיזע מישעל האָט געהאַלטען לעקציעס יעדע נאַכט און האָט ערוועקט ענטהוזיאַזמוס, סיי ביי די אַרבייטער, סיי ביי די מיטעלקלאַסע. איהר גרויסע פּאָפּולאַריטעט איז נאָך גרעסער געוואָרען, און האָט זיך זאָגאַר פֿערשפרייט צווישען די אוניווערזיטעט'ס־סטודענטען, וועלכע ווי זיי זאָלען ניט האָבען פֿאָרטגעשריטענע אידעען האָבען דאָך אין איהר פֿערגעטערט די אידעאַלע פֿרוי. ווען איך בין געווען אין פּאַריז איז געוואָרען אַן אויפֿרוהר אין אַ קאַפֿע צוליעב דעם, וואָס אימיצער האָט זיך ניט שעהן אויסגעדריקט וועגען לואיזע מישעל אין דער געגענוואַרט פֿון סטודענטען.

די יונגע לייט האָבען זי פערטהיידיגט מאַכענדיג אַ גרויסען סקאַנ־דאַל און צוברעכענדיג אַלע טישען און גלעזער אין דעם קאַפּע. איך האָב אויך איינמאָל געהאַלטען אַ לעקציע איבער אַנאַרכיזמוס פאַר איניגע טויזענד מענשען, און האָב גלייך נאָכדעם פערלאָזען פּאַריז, איידער די רעגירונג האָט געהאַט צייט צו געהאָרכען די העצעריי פון די רעאַקציאָנערע און רוסיפיצירטע פרעסע, וועלכע האָט דורכאויס געפּאָדערט, דאָס מען זאָל מיך אַרויסטראַנספּאָרטירען פון פראַנקרייך.

פון פּאַריז זיינען מיר אַוועק קיין לאָנדאָן, וואו איך האָב ווידער אַמאָל בעגעגענט מיינע צוויי אַלטע פריינד סטעפּניאַק און טשאַיקאָווסקי.

דאָס לעבען אין לאָנדאָן איז שוין ניט מעהר געווען אַזוי לאַנגווייליג ווי עס איז געווען מיט פיער יאָהר צוריק. מיר האָבען זיך בעזעצט אין אַ קליין הייזעל אין האַרראָו. דאָס מעבעל האָט מיך זעהר ווענינ געאַרט. איך האָב עס כמעט אין גאַנצען געמאַכט אַליין מיט דער הילף פון טשאַיקאָווסקי, וועלכער האָט זיך אויסגעלערענט אַביסעל סטאָלעריי זייענדיג אין אַמעריקאַ; אָבער מיר האָבען זיך זעהר געפרעהט מיט דעם שטיקעל ליימיגען גרונד, וואָס מיר האָבען געהאַט אין אונזער גאָרטען. מיין פרוי און איך האָבען זיך מלא שמחה איבערגעגעבען צום גאָרטען, די וואונדערבאַרע רעזולטאַטען פון וועלכע איך האָב שוין פריהער ערוואַרטעט האָבענדיג געלעזען די שריפטען פון טאַבאָ, פון דער בעקאַנטשאַפט פון איניגע פּאַריזער גערטנער, ווי אויך פון אונזער אייגענער ערפאַהרונג אין דעם געפענגנים־גאָרטען פון קלערוואָ.

וואָס אַנבעלאַנגט מיין פרוי, וועלכע האָט געהאַט טיפוס גלייך ווי מיר האָבען זיך בעזעצט אין האַראָו, איז די ארבייט אין גאָרטען געווען פיעל מעהר קרעפטיגענד ווי די פפלעגען פון בעסטען סאַניטאַריום.

---

### דער טויט פון מיין ברודער אַלעקסאַנדער.

---

אַם ענדע זומער האָט מיך אַ שווערער אומגליק געטראָפען. איך האָב ערפאַהרען דאָס מיין ברודער אַלעקסאַנדער איז טויט.

די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב פערבראַכט אין אויסלאַנד, בעפאָר מיין פערהאַפטונג אין פראַנקרייך, האָבען מיר ניט געשריבען איינער צום אַנדערען.

ליעב צו האָבען אַ ברודער, וועלכער ווערט פערפאָלגט פאַר זיינע

פאָליטישע אַנשויאונגען ווערט געדעכענט אַלס אַ זינד ביי דער רוסישער רעגירונג, צו זיין אין פֿערבינדונג מיט איהם, נאָכדעם ווי ער איז געוואָרען אַ פֿליכטלינג, איז אַ פֿערברעכען.

דעם צאַר׳ס אַן אונטערטהאַן מוז האַסען יעדען, וועלכער רעבעלירט געגען דעם אַלמעכטיגען הערשער׳ס אויטאָריטעט, — און אַלעקסאנדער איז געווען אין די לאַפּעס פֿון די רוסישע פּאָליציי. דערפֿאַר האָב איך מיך ענטשיעדען ענטזאַגט צו שרייבען צו איהם אָדער צו אירגענד־וועלכען פֿון מיינע פֿערוואַנדטע.

נאָכדעם ווי דער צאַר האָט אויפֿגעשריעבען אויף אונזער שוועסטער העלענאַ׳ס ביט־שריפֿט, „לאָז ער דאָרט בלייבען“, איז מיין ברודער ניט געבליבען קיין שום האָפֿנונג אויף אַ שנעלע בעפֿרייאונג.

צוויי יאָהר שפּעטער האָט מען ערוועהלט אַ קאָמיטעט צו בעשטימ־מען אַ טערמין פֿאַר די, וועלכע מען האָט פֿערשיקט קיין סיביר אָהן דין ומשפּט; און מיין ברודער האָט געקראָגען פֿינף יאָהר. אונטער לאָריס מעליקאָוו׳ען האָט מען ערוועהלט אַ נייעם קאָמיטעט, און יענער האָט נאָך פֿינף יאָהר צוגעלייגט. מיין ברודער האָט געזאָלט בעפֿרייט ווערען אין אָקטאָבער, 1886. צוואַמען האָט עס געהייסען צוועלף יאָהר פּאָסעלעניע צוערשט אין אַ קליין שטעדטעל אין מזרח סיביר און דערנאָך אין טאָמסק, — דאָס הייסט אין אונגעזונדסטען טהייל פֿון סיביר.

בעת איך בין געווען אין טורמע אין קלערוואָ, האָט ער מיר געשריבען, און איך האָב איהם עטליכע מאָל געענטפֿערט. ער האָט גע־שריבען, אַז כאָטש אונזערע בריעף וועלען געלעזען ווערען פֿון דער רוסישער פּאָליציי אין סיביר, און פֿון די פֿראַנצויזישע בעאַמטע אין פּאַריז, דאָך זאָלען מיר זיך דורכשרייבען אפילו אונטער דיזע דאָפּעלטע איבערזיכט.

ער האָט געערדט מכח זיין פֿאַמיליען־לעבען, זיינע דריי קינדער, וועלכע ער האָט זעהר אינטערעסאַנט געשילדערט, און פֿון זיין אַרבייט. ער האָט מיר ערנסט געראַטהען טיכטיג אויפֿצופאַסען אויף דער ענטוויקלונג דער וויסענשאַפֿט אין איטאַליען, וואו אויסגעצייכענטע און אָריגינעלע פֿאָרשונגען ווערען בעטריעבען, אָבער וועלכע בלייבען אונבעוואוסט אין דער וויסענשאַפֿטליכער וועלט ביז זיי ווערען ניט עקספּלאָאַטירט פֿון דייטשלאַנד; און ער האָט מיר איבערגעגעבען זיינע אידעען מכח דעם וואַהרשיינליכען פּראָגרעס פֿון דעם פּאָליטישען לעבען אין רוסלאַנד. ער האָט ניט געגלויבט אין דער מעגליכקייט פֿון אַ קאָנסטיטוציאָן, אין דער נאָהענטער צוקונפֿט; אָבער ער האָט געהאָפֿט — און האָט געדענקט, אַז אויף דערווייל איז דאָס גענוג — אויף דער איינבערופֿונג פֿון אַ מין נאַציאָנאַלע־פֿערזאַמלונג

(זעמסקי סאָבאָר). זי וועט ניט מאַכען קיין געזעצע, נאָר זי וועט בלויז אויסאַרבייטען דעם פּלאַן פיר געזעצע, וועלכע די קייזערליכע מאַכט און דער שטאַאַטס־ראַטה זאָלען גענוי אויסאַרבייטען און בעשטעטיגען.

מעהר ווי אַלץ האָט מיר מיין ברודער געשריעבען וועגען זיין וויסענשאַפטליכע אַרבייט. ער האָט תמיד ליעב געהאַט אַסטראָנאָמיע, און בעת מיר וואַרען אין פּעטערסבורג האָט ער אַרויסגעגעבען אין רוסיש אַ פּראַכטפאָלען בוך וועלכער האָט ענטהאַלטען אַ קיצור פון אונזער גאַנצער וויסענשאַפט איבער די שיסענדע שטערען. מיט זיין פיינעם, קריטישען גייסט האָט ער גלייך דערזעהן די שטאַרקע און די שוואַכע פונקטען פון פערשיעדענע היפּאָטעזען; און אָהן געניגענדע מאַטעמאַטישע קענטניסע, אָבער בעגאַבט מיט אַ מעכטיגען כוח הדמיון, איז עס איהם געלונגען דורכצודרינגען די טיעפסטע מאַטעמאַטישע פאָרשונגען. לעבענדיג מיט זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט צווישען די בעוועגענדע הימלישע קערפּער, האָט ער אָפט בעגריפען זייערע פערוויקעלטע בעוועגונגען בעסער ווי מאַנכע מאַ־טעמאַטיקער, — ספּעציעל די בלויזע אַלגעבראַאיסטען, — וועלכע קענען אַמאָל ניט איינזעהן די ווירקליכקייטען פון דער פיזישער וועלט צוליעב זייערע אייגענע פאָרמולעס אין וועלכע זיי פערטיעפען זיך.

אונזערע פּעטערסבורגער אַסטראָנאָמער האָבען מיט מיר אָפט גשפּראָכען וועגען מיין ברודער׳ס ווערק מיט בעגייסטערונג. איצט האָט ער זיך אונטערנומען צו שטודירען דעם בוי דער וועלט; צו אַנאַליזירען די פאַקטען און השערות פון די זאָנען־וועלטען, שטערען־סיסטעמען און נעבעלען אין׳ם אונענדליכען רוים, און אויסצואַרבייטען די פּראָבלעמען פון זייער גרופּירונג, זייער לעבען, און די געזעצע פון זייער ענטוויקלונג און אונטערגאַנג. דער אַסטראָנאָם גילדען האָט געהאַט די גרעסטע מיינונג פון דיעזען ווערק פון אַלעקסאַנדער׳ן און האָט איהם דורך אַ קאָרעספּאָנדענץ פאָרגעשטעלט פאַר ה׳ האָלדען, אין די פעראייניגטע שטאַאַטען, פון וועל־כען, זייענדיג דאָ ניט לאַנג אין וואַשינגטאָן, איך האָב געהאַט דעם פערגניגען צו הערען אַ הויכע מיינונג וועגען דעם ווערטה פון דיעזע פאָרשונגען. די וויסענשאַפט נויטהיגט זיך, פון צייט צו צייט, אין אַזעלכע וויסענשאַפטליכע שפּעקולאַציאָנען, וועלכע ווערען געמאַכט פון אַ העכסט פלייסיגען, קריטישען, און אין דער זעלבער צייט שפּעקולירענדען גייסט.

אָבער אין אַ קליין שטעדטעל אין סיביר, ווייט אַוועק פון אַלע ביבליאָטעקען, אונפעהיג צו פערפאָלגען דעם פאָרטשריט דער וויסענשאַפט, האָט ער בלויז געקענט בעריהרען אין זיין ווערק די פאָרשונגען וועלכע זייגען געמאַכט געוואָרען ביז צו דער צייט פון זיין פערשיקונג זייט דאַן

איז פיעלע ארבייט אויפגעטהאן געווארען. ער האט דאס געוואוסט, אבער ווי האט ער געקענט צוקומען צו די נויטהיגע ביכער, אזוי לאנג ווי ער איז פערבליעבען אין סיביר? די דערנעהנטערונג פון דער צייט פון זיין בעפרייאונג האט איהם אויך ניט אריינגעגעבען פיעל האפנונג. ער האט געוואוסט, אז מען וועט איהם ניט ערלויבען צו וואוינען אין די אוניווערזיטעט'ס-שטעדט פון רוסלאנד, אדער פון מערב-אייראפא, און אז נאך זיין ערשטען גלות אין סיביר וועט גלייך קומען א צווייטער, אפשר נאך א פיעל ערגערער ווי דער ערשטער, ערגעץ אין א פערווארפענעם דערפעל אין מזרח-רוסלאנד.

„א פערצווייפלונג ווי פאוסט'ס ערגרייפט מיך מאנכעסמאל", האט ער מיר געשריעבען. ווען די צייט פון זיין בעפרייאונג איז געקומען, האט ער אוועקגעשיקט זיין פרוי און קינדער קיין רוסלאנד, זיך פאלזעווענדיג מיט איינעם פון די לעצטע דאמפפער איידער די שיפפאהרט האט אויפגעהערט און, אין איין אומעדיגער נאכט, האט דיעזע פערצווייפלונג געמאכט א סוף צו זיין לעבען.

א פינסטערער וואלקען איז געהאנגען איבער אונזער הייזקע פיעלע מאנאטען לאנג, — ביז א העלער ליכט-שטראהל האט א בליאסק געטהאן ווען, דעם נעקסטען פריהלינג, איז געקומען אויף דער וועלט א קליין בעשעפעניסעל, א מיידעלע, וועלכע הייסט נאך מיין ברודער, און מיט איהר הילפלאזען געוויין האט זי געזעצט אין בעוועגונג נייע סטרונעס אין מיין הערצען.

---

### די סאציאליסטישע בעוועגונג אין ענגלאנד אין 1886.

---

אין 1886 איז די סאציאליסטישע בעוועגונג אין ענגלאנד געווען אין פולען שוואונג. גרויסע קערפערשאפטען פון ארבייטער האבען זיך עפענטליך אנגעשלאסען אן איהר אין די הויפט שטעדט, ווי אויך פיעלע מיטעל-קלאס מענשען, פייסטענס יונגע, וועלכע האבען איהר געהאלפען אין פיעלע הינזיכטען. א שארפער אינדוסטריעלער קריזיס האט יענעם יאהר געהערשט אין די מייסטע פאבען, און יעדען אין דער פריה און אפט דעם גאנצען טאג, האב איך געהערט גרופען מענשען ארומגעהענדיג אין די גאסען זינגענדיג „מיר האבען קיין ארבייט ניט", אדער אן אנדער ליעד, און בעטלענדיג ברויט. מענשען האבען אנגעפאקט ביי נאכט דעם טרא-

פאלגער סקוועער, וואו זיי זיינען געשלאָפען אונטערען פרייען הימעל, אין ווינד און אין רעגען, אונטערגעבעט און צוגעדעקט מיט צייטונגען; איין טאָג אין פעברואר האָט זיך א מחנה מענשען, נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך צוגעהערט צו די רעדעס, פון בוירנס, היינדמאַן און טשעמפיאָן, א לאָז געטהאָן אין פיקאַדילי, און האָבען צובראָכען עטליכע פענסטער אין די גרויסע געשעפטען. נאָך פיעל וויכטיגער יעדאָך, ווי דיזער אויסברוך פון אונצופריעדענהייט איז געווען דער גייסט, וועלכער האָט געהערשט צווישען די אָרעמערע קלאַסען פון דער אַרבייטער בעפעלקערונג אין די פאָרשטעדטליך פון לאָנדאָן. עס איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אויב די פיהרער פון דער בעוועגונג, וועלכע זיינען פערפאָלגט געוואָרען פאַר דעם אויפרוהר, וואָלטען געקראָגען אַ שווערען פסק, וואָלט אַרויסגערופען געוואָרען אַ געפעהרליכער ראַכע-געפיהל, פון וועלכען מען האָט ביז דאַן ניט געוואוסט אין דער שפּעטערער געשיכטע פון דער אַרבייטער בעוועגונג אין ענגלאַנד, אָבער פון וועלכען מען האָט שוין געקענט דערקענען די סמנים אין 1886. דיזער געפיהל פון האַס און ראַכע, וואָלט זיך ענטוויקעלט און וואָלט געלאָזען אַ רושם אויף דער קומענדער בעוועגונג אויף אַ לאַנגע צייט.

נור די מיטעל-קלאַסע האָט הפנים דערזעהן די געפאַהר. גרויסע סומען געלד זיינען געזאַמעלט געוואָרען אין די וועסט ענד פאַר די הונגעריגע אין איסט ענד, — נאַטירליך האָט דאָס ניט גענוגט צו לינדערען די נויטה, אָבער עס האָט לכל הפחות געוויזען אַז עפּעס-וואָס ווערט געטהאָן. וואָס אָנבעלאַנגט די שטראָף פאַר די גע'משפט'ע פיהרער, איז זי געווען בעשרענקט אויף צוויי-דריי מאָנאַט געפענגניסע.

די אינטערעסע אין דעם סאָציאַליזמוס און אין אַלערליי רעפאָרם פלענער איז געווען זעהר גרויס צווישען אַלע קלאַסען. און דורך'ן גאַנצען ווינטער דורך האָט מען מיך איינגעלאַדען פון אַלע עקען לאַנד אויף פאָר-טרעגע, מאַנכמאָל איבער געפענגניסע, אָבער מייסטענטהיילס איבער אַנאַרכיסטישען סאָציאַליזמוס, און איך האָב אַזוי אַרום בעזוכט כמעט יעדע גרויסע שטאָדט אין ענגלאַנד און שאָטלאַנד, דאָס רוב האָב איך אָנגענומען די ערשטע איינלאַדונג וואָס איך האָב בעקומען פאַר איין אונטערהאַלטונג אין'ם אַבענד פון דעם פאָרטראַג, און דאַרום איז עס אויסגעקומען אַז איין נאַכט האָב איך פערבראַכט אין אַ רייכע הויז, און די צווייטע אין דער ענגער הייזקע פון אַן אַרבייטער פאַמיליע. יעדע נאַכט האָב איך געזעהן אַ גרויסע אָנצהאָל מענשען פון פערשיעדענע קלאַסען, און סיי אין דעם אַרבייטערס קליינעם צימער, סיי אין דעם רייכען עמפּפאַנגס-זאַל, האָבען די לעבענדיגסטע דיסקוסיאָנען איבער אַנאַרכיזמוס געפלעגט אָנהאַלטען ביז

שפעט אין דער נאַכט אַריין — מיט האָפנונג אין׳ם אַרבייטער׳ס כאַטקע, און מיט טוידט־שרעק אין׳ם פּאַלאַץ, אָבער אומעטום מיט דערזעלבער ערנסטקייט.

אין׳ם רייכען זאַאל זיינען די הויפּט פראַגען געווען, „וואָס ווילען די סאָציאַליסטען? וואָס האָבען זיי בדעה צו טהאָן”? און דאַן, אויף וועלכע פשרות מוז מען אַבסאָלוט איינגעהן אין אַ געוויסען מאָמענט אום צו פערמיידען סעריאָזנע צוזאַמענשטויסונגען? אין אונזער געשפּרעך האָב איך זעלטען־ווען געהערט מען זאָל אָבלייקענען די גערעכטיגקייט פון דעם סאָציאַליסט׳ס אַרגומענטען, אָבער איך האָב בעגעגענט אַ פעסטע איבערצייגונג, אַז אַ רעוואָלוציאָן איז אונמעגליך אין ענגלאַנד; אַז די פאָרדערונג פון די מאַסען האָט נאָך ניט דערגרייכט ניט די געגויקייט און ניט דעם גראַד פון די סאָציאַליסטישע פאָרדערונגען, און אַז די אַרבייטער וועלען זיך צופרידען שטעלען מיט אַ סך ווייניגער. מען וועט זיי אַביסעל נאָכגעבען און דאָס איבריגע וועט מען זיי צוזאָגען. „מיר זיינען אַ לאַנד פון לינקען צענטער: מיר לעבען אויף פשרות”, האָט זיך איינמאָל צו מיר אָבגערופען אַ גרייז־גרויער פּאַרלאַמענט׳ס־מיטגליעד, וועלכער האָט געהאַט בעזעסען אַ ווייטע ערפאַהרונג פון׳ם לעבען אין זיין פאַטערלאַנד.

אין אַרבייטער קוואַרטאַלען האָב איך אויך בעמערקט אַ חלוק צווישען די פראַגען, וועלכע זיינען מיר געשטעלט געוואָרען אין ענגלאַנד, און די וועלכע מי האָט מיר געשטעלט אין אַנדערע לענדער.

דער אַרבייטער פון די לאַטיינישע לענדער (פראַנקרייך, שפּאַניען, איטאַליען) אינטערעסירט זיך דאָס רוב מיט אַלגעמיינע פּרינציפּען. ער ווערט ניט אַזוי ענטציקט, בעת דער שטאָדט־ראַטה בעשטימט געלד פאַר אַ פאָנד צו שטיצען סטרייקערס, אָדער צו שפּייזען אָרעמע קינדער אין די שוהלען. ביי איהם איז דאָס אַ נאַטירליכע זאַך „אודאי קען אַ הונגעריג קינד ניט לערנען”, זאָגט דער פראַנצויזישער אַרבייטער, „מי מוז איהם געבען צו עסען”. „אודאי איז דער באָס אונגערעכט וואָס ער צווינגט אַרבייטער זיי זאָלען סטרייקען”. דאָס איז אַלעס וואָס ער בעמערקט, און ער גיט ניט קיין דאַנק דער יעצטיגער אינדיווידואַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס זי גיט נאָך אַזעלכע קלייניגקייטען דעם קאָמוניסטישען פּרינציפּ. דער געדאַנקען פון׳ם אַרבייטער געהט ווייט אַריבער איבער די פּעריאָדע פון אַזעלכע פשרות, און ער פרעגט צו די קאָמונע, צו די אַרבייטער יוניאָנס, צו גאָר דער שטאַאט זאָל אונטערנעהמען די אָרגאַניזאַציאָן פון דער פּראָדוקציאָן; צו ווערט פרייע איבעראיינשטימונג אַליין זיין גענוג אויפצוהאַלטען די געזעלשאַפט אין אָרדנונג, און וואָס וואָלט זיין דער מאָ־אַלישער

אָבהאַלט, ווען די געזעלשאַפֿט זאָל אָבשאַפֿען די יעצטיגע בעשטראָפֿונגס־מיטלען, צו אַן אויסערוועהלטע דעמאָקראַטישע רעגירונג וועט זיין ביכולת איינצופֿיהרען וויכטיגע ענעדערונגען אין דער סאָציאַליסטישער ריכטונג, און צו פֿערווירקליכטע פֿאַקטען קומען ניט פֿריהער פֿאַר דער געזעצגעבונג. א.ז.וו.

אין ענגלאַנד, האָט מען זיך דאָס רוב אינטערעסירט מיט אַ מאַסע קליינע פּאַליאַטיוו־מיטלען. אָבער וואָס אַנבעלאַנגט דער מעגליכקייט, אַז דער שטאַאַט זאָל איבערנעהמען די פֿערוואַלטונג פֿון דער אינדוסטריע, האָט שוין דער ענגלענדער לאַנג אויפֿגעגעבען אַלע האָפֿנונגען. וואָס זיי האָבען געוואָלט וויסען איז געווען די קאָנסטרוקטיווע פֿערווירקליכונג, ווי אויך ווי אַזוי צו ערגרייכען די לאַגע, וועלכע וואָלט קענען אַזאַ פֿערווירקליכונג מעגליך מאַכען.

„וועל, קראַפּאָטקין, שטעלט אייך פֿאָר, אַז מיר זאָלען מאָרגען איבערנעהמען אין אונזער בעזיץ די דאָקס (די פּלעצער וואו מי בויט און פֿעררירכט שיפֿען), וואָס איז אייער אידעע ווי אַזוי מי זאָל זיך מיט זיי בעגעהן? „האָט מען מיך למשל אַ פֿרעג געטאָן, אַזוי שנעל ווי מיר האָבען זיך אַנידערגעזעצט אין דעם אַרבייטער׳ס זאַאַל. אָדער „אונז געפֿעלט ניט דער געדאַנקען, אַז דער שטאַאַט זאָל פֿערוואַלטען די באַהנען, און די יעצטיגע פֿערוואַלטונג דורך פּרייוואַט קאָמפּאַניעס איז דאָך איינפֿאַכע רויבעריי. אָבער ווען די אַרבייטער זאָלען למשל איבערנעהמען אַלע אייזענבאַהנען, ווי אַזוי וואָלט מען דיזע אַרבייט געקענט אָרגאַניזירען"? דאָס וואָס זיי פֿעהלט אין אַלגעמיינע אידעען פֿעריכטען זיי מיט זייער שטרעבען אַריינצודרינגען וואָס טיעפֿער אין די איינצעלהייטען פֿון דער ווירקליכקייט.

נאָך אַ צוג אין דער ענגלישער בעוועגונג איז געווען די גרויסע צאָהל מיטעל־קלאַס מענשען, וועלכע האָבען זי געשטיצט מיט פֿערשיעדענע מיטלען, — מאַנכע האָבען זיך דירעקט אָנגעשלאָסען אָן דער בעוועגונג, און מאַנכע האָבען איהר געהאָלפֿען פֿון אויסענוויינינג. אין פֿראַנקרייך און אין דער שווייץ זיינען די צוויי קלאַסען -- די אַרבייטער און די מיטעל־קלאַסע — געשטאַנען פֿיינדליך איינע געגען די אַנדערע און גאַנץ אָבגעזונדערט. אַזוי איז עס ווענינגסטענס געווען אין די יאָהרען 85—1876. ווען איך בין געווען אין דער שווייץ קען איך זאָגען, אַז דורך די גאַנצע דריי אָדער פֿיער יאָהר האָב איך ניט געהאַט קיין בעקאַנטע אַ חוץ אַרבייטער. איך האָב קוים געקענט מעהר ווי אַ צוויי מיטעל־קלאַס מענשען. אין ענגלאַנד וואָלט דאָס געווען אונמעגליך. מיר האָבען בעגעגענט אַ היבשע צאָהל מיטעל־קלאַס מענער און פֿרויען וועלכע האָבען ניט מורא געהאַט צו ערשיינען עפֿענטליך, אין לאָנדאָן ווי אין דער פּראָווינץ, אַלס מיטאַרבייטער

ביי סאָציאַליסטישע פֿערזאַמלונגען, אָדער אַרומגעהענדיג אין דער צייט פֿון אַ סטרייק מיט פושקעס קלייבענדיג סענטען אין די פאַרקס. אַ חוץ דעם, האָבען מיר געזעהן אַ בעוועגונג, וועלכע וואַר ערנליך צו דער בעוועגונג אין רוסלאַנד אין אַנפֿאַנג פֿון די זיבעציגער יאָהרען, בעת אונזער יוגענד האָט זיך אַ לאָז געטהאָן „אין פֿאָלק“, כאָטש ווייט ניט אַזוי פֿייעריג, ניט אַזוי פֿול מיט זעלבסטאָפּפֿער, און ניט אַזוי ווייט פֿון דער אידעע פֿון צדקה. דאָ אין ענגלאַנד זיינען אויך אַ סך מענשען אַוועק אַלס פֿערשיעדענע פֿאַך־מענשען אום צו לעבען צוזאַמען מיט'ן אַרבייטער, אין די שמוציגע קוואַרטאַלען, אין די פֿאָלקס־הייזער און דעסגלייכען.

מען מוז צוגעבען אַז צו יענער צייט איז געווען זעהר פֿיעל ענטהוזיאַזמוס. אַ סך האָבען מסתמא געמיינט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן האָט זיך שוין אָנגעהויבען. אָבער אַזוי ווי עס פּאַסירט תמיד מיט אַזעלכע ענטהוזיאַסטען, בשעת זיי האָבען געזעהן אַז אין ענגלאַנד, ווי אומעטום, איז נאָך דאָ אַ לאַנגע, אונאַנגענעהמע באַרג־אַרויף אַרבייט, האַבען זיך פֿיעלע פֿון זיי צוריקגעצויגען פֿון אַקטיווען אַנטהייל, און שטעהען יעצט אויף יענער זייט פּאַרקאַן אַלס בלויזע סימפּאַטישע צושויער.

די שטאַרקע פֿערשפּרייטונג פֿון סאָציאַליסטישע אידעען.

איך האָב גענומען אַ לעבעדיגען אַנטהייל אין דיזער בעוועגונג און מיט עטליכע ענגלישע קאַמעראַדען האָב איך געגרינדעט, אויסער די דריי סאָציאַליסטישע צייטונגען וואָס וואַרען שוין דאַן אין עקזיסטענץ, אַן אַנאַרכיסטיש קאָמוניסטישען זשורנאַל „פֿריהדאָם“, וועלכער עקזיסטירט נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג. אויך האָב איך זיך ווידער גענומען צו מיין ווערק איבער אַנאַרכיזמוס, וועלכע איך האָב געמוזט אָבהאַקען אין דער צייט פֿון מיין פֿערהאַפֿטונג. די קריטישע טהייל פֿון דיזען ווערק איז פֿערעפֿענטליכט געוואָרען פֿון עליזעע רעקלו, ווען איך בין געזעסען אין קלערוואָ, אונטער'ן נאָמען „ווערטער פֿון אַ רעוואָלוציאָנער“. איצט האָב איך גענומען אויסאַר־בייטען דעם קאָנסטרוקטיווען טהייל פֿון אַן אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישער געזעלשאַפֿט, — אַזוי ווי מי קען דאָס פֿאָראויסזעהן, — אין אַ סעריע אַרטיקלען וועלכע זיינען ערשיענען אין פּאַריז אין „לאַ רעוואָלטע“. „אונזער קינד“, פֿערפֿאָלגט פֿאַר זיין אַנטי מיליטעריסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ, איז איצט געווען געצוואונגען אומצובייטען זיין קעפּעל און איז ערשיענען אונטער אַ

מיידלישען נאָמען. שפּעטער זיינען דיעזע אַרטיקלען אַרויסגעגעבען געוואָרען אין אַ מעהר אויסגעאַרבייטען פאָרמאַט, אין אַ בוך, „די מלחמה פאַר ברויט".

דיעזע פאָרשונגען האָבען מיך געמאַכט טיעפער שטודירען געוויסע פונקטען אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון די היינטיגע ציוויליזירטע נאַציאָנען.

דאָס רוב סאָציאַליסטען האָבען ביז דאַן גע׳טענה׳ט, אַז אין אונזער יעצטיגער ציוויליזירטער געזעלשאַפט פראָדוצירען מיר ווירקליך מעהר וויפיעל עס איז נויטהיג אום צו גאַראַנטירען דאָס וואָהלזיין פון אַלעמען. אַז דער גאַנצער טראָבעל ליגט אין דער פערטהיילונג; און אויב די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן זאָל שטאַטפינדען, ברויכט מען בלויז, אַז יעדער מענש זאָל צוריקגעהן צו זיין ווערקשטאַט אָדער אין דער פאַבריק, — די געזעלשאַפט נעהמט צו פאַר זיך אַליין דעם „מעהרווערטה", אָדער פראָפיט, וואָס געהט איצט צום קאַפּיטאַליסט. איך האָב גראַדע אומגעקעהרט געדענקט, אַז אונטער דעם איצטיגען צושטאַנד פון פריוואַט אייגענטום האָט די פראָדוקציאָן גופא אָנגענומען אַ שלעכטע ווענדונג, און איז ווייט ניט געניגענד אפילו פאַר די אבסאָלוטע לעבענס-בעדירפניסע, וועלכע ווערען ניט פראָדוצירט גענוג אום צו גאַראַנטירען דאָס וואָהלזיין פון דער גאַנצער געזעלשאַפט; און אַז די איבער-פראָדוקציאָן, פון וועלכע מי רעדט איצט אַזוי אָפט, בעדייטעט בלויז, אַז די מאַסען זיינען פשוט צו אָרעם צו קויפען אפילו דיאיעניגע לעבענס-מיטעל, וועלכע זיינען אונבעדינגט נויטיג פאַר אַן אַנשטענדיגע עקזיסטענץ. אָבער אין אַלע ציוויליזירטע לענדער האָט די פראָדוקציאָן, סיי די אַגריקולטורעלע, סיי די אינדוסטריעלע, געברויכט און אויך געקענט אונגעהייער פיעל פערגרעסערט ווערען, אַזוי אַז עס זאָל ווירקליך זיין גענוג פאַר אַלעמען. דאָס האָט מיך געבראַכט צו דער אונטערזוכונג פון די מעגליכקייטען פון דער מאָדערנער אַגריקולטור, ווי אויך פון בילדונג וועלכע זאָל געבען יעדען מענשען די געלעגענהייט צו געניסען ביידערליי אַרבייט, אי די אַנגענעהם-פיזישע אי די גייסטיגע. איך האָב דיעזע אידעען ענטוויקעלט אין אַ סעריע אַרטיקלען אין די „ניינטינטטה סענטיורי", וועלכע זיינען איצט אַרויסגעגעבען אין אַ בוך „פיעלדס, פעקטאָרים ענד וואָרקשאָפּס".

אַ צווייטע גרויסע פראַגע האָט מיך שטאַרק פעראינטערעסירט. עס איז בעוואוסט, צו וועלכע שליסע דאַרווין׳ס פאָרמולע „דער קאַמפּף אום׳ס דאַזיין" איז ענטוויקעלט געוואָרען פון זיינע נאַכפאָלגער, אַפילו פון די אינטעליגענטסטע פון זיי, ווי למשל, האַקסלי. עס גיבט ניט קיין גרוילטהאַט

אין דער ציוויליזירטער געזעלשאַפֿט, אָדער אין די שייכות פֿון די ווייסע געגענאיבער די זאָגענאַנטע ניעדריגע ראַסען, אָדער פֿון די שטאַרקע געגענאיבער די שוואַכע, וועלכע וואָלט זיך ניט געקענט ענטשולדיגען מיט דער הילף פֿון דעם „קאַמפּף אום'ס דאַזיין"־טהעאָריע.

שוין אין דער צייט פֿון מיין זיצען אין קלערוואָ האָב איך געזעהן די נאָטהווענדיגקייט פֿאָלשטענדיג צו רעווידירען די פֿאָרמולע זעלבסט און איהר אָנווענדונג אין דעם מענשליכען לעבען. די פּראָבען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען פֿון עטליכע סאָציאַליסטען אין דיעזער ריכטונג, האָבען מיך ניט צופֿריעדען געשטעלט. אָבער איך האָב געפֿונען אין אַ לעקציע פֿון אַ רוסישען זאָאָלאָג, פּראָפֿעסאָר קעסלער, אַ ריכטיגען אויסדרוק וועגען דעם געזעץ פֿון לעבענס־קאַמפּף. „די געגענזייטיגע הילפֿע", האָט ער געזאָגט אין יענע לעקציע, „איז פּונקט אַזוי פֿיעל אַ נאַטור־געזעץ ווי דער געגענזייטיגער קאַמפּף. אָבער פֿאַר די פּראָגרעסיווע ענטוויקלונג פֿון דעם מין איז דאָס ערשטע פֿיעל וויכטיגער ווי דאָס צווייטע". דיזע עטליכע ווערטער — בעשטעטיגט לײדער פֿון בלויז אַ צוויי דריי אילוסטראַציאָנען — האָבען ענטדעקט פֿאַר מיר דעם שליסעל פֿון דער גאַנצער פּראָבלעמע. און ווען עס איז ערשיענען פֿון האָקסלי דער העסליכער אַרטיקעל: „דער קאַמפּף אום עקזיסטענץ; אַ פּראָגראַמע", האָב איך בעשלאָסען אַרויסצולאָזען מיינע איינווענדונגען געגען די אַרט און ווייזע פֿון זיין בעגריעף פֿון דער מלחמת הקיום, צווישען חיות ווי אויך צווישען מענשען. מאַטעריאַל דאַפֿיר האָב איך שוין געהאַט געזאַמעלט די לעצטע צוויי יאָהר. איך האָב וועגען דעם גערעדט צו מיינע פֿרייגד. נור דאָך האָב איך אויסגעפֿונען, אַז די פֿערטײדיגונג פֿון דעם לעבענס־קאַמפּף אין דעם זינען פֿון'ם קריעגס־רוף „וועה דעם שוואַכען", ערהויבען צו דער הויכקייט פֿון אַ נאַטור־געזעץ און ענטדעקט פֿון דער וויסענשאַפֿט, איז אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט געוואָרען אין דיזען לאַנד, אַז עס איז כמעט געוואָרען אַ רעליגיאָנס־זאַך. בלויז צוויי פּערזאָנען האָבען מיך אונטערשטיצט אין מיין קאַמפּף געגען די פֿאַלשע פֿערטײדיגונג פֿון די פֿאַקטען פֿון דער נאַטור. דער רעדאַקטאָר פֿון די „ניינטינטה סענטשורי", הער דזיימס נאָהלס, האָט מיט זיין מערקווירדיגער גאונות'שאַפֿט זאָגלייך געכאַפּט דעם עיקור פֿון דער זאַך, און מיט אַן עכט יוגענדליכער ענערגיע האָט ער מיר אַריינגעגעבען מוטה אין דער אונטערנעהמונג; דער צווייטער איז געווען דער פֿערשטאָרבענער ה. וו. בייטס, וועמען דאַרווין האָט אין זיין „אויטאָביאָגראַפֿיע" בעצייכענט אַלס איינעם פֿון די אינטעליגענטסטע מענשען, וועלכע ער האָט ווען בעגעגענט. ער איז געווען דער סעקרעטער פֿון דער געאָגראַפֿישער געזעלשאַפֿט, און

איך האָב איהם געקענט. איך האָב איהם דערצעהלט פון מיין אַבזיכט, און ער איז געווען ענטציקט. „יאָ, גאַנץ געוויס, שרייבט עס; דאָס איז דער אמת׳ער דאַרוויניזמוס. עס איז אַ שאַנדע צו דענקען וואָס זיי האָבען געמאַכט פון דאַרווין׳ס אידעען. שרייבט, און ווען איהר וועט עס האָבען פערעפענט־ליכט, וועל איך אייך געבען אַן עמפּפעהלונגס־בריעף, וועלכען איהר קענט אָבדרוקען". קיין בעסערע ערמוטהיגונג האָב איך ניט געקענט ערוואַרטען, און איך האָב אָנגעהויבען דאָס ווערק, וועלכעס איז ערשיענען אין דער „ניינטינטה סענטשורי" אונטער די טיטלען: „געגענזייטיגע הילף ביי חיות", „ביי ווילדע", „ביי באַרבאַרען", „אין דער שטאָדט פון דעם מיטעל־אַלטער", און „ביי אונז גופא". אונגליקליכער ווייזע האָב איך פערזעהן פאָרצולייגען פאַר בייטס די ערשטע צוויי אַרטיקלען פון דיזער סעריע, וועלכע ריידען מכח חיות, און וועלכע זיינען פערעפענטליכט געוואָרען פאַר זיין טויט. איך האָב געהאָפט גלייך פערטיג צו ווערען מיט דעם צווייטען טהייל פון דעם ווערק, „געגענזייטיגע הילפע ביי מענשען", אָבער עס האָט מיר גע־נומען עטליכע יאָהר דאָס צו ענדיגען, און דערווייל איז בייטס געשטאָרבען.

די פאָרשונגען, וועלכע איך האָב געמוזט מאַכען אין פערלויף פון דיזען שטודיום אום בעקאַנט צו ווערען מיט די אינסטיטוציאָנען פון דער באַרבאַרישער פעריאָדע און פון די פריי־שטעדט פון מיטעל־אַלטער, האָבען מיך געבראַכט צו אַ צווייטער וויכטיגער ערגרינדונג: די ראָלע וועלכע דער שטאַאַט האָט געשפּיעלט אין דער היסטאָריע פון אייראָפּאַ אין די לעצטע דריי יאָהרהונדערט. און פון דער צווייטער זייט ווידער, האָט מיך דער שטודיום פון די אינסטיטוציאָנען פיר געגענזייטיגע הילפע אין די פערשיע־דענע שטופען פון דער מענשליכער ענטוויקלונג געפיהרט צו דער פראַגע, ווי אַזוי עס האָט זיך ענטוויקעלט דער בעגריעף פון גערעכטיגקייט און מאָראַליטעט ביים מענשען.

אין די לעצטע צעהן יאָהר האָט דער וואוקס פון סאָציאַליזמוס אין אייראָפּאַ אָנגענומען אַן אַנדער פאָרמע. די יעניגע וואָס אורטהיילען בלויז לויט נאָך די צאָהל פון פערזאַמלונגען וואָס זיינען אָבגעהאַלטען געוואָרען אין׳ם לאַנד, און דעם פובליקום וואָס בעזוכט דיזע פערזאַמלונגען, קענען פיילייכט דענקען אַז די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ ווערט שוואַכער, און די ווידער וואָס אורטהיילען זיין פאָרטשריט פון די צאָהל שטימען וואָס ווערען געגעבען פאַר די וואָס זאָגען אַז זיי רעפּרעזענטירען דעם סאָציאַליז־מוס אין פּאַרלאַמענט, קומען גלייך צום שלוס אַז די גאַנצע סאָציאַליסטישע בעוועגונג איז כמעט טוידט, אָבער די טיעפקייט און דורכדרינגליכקייט פון די סאָציאַליסטישע אידעען קען מען קיין מאָל ניט אורטהיילען נאָך די

צאָהל שטימען פֿאַר די וואָס בעזאָלצען זייערע וואַהל-פּראָגראַמען מיט אַ ביסעלע סאָציאַליזמוס. בעזאָנדערס איז דאָס דער פֿאַל אין ענגלאַנד. דער פֿאַקט איז אַז פֿון די דריי סיסטעמען וועלכע זיינען פֿאָרמולירט געוואָרען פֿון פֿוריער, סען סימאָן און ראָבערט אָווען, איז עס די לעצטע, וועלכע הערשט אין ענגלאַנד און סקאָטלאַנד. פֿאָלגליך קען מען ניט פֿיעל אורטהיילען פֿון די צאָהל פֿערזאַמלונגען אָדער שטימען די שטאַרקייט פֿון דער בע־וועגונג, זאָנדערען פֿון דעם אַריינדרינגען פֿון אונזערע אידעען אין דעם טרייד־יוניאָניזמוס, אין די קאָאָפּעראַטיווע, און די זאָגענאַנטע מוניציפּאַלע סאָציאַליסטישע בעוועגונגען, ווי אויך פֿון דער אַלגעמיינער פֿערברייטונג פֿון דעם סאָציאַליזמוס איבער דאָס גאַנצע לאַנד. אַזוי אורטהיילענדיג קען מען זעהן ווי אונגעהייער פֿיעל דער סאָציאַליזמוס האָט פֿאָרטגעשריטען אין פֿערגלייך מיט דעם צושטאַנד אין 1886; און אין פֿערגלייך פֿון 1876—1882 איז דער פֿאָרטשריט איינפֿאַך קאָלאָסאַל. און איך מוז אויך צופֿיגען, אַז די אויסדויערענדע אַנשטרענגונגען פֿון די קליינע אַנאַרכיסטישע גרופּען האָבען בייגעטראָגען אויף אַזוי פֿיעל, אַז מיר פֿיהלען אַז אונזער צייט איז ניט געגאַנגען אין ניוועץ, פֿערשפּרייטענדיג אונזערע אידעען פֿון ניט רעגירונג, פֿון די רעכטע פֿון'ם אינדיווידיאום, פֿון לאָקאַלע טהעטיגקייט און פֿרייע איינפֿערשטענדניסע, געגען די אידעען פֿון שטאַאַט הערשאַפֿט, צענטראַליזאַציאָן און דיסציפּלין, וועלכע האָבען געהערשט מיט אַ צוואַנציג יאָהר פֿריהער.

גאַנץ אייראָפּאַ געהט איצט דורך אַ שלעכטע פּעריאָדע פֿון דער ענטוויקלונג פֿון'ם מיליטעריזם גייסט. דאָס איז געווען אַן אונפֿערמיידליכע פֿאָלגע פֿון'ם זיעג, פֿון דער דייטשער מיליטערישער אימפּעריע, מיט איהר סיסטעמע פֿון אַלגעמיינער מיליטער־דיענסט, איבער פֿראַנקרייך אין 1871, און שוין דאַמאָלס האָבען דאָס פֿיעלע פֿאָראויסגעזעהען און פֿאָראויסגעזאָגט, בעזאָנדערס איינדרוקספֿאָל פֿון באַקונין. אָבער דער געגען־שטראָם הויבט זיך שוין אָן צו לאָזען פֿיהלען אין'ם מאָדערנעם לעבען.

קאָמוניסטישע אידעען, אַרויסגענומען פֿון זייער מאָנאַסטירישער שאָלאַכץ האָבען דורכגעדרונגען אין אייראָפּאַ און אַמעריקאַ ביז צו אַ'ן אונגעהייערער שטופּע אין די זיעבען און צוואַנציג יאָהר, אין וועלכע איך האָב גענומען אַן אַקטיווען אַנטהייל אין דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג און איך האָב געקענט מערקען זייער וואוקס. ווען איך דערמאָן מיך אָן די אונבעשטימטע, צומישטע, שרעקענדיגע אידעען, וועלכע זיינען אויסגעדריקט געוואָרען פֿון די אַרבייטער ביי די ערשטע קאָנגרעסען פֿון דער אינטער־נאַציאָנאַלער אַרבייטער אַסאָסיאַציאָן, אָדער וועלכע מי האָט געקענט הערען

אין פּאַריז וועהרענד דעם קאָמונע אויפשטאַנד, אפילו צווישען די דענקענדע פיהרער, און מי פערגלייכט זיי מיט די, מיט וועלכע גרויסע מאַסען אַרבייטער זיינען איינפערשטאַנדען ביי היינטיגען טאָג, מוז איך זאָגען אַז זיי זעהען מיר אוים פונקט ווי זיי וואָלטען געהערט צו צוויי פערשיעדענע וועלטען.

עס איז ניט דאָ קיין פעריאָדע אין דער געשיכטע — מיט דער אויסנאַהמע פיליכט, פון דער פעריאָדע אין דעם צוועלפטען און דרייצעהנטען יאָהר־הונטערט, — וועלכע האָבען געפיהרט צו דער געבורט פון די מיטעלאַלטערליכע קאָמונעס — אין וועלכער אַן עהנליך טיעפע אומענדערונג זאָל האָבען שטאַטגעפונען אין די הערשענדע אידעען פון דער געזעלשאַפט. און איצט, אין מיין זיעבען און פופציגסטען יאָהר, בין איך נאָך טיעפער איבערצייגט ווי איך בין געווען מיט פינף און צוואַנציג יאָהר צוריק, אַז אַ צופעליגע פערבינדונג פון אונפאָראויסגעזעהענע אומשטענדען קען אַרויסרופען אין אייראָפּאַ אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע זאָל זיין אַזוי פערשפרייט, ווי די פון 1848, און פיעל וויכטיגער; ניט אין זינען פון אַ בלויזען קאַמפּף צווישען פערשידענע פאַרטייען, זאָנדערען אין זינען פון אַ טיעפערע און ראַשערע סאָציאַלע אומבאויונג; און איך בין איבערצייגט, אַז וואָס פאַר אַ געשטאַלט דיעזע בעוועגונג זאָל ניט אָננעהמען אין די פערשידענע לענדער, וועט אָבער אומעטום זיין פערשפרייט אַ פיעל טיעפערער בעגריף פון די געפאָדערטע ענדערונגען, ווי אין די לעצטע זעקס יאָהר־הונדערטע; און דאָס דער ווידערשטאַנד, וועלכען די בעוועגונג וועט בעגעגענען אין די פריווילעגירטע קלאַסען וועט שוין ניט זיין דער פער'עקשן'טער קאַמפּף, וועלכער האָט געמאַכט די רעוואָלוציאָן פון דער פערגאַנגענהייט אַזוי געוואַלטיג.

צו עררייכען דיזען רעזולטאַט זיינען גאַנץ זיכער אַם פלאַץ די אַנשטרענגונגען, וועלכע ווערען געמאַכט פון אַזוי פיעל טויזענדער מענער און פרויען פון אַלע נאַציאָנען און אַלע קלאַסען אין די לעצטע דרייסיג יאָהר.

